צ. שובער
(טאָכטערמאַן)

# דאָס גאָלדענע קאַלב



הוצאת "המנורה" תל־אביב
תשכ"ח — 1968

מיטן אויסנאַם פון אָרט און צייט, איז יעדע
וועלכע ענלעכקייט פון די העלדן אין דעם בוך,
צוּ באַשטימטע מענטשן, לעבעדיקע און טויטע — נאָר
אַ צוּפעליקע, אַן אוּמבאַוווּסטע פאַר דעם אויטאָר,
און האָט מיט דעם בוך קיין שום שייכות נישט.

With the exception of time and place, the characters of this book are entirely the product of author's imagination and have no relation to any persons dead of alive.

## צום חשובן לייענער

סמיכה און דערמוטיקונג, אַרויסצונעמען דאָס בוך פון מיין כתב־יד־גניזה און עס איבערגעבן צום לייענער, איז מיר געגעבן געוואָרן פון מיינע ידידים, יודעי ספר, שרייבער און אויך אינטע־ליגענטע לייענער, וואָס האָבן געלייענט דאָס בוך אין כתב־יד. זייער מאָראַלישע דערמוטיקונג, האָט מיר געגעבן דעם כוח און די געוואַגטקייט אונטערצונעמען די שווערע אַרבעט פון אַרויסגעבן אַ יידיש בוך אין דער היינטיקער צייט. זיי קומט דער גרעסטער יישר־כוח, פאַרן דערשיינען פון דעם דאָזיקן בוך.

איך און די ברי־סמכא מיינע, גיבן איצט איבער דאָס בוך צו אייך, יידישע לייענער, איר זאָלט זיין די פוסקים אחרונים, און איך האָף, אַז ס'וועט אויף מיין בוך מקוים ווערן עמערסאָנס זאָג: „אַז קיין ערנסט, אמתדיק וואָרט, ווערט ניט פאַרלוירן".

דאָס בוך איז געשריבן געוואָרן מיט ערנסטקייט, מיט פולער אחריות צו דער טעמע און צו אירע כאַראַקטער־טיפּן. מ'זעט זיי איז זייערע פריידן און ליידן, וואָס צייט און אומשטענדן האָבן זיי אַריינגעפלאָכטן אין דעם שפּינוועבס פון לעבן.

פון די טיפענישן פון מיין געמיט, דאַנק איך אַלע די, וואָס זענען געווען די גורמים מיט ראָט און טאַט, אַז דאָס בוך זאָל דערשיינען.

**דער מחבר**

# קאַפּיטל 1

סעמיועל סאראד, דער געוועזענער שלמה זלמן צאראד, האָט איבערן לײדיקן מאַהאַגאָנענעם שרײב־טיש אַריבערגעקוקט אין שנײיענדיקן דרויסן אַרויס, פּויקנדיק מיט די פינגער אויף דער שײן־געשליפענער, גלעזערנער טיש־פּלאַטע, אונטער וועלכער ס׳איז געלעגן זײנס אַן אַלט בילד, צוזאַמען מיט יוגנט חברים פון זײן געבורט־שטעטל — דער אײנציקער געבליבענער סימן פון זײן ווײטן אַמאָל, וואָס האָט אים איצט, אין דמיון, נאָסטאַלגיש צוריקגעפירט צו זײן פאַרגאַנגענהײט.

דאָס געבאָרן־שטעטל, ווו זײן וויגעלע איז געשטאַנען, האָבן די דײטשן חרוב געמאַכט, דאָרט אָפּגעווישט אַפילו די מצבות פון בית־עולם, צעאַקערט אים, און פון זײן עבר איז אַפילו קײן טויטער זכר ניט געבליבן. דער סימן פון זײן אַמאָל — דאָס יוגנט־בילד אונטער דער גלעזערנער פּלאַטע פון זײן שײנעם שרײב־טיש, אינעם פּוסטן ביוראָ־צימער — קוקט צו אים אַרויף מיט פרעגנדיקע בליקן, האָט טענות צו אים און צו דער וועלט, וואָס האָט זײ צעשײדט און צעטײלט, יעדן אין אַן אַנדער עק וועלט. פאַרפרעמדט זײ, די יוגנט חברים, צעטריבן זײ, די יונגע טרוימער פאַר אַ בעסערער און שענערער וועלט.

אַמאָל, ווען ער האָט אין דעם נײעם, אויסדערווײלטן קאַנאַדע אָנגעהויבן בויען זײן נײ לעבן, שלאָגן דאָרט וואָרצלען, וואָס זענען זיך צוואָקסן אין אַן אינדוסטריעלער אימפּעריע פון פאַבריקן, וואַרשטאַטן און געבײדעס — נאָך אײדער זײנע זין האָבן דאָס אַלץ איבערגענומען צוליב דער נײער צײט, ווײל הײנט פירט מען אַנדערש ווי דער טאַטע פירט זיך, אויך צוליבן טאַטנס געזונט, וואָס איז קאַליע געוואָרן בויענדיק די סאראד אימפּעריע — דאַן נאָך האָט ער געחלומט אַהער צו ברענגען אַלע חברים, כדי ווײטער ממשיך צו זײן די חברשאַפט און זײן מיט זײ צוזאַמען.

אין דעם איצט לײדיקן ביוראָ, האָט אַמאָל געשוויבלט מיט מענטשן, בײטאָג און בײנאַכט. דער טעלעפאָן האָט דאָ אַ מינוט ניט גערוט. מענטשן זענען אַרײן און אַרויס. אַלע האָבן געהאַט וואָס צו באַהאַנדלען, איבער וואָס זיך צו באַראַטן מיט אים, איבער וואָס צו דינגען זיך, פאַרשלאָגן אים אַ מציאה, אָדער אַ שותפות. ס׳האָט דאָ שטענדיק געקאָכט מיט מענטשן

און האַנדל. דעמאָלט האָט אין אים געווירן אַ פאַרלאַנג, אַ האָפענונג, געשפּינט זיך אַ חלום, זיי אַלעמען איבערצונעמען אַהער, אַרויסרייסן זיי פון לייבן־גרוב.

היינט איז דאָ פּוסט און לער. אַפילו נאָך אַ נדבה קומט מען שוין צו אים ניט, די זין האָבן אויך דאָס אַריינגענומען אין זייערע הענט און איינגעשלאָסן אין זייער יערלעכן בודזשעט אַ פּאָזיציע פון יידישער צדקה, ווי להבדיל אַ קריסטמעס־געשאַנק פאַר דעם סטרוזש.

זיין עבר, זיין שיינעם אַמאָל, האָבן די דייטשן אָפּגעווישט, די עלטער פאַרשלינגט די צוקונפט און די קעגנוואַרט פאַרגייט אָט אַ דאָ, אין דעם ליידיקן פּוסטן ביורא... האָט ער אַריבערגעקוקט איבער דעם בילד, דעם איבערבלייב פון זיין חרובן אַמאָל, אין דעם שנייענדיקן דרויסן אַרויס, וואָס דערמאָנט אים אין דעם טאָג, ווען ער און זיין יונג ווייב, האָבן זיך אַרויסגעלאָזט פון פּוילן, אין דער פרעמדער, ווייטער וועלט אַריין.



ס'איז געווען אַנהויב יאַנואַר. אין פּוילן איז דאַן געשטאַנען אַ שווערער ווינטער. צוזאַמען מיט דער פּאָליטישער קעלט און די פּאַשיסטישע זאַוויערוכעס, וואָס האָבן געבושעוועט אין לאַנד, האָט זיך אויך אַראָפּ־געלאָזט אַ טיף־שנייאיקער ווינטער, מיט פרעסט און מוראדיקע קעלטן. גאַנץ אייראָפּע איז געלעגן אין די אייז־נעגל פון ווינטער, אָבער אין לאָנדאָן, — פון וואַנען ער מיט זיין ווייב האָבן געדאַרפט נעמען די באַן קיין ליווערפּול, כדי צו דערגרייכן די שיף, וואָס וועט זיי פון דאָרט פירן אין זייער אויסדערוויילטן לאַנד, קאַנאַדע — איז דאָס וועטער געווען וואַרעם און מילד, ווי לאָנדאָן וואָלט זיך ניט געפונען אויפן אייראָפּעישן קאָנטינענט; אויך די מענטשן דאָרט זענען זיך קעגנזייטיק באַגאַנגען מיט מילדקייט, מיט וואַרעמער מענטשלעכער באַציאונג.

דער וואָקזאַל איז אינמיטן דער נאַכט געווען שטאַרק באַלויכטן, ס'האָט געררוישט מיט מענטשן, ווי אין אַ בינשטאָק. מענטשן שוואַרצע, ווייסע, געלע, ברוינע — פון אַלע ראַסן — האָבן זיך געמישט צוזאַמען.

„איז לאָנדאָן אין אייראָפּע?‟, — האָט שלמה זלמן געטראַכט, זיצנדיק אויף די טלומיקלעך און באַטראַכט די מענטשן־אידיליע אויפן לאָנדאָנער וואָקזאַל. „איז זי די שכנה פון פּוילן, רומעניע, דייטשלאַנד, פון האַרטי־אונגאַרן? איז זי מיט זיי אויף דעם זעלבן קאָנטינענט? איז ענגלאַנד אין אייראָפּע?‟

דער וואָקזאַל האָט געלעבט און זיך באַוועגט, ווי אַ קוואַליק־שווימענ־דיקער טייך. און אַן אומאויפהערלעכער מענטשן־שטראָם איז אַנגעגאַנגען,

ווי דאָס אייביקע שטראָמען פון דער פליסנדיקער ווייסל. מ'האָט זיך דאָ ניט געשטופּט און געשטויסן, ווי אויפן וואַרשעווער וואָקזאַל, נאָר אָפּגעטרעטן דעם וועג, אין די ענגע פלעצער, אויסגעמיטן צוזאַמענשטויסן, געווען העפלעך איינער צום אַנדערן, ניט געזידלט זיך פאַר יעדער קלייניקייט, ניט באַוואָרפן זיך מיט קיין בייזע בליקן אַפילו.

אַ שוואַרצער טרעגער האָט פאַרטשעפּעט מיט זיין געפּאַק אַ מאַן, אים אַ שטויס געטאָן אין אַקסל, אַנטשולדיקט זיך גאָר דער געשטויסענער, וואָס ער איז אים ניט אַרויס פון זיין וועג, אוןביידע צעגייען זיך גוטמוטיק אָן כעס.

אַ צווייטער טרעגער, וואָס האָט געשטופּט אַן אָנגעבערגלט וועגעלע מיט פּעק און וואַליזעס, באַוועגט מיטן קאָפּ אין אַלע זייטן, וואָרנט די דורכגייער, דרייט געשיקט מיטן וועגעלע, כדי ניט צו פאַרטשעפּען וועמען, אָבער ס'צעשאָקלט זיך דאָס געפּעק און פון באַרג פאַלט אַראָפּ אַ וואַליזע גלייך אויפן פוס פון אַ דורכגייער, ס'האָט אַזש שלמה זלמנען פאַרנומען ביים האַרץ.

אין פּוילן, וואָלט דאָס דעם פאַרטער ניט געשענקט געוואָרן, ער וואָלט טרוקן ניט אָפּגעשניטן. שלמה זלמן איז זיכער געווען, אַז ס'וועט דעם טרעגער גלאַטיק ניט אָנגיין. ער זעט טאָקע, ווי דער טרעגער לויפט צו אַ באַזאָרגטער צום מענטשן, וואָס רייבט דעם פוס מיט דער האַנט. ער פאַרנויגט זיך, אַנטשולדיקט זיך און בעט אים איבער, איין מאָל און נאָך אַ מאָל, יענער רייבט און גלעט דעם פוס. מיט איין האַנט נעמט ער איין דעם ווייטיק, און מיט דער צווייטער — מאַכט ער צום טרעגער אַ לייכטע באַוועגונג, הייסט אים גיין צו זיין אַרבעט, ווי ער וואָלט געזאָגט: נו, וואָס האָסטו געקענט טאָן, האָסט עס דאָך זיכער ניט געטאָן בכיוון, ס'איז געשען, פאַרפאַלן. דער טרעגער פאַרנויגט זיך נאָך אַ מאָל, לייגט דאָס שטיקל באַגאַזש צוריק אויפן וועגעלע, שטופּט עס אַוועק און גאָרניט. ס'איז אַפילו קיין האַרב וואָרט ניט געפאַלן צווישן זיי.

„דער לאַנדאָנער איז אַ מענטש פון העכערער מדרגה", — זאָגט שלמה זלמן צום מיטפאָרער פון פּולטוסק.

„ביי זיך אין דער היים פירט ער זיך אַזוי פיין, אָבער אין זיינע קאָלאָניעס, אין די דאָמיניאָנס?" — פרעגט דער פּולטוסקער.

„פאַרוואָס זשע איז דער פּוילישער הונט אַזוי בייז און ווילד אַפילו אויף זיין אייגענעם מיסט-בערגל, אין זיין אייגענער אויטשיזנע?"

„זע נאָר אַ פאַרגלייך, פּוילן פאַרגלייכט ער צו ענגלאַנד!" — האָט זיך אַריינגעמישט דאָס ווייב.

„אַזאַ יאָר אויף מיר, ווי איר זענט גערעכט. ס'איז ניט צו פאַרגלייכן ענגלאַנד מיט פּוילן, בשום אופן ניט!" — מישט זיך אַריין אַ צווייטער.

אַלע האָבן מסכים געווען, אַז מ׳קען ניט צוגלייכן ענגלאַנד צו פּוילן. ווארשע צו לאָנדאָן, ס׳פּוילישע פאָלק צום ענגלישן.



די באַן וואָס האָט זיי געדאַרפט נעמען קיין ליווערפּול, איז פאַרפאָרן אין וואָקזאַל אַריין, גלייך פאַר זייער „טיר״, ווי דער בעל עגלה פון שטעטל איז פאַרפאָרן פאַר די טירן פון וויכטיקע פּאַסאַזשירן, אַנגעזעענע באַלע־באַטים, וועמען ער פלעגט ספּעציעל אָפּנעמען און אָפּפירן. דאָ איז די באַן פאַרפאָרן, כדי אויפצונעמען אַלע גלייך. ניטאָ דאָ קיין יחסנים.

צומאָרגנס אין האַלבן טאָג, איז מען אָנגעקומען קיין ליווערפּול, ווו ס׳האָט זיי מקבל־פּנים געווען אַ דראַבנער קאַלטער שניי, וואָס האָט זיך באַלעבאַטיש צעלייגט איבער די ליווערפּולער גאַסן. איבער נאַכט איז אויך דאָ אַהער אָנגעקומען דער פראָסטיקער ווינטער, וואָס איז געוואַקסן פון שעה צו שעה. אַריינגעדרונגען אין די ניט־באַהייצטע הייזער, פאַרגנבעט זיך צו די מענטשן אין די בעטן און אויף די פענצטער־שויבן.

דאָס גרינע נאַסע האָלץ אין הרובע, האָט ניט געוואָלט ברענען אַליין. מ׳האָט עס געדאַרפט אונטערהייצן מיט צייטונג־פּאַפּיר, וואָס האָט זיך אויפגעפלאַמט און זיך צעפלויגן איבער דער שטוב, ווי דערשראָקן פונעם צישען און קנאַקן פון דעם האָלץ, וואָס האָט זיך געפּאַרעט, און געלאָשן.

דער פראָסט האָט זיך געשטאַרקט. אויפן דריטן טאָג האָט מען געלאָזט וויסן פון שיפס־קאַנטאָר, אַז די שיף וועט ניט אָפּשווימען אין דער באַשטימ־טער צייט, ווייל די שיף איז ווייט פון האַפן, אינמיטן ים, און איז גרייט אויפצונעמען און אָפּפירן זיי אין זייער ניי לאַנד. אָבער די צופיר־שיפלעך שטייען פאַרפרוירן אין האַפן און קענען זיך פון אָרט ניט רירן.

שלמה זלמן האָט זיך פון דעם ניט אָפּגעגעסן דאָס הארץ. די שטאָט ליווערפּול געפעלט אים. ער וועט זיך איצט קענען מיט איר גוט באַקענען. ליווערפּול איז אַ שיינע שטאָט, אומעטיק וועט דאָ ניט זיין. זאָל נאָר אָנהאַלטן דער פראָסט. זאָל נאָר דער אַרויסגערופענער אייזברעכער ניט קומען צו דער צייט, וועט זיין וואָס צו זען.

אויפן דריטן טאָג האָט דער פראָסט אַ ביסל נאָכגעלאָזט, דער האַפן איז אָבער געבליבן געפרוירן, די שיפלעך האָבן אין אים געשטעקט, ווי די מאַרך־ביינער פון דעם געגליווערטן פוס אין ישעיהלע קאָוואַלס רעסטאָראַן. די טעג האָט מען דערוויל פאַרבראַכט אין די גאַסן און די נעכט ביי די חרובעס, די שוואַרצע ווענט־לעכער, ווו ס׳איז געווען קעלטער ווי אין דרויסן, ווו מ׳האָט זיך געקאָנט אָנוואַרעמען ביי אַ שנעלן דורכמאַרש איבער די גאַסן, ביי די ווונדער־זעענישן אין די שוי־פענצטער. אין שטוב

האָבן די האַלעוועשקעס געדויכערט, ניט געוואַרעמט. איז מען פרי פאַרקראָכן אין די בעטן, איינגעוואָרעט זיך אין די מלבושים צווישן די קאָלדרעס, ווי אין מלחמה־צייט, ווען ס'איז ניט געווען קיין האָלץ צום הייצן.

שלמה זלמן האָט ניט ליב געהאַט בלויז צו כאַפּן אַ בליק אויף זאַכן, נייערט זיי באַקוקן און אָנטאַפּן מיט די פינגער. ער האָט פיינט געהאַט צו זען אַ נייע שטאָט בלויז דורכן טראַמוויי־פענצטער.

ביי שלמה זלמן איז כאַפּן אַ קוק געווען ווי זיצן אויפן ראַנד פון שטול, און ניט אויפן גאַנצן שטול, ווי כאַפּן אַ נאַש און ניט עסן. ער האָט ליב געהאַט קומען צום טעם, ניט בלויז טועם זיין. ביי אים איז געווען: אָדער געגעסן צו דער זאַט, אָדער געהונגערט — אָדער מען גייט און מען זעט, אָדער מען זיצט אין דער היים. ער האָט דאָס אויפגעקלערט דעם פּולטוסקער און די אַנדערע, וואָס האָבן געוואָלט ביי אים פּועלן, אַז ביז מיטאָג זאָל מען אַרומגיין אין די גאַסן, זען די שטאָט, און מיטאָג־צייט זאָל מען זיך צוריק אומקערן אין האָטעל אַריין און דאָרטן שוין בלייבן. ביי שלמה זלמן האָט מען דאָס ניט געקאָנט פּועלן, ער האָט באַלד נאָך פרישטיק איבערגעלאָזט דעם פּולטוסקער און די אַנדערע אין האָטעל, און ער מיטן ווייב — מיט דעם יידיש־ענגלישן ווערטער־בוך אין דער האַנט — האָבן זיך אַרויסגעלאָזט איינעמען די ליווערפּולער גאַסן.

„איבער איין מאָלצייט פאַרלירן זיי, די פּראָווינצער, אַ גאַנצע שטאָט", — האָט ער אַריינגערעדט אין זיין ווייב, וואָס איז געווען אין אַנדערע אומשטענדן און זיך אָנגעשפּאַרט אויף זיין אָרעם. „זיי מאַכן דעם אָנשטעל, אַז עס גייט זיי אין מאָלצייט, אָבער אין דער אמתן האָבן זיי גאָר מורא, טאָמער וועלן זיי פאַרבלאָנדזשען. וואָס איז דאָ וואָס מורא צו האָבן? ליווערפּול איז ניט קיין שטאָט, וווּ מען קען פאַרבלאָנדזשען", — האָט ער באַרואיקט ס'ווייב. אַ ביסל וועט ער רעדן, אַ ביסל דער ווערטער־בוך, ווי זשע קען מען פאַרבלאָנדזשען?

לויטן ווערטער־בוך איז ענגליש גאַרניט אַזאַ שווערע שפּראַך. אין יידיש „ווו", איז אין ענגליש „ווהער", „דאַרט", איז „דהער", „וואָס", איז „ווהאט", ס'לייגט זיך אויפן שכל דעם פּולטוסקערס סברה, אַז די ענגלענדער האָבן די ווערטער אויסגעבאָרגט ביי די יידן, וואָס זענען געווען אויף דער וועלט פריער פון זיי. שלמה זלמן איז פריי אַרומגעלאָפן איבער דער שטאָט, ווי דער שלח־מנות־טרעגער, פּורים. ער האָט הנאה געהאַט פון אַלץ, אַ נאַש געטאָן דאָ, אַ נאַש דאָרט, אַ פאַרזוך געטאָן פון איין גאַס און פון אַ צווייטער.

אַ גאַנצן טאָג האָט ער אַפילו דעם ווערטער־בוך פון קעשענע ניט אַרויסגענומען, און אַז ס'האָט אָנגעהויבן נאַכט צו ווערן און מען איז געווען ווייט פון האָטעל, האָט דאָס אים אויך ניט מיד געמאַכט און ניט אומרואיק.

דעם נאָמען פון האָטעל געדענקט ער. ער ווייסט אויך, אַז ער איז,

אַדער דאַרף זיין, אין דער מערב זייט פון שטאָט, ווייל ער איז דעם גאַנצן טאָג געגאַנגען נאָך דער זון, וואָס זשע איז זיך דאָ וואָס צו זאָרגן? און אַז די זון פאַרגייט, גייט די וועלט אויך ניט אונטער. די וועלט איז אויף דער נאַכט באַזאָרגט געוואָרן מיט אַ לבנה און מיט שטערן, וואָס ווייזן ווו מען איז אויף דער וועלט.

זיין ווייב, וואָס הענגט אים אויף זיינע אָרעמס פּאָר מידקייט, לערנט גאָר פאַרקערט: ווייל מען איז דעם גאַנצן טאָג נאָכגעגאַנגען דער זון, מוז מען איצט גאָר זיין אין צפון זייט פון שטאָט, ווייל די זון גייט דורך דעם טאָג פון מזרח צו דרום און פון דרום צו מערב, ווו זי פאַרגייט. און די לבנה מיט די שטערן האָבן אויך געמוזט פאַרבלאָנדזשען, טענהט זי, ווייל מען זעט זיי ניט איבערן הימל. בלאָנדזשעט מען טאַקע גאַנץ פיין, לויט איר מיינונג.

שלמה זלמנען שרעקן אָבער ניט אירע סברות, און ער האַלט זיך ביי זיינס, אַז אין אַזאַ שטאָט, ווי ליווערפּול, קען מען ניט פאַרלוירן גיין. דאָס וואָרט „האָטעל״, איז אין ענגליש ווי אין יידיש, דאַרף ער בלויז אַ פרעג טאָן דעם ערשטן און בעסטן מענטשן, וואָס מען וועט טרעפן, און ס׳וועט זיין אויס בלאָנדזשעניש. ער שטעלט טאַקע אָפּ אַ מענטשן, וואָס זעט אים אויס צו זיין אַ ליווערפּולער תושב, און ער פרעגט אים וועגן וועג צום האָטעל „דאַריק״.

דער מאַן בלייבט מבולבל, דרייט מיטן קאָפּ אין אַלע זייטן און פרעגט פאַרוווּנדערט: „דאַריק? האָטעל דאַריק?״. ער פאַרטראַכט זיך און שיסט אויס מיט אַ ים ווערטער, פון וועלכע שלמה זלמן פאַרשטייט בלויז איין וואָרט: — ניין. דער מאַן גיט ווידער אַ דריי מיטן קאָפּ אויף ניין און גייט אַוועק, מורמלענדיק עפּעס צו זיך.

שלמה זלמן קוקט אים נאָך און זאָגט מיט פאַראיבל: „ענגלישער יעקע״. ער נעמט זוכן אַן אַנדער מענטשן, ביי וועמען צו פרעגן דעם וועג צום האָטעל „דאַריק״.

ער שטעלט אָפּ איין דורכגייער און אַ צווייטן און פרעגט אויף דעם האָטעל „דאַריק״, — מיטן קוועטש אויף „דאַריק״ — און ביידע קוועטשן מיט די פּלייצעס, דרייען מיט די קעפּ, רעדן ווייניק, אָבער לאָזן אויס מיטן זעלבן פּזמון: „נאָ, נאָט היר״.

פאַר זיך אַליין וואָלט ער דאָס ניט געטאָן, פאַר זיך אַליין וואָלט ער ניט געפרעגט ביי קיינעם, נאָר געזוכט דעם האָטעל, ביז ער וואָלט אים געפונען, אָבער ער טוט עס פאַרן ווייב.

„נאַטירלעך ווייסן זיי ניט פון אַזאַ האָטעל, ווען שטייען זיי איין אין האָטעלן? אין וויפל האָטעלן זענען מיר דאָס איינגעשטאַנען אין וואַרשע?״ — רייסט ער זיך אַריין אין דעם ווייבס שוויגעניש, מיט זיין

אויפקלערונג, און רייסט איבער אינמיטן, ווען ער דערזעט אַ פּאַרפּאַלק, וואָס גייט זיי אַנטקעגן.

„האָטעל דאַריק, האָטעל דאַריק!" — שרייט כמעט שלמה זלמן.

די פרוי פאַראינטערעסירט זיך, הערט אים אויס געדולדיק, זאָגט איבער דעם נאָמען פון האָטעל עטלעכע מאָל, טראַכט אַ ווייל, און פאַרקערעוועט זיך מיט שלמה זלמנען און זיין ווייב צום אַריינגאַנג פון אַ צווייטער גאַס, ווו ס'איז געשטאַנען אַ פּאָליציימאַן. דער פּאָליציימאַן האָט אויך גענומען דרייען מיטן קאָפּ און אויך געזאָגט „נאָט היר".

ער האָט אַרויסגענומען אַ ביכעלע פון זיין געהאַקטער קאַפּאָטע־קעשענע, ווו שלמה זלמנס זיידע פלעגט האַלטן די רויטע פּאַטשיילע, אַריינגעקוקט דערין און אויפגעקלערט דעם טעות, וואָס שלמה זלמן האָט געמאַכט, מיטן פאַרטוישן דעם נאָמען פון דער שיף אויף דעם נאָמען פון האָטעל. ער האָט געפונען פאַר זיי אַ טאַקסי, וואָס זאָל זיי אָפּפירן צום האָטעל פון דער „ווייט סטאַר ליינס".

# קאַפּיטל 2

נאָכן „אָפּהוליעווען" אין ליווערפּול אַ וואָך, על חשבון הגביר, די „ווייט סטאַר ליין", האָט דער פּולטוסקער אויסגערעכנט, אַז מען וועט שוין די טעג זיכער פאָרן, ווייל נאָך אַ וואָך אין ליווערפּול, וועט אויפעסן דער שיפס־געזעלשאַפט גאַנצן ריווח. ער, אויף זייער אָרט, וואָלט מיט די בלויזע הענט אויפגעהאַקט דעם געפרוירענעם האַפן. אויף מאָרגן נאָך זייער בלאָנדזשען, האָט מען אַלעמען געלאָזט וויסן, אַז אין אַ טאָג אַרום פאָרט מען און קיינער זאָל אין דעם דאָזיקן טאָג פון האָטעל ניט אַרויס. דער פּולטוסקער האָט געטראָפן. זיין נבואה איז מקויים געוואָרן.

אַלע האָבן געפאָלגט. נאָך פרישטיק האָט זיך קיינער ניט אַרויסגערירט פון האָטעל. אַלע, אַחוץ שלמה זלמן. ער איז צוגעגאַנגען צום האַפן זען, צי עס איז אמת, אַז מאָרגן פאָרט מען טאַקע. עפּעס האָט זיך אים ניט געגלויבט, אַז עס זאָל אמת זיין. ער האָט ניט געגלויבט, אַז דער געפרוירענער האַפן וועט זיך אין איין טאָג לאָזן ברעכן. אָבער ס'איז אמת געווען.

דאָס אייז איז געווען אויפגעבראָכן. די שטיקער אייז־קריעס זענען אַרומגעשווומען צעמישטע, ניט געוווסט, ווו זיך אַהינצוטאָן. ס'האָט געדוכט, זיי קריגן זיך איינער מיטן אַנדערן, קריכן איינער אויף דעם אַנדערנס רוקן, שטויסן און שטופּן זיך, טוקן זיך אונטער אין די טיפענישן און קומען קאַפּויער צוריק, גייען טאַנצנדיק אין אַ קאַראַהאָד, צו זייער באַפרייאונג פון דעם געפרוירענעם גליווער.

דער שליח פון דער שיף־געזעלשאַפט איז געקומען פרי. אין מיטן פרישטיק האָט ער זיך אַריינגעשטעלט און גענומען אונטעריאָגן, מען זאָל זיך איילן און פאַרטיק ווערן וואָס שנעלער. ווי אַ פאַסטוך פאַר זיין סטאַדע, האָט ער געשפרייזט פאַרן עולם און געמונטערט מען זאָל ניט אָפּשטיין פון אים. אַפילו ביי די שיפלעך אין האַפן, האָט ער געהאַלטן אין איין אונטערטרייבן, אין איין אונטעריאָגן.

ביז מען האָט זיך באַזעצט אויף די שיפלעך, וואָס האָבן געדאַרפט פירן צו דער „דאַריק", וועלכער איז געשטאַנען אינמיטן ים, ווייט פון האַפן, און ביז מען האָט זיך אויסגעלאָדן פון די שיפלעך אין דער „דאַריק" אַריין, איז שוין געווען שפּעט באַך מיטאָג. די מעוועס און ים פייגל האָבן שוין פאַרלאָזן די שיף און ס'האָט גענומען ווערן נאַכט. ווי נאָר מען האָט זיך באַרואיקט און די „דאַריק" האָט זיך גענומען דערווייטערן פון ברעג שטאָט און איז אַריין אין דער וועלט פון חושך, האָט דער גלאָק זיך צעקלונגען און גערופן צו וועטשערע.

דער ים איז ניט געווען רואיק. עס זענען אים אָנגעוואַקסןביילן אויפן רוקן, ווי מען וואָלט אים צעשלאָגן. דער שיף האָט ניט געאַרט, וואָס דער ים בערגלט זיך, ביילט זיך. זי איז זיך געשוווּמען איר וועג און ווי נאָר זי איז גוט־היימיש געוואָרן מיטן וועג, איז דער עולם געגאַנגען עסן.

די טישן זענען געווען געדעקט, ווי צו אַ יום־טוב. קוישלעך מיט ברויט און פאַרשידענע פרוכטן האָבן געלאַקט און גערייצט דעם גומען. ס'מויל האָט גענומען וואַסערן, די עסער און דאָס עסן האָט געצויגן איינער צום אַנדערן. די פרוכטן האָבן געצויבערט, געבעטן: עסט אונדז.

דער עולם האָט זיך ניט געלאָזט שטאַרק בעטן, באַלד זענען די קוישלעך ליידיק געוואָרן פון די פירות און זענען געשטאַנען דערשראָקענע, מיט אָפענע מיילער פאַר די רויבער. וואָס זענען זיי באַפאַלן מיט זשעדנע־קייט, ווי זיי וואָלטן די שיינע פירות, קיין מאָל פריער פאַר די אויגן ניט געזען און זייער טעם ניט פאַרזוכט.

דער אמת איז געווען, אַז אַ סך פון די פּאַסאַזשירן האָבן די פירות געזען און פאַרזוכט זייער טעם צום ערשטן מאָל. דערפאַר האָבן זיי זיך מיט די פירות ניט געקאָנט אָנזעטיקן.

שלמה זלמן האָט אַמאָל ראש־השנה געמאַכט שהחיינו אויף אַרבוז און ווייַנטרויבן; אַמאָל אויף אַ חתונה, פאַרזוכט דעם טעם פון מילגראַם און פּאָמעראַנץ, אַפילו פון דער געלער, פערטל לבנהדיקער באַנאַנע, האָט ער אַמאָל פאַרזוכט דעם טעם, אָבער אָנצועסן זיך מיט זיי צו דער זאַט, ווי דאָ ביים טיש, דאָס ניט.

אַמאָל פלעגט זיך טרעפן, אַז אַזאַ פרוכט פלעגט אַריינפאַלן אין די

מיילער פון די קינדער, פּורים צו דער סעודה. דער שלח־מנות טרעגער האָט אַזאַ פּרוכט אָראָפּגעלאָזט, און זי האָט זיך צעקלאַפּט דאָס „פּנים", אָדער ס'איז מיט איר געשען אַן אַנדער „אומגליק" — האָט מען זי אַוועקגעגעבן צו די קינדער, פון הויז, זיי זאָלן זיך דערכאַפּן די הערצלעך זייערע, און די שאָלעכץ פון דער שמעקנדיקער פּאָמעראַנץ האָט מען אויך ניט געלאָזט גיין אין ניוועץ, חלילה, נאָר געלאָזט גוט אויסטריקענען, ווייל זי האָט פאַרשמעקט דאָס הויז. און צום סוף האָט מען איר אַריינגעמאָלן אין עפּעס אַ געבעקס, אַ קוכן, אין אַ פלאַדן, אָדער גאָר באַשפּריגקלט דערמיט דעם שבת־קוילעטש.

ניט בלויז די פּרוכטן זענען, ביי דער ערשטער וועטשערע אויף דער שיף פאַרצוקערט געוואָרן, נאָר אַלץ וואָס מען האָט דערלאַנגט. מען האָט גאָרניט צוריקגענומען, אָדער חלילה אַרויסגעוואָרפן. אַנדערש האָט אויסגעזען ווען מ'האָט שפּעטער, ווען די שיף האָט גענומען גיין ווי אַ שיכור, געוואַקלט זיך אויף אַלע זייטן, געפאַלן כורעים, געשטעלט זיך קוממיות און עס האָט געוואָרפן מיט איר הייזער די הויך, ווי אין אַ קדחת.

די בייזע ים־כוואַלעס האָבן גענומען קלאַפּן אין דער שיפס בויך, שלאָגן איר אין די זייטן אַריין און פאַרגיסן די קיילעכדיקע פענצטערלעך. זי האָט גענומען קרעכצן און אכצן, אַז ס'איז געוועזן אויף איר אַ גרויס רחמנות, אַ שרעק דאָס אויסצוהערן. אַלע האָבן דאַן אַלץ צוריקגעגעבן דעם ים, אַפילו דאָס, וואָס מ'האָט געגעסן אין האָטעל, אַבי אים איינצונעמען. אָבער ער האָט זיך ניט געלאָזט איינגענעמען. ער האָט געשטורעמט און געוואָרפן מיט דער שיף. אַלע האָבן זיך געמוזט אַוועקלייגן אין די בעטן. אַלע זענען קראַנק געוואָרן אויף דער ים קראַנקייט.

בלויז איין שלמה זלמן האָט געקעמפט מיט דער ים־קראַנקייט, זיך ניט געלאָזט אַוועקלייגן אין בעט אַריין. אַזוי ווי די שיף, האָט ער אויך מוטיק געקעמפט מיטן ים. ער איז אַרומגעלאָפן איבער די קאַיוטעס און געטראָגן הילף, געלייגט אויף די שווער קראַנקע קאַלטע קאָמפּרעסן און געפירט די מער שטאַרקערע, צו כאַפּן אַ ביסל פרישע לופט. אַפילו דער פולטוסקער האָט געדאַרפט צו אים אָנקומען, ער זאָל אים העלפן דערשלעפּן זיך צו די שטיגן.

אַ גאַנצע נאַכט האָט דער ים געבושעוועט, געטריבן די פינצטערע וואַסער־בערג אויף דער שיף און פאַרגאָסן מיט כעס'יקן שוים די קאַיוטעס, די קאָרידאָרן און אַלע דורכגענג.

אַפילו פאַרן טאָג האָט דער ים קיין מורא ניט געהאַט, און זיך ניט געשעמט פאַרן הימל צו ווייזן זיין ווילדן כעס, ער האָט די שיף ניט צורו געלאָזט, נאָר געשליידערט זי ווי אַ פּילקע, פון איין כוואַליע צו דער אַנדערער.

צוועלף טעג האָט זיך דאָס ים־מולטערל, די שיף „דאריק" געקאַטשעט און געשלעפּט, איבער דער פּלייצע פון דעם צע׳כעס׳טן ים, געקרעכצט און געאַכצט אונטער די וואַסער־בייטשן, וואָס האָבן זי געשמיסן פון אַלע זייטן, ביז זי האָט אַ נאָסע, אַן אויסגעווייקטע, פון די מאַסטן ביזן דנאָ, אַ באַוואַק־סענע מיט אַן אייז־הויט, אַ קראַנקע און מידע, ווי די פּאַסאַזשירן אירע, מיט די לעצטע כוחות אַריינגעשלייכט זיך אין די קאַנאַדישע וואַסערן, אין האַליפאַקסער האַפן.

די צעבויקערטע, צעשלאָגענע „דאריק" איז צוגעפאַלן צו די באַרטן, אין זייערע נאַסע אָרעמס, ווי אַ היץ־קראַנקער פאַלט אַריין אין בעט, און אַ האַלב פאַרחלשטע זיך איבערגעגעבן דעם אויסגעאַרטן מקום מנוחה. קוים זשיפּענדיק, האָט זי אויסגעפּייפט איר לעצטן פּייף, און איינגעשלאָפן אין די זיכערע אָרעמס פונעם האַפן. ס׳האָט איר מער ניט געאַרט, וואָס מען טוט מיט איר, וואָס אין איר איינגעווייד טוט זיך אָפּ...

ווי מיט אַ כישוף פאַרטריבן, איז ביי די מענטשן פאַרשוווּנדן די ים־קראַנקייט, ווי נאָר ס׳האָבן זיך באַוויזן די ערשטע ים־פייגל און מען איז אַריין אין די קאַנאַדישע וואַסערן. זיי זענען אַראָפּגעקראָכן פון די בעטן, געשטופּט די קעפּ זייערע אין די קיילעכדיקע קאַיוטע־פענצטערלעך, זיך זאַט ניט געקאָנט אָנקוקן און אָנפרייען מיט די ברעגן פון זייער אויסגעבענקטן לאַנד.

## קאַפּיטל 3

טאַטעס און מאַמעס האָבן געטראָגן די קליינע קינדער, וואָס האָבן אַליין נאָך ניט געקאָנט גיין, און געהאָלפן די גרעסערע קינדער, וואָס האָבן זיך געריסן אַרויף. טרערן פון פרייד האָבן געגלאַנצט אין די אויגן פון אַ סך, אַריבערגעגלאַנצט צו די, מיט שניי באַדעקטע, ברעגן. מען האָט זיך אָפּגעגעבן מזל־טוב און געקלאַפּט איבער די פּלייצעס.

דער פּולטוסקער איז שוין ווידער געשטאַנען ביי דער זייט פון שלמה זלמנען, זיך געפּעקלט אין אים, ווי פאַר דער ים־קראַנקהייט.ביידע זענען געשטאַנען ביי די אייז־באַדעקטע פּאַרענטשעס און געשלונגען מיט די אויגן די פאַרשנייטע פעלדער און וועלדער, די בערג און די טאָלן, די הייזלעך, דעם רויך פון די קוימענס, וואָס האָט זיך פויל געשלענגלט אַרויף צום לויטערן הימל. אַלץ וואָס האָט זיך אַנטפּלעקט פאַר זייערע אויגן, איז זיי פון ערשטן בליק באַלד ליב געוואָרן, אייגן געוואָרן. דאָס לאַנד איז זיי געפעלן.

שלמה זלמן האָט אויף אַן אָרט ניט געקאָנט איינשטיין. ער איז געלאָפֿן פון איין זייט שיף צו דער צווייטער, כדי גאָרניט צו פֿאַרלירן פון דעם צויבערדיקן ווינטער־פּייזאַזש. אַזאַ ווינטערדיקע רחבות האָט ער נאָך אין זיין לעבן ניט געזען.

„אָ, קאַנאַדע! קאַנאַדע!" — האָט ער אַריינגעשריגן אין קאַלטן, געפֿרוירענעם חלל אַריין, ניט ווּיסנדיק אַפילו, אַז פֿאַר אים האָט שוין ווער די באַגייסטערנדיקע ווערטער זיינע אַריינגעשריבן אין דעם קאַנאַדישן הימן.

„דאָס איז קאַנאַדע!" — האָט ער אַן עקזאַלטירטער, געהאַלטן אין איין דערמאָנען זיך און די אַנדערע אַרום אים. — „זי געפֿעלט מיר, מיט אירע שנייען און פֿרעסט, וואָס ליגן אויף איר און וואַרעמען אויס פֿאַר אונדז דעם פֿרילינג און דעם זומער. דאָס לאַנד מוז זיין נאָך שענער אין זומער, אויב ס'איז אַזוי שיין אין ווינטער!" — האָט ער ניט געקאָנט איינהאַלטן זיין באַגייסטערונג פֿאַרן נייעם לאַנד.

„דאָ איז סיביר, דער ווינטער ווי אין פּוילן, און ער רעדט פֿון פֿרילינג און זומער!" — האָט דער פּולטוסקער אַריינגערעדט מער אין שלמה זלמנס ווייב, ווי אין דעם באַגייסטערטן שלמה זלמנען.

„פֿאַרגעסט פֿון פּוילן. זעט אַ לויטערן הימל. דערמאָנט זיך, ווען האָט איר געזען אַזאַ לויטערן הימל ווינטערצייט אין פּוילן? אַ ווינטער אין פּוילן האָט געדריקט דאָס געמיט, געשראָקן!"

דאָס נייע לאַנד איז געלעגן פֿאַרטייעט אין גליווער פֿון פֿראָסט און קעלט. דאָ איז געווען ווינטער, ווי אין אייראָפּע, אָבער ער האָט געלאָזט אָטעמען פֿריי. ער האָט ניט געדישעט און געדריקט דאָס געמיט, ניט אָנגעוואָרפֿן קיין מורא, אַפילו ניט אויף די מענטשן, וואָס זענען געקומען פֿון אַ לאַנד, וווּ דער ווינטער האָט אָנגעלייגט אַ מרה־שחורה און אַ שרעק.

די אָפֿענע פֿאַרשנייטע בערג־וועלדער, האָבן אַרויפֿגעאָטעמט אין הימל אַריין, זיי זענען ניט געווען אַזוי געדיכט און פֿינצטער, ווי די פּוילישע וועלדער, ניט געדריקט אַזוי שווער דאָס געמיט, ניט געשאָטנט אַזוי טונקל, ווי די וועלדער פֿון פּאַשיסטישן פּוילן.

דאָ, אין דעם נייעם לאַנד, האָט די זון, אַפילו אין ווינטער געטראָגן אַ פֿריילעך וואַרעם פּנים, אַראָפּגעשיינט פֿון אַ פֿרייען אָפֿענעם הימל און זיך געבאָדן אין דעם פֿינקעלדיק־ווייסן שניי. שלמה זלמנען איז געווען גוט אויפֿן האַרצן, און ס'האָט זיך אים געחלומט אַ גוטע צוקונפֿט, פֿאַר אים און די קינדער זיינע, וואָס איינס איז שוין געווען אין וועג...

דאָס האַרץ זיינס האָט אים געזאָגט, אַז דאָ וועט ער האָבן די געלעגנהייט אויסצונוצן זיינע פֿעאיקייטן, וואָס זענען אין פּוילן אַטראָפֿירט געוואָרן. ער האָט געפֿילט, אַז דאָ אין דעם נייעם לאַנד, וועלן זיינע קינדער האָבן אויך זייערע געלעגנהייטן, און ער האָט מיט שטילן שטאָלץ געקוקט

אויף זיין מעוברתער ווייב, וואָס האָט געטראָגן אין זיך דעם עמבריאָן פון זיין צוקונפטיקער משפחה, דעם ערשטלינג, — אַן אָנהויב פון זיין פאַמיליע אין דעם נייעם לאַנד.

אַ ביסל פאַרדראָס האָט שלמה זלמן געהאַט, וואָס ער קען דאָ ניט זען די קאָליר פון דער ערד. ער האָט ערגעץ ווו געהערט, אַז די ערד אין קאַנאַדע איז פאַרשידן־קאָליריק. וואָס זשע פאַר אַ קאָליר האָט די ערד דאָ? ער האָט באַדויערט, וואָס ער קומט אַריין אין לאַנד ווינטער צייט. די פוילישע ערד איז אויך געווען פילקאָליריק: בלאָטיק־שוואַרץ, גרוי, ווי דאָס געמיט פונעם לעבן אין פוילן. דאָס יידישע לעבן אין פוילן איז געווען צוויי־קאָליריק: שוואַרץ און בלוטיק־רויט, פון די פּאָגראָמען.

מיט אַ טרייסל, ווי ער וואָלט פון זיך אַראָפּגעוואָרן אַ שווערע משא, האָט ער מיט שטילן דרך ארץ, געוויזן דעם ווייב און דעם פּולטוסקער, ווי דער צאָל־באַאַמטער הערט זיך אויפמערקזאַם צו, צום „האָיאָס״־פאַר־שטייער, גלויבט אים אויפן וואָרט, שטעמפּלט שטיל אַלעמענס פּעסער, אָן קללות, אָן חשד, אָן גאווה פון אַ קליינעם טשינאָווניק, וואָס וויל זיין אַ גרויסער הערשער, אַ באַפעלער, דורך שרייען, שרעקן און שעלטן ביז צו די עלטער זיידעס אויף צוריק־וועגס.

דער דאָ, האָט ניט קיין שלאַנגישע וואָנצעס. ער דרייט זיי ניט, ווי ער וואָלט געשאַרפט אַ מעסער, און דער עיקר, ער שרייט ניט אין פּנים אַריין, שעלט ניט. די זעלבע פּראָפּעסיע, דאָ ווי דאָרט, אָבער אַנדערע מענטשן. אַלץ גייט דאָ צו מענטשלעך, אָן ירגזון. מענטשן האָבן געזען, אַז דער צאָל־באַאַמטער שרייט ניט, קוויטשעט ניט, באַנעמט זיך ווי אַ מענטש, האָט זיך קיינער ניט געשראָקן און מען האָט זיך ניט געשטופּט, מען האָט ניט געוואָלט וואָס פריער פּטור ווערן פון דעם שעלטנדיקן, בייזן טשינאָווניק.

מען איז מער ניט געלאָפן, זיך ניט געאײַלט צו אַנטלויפן, ניט געטראָטן זיך אויף די פיס איינער דעם אַנדערן, ניט געוואָרפן און געשטויסן. שטיל איז מען אַריין אין די וואַגאָנעס, וואָס זענען געשטאַנען און געוואַרט אויף די עמיגראַנטן. שטיל האָט יעדערער זיך געפונען זיין אָרט. אַ סך האָבן געוואָרט, אַז די אַנדערע זאָלן פריער געפינען זייערע ערטער. נייע מענטשן, אַנדערע מענטשן, פול מיט נייע האָפענונגען איז מען געפאָרן, יעדער צו זיין אָרט.

„נו, איז מען שוין אין קאַנאַדע אויך, ווייט פון פוילישן גיהנום, אַרויס פון די פוילישע לאַפּעס!״ — האָט ער אַרומגענומען זיין ווייב, — פריער מיט די אויגן און שפּעטער אויך מיט די אָרעמס, — געוואָלט פון איר אַרויסקריגן, ווי זי פילט זיך און ווי עס פילט זייער סוד אין איר טראַכט, וואָס זיי פירן אַ מתנה דעם נייעם לאַנד, — אַ לעבעדיק געשאַנק...

שלמה זלמן האָט זיך צעלאַכט אין פּולטוסקערס זייט און געזאָגט מיט אַ חוזק־שמייכל: „איר ווייסט, פּולטוסקער, איך געהער צום 65־סטן פּיעכאָטע־פּאָלק, און זיי ריכטן זיך, אַז איך וועל קומען פאַרטיידיקן פּוילן, אויב ווער פון אירע ליבע שכנים וועלן זי באַפאַלן".

שלמה זלמן איז שטיל געוואָרן, ווי ער וואָלט געוואַרט אויף אַן ענטפער פון פּולטוסקער, אָדער פון זיין ווייב. ער האָט געשוויגן, און די אויגן האָבן ביי אים געגלאַנצט, פון זיין ערשטער נקמה, וואָס ער האָט שוין דערלעבט, אַן דעם פּאָגראָם־לאַנד פּוילן.

„אַזוי לאַנג זאָלן זיי האָבן ציין־ווייטיק און ניט קענען עסן אויף זיי, ווי ס'וועט זיך ביי זיי מער ניט נעמען קיין חשק, צו מאַכן שטייגער־פּראָצעסן און פּאָגראָמען" — האָט דער פּולטוסקער געענטפערט, ניט אַרויסנעמענדיק זיין פּנים פון דעם געפרוירענעם וואַגאָן־פענצטער.

„איר ווילט עפּעס הערן שיינס? איר ווילט הערן, וואָס דער מיליטער־רישער נאַטשאַלניק פון דער וואַרשעווער וואָיעוואָדצטווע האָט געהאַט אַ העזה צו זאָגן, ווען ער האָט געשטעמפּלט מיין פּאַס? — דיין אויטשיזנע איז אין שטענדיקן געפאַר באַפאַלן צו ווערן פון די דייטשן, אָדער פון די רוסן, און יעדער פּאָליאַק, ווו ער זאָל ניט זיין, וועט דאַרפן אַהיים קומען פאַרטיידיקן זיין פאָטערלאַנד — ס'פאַלט זיי ניט איין, די פּוילישע פּאָגראָמשטשיקעס, אַז אַ ייד דאַרף זיי פיינט האָבן און אַז זייער גיהנום־לאַנד מעג ברענען אויפן פייער."

דער פּולטוסקער, וואָס איז געווען אַן אויסגעדינטער פּוילישער זעלנער און געהאַט אויף זיך סימנים פון פּוילישן סאָלדאַטסקן אַנטיסעמיטיזם — ער האָט זיי געקראָגן במתנה פון פּאָלקאָווניק־קאָמאַנדיר און פון זיינע סערזשאַנטן, וועלכע האָבן געהאַלטן אין איין אַראָפּלאָזן די ביקסן אויף זיינע פיס־פינגער, פאַר יעדער קלייניקייט, און אים שיעור די פינגער אָפּגעהאַקט, — איז געשטאַנען מיטן פּנים אין וואַגאָן־פענצטער און געשוויגן.

שלמה זלמנען האָט אַביסל פאַרדראָסן, וואָס ער הערט פון קיינעם ניט קיין קאָמענטאַר איבער זיין דערציילונג, אָבער ער האָט פאָרגעזעצט:
„היינט לאַך איך, אָבער דאַן, האָט אין מיר געקאָכט, ווי אין אַ קעסל. פון זינט איך געדענק זיך און מיינע עלטערן, זענען מיר געווען רעכטלאָזע. דאָס געזעץ איז ניט חל געווען פאַר אונדזער שוץ. מיר האָבן געגאָסן מיט דער פולער האַנט פון שטראָף־געזעץ, פון די שטייער־געזעצן און שווערע עולן, אָבער פאַרן שוץ־געזעץ זענען מיר געווען הפקר. אונדזער בלוט איז געווען הפקר פאַר יעדן כוליגאַן, און דאַ נאָ דיר גאָר אַן אויטשיזנע. איר הערט אַן אידיאָטסטווע?!"

ער האָט אויפגעהויבן זיין האַנט מיט דעם צעבראָכענעם פינגער, וואָס

די דעפּענסיווע האָט צעבראָכן, ביים אויספאָרשן אים וועגן זיינע פּאָליטישע טעטיקייטן, און מיט אים געמומען אָפּקראַצן דעם פּראָסט פון דעם פאַר־פרוירענעם וואַגאָן־פענצטער. דער קאַליקע פינגער איז שנעל אָפּגעשטאָנען און פאַרשטייפט געוואָרן. ער האָט אים אויפגעהויבן אין דער לופטן, געקוקט אויף דעם האַלב־איינגעבויגענעם פינגער, וואָס לאָזט אים מער קיין פויסט ניט מאַכן, און געטראַכט: „אַ מתנה פון דעם געבורטס־לאַנד, פון דער ,אויטשיזנע׳. מיין פאַרמעגן, וואָס איך האָב אָפּגעשפּאַרט פון פוילן, דאָס, וואָס עס איז מיר פאַרבליבן אַ ירושה פון 9 דורות לעבן אין דעם פוילישן פאָטערלאַנד. אָט דאָס פאַרמעגן האָט פוילן ניט קאָנפיסקירט, אָבער געהייסן זיך גוט באַצאָלן פאַר דער דערלויבעניש עס אַרויסצופירן״.

די „אויטשיזנע״ און איר פּאָליציי, האָבן אויף אים געטראָגן אַ בייז האַרץ, פאַר העלפן אָרגאַניזירן דעם טשעשלער־פאַראיין אין זיין שטעטל, וואָס איז געווען דערלויבט לויט דער קאָנסטיטוציע. זיי האָבן גערייצט און געהעצט קעגן די יידן, וואָס אָרגאַניזירן זיך אַליין, גערייצט די פוילישע טשעשלער און סטאָלאַרעס צו אַ פּאָגראָם, געהייסן פאַרכאַפּן דעם פאַראיין און פאַרטרייבן פון דאָרט די יידן.

און די „פּאַטריאָטישע״ פּאָליאַקן האָבן געפאָלגט. זיי זענען געקומען שיכורע אין לאָקאַל פון יידישן טשעשלער־ און סטאָלאַר־פאַראיין, צו שלאָגן און ברעכן ביינער פון די מיטגלידער. שלמה זלמן האָט זיך פאַרטיידיקט, צוריקגעשלאָגן, וואָס איז אין נייעם פוילן געווען אַ פאַרברעכן — דאָס פאַרטיידיקן זיך קעגן שלעגער, איז אַ ייד אין נייעם פוילן געווען פאַרווערט.

די מאַכט האָט פאַרמאַכט דעם לאָקאַל פון פאַראיין אונטערן אויסרייד, אַז מען טרינקט און מען שלאָגט זיך דאָרט, און אים האָט מען געבראָכן די פינגער, ער זאָל זאָגן, ווער עס זענען געווען די קאָמוניסטן, וואָס פרייִדיקן געוואַלד, ווילן אַראָפּוואַרפן די אָרדנונג און צעשטערן די „אויטשיזנע״.

„אויטשיזנע, מיין אויטשיזנע!״ — האָט שלמה זלמן געדרייט מיטן שטייפן פינגער צום פולטוסקער. „מיין פּאַטריאָטיזם איז מענטשלעכקייט, און דאָ איז עס פאַראַן״, — האָט ער אַ פּאַכע געטאָן מיט דער האַנט צו דער זייט, ווו מ׳האָט געהאַט געשטעמפּלט די פּעסער אין רואיקייט, אָן געשרייען, אָן קללות.

„איר וועט ניט גלויבן, פולטוסקער, אָבער איך בין שוין פון לאַנג אַ קאַנאַדישער פּאַטריאָט. דאָס האַרץ האָט מיר געזאָגט, אַז דאָ איז פאַראַן מענטשלעכקייט. ווען ניט די יידן דאָרט אין פוילן, וואָלט פוילן געמעגט ברענען ווי אַ פייער!״. ער איז פּלוצים טרויעריק געוואָרן און אַריינגעגראָבן זיין פּנים אין פאַרפרוירענעם וואַגאָן־פענצטער.

אַמאָל איז שלמה זלמן געווען אַן אידעאַליסט. פון אַ טאַטנס אַ קינד

געוואָרן אַ חלוצישער סטאָלאַר, צו פאָרן בויען ארץ־ישראל. ער האָט זיך גענומען לערנען ווייס־סטאָלעריי, כדי צו ווערן אַ בוי־סטאָלאַר. באַראַכאָוו האָט פון אים געמאַכט אַ ציוניסט־סאָציאַליסט. ענגלאַנד האָט ניט געגעבן קיין סערטיפיקאַטן צו פאָרן בויען ארץ־ישראל און פוילן האָט ניט געלאָזט לעבן, איז ער געוואָרן אַן אָרגאַניזירער און קעמפער.

פון דאַן אָן, האָט זיך אָנגעהויבן אַ קאַץ־און־מויז־שפּיל, צווישן אים און דער מאַכט. זי כאַפּט אים, און ער אַנטלויפט; זי זוכט אים, און ער באַהאַלט זיך אויס פון איר; כאַפּט זי אים ווידער, און ער קויפט זיך אויס איין מאָל און אַ צווייט מאָל, ביז זי מאַכט אים אַ פאַרשלאַג, ער זאָל זיך אויסקויפן אויף שטענדיק. פאַר אַ גרויסן אָפּצאָל, וועט מען אים געבן אַ פּאַס, ריין, ווי אַ ניי געבוירן קינד, ווייס ווי אַ מלאכס פליגל, אָבער ער מוז מיט אים אַרויס פון פוילן. פוילן האָט ניט דאַרפט דאַקעגן, אַז ער זאָל באַגליקן אַן אַנדער לאַנד מיט זיין ציוניזם, קאָמוניזם, אָדער מיט זיין „פּוינטל ציניסטן״, — האָט דער אויספּאַרשער פאַרדרייט ס׳וואָרט פּועלי ציוניזם. „וואָס דערוואַרט דיך דען אין פוילן, מער ווי צו זיצן שטענדיק אין תפיסה!״ — לערנט מיט אים דער אויספּאַרשער שכל.

שלמה זלמן איז שוין דאַן מער ניט געווען קיין בוי־סטאָלאַר. די אומשטענדן האָבן פון אים געמאַכט אַ מעבל־סטאָלאַר. בהדרגה איז ער מגולגל געוואָרן אין אַ מאַסיוון סטאָלאַר און שפּעטער אין אַ סטאָלאַר אַן אַריסטאָקראַט, אַ מעבל־סטאָלאַר פון די בעסטע פאַרנירטע, פּאָליטור אַרבעט, מיט אַ דיפּלאָמע פון דער „אַרט״־שולע.

איז דאָס טאַקע ניט געווען קיין שכל און קיין יושר, דאָס אַלץ צו באַגראָבן אין אַ פּוילישער תפיסה, אָדער גאָר אין לאַגער „קאַרטוז בערעזאַ״. איז אים שפּעטער, אין וואַרשע שוין, אַריין אין קאָפּ די רייד פון פּאָליציייסקן אויספּאַרשער פון זיין שטעטל, און ער האָט איינגעזען, אַז דער גויישער קאָפּ איז גערעכט; וואָס דערוואַרט אים און זיין ווייב, זיין צוקונפטיקער פאַמיליע, — אַ יידיש הויז אין פוילן?

ניט קיין גוטע צוקונפט האָט ער געזען פאַר זיך אין פוילן, ספּעציעל איצט, ווען די פּאָליציי פון שטעטל האָט איבערגעגעבן דער פּאָליציי פון וואַרשע, מען זאָל אים האַלטן אויפן אויג שלמה זלמנען.

ס׳האָט ניט געהאָלפן, וואָס שלמה זלמן איז שוין איצט מער ניט קיין פּועלי ציוניסט, נאָר ער געהערט גאָר צום „בונד״. ס׳האָט ניט אויסגעמאַכט, וואָס שלמה זלמן איז געווען איצט, אַ ייד איז ער געבליבן, — און אין פוילן איז דאָס געווען דער צייכן פון אַלדאָס בייז, — און מען האָט אויף שלמה זלמנען געהאַלטן אַ בייז אויג.

מען האָט אים געהיט און פאַרפאָלגט אויף שריט און טריט, פאַרכאַפּט אים פון גאַס אַראָפּ, פאַרנומען פון פאַבריק אַרויס, צו יעדער געלעגנהייט,

צו יעדן אַרבעטער יום־טוב, געהיטן זייַנע טריט, געמאַכט אָפּטע רעוויזיעס אין זייַן וווינונג שפּעט בייַנאַכט, איבערגעקערט דעם דיל, דאָס גאַנצע הויז מיטן קאָפּ אַראָפּ, און שטענדיק אים מיטגענומען אין אַרעסט, גלאַט אַזוי, פּאַר חוזק, פּאַר שפּיל, אויף צו להכעיס. אָפּגעהאַלטן אים אַ טאָג, צוויי, און אַרויסגעלאָזט, ניט פֿרעגנדיק אים אַ וואָרט אַפֿילו.

דאָס איז געשען צום ערשטן מאַי און צו הערצלס יאָרצייַט, צו דער באַלפֿור דעקלאַראַציע פֿייערונג, צו מיכאַלעוויטשעס און מעדעמס יאָרצייַט און צו יעדער אַנדערער געלעגנהייט, אַפֿילו צו די וואַלן פֿון שטאָט־ראָט איז ער ניט געווען אין דרויסן און ניט געקאָנט שטימען, ווייל די „דעפּעג־סיווע” האָט אים פֿאַרשטעקט אין תּפֿיסה.

האָט ער מסכּים געווען מיטן ווייב און מיט זייַן חבֿר, לערער לייבקע בערמאַן, אַז אַפֿילו אין די הרי חושך קען זייַן ערגער ווי אין פּוילן. לייבקע האָט אים, מיט דער לאָגיק פֿון אַ לערער, פֿאַרזיכערט: „מיט דייַנע גאָלדענע הענט, וועסטו אין ערגעץ ניט פֿאַרלוירן גיין. אויב ניט קיין מעבל, דאַרף מען דאָרט זיכער אַ שטול, אַ טיש, אַ שלאָפֿבאַנק. אויב ניט קיין טירן, פֿענצטער, דאַרף מען דאָרט אַ טאַפּטשאַן זיכער”.

ער האָט נאָכגעגעבן מער דעם ווייב ווי לייבקען, וואָס האָט מיט איר לאָגישן, קלאָרן שׂכל באַוויזן, אַז אין פּוילן איז ניט דאָס אָרט אויפֿצושטעלן אַ פֿאַמיליע, בויען אַ יידיש הויז, געבוירן קינדער פֿאַר די פּאָליאַקן, זיי זאָלן זיי פּלאָגן און יאָגן, פֿאַרמיאוסן דאָס לעבן, צאַפּן און פֿאַרגיסן זייער בלוט.

איצט איז ער ניט אין די הרי חושך, נאָר אויפֿן אַמעריקאַנער קאָנטי־נענט, אויפֿן שפּיץ־דאַך פֿון דער וועלט און איז צופֿרידן, וואָס ער האָט זיך ניט געלאָזט אייַנרעדן צו פֿאָרן קיין אויסטראַליע, וווּהין זייַן פֿרייַנט, איטשעלע דעם זייגערמאַכערס, איז געפֿאָרן און אויך אים צוגערעדט צו פֿאָרן.

„קאַנאַדע!” — איז ער צו נענטער מיטן פּנים צו דער געפּרווירענער שויב, און מיטן דוך, מיט זייַן וואַרעמען אָטעם, אויסגעוואַרעמט זיך אַן „אַרויסקוק” צו קאַנאַדע. געגאַנגען מיט זייַן מויל פּאַרע, איבערן שויב, אַרויף און אַראָפּ, ביז ער האָט אויסגעוואַרעמט די גאַנצע שויב און געעפֿנט זיך אַ פֿענצטער צו קאַנאַדע, וואָס איז געלעגן אייַנגעהילט אונטער אַ ווייסן צודעק פֿון שניי און געשלאָפֿן אַ געשמאַקן שלאָף, קוים וואָס מען האָט געהערט איר דופֿק.

די באַן, איז געווען אַן עמיגראַנטן באַן, ווי די „דאַריק” — אַן עמיגראַנטן־שיף, אָן לוקסוס, מיט האַרטע בענק, אָבער געפּאָלירטע. ס'האָט דאָ געברענט אַן אויוועלע, געווען וואַרעם אין וואַגאָן, ניט געיאָגט מיט קעלט, מיט ברוגז און מורא, ווי אין פּוילישן וואַגאָן. מ'איז דאָ אויך זיכער

געווען, אַז קיינער וועט ניט אַרויסטרייבן קיינעם, אָדער גאָר אינגאַנצן אַרויסוואַרפן פון וואַגאָן.

דאָס אויוועלע איז געשטאַנען אין מיטן וואַגאָן און אימיצער האָט עס שוין געהאַט איינגעהייצט, איידער נאָך זיי זענען דאָרט אַריין. אויך דאָס איז אים געפעלן געוואָרן. אָט די וואַרעמע האַנדלונג פון דעם גאַנץ פרעמדן מענטשן האָט ער פאַרגליכן צו פוילן און צו די פּאַליאַקן, וואָס האָבן געוואָרפן יידן פון די באַנען.

אַלץ האָט ער פאַרגליכן מיט פוילן־לאַנד און דעם פּוילישן מענטשן, אַפילו די צוויי גרויסע קובלעס מיט קוילן, וואָס זענען געשטאַנען ביי דער זייט פון אויוון, ביידע ענלעכע פּוילישע פּראָדוקטן זענען פון דעם פאַרגלייך אַרויס זייער הינטערשטעליק, אַנטקעגן די קאַנאַדישע קוילן און די קאַנאַדישע קובלעס.

צום פאַרדרוס זיינעם, וואָס מען איז געקומען קיין קאַנאַדע אין ווינטער צייט, ווען דאָס לאַנד איז פאַרהילט אין שניי, האָט אים איצט אויך פאַרדראָסן, וואָס מען שטייט און מען פאָרט ניט, ווען ס׳איז נאָך טאָג, מען זאָל קענען זען, צי דאָס לאַנד דאָ איז פלאַך, צי בערגיק. ער האָט ערגעץ־ווו געלייענט, אַז דאָס לאַנד איז רייך אין הויכע אור־בערגער, וועלדער און פעלדער, ווו קיין מענטשלעכער פוס איז נאָך ניט געטראָטן.

„וואָס שטייט מען ?" — איז ער נאָכגעגאַנגען דעם „האַיאַס"־אַגענט, יעדעס מאָל, וואָס ער האָט אים דערזען, און יענער האָט אים אַלע מאָל געגעבן דעם זעלבן ענטפער : „וואָס איז עס ביי אייך דער געאייל, וואָס ? מ׳עט פאָרן, מ׳עט פאָרן, זאָרגט זיך ניט, מ׳עט פאָרן". ער איז אַדורך דעם וואַגאָן אין געאייל, אַליין צו זען, צי אַלץ איז אין אָרדענונג.

„ער האַלט זיך משה גרויס", — האָט דער פולטוסקער געזאָגט, ווען דער אַגענט איז געווען אויף דער צווייטער זייט טיר.

„אַן איינפאַל ווידער, ער האַלט זיך גרויס ? ווען ער האַלט זיך גרויס, וואָלט ער מיט אונדז גערעדט יידיש ?" — האָט שלמה זלמן דערווידערט.

„וואָס, איר האָט נאָך ניט געהערט פון אַ יידישן גרויסהאַלטער ?"

„אין פוילן", — האָט שלמה זלמן געוואָלט מאַכן אַ פאַרגלייך פון אַ יידישן אַגענט אין פוילן און דעם „האַיאַס"־מענטש, אָבער די באַן האָט זיך צעשטויסן פלוצים, די וואַגאָנעס צעשאָקלט און צעקלונגען, גערוקט זיך אויף צוריק־וועגס, אַ ביסל געוואַקלט זיך, ווי אַ שיכור — און באַלד געקומען צו זיך, געגומען זיך רוקן מיט פּאַמעלעכע טריט, פאָראויס. דער לאָקאָמאָטיוו האָט זיך צעסאַפּעט, אַרויסגעבלאָזן פון זיך ראַשיקן אָטעם, און מען האָט זיך געלאָזט אין וועג אַריין.

שלמה זלמן האָט איבערגעלאָזט דאָס קרענצל מענטשן ביים אויוועלע און איז צוריק צו צום פענצטער, אַריינצוכאַפּן וואָס מער פון דעם נייעם

לאַנד, איידער ס׳ווערט נאַכט, איידער ס׳ווערט פינצטער. אָבער איידער ער האָט אָראָפּגעהויכט דעם פריש־אַרויפגעקראָכענעם פראָסט, האָט זיך אויפן לאַנד אַראָפּגעלאָזט דער בין השמשות, ס׳האָט אָנגעהויבן פינצטער ווערן, ס׳איז צוגעפאַלן די נאַכט. מיט איין מאָל איז פינצטער געוואָרן, ווי ס׳וואָלט ווער דאָרט אויבן פאַרדרייט דעם קנויט פונעם זון־לאָמפּ.

אָבער ער איז ניט אָפּגעטרעטן פון פינצטערן פענצטער, ניט אַרויס־גענומען פון דאָרטן זיין פּנים. געננוי ווי אַמאָל, ווען ער איז ס׳ערשטע מאָל געפאָרן מיט דער באַן, אַלס קינד, האָט ער די גאַנצע צייט געקלעפּט ביים פענצטער, אין דערוואַרטונג, אַז עפּעס וועט ער דערזען, אַז עפּעס וועט זיך באַווייזן, און ווי דאַן, האָט ער זיך אויך איצט געפרייט מיט יעדן ליכט־פינטל, וואָס עס איז אים פאַרבייגעשוווּמען; עס האָט אים באַגייסטערט, ער האָט געמונטערט זיך און אַנדערע: „ס׳האָט זיך אויסגעדוכט, אַז עס איז עפּעס אַ ווילדערניש דאָ, ס׳איז שוין ווייט ניט קיין ווילדערניש״. — האָט ער באַשטעטיקט אַ צופרידענער.

אַזוי איז ער דאָרט געשטאַנען מיטן פּנים אין שויב, ביז דאָס ווייב האָט אים גערופן העלפן מאַכן איר געלעגער. זיין שלאָפן גיין האָט ער אָפּגעלייגט אויף שפּעטער, און איז צוריק צו צום פאַרפרוירענעם פענצטער, אויפגעטייעט עס מיטן וואַרעמען אָטעם, געמאַכט עס צוריק זעעוודיק.

אַלע זענען באַלד איינגעשלאָפן, נאָר ער איינער האָט געוואַכט און ניט אָוועקגענומען זיינע אויגן פונעם פענצטער, אַפילו ווען דער אַגענט איז אַדורך דאָס לעצטע מאָל דעם וואַגאָן און צוגעוואָרפן אים אַ גוטע נאַכט.

די צווייטע נאַכט, אין נייעם לאַנד, איז אַדורך אויפן עמיגראַנטן צוג, אין דרימלען און אין וואַך זיין, מיט זיין פרויס קאָפּ אויף זיין שויס. עס איז געווען אַן אומרואיקע נאַכט פאַרביידן, אַ נאַכט אין דערוואַרטונג פאַרן מאָרגן, וואָס וועט ברענגען צו דעם ערשטן וויכטיקן אָפּשטעל אין קאַנאַדישן לאַנד.

דער שפּראָץ אויף טאָג, האָט געריי‏צט און געלאָקט צום פענצטער, אָבער ער האָט ניט געוואָגט איבערצורייסן דעם לעצטן פרימאָרגן־שלאָף פון זיין פרוי, ביז דאָס פייער אין אויוועלע האָט גענומען צאַנקען, אויסגיין, און די קעלט אין וואַגאָן האָט גענומען ווערן חוצפּהדיק. זי האָט זיך אויפ־געכאַפּט, געהייסן אים גיין זען, וואָס אין אויוועלע טוט זיך און אויפמונטערן דאָס פייער, אויב ער קען. ער האָט זיך גענומען צו דער אַרבעט. דאָס פייער האָט זיך צעברענט. אַז ער האָט געזען, ווי די פאַרחלשטע פונקען לעבן ווידער אויף, איז ער אָוועק צו דער וואַלדיק־געפרוירענער שויב און גענומען זיך „אויסהאַקן״ דעם „וואַלד״ מיט זיין אָטעם.

דער טאָג איז שוין געווען שעהן אַלט, און די ווינטערדיקע פּאַנאָראַמע אין דרויסן ווונדערלעך שיין! די באַן איז געלאָפן צווישן בערג און די

פרימאָרגנדיקע זון־פינגער האָבן, דראַפּענדיק זיך איבער די בערגס פּלייצעס, באַשיינט זייערע פּיל־קאָליריקע זייטן און שפּיצן, וואָס האָבן געכישופט מיט זייערע, פון ווינט צעקארבטע און פון דער זון פאַרברענטע פּנימער. מיט זייערע גרייז־גרויע, שניי־ווייסע באַזוימונגען, האָבן זיי אויסגעזען, ווי קלוגע אַלטע זיידעס, וואָס האָבן נאָך כוח אַ לאַך און אַ שטיף צו טאָן.

אויף דער שאָטן־זייט, האָבן די זיידעס־בערג, טרויעריק נאָכגעטאָנצט, ווי נאָכגעלאָפן די קונדסישע שפּיל, זייערע שטיינערנע פּנימער זענען געווען באַגאָסן מיט אייזיקע וואַסער־טראָפּנס, און זיך צערונען צווישן די ווינט־קאַרבן, אויף די פון דורות פאַרשמאַכטע באַקן, און אָפּגעפרישט זייערע פאַרברענטע ליפּן.

אַ באַגייסטערטער, האָט שלמה זלמן געמונטערט זיין ווייב, איבער וועלכער ער האָט געהויערט מיט זיינע צעשפּרייטע אָרעמס און קערפּער, ווי ער וואָלט זי געוואָלט באַשיצן פון עפּעס. ער איז געשטאַנען הינטער איר, מיט די הענט אָנגעשפּאַרט אויף דעם פאַראַפּעטל פון פענצטער, און געהאַלטן אין איין אַריינפרעגן אין איר: „זעסט אַ לאַנד? זעסט וואָס דאָ טוט זיך? די בערג דאָ לעבן, און טאַנצן, דערציילן פון שטורמישע מעשי־בראשית, וואָס זענען אַרויסגעוואַקסן פון אַ תוהו־ובוהו".

ווען די זון איז אינגאַנצן אַרויס פון הינטער די בערג־שפּיצן און צעגאָסן איבער די וואַלד־האָריזאָנטן איר גינגאָלדענעם ים, האָבן זיך די אייז־וועלדער צעטאַיעט איבער זיין פענצטער און די שויב איז געוואָרן דורכזיכטיק קלאָר. דער וואַגאָן מיט זיינע מענטשן האָט אויפגעוואַכט, אויפגעלעבט, אונטער דער זונס גאָלדענע, שפּיציקע פינגער.

אַלע פענצטער זענען באַלאַגערט געוואָרן. איינער איז געהאַנגען איבערן אַנדערן, געלעגן אויף די אַקסלען, קאָפּ איבער קאָפּ, און באַוווּנדערט דעם גאָלדענעם דרויסן פון זייער ניי לאַנד. בלויז דער פּולטוסקער איז קאַלט געבליבן צו דער דרויסנדיקער פּאַנאָראַמע. ער האָט זיך אַפילו דערלויבט אַ ברייטן גענעץ צו טאָן אויפן קול, פויל אויסגעקנאַקט זיינע אברים, געלענגערט זיך די גלידער פון שלאָף. דאָס האָט שלמה זלמנען שטאַרק פאַרדראָסן.

„פאַרוואָזשע גייט איר ניט צוריק שלאָפן, פאַרוואָס?" — האָט ער זיך געבייזערט אויף דעם פּולטוסקער.

„ווער ס'האָט קיין גרעסערע בערג ניט געזען, מעג זיך פרייען מיט די קאַרליקעס, מעג אַריינפאַלן אין קעלבערנע התפּעלות. זע נאַר, פון וואָס מען מאַכט אַ צימעס? איך האָב געזען די קאַרפּאַטן. דאָס זענען בערג! דאָרט זעט מען אומגעווייינלעכע נאַטור־ווונדער!"

„ער האָט געזען די קאַרפּאַטן, ווען, אַוודאי אין חלום?" — האָט שלמה זלמן געחוזקט פון אים.

„ווי קומט פּולטוסק צו די קאַרפּאַטן ?" — מישט זיך אַריין דער, וועמען דער „האַ־אַס"־אַגענט האָט נעכטן אַריינגעבראַכט אין וואַגאַן, אויך ער פֿאָרט אין דער זעלבער שטאָט ווי זיי, און אים פֿאַרגעשטעלט אַלס מיסטער שימעלע שראַם. אָבער ער האָט זיך געהייסן רופֿן שימעלע גאַרבער, ווי מ'האָט אים גערופֿן אין זיין שטעטל.

ער פֿאָרט אין דעם נייעם לאַנד, ווי אַ מומחה, אַ גאַרבער, וועמען אַ באַרימטע גאַרבעריי האָט אַרויסגעפֿאָדערט, צוליב זיינע גרויסע פֿעאיקייטן אין דעם פֿאַך. דעם נאָמען פֿון זיין שטעטל און פֿון דער פֿירמע, וואָס האָט אים אַרויסגעפֿאָדערט, האָט ער ניט געזאָגט. ער האָט בכלל קיין סך ניט גערעדט. דאָס איז געווען ס'ערשטע מאָל, וואָס ער האָט זיך אַריינגעמישט אין די געשפּרעכן פֿון די וואַגאַן־מענטשן און געוואָלט וויסן: ווי עס קומט אַ פּולטוסקער צו די קאַרפּאַטן, וואָס זענען ווייט פֿון פּולטוסק, כרחוק מזרח ממערב.

דער פּולטוסקער האָט ניט באַלד געענטפֿערט, ווי זיך גערייצט מיט זיי, געוואָלט זיי אָנציען און געלאָזט זיי וואַרטן אויף זיין ענטפֿער, ביז שלמה זלמן האָט איבערגעפֿרעגט: „טאַקע יאָ, אַ ריכטיקע פֿראַגע, ווי קומט פּולטוסק צו די קאַרפּאַטן ? לפֿי דעתי, האָט דאָך פּולטוסק געמוזט גיין צו די קאַרפּאַטן ניט זיי צו איר. האַ ?"

דער פּולטוסקער האָט געמאַכט אַ טריט נענטער צום גאַרבער, וואָס איז געווען אַ סך נידעריקער פֿון אים, און אַריינשמייכלענדיק אין זיין פּנים אַריין האָט ער מיט טריאומף געזאָגט: „ווער ס'איז אַ זעלנער געווען, דער האָט געקענט אָנשפּאַרן אַפֿילו צו די קאַרפּאַטן, חכם עתיק מיינער".

דאָס האָט אָפּגעהאַקט דעם וויכוח. ניט שלמה זלמן, און ניט דער גאַרבער, זענען געווען סאָלדאַטן. דער גאַרבער האָט געחלשט צו זיין אַ סאָלדאַט, אָבער ניט געיכולט, ניט געטויגט פֿאַר אַ זעלנער, טאַקע צוליב זיין קורץ־וויקסיקייט. ס'האָט אים צוגעפּעלט אַ קנאַפּן סענטימעטער צו זיין זעלנערישער מאָס, און מען האָט אים אויסגעבראַקירט. שלמה זלמנען האָט מען ניט גענומען, ווייל ער איז געווען אַ ניט געוווּנטשענער עלעמענט.

שלמה זלמנען האָט מען גערופֿן בלויז אויף יערלעכע איבונגען, און מ'האָט אים צוגערעכנט צו דער רעזערוו־אַרמיי — דער אָנשפּאַר־כוח, אויף וועלכן פּוילן האָט גערעכנט, אין פֿאַל ווען איר וועט זיך פֿאַרגליסטן עפּעס אַן אַוואַנטורעלע מיט אירע שכנים.

# קאַפּיטל 4

שלמה זלמן האָט געוואָלט זאָגן דעם פּולטוסקער, אַז מיט די קאַרפּאַטן האָט פּוילן זיך ניט וואָס צו באַרימען, וואָס צו גרויסן זיך, ווייל ערשטנס, זענען די קאַרפּאַטן ניט געוואַקסן אויפן פּוילישן מיסט, עס איז גאָרניט פּויליש, ס'איז פאַרכאַפּט און פרעמד לאַנד, און צווייטנס — איז גאַנץ פּוילן איין גרויסער עמק־הבכא, אַ טרערן־טאָל, טאָ וואָס זשע איז זיך דאָ מיט וואָס צו באַרימען? אָבער פּונקט דאַן האָט זיך געעפנט די טיר פון וואַגאָן, ס'האָט זיך אַריינגעשטעלט דער „האַיאַס"־אַגענט און געמאָלדן, אַז מען דערנענטערט זיך צו מאָנטרעאַל און קיינער דאַרף פון דעם וואַגאָן ניט אַרויס, ווייל מען וועט דעם וואַגאָן, ווי ער שטייט און גייט, צוהעקלען צום צוג, וואָס וועט אָפּגיין צו דער וועסט, צו דער שטאָט ווהין זיי אַלע פאָרן.

דאָס איז פאַר שלמה זלמנען געווען אַ וויכטיקע נייעס, אַ בילכערע נייעס, ווי די קאַרפּאַטן מיט גאַנץ פּוילן צוזאַמען. אַ נייעס, אויף וועלכער ער האָט דעם גאַנצן פרימאָרגן געוואַרט.

די נייעס, אַז מען דערנענטערט זיך צו דער גרעסטער קאַנאַדישער שטאָט, האָט צעשפּילט שלמה זלמנס פאַנטאַזיע. ער איז געוואָרן אומרואיק און אומגעדולדיק. ער איז אַרויס פון דעם רעדל שמועסער ביים אויוועלע. דער וואַגאָן איז אים איצט ענג געוואָרן.

ער האָט איבערגעלאָזט דעם וויכוח איבער די קאַרפּאַטן און איז אַרויסגעלאָפן אין דרויסן, אויפן גאַניקל, צווישן די וואַגאָנעס. אַרום האָבן זיך באַוויזן בולטע סימנים פון אַ ישוב. ס'האָבן אויפגעהערט פאַרביילויפן די צעוואָרפענע פּויערישע כאַטעס און ס'זענען אָנגעלאָפן אַלץ מער געדיכט־באַוווינטע געגנטן. אָבער די אומברחמנותדיקע קעלט האָט אים באַלד צוריקגעטריבן אינעווייניק, אין וואַגאָן אַריין.

ער זעט, ווי די באַן שלעפּט אים אַוועק פון אַן אוצר מיט בייקייטן, וווּנדיירים, און ס'פאַרדריסט אים, וואָס ער מוז אויף דעם אַלעם בלויז כאַפּן אַ בליק דורך דעם פאַרפאַרעטן שויב־קוואַדראַט פון וואַגאָן אַרויס; ער לויפט פון וואַגאָן אין דרויסן און פון דרויסן אין וואַגאָן אַריין.

„ווי שיין ס'מוז דאָ זיין פרילינג, זומער און האַרבסט" — טראַכט ער, שטייענדיק ביים פענצטער אַן אומרואיקער.

דאָס ווייב קוקט אים נאָך מיט שרעק. זי האָט מורא, ער זאָל זיך ניט פאַרקילן און חלילה קריגן אַ לונגען אָנצינדונג, זי ווייסט אָבער, אַז אויסרעדן אים וועט ניט העלפן. שטייט זי ביים פענצטער, ווו ער האָט זי איבערגעלאָזט, און שווייגט. אָבער מיט איר אויג־ווינקל, ציילט זי, וויפל מאָל ער איז שוין אַרויס און אַריין. זי האָט מורא, אַז אויב זי וועט אים נאָר עפּעס זאָגן, וועט ער שוין בלייבן אין דרויסן און דאָרטן געפרוירן

ווערן. דאָך זאָגט זי צו אים: „אַ שיין, פיין, לאַנד, אָבער מאַך זיך ניט קראַנק, איידער דו האָסט דערפון הנאה".

שלמה זלמן האָט פאַרשטאַנען זיין ווייבס אומרו. דערצו איז זי נאָך געווען אין אַנדערע אומשטענדן. ער האָט זי געוואָלט פאַרהיטן פון זאָרג. געגענטע צו איר און אַ זאָג געטאָן: „דו שרעקסט זיך אומזיסט". ער האָט אַריינגענומען אירע הענט אין זיינע און זיי גענומען גלעטן. „דאָס וואַרעמט ווי פוך", ווייזט ער אָן אויף זיין סאַבריינענעם פּאַלטאָ מיטן גרויסן קאַראַקולענעם פוטער־קאַלנער און מאַנקעטן, וואָס ער האָט זיך געמאַכט פאַר דער רייזע, און האָט אין אים אויסגעזען ווי אַ פּריץ פון אַ פאָלוואַרק.

זי האָט זיך געפילט גוט אין זיינע הענט אַצינד, געפילט דעם ציטער, דעם צאַפּל פון זיינע פינגער, וואָס האָבן זי קוים, קוים אָנגערירט, ווי ער וואָלט מורא געהאַט איר חלילה ניט וויי צו טאָן.

זי האָט איצט געפילט ווי וואַרעמקייט און אומרו שטראָמען פון זיינע פינגער. מיט יעדן בליק זיינעם אין דרויסן אַרויס דערפילט זי די בלוט־וויבראַציע אין זיינע אָדערן. זי האָט פאַרפלאָכטן זיינע פינגער אין אירע און זיך געקלאַמערט, געטוליעט צו אים. „איך בין אַ שרעקלעכע עגאָיסטקע" — טראַכט זי ביי זיך און זעט, ווי ער האַלט פאַרמאַכט די אויגן, אָבער זיי זענען אָנגעשטעלט צום דרויסן אַרויס. זי האָט ניט געוווסט, וואָס פאַראַ מערקווירדיקייטן עס ציען אים אַהין, אָבער אַ כסדרדיקן שטראָם פון וואַרעמקייט צו איר האָט זי געשפּירט — אַ זיסער קוואַל האָט זיך צעריזלט אויך אין איר...

ער האָט געעפנט די אויגן. זי האָט עס דערפילט. דער וואַרעמער שטראָם האָט אַ ציק געטאָן, ווי ער וואָלט איבערגעהיפּערט אַ שטיג אין זיין גאַנג. ער האָט געגלאָצט מיט די אויגן אויף די וואַגאָנען־ווענט, פון איין פענצטער צום אַנדערן. האָט זי אַרויסגעלאָזט זיינע הענט פון אירע, פריי געלאָזט זיי, ער זאָל גיין, ווו אים גלוסט זיך.

שלמה זלמן האָט זיך מיט אימפעט אַ ריס געטאָן און מיט איין שפּרייז איז ער שוין געווען ביי דער טיר, וואָס האָט זיך פּלוצים אַליין געעפנט. כהרף עין איז ער געשטאַנען אויף דעם קליינעם פּלאַטפאָרמעלע, צווישן די וואַגאָנעס, און ניט געוווסט, ווו פריער די אויגן צו ווענדן.

די באַן איז געלאָפן צווישן באַוווינטע געגנטן. פונעם וואַגאָן־פּלאַט־פאָרמעלע אַראָפּ האָט אַלץ אויסגעזען מיניאַטור־קליין, הייזער, מענטשן, פערד, וואָס האָבן געשלעפּט שליטנס איבער די פאַרשנייטע וועגן — אַלץ האָט זיך געזען קליין ווי שפּילצייג.

צוליב דער באַוווינטקייט פון דער געגנט, האָט די באַן פאַרלאַנגזאַמט דעם לויף אירן, אָפּט געפייפט, ווי זי וואָלט זיך באַרימט מיט איר אָפּגעי־לאָפענעם מהלך, וואָס זי האָט אַדורכגעמאַכט בשלום, דורך דער ווינטער־

דיקער, פינצטערער נאַכט. מענטשן האָבן זיך אָפּגעשטעלט, באַטראַכט די מיט די שניי־באַדעקטע קאַלטע וואַגאָנעס, די שאָטן־געשטאַלטן, וואָס האָבן זיך געשוואָרצט דורך די שויבן.

שלמה זלמן האָט געזען אָרעמקייט און האַרעוואַניע אויף די מענטשן, וואָס האָבן זיך אַרומגעשלייכט אויף די וועגן, אויף די אַרויפשטייגנדיקע אויף די סטאַנציעס, ווו די באַן האָט זיך איצט אָפטער אָפּגעשטעלט. איינצלנע האָבן איילנדיק פאַרבלאָנדזשעט אין זייער וואַגאָן אַריין און זיך באַלד אַרויסגעשאַרט אָן אַ וואָרט אַרויסצורעדן, דערזעענדיק זייער טעות.

אים האָט זיך געדוכט, אַז די מענטשן דאָ זענען ניט קיין פריינדלעכע, אַפילו בייזע. „ווי גייט מען דורך אַ פולן וואַגאָן מיט מענטשן און מען זאָגט ניט קיין וואָרט צו זיי?״ — האָט ער זיך געוווּנדערט.

די באַן האָט גענומען נאָך מער פאַרלאַנגזאַמען איר לויף, געגאַנגען פּאַמעלעך און פאָרזיכטיק, ביז זי האָט זיך אינגאַנצן אָפּגעשטעלט ביי אַ שייד־וועג, ווייט פון אַ ישוב.

„וואָס עפּעס שטעלט זיך די באַן אָפּ אינמיטן וועג, ביי אַ שייד־וועג, ווי זי וואָלט ניט געוווּסט וווהין צו גיין? אפשר איז עפּעס דאָרט געשען?״ — טראַכט ער זיך.

ער האָט געהאַט גרויס חשק אַראָפּצושפּרינגען פון וואַגאָן און שטעלן זיך מיטביידע פיס אין טיפן שניי, פילן די ערד אונטער זיינע פיס, און ניט געוואָגט. ווען ער האָט אָבער געזען אַרויסשפּרינגען דעם הייצער און דעם באַן־פירער פון לאָקאָמאָטיוו, האָט ער זיך ניט געקאָנט מער איינהאַלטן, און איז אויך אַראָפּגעשפּרונגען פון אַלע טרעפּלעך. מיט איין שפּרונג איז ער שוין געשטאַנען טיף אין שניי, געטיפּט זיך אין אים, געוואָלט זיך דערגרונטעווען צום באָדן. פונקט ווי אַ שווימער זוכט אַ גרונט אין וואַסער, ווו אָוועקצושטעלן אַ פוס, אַזוי האָט ער געזוכט אַ גרונט אין דעם ים פון שניי.

אָבער אינעם מאָמענט, ווען ער האָט דערפילט האַרטן באָדן אונטער די פיס, האָבן די מענטשן ביים לאָקאָמאָטיוו, גענומען צו אים שרייען, רופן אים מיט די הענט, ער זאָל צוריקגיין אין וואַגאָן.

„אום גאָטעס ווילן! וואָס טוט איר דאָרט?! איר ווילט בלייבן שטעקן אין דער ווילדעניש?״ — האָט דער „האַיאַס״־אַגענט געפּאַכעט מיט דער האַנט צו שלמה זלמנען. „קומט צוריק, איידער איר ווערט געפרוירן!״ — האָט ער זיך צעשריגן מיט אַלע כוחות, מיינענדיק, אַז שלמה זלמן הערט אים ניט.

שלמה זלמן איז אָבער געשטאַנען ביז די קניען טיף אין שניי און זיך ניט געקאָנט אויסדרייען צו זאָגן, אַז ער הערט זיי. ער האָט בלויז געדרייט מיטן קאָפּ אין איין זייט, אין דער צווייטער, געוויזן מיט די הענט

אויף זיינע טיף פֿאַרשטעקטע פּיס און זיך פּלוצים אויסגעצויגן אויף הינטערוויילעכץ, ווי גרויס ער איז געווען, איבערן שניי, מיטן קאָפּ צום וואַגאָן.

דער פּולטוסקער און דער גאַרבער האָבן אים שנעל אַ כאַפּ געטאָן ביים פּוטערנעם קאָלנער און אַרויפגעצויגן צו זיך אויף די וואַגאָן־שטיגן. די באַן האָט זיך אַ טרייסל געטאָן, צעפּיפּן זיך, און געלאָזט אין וועג אַריין

שלמה זלמן איז געווען אויסגעפרוירן. די פּיס פאַרשטייפט, די פינגער האָבן געצופּט, געשטאָכן, ווי מיט קליינע דינע שפּילקעלעך, די הענט זענען ביי אים געווען ווי שטיקער האָלץ און געברענט מיט אַ קאַלט פייער, אָבער ער האָט זיך צעבייזערט און געשריגן צום גאַרבער און פּולטוסקער:

„פאַרוואָס לאָזט איר אַ מענטשן, ניט זיין קיין מענטש? ווער האָט ביי אייך געבעטן די טובה, ווער? אין וואַרשע, זומער און ווינטער, האָב איך קיין מאָל ניט געוואַרט אויף קיין טראַמוויי, נאָר געכאַפּט אים אין מיטן וועג, אין געלויף, און פאַרלאָזט אין מיטן לויף, ווו איך האָב געדאַרפט אַראָפּ, ניט ווו ער האָט געוואָלט מיך אַראָפּלאָזן".

„אין וואַרשע, אין פּוילן... איר האָט אַ ווילדן מענטשן פאַר אַ מאַן, אַן אַקראָבאַטשטשיק, אַ קונצנמאַכער!" — האָט דער פּולטוסקער געשריגן צו שלמה זלמנס ווייב, וואָס איז געשטאַנען אין טיר פון וואַגאָן און גוטמוטיק געשמייכלט, ביז זי איז זיך פאַרגאַנגען אין אַ הילכיק־ספּאַזמאַטיש געלעכטער, קוקנדיק אויף איר מאַן, וואָס איז געזעסן אויף דער ענגער וואַגאָן־פּלאַטפאַרמע, מיט ביידע שומרים, דעם פּולטוסקער און דעם גאַרבער, ביי די זייטן.

שלמה זלמן האָט זיך אַנגעכאַפּט אַן זיינע שומרים, אויפגעשטעלט זיך און מיטגעלאַכט, געדאַנקט זיי פאַר זייער טרחה, אָבער פאַרזיכערט, אַז ער וואָלט זיך געוועןַ אַליין אַרויסגעגראָבן פון שניי. ס'איז ניט געווען קיין סכנת נפשות, און מ'האָט אים ניט געדאַרפט שלעפּן ביים קאָלנער, קיינער האָט זיך ניט געטרונקען! ער איז געבליבן אויף דער פּלאַטפאַרמע אין דרויסן.

די באַן איז אַראָפּ פון דעם איין־רעלסיקן וועג און איז אַריין אין אַ פיל־רעלסיקן געפלעכט, וואָס האָבן געשימערירט, ווי געפּוצטער, גלאַנציקער זילבער, און זיך צעגאַנגען אין אַלע ריכטונגען, ווי די שפּינוועבס פעדעם איבער די בעלקעס און קראָקוועס פון זיין זיידנס בוידעם־שטוב, ווו עס זענען געלעגן די ווינטער־עפּל און זיך געצייטיקט.

די באַן האָט זיך אַריינגעשטופּט אינמיטן פון דער געדיכטער נעץ, האָט פאַרלאַנגזאַמט איר גאַנג, און זיך גענומען שלעפּן איבער דער

איי־זערנער שפּינוועבס־נעץ. מיט פּאַרזיכטיקייט געטאַפּט דעם וועג, אָפּגע־נויגט זיך אויף לינקס, ווידער אויף רעכטס, געזוכט אַ שנעלערן וועג צו איר סוף סטאַנציע, ביז זי איז צוריק אַרויף אויף דעם סאַמע מיטן פון רעלסן־קנופּ, וואָס האָט געלויכטן מיט גרינע און רויטע ליכטער אין ווייסן העלן טאָג. דאָ האָט זי מיט זיכערקייט גענומען גיין שנעלער, כדי אַנצויאָגן די פאַרלוירענע צייט.

זי האָט געגעבן איר לעצטן פייף, אַ לעצטן יאָג, און דער אימפּעט האָט זי אַריינגעפירט אונטער אַ שאָפּע אָן ווענט, מיט אַ דאַך בלויז, ווו עס זענען געשטאַנען אַ סך אַזעלכע באַנען, וואָס האָבן געסאָפּעט און געזאָטן מיט געצווימטן כוח, און אויסגעדעכעט זייער מידקייט, ווי די מענטשן, וואָס זענען פון זיי אויסגעשטיגן. עס איז געווען — מאָנטרעאָל.

דאָס גערויש און געפּילדער איז דאָ געווען גרויס, ווי אין אַלע גרויס־שטאָטישע וואָקזאַלן. ס׳האָבן זיך געמישט קולות פון מענטשן און מאַשין, דאָס זידן פון קעסלען מיט די טריט פון מענטשן. די קלאַנגען פון רעדן זענען פאַרטויבט געוואָרן פון די האַמער־קלעפּ איבער שטאָלענע שינעס און רעדער. דאָס האָט מען געקלאַפּט זייערע אייזערנע זשעברעס, אויסצוהערן ווי עס האַלט מיט זייער געזונט.

דער „האַיאַס״־אַגענט האָט גענומען אַרומלויפן איבער די עמיגראַנטן־וואַגאָנען, געזעגנט זיך מיט יעדן, וואָס האָט געדאַרפט דאָ אויסשטייגן, און זיי איבערגעגעבן אין די הענט פון זייערע אָפּוואַרטנדיקע קרובים. צווינטשנדיק מזל און ברכה אין נייעם לאַנד.

צו די, וואָס האָבן געדאַרפט פאָרן ווייטער, האָט ער געגעבן די לעצטע אינסטרוקציעס, ווי זיך צו פירן אויף דעם ווייטערדיקן וועג, ווען ער וועט ניט זיין מער מיט זיי.

„און איר״, — האָט ער זיך געוואַנדן צו שלמה זלמנען, — „איר זייט ניט צופיל חכם, און זאָל זיך אייך ניט פאַרגליסטן אָפּצושטייגן ערגעץ ווו. די באַן וואַרט ניט אויף קיינעם, און איך וועל מער ניט זיין, כדי אייך צו היטן״.

שלמה זלמן האָט געזען די אמתדיקע זאָרג פונעם „האַיאַס״־אַגענט, האָט ער אויך געמאַכט אַן ערנסטע מינע, אויסגעשטרעקט אים זיין האַנט און אים פאַרזיכערט:

„נו, איר פאַרשטייט דאָך אַליין, אַז ווען איר זענט געווען מיט מיר, האָב איך געוואָגט, אָבער איצט וועל איך אַפילו אויך אויף זיי אַכטונג געבן״, — האָט ער געדריקט דעם אַגענטס האַנט, און צוגעשאָקלט פילדייטיק מיטן קאָפּ צום רעדל מענטשן אַרום אים. אַלע האָבן זיך צעלאַכט, דער אַגענט האָט מיטגעלאַכט. דער פּולטוסקער און דער גאַרבער, האָבן ביידע צוגעזאָגט אַכטונג צו געבן אויף שלמה זלמנען, און אויב ער וועט נאָך

אַמאָל אַפּטאָן אַזאַ חכמה וואָס נעכטן, וועלן זיי אים אַרויפשלעפּן ביי די אויערן.

שלמה זלמן האָט געהאַלטן וואָרט. אַזוי לאַנג, ווי מען האָט זיך ניט גערירט פון אָרט, איז ער געשטאַנען אויפן פּלאַטפאָרמעלע פון וואַגאָן און נאָכגעקוקט, ווי דער „האיאַס"־אַגענט האָוועט אַרום די צוויי עמיגראַנטן־וואַגאָנען.

„געדענקט! אין דריי שעה, מיט 41 מינוט אַרום, גייט אָפּ די באַן פון דעם אָרט", — האָט דער אַגענט אים אַרויסגעוויזן אַ שילדל איבערן טירל, חושד זייענדיק, אַז שלמה זלמן וועט זיך זיכער ניט איינהאַלטן און קומען אַהער, ווי נאָר ער וועט פאַרשווינדן. — „איך וועל דאָ זיין שפּעטער", — האָט ער אַדורכגעשריגן דורך די אייזערנע קראַטן.

שלמה זלמן האָט צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ און זיך אויסגעדרייט. אָבער נאָך איידער דער אַגענט איז פאַרשוואונדן, אין אַ רגע אַרום איז ער שוין געשטאַנען אויסגעדרייט מיטן פּנים צום אייזערנעם טויער, דורך וועלכן דער „האיאַס"־אַגענט איז אַקאָרשט פאַרשוואונדן.

ער האָט געוואָלט גיין, ניט דרייסט, געשטעלט זיך ביים טירל און באַטאַפּט מיט די אויגן דעם גאַנצן וואָקזאַל. אָט שטייט ער שוין אין דעם אָפענעם טירל און אָט אויף דער צווייטער זייט טירל. דער וועג איז פריי, קיינער שטערט אים ניט, קיינער פאַרהאַלט אים ניט. ער גייט דורך דעם גאַנצן וואָקזאַל, ביז ער קומט אין דרויסן אַרויס.

דער דרויסן פון וואָקזאַל איז געווען אַביסל ענלעך צו וואַרשע. אויך דאָ זענען געזעסן די דראָזשקאָזשעס אויף זייערע דראָזשקעס און שליטנס, איינגעוויקלט די פיס אין שמאַטעס, די הענט פאַרשטעקט אין די אַרבל, און געדרימלט.

אַ טייל דראָזשקאָזשעס האָבן זיך אויפגעוועקט פון זייער דרימל, אַראָפּ פון די קאָזשלעס און גענומען אויסטאָן די שפּייז־טאָרבעס פון די פערדישע קעפּ און זיי צוריק פאַרלייגט די צוימלעך אין די מיילער. איצט איז אַלץ גרייט געווען פאַר די ווייטערדיקע יאַזדעס, עס האָבן געפעלט בלויז די פּאַסאַזשירן.

די דראָזשקאָזשעס זענען געגאַנגען אַהין און צוריק אַרום זייערע דראָזשקעס, געקלאַפּט זיך אין די זשעבערעס צו דערוואָרעמען זיך אַ ביסל. די גאַסן אַרום דעם וואָקזאַל, האָבן זיך געבערגלט אין שניי.

שלמה זלמן איז צוגעקומען צו אַ גערטנדל. ווייטער האָט ער ניט געוואָגט צו גיין, אַרומגעקרייזט דאָס גערטנדל און פאַרנומען זיך אויף צוריק. זעענדיק ווי די דרזשקאָזשעס לויפן אַרום און שלאָגן זיך „על חטא", מיט די הענט אין די זשעבערעס, האָט ער אויך דערפילט די קעלט און איז שנעל אַריין אין וואָקזאַל.

דאָס לאָך־טירל פון דעם אײַזערנעם טויער, וואָס האָט אָפּגעטײלט דעם פּעראָן פון וואָקזאַל, איז געשטאַנען אָפן און פאַרלאָזן.

אַ דרײסטער איז שלמה זלמן צו צום טירל 411, אַוועקגערוקט אַ ביסל דעם שטענדער, אַרויס אין דרויסן, און אַוועק צום עמיגראַנטן־וואַגאָן זײַנעם. קײנער האָט אים ניט געשטערט, אַפילו ניט דער מאַן, וואָס איז געשטאַנען בײַ אַ צווײטן שטענדער און אויסגערופן די ערטער וווּהין די באַן גײט.

„נו, שוין באַקוקט די גאַנצע שטאָט ?" — האָבן אים באַגעגנט די שיפס־ברידער, וועלכע זענען אַרויס פון וואַגאָן איבערצוגײן זיך אַ ביסל אַרום דעם וואַגאָן.

„נו, וואָס דען, ער וועט האַלטן וואַרט און ניט גײן ?" — האָט דער גאַרבער אַרויסגעשריגן פון דער גרופּע.

„כ'קען אײַך שוין פירן ווו איר ווילט".

עטלעכע פון דער גרופּע האָבן אים אַרומגערינגלט, גענומען זיך אויספרעגן, וואָס אַלץ מען זעט דאָרט, געקוקט אים אין די אויגן, מיט באַגער און געצווייפלט, צי זיי זאָלן אָננעמען זײַן פאָרשלאָג און גײן מיט אים אין שטאָט אַרײַן.

„ניטאָ וואָס צו שרעקן זיך", — פאַרזיכערט זײ שלמה זלמן, און ער לאָזט זיך גײן פאָר זײ. אין מיטן גײן פאַרהאַלט ער זיך, דרײט זיך אויס און גײט נעמען ס'ווײַב. אָבער זי וויל ניט מיטגײן. זי באַגלייט אים בלויז צו דער טיר, קוקט אים נאָך, ווי ער שפּרײזט אַוועק פאָראויס פון דער חברה, וואָס גײט אים נאָך, ווי נאָך אַ משוגענעם. אַלע מאָל, פאַרלויפט אים אימיצער דעם וועג און פרעגט עפּעס. ער מאַכט מיט די הענט, איז באַגײַסטערט, זײ פאַרשווינדן אײנציקווײַז דורך די אײַזערנע שטאַכעטן, אין וואָקזאַל אַרײַן, און פון וואָקזאַל אין דרויסן אַרויס.

איצט האָט ער זײ געפירט אַ ביסל ווײַטער, ווי צום גערטנדל, פון דאָרט אויף אַ גאַס און דורך דער צווייטער גאַס צוריק אַראָפּ צום וואָקזאַל. ער האָט זיך אָפּגעשטעלט נעבן דעם גרויסן זײַגער און זײ געוויזן, אַז דער וואָקזאַל הייסט „ווינדזאָר". אַזוי שטייט געשריבן בפירוש.

אַלע האָבן זיך געוווּנדערט אויף דעם מאָדנעם נאָמען פון אַ וואָקזאַל, געוואָלט טרעפן, וואָס דאָס וואָרט באַדייט. שלמה זלמן האָט זיך מודה געווען, אַז ער ווייסט ניט. אָבער דער פּולטוסקער האָט מסביר געווען, אַז עס איז גאָר ניטאָ וואָס זיך צו וווּנדערן, אָט האָט דער צאַר גערופן זײַן פּאַלאַץ — ווינטער־פּאַלאַץ, פּאַרוואָסזשע זאָל אַזאַ שטאָט ווי מאָנטרעאָל, ניט טאָרן רופן איר וואָקזאַל — ווינטער־וואָקזאַל ? איצט וווּנדערט זיך שוין קײנער ניט אויף דעם מאָדנעם נאָמען. למאי האָבן יידן אין שטעטל אַ שול און אַ בית־מדרש פאַר זומער און ווינטער. מענטשן האָבן ווינטער־ און

זומער־הייזער, האָט מסתמא מאַנטרעאַל אַ זומער־וואָקזאַל און אַ ווינטער־וואָקזאַל.

איצט האָט פאַר זיי שלמה זלמן נאָך אַ סיורפּריז, און ער לאָזט קיינעם ניט אַריינגיין צוריק אין וואָקזאַל, איידער מ׳וועט הערן דעם זייגער אויסקלינגען די צייט אַזוי טרויעריק, ווי זי וואָלט אים אַ שאָד געווען, ווי אויך דער זייגער וואָלט געוווסט, אַז ער געזעגנט זיך מיט דער צייט אויף אייביק, וועלכע שטייט ניט, נאָר אַנטלויפט פון מענטשן לעולם ועד.

אָך, ווי ער וואָלט געוואָלט איינהאַלטן די שעהן, זיי זאָלן אַזוי ניט לויפן. אמת, אַז זינט ער האָט פאַרלאָזט פּוילן, האָט אים די צייט קיין עוולה ניט געטאָן. יעדער שעה, יעדן טאָג, האָט ער געזען נייע מענטשן, נייע זאַכן, נייע לענדער. אָבער איצט, וואָס איז דאָס איילן? די צייט וואָלט געדאַרפט איצט זיך אָפּשטעלן אַ ביסל און שטיין, ווייל באַלד וועט זי אים צוריקטרייבן צום וואַגאָן, צו דער באַן.

איצט זענען געווען די פריע מיטאָג־שעהן, וואָס מענטשן איבער דער וועלט האָבן מקדיש געווען פאַר דער אכילה, ווי דאָס וואָלט געווען אַ קולט, אַ גאָטעס־דינסט.

נאָך דעם, ווי זיי האָבן געהערט אָפּקלינגען דעם זייגער, האָט ער זיי צוגעפירט צום בופעט, וואָס איז געווען באַזעצט מיט מענטשן, ווי פליגן אַרום אַ שיסל האָניק. אַלע מיט די קעפּ אין די שיסלען האָבן עוסק געווען אין דער אכילה, ווי די גאַנצע וועלט טוט אין דער דאָזיקער הייליקער שעה.

ער האָט זיי אויך צוגעפירט צו אַ הויכן, ברייטן קיאָסק, וואָס איז געווען באַהאָנגען מיט פאַרביקע צייטונגען און אָנגעפּראָפּט מיט ביכער און זשורנאַלן פון אַלע 4 זייטן; געווען באַהאָנגען ווי אַ ציגיינערישע פּרוי מיט פּאַטשערקעס און פיל קאָליריקע סטענגעס, וואָס האָבן געררייצט מיט זייער רעגנבויגנדיקער פאַרביקייט — גערופן צום קיאָסק.

ער האָט זיי אויך געוויזן אין שטאַטישן בית הכסא די גרייטע אשר־יצר פּאַפּירלעך, וואָס שפּרינגען אויטאָמאַטיש אַרויס, ווי נאָר מ׳נעמט איינס — שפּרינגט באַלד אַרויס אַ צווייטס, אַ דריטס און טאַקע אויך אַ פערטס, אַזוי כסדר. ער רייסט פאַר זיי אשר־יצרלעך, גלאַטע און ווייכע, אַ פולע האַנט, און לאָזט זיך צו דער טיר מיט דעם אשר־יצר בינטל, ווי מיט אַ קראַנץ בלומען.

„צייט איז נאָך דאָ גענוג", — באַרויקט ער זיי, זיי זאָלן זיך ניט שטופּן — „ביז נאָך פיר".

„אַלץ ווייסט ער", — קוקט אים דער גאַרבער אָן בייז — „פונוואַנען ווייסט איר דאָס? דער באַן־נאַטשאַלניק האָט זיך מיט אייך באַראָטן ווען אָפּצושיקן די באַן?"

„ווער ס׳האָט אויגן, דער קען זען. עס איז ניט קיין סוד. מען דאַרף

נאָר קוקן און וויסן וואָס מען זעט", — האָט שלמה זלמן געוויזן אויפן שילדל מיטן נומער 411 און שטאָלץ געפרעגט: „איר זעט? וואָס זעט איר? פון דאַנען זע איך, אַז די באַן גייט אָפּ עלף נאָך פיר".

אַלע האָבן געהויבן די קעפּ איבערן דורכגאַנג, און טאַקע געזען דאָס שילדל מיטן נומער 411. פּלוצים האָבן זיי דערהערט הינטער זיך אַ געלעכטער: „ווי די ציגיינער, בנאמנות, ווי אַ ציגיינער־באַנדע זעט איר איצט אויס, און איר דאָרט, שלמה זלמן, זעט אויס ווי דער ציגיינער־פירער. וואָס שלעפּט איר זיך דאָ אַרום? מען האָט דאָך אָפּגעשמועסט ניט אַוועקצוגיין פון די וואַגאָנען, אַזוי האַלט איר וואָרט?"

אַלע האָבן זיך אומגעדרייט. פאַר זיי איז געשטאַנען דער „האַיאַס"־אַגענט, וואָס איז צוריקגעקומען זען, צי אַלץ איז אין אָרדענונג פאַרן אַוועקפאָרן.

„שיינע וואָרטסלייט", — האָט ער איצט גערעדט צו אַלעמען — „איר האָט דאָך צוגעזאָגט צו שטיין אין וואַגאָן און אויך אַכטונג געבן אויף זיי" — האָט ער געטענהט צו שלמה זלמנען.

„דאָס איז טאַקע וואָס איך טו, איך היט זיי. זיי האָבן געוואָלט גיין זען בין איך מיטגעגאַנגען היטן זיי, אַז מען פאַרט, — פאַרט מען, אָבער שטיין אויף אַן אָרט שעהן לאַנג, ווער האָט געדולד?" — האָט ער געזאָגט שפּאַסיק.

„נו, צוריק צו די וואַגאָנעס, מען וועט באַלד פאָרן" — האָט דער אַגענט אַ קוק געטאָן אויפן זייגער פון וועסטל־קעשענע.

„ווען?" — איז דער גאַרבער אים אַריינגעפאַלן אין די רייד. ער האָט געוואָלט וויסן, צי ס'איז טאַקע ווי שלמה זלמן האָט געזאָגט.

„נאָך פיר", — האָט דער אַגענט צוריק געלייגט דעם זייגער אין קעשענע.

דעם גאַנצן וועג צום וואַגאָן, האָט דער גאַרבער געשוויגן, אַ וואָרט ניט אַרויסגערעדט, נאָר געגאַנגען און זיך צוגעהערט ווי שלמה זלמן האָט טענות צום אַגענט, וואָס מען פאַרלייגט אַ גאָרטן מיט שניי, אַנשטאָט מען זאָל אים אַראָפּלאָזן אין דער קאַנאַליזאַציע, ווי מען טוט דאָס אין וואַרשע. און ס'האָט אים גרויס הנאה געטאָן, ווען דער אַגענט האָט געמוסרט שלמה זלמנען, ער זאָל פאַרגעסן וואַרשע און פוילן, אַז מאָנטרעאָל פירט זיך ווי מאָנטרעאָל, ניט ווי וואַרשע.

„פאַרגעסט וואַרשע, פאַרגעסט פוילן. הערט אויף מאַכן פאַרגלייכן. דאָ פירט מען זיך אַנדערש. פאַרגעסט וואָס דאָרט איז געווען" — האָט דער אַגענט אים געעצהט.

„דאָס וועט איר ביי אים ניט פועלן", — האָט דער גאַרבער זיך אַריינגעמישט.

„מ׳עט שוין פועלן; דאָס לאַנד וועט שוין פועלן״, — האָט דער אַגענט געזאָגט.

אַז מען איז צוריקגעקומען צו די וואַגאָנעס, איז שוין אַלץ גרייט געווען. די וואַגאָנעס זענען שוין געווען צוגעהעקלט איינער צום אַנדערן, מיט די עמיגראַנטן־וואַגאָנעס צום לעצט. דער אַגענט האָט זיי אַריינגעציילט אין וואַגאָן אַריין, ווי שעפּסן, — שלמה זלמנען צום לעצט — און אַליין איז ער אַריין נאָך זיי. נאָך אַמאָל דורכגעקוקט די סטאַדע זײַנע, געגעבן די גאַר לעצטע אינסטרוקציעס.

באַלד איז אָנגעלאָפן אַ סאָפּענדיקער, זשוזשנדיקער לאָקאָמאָטיוו, געבלאָזן פון זיך, אַדורכגעפאָרן די גאַנצע לענג פון די וואַרטנדיקע וואַגאָנען און זיך געשטעלט אין דער שפּיץ, ווי אַ גענעראַל, וואָס וועט זיי אין גיכן אַוועקפירן אין וועג אַריין. ער האָט געגעבן אַ פייף, ווי אַ גענעראַל אַ באַפעל צו זײַנע סאָלדאַטן, די וואַגאָנעס האָבן זיך צעשטויסן און צערוקט, צעקלונגען זיך ווי אויף אַן ענטפער: „צום באַפעל!״, און זיך איינגעשטעלט און איינגעשטילט.

אַרום די וואַגאָנען האָט גענומען רוישן מיט ניי לעבן. מענטשן האָבן אָנגעהויבן צו קומען. טרעגער האָבן געבראַכט געפּעק, געשלעפּט זעק, קוישן, קופערטס און אַנדערע באַגאַזשן.

פאַרשידענע ליכטער האָבן זיך צעצונדן: גרינע, ווייסע, געלע, רויטע. דער טאָג האָט זיך דאָ דערפילט איבעריק, איז ער זיך אַוועק אויף מערב. עס האָט גענומען נאַכט ווערן פאַר דער צייט. געווען איז דאָס אָנהויב פעברואַר, ווען די גאַנצע מאַכט ליגט אין די הענט פון עם ווינטער און ער געוועלטיקט, ווי זײַן קאַלט האַרץ גלוסט. האָט זיך אים פאַרגלוסט אויפצווווינטערן אויפסניי, מיט אַ שניי־שטורעם און קעלט.

אין דרויסן איז געוואָרן זאַוויערוכעדיק, ווי ווען די פּוילישע באַן איז אַרויס פון דאַנציגער וואָקזאַל אין וואַרשע, און זיך אַוועקגעלאָזט קיין גדיניע, וווּ ס׳איז געווען פּוילנס קאָרידאָר צום ים־אַרויסגאַנג. ס׳האָט זיך אים געדוכט, אַז די דעמאָלטיקע צייט איז שטיין געבליבן ביז הײַנט.

ווי דאָן, האָבן די ווייסע שנייעלעך אַרומגעשוועבט אַרום דעם וואַגאָן־פענצטער, זיך געשטויסן, געריסן אַרויף, ניט געוואָלט אַראָפּפאַלן און צעטראָטן ווערן אונטער מענטשנס פיס. צום סוף זענען זיי פאַרמאַטערט געוואָרן פון קעמפן, און מידע אַראָפּגעפאַלן צו די מענטשן־פיס.

פּינקטלעך, צו דער מינוט, עלף מינוט נאָך פיר, האָט זיך דערהערט אַ שאַרפער פייף, וואָס האָט זיך אויסגעמישט מיט אַ שווער העשען. די רעדער האָבן זיך גענומען קאָלערן צום טאַקט פון די רויטע ליכט, וואָס האָבן זיך געוויגט אין דער לופטן און געווונטשן אַלעמען אַ גוטע רייזע.

די באַן איז פאַרשוווּנדן פון אויג, און האָט גענומען לויפן וואָס גיכער, שלינגען די מײַלן און די פינצטערניש.

דער שניי האָט זיך פאַרלייגט אויף די פענצטער, און דער פינצטערער דרויסן אַרום איז נאָך פינצטערער געוואָרן. ווי אַ ווײַסער פלעק איז דער שניי געלעגן אויפן פענצטער. די טיר האָט זיך ניט געוואָלט עפענען. שלמה זלמן האָט זיך געפּילט, ווי אַ געפאַנגענער, ווי אַ חיה אין אַ שטײַג.

די באַן האָט זיך געשטופּט אַנטקעגן דער זאַוויערוכע, מיט אירע אַלע אײַזערנע כוחות געסאָפּעט, געפּרײַכט, שווער געאָטעמט, געפּייפט אָן אויפהער, געוואָלט פאַרטרײַבן די זאַוויערוכע מיט איר ראַשיקן שופר־בלאָזן, ווי זי וואָלט געוואָרנט, מ׳זאָל ניט וואַגן זיך שטעלן איר אין וועג, ווײַל זי וועט דורסן!

# קאַפּיטל 5

אַ לײַכטער קלאַפּ אין טיר, ניט ווי דער קלאַפּ פון קיינעם פון זײַנע בנים, אָדער פון זייערע שליחים, וואָס זענען געווויינט געווען זיך אַרײַנצורײַסן צו אים מיט שטורעם, האָט איבערגעריסן זײַן טראַכטן פון ווײַטן אַמאָל. אין זײַן אײַנזאַמער און אומעטיקער צײַט, אין דעם אומעטיקן ביוראָ, לעבן דעם שטילן סימן פון מענטשלעכער קאָמוניקאַציע — דעם טעלעפאָן — וואָס שווײַגט איצט שטום, און מאַכט אים שווערער זײַן אײַנזאַמקייט, האָט ער אַ סך געטראַכט. אין דרויסן שטורעמט איצט מיט ווינט און זאַוויערוכע ווי אין יענעם „פאַרצײַטנס".

דער לײַכטער, דרך־ארצדיקער קלאַפּ אין זײַן טיר, האָט אים אַרויסגענומען פון זײַן אַמאָל און אים צוריק געבראַכט צו דער הײַנט. אים האָט געוווּנדערט, ווער קען דאָס קומען צו אים, איצט, אין אַזאַ דרויסן. ער האָט זיך צוגעהערט דעם צווייטן אומדרייסטן קלאַפּ אין זײַן טיר, נײַגעריק אויסגעדרייט דעם קאָפּ און אײַנגעלאַדן אַרײַנצוקומען. אָבער ווען די טיר האָט זיך ניט געעפנט, איז ער אַנטקעגן געגאַנגען און געעפנט.

אויף דער שוועל איז געשטאַנען אַ קורץ, פול־געפּאַקט מענטשל, מיט אַ יונג פּנים און אַ נאַקעטן קאָפּ. ס׳האָט זיך אים געדוכט, אַז ער קען אים פון ערגעץ. אָבער פון וואַנען ער קען אים, האָט ער ניט געדענקט, און זיך בשום אופן ניט געקאָנט דערמאָנען.

ביידע האָבן זיך אָנגעקוקט ווי ווילד פרעמדע, כאָטש זיי האָבן זיך געקאָנט פון פריער. כשרע יידישע קינדער געווען, פון איין שטעטלדיקער מקווה און געלערנט בײַ די זעלבע שטעטלדיקע מלמדים. ביידע האָבן זיי

געהערט צו דער שטעטלדיקער „סאָסייטי״, וואָס האָט שוין געהאַט אָפּגעלעבט אַ יובל מיט יאָרן אויף דעם אַמעריקאַנער קאָנטינענט.

ביידע האָבן זיך אַמאָל, אַמאָל, — ווען סעמיועל סאַראַד איז נאָך געווען שלמה זלמן צאַראַד — געטראָפן ביי אַ מיטינג פון דער „סאָסייטי״. איצט האָט סעמיועל סאַראַד אַראָפּגעקוקט אויף זיין בן־עיר און זיך געוווּנדערט — פון וואַנען קען ער דאָס מענטשל. אָבער ער האָט ניט געפרעגט. ער האָט מורא געהאַט, ער זאָל אַמאָל ניט זיין זיינער אַ קרוב. ס׳האָט אים שטאַרק פאַרדראָסן, וואָס ער האָט אים איבערגעריסן זיינע זכרונות־טראַכטענישן, מיט זיינע קליינלעכע, נישטיקע, פּערזענלעכע זאַכן. מיט וואָס קומען זיי צו אים? אַלע קומען זיי נאָר נאָך טובות. מער זעט מען זיי ניט, ביז זיי דאַרפן ווידער אַ טובה, פאַר זיך, פאַר וועמען פון זייער משפּחה, אָדער פאַר וועמען פון זייערע באַקאַנטע.

ביידע האָבן אָנגעקוקט איינער דעם אַנדערן, ווי צוויי הענער, און קיינער האָט ניט געעפנט ס׳מויל אַפילו פאַר אַ באַגריסונג, ביז דער פּרעמדער־באַקאַנטער האָט זיך געכאַפּט, אַז ער דערקענט אים ניט, און אַז ער איז מחויב זיך פאַרצושטעלן, אויב ער וויל אויספירן זיין שליחות, האָט ער זיך צעשמייכלט, צוגעגאַנגען אַ טריט נעענטער און געזאָגט אין אַ האָפערדיקן טאָן:

„איר דערקענט מיך ניט? אני שלמה. איך בין דער געוועזענער סעקרעטאַר פון אונדזער סאָסייטי. איך בין פּנחסל, שרהלע דער לעקעך־בעקערינס, פון אייער שטעטל. איר דאַרפט מיך געדענקען פון שטעטל נאָך. איר פלעגט ביי מיר צונעמען דעם לעקעך, וואָס מיין באָבע פלעגט באַקן פאַר אייער מאַמען, עליה השלום. איך פלעג אויך קומען ביי אייך איינמאַנען אייער מיטגליד־אָפּצאָל פאַר דער סאָסייטי״ — האָט פּנחסל אים געגעבן אַ שטאָך, אַז מען מוז אויך צו אים קומען איינמאַנען דעם מיטגליד־אָפּצאָל און ביישטייערונגען.

„טאַקע?!״ — האָט סעמיועל סאַראַד געזאָגט קאַלט, שטייענדיק ביי דער טיר, ניט אַריינבעטנדיק פּנחסלען אינעווייניק, אין ביוראָ אַריין.

„יאָ, מיין באָבען האָט זייער פאַרדראָסן, וואָס עס איז ביי אייך געווען אַ שטילע חתונה, וואָס איר האָט געשטעלט אַ שטילע חופּה און זענט אַנטלאָפן קיין וואַרשע. פאַרדריסט אייך עפּעס אויף מיר, מיסטער סאַראַד?״

„טאַקע?!״ — האָט סעמיועל סאַראַד איבערגעחזרט זיין פריערדיקע פראַגע, און ס׳האָט אים איצט אינטריגירט צו הערן מער פון יענער צייט, וואָס עס איז אים אָט ערשט אַדורך אין זיין דמיון, איידער פּנחסל האָט אים מיט זיין קלאַפּן איבערגעריסן. ער האָט זיך געוווּנדערט, ווי אַזוי דער פּנחסל געדענקט דאָס אַלץ אַזוי פריש און דערציילט עס, ווי ס׳וואָלט

ערשט נעכטן געשען. אָבער ער געדענקט גאָרניט פון דעם, ניט פון זיין מאַמען, און ניט פון זיין קומען מאַנען ביי אים מיטגליד־אָפּצאָל.

„וואָס רעדט איר? מיין חתונה איז שוין גאָרניט געווען קיין שטילע", — האָט סעמיועל סאַראַד געזאָגט, און דערביי געטראַכט, צי ער הויבט ניט אָן פאַרלירן זיין זכרון, ווי ער האָט פאַרלוירן זיין דעה אין די פאַבריקן, אין זיין אינדוסטריעלער אימפּעריע.

„יאָ, נאָך אייער אַוועקגיין פון שטעטל, האָט זיך געקאָכט און גערודערט, אָבער קיין לעקעך האָט מיין באָבע ניט געבאַקן, קיין קלעזמער האָבן ניט געשפּילט, קיין חופּה־שטאַנגען האָט מען ניט געשטעלט און קיין רח"ש האָט מען ניט געצאָלט. אַ מאַיאָנטעק איז פאַרלוירן געגאַנגען, צוליב אייער שטילער חתונה. אַפילו איך האָב דערפון געליטן. מיין באָבע איז אַרומגע־גאַנגען אַ בייזע און אויסגעלאָזט איר כעס צו מיר".

„נו, אויב אַזוי, מוז איך דאָך גוט מאַכן אייער שאָדן, הא? וואָס זשע קען איך פאַר אייך טאָן?" — האָט סעמיועל סאַראַד זיך אַריבערגעבויגן צו פּנחסלען, אויפסניי אים פאַרשטעלט דעם וועג אין ביוראָ אַריין, און געוואָלט אים אָפּפאַרטיקן וואָס פריער און פּטור ווערן פון אים.

פּנחסל, דער געוועזענער פינאַנץ־סעקרעטאַר פון דער סאָסייטי, איז געוווינט געווען צו קאַלטע אויפנאַמעס. פון זיין שטעטל נאָך איז ער געוווינט געווען, מען זאָל אים לאָזן שטיין אין פאָדערהויז און לאָזן וואַרטן אויף די פאַר גראָשנס פאַר זיין באָבעס לעקעך. אַפילו ביי דער משפּחה צאַראַד, ווען מען דאָס שטעטל האָט גערופן, אין חוזק: „צרעת", האָט ער אויך געמוזט שטיין און וואַרטן, ביז די „צרה", ווי דאָס שטעטל האָט גערופן שלמה זלמנען, איז צוגעקומען צו אים און געהייסן קומען שפּעטער, אָדער מאָרגן, ווייל דער טאַטע שלאָפט און די מאַמע האָט ניט קיין געלט.

אַז ער איז געקומען שפּעטער, איז שימעלע־„צרעת" שוין געווען אַוועק דאַווענען מנחה און האָט פאַרגעסן איבערצולאָזן דאָס געלט. איז ער אַהין אַוועק נאָך מעריב, און ערשט דאַן האָט ער געקראָגן האַלב. די אַנדערע העלפט, האָט מען אים צוגעזאָגט צו געבן, ווען ער וועט ברענגען נייעם לעקעך. אָבער ווען ער האָט געבראַכט נייעם לעקעך און געמאָנט דעם אַלטן חוב, האָט ביילע „צרעת" שטענדיק איבערגעפרעגט די זעלבע קשיא: „ביזט זיכער, אַז ס'קומט דיר פאַר אַ האַלבן לעקעך פון פריער? אפשר האָסטו פאַרגעסן, און מאָנסט נאָך אַמאָל?".

„וועט מען אים בראָטן און ברענען אין גיהנום" — האָט די „צרה" געזאָגט.

שימעלע־„צרעת", סעמיועל סאַראַדס טאַטע, איז געווען אַ דאָרפסגייער און אַ יאַריד־פאָרער, ווי זיין טאַטע און זיידע פאַר אים. ער האָט

איבערגענומען די חזקה אויף די צוויי דערפער, ארום דעם שטעטל, פון זיין טאטן. און קיינער האט אין די דערפער ניט געטארט א פוס ארייגשטעלן.

האט ווער געקויפט עפעס אין איינעם פון די דערפער, אדער פארקויפט דארטן עפעס, איז שימעלע געווען א שותף צו די רווחים. אויב ניט, האט שימעלע געשריגן „הסגת גבול!", ניט געלאזט יענעם עולה לתורה זיין, געשאלטן יענעם מיט טויטע קללות, גערופן צו דין תורה, געטריבן פון בית המדרש, ניט געלאזט יענעם פאר די אויגן. אפילו די קינדער זיינע, האט שימעלע־„צרעת" ניט געשאנעוועט.

שימעלע צאראד איז יעדן שולדיק געווען א גמילות חסד. היינט געבארגט ביי דעם און אפגעצאלט יענעם. צומארגנס צוריק געבארגט ביי יענעם און אפגעצאלט דעם, און שטענדיק פארזיכערט זיין מלווה, אז: „וואס־וואס, נאר קיין אנזעצער איז שימעלע צאראד ניט. ווען שימעלע צאראד בארגט, מעג מען זיכער זיין, אז ער וועט אם ירצה השם באצאלן".

אז שימעלע־„צרעת", האט ארויפגעלייגט א האנט אויף א פויערס וואגן און געזאגט: „דאס קויף איך, מיט אים האנדל איך", אדער: „אויף אים האלט איך אן אויג", האט שוין קיינער צו דעם פויער און צו זיין וואגן זיך ניט צוגערירט. אזוי איז אויך געווען מיט א קונה. אז שימעלע האט געזאגט: „מיט אים האנדל איך", האט מען שוין אויף דעם קונה אפילו ניט געקוקט, כדי שימעלע זאל ניט שרייען, אז מען האט געוווּנקען צו אים. מען איז געלאפן פון בײדע, ווי פון א פלאג, א צרעת, א קרענק.

אזוי האט שימעלע־„צרעת" געמעקט און געשריבן, געהאנדלט און געוואנדלט, „געדרייט א וויאדרע", ביז די פויערים האבן אים אנגעהויבן חושד זיין אין הינקנדיקע וואג און מאס, געשריגן, אז זיין מעסטן איז ווי א שד וואלט אין דעם געזעסן, און זיין וואג וועגט, ווי דער טייוול וואלט זי געהאלטן אין דער האנט. ביי זיי אין הויז, וויפל זיי הענגען אן אויף דער צי־וואג, איז אלץ ניט גענוג און מען דארף כסדר צולייגן, און ביי אים אין הויז איז אלץ צו פיל און ער האלט אין איין אראפנעמען...

זיי האבן אים גענומען טרייבן פון די דערפער, פון זייערע הייזער, ניט געלאזט אים ארייגשמעקן אין זייערע שטאלן אפילו, געטריבן פון זיך, ווי א סוטה, ניט אריבערגעלאזט איבער זייערע שוועלן און אנגערייצט אויף אים די הינט. ווען ער וויל ביי זיי קויפן א חזיר, וואלטן זיי אים אויך ניט פארקויפט.

האט זיך שימעלע פארלייגט אויף דער וואסערמיל, וואס זיין זיידע האט אמאל געהאלטן אין ארענדע און געמאנט חזקה אויף איר, געסטראשעט, אז ער וועט זי צוריקנעמען פון יוחנן, אויסדינגען זי ביים פריץ, ביז יוחנן האט אים צוגענומען פארן נאכט־מילנער, פארן היטער און ציילער פון די זעק תבואות, וואס די פויערים ברענגען צום מאלן.

שימעלע האָט געציילט און געחשבונט, און אַלע מאָל האָט דעם פויער ניט געשטימט דער חשבון. אין דער היים האָט ער געהאַט מיט אַ זאַק מער און אין מיל, מיט אַ זאַק ווייניקער. האָט שימעלע דערלאַנגט דעם פויער אַ קרייטל און אים געהייסן אַליין שרייבן. יעדעס מאָל, וואָס ער גייט אַריין אין מיל מיט אַ זאַק קאָרן, זאָל ער אַליין מאַכן אַ פּאַסיקל אויפן ביישטידל, איבערן שוועל פון דער מיל.

די פּאַסיקלעך און שטרייכעלעך זענען געוואַקסן, געוואָרן לענגער. פון צוויי קליינע פּאַסיקלעך איז געוואָרן איין גרויס פּאַסיקל, אַז אַפילו די פרעמדע פויערים אַרום, האָבן זיי געקאָנט לייענען און ציילן פון דער ווייטנס, און זענען געווען עדות אויף שימעלעס ערלעכקייט, געלויבט אים פאַר זיין גוטן איינפאַל. האָט אַ פויער זיך געקלאָגט, אַז ער האָט געהאַט מער זעק קאָרן, ווי ער האָט פּאַסיקלעך, זענען אַלע עדות געווען, אַז ס'איז ניט געווען מער, אַז דער פויער האָט געהאַט אַ טעות ביים ציילן די זעק.

און ביינאַכט, האָט שימעלע מיט זיין זון סראָלע, אָפּגעמאָלן דעם עודף קאָרן און ס'איז געווען מעל צום פאַרקויפן און צום טוישן אויף ברויט. שימעלע האָט געגעבן צוויי מאָל מעל און דער בעקער האָט געגעבן איין מאָל ברויט. נאָר אויף לעקעך האָט שימעלעס מעל ניט געטויגט.

יוחנן מילנער האָט געוווּסט, וואָס שימעלע צאַראַד טוט אין זיין מיל ביינאַכט, פון דעם „מעשר", וואָס ער נעמט ביי די פויערים, און האָט עס דערציילט דעם רב. אַז דער רב האָט געמוסרט שימעלען, אים מזהיר געווען, אַז ער קויפט זיך איין דאָס גיהנום, אַז ער שטעלט אין סכנה די עדה יידן פון שטעטל, זיינע אייגענע קינדער — האָט שימעלע געהאַט איין ענטפער אויף דעם רבס טענות: „פּרנסה־מלחמה, רבי", און געעדותט זיך מיט ר' ישראל שניטקרעמער, אַז די גויים זענען גנבים, גזלנים, גנבענען פון אונטער די אויגן, „דאָס ווייסל פון די אויגן", — און האָט שטענדיק אויסגעלאָזט מיטן זעלבן פּזמון: „רבי, הגונב מן הגנב פּטור. זיי גנבענען, איך נעם פאַר מיין אַרבעט. וואָס פאַר אַ חטא באַגיי איך?".

דאָס איז געווען שימעלע צאַראַד, וועמען דאָס שטעטל האָט אַ נאָמען געגעבן „צרעת", און די בנים זענען געווען ניט בעסער פון זייער טאַטן. און שלמה זלמן, זיין עלטסטער זון, איז געווען די צרה פון גאַנצן שטעטל. ער האָט אָרגאַניזירט דעם טשעשלער־ און סטאָלאַר־פאַראיין, איינגעאָרדנט שטרייקן, אַלע מאַנטיק און דאָנערשטיק, ביז מען האָט געמאַכט אַ פּאָגראָם אויף דעם פאַראיין, און שיעור ניט אויפן גאַנצן שטעטל. ווען ניט זאַנוועלע קאַוואַל מיט זיינע זין, און לייבעלע וואָזשיוואָדע מיט זיינע יונגען, וואָס זענען געשטאַנען גרייט מיט העק און קלאַניצעס, אויב די גויים וועלן

עפּעס אָנהויבן מיט די יידן, וואָלט פונעם שטעטל געוואָרן, חלילה, אַ בית־עולם.

שלמה זלמן האָט זיך באַהאַלטן אין באָד, צווישן די קלאַפּטערס האָלץ, און פּעסעלע דעם אייזנקרעמערס, דאָס שענסטע מיידל אין שטאָט — זיין סעקרעטאַרין און געהיימע כלה — האָט אים געטראָגן ביינאַכט עסן, געטאָגט און גענעכטיקט מיט אים צווישן די קלאַפּטערס האָלץ. דער אייזנקרעמער האָט גענומען שרייען, מען זאָל אַ חופּה שטעלן, ווייל ער געטרויט ניט דעם הפקר־יונג, און ער גלויבט ניט, אַז פּעסעלע איז נאָך אַ בתולה.

האָט מען אין אַ פינצטערער נאַכט, אויסגעשפּרייט דעם יום־טובדיקן טישטעך איבער דעם „צרהס" קאָפּ, טאַקע אין דעם אייזנקרעמערס שטוב. די בני־משפּחה־הענט זענען געווען די חופּה שטאַנגען. ר' יהושועלע קאַזשאַל, דער גמרא מלמד פון שטעטל, אַ פרומער ייד, שימעלעס שכן, איז געווען דער מסדר־קידושין, און מען האָט די זעלבע נאַכט, משלח געווען די „צרה" פון שטעטל קיין וואַרשע. דאָס שטעטל האָט געדאַנקט און געלויבט דעם וואָס אין הימל, וואָס מען איז פּטור געוואָרן פון דער „צרה".

איצט איז דאָס פּנחסל געשטאַנען פאַר דער „צרה" אין פּאַדערהויז פון זיין ביוראָ און געוואַרט, ער זאָל אים געבן אַן ענטפער אויף דער שליחות, וואָס די סאָסייטי האָט אים געשיקט. עס איז אים געווען מער קאַלט פון דער קאַלטער אויפנאַמע, ווי פון דער קעלט אין דרויסן.

פּנחסל, וואָס האָט געקאַנט די „צרה" און איז ניט להוט געווען צו גיין צו אים, דעם בייזן, שטענדיק כמורנעם גביר, וואָס טוט טובות, פּונקט ווי ער מאַכט געשעפטן מיט די פּעדלערס — גיט צדקה פון דער ועסטל קעשענע און מאַכט געשעפטן פון דער שוועל אַראָפּ, על רגל אחת, ווי עפּעס אַן אַפּקומעניש, און רעדן מיט אים, אָנצוקומען צו אים, איז שווערער, ווי צום קיסר.

אַלס סעקרעטאַר פון דער סאָסייטי, איז ער געווינט געווען מ'זאָל אים ספּעציעל ניט אויסקוקן, מ'זאָל אים ניט אַנטקעגן גיין, מ'זאָל זיך אַפילו באַהאַלטן פאַר אים, אָבער ווען ער ריכט זיך אויף אַזאַ געפּרווירענע אויפנאַמע, וואָלט ער בשום אופן היינט ניט געגאַנגען צו אים. „ער לאָזט דאָך שוין אַפילו איבער דער שוועל ניט אַריבער!" ער האָט געהאַלטן פאַר אַ גוזמא דאָס, וואָס מען דערציילט זיך אַן וועגן דעם מיליאָנער, אָבער איצט זעט ער, אַז ס'איז אמת, נאָך מער ווי אמת.

פּנחסל האָט אויפגעהויבן די אויגן און זיי אָנגעשטעלט אויף דער „צרה", געזאָגט מיט אַ טאָן פון שטאָלץ און צופרידנקייט: „פאַר מיר, דאַנקען גאָט, דאַרפט איר גאָרניט טאָן, איך דאַרף ניט אייער טובה, מיסטער סאַראַד, די סאָסייטי האָט מיך געשיקט צו אייך, ווי צו אַ לאַנדסמאַן

אונדזערן, און זי וויל פון אייך די טובה, ניט פאַר זיך אַפילו, נאָר פאַר אונדזערס אַ מיטגליד. ניט קיין נדבה בעטן מיר פון אייך, נאָר עפּעס אַן אַרבעט פאַר דעם נייעם מיטגליד אין אייערס אַ פאַבריק. איר האָט דאָך אַזויפיל אַרבעט, אַזויפיל פאַבריקן".

„דעצאַל, דאָס אַלעס? פאַרוואָסזשע האָט איר דאָס באַלד ניט געזאָגט, מיסטער... מיסטער, ווי הייסט איר?"

„האָבער, פּנחס האָבער, פון דער היים האָבערמאַן".

„וואָסזשע זענט איר געקומען אַליין? ווו איז דער נויטבאַדערפטיקער? וואָס זענט איר געקומען, אַז איר דאַרפט, דאַנקען גאָט, ניט אָנקומען צו קיינעם, איר גאָט-געבענטשטער מענטש, זאָל קומען דער נויטבאַ־דערפטיקער, גוד ביי, מיסטער האָבער", — האָט ער פאַרמאַכט די טיר פאַר פּנחסלס פּנים.

איצט האָט פּנחסל דערזען, אַז ער שטייט פאַר סעמיועל סאַראַדס פּריוואַטן אָפיס און זיך געטראַכט, אַז אָט דאָ שטעקט זיין בייזקייט, ער האָט אים געשטערט זיין פּריוואַטע אָפיס־רו. „אַ צרה מיט די גבירים, נאָר זיי באַהאַלטן זיך אין פּריוואַטקייט. זייער פּריוואַט הויז איז זיי ניט גענוג, אין די געשעפטן מוזן זיי אויך זיין פּריוואַט". האָט ער זיך פאַרקירעוועט צו די שטיגן. „אַ צרה בלייבט אַ צרה. מיט וואָס דאָס שטערצעלע נעמט זיך אָן, מיט דעם צעברעכט עס זיך", האָט פּנחסל נאָכגעזאָגט זיין באַבעס אַ גלייכווערטל, שפּרינגענדיק פון די שטיגן, כדי זיך צו דערוואַרעמען.

„דאָס איז די ירושה, וואָס איז אים געבליבן פון זיין אַמאָל, וואָס ס׳האָט זיך אים נאָכגעשלעפּט אַהער און שלעפּט זיך אים נאָך אויך דאָ אַריין", — האָט סאַראַד געטראַכט אויפן וועג צוריק צום פענצטער פון זיין פּריוואַטן ביוראָ, וואָס איז איצט געווען פאַרשנייט, פאַרשאָטן מיט ווייסע גרייפּלעך, ווי ס׳איז געווען דאָס פענצטער פונעם וואַגאָן, וואָס האָט אים געפירט פון מאָנטרעאַל יענע ווינטערדיקע נאַכט, און די שטעטלדיקע ירושה האָט אים דאָ אָפּגעוואָרט, צוזאַמען מיט זיין משפחה.

ער האָט זיך איינגעקויפט מפטיר, זיי האָבן אַ מין היפּאָטעק אויף אים. פון דאַן ווען ער האָט אָנגענומען די עצה פון דער פּאָליציי־קאָמענדע פון זיין שטעטל, דעם אייזנקרעמערס געלט און די אַרויספאָדערונג־פּאַפּירן פון דער שטעטלדיקער סאָסייטי, וואָס איז פאַר אים ערב געווען — פון דאַן אָן, איז ער אַן אייביקער בעל־חוב געוואָרן צו יעדן איינעם לאַנדסמאַן, און צום לאַנדסמאַנס לאַנדסמאַן און זייערע משפחות. וואָס נאָר אַ שלימזל, וואָס קען אַ קאָץ דעם עק ניט צובינדן, שיקט מען צו אים. זיי האָבן אויך דאָך אַ חלק אין די קריגערייען מיט זיינע זין, האָט ער אַריינגעטראַכט אין פאַרשנייטן פענצטער אַריין.

אין יענער קאַלטער, פראַסטיקער, פעברואַר־נאַכט, ווען די באַן האָט אים, מיט זיין ווייב, געבראַכט אין שטאָט אַריין, האָט די שטעטלדיקע סאָסייטי געשיקט איר פאַרשטייער צו דער באַן, וואָס האָט אים אָפּגעוואַרט, צוזאַמען מיט זיין משפחהניק, אים באַגלייט צו זיין משפחהניק אין הויז אַריין. געטרונקען לחיים צו אים און זיין ווייב, צוגעווונטשן אַ גרינג איינוואָרצלען זיך אין דעם נייעם לאַנד און געגעבן אים דעם אַדרעס פון דעם סאָסייטי־מיטגליד, אַ פאַבריקאַנט, וואָס האָט גוט געזאָגט פאַר אים, אַז ער וועט ניט פאַלן אויף קיינעם צו לאַסט.

אַז דער סאָסייטי־פאַרשטייער איז אַוועק, האָט דער קרוב — וואָס האָט אים געראָטן צו וואַרטן ביז ער וועט פאַר אים אויסטאָרען די פּאַפּירן און ניט פאַרקויפן זיך צו דער סאָסייטי און צום עקספּלואַטאַטאָר, שטיין — גענומען דאָס פּאַפּירל מיטן אַדרעס אין האַנט אַריין און מודיע געווען, אַז דאָס איז דער אַדרעס פון דער פאַבריק, ניט פון דער היים, און נביאות געזאָגט, אַז ער וועט האָבן אַ דריי־יאָריקע שקלאַפעריי ביי שטיינען.

„איך שרעק זיך ניט פאַר קיין אַרבעט און ניט פאַר קיינע עקספּלואַ־טאַטאָרן!" — האָט שלמה זלמן צוריק גענומען דאָס פּאַפּירל און דערקלערט, אַז מאָרגן גייט ער זען, ווי דער טייוול זעט אויס, צי ער איז טאַקע אַזוי שוואַרץ, ווי מען מאָלט אים.

„שוין, מאָרגן?" — האָט געפרעגט דעם משפחהניקס ווייב. „וואָס ברענט עס אַזוי? ווער יאָגט דאָס אייך אַזוי? די קינדער וואָס לויפן אייך ניט נאָך?"

„טאַקע יאָ", — האָט צוגעשטימט דער קרוב — „וואָס איז דאָס געאייל, וואָס? מ'טרייבט אייך חלילה פון דאַנען? רוט זיך אויס אַביסל, כאַפּט אָפּ דעם אָטעם, שטיין וועט ניט אַנטלויפן, וועסט אָנהויבן אים רייך מאַכן מיט עטלעכע טעג שפּעטער", — האָט ער זיך ביי אים געבעטן.

„איך בין ניט אַהער געקומען עסן קעסט ביי קיינעם. איך בין געקומען אַרבעטן, לעבן און לאָזן לעבן. אויב שטיין האָט געמיינט, אַז מיטן שיקן אונדז פּאַפּירן, האַנדלט ער זיך איין אַ בעל־מלאכה בחצי חינם, וועל איך אים ניט לאָזן לאַנג וואַרטן און אים ווייזן זיין טעות. מאָרגן גיי איך אַהין אים גוט שבת ביטן".

„פאַרשטייסט ניט ווי דאָס זעט אויס ביי אונדז. ער האָט דאָס געזעץ אויף זיין זייט, וואָס זאָגט, אַז דו מוזט ביי אים אַרבעטן די גאַנצע דריי יאָר. ס'וועלן קומען די מאָונטיס און קאָנטראָלירן. צו אים האָט מען דיך פאַרקויפט פאַר אַ שקלאַף אויף גאַנצע דריי יאָר, און ס'איז פאַרפאַלן".

„נו נו, ניט געזאָרגט. יידן זענען שוין לאַנג אַרויס פון מצרים. קאַנאַדע איז ניט עגיפּטן, אויך ניט פּוילן, איר שרעקט זיך אומזיסט. דער טייוול

קען ניט זיין אַזוי שוואַרץ, ווי איר מאָלט אים. אויב איך מוז ביי אים אַרבעטן, מוז ער דאָך מיך אויך האַלטן, ניין?״

דער משפחהניק האָט געצויגן מיט די אַקסלען און זיך שטאַרק געוווּנדערט אויף שלמה זלמנס רייד. „דאָס איז דער רעוואָלוציאָנער, פון וועמען דאָס שטעטל האָט זיך געריסן פטור צו ווערן, אַזש דער רב פון שטעטל האָט זיך משתדל געווען, מען זאָל אים אַרויספּאָדערן אין גויאישן אַמעריקע אַריין, אַ נס נאָך, וואָס מ׳האָט שוין מער דאַן ניט געכאַפּט צו די סאָלדאַטן, זיי וואָלן אים זיכער געכאַפּט און אַוועקגעשיקט אין פּולק אַריין״. ער האָט נאָכגעקוקט, ווי שלמה זלמן מיטן ווייב גייען אַריין אין שלאָפצימער, וואָס איז פאַר זיי גרייט געווען.

דאָס איז געווען דעם אַלטן רבס איינפאַל, איידער שלמה זלמן איז אַוועק קיין וואַרשע, מ׳זאָל בעטן ביי די לאַנדסלייט אין אַמעריקע אַרויסצונעמען די „צרה״ פון שטעטל. און ווען מ׳כאַפּט נאָך היינט צו סאָלדאַטן, וואָלט דער רב אַליין זיך די מצוה פאַרדינט און שלמה זלמנען אָפּגעגעבן פאַר אַ סאָלדאַט, אַבי אָפּצוראַטעווען דאָס שטעטל פון אַן אומגליק.

ער האָט געבעטן די סאָסייטי, זי זאָל זיך אַ מצוה איינקויפן, און אַראָפּנעמען שימעלעס עלטסטן זון קיין אַמעריקע. ווער ווייסט? ער קען נאָך דאָרט ווערן אַ לייט, אַ מענטש, אַ ייד, ווי ס׳שטייט געשריבן אין די ספרים: „משנה מקום משנה מזל״ און מיט אים זאָל געשען — משנה מקום משנה מענטש.

אַמעריקע האָט דאַן געהאַלטן געשלאָסן אירע טויערן אויף זיבן שלעסער פאַר מזרח־אייראָפּאַעישע מענטשן און יידן, האָט דאַן די סאָסייטי אין קאַנאַדע געפּועלט ביי הער שטיין, דער אייגנטימער פון אַ פאַבריק פון געשעפטס־מעבל, ער זאָל ערב זיין פאַר אַן אַרבעטס־פּלאַץ פאַר שלמה זלמנען, דעם מעבל ספּעציאַליסט, אין וועמענס פעאיקייטן, שטיינס פאַבריק נויטיקט זיך.

הער שטיין האָט אונטערגעשריבן די פּאַפּירן און דער משפחהניק האָט צוגעזאָגט זיי אַריינצונעמען צו זיך אין הויז, ביז זיי וועלן זיך איינאָרדענען, שטעלן זיך אויף די פיס אין נייעם לאַנד פון זייער „פאַרשיקונג״. אַלע האָבן געדאַרפט העלפן די גרינע, כדי דאָס שטעטל זאָל פטור ווערן פון דער צרה. אַזוי האָט בפירוש געשריבן דער רב.

די שעהן פון דער ערשטער נאַכט אין דעם נייעם לאַנד, אונטער אַ פּוכיק היימישן איבערבעט, זענען אים אַדורך אין דרימלדיקן אומרו, כדי ניט צו פאַרשלאָפן, אויפצושטיין אין צייט. קיינער האָט אָבער ניט געוועקט, איז מען אַריינגעשלאָפן אין ווייסן טאָג אַריין.

דער קרוב האָט זיך געמאַכט אַ שטיקל יומא דפגרא, אַ יום־טוב

אינדערוואַכן, צוליב די „גרינע״ זיינע, איז ער אויך דעם פרימאָרגן אויפגעשטאַנען שפּעטלעך, ניט אויפגעוועקט די „גרינע״, געלאָזט זיי זיך אויסשלאָפן, אויסרוען פון דער לאַנגער נסיעה.

די ערשטע האָט זיך אויפגעכאַפּט די באַלעבאָסטע פון הויז. מיטן שלאָף אין אירע אברים, איז זי אַראָפּ זען, ווי ס'האַלט מיטן אויוון און אין איין וועגס צוגעלייגט קוילן, אָנגעשטאָפּט אים שיעור צום פּלאַצן און געהאַפּט, אַז ער וועט זיך צעברענען, איידער די געסט וועלן אויפשטיין. האָט אַרויפגעשטעלט וואַסער אויפן גאַז־אויוון ס'זאָל זיין אַ וואַרעמער טרונק און גענומען זיך גרייטן דעם טיש צום פרישטיק, אַ יום־טובדיקן פרישטיק, דאָס ערשטע אין נייעם לאַנד, ביי איר אין הויז.

דאָס פרישטיק לכבוד די „גרינע״, איז דעם פרימאָרגן געווען אַנדערש ווי אַלע אַנדערע פרישטיקן אין דעם הויז. דער טיש געדעקט מיט אַ טישטוך, ניט מיט דער צעראַטע. אויפן טיש איז אַלץ געווען צעשטעלט מיט אָרדענונג. קאַווע־טעפּעלעך און שעלעכלעך, ניט געוועגלעכע, די עס־מכשירים — זילבערנע לעפל, מעסער, גאָפּל.

אויפן טיש, אָפּעטיטלעך עסנוואַרג — פרישע, כמעט וואַרעמע בולקעלעך און קייזערקעס, צווייערליי קעזן, געמאַרינירטער און געווענ־לעכער הערינג, אַליין־געמאַכטע וויינען און ווישניק. קאַווע, געקאָכט אויף ריינער מילך מיט אַ געדיכטער פעלץ־הויט. אייער זענען געשטאַנען אויפן גאַז־אויוועלע און געוואַרט מען זאָל זיי אויפקאָכן. און ווי נאָר די משפחהניצע האָט דערהערט דאָס גערודער פון די געסט אין זייער שלאָפצימער, האָט זי זיי גענומען רופן צום פרישטיק.

„כיד המלך !״ — האָט שלמה זלמן געזאָגט, ווען ער איז אַריינגעקומען פון וואַשן זיך, צום טיש.

„שרעק זיך ניט, ניט אַלע טאָג דעקט מען אַזעלכע טישן״, — זאָגט דער קרוב, — „ניט אין אַלע הייזער עסט מען אַזעלכע פרישטיקן, און ניט אַלע טאָג, ווועסטו זיין אַ מלך. ס'איז בלויז היום־היינט. ווו איז דאָס ווייב ?״

„כ'האָב זי ניט געוואָלט וועקן, זאָל זי שלאָפן״.

„מהיכא תיתי, זאָל זי שלאָפן, פרישטיק וועט דען אַנטלויפן ?״

„איר האָט עס ניט געדאַרפט, ס'איז באמת צופיל״, — האָט שלמה זלמן שיעור אויסגעזאָגט דעם סוד, פאַרוואָס דאָס ווייב איז מיד און וויל שלאָפן ביז שפּעט — און פאַרקירעוועט דעם שמועס וועגן צופיל אַנגרייט און פון דער טעמע אַוועק צו די שווערע קאַנאַדישע קעלטן און שנייען.

דער משפחהניק, זופנדיק די הייסע קאַווע, האָט אים אַ פרעג געטאָן :
„נו, ווילסט טאַקע היינט נאָך גיין צום ממליץ־טוב דיינעם, צום פילאַנטראָפּ שטיין ? אפשר לייגסטו עס אָפּ אויף אַ צווייט מאָל ? אויף מאָרגן כאָטש ?

רו זיך אויס אַ טאָג, גיי אַרויס אַביסל אויפן גאַס, באַקען זיך מיט דער געגנט, וואָס ווערסטו פאַרשפּעטיקן אין איין טאָג ?"

„כ'מיין, כ'לעבן, טאַקע יאָ", — זאָגט די באַלעבאָסטע — „וואָס איז דאָס געאייל, וואָס ? ,ראַבאָטאַ ניע זאַיאַנץ' די אַרבעט וועט ניט אַנטלויפן, אַז מען וויל אין אַמעריקע אַרבעטן פעלט ניט קיין אַרבעט, איר וועט זיך אָנאַרבעטן אין קאַנאַדע. נאָך געזונט דאַרף מען זיך יאָגן, נאָך אַ מצוה דאַרף מען זיך איילן, אָבער נאָך אַרבעט, וואָס איז זיך דאָ וואָס צו יאָגן ?"

שלמה זלמן האָט זיך שיעור ניט נאָכגעגעבן דעם חשק מסכים צו זיין מיט די גוטע מענטשן און בלייבן דעם טאָג אינדערהיים. ס'איז דאָס ערשטע מאָל אין זיין לעבן, אַז מ'זאָל זיך צו אים באַציען אַזוי פריינדלעך, מענטשלעך, מיט כבוד. און ער האָט ביי זיך אָפּגעמאַכט, ניט צו פאַרגעסן דאָס און דערפאַר טאַקע, האָט ער געמוזט גיין זיך זען מיט שטיינען נאָך דעם זעלבן טאָג, ניט אויסנוצן חלילה די גוטע מענטשן איין איבעריקן טאָג אַפילו.

„ס'איז אַ ביטערע קעלט, ווער שלעפּט זיך דאָס היינט אַרום אין דרויסן, כדי צו באַקענען זיך מיט געגנטן ? דאָס וועל איך טאָן אויפן וועג אַהין און צוריק. זאָגט מיר בלויז, אין וועלכער זייט שטאָט ס'געפינט זיך זיין פאַבריק, אין וועלכער ריכטונג איך דאַרף גיין, וועל איך שוין אַליין טרעפן. איר דאַרפט זיך ניט קאַליע מאַכן אַ טאָג אַרבעט, צוליב מיר".

„מיין ווייב האָט דאָך שוין געזאָגט, אַז ,ראַבאָטאַ ניע זאַיאַנץ', די אַרבעט וועט ניט אַנטלויפן" — באַטראַכט דער קרוב דעם גרינעם מיט אַ מאָדנעם קוק : עפּעס איז ער ניט מיט אַלעמען, דער גרינער. עפּעס רעדט ער האַפּעדריקע און, אָן־שכלדיקע רייד. נאָך קיין מעת־לעת ניט, אַז ער איז אין שטאָט, און ער וויל שוין אַליין גיין, אין אַזאַ טאָג, שלעפּן אַליין זיך איבער דער שטאָט צו שטיינער. ווי קען דאָס אים גאָר איינפאַלן ? ער מוז זיין אַ שוטה, אַ טיפּש, טראַכט ער ביי זיך, און זאָגט צו אים :

„וואָס פאַלט דיר איין ? אַליין גיין אַזאַ מהלך ? אין אַזאַ קעלט ! האָסט געהערט אַן איינפאַל ? ער מיינט אוודאי, אַז דאָ איז דאָס שטעטל. דאָ איז קאַנאַדע, אויפן דאָך פון קאַלטן צפון, ווייסטו דאָס ? אין אַזאַ טאָג גייט מען ניט, נאָר מען לויפט, אַפילו דאָס פאָרן אין אַזאַ טאָג איז צו פאַמעלעך".

שלמה זלמן האָט זיך באַגעגנט מיט דעם קרובס בליק און געענטפערט :
„שווערער ווי די ווינטערס אין פּוילן און גרעסער ווי וואַרשע, איז דאָך די שטאָט ניט, אמת ?". ער איז צו צום פענצטער, אַ בליק צו טאָן אין דרויסן אַרויס, אָבער דאָס פענצטער איז געווען באַוואַקסן מיט אַ געדיכטן

וואַלד, אויף וועלכן ס'האָט זיך געמיניעט דער אָפּשיין פון דעם עלעקטרישן לאָמפּ, וואָס האָט געלויכטן פון סופיט אַראָפּ.

„און זי, האָבן גאָרניט קיין מיינונג, צי ער זאָל גיין, אָדער ניט גיין היינט?" — האָט זיך דער קרוב געווענדעט צו שלמה זלמנס אָריינקומענדיקן ווייב. — „איך האָב מיין מיינונג, אָבער ס'וועט ניט העלפן", — האָט זי געשמייכלט. — „אַז ער נעמט זיך פּאַר עפּעס אַ זאַך, מוז ער זי אויספירן. אַז ער האָט זיך אַריינגענומען אַ מאַנקאַליע צו גיין היינט, ניט מאַרגן, וועלן מיר שוין, ניט איך, ניט איר, אים אָפּהאַלטן פון גיין. לאָזט אים גיין און פאַרלירט ניט קיין טאָג אַרבעט צוליב אים".

„אַ אַ אַ, אַזאַ חברהמאַן איז ער? אַזאַ עקשן? איז לאָמיר גיין, לאָמיר שוין גיין" — האָט ער זיך געלאָזט צום טיר, פאַרבינדנדיק זיך אַ שאַליקל איבערן האַלדז. — „איך וועל דיך צופירן אַהין און לאָמיר זען, ווי גוט דו וועסט גיין און טרעפן צוריק אַהיים. ווילסט גיין צופוס, צי ווילסטו פאָרן?"

„צופוס", — האָט שלמה זלמן געוואָרפן אַ שמייכלדיקן, ליבלעכן, געזעגענונגס בליק צו זיין ווייב און נאָכגעגאַנגען זיין גאַסטגעבער אין דרויסן אַרויס, ווו דער פראָסט און די קעלט האָבן פאַרכאַפּט זיין אָטעם, פאַרפרוירן זיין דוך פון מויל. דער משפחהניק האָט גענומען לויפן, שטעלן פּיס, שנעלע טריט, און שלמה זלמן נאָך אים, ער האָט מיטגעהאַלטן דעם אַלטנס ריטעם פון גאַנג.

די גאַס איז כמעט ליידיק געווען פון מענטשן, אָבער פול מיט שניי-בערג, וואָס האָבן זיך געצויגן פון ביידע זייטן גאַס, געהויבן זיך ביז צו די גאַס-לאָמפּן און פאַרטרונקען דעם טריט פון מענטשן, פאַרשטומט זייער קול אין דעם גערויש און ריץ פון די טראַמוויי-רעדער, וואָס האָבן פּראַסטיק זיך געריסן איבער די רעלסן, וואָס זענען געלעגן אין טיפע גרודעס שניי און אייז.

פון די פערד אין די וועגענער מיט קוילן און האָלץ, האָט געזעצט אַ ווייסע פּאַרע, אייז ליכטלעך האָבן באַהאַנגען זייערע פערדישע מאָרדעס, אַ געלויפעריי פון מענטשן, די ווייסע געפרוירענע פּאַרע האָט זיך געלייגט אויף זייערע וואָנצעס.

„מירן אפשר נעמען אַ טראַמוויי?" — האָט פאָרגעשלאָגן דער משפחהניק נאָכן אָפּלויפן אַ פּאָר גאַסן.

„ס'איז נאָך ווייט?"

„ניט זייער, אָבער ס'איז זייער קאַלט".

„פאָלגט מיך, פאָרט צו דער אַרבעט. איך וועל שוין אַליין צוגיין אַהין. וויאַזוי וועל איך טרעפן דעם וועג צוריק אַהיים, אַז איך וועל פאָרן?"

„וועסט טאַקע טרעפן צוריק מײַנסטו?" — דוצט אים דער קרוב, דער פּאַרדרוס ביי אים איז שוין געווען פאַרשוווּנדן.

„איך האָב געטראָפן פון וואַרשע אַהער".

„נו גיי, אַזוי ווי דו גייסט צו מערב זייט, נאָך־אַ־איינס, צוויי, דריי, פיר גאַסן, דערנאָך גיי אַ האַלבע גאַס אַראָפּ, וועסטו שוין זען די שילד מיט דעם טריפהנעם נאָמען זיינעם: ,שטיין און זין׳. ווינטשן דיר הצלחה דאַרף איך ניט, ס׳איז ניט אַזאַ גרויס גליק צו אַרבעטן פאַר די שטיינס, וועסט זיך שוין איבערצייגן, ס׳וועט ניט נעמען לאַנג" — האָט ער זיך געזעגנט מיט אים און איז אַוועק צו אַ טראַמוויי סטאַנציע.

די רויטע שילד מיט גאָלדענע אותיות: „שטיין און זין" האָט ער טאַקע באַלד דערזען, ווי נאָר ער האָט פאַרקירעוועט אין דער גאַס אַריין. וואָס נעענטער צו דער שילד, אַלץ דייטלעכער האָט ער געהערט דאָס גערויש פון די זעג און הובל מאַשינען, די נייגעריקייט איז אין אים געוואַקסן מיט יעדן טריט און שריט. אים האָט געוווּנדערט, וואָס דער משפּחהניק האָט קעגן דעם שטיינען, פאַרוואָס טראָגט ער אַ בייז האַרץ אויף אים?

ער איז שוין איצט געווען גוט אויסגעפּרוּווירן און ניט געצעגערט קיין מינוט אַפילו, נאָר געעפנט די טיר און אַריין גלייך אין סאַמע מיטן פון טומל און גערויש. ווי פאַרנומען יעדער איז געווען מיט זיין אַרבעט, ווי געוווינט די אַרבעטער זענען געווען מען זאָל קומען און גיין אין דער פאַבריק אַריין און אַרויס, האָט די קעלט, וואָס ער האָט אַנגעיאָגט מיט זיין אַריינשטעלן זיך מיט אימפּעט אין מיטן דער פאַבריק, ווי אויך זיין הולך, דער סאַברינענער פּאַלטאָ, די פּוטער־שטיקער אויפן קאַלנער און מאַנקעטן, געצויגן אַלעמענס אויפמערקזאַמקייט.

קעפּ האָבן זיך אויסגעדרייט, הענט האָבן אויפגעהערט אַרבעטן, פּנימער האָבן געוואָלט אַרויסשיסן מיט אַ געלעכטער, קוקנדיק אויף דעם פּריץ, נאָר בלויז די מאַשינען האָבן ווייטער גערוישט, גערוישט ליידיק, ניט פּראָדוצירט, און מיסטער שטיין האָט דאָס באַלד דערפילט פונדער־ווייטנס און איז אַרויס פון זיין ביוראָ זען, וואָס ס׳האָט פּאַסירט, פאַרוואָס מ׳אַרבעט ניט?

ער האָט שוין געוווּסט, אַז דער גרינער איז דאָ, דער סאָסייטי־פאַר־שטייער האָט עס אים באַלד אינדערפרי געלאָזט וויסן, אָבער ער האָט זיך ניט געריכט, אַז ער וועט היינט שוין קומען, באַלד דעם ערשטן טאָג קומען זיך שטעלן אַרבעטן. ס׳איז אים געפעלן, וואָס דער גרינער איז ניט פון די פוילע, ער זעט אים שטיין אינמיטן דער פאַבריק, צווישן די רוישנדיקע מאַשינען און באַטראַכט אַלץ.

„ס׳איז אַ גוטער סימן", האָט ער געטראַכט, צוגייענדיק באַגריסן דעם גרינעם, וועמענס נאָמען ער האָט שוין באַוויזן צו פאַרגעסן.

פון דעם אימפעטדיקן צוריקפאַל פון די אַרבעטער צו זייער אַרבעט, האָט שלמה זלמן פאַרשטאַנען, אַז דער באַלעבאָס, אָדער ווער אַנדערש, איז אַריין אין פאַבריק. מיסטער שטיין האָט אויסגערופן זיין ברייטן שלום־עליכם און דערלאַנגט אים די האַנט.

מיסטער שטיינס האַנט איז געווען אַ וואַרעמע, און זיין פול פּנים האָט אויסגעדריקט אַ ברייטן שמייכל, די בלויע אויגן זיינע רואיקע און מילדע, אויך זיי האָבן צו אים געשמייכלט. מיסטער שטיין איז דעם פּרימאַרגן געווען בלויז שמייכל. די זשאַווער־רויטלעכע האָר זאָרגפעלטיק פאַרקעמט, דאָס אַלץ האָט ניט באַצייכנט קיין אויסזען פון אַ שלעכטן מענטש.

„וואָס וויל פון אים דער משפּחהניק מיינער?" האָט ער געקוקט אויף זיין מליץ־יושר מיט פאַרשנדיקע אויגן, דערפילנדיק אַ פעלער אין שטיינס האַנט, ווי ס'וואָלט אים געפעלט אַ פינגער צי צוויי. מיסטער שטיין האָט אים אַנגענומען ביים אָרעם און פאַרבעטן צו זיך אין קאַבינעט.

מיט זיין פעלערהאַפטער האַנט האָט ער אים אַריינגעפירט אין קאַבינעט, געבעטן זיך זעצן, זעצנדיק זיך אַליין אַנטקעגן אים. גענומען אויספרעגן וועגן דער רייזע, דער פרוי, וועגן זייער פילן זיך אין נייעם לאַנד. „דאָס לאַנד דערפילט מען איידער מען דערזעט עס", — האָט ער אים דערלאַנגט אַ ציגאַר און געוואָלט אים אונטערטראָגן פייער.

„לויט דער געאָגראַפישער לאַגע פון לאַנד איז מיר אַ וווּנדער, וואָס די קעלטן זענען ניט גרעסער", — האָט אים שלמה זלמן געוויזן, אַז ער איז אַ בקי אין דער געאָגראַפישער פּאָזיציע פון זיין ניי לאַנד.

„ניט קיין פאַרשלאָפענער גרינער" — האָט מיסטער שטיין ביי זיך געטראַכט, מישנדיק ביי זיך אין זכרון די מיינונגען, וואָס מ'האָט אים אונטערגעטראָגן וועגן דעם גרינעם, פאַר וועמען ער האָט גוט געזאָגט. און אַלס אַ גרינער איז ער אים געפעלן, „אָבער ניט פאַר מיר, ניט פאַר מיין פאַבריק", — האָט ער געטראַכט, באַאָבאַכטנדיק דעם גרינעמס הלבשה, דעם סאַברינענעם פּאַלטאָ מיט די שטיקער פוטער.

„דאָס איז די מאָדע היינט אין פּוילן, אַ חוץ פּאַגראָמען אויף יידן?" — האָט מיסטער שטיין געוויזן מיט די אויגן אויפן פּאַלטאָ.

„די לעצטע ש'בלעצטע", — האָט שלמה זלמן געגלעט די טונקל־גרויע פוטער שטיקער אויף די מאַנקעטן. — „צוליב דער אַנדערשקייט און פיל מעלות אונדזערע, האָבן זיי פיינט די יידן".

„דאָ גייען מיר אָרום ווי די קבצנים, אָן אַ מאָדע, אָבער אָן מורא פאַר פּאַגראָמען. ווי איינער וויל, אַזוי גייט ער אָנגעטאָן. עס קאָסט אוודאי אַ סך, האַ?"

„ניט קיין סך פאַר אַ מאָדע־מלבוש", — האָט שלמה זלמן זיך

אומגעקוקט, ווי ער וואָלט געזוכט וועמען, אַ זון פון די אויף דער שילד „שטיין און זין". אַז זיי זענען ניט געווען דאָרט, צווישן די אַרבעטער אין פאַבריק, איז ער זיכער געווען, לויט דער מורא, וואָס ס'איז זיי באַפאַלן, ווען מיסטער שטיין האָט זיך באַוויזן. קינדער, אַפילו זיי זענען אַרבעטער, האָבן ניט קיין מורא פאַרן טאַטן, טראַכט ער ביי זיך. „דווקא קינדער־אַרבעטער, האָבן ניט קיין מורא פאַר אַ טאַטן". האָבן זיינע אויגן אַרומגעוואַנדערט איבערן ביוראָ.

מיסטער שטיינס אויגן האָבן מיטגעוואַנדערט, נאָכגעפאָלגט אים פון ווינקל צו ווינקל, צום סוף האָט ער געפרעגט נייגעריק: „וואָס זוכסטו? וואָס פעלט דאָ? כ'ווייס, צו אַ ביוראָ פון אַ וואָרשעווער פאַבריקאַנט קומט דאָס ניט, אין דעם בין איך זיכער, ס'איז ניט קיין מאָדע דאָ, צו פוצן ביוראָס".

„אַנטשולדיקט מיין נייגעריקייט, כ'זוך די ‚סאָנס', די זין, וואָס אויף דער שילד אין דרויסן. ס'זאָגט זיך דאָרט: 'שטיין און זין' זוך איך די זין".

„אַ, דאָס זוכסטו? די זין זענען דאָרט, ווו טאַטנס זין דאַרפן זיין, אין די שקאָלעס, דערפאַר האָבן זיי זייערע נעמען אויף די שילדן פון טאַטנס געשעפטן, דאָס איז דאָ אַזאַ מאָדע", — האָט מיסטער שטיין געזאָגט מיט אָפענעם שטאָלץ.

די ווערטער: „טאַטנס זין" האָט שלמה זלמנען אויסגעזען ווי אַ שטאָך אויף זיין אַדרעס. ער האָט געוווּסט, אַז דאָס שטעטל האָט געאַרבעט מעשים, מען זאָל אים אַראָפּנעמען קיין אַמעריקע. האָט ער זיך משער געווען, אַז מען האָט דאָ זיכער דערציילט „עפּעס" פון אים. און „טאַטנס זין" האָט געמיינט אים. ער האָט זיך אַביסל אַריבערגעבויגן צו מיסטער שטיין און געפרעגט: „מען זאָגט מיר, אַז איך מוז ביי אייך אַרבעטן, ווייל איר האָט ערב געווען פאַר מיר, בין איך געקומען זיך שטעלן אַרבעטן ביי אייך". — האָט ער ניט אַראָפּגענומען די אויגן פון שטיינען.

„היינט נאָך? וואָס איז דאָס געיעג, וואָס?"

„וואָס איז די נפקא־מינא, היינט צי מאָרגן?"

„ביסט דאָך ערשט נעכטן געקומען, זיך ריכטיק ניט אָנגעוואָרעמט, וואָס וועסטו פאַרשפּעטיקן, אַז דו וועסט אָנהויבן מאָנטיק?"

„כ'וועל אויך גאָרניט געווינען. כ'האָב פיינט אַרומצוגיין ליידיק, איך דאַרף אויך פאַרדינען".

„ניט קיין פאַרשלאָפענער, און אויך ניט קיין פוילער, האַ? צוויי גוטע מעלות פאַרן לאַנד און פאַר דיר" — האָט מיסטער שטיין אים געמאַכט אַ קאָמפּלימענט. „אויב אַזוי, קום־זשע מאָרגן, אויב דו ווילסט

דווקא שוין זיך שטעלן אַרבעטן, און מירן זען צו וואָס דו וועסט זיך דאָ אויסטויגן".

שלמה זלמנען איז ניט געפעלן געוואָרן זיין רעדן צו אים. זיין: „מירן זען, צו וואָס דו וועסט זיך דאָ אויסטויגן", ווי ער וואָלט צו אים ערשט אויף דער לער געקומען. ווען ער איז געקומען אין זיין שטעטל צו בעריש „טראַטשינע", אַנדינגען זיך אויף דער לער, ער זאָל אים לערנען סטאָלעריי, האָט יענער אויך אַזוי געזאָגט: „קום מאָרגן און מירן זען, צו וואָס דו וועסט זיך אויסטויגן". — און ס'האָט זיך אים געדוכט, אַז דער מיסטער שטיין זעט טאַקע אויס ווי בעריש „טראַטשינע" — רעדט ווי יענער און מוז אוודאי אויך ציילן און באַוווּנדערן יעדע טראַטשינע, וואָס גייט אַרויס פון אונטער דעם הובל, ווי יענער.

„איך בין אַ מעבל-סטאָלאַר, אַ ווייסער סטאָלאַר, און אַז מען דאַרף קען איך אויך מאַסיווע אַרבעט, צו אַלץ אין סטאָלעריי טויג איך", — האָט שלמה זלמן געוויזן מיטן פינגער אויף זיך.

„דאָס וועלן מיר זען מאָרגן" — האָט מיסטער שטיין אים דערלאַנגט זיין האַנט מיט דריי פינגער. ס'פעלט אים דער ווייז-פינגער און דער לעצטער, האָט שלמה זלמן באַמערקט און זיך געוווּנדערט, וויאַזוי ער האָט דאָס פאַרלוירן די צוויי אַזוי ווייטע, איינער פון אַנדערן, פינגער?

„ניט קיין פוילער און ניט קיין פאַרשלאָפענער", — האָט ער אויף דער גאַס איבערגעחזרט שטיינס ווערטער און ניט געפילט קיין קעלט, גייענדיק אַהיים.

„ניט קיין פאַרשלאָפענער און ניט קיין פוילער", — האָט מיסטער שטיין, איבערגעחזרט פאַר זיין ווייב די מעלות פונעם גרינעם. — „כ'וועל זיך גאָרניט וווּנדערן, אַז ער וועט דאָ דערגרייכן הויך און ווייט. אים וועט מען ניט דאַרפן איבערלאָזן מיט קיין פעסל הערינג אינמיטן גאַס, און צווינגען צו ווערן אַ סוחר, ער וועט אַליין כאַפּן די הערינג און די קונים", — האָט ער נביאות געזאָגט אויפן גרינעם.

„אַזוי טויגעוודיק איז ער?" — האָט דאָס ווייב איבערגעפרעגט.

„יאָ, אָבער פאַר מיר טויג ער ניט. פאַר מיר איז ער צו טויגעוודיק". — האָט שטיין נאָכאַמאָל איבערגעחזרט שלמה זלמנס דרייסטן אויס־רעכענען פאַר אים, וואָס אַלץ פאַר אַ סטאָלאַר ער איז און צו וואָס אַלץ ער טויג. דערביי זיך דערמאָנט, וואָס מ'האָט אים איבערגעגעבן וועגן שלמה זלמנען, דעם שאָפער פון פאַראיינען, דעם אָרגאַניזירער פון אַרבעטער, נאָכדעם, ווי די פּאַפּירן זענען שוין געווען אונטערגעשריבן, אָוועקגעשיקט, און ער מיטן ווייב זענען שוין געווען אויפן וועג. איצט איז ער דאָ און מ'וועט מוזן זוכן אַ וועג פּטור צו ווערן פון אים, אַרויספּטרן

אים בסבר־פּנים־יפות פון זיין פאַבריק, האָט ער געמחשבהט און אַריבערגעקוקט איבער דער צייטונג, וואָס ער האָט געלייענט.

„פאַרוואָס ניט? אַז ער טויג אַזוי און איז מיט אַלע מעלות, ווי דו זאָגסט, פאַרוואָסזשע טויג ער ניט פאַר דיר? וואָס פאַר אַ חסרון איז דאָס, אַז די כלה איז שיין, איז אַזוי טויגעוודיק?" — האָט ס׳ווייב געוואָלט וויסן.

דעם ווייבס פראַגע, האָט אים אַרויסגענומען פון זיינע טראַכטענישן.

„אַ, ער איז צו גוט, און וואָס צו, טויג ניט; ער איז אַ צו גוטער בעל־מלאכה פאַר מיר, צו טייער פאַר מיר, פאַר מיין ס׳גאַל אַרבעט", — האָט ער אָפּגעפּטערט ס׳ווייב מיטן תירוץ פון טייערקייט.

# קאַפּיטל 6

נאָך די צוויי מענערס אַוועקגיין פון הויז, איר מאַן מיטן גרינעם, האָט די באַלעבאָסטע געהאַלטן אין איין וואַרפן זייטיקע אויגן אויף דער גרינער. מ׳האָט געזען, אַז ס׳ציט זי צו זויערע זאַכן, זי האָט עס באַמערקט נאָך נעכטן ביינאַכט ביים אויפנעם־טיש, ווו די גרינע האָט זיך צוגעכאַפּט צו דער טיי מיט ציטרין, מער ציטרין ווי טיי, צו די געמאַרינירטע הערינג. זי האָט באַלד חושד געווען, אַז די גרינע שוואַנגערט, איז אין אַנדערע אומשטענדן, אָבער איר מאַן האָט איר אויסגערעדט: „וואָס דיר פאַלט אַלץ איין?".

איצט, ביי פרישטיק, האָט זי געזען, אַז ס׳פאַלט איר שוין גאָרניט איין. אירע פרויען־אויגן האָבן איר געוויזן, אַז אַזוי איז עס, די גרינע איז מעוברת. און איצט, ווען די מאַנסבילן זענען אין הויז ניט געווען, האָט זי באַשלאָסן צו דערגיין אויף זיכער, און נאָכגעקוקט דער גרינער מיט אירע זייטיקע בליקן, אויף יעדן שריט און טריט באַטראַכט אירע גלידער, דעם גאַנצן קערפּער אירן. אָט, האָט ער געוויזן, אַז זי איז גערעכט, און אָט גאָר אָפּגעלייקנט די „סימנים" אירע; האָט זי דעריבער באַשלאָסן, פּשוט, זי פרעגן, אָפן און קלאָר, וואָס איז זיך דאָ צו באַהאַלטן?

דעם גאַנצן פרימאָרגן האָט זי פון דעם געטראַכט און געגרייט זיך פרעגן, און פונקט דאַן ווען זי האָט געעפנט ס׳מויל צו פרעגן, האָט זיך געעפנט די טיר און ס׳האָט זיך אַריינגעשטעלט שלמה זלמן, רויט ווי אַ צוויק פון קעלט, מיט ווייסן פראָסט אויפן גרויען קאַראַקול — אוןביידע פרויען זענען פאַרנומען געוואָרן מיט אים, מיט זיין אַהיים־טרעפן אַליין, מיט אויספרעגן אים וועגן די געשעענישן פון טאָג ביי שטיינען.

ער איז שטיין געבליבן ביים אויפסניי יום־טובדיקן געדעקטן טיש און פארלוירן זיין חשק אויסצושייגעצן די פרויען, פאר זייער באטראכטן אים פאר עפעס א כאמולע, א פויער, וואס ווייסט ניט קיין צורת־אלף, קען קיין ווארט ניט איבערלייענען, ווערט מבולבל אין א גרויסער שטאט, ווייסט ניט ווו איין ווו אויס. מיט תרעומותדיקע אויגן, האט ער געקוקט אויף זיין פרוי און פאריבל געהאט אויף איר, פארוואס זי האט ניט געזאגט דער פרוי, אז זיי זענען שוין אויסגעווען א וועלט מיט שטעט און ניט פארלוירן געגאנגען.

די פרוי האט פארשטאנען זיין בליק, דערפילט, אז זיי באציען זיך צו אים ווי צו א קינד, און האט זיך פארענטפערט פאר אים מיט ווערטער פול מיט זארג: „די קעלט איז דאך ממש סכנות־נפשות! ביסט געגאנגען צופוס? דו מוזט דאך זיין אויסגעפרוירן ביזן ביין!" זי האט אים אוועקגעפירט אין זייער צימער אריין. „די קעלט, די פרעסט זענען דאס יאר מחוץ לדרך הטבע, ניט געווען נאך אזעלכע קעלטן דא, ווי היי יאר", — זאגט די באלעבאסטע פון הויז.

„פון קעלט קען מען דא חלילה ניט שטארבן און אויפן גאס ניט געפרוירן ווערן. ס'שטייען אויוועלעך און ווארעמען די גאסן" — האט ער זיך געוויצלט.

„חכמע דיך, נאר חכמע דיך. אלץ איז ביי אים א חכמה", — האט זיין פרוי גערעדט, אנגעשטעלט אויף אים אירע אויגן, געווארנט ער זאל זיך אויפהערן חכמענען, ניט חוזק מאכן פון איר און דער גוטער פרוי, וואס זארגט זיך וועגן זיי, ווי א גוטע מאמע.

„אין א שטאט מיט מענטשן איז זיך דא צו זארגן ווען מ'האט נאר מויל און אויגן? — און די אויוועלעך זענען באמת ניט קיין חכמה, זיי שטייען טאקע אויף די ראגן פון גאסן, ברענען, און מענטשן ווארעמען זיך ביי זיי, איך אליין האב זיך ביי זיי געווארעמט. זאגט זיי צי דאס איז ניט אמת?" — האט ער זיך געווענדט צום אריינקומענדיקן קרוב, וועלכער האט אריינגעיאגט אין הויז ווי א וויכער, רייבנדיק די געפרוירענע אויערן.

„ברר!, אמת ויציב! אבער וועלכער משוגענער שטעלט זיך ווארעמען ביי די אויוועלעך אין אזא ווינטער קעלט? מ'לויפט בעסער אהיים, ווי שטעלן זיך ווארעמען ביי פרעמדע אויוועלעך", — האט ער געבלאזן אין די הענט.

„און ווער פארנעמט זיך מיט הייצן זיי?" — וויל שלמה זלמן וויסן.

„ווער עס מוז, ווער ס'איז א גאנצן טאג אין גאס, לייגט צו קוילן. נו, וואס האסטו אויפגעטאן ביי אים?" — האט ער געפרעגט אויף שטיינען, ניט דערמאנענדיק זיין נאמען.

„כ'ווייס באמת ניט, וואס מ'האט צו דעם מענטשן? מיר האבן

געשמועסט, ער האָט זיך אויסגעפּרעגט וועגן אַלץ, ער זעט אויס צו זיין אַ פיינער מענטש, אַ גוח לבריות״.

„איך ? איך האָב צו אים גאַרניט, פרעג זיינע אַרבעטער, זיי וועלן דיר שוין זאָגן, וואָס זיי האָבן צו אים, זיי ווייסן וואָס ער איז, דער עקספּלואַטאַטאָר, דער בלוטזויגער !״.

„און וואָס רעגסטו זיך אַזוי אויף פּאַר די אַרבעטער ?״ — פרעגט דאָס ווייב.

„ער יאָגט זיך גאָרניט מיך צו עקספּלואַטירן, ער האָט מיך אָפּגערעדט פון קומען מאָרגן אַרבעטן, ווי איר, נאָר מיר גאָר געהייסן קומען מאָנטיק, כ׳זאָל זיך דערווייל אויסרוען אַביסל״.

„ס׳איז אַ טריק, אַ תחבולה אַזאַ, אויסצוהונגערן, כדי דו זאָלסט שפּעטער נעמען ווייניקער וויפיל ער וועט געבן, דו זאָלסט זיך ניט באַקלאָגן, אַז ער האָט דיך געאיילט, געצוווּנגען, ער טוט דאָס מיט אַלעמען. מאָנטיק וועט ער זאָגן זאָלסט קומען דאָנערשטיק״.

„ניט ביי מאָטיען, מאָרגן גיי איך אַרבעטן, מאָרגן הויב איך אָן״, — זאָגט שלמה זלמן מיט טריאומף. — „ווען ער האָט דערהערט, אַז איך בין געקומען זיך שטעלן אַרבעטן, שוין, דעם זעלבן טאָג, האָט ער מיך אָפּגערעדט, געהייסן זיך אָפּרוען ביז מאָנטיק כאָטש. איך בין אָבער באַשטאַנען אויף מיינִיקע, האָט ער זיך אָפּגעבעטן ביז מאָרגן, ער האָט מיר אַפילו געמאַכט קאָמפּלימענטן״.

„שומו שמים ! נסים ונפלאות, משיח׳ס צייטן ! אָבער כ׳וועל ניט גלויבן, כל זמן כ׳וועל ניט זען, אַז דו אַרבעטסט. היינט הייסט ער קומען און מאָרגן קען ער הייסן גיין״.

„זשיד ניע דאַוויאַרעק — אַ ייד גלויבט ניט״, — האָט שלמה זלמן געזאָגט.

מ׳איז געגאַנגען צום טיש, געגעסן וועטשערע, שמועסנדיק, דער־ציילנדיק פון שטעטל, ביז מען איז אַרויפגעקומען אויף געשטאַרבענע, געפּאַלענע, אָפּגעקומענע יורדים נעבעך, ווען מען די סאָסייטי העלפט. דאָס ווייב האָט געבעטן, מען זאָל אַריבערגיין אויף פריילעכערע טעמעס, וועגן לעבעדיקע מענטשן.

די נאַכט איז אַוועק אין דערציילן פון דער שווערער רייזע מיט דער שיף, פון דער באַן־רייזע ; און ווידער צוריק צום שטעטל, צו די צייטן און מענטשן, ווען דער משפּחהניק האָט געקענט און געדענקט — וועגן געשעענישן, וואָס ער האָט געהערט דערציילן פון זקנים אין שטעטל, מחלוקתן איבער חלפים און כשרות, וועגן רב, מורה־הוראה און רביים. אַזוי איז מען אַוועק שלאָפן, ניט פרי ; מידע אָבער צופרידענע, אויסדער־ציילטע פון פאַרבענקטן אַמאָל.

די צווייטע נאַכט, אין דעם נייעם לאַנד, מיט אַן אויסזיכט אויף אַרבעט, איז געווען אַ רואיקע. ער האָט געחלומט, אַז ער שפּאַצירט אין אַ גאָרטן און עס קומט אים אַנטקעגן דער זיידע זיינער, וואָס האָט אים, דעם אַפּיקורס, דעם ציוניסט־סאָציאַליסט־קאָמוניסט, באַהאַלטן פון דער פּוילישער פּאָליציי אין זיין חסידים־שטיבל ווו ער איז געווען שמש, און אים מצרף געווען, אין טלית און תפילין, צו אַ מנין. אַזוי חלומט ער: דער זיידע האָט זיך מיט אים דערפרייט, ווי דאַן, ווען ער פלעגט אַלס קינד גיין באַגעגענען אים, אים אַנטקעגן גיין, פלעגט ער אים ארייננכאַפּן אין זיינע אָרעמס, געזעצט אים אויף זיין שויס, געגלעט אויפן קעפל, און אים אויסגעפרעגט אויף דער סדרה פון דער וואָך, וועלכן פּרק מ׳זאָגט שבת הגדול. ער האָט געוווסט צו ענטפערן, אַז שבת הגדול זאָגט מען ניט קיין פּרק. פּרק זאָגט מען פון נאָך פּסח ביז סוכות, און נאָך סוכות הויבט מען אָן זאָגן „ברכי נפשי״. דער זיידע האָט אים דערפאַר געגעבן אַ קניפּ אין בעקל, און צוויי גריוועניקלעך פאַר די צוויי ריכטיקע ענטפערס.

ווי דאַן, האָט זיך אויך איצט דער זיידע דערפרייט, געווען מלא שמחה, אויסגעשטרעקט ביידע הענט און אים געווונטשן מזל־טוב: „כ׳הער, אַז דו גייסט מיט מזל ווערן אַ טאַטע, נו, זאָל זיין אין אַ מזלדיקער שעה. אָבער פאַרגעס ניט, אַז דו ביסט אַ ייד! געדענק, ס׳איז אומעטום איין וועלט, די זעלבע מענטשן, גוטע און שלעכטע, אָרעמע און רייכע, יידן און גויים, אָבער דער עיקר, פאַרגעס ניט, אַז דו ביסט אַ ייד!״ דער זיידע האָלט אין איין גיין און נעמט אים אויך מיט, ווי זיין געוווינהייט איז געווען, ניט צו שטיין אויף איין אָרט, נאָר באַוועגן זיך, ווי דער אומרו פון אַ זייגער.

דער זיידע איז ממשיך: „צו זיין אַ ייד איז דאָ ווי דאָרט זייער גרינג. להיפּך, ווי ס׳זאָגט דער שלום־עליכם אייערער, אַז ס׳איז שווער צו זיין אַ ייד. וואָס איז דען יידישקייט? — אַלץ וואָס איז יושרדיק, גערעכט און מענטשלעך, איז יידיש. און אַלץ וואָס איז פאַרקערט פון דעם, איז ניט יידיש. היוצא מדברינו? אַזוי ווי די גאַנצע וועלט איז ניט יידיש, קען מען מיט יעדן ביסעלע גוטסקייט און ערלעכקייט זיין אַ גוטער ייד. צו זיין אַ ייד איז גרינג, זייער גרינג, מען דאַרף נאָר וועלן. וויל נאָר וועסטו קענען זיין אַ ייד און די קינדער יידן!״ דעם זיידנס קול האָט זיך דער־ווייטערט. ער האָט דערהערט דעם משפּחהניקס טריט, און זיך אויפגעכאַפּט.

„שוין שפּעט?״ — האָט שלמה זלמן אַרויסגעפרעגט פון זיין שלאָפצימער.

„ניט שפּעט״, — ענטפערט דער קרוב. — „נאָר צייט שוין צו גרייטן זיך, אויב דו גייסט אַרבעטן היינט״.

שלמה זלמן דערציילט אים: „אַ מאָדנע זאַך, איך האָב איצט געזען

דעם ייִדן אין חלום״. אָבער פונעם געשפּרעך מיטן ייִדן דערציילט ער אים ניט, אַפילו זיין ווייב אויך ניט, ווייל זי לאַכט שטענדיק פון זיינע חלומות.

צו דער פאַבריק איז ער געקומען פרי, צוזאַמען מיטן באַלעבאָס, ווי זיי וואָלטן זיך אָפּגערעדט. ער האָט געהאָלפן מיסטער שטיינען עפענען די שווערע מאַסיווע טיר, מיטן דיקן אייזערנעם פּרענט.

„ס׳הײַנטיקע קומען איז אינגאַנצן געווען איבעריק, ס׳איז דאָך שוין היינט פרייטיק״. — האָט מיסטער שטיין געזאָגט, אַריינקומענדיק מיט אים אין דער פאַבריק.

„איר האָט דאָך געזאָגט, אַז איר ווילט מיך אויספּרוּוון, זען וואָס איך קען, צו וואָס כ׳וועל זיך אויסטויגן״, — האָט אים שלמה זלמן דערמאָנט.

„און דו האָסט מיר פאַרזיכערט, אַז צו אַלץ, וואָס נאָר אין סטאָלעריי, טויגסטו״, — איז שטיין אים ניט געבליבן שולדיק קיין ענטפער.

„אַז איך בין שוין דאָ, וועל איך זיך אַרומקוקן״, — האָט זיך שלמה זלמן געעקשנט.

„מיינע אַרבעטער האָבן פיינט, אַז מען דרייט זיך זיי צווישן די פיס, וואָס קענסטו דאָ דען זען, וואָס דו ווייסט ניט?״ — האָט מיסטער שטיין אים פאַרשטעלט דעם וועג אין פאַבריק אַריין.

„ס׳וועט אייך גאָרניט קאָסטן, און מאַנטיק וועל איך שוין זיין מער באַקאַנט מיט דער פאַבריק סביבה״, — האָט שלמה זלמן ניט אָפּגעלאָזט.

„נו גיי, אָבער ביז מען וועט זיך שטעלן אַרבעטן״, — האָט ער אָפּגעטראָטן פון וועג, אַריינגעלאָזט אים טיפער אין פאַבריק אַריין און אים נאָכגעגאַנגען פון הינטן, געלאָזט אים באַטראַכטן די מאַשינען און צום סוף אים באַגלייט צו דער טיר.

ווען ס׳וואָלט געווען זומער, וואָלט שלמה זלמן זיך אַרומגעדרייט דעם טאָג אין דרויסן, אַבי ניט גיין אַהיים, מען זאָל ניט געוואָר ווערן, אַז שטיין האָט אים אָפּגעזאָגט. אָבער דער ווינטער האָט אים געטריבן פרי אַהיים, ווי פון אַ לוויה.

דער משפּחהניק האָט שוין גאָרניט גערעדט, דאָס איז געווען ערגער ווי ער וואָלט געשריגן. פרייטיק און שבת זענען געווען טעג פון לאַנג־ווייליקייט, וואָס האָט געטריבן פון שטוב אַרויס און די קעלט צוריק אַריין אין שטוב. שבת־פאַרנאַכט זענען געקומען דער פּולטוסקער און דער גאַרבער, זיי האָבן גענעצט די ווונד מיט זאַלץ־וואַסער. זיי האָבן דערציילט, אַז ביי זייערע פאַכן איז קיין שטאָך אַרבעט ניטאָ, און אַזוי ווי ס׳איז קאַלט אין דרויסן, אַזוי ברענט דער פראָסט און דער דלות ביי זייערע משפּחות אין די הייזער. אָבער זיי האָבן זיך געטרייסט מיט הארץ־חלשות, אַז דער ליבער זומער וועט קומען וועט מען שאַרן גאָלד אין די גאַסן.

„גאָלד איז שווערער פון וואַסער, ס׳שיינט אַרויס פון דער בלאָטע, אויב ס׳וועט נאָר ניט אָוועקשווימען מיטן פּרילינג״, — האָט זיך דער פּולטוסקער געוויצלט.

זונטיק זענען זיי אַוועק צו דער סאָסייטי, דער קרוב האָט אים געפירט „זיך באַקענען מיט מענטשן״. דאָרט האָט ער געטראָפן ראובן פּויקער, דעם איינציקן, וואָס ער האָט געקאָנט נאָך פון שטעטל, וואָס האָט געפּויקט אויף דער קעסל־פּויק אינעם אָרקעסטער פון דער פּאַזשאַרנע־קאָמאַנדע — די פייערלעשער פון שטעטל. געווען דער זון פון „שייגעץ אריה״, ווי די חסידים האָבן פאַרחוזקט גערופן זיין טאַטן, לויטן חסידישן ספר „שאגת אריה״, פאַר זיין מיאוסער טבע, אָפּצושייגעצן יעדן איינעם, אַפילו אַלטע און גראָע מענטשן, פאַר דער מינדסטער קלייניקייט, אויפן הויכן קול, אַז מ׳האָט געהערט פון דער פאַראַד־גאַס ביז דער באָד־גאַס זיינע געשרייען: „דרך ארץ! דרך ארץ, שייגאָץ איינער, דרך ארץ!״.

יידן האָבן אויסגעמיטן זיך צו טרעפן מיט אים אין גאַס, געלאָפן פון אים, ווי פון אַ שריפה. ווען מ׳האָט געוואָרנט איינער דעם אַנדערן, אַז דער „שייגעץ אריה״ גייט, איז געוואָרן אַ געלויף, אַ באַהאַלטעניש, יעדערער האָט געזוכט אַן אָרט ווו אַנטרינען צו ווערן פון דעם „שייגעץ אריה״.

ראובן פּויקער, וואָס האָט זיך צוליב דער פּויק, צוגעוווינט צו רעדן הויך, האָט אויך דאָ, אין נייעם לאַנד, ניט געקאָנט זיך אָפּגעוווינען פון זיין הויך רעדן און האָט אויסגעפּויקט זיינע רייד אַזוי ווי אין שטעטל. ער האָט זיך זייער דערפרייט מיט שלמה זלמנען און פאַרפּויקט דעם גאַנצן זאַל מיט זיינע זכרונות פון שטעטל.

„אויב ער וועט דיך לאָזן, דריי זיך אַרויס פון דעם שטיינען. ער איז נאָ גוד, נאָר כפּרות צו שלאָגן מיט אים!״ — האָט ראובן אויסגעפּויקט אים זיין עצה, וואָס איז געווען ווי זאַלץ אויף די ווונדן.

אויפן וועג אַהיים, האָט דער קרוב מיט אים אָפּגעטראַכטן אין יידישן „לייבאָר־ליסעום״, כדי צו באַקענען אים מיטן יידישן אַרבעטער־הויז, מיט חברים סטאָלאַרעס און זייער סעקרעטאַר, פאַר וועמען ער האָט פאַרגע־שטעלט שלמה זלמנען און פאַרזיכערט אים, אַז ער האָט פאַר זיך אַן איבערגעגעבענעם אַרבעטער און עסקן אין אַרבעטער־פאַראיינען.

שלמה זלמן האָט געשוויגן, פאַר אים האָט גערעדט דער סאַברינענער פּאַלטאָ מיטן קאַראַקולענעם קאָלנער און מאַנקעטן — די אַטראַקציע פון אַלע זיינע באַקאַנטשאַפטן. זיי האָבן געמאַכט „פּאַוואַזשאַניע״, געשאָפן פאַר אים אַנזען, און אַלע האָבן געוואָלט וויסן: צי דאָס איז די מאָדע אין אייראָפּע.

אויך דער זונטיק איז געווען אַ לאַנגווייליקער. דער איינציקער

ליכטיקער פּונקט איז געווען דער מאָרגן, מאָנטיק — דער פאַרגעזעענער אָנהויב פון זיין אַרבעט.

„האָסט ניט קיין כלים?" — איז מיסטער שטיין גלייך צוגעטראָטן צום ענין אַרבעט, ווי נאָר ער האָט אים דערזען. — „דאַרפסט אַ זעג, אַ האַמער, אַ הובל, אַ שטאַמאייזן, אַ פּאַרטיפער, ניין, אַ פּאַרטיפער דאַרפסטו ניט, קענסט נוצן אַ טשוואַק, אָבער די אַנדערע כלים מוזט דו האָבן, און זיי קענסטו זיך ניט באַגיין. זיי דאַרפן זיין פון מיטעלער מאָס, ניט צו גרויס און ניט צו קליין. ליידער האָבן מיר ניט קיין איבעריקע כלים, דיר זיי אויסצובאָרגן. דאַרפסט אויך האָבן אַ פּאָר 'אָוועראָלס', אַלטע צי נייע, בעסער אַלטע", — האָט ער אָוועקגענומען די אויגן פון סאָבריגענעם פּאָלטאָ.

„מען קריגט צו קויפן, מיין איך?" — איז שלמה זלמן ניט אַראָפּ־געפאַלן ביי זיך, און ניט אָפּגעשראָקן זיך פון דעם פרישן אָפּהאַלט פון שטעלן זיך צו דער אַרבעט.

„אוודאי, פאַרשטייט זיך, פאַרשרייב" — איז מיסטער שטיין מסכים.

„כ'דאַרף ניט פאַרשרייבן, כ'געדענק שוין פון אויסנווייניק, כ'דאַרף אַ זעג, אַ האַמער, אַ הובל, אַ שטאַמאייזן, אַלץ פון מיטעלן מאָס און אָווערראָלס". — האָט שלמה זלמן זיך געלאָזט צום טיר.

מיטאָג־צייט האָט ער זיך אַריינגעשטעלט צוריק אין פאַבריק אַריין מיט אַלע כלים איינגעוויקלט אין די אָווערראָלס. מיסטער שטיין איז שוין ניט געווען, ער איז אָוועק עסן מיטאָג און די אַרבעטער האָבן געגעסן נעבן זייערע וואַרשטאַטן און מאַשינען. ער האָט זיך אויסגעזוכט אַ ליידיקן וואַרשטאַט, ביי וועלכן קיינער איז ניט געזעסן, און דאָרט אויפגעפּאַקט דאָס פּעקל מיט כלים, זיי צעשטעלט און צעלייגט און זיך געזעצט וואַרטן. קיינער פון די אַרבעטער האָבן צו אים קיין וואָרט ניט אויסגערעדט, געקוקט אויף אים מיט פאַרשנדיקע בליקן. מקנא געווען מיט זיין אַרבעטס־פּלאַץ, האָבן זיי אים ניט, גוט רעדן וועגן זיין באַלעבאָס האָבן זיי ניט געקענט, גרין האָט ער אויסגעזען ווי גראָז, האָבן זיי געשוויגן, געגעסן און געשוויגן.

אַ גרויסער, פאַרשטויבטער זייגער אויפן וואַנט, האָט איצט, אין דער אומעטיקער רואיקייט פון מענטשן און מאַשינען, געלאָזט זיך הערן מיט זיין מאָנאָטאָנעם קלאַפּן, ביז ער איז דערגאַנגען צו איינס און ער האָט, ווי אַן איבערגעגעסענער, אַרויסגעגרעבצט דעם איינס.

ווי נאָר דער זייגער האָט אַרויסגעגרעבצט דעם איינס, איז יעדערער אויפגעשפּרונגען פון זיין אָרט ביים וואַרשטאַט, פאַרווישט די שפּורן פון זיין עסן, און דאָס געלויף האָט זיך ווידער אָנגעהויבן, דאָס געיעג פון מענטש און מאַשין, געמישט מיט מענטשלעכן אָטעם און אייזן־קלאַנג.

דער אָפּקלאַנג — ווי אַן אַרמײ וואָלט געלאָפן, געפאַלן, מיטשלעפּנדיק זייער געווער, אַלץ איז אַריין אין אַ לעבהאַפטיקן מעטאַל־געווירבל, וואָס האָט פאַרטויבט דעם אַרום. דער פאַרשטויבטער וואַנט־זייגער האָט שטום גערוקט זיינע צוויי ווייז־פינגער און געוויזן, אַז ער ציילט דעם טומל און ער וועט זאָגן, ווען ער זאָל אויפהערן.

פּינקטלעך 15 נאָך איינס, צו דער מינוט און רגע, האָט זיך אַריינגעשלייכט אין פאַבריק מיסטער שטיין. ער איז גלייך צו צו שלמה זלמנען און גענומען באַטראַכטן די כלים. יעדע כלי גענומען אין האַנט אַריין און געזאָגט מבינות מיט אַ „גוט, פיין", געהייסן אים אָנטאָן די אָוועראָלס און זיך שטעלן אָנשאַרפן די כלים, ער איז פאַרשוווּנדן.

אַ ווײַלע שפּעטער איז ער צוריקגעקומען, זיך צוגעשטעלט צום שאַרפשטיין ווו שלמה זלמן איז געשטאַנען און געשאַרפט דעם הובל־אייזן און שטאַמאייזן, באַטראַכט זייער שאַרפקייט און גלאַטקייט מיטן פינגער־נאָגל, ווי אַ שוחט זיין חלף, און זיי באַשטעטיקט צו דער אַרבעט. מיט שנעלע טריט איז ער אַרויס פון דער פאַבריק און געגאַנגען מיט דער גאַס אַראָפּ, און שלמה זלמן נאָך אים.

ער האָט זיך פאַרהאַלטן און באַטראַכט אַ הויז, בעת שלמה זלמן האָט אים אָנגעיאָגט, געשאָקלט מיטן קאָפּ אויפן הויז, ווי ער וואָלט עס באַדויערט צוליב זיין נעבעכדיקן אויסזען, אַריינגעטראָטן אין אַ פריער אויסגעטראָטענער שניי־סטעזשקע, און אַזוי אַריין אין הויז. נאָכרופנדיק שלמה זלמנען, האָט ער פאַר אים אָפן געהאַלטן די טיר ביז ער איז אַריין אין איר. ער איז געבליבן שטיין אויף אַ באַרג מיסט, אַרומגערינגלט מיט פאַרחושכטע שוואַרצע ווענט, ווי נאָך אַ שריפה. „מאַך דערפון אַ לייט", — האָט ער אַ ווייז געטאָן מיט דער האַנט איבערן חושך אַרום. — „דו ווייסט שוין אַליין, וואָס מען דאַרף טאָן".

מיט דעם זאָג, האָט ער אים איבערגעלאָזט אינמיטן חושך, צווישן שמוץ און קויט, ביי אָפּגעריסענע, אָפּגעשיילטע טאַפּעטן־ווענט און איז אַוועק. מיט אַ פּאָר מינוט שפּעטער איז ער צוריקגעקומען מיט אַ רידל אין האַנט, אַריינגעשפּאַרט זיך אין דער אָפענער טיר, ניט אַריבער־טרעטנדיק די שוועל אַפילו, און דערלאַנגענדיק אים דעם רידל, האָט ער געזאָגט: „דאָס, מיין איך, וועסטו דאַרפן אַלעס ערשטן, נאַ". — אַריינגעשטאָכן דעם רידל אין דעם באַרג מיסט און איז פאַרשוווּנדן.

ווען שטיין איז געקומען אים זאָגן, אַז ס'איז שוין צייט אַהיים צו גיין, איז דאָס גאַנצע מיסט שוין געלעגן אין אונטערשטן הויף פון הויז, וואָס האָט פאַרשוואַרצט דעם ווייסן שניי, און די נאַכט טונקלקייט האָט פאַרשטעלט און באַהאַלטן די חרפה, די פאַרשוועכונג.

אַז קיינער האָט ניט געפרעגט אין הויז ווי אַזוי ס'איז אים אַוועק

דער ערשטער טאָג אַרבעט, האָט ער אויך ניט דערציילט ביי וואָס ער האָט געאַרבעט. וואָס איז אייגנטלעך דער אונטערשיד ביי וואָס מען אַרבעט? דער עיקר, אַז מ'אַרבעט, דאָס וואָס ער האָט אַליין ניט איינמאָל געזאָגט צו אַנדערע, אָבער פאַרדראָסן האָט אים, וואָס קיינער פרעגט ניט, אַפילו זיין ווייב וויל ניט וויסן, וואָס און ווען, אַבי ער אַרבעט, דאָס איז אויך ביי איר דער עיקר.

אָבער אים, איז שוין יאָ געווען אַן אונטערשיד, צי ער רייניקט אויס אַ מיסט־קאַסטן, אָדער ער מאַכט דעם מיסט־קאַסטן. אָבער געזאָגט האָט ער גאָרניט, ניט צו שטיינען, ניט צו זיין ווייב, און ס'האָט זיך אַזוי איינגעשטעלט, ניט צו באַלעסטיקן זיך איינער מיטן אַנדערנס פּראָבלעמען, וואָס מוזן זיך אויסשטיין פון זיך אַליין, וואָס ווערלן זיך אַליין לייזן.

ער האָט ניט באַלעסטיקט מער זיין ווייב, פּעסעלע דעם אייזנקרעמערס איינציקע טאָכטער, דאָס שענסטע מיידל אין שטעטל, די אויסגעבעטענע און ציטערדיקע מתנה, פונעם אייזנקרעמער און זיין ווייבס לאַנג־יאָריקער עקרהשאַפט — דער ערשטער און דער לעצטער שאַפונגס־טאַט, וואָס איז געווען איבער דער מאַמעס כוחות, און זי האָט דערפאַר באַצאָלט מיט איר לעבן, געבנדיק דער וועלט פּעסעלען.

מ'האָט אָפּגענומען ביי איר מיט גרויס שוועריקייט דאָס אויסגע־בענקטע קינד, וואָס זי האָט אויסגעטראָגן פאַר דער וועלט. אַ מידע, אַן אויסגעשעפּטע, פון דער גענומענער אויף זיך שווערער אויפגאַבע — אַן דער צושטימונג פון איר נאַטור און קערפּער — האָט זי אויסגעהויכט איר נשמה. און די וועלט האָט חלילה ניט געליטן קיין שאָדן, קיין דעפיציט. ה' נתן, וה' לקח. גאָט האָט צוגענומען איין לעבן, און צוריק געגעבן אַ צווייט לעבן.

אויך דער אייזנקרעמער האָט ניט פאַרלוירן זיין גלייכגעוויכט נאָך זיין ווייבס טויט. פּערל דעם מילנערס פאַרזעסענע מויד האָט אויסגעגלייכט די וואָג־שאָל, איין ווייב איז אוועק, אַ צווייט ווייב איז געקומען. פּערל, יוחנן מילנערס טאָכטער, האָט באַלד צוגעשטימט חתונה האָבן מיטן אייזנקרעמער, און צו זיין אַ גוטע מאַמע צו זיין טאָכטער, וואָס האָט זיך דערוויל געכאָוועט ביי זיין שוועסטער, ווייל ווען איר שוועגערין איז געשטאָרבן, האָט זי אַליין אַנגעהויבן זייגן אַ קינד. זי האָט אַריינגענומען פּעסעלען, איר ברודערס יתומה, און געטיילט זיך מיט אירע ברוסטן, גלייך אויף גלייך, איר קינד איין ברוסט און פּעסעלען, דער יתומה, די צווייטע.

פּעסעלע האָט געזויגן ביי איר מומע ביז זי איז אַנטוויינט געוואָרן. דער אייזנקרעמער האָט זיך אויסגעגלייכט מיטן מילנער, מ'האָט געבראַכט טעלער, געשטעלט אַ חופּה, פּעסעלע איז געוואָרן פּערלס קינד, און פּערל איר מאַמע. ביז פּעסעלע איז אונטערגעוואַקסן, געוואָרן אַ גרויס מיידל

און דערקענט, אַז די ענלעכקייט פון איר צו איר מוטער איז ווי טאָג קעגן נאַכט. אַ סך אַנדערשקייט האָט זי געזען צווישן זיך און איר מוטער, און אַז אויך צווישן טאַטן און דער מאַמען איז אַ תהום, ווי ווינטער קעגן זומער, ווי פייער און וואַסער, און אַז די וואַסערדיקע פּערל פּאַרלעשט דעם טאַטן, דעם פייערדיקן אייזנקרעמער, און אַז ער טליעט ביי איר, ווי אַן אויסגייענדיקע גלאָווניע, וואָס זי לאָזט ניט אויסגיין, אויסלעשן זיך אינגאַנצן, נאָר צעבלאָזט דאָס פייער און ווען ס׳צעברענט זיך, דישעט זי עס צוריק איין.

דערפאַר האָט דער אייזנקרעמער ליב געהאַט זיין פּעסעלען, מער ווי זיין אייגן לעבן, געפּיעשטשעט זי, און ס׳איז ניט געווען קיין טייערע זאַך פאַר זיין פּעסעלען. ער האָט זי געקליידט אין די שענסטע און טייערסטע קליידער, געהאַלטן פאַר איר לערער, געוואָלט זי זאָל זיין אַ געבילדעטע, און ווען פּעסעלע איז עלטער געוואָרן, האָט ער פאַר איר געדונגען דעם בעסטן סטודענט פון אַגראַנאָמישן אינסטיטוט פאַר אַ לערער, אַ יידישן סטודענט, פאַרשטייט זיך, און געהאַפּט שטילערהייט, אַז ער וועט אָוועקנעמען זיין פּעסעלען קיין פּעטערבורג, קיין מאָסקווע, אָדער אין וועלכער אַנדערער גרויסער שטאָט.

פּעסעלע איז געוואָקסן שיין, געלערנט זיך גוט, און ווען דער אינסטיטוט וואָלט אַריינגענומען פרויען פאַר אַגראַנאָמען, וואָלט פּעסעלע זיכער געווען דער בעסטער סטודענט דאָרט, אַזוי האָט געזאָגט דער לערער אירער, און דער אייזנקרעמער האָט אים געגלויבט מיט זיין גאַנצן האַרצן. ער וואָלט פאַר זיין פּעסעלען געקראַגן אַפילו דאָס טעלערל פון הימל, ווען זי וואָלט עס נאָר געוואָלט. אָבער פּעסעלע איז געווען קלוג און ניט פאַרלאַנגט דאָס אוממעגלעכע. זי האָט געחלומט פון פּרינצן און ריטער, געליבטע קאַוואַלערן און פון ביאַמטשע וואַדיאַנקערס.

דער צווייטער פון אירע טרוימענדיקע באַהאַלטענע „דאָן זשואַנען״, פון וועמען זי האָט געחלומט שטילערהייט, איז געווען שאול דעם שניט־קרעמערס, אויך אַ סטודענט פון אינסטיטוט. ער האָט געקענט שפּראַכן, געווען מער געלערנט פון איר לערער, וועמען ער האָט באַגלייט צו די לעקציעס מיט איר. געוואַרט אויף אים, ביז ער איז פאַרטיק געוואָרן, און געשאָקלט צו איר מיט זיין געקרייזלטן קאָפּ ביים אַריינקומען און ביים אָוועקגיין. שאול איז אויך געווען יינגער פון איר לערער און שטאַלטנער פון אים. פאַרוואָס איר טאַטע האָט אויסגעקליבן דעם רויטן לערער און ניט שאולן, האָט זי ניט געקאָנט פאַרשטיין.

אויף איר ריטער־לייטער אַביסל נידעריקער ווו ס׳זענען געזעסן ביאַמטשע און שאול, זענען געשטאַנען בעריש יונהלעס און אברהמטשע דעם קאַרעטע־מאַכערס. און ווער עס זאָל שטיין נאָך נידעריקער פון זיי,

איז איר ניט אָנגעגאַנגען אַפילו. ווען מ׳וואָלט איר געזאָגט, אַז זי וועט אַמאָל אַריינפאַלן אין דער „צרעת״־משפּחה, וואָלט זי און איר טאַטע פאַרשטיינערט דעם פינצטערן נביא, לעבעדיקערהייט. אַזוינס האָט גאָרניט געקאָנט געמאָלט זיין, אַז ס׳איז ניט געבוירן געוואָרן דער נביא, וואָס זאָל וואָגן דאָס ברענגען פאַרן מויל!

און זי, די פאַרחלומטע פּעסעלע, האָט געלערנט וואָס מער, געטראַכט נאָר פון לייענען און דערגרייכן וואָס מער וויסן, כדי זי זאָל קענען אָנקומען צו איינעם פון אירע געהיימע געליבטע, צו ביאַמטשען אָדער צו שאולן. צוליב זיי האָט זי אויסגעלייענט אַלע רוסישע, פּוילישע און יידישע ביכער פון שטעטל. ווו נאָר ס׳האָט ווער געהאַט אַ בוך, האָט זי עס געבאָרגט און געלייענט אַפילו מער ווי איין מאָל. דערפאַר, ווען שלמה זלמן, יחזקאל דעם בעדנערס און אַנדערע, האָבן אָנגעהויבן רעדן פון אָרגאַניזירן און שאַפן אַ ביבליאָטעק אין שטעטל, האָט פּעסעלע זיך אַליין פאַרגעשלאָגן אַלס סעקרעטאַרין און ביבליאָטעקאַרין, און אַז זי האָט געוואָלט, האָט דער טאַטע אירער צוגעשטימט, און אַפילו געגעבן געלט אויף ביכער פאַר דער ביבליאָטעק, אויף איר מאַמעס נאָמען.

אין דער ביבליאָטעק האָט פּעסעלע אויפגעלעבט. זי האָט געלייענט די ביכער די ערשטע, און זיי דערנאָך אַרויסגעגעבן צו אַנדערע אויף איר מבינות, מיט אַ פאַרזיכערונג, אַז דאָס איז אַ גוט בוך. זי האָט עס געלייענט און רעקאָמענדירט עס, און די מיידלעך און בחורים פון שטעטל, זענען צו איר געקומען נאָך די בעסטע ווערק, ווי סטרינדבערגס „דער פאָטער״, מיצקעוויטשעס „פּאַן טאַדעוש״, אָזשעשקאָוואַס „מאיר עזאָפאָוויטש״, טאָלסטאָיס „מלחמה און שלום״, היינעס „לאָרעליי״, פּרצעס „מאָניש״ א. א. וו.

ווען אַלע „האַרץ־פּראַגן״ איז מען געקומען צו פּעסעלען. זי האָט געראַטן, מיטגעהאָלפן אַלע ראָמאַנטישע האַרץ־ענינים, די שטילע, פאַר־בענקטע הערצער. געטרייסט און געמוטיקט, ביז זי אַליין האָט נעבעך געקראָגן אַ צעבראָכן האַרץ... ביאַמטשע אירער איז אַהיים געקומען פון זיין לערנען אין דער גרויסער שטאָט און זיך פאַרליבט אין לאָניטשקע חיים באַיערס. שאול דעם שניט־קרעמערס איז פאַרשווונדן געוואָרן פון שטעטל, בעריש יונהלעס איז צוריק אַריין אין בית־המדרש, געוואָרן אַ כניאָק, אַ באַנק־קוועטשער, און אברהמטשען דעם קאַרעטע־מאַכערס, האָט די פּאָליציי אָוועקגעפירט אַ געשמידטן אין קייטן אין דער גובערניע, פאַר זיינע קאָמוניסטישע רעדעס, וואָס ער האָט געהאַלטן פאַר די פויערים, און שלמה זלמן האָט ביסלעכווייז איינגענומען איר האַרץ.

אַ נביא, אַ שדכן, אַזעלכע צוויי גיבורים, וואָס זאָלן גיין אין מלחמה קעגן שטאַנד און יחוס פון אייזנקרעמער און זיין טאָכטער, איז אין שטעטל

ניט געווען. צוויי פּאַליצעס ביכער האָבן זיי פאַרטרעטן, פּאַליצעס אָנגעפּראָפּטע פון דיל ביזן סופיט, צווישן וועלכע פּעסעלע איז געזעסן, געלייענט און אַרויסגעגעבן צום לייענען. זיי זענען געווען די גיבורים, וואָס האָבן געבראַכן די שטאַנד־פעסטונג, איינגעבראָכן די יחוס־ווענט פון אייזנקרעמער און זיין טאָכטער, און ס'זענען געבוירן געוואָרן צוויי העלדן, איינער, וואָס האָט באַזיגט און איינער, וואָס האָט געבראַכט אַ קרבן.

שלמה זלמן האָט שוין לאַנג געהאַלטן אין אויג אויף דער שלאָס־פעסטונג פון אייזנקרעמער און זיין פּרינצעסין; ניט איינמאָל האָט ער געטראַכט פון איינגעמען די פעסטונג, אָבער ווי אַזוי איינצוברעכן די ווענט פון יחוס מיט זיין דייקן אָרעם אין יחוסדיקן כלי־זין, האָט ער, צו זיין גרויסן צער, ניט געוווּסט. האָט ער זיך גענומען שאַפן די ביבליאָטעק, אָרגאַניזירן דעם פאַראיין, ווערן אַ חלוץ, ווערן אַ סטאָלאַר פאַר ארץ־ישראל, איינשאַפן זיך יחוס־עצמו — אויב ער האָט ניט קיין זכות־אבות, וועט ער אַליין ווערן אַ יחסן, מיט אייגענעם כוח צעשטערן די יחוס־מויער, און זיך נעמען די שיינע פּרינצעסין.

פון זיין אייגענער פעסטונג, אין דער ביבליאָטעק, צווישן די ביכער־פּאַליצעס, אויף די געהיימע זיצונגען פון טשעשלער־ און סטאָלאַר פאַראיין, אָפּגעהאַלטן אין דער ביבליאָטעק, דאָרט האָט ער געשטורעמט דעם אייזנקרעמערס פעסטונג און געקראָגן זיין שיינע פּרינצעסין...

דאָ, אין דער ביבליאָטעק, האָט שלמה זלמן איינגענומען פּעסעלען און געפּועלט ביי איר אַ סך זאַכן: צווישן אַנדערע, זי זאָל צושטימען, אַז די זיצונגען פון טשעשלער פאַראיין זאָלן פאָרקומען אין דער ביבליאָטעק, ביז מ'וועט קריגן די דערלויבעניש און עפענען דעם פאַראיין. מיטן באַקומען די דערלויבעניש האָט מען געדונגען אַ פויערישע כאַטע ווייט פון שטעטלדיקער קאָכעניש, לעבן קאַלך־אויוון. שלמה זלמן האָט פאָרגעשלאָגן פּעסעלען אַלס סעקרעטאַרין פון ניי־געגרינדעטן סטאָלאַר־פאַראיין און ער אַליין איז געוואָרן דער פאָרזיצער און פירער.

דאָן איז אַלץ וועגן איר און שלמה זלמנען, אַרויס, ווי בוימל אויפן וואַסער; און פּערל, איר שטיפמוטער, דעם מילנערס טאָכטער, האָט געהאַלטן אין איין פרעגן: „וואָס זעט זי אין דער 'צרה' פון דער צרעת־משפחה, אין וועלכער זי איז אַזוי פאַרכלאַפּטשעט געוואָרן?". און איר טאַטע, דער אייזנקרעמער, האָט זיך באַלד אַריינגעמישט: „אַ שיינע חכמה, כ'לעבן, ווען מ'זאָל וויסן וואָס ס'איז אַזוינס ליבע, וואָלט זי פאַרלוירן איר אידעאַלן טעם און ווערט, ליבע איז דאָך בלינד און איז גורם גליק דאָרט, ווו מען ריכט זיך גאָרניט..."

און פּעסעלע איז, מיט איר טאַטנס ברכה, געבליבן די סעקרעטאַרין פון טשעשלער־פאַראיין און די געליבטע פון שלמה זלמנען, ביז מ'האָט

דעם פֿאַראיין פֿאַרמאַכט, און ס׳איז שיעור ניט געקומען צו אַ פּאָגראָם אין שטעטל. שלמה זלמן האָט זיך אויסבאַהאַלטן אין באָד־קאַמער, אונטער די האַלץ־קלאָפּטערס. ווען פּעסעלע האָט דאָרט ביי אים געטאָגט און גענעכטיקט, האָט דער אייזנקרעמער פֿאַרלאַנגט מ׳זאָל שטעלן אַ חופּה, און אַ סוף זאָל נעמען צו דער פֿאַרליבעניש.

פֿון שימעלע „צרעת״ איז ניט געווען קיין מניעה, פֿון שלמה זלמנען אוודאי ניט. ער האָט געוואָלט פּעסעלען און זי שוין געהאָט, פּעסעלע איז שוין לאַנג געווען זיין ווייב. בלויז איר האַנאַר, האָט ניט דערלאָזט, זי זאָל זיך ביי אים בעטן, אָדער מאָנען אַ חופּה. און זי האָט ביי זיך געהאַט אָפּגעמאַכט, אַז זי וועט ניט מאָנען, ביז זי וועט ניט מוזן... ניט פֿריער. איצט, אַז דער טאַטע האָט שוין אַליין געמאָנט, איז איר האַנאַר ניט געטראָפֿן געוואָרן, און אַלץ האָט זיך געענדיקט צום גוטן.

אין אַ פֿינצטערער, שטערנלאָזער נאַכט, ווען אַ ווינט האָט געווירבלט דעם שטויב אין די גאַסן, איז שלמה זלמן אַרויסגעקראָכן פֿון אונטער די האַלץ־קלאָפּטערס אין באָד־קאַמער, אָפּגעשטויבט די קליידער, זיך אָפּגעוואַשן און גוט אויסגעריבן זיך מיט געלן זייף, איבערגעטאָן פֿרישע וועש, און אין מיטן דער נאַכט האָט מען געשטעלט אַ חופּה. באַלד דערנאָך איז ער אַנטלאָפֿן קיין וואַרשע, ווי אַ פֿאַרברעכער זיך אַרויס־געגנבעט פֿון שטעטל. ס׳האָט זיך אָנגעהויבן זיין נע־ונד לעבן, געיאָגט און געפּלאָגט פֿון דער פּאָליציי, ווו געטאָגט ניט גענעכטיקט, גאַנצע וואָכן זענען אַוועק, אַז מ׳האָט זיך אַפֿילו ניט געזען.

פּעסעלע האָט זיך ניט באַקלאָגט, נאָר איר כעס האָט זי אויסגעלאָזט צו די נעכט, וואָס מען איז געווען צוזאַמען... „גענוג אַז זיי וואַלגערן זיך אַרום נע־ונד, ווו געטאָגט ניט גענעכטיקט, אָבער די פּרוכט פֿון איר ליבע, וועט זי ניט מאַכן פֿאַר אַ ציגיינער און היימלאָז, אַרומשלעפּן פֿון הקדש צו הקדש״, — האָט זי געטענהט.



שלמה זלמן האָט זי פֿאַרשטאַנען דאַן און אויך איצט, ווען זי איז אין אַ פֿרעמד לאַנד, אַן באַקאַנטשאַפֿטן, אַז אַ זיכערן מאָרגן, שלאָפֿט אין אַ פֿרעמד בעט, דערצו נאָך מיט פּחדים און זכרונות פֿון איר מוטערס שוואַנגערשאַפֿט... — האָט ער איר ניט דערציילט, אַז ער רייניקט מיסט און פֿאַרריכט דעם מיסט־קאַסטן ביי שטיינען. ווען זי פֿרעגט, וואָלט ער איר אויך איצט ניט דערציילט דעם אמת. אָבער פֿאַרוואָס פֿרעגט זי ניט? פֿאַרוואָס גייט דאָס איר אַפֿילו ניט אָן?

„איר זאָרג, איר פּראָבלעם, וועט זיך אויסשטיין און באַקומען זיין

באשייד אין פארלויף פון מאנאטן; ווען און וויאזוי, אבער, וועט זיך זיין פראבלעם ענדיקן?" — האט ער געטראכט, ווען ער איז א מידער, מער פון אנטוישונג, ווי פון שייערן ס'מיסט פון שטיינס פארחושכט הויז, אוועקגעלייגט זיך שלאפן לעבן זיין פעסעלען, וואס איז שוין לאנג געשלאפן און אפשר געחלומט פון אירע אמאליקע ריטער, פון די מיידל'שע יארן.

ער האט זיך איינגענורעט אין ווארעמען בעט, פארזונקען געווארן אין זיין ערשטן שלאף און באלד גענומען חלומען.

ס'האט זיך אים געחלומט, אז ער גייט איבער די הייזער, און אראפגייענדיק פון שטיגן, פונוואנען מ'האט אים פארטריבן און פארהאקט די טיר מיט א געבייזער: „אזא געזונטער יונגערמאן, דארף גיין זוכן ארבעט, ניט איבער די הייזער". פלוצים האט ער באגעגנט דעם זיידן זיינעם שטיין ביי דער זייט פון די שטיגן, ווי ער וואלט געווארט אויף אים. דער זיידע האט אנגעהויבן רעדן — ווי פארגעזעצט אן איבערגע־ריסענעם שמועס:

„נו, האסטו פארשטאנען? א ייד איז צוגעבונדן צו יושר, מענטש־לעכקייט און גערעכטיקייט, ממעמד הר סיני. גערעכטיקייט איז געווען דער זין פון גאטס וועלט־באשאף, און איז דערפאר פאראייביקט און געחתמעט אין דער תורה, וואס מיר האבן גענומען ביים הר סיני און דארט פארפליכטעט זיך זי צו האלטן און היטן. די מסורה דערציילט: אז כביכול איז געזעסן אין זיין הימלישן קעניגרייך און געוועלטיקט איבער די רוחניותדיקע און גשמיותדיקע וועלטן, און איבער וועלטן, וואס ער איז עלול געווען צו שאפן, אבער זיי ניט געשאפן.

פלוצים האט ער געהערט א קול פרעגט: „איז עס גערעכט, אז דו זאלסט האלטן אלע וועלטן פאר זיך? אפילו די וואס זענען נאך ניט געבוירן? איז עס יושרדיק, אז די וועלטן זאלן קיינמאל ניט באשאפן ווערן? ס'איז ניט יושרדיק און ניט ריכטיק, אז מיר זאלן דאס אלץ האלטן דא, באשאף די וועלטן און לאז זיי פריי!"

„כ'שאף ניט די אנדערע וועלטן, ווייל מלאכים דארפן זיי ניט, זיי האבן די הימלען און זיי ווילן ניט קיין ניט־הימלישע וועלטן", — האט כביכול געענטפערט.

„האסט דען געפרעגט?" — האט דאס קול ממשיך געווען.

„האט כביכול צוזאמענגערופן די פמליה של מעלה און געפרעגט, צי ס'זענען זיי שוין פארמיאוסט די הימלען, צי זיי ווילן אן ערדיש לעבן. קיין ערדיש לעבן האבן זיי ניט געוואלט, אבער זיי האבן אים געראטן צו שאפן די וועלט, שאפן א מענטש און אים מאכן פאר דעם מושל איבער

דער ערדישער וועלט, שרייבן פאַר אים אַ תורה, ער זאָל זיך וויסן ווי צו פירן, מיט יושר און גערעכטיקייט.

„אַזוי איז די ערדישע וועלט באַשאַפן געוואָרן מיט אַלע אירע באַשעפענישן און דער לעצטער איז געווען דער מענטש, ער זאָל זיך ניט באַרימען און גרויסהאַלטן, אַז נאָר צוליב אים איז די וועלט באַשאַפן געוואָרן. אָבער דערפאַר וואָס דער מענטש איז באַשאַפן געוואָרן נאָך דעם קלענסטן ווערימל, האָט מען אים געגעבן די תורה, ער זאָל וויסן צו פירן זיך לויט איר מיט גערעכטיקייט און מיט יושר. מ'האָט אים געגעבן אַפילו אַ שטר, אַז די וועלט איז זיינע און אַריינגעשריבן אין דער תורה: השמים שמים לה' והארץ נתן לבני אדם — צו אַלע מענטשן איז די ערד געגעבן געוואָרן.

„די תורה איז געשריבן געוואָרן פאַר אַלע מענטשן, אָבער מיר האָבן גענומען אויף זיך, זי צו היטן און האַלטן. פון אַלע גאָטס באַשעפענישן, מענטשן און פעלקער, האָבן מיר געזאָגט דעם „נעשה ונשמע". די גמרא זאָגט טאַקע: 'כל הדן דין אמת לאמיתו, נעשה שותף למעשה בראשית.' ווער ס'משפּט לויטן געזעץ פון גערעכטיקייט, דער ווערט אַ שותף צום וועלט־באַשאַף. די גמרא זאָגט אויך: 'לא יהי בך אביון, שלך קודם לשל כל אדם'. אַ נאַטירלעכע זאַך זאָגט זי אָן דעם מענטשן, זי הייסט יעדערן זאָרגן, ער זאָל ניט דערלאָזן קיין אָרעמקייט ביי זיך. 'לא יהי בך אביון' — האָט גענומען דעם ייִדנס קול זיך דערווייטערן פון אים, אָבער דער עכאָ פונעם: 'לא יהי בך אביון', האָט געהאַלטן אין איין צוריק קומען.

## קאַפּיטל 7

אויפגעשטאַנען איז ער מיטן קלאַנג פון ייִדנס קול אין זיינע אויערן, מיטן ייִדנס געשטאַלט פאַר זיינען אויגן — הויך און גלייך ווי אַ סאָסנע, זיין קיילעכדיק, שמייכלדיק פּנים, באַזוימט מיט אַ שיין צעקעמטער באָרד, דער ברייטער שטערן איבער די טיפע טונקעלע אויגן. אָט די ייִדע־געשטאַלט האָט זיך געשפּיגלט אין זיינע אויגן און אים מיטבאַגלייט צו שטיינס הויז, וואָס ער האָט פאַרריכט, צוגעגרייט פאַר די פאַרבער.

ס'האָט גענומען מער ווי אַ חודש דאָס צוגרייטן די חורבה, אויפצושטעלן די שברי־כלי, געבן איר צוריק דאָס פּנים פון אַ לייטיש הויז, פאַר מענטשן צו וווינען. צוויי לוינען האָט ער אָפּגענומען, צוויי מאָל געקראָגן באַצאָלט. צוזאַמען האָט עס באַטראָפן ניט מער ווי 24 דאָלאַר, פאַר 120 שעה אַרבעט, אַ חוץ דעם ערשטן האַלבן טאָג, וואָס ער

האָט אויסגערייניקט דאָס מיסט, ער זאָל זיך קענען שטעלן אַרבעטן. ער האָט גערעכנט, אַז די 24 דאָלאַר זענען בלויז געווען אַן אַדערויף ביז צום חשבון, ביז ער וועט פאַרטיק ווערן מיטן גאַנצן הויז.

דעם ערשטן לוין זיינעם האָט ער צוגעטראָגן דעם משפּחהניק פאַרן עסן און טרינקען, פאַרן וואַרעמען בעט. אָבער ער האָט עס אין האַנט ניט געוואָלט נעמען: „דאָס ערשטע קאַנווערטל געהער דיין פרוי, אַלע קאַנווערטלעך געהערן איר, אַזוי איז דאָ די מאָדע". — האָט ער אַהינגעבליקט צו זיין פרוי מיט אַ שמייכל. — „איר וועט דאַרפן אַ דירה, מעבל, כלים אין הויז אַריין, זי ווייסט שוין, וואָס צו טאָן דערמיט".

דאָס צווייטע קאַנווערטל, האָט ער שוין אַליין צוגעטראָגן זיין פּעסעלען און דער משפּחהניק האָט זיך געשמאָלצן פון נחת. „ביסט אַ מתמיד, האָסט אַ גוטן קאָפּ און נעמסט שנעל איבער מאָדעס. איי די מאָדעס! וועלטן גאַנצע נעמען זיי איין אַן אַ שאָס אַפילו. וויפל איז דאָס קאַנווערטל היינט?" — האָט דער משפּחהניק געוואָלט וויסן.

„ס'זעלבע ווי דאָס ערשטע".

„דאָס מאַכט אויס 20 סענט אַ שעה, 2 דאָלאַר אַ טאָג, 12 אַ וואָך פאַר 60 שעה אַרבעט". — האָט ער געמאַכט פאַר אים דעם חשבון.

„ס'קען ניט זיין, ס'איז ניט מעגלעך", — האָט שלמה זלמן זיך געוווערט, ניט געוואָלט גלויבן, אַז דאָס איז זיין פולער לוין, פאַר אַזאַ שמוציקער אַרבעט.

„ביי שטיינען איז דאָס שוין אַ גרויסער לוין פאַר אַ גרינעם. ער האָלט שקצים, וועמען ער צאָלט נאָך ווייניקער".

„שקצים, אָבער ניט קיין בעל־מלאכות, איך בין אַ בעל־מלאכה!"

אַז דאָס הויז איז פאַרטיק געוואָרן, גרייט געווען פאַר די פאַרבער, האָט שלמה זלמן זיך געגרייט באַקומען זיין צוגאָב־לוין, וואָס ער האָט אויסגערעכנט, אַז ס'קומט אים. און לויט זיין אויסרעכענונג, איז אים צו געקומען נאָך איין קאַנווערטל כאָטש. אָבער שטיין האָט, נאָכן אָפּלויבן אים פאַר דער גוטער, גלאַטער אַרבעט, דערלאַנגט אים אַ צעטל מיט אַן אַדרעס און געהייסן גיין נעמען די פאַרב און אויספאַרבן דאָס הויז.

שלמה זלמן איז אויפגעשפּרונגען ווי אַן אָפּגעבריטער, ווי אַ געביסענער פון אַ שלאַנג. ער האָט אַ געשריי געטאָן: „איך בין אַ סטאָלאַר, ניט קיין שמירער פון הייזער!".

„האָסט נאָך איין מעלה, קענסט שרייען אויך?" — האָט שטיין סאַרקאַסטיש געשמייכלט.

„כ'ווייס, אַז איך מוז ביי אייך אַרבעטן, אָבער איך בין ניט קיין מאָלעווער פון הייזער. איך בין אַ סטאָלאַר", — האָט שלמה זלמן געזאָגט

שטילער, ווי זיין געוויינלעכער כוח־הדיבור, ווי ער וואָלט געוואָלט מתקן זיין, גוט מאַכן פאַר זיין פריערדיק שרייען.

„און ווער האָט דען דיר איינגערעדט, אַז דו מוזט ביי מיר אַרבעטן? ווי איז דער דין, אַז מירביידע האָבן געהאַט אַ טעות? אַז דו טויגסט ניט פאַר מיר און איך ניט פאַר דיר? ביי מיר מוז מען אַלץ קענען. אַז מ׳דאַרף מאַלעווען, מאַלעוועט מען, אויב דו קענסט ניט, קענסטו זיך זוכן אַרבעט, ווו נאָר דו ווילסט".

אָפּגעזאָגט דאָס, האָט ער איבערגעלאָזט שלמה זלמנען מיטן צעטל אין האַנט. וויל ער, קען ער גיין נאָך דער פאַרב, וויל ער ניט, קען ער זיך זוכן אַן אַנדערן באַלעבאָס, און איז אַן אויפגערעגטער שנעל אַרויס פונעם הויז. אָבער פאַרן אַריינגיין אין דער פאַבריק, האָט ער אינסטינקטיוו געכאַפּט אַ בליק אויף צוריק און איז צופרידן געוועזן צו זען, שלמה זלמנען גיין נאָך דער פאַרב.

„ער וועט זיך איינברעכן, דער גרינער זשרעבאַק און זיך אויפהערן בריקען", — האָט ער נאָכגעקוקט שלמה זלמנען, ווי ער פאַרשווינדט מיט דער גאַס אַראָפּ. ער האָט אָבער ניט געוווּסט, אַז שלמה זלמן גייט ניט, נאָר שפּרינגט טאַקע און בריקעט זיך, אַז ער וועט אוודאי פּרוּוון ערגעץ אַנדערש. דערווייל גייט ער נאָך דער פאַרב, אָבער ער וועט נאָך זוכן און אויך געפינען.

גייענדיק נאָך דער פאַרב, האָט ער ביי זיך אָפּגעמאַכט, אַז זונטיק, וועט ער צוגיין צום לייבאָר־ליסעאום, איבעררעדן מיטן סעקרעטאַר פון די סטאָלאַרעס, בעטן אים צו געדענקען, אַז ער זוכט אַרבעט. „שטיין איז דאָך גערעכט, ווי איז דער דין, אַז מ׳מאַכט אַ טעות? גט מען זיך". אַזוי האָט ער באַשלאָסן אויפן וועג נאָך דער פאַרב, און מער וועגן דעם ניט גערעדט מיט קיינעם.

זונטיק, כעלות השחר, האָט ער זיך אַרויסגעלאָזט אַביסל איבער דער שטאָט, איידער ער גייט אין לייבאָר־ליסעאום. שלאָפן האָט ער סיי־ווי ניט געקאָנט מער, וואָס־זשע וועט ער ליגן? אין דרויסן איז געווען פראָסטיק און גליטשיק, כאָטש ס׳איז געווען שוין ניט ווייט פון פרילינג, איז זיך דער ווינטער געלעגן צעלייגט און גאַרניט אַרויסגעוויזן קיין סימן פון גרייטן זיך אין וועג אַריין און אָפּטרעטן זיין געלעגער דעם פרילינג.

קירכן־גלעקער צעקלינגען זיך מעלאַנכאָליש, מענטשן הויבן אָן גיין אין קירכע אַריין, ווי אין זיין שטעטל, ווי אין וואַרשע. „טאַקע איין וועלט, די זעלבע מענטשן", דערמאָנט ער זיך דעם זיידנס רייד אין חלום, און בלייבט שטיין ביים גאַס־אַריבערגאַנג. אַנטקעגן אים, אין אַ געוועלב־טיר, שטייט אַ פּאָליציימאַן פאַרשטעקט, ווי ער וואָלט זיך געשעמט מיט זיין מחלל זונטיק זיין. פּלוצים לויפט ער אַנטקעגן אַן עלטערער פרוי, וואָס

טאַפּט מיט איר שטעקן, זוכט אַן אַריבערגאַנג, אַ זיכער, ניט גליטשיק אָרט. און דער פּאָליציימאַן שטרעקט דער אַלטיטשקער אויס זיין האַנט, וויל איר העלפן, אָבער די אַלטשיטשקע נעמט זיך אויסגליטשן און ער פאַרלויפט איר געשיקט דעם וועג, כאַפּט זי אונטער אין זיינע הענט אַריין און טראָגט זי אַריבער צום טירל פון קירכע־הויף, עפנט פאַר איר די קירכע טיר און גייט ניט אַוועק, ביז די אַלטיטשקע האַלט זיך זיכער אויף דער צווייטער זייט שוועל.

„אַ פּאָליציאַנט, וואָס פאַרשטייט זיין מענטשלעכע אויפגאַבע", — האָט ער געטראַכט, און דער פאַרגלייך איז געקומען פון זיך זעלבסט, דער פאַרגלייך מיטן פּוילישן פּאָליציאַנט.

ספּעציעל דער פון וואַרשע, ביי וועמען ער האָט ביינאַכט געבעטן הילף פאַר זיין פלוצים קראַנק געוואָרענעם ווייב, געבעטן כאָטש דעם אַדרעס פון אַ דיזשורנדיקער אַפּטייק און יענער האָט זיך צעשריגן, אַז ער איז דאָ ניט אַוועקגעשטעלט געוואָרן צו געבן אינפאָרמאַציע צו „פאַרכאַטע זשידעס" און מיט כעס געשיקט אַלע יידן צום טייוול. „דאָ טראָגן פּאָליציאַנטן די בירגער אויף די הענט". האָט ער אַריינגעטראַכט אַ צופרידענער אין זיך. און די שטאָט איז אים ליבער געוואָרן, אויך דאָס לאַנד. ווען ער קען די שפּראַך, וואָלט ער זיי אַלעמען דאָס דערציילט, דעם מענטשלעכן פּאָליציאַנט און דער בירגערין.

ער איז אַ פריילעכער אַוועק ווייטער, געזוכט פרישע חידושים, ביז ער האָט זיך געכאַפּט, אַז ער איז זיך פאַרגאַנגען אין אַן אומבקאַנטער ריכטונג, ווייט פון זיין געגנט און פון זיין ציל, דעם לייבאָר־ליסעאום.

מיטן אַפּטרעטן פון פרימאָרגן, האָט דער פראָסט אַביסל נאָכגעלאָזט. קירכע־גייער, האָבן זיך מער ניט געאיילט, געמיטלעך אַריבערגעשפּרייזט די ברודיקע קופּקעס שניי ביי די טראָטואַר זייטן, בלויז די טראַמווייען האָבן געאיילט ערגעץ ווו אין פאַרשידענע ריכטונגען. פערד האָבן פויל געשלעפּט וועגעלעך מיט ברויט און מילך. דאָס ערשטע מאָל האָט ער געזען פון דער נאָענט, ווי מען שטעלט צו מילך און ברויט „אין הויז און הויף אַריין", איז ער נאָכגעגאַנגען די וועגעלעך און באַוווּנדערט, ווי דאָס פערד ווייסט זיך אָפּשטעלן פּונקט דאָרט, ווו דער מילכמאַן דאַרף שטעלן די מילך און דער ברויטמאַן דאַרף לייגן דאָס ברויט.

„גאָרניט קיין שווערע אַרבעט", — טראַכט ער. — „איך וואָלט דאָס געקאָנט טאָן ניט ערגער פון זיי". און זיין טראַכטן ווערט איבערגעריסן פלוצים פון אַ מגילת־אסתר ניגון. „אַ יידישער מילכמאַן!" — אַנטדעקט ער אַ פריילעכער, און ער לאָזט זיך צום מגילה ניגון. „אַ ייד?" — פרעגט ער מיט התפּעלות.

„וואָס דען אַ גוי? גיט מיר אַ גוי, וואָס לייענט די מגילה און איך

גיב אייך דעם וואָגן מיט מילך און מיין קילע אַ צולייג, וואָס איך האָב שוין ביי דער אַרבעט געקראָגן", — האָט דער ייד זיך אַרויסגעגליטשט פון וואָגן, אַוועק מיט צוויי פלעשער מילך צו אַ ווערענדע, און זיך ווייטער געצויגן דעם טרויעריקן ניגון פון „בימים ההם"...

„מיין פערדל איז אַ שטיקל משוגענער, צעדרייטער און געבריכטער אויף ביידע זייטן, זעט ווי ער קריכט", — האָט מיט באַדויערן געזאָגט דער ברויט-לייגער, קוקנדיק אויף שלמה זלמנס פוטער-שטיקער פון פאַלטאַ און זיי באַוווּנדערט. — „דאָס מוז היינט קאָסטן אַ מאַטניא, מער ווי מיין ווייבס נדן, דאָס איז היינט די מאָדע אין יוראָפּ?" — ער איז פלינק אַריינגעשפּרונגען אין וואָגן און גענומען טרייבן דאָס פערדל, „נו, היידא, געגאַנגען, וויאָ!".

שלמה זלמן איז אים נאָכגעלאָפן, געשריגן, געבעטן ער זאָל זיך אָפּשטעלן, ער וויל אים עפּעס פרעגן. אָבער ווי אויף להכעיס, איז דאָס פערדל דווקא געלאָפן. ניט געווען מער, פאַר דעם ברויט-לייגער וואָס צו טאָן אויף דער גאַס, איז ער געלאָפן. שלמה זלמן איז נאָכגעלאָפן, אָנגעכאַפּט זיך אָן די אייזערנע „אויערן", ביי די זייטן פון וואָגן און אַריינגעשריגן: „כ'זוך דעם לייבאַר-ליסעאום, דעם לייבאַר-ליסעאום זוך איך, ווו איז ער?"

„ביסט צו ווייט פאַרקראָכן, גיי אָט דאָרט אַראָפּ", — האָט ער אים געוויזן מיט אַ ברויט איינגעוויקלט אין אַ צייטונג.

אין לייבאַר-ליסעאום איז געווען וואַרעם און טוכלע, דער גערוך פון ביר און טאַבאַק-רויך האָט אים געביסן אין נאָז, אָבער די פאַרקאָכטע דאָמינאָ-שפּילער האָבן געקנאַקט מיט די ביינער, ווי ביי זיך אין דער היים, און דער פּולטוסקער איז געווען דער ראש פון די קנאַקערס און הויפּט-רעדנער. ער האָט אים באַמערקט אַריינקומען און בלויז אַ „סערוווס" אים צוגעוואָרפן, זייענדיק שטאַרק פאַרטאָן מיט דער ביינער-קנאַקעריי.

ווי אַ קאַרגער איבער זיין גראַשן, אַזוי האָט ער געציטערט איבער יעדן דאָמינאָ-ביין. די ביינער, ווי די סאָלדאַטן אויסגעשטעלט אין אַ האַלבער לבנה, ביי זיין ברעג טיש, איז ער געזעסן מיט די הענט פאַרשפּרייט איבער זיי, ווי אַ כהן ביים דוכענען, געפּירט אַ וואָרטשנדיקן וויכוח מיט זיך, מיט וועלכן ביין אַרויסצוגיין. „או-או-או, אי-אי-אי-, א-א-א", האָט ער „געלערנט" מיט אַ גמרא ניגון, געגרייט די ביינער-סטראַטעגיע, געציילט און געחשבונט, איז אַרויס מיט אַ ביין, אים באַלד צוריקגענומען און אַרויסגעשיקט אַ צווייטן.

ער האָט געוווּנען און זיך געפרייט, ווי ער וואָלט דערגרייכט דאָס גרויסע געווינס. בעת מ'האָט געמישט די דאָמינאָ-ביינער, האָט ער אים דערציילט, אַז דער גאַרבער אַרבעט שוין אין אַ שיך-פאַבריק, און באַלד

זיך צעשריגן מ׳זאָל שפּילן, ניט נודזשען. ווידער פאַרקאַכט געוואָרן אין דער שפּיל, פאַרגעסנדיק אינגאַנצן אָן שלמה זלמנען.

שפּעטער אַביסל האָט זיך באַוויזן דער סעקרעטאַר, ער האָט שלמה זלמנען דערקענט. אים באַגריסט און געפרעגט ווי ס׳גייט אים ביים „הויט־שינדער?" און מיט גלייכגילט, ווי ער וואָלט שוין דאָס פריער געוווסט, זיך צוגעהערט צו זיין פאַרלאַנג, ער זאָל אים העלפן קריגן אַן אַנדער אַרבעטס־אָרט, ווייל ער וויל פאַרלאָזן שטיינען.

„זיכער, זיכער, נאַטירלעך", — האָט ער צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ און אַוועק צו די דאָמינאָ־שפּילער, אַרויפגעלייגט זיין האַנט אויפן אַקסל פון אַ שפּילער און אים אַריינגערעדט עפּעס אין אויער. דער שפּילער האָט אויפגעהויבן זיינע אויגן פון די דאָמינאָ, געכאַפּט אַ בליק אויף שלמה זלמנען, אַ באַוועג געטאָן מיטן קאָפּ און איז צוריק צו דער שפּיל.

דער סעקרעטאַר האָט גאָרניט געזאָגט צו שלמה זלמנען, נאָר בלויז אַ בויג געטאָן מיטן קאָפּ צו דער זייט פונעם דאָמינאָ־שפּילער און איז אַוועק צו זיך אין ביוראָ. שלמה זלמן איז געבליבן אַליין. האָט נאָך צוגעוואַרט אַ ווייל און זיך אויסגעדרייט אַוועקצוגיין, געגומען זיך דער־ווייטערן פון דאָמינאָ־טיש און דערהערט הינטער זיך אַ רוף: „העי, מיסטער!". ער האָט ניט חושד געווען, אַז מ׳מיינט דאָס אים, און איז ווייטער געגאַנגען. באַלד דערהערט ער אַ העכערן אויסרוף: „העי, מיסטער מיטן שעפּסענעם קאַלנער דאָרט, וואַרט, וווּ גייט איר? וואַרט, איך דאַרף אייך, איר ווילט דאָך אַרבעט, וואַרט!"

„מיסטער צאַראַד", — האָט דער פּולטוסקער אונטערגעזאָגט דעם דאָמינאָ־שפּילער, צו וועמען דער סעקרעטאַר האָט זיך פריער צוגעבויגן צום אויער, — ער האָט אים אַ רוף געטאָן מיט דער האַנט. „איך דאַרף אייך, וואַרט צו, ביז כ׳וועל זיי געבן אַ מפּלה". איז ער אַרויס מיט אַ טאָפּל 6, — פלינק צוגעלייגט ווייטערדיקע ביינער — דער קעגנער איז פריטשמעלעט געוואָרן, ניט קענענדיק ממלא זיין דאָס פעלנדיקע — ער האָט אויסגעשפּילט.

„באַסטאָ!" — האָט ער זיך אויפגעשטעלט פון טיש און געווענדט זיך גלייך צו שלמה זלמנען: „איר ווילט איבערלאָזן שטיינען? פאַרוואָס?"

„פאַר עפּעס בעסערס, מער זיכערס", — האָט שלמה זלמן געזאָגט.

„דאָס ערגסטע ביי אונדז, וועט זיין בעסער, ווי דאָס בעסטע ביי אים".

„וואָס האָט מען צו דעם מענטש, ער איז אַ פאַבריקאַנט", — האָט שלמה זלמן געזאָגט, האַלב שפּאַסיק און האַלב ערנסט.

„אַ ער איז אַ מלאך, אַ פינצטערער מלאך פון גיהנום!"

„ער איז אַ קאַפּיטאַליסט".

„דער ערגסטער און דער מיאוסטער!"

„איך האָב שוין געזען ערגערע״.

„דאָס בעסטע פון די עשר מכות איז נאָך אַלץ אַ מכה״.

„ווייל איך דאַרף טאַקע פטור ווערן פון דער מכה״.

„און וואָס וועט ער זאָגן ? וואָס וועט זיין מיט זיין גוט זאָגן פאַר אייך ? ער קען אייך צווינגען ביי אים צו אַרבעטן״.

„ער קען, אָבער ער וועט ניט. ער איז אַ שלעכטער, אָבער קיין נאַר איז ער ניט״.

„ניין, ער וועט ניט, איר זענט גערעכט. מ׳וועט זיך נאָך דערוויסן, אַז מ׳אַרבעט ביי אים פאַר 10 — 15 סענט אַ שעה״. — ער האָט אָפּגעריסן אַ בלעטל פון אַ קאַלענדאַר, און פאַרשריבן אויף דעם אַן אַדרעס. ער האָט זיך אָבער מישב געווען, צעקנייטשט עס און אַוועקגעוואָרפן אין מיסט קעסטל.

„מען דאַרף ניט, קומט מאָרגן פרי דאָ אַהער און מירן גיין צוזאַמען. מאָרגן, האַלב נאָך זיבן, דאָ, פאַר דער געביידע״. — ער איז צוריק אַוועק צום דאָמינאָ־טיש.

„אַ דאַנק, מיסטער, כ׳ווייס דאָך אַפילו ניט ווי איר הייסט״, — איז אים שלמה זלמן נאָכגעגאַנגען צום טיש.

„קלמן, קלמן לאַס איז מיין נאָמען״, — האָט ער אויסגעשטעקט אַ האַנט צו שלמה זלמנען, שוין זיצנדיק ביים טיש.

„וואָרפסט אַוועק דעם שטיצער, דעם אויסלייזער דיינעם ?״ — האָט דער פּולטוסקער געפרעגט שטיל, ביים אַרויסגיין מיט אים אין גאַס.

„יאָ, דעם מנוול ! אָבער דערווייל האַלט עס בסוד. כ׳וויל ניט אויספּויקן און אויסגיסן דאָס אומריינע פאַרן רייגעם״.

„איך פאַרשטיי, כ׳בין דאָך ניט קיין קינד. אָבער פאַרוואָס ?״

„ס׳איז אַ סוד, זאָג איך דאָך דיר. ס׳איז אַ סוד אַפילו פאַר די, פאַר וועמען עס דאַרף קיין סוד ניט זיין, כאַפּ זיך ניט אַרויס פאַר מיין ווייב אַפילו, פאַרשטייסט ?״

„אַזוי ?״, — האָט דער פּולטוסקער אויסגעשטעלט אויף אים אַ פּאָר אויגן. — „אָבער דאָך, פאַרוואָס ?״.

„אַפילו דאָס איז אַ סוד״, — האָט שלמה זלמן געזאָגט מיט אויפרעגונג.

„איך האָב פיינט סודות בכלל, ובפרט נאָך צווישן מאַן און ווייב״, — האָט דער פּולטוסקער אים געזעגנט מיט אַ „סערוווס״ ביי זיין הויז.

ווי אַ פרומער ייד צו השכמה, האָט שלמה זלמן זיך געפעדערט מאָנטיק פרי. זיבן דעם זייגער, איז ער שוין געווען אויף דער גאַס, אויפן וועג צום לייבאָר־ליסעאום, ניט צו פאַרשפּעטיקן קיין מינוט אַפילו, אָבער מיט זאָרג, אַז ער איז אָן די כלים, אַפילו קיין פאַרטוך ניט.

„די אווראַלס און די כלים זענען ביי שטיינען", — האָט ער זיך באַקלאָגט פאַר קלמנען אָפּגעבנדיק אים אַ גוט־מאָרגן.

„מירן זאָרגן וועגן דעם, ווען מ'וועט דאַרפן", — האָט אים קלמן באַרואיקט.

די נייע פאַבריק איז ניט געווען קיין פאַבריק ווי שטיינס, נאָר אַ געוועלב. אַ דאַרער, הויכער מאַן, האָט געעפנט די טיר, ווי ער וואָלט געוואַרט אויף זיי. דאָס איז געווען אַ געוועלב פול מיט געשעפטס־מעבל, שענק, בענק, שטולן, שפיגלען, סאָפעס, לאָמפּן און אַבאַזשורען צו זיי, כלים פאַר רעסטאָראַנען, הענג־לייכטער און כל מיני אַנדערע זאַכן.

דער מאַן האָט צוגענומען זייער גוט־מאָרגן און זיי נאָכגעגאַנגען אין דעם שמאָלן דורכגאַנג, צווישן די אויסגעשטעלטע מעבל־שטיקער, ענטפערנדיק אויף קלמנס רייד, מיט אָפּגעהאַקטע ווערטער, ביז מ'איז צוגעקומען צו אַ טיר. ביים שוועל האָט ער זיי אַדורכגעלאָזט, נאָכגעגאַנגען זיי אין דער פאַבריק אַריין, און דאָרט אָנגעוויזן שלמה זלמנען אויף אַ וואַרשטאַט, ווו ער זאָל זיך שטעלן אַרבעטן, און דערביי דערלאַנגט שלמה זלמנען אַ פאַרטוך.

„איר זענט „געהייערט", דאָס הייסט, צוגענומען צו דער אַרבעט, שטעלט זיך אַרבעטן", — האָט קלמן אים געזאָגט.

צוויי מאָל במשך פון טאָג איז דער נייער באַלעבאָס אַריין אין פאַבריק, באַטראַכט שלמה זלמנס אַרבעט, באַטאַפּט מיט די הענט, באַטאַפּט און באַקוקט, אָן אַרויסצורעדן אַ וואָרט. ערשט ביים אַהיים גיין, האָט ער זיי באַגעגנט ביי דער טיר, אַרויסגעברומט אַ פּאָר ווערטער צו קלמנען, און פאַרמאַכט נאָך זיי די טיר.

„ער זאָגט, אַז מער ווי צוויי דאָלאַר אַ טאָג קען ער ניט געבן", — האָט אים קלמן געלאָזט וויסן דעם באַדייט פון דעם ברומען און צוגעלייגט: „און איך הייס כאַפּן. ער וועט שפּעטער געבן מער, דער גריך".

„אַ גריך איז ער? אַ ייד?" — האָט זיך שלמה זלמן געוווּנדערט.

„אַזוי זאָגט ער, אָבער פרעג אים בחרם, וואָס יידישקייט איז. ניט ער ווייסט פון יידישקייט און ניט ער האָלט דערפון".

שבת פאַרנאַכט, פאַרן אַהיים גיין, האָט דער גריך געבראַכט צוויי ווייסע קאָנווערטלעך, דערלאַנגט איינס קלמנען און דאָס צווייטע אַוועקגעלייגט פאַר שלמה זלמנען, אויף זיין וואַרשטאַט, געזאָגט עטלעכע ווערטער צו קלמנען און צוריק אין געוועלב אַריין צו די קונים, וואָס זענען פּונקט דאַן אַריין אין געוועלב און דער צי גלאָק האָט זיך צעקלונגען מיט אַלאַרם ביז אין פאַבריק אַריין.

קלמן האָט געעפנט דאָס קאָנווערטל, איבערגעציילט דאָס געלט און עס פאַרזיכטיק אַריינגעשטופּט אין אַ פאַרטמאָנעטקע, אַ פּאַכע געטאָן

דערמיט אין שלמה זלמנס זייט, און געלאָזט זיך צו דער טיר. שלמה זלמן האָט אַריינגעלייגט זיין קאָנווערטל אין קעשענע און געלאָזט זיך נאָך אים.

„געלט דאַרף מען ציילן. אפשר האָט ער דאָרט אַריינגעלייגט אשר־יצרס, אפשר דאָס אויך ניט״, — האָט קלמן אים געמוסרט, הלמאי ער ציילט ניט קיין געלט.

„נו, אשר־יצרס ווייס איך ניט, אָבער מער וועט דאָרט זיכער ניט זיין״.

„נו, איר האָט טאַקע ניט געטראָפן, אין קאָנווערט אייערן איז דאָ 15 דאָלאַר״.

„פּופּצן?! איר שפּאַסט, איר טרייבט קאַטאָוועס?! ער האָט דאָך געזאָגט 2 דאָלאַר אַ טאָג״. — שלמה זלמן נעמט צוריק אַרויס דאָס קאָנווערטל פון קעשענע און באַטראַכט עס אויפסניי.

„איך האָב פאַר אייך אַ וועט־פאָרשלאָג: אויב איך מאַך שפּאַס, וועל איך אייך צוצאָלן, וואָס ס׳וועט פעלן צו 15. אויב אָבער ס׳איז דאָרט דאָ מער ווי 12, געהערן זיי צו מיר. אַפּגעמאַכט?״ — פרעגט קלמן.

„געווענלעך בין איך ניט קיין איינשטעלער, ניט קיין געוועטן־מאַכער, כ׳שפּיל ניט אויף דער לאָטעריע, אָבער איצט נעם איך אָן דעם געוועט״. ער האָט גענומען רייסן ס׳קאָנווערטל, געציילט. ס׳איז אָבער ניט געווען קיין סך צו ציילן — דריי פינפערלעך, 15 דאָלאַר זענען געווען. צוויי פון זיי האָט ער אַריינגעלייגט אין קאָנווערט און איין פינפערל דערלאַנגט קלמנען און פאַרלאַנגט צוויי דאָלאַר רעשט.

„נו זעט איר שוין, אַז מ׳קען קיינמאָל ניט זיכער זיין?״

„אַט דערפאַר טאַקע שפּיל איך ניט, שטעל ניט איין, ווייל כ׳בין ניט זיכער, אַז כ׳וועל געווינען״, — זאָגט שלמה זלמן.

„היינט אָבער זענט איר דער געווינער, דריי געווינעכצן אין איין וואָך. די וואָך איז אייך אַ מזלדיקע. איר זיינט פּטור געוואָרן פון שטיינער, געקראָגן באַלד אַ ניי אָרט, און אַ הוספה פון דריי דאָלאַר, אַלץ אין איין וואָך. ביי אַזאַ מזלדיקן מענטש ווי איר, איז ניט מזלדיק צוצונעמען זיין געווינס״, — האָט קלמן געזאָגט און ניט געוואָלט נעמען דאָס געלט.

„געוועט איז געוועט״, — האָט שלמה זלמן אים געשטופּט דעם פינפער אין האַנט.

„רעדט ניט קיין נאַרישקייטן. איר האָט שוין פאַרגעסן ווי אַזוי מען האָט מחזק געווען אַ געוועט? ניט מיר האָבן געשפּיגן און ניט מיר האָבן געריבן און ניט געשאָקלט. וואָס פאַר אַ געוועט איז דאָס?״ — האָט קלמן געלאַכט. — „ביי אייך פלעגט מען אויך אַזוי באַפעסטיקן אַ געוועט?״

„אינדערהיים האָב איך קיינמאָל ניט פאַרשפּילט. אמת כ׳האָב זיך

קיינמאָל ניט געוועט, אָבער אין דעם וווּנדערלעכן לאַנד מיט אירע וווּנדערלעכע מענטשן, מעג מען אַמאָל פאַרשפּילן אויך״.

„ס׳איז אומעטום איין וועלט. די מענטשן זענען אומעטום די זעלבע, גוטע און שלעכטע, און יעדע שטאָט האָט זיך זיין משוגענעם. דער גריך איז אונדזער משוגענער. איר ווייסט פאַרוואָס איז די הוספה? פאַר שבת״.

„פאַר שבת?״ — האָט שלמה זלמן פאַרהאַלטן זיין גאַנג.

„אַזוי האָט ער געזאָגט. 12 דאָלאַר גיט ער ווי ער האָט צוגעזאָגט, און די דריי, לייגט ער צו פאַרן שבת. ער קען זיך דערלויבן דאָס משוגעת, און אַזוי לאַנג, ווי ס׳איז אויף זיין חשבון, וואָס אַרט דאָס אונדז?״



„ס׳האָט דאָ געדאַרפט זיין 12 דאָלאַר, אָבער ס׳איז דאָ 15״, — האָט ער דערציילט דעם ווייב פון דער אומגעריכטער הוספה, אָבער פאַרגעסן צו דערציילן, אַז די הוספה קומט ניט פון שטיינען, נאָר פון אַ נייעם באַלעבאָס. ס׳איז איר אויך ניט וויכטיק געווען, פאַרוואָס פּלוצים די הוספה, זי האָט צוגענומען דאָס געלט פון אים אָן צו זאָגן אַ וואָרט.

זיי האָבן שוין געוווינט פאַר זיך, ביי יענעם אין אַ שטוב מיט אַ קליין קיכל, וואָס דער קרוב האָט פאַר זיי געדונגען ביי אַ באַקאַנטן, ניט ווייט פון זיך, ביז דאָס ווייב וועט איבערקומען די קימפּעט בשלום. ער האָט עס אויך „אויסמעבלירט״ פאַר אַ שיבוש דורך זיינס אַ הענדלער מיט אַלטוואַרג־מעבל. ס׳איז טאַקע געווען אַ קליין דירהלע מיט מעבל, נקודים, עקודים ורודים — פּיל־קאָלירק, אָבער אַליין, פאַר זיך, זיין ווייב האָט ליב געהאַט די דירה.

דער ווינטער האָט זיך צעלייגט פרי און געפּוילט זיך אויפצושטיין. מ׳האָט שוין אָפּגעלייענט די מגילה, געהאַלטן שוין ביים פאַרברענען דאָס חמץ, און די קעלט האַלט אָן.

„דער פרילינג האָט זיך פאַרשפּעטיקט דאָס יאָר״, — האָט דער משפחהניק געזאָגט, ווען שלמה זלמן מיטן ווייב, זענען אים געקומען מבקר חולה זיין, בעת אַ פאַרקילונג. — „ס׳איז שוין פסח און דער ווינטער רירט זיך ניט פון אָרט. אליהו הנביא וועט געפרוירן ווערן, גייענדיק איבער די הייזער דעם פסח״.

אָבער אַזוי ווי קיין אייביקייטן זענען אויף דער שטערבלעכער וועלט ניטאָ, דאָס אַלטע פאַרגייט און דאָס נייע קומט, איז זיך דער פאַרשפּע־טיקטער פרילינג געקומען מיטן פסח צום סדר. אליהו הנביא האָט אים געבראַכט אַלס מתנה. מ׳האָט געעפנט פאַר אים די טיר און באַלד דערפילט, אַז מיט אים דרינגט אַריין דער פרילינג.

איבער נאַכט האָט דער פראָסט געפּלאַצט, דער שניי וואָס איז געלעגן פּאַרטייעט דעם גאַנצן ווינטער, האָט אָנגעהויבן צערינען מיט זיין אָנגעזאַמלטן שטויב איבער דער שטאָט. ווען יידן האָבן גענומען צוריק פאַרפּאַקן דאָס יום־טובדיקע געפּעס, איז פון ווינטער געוואָרן נאָר אַ שלעכטע געדעכעניש. דער פרילינג האָט געשוועבט אין דער לופט און געשפּראָצט פון דער ערד.

דעם ערשטן פרילינג־זונטיק האָט שלמה זלמן גענומען זיין ווייב אויף אַ שפּאַציר, איר צו ווייזן די שיינקייטן פון דער שטאָט, ווייט פון דער געגנט וווּ זיי האָבן געוווינט. ער האָט שוין געוווּסט וווּ ס׳געפינט זיך דער „קעניגינס פּאַרק״, די פּאַרלאַמענט־ און אוניווערסיטעט־געביידעס. און אַרום זיי דער פרילינג אינעם גרינען זיך פון די ביימער, און גראָזן, אינעם טשוויטשערן פון די פייגל.

זי האָט ניט שפּאַצירט, נאָר זיך דורכגעגאַנגען, ווייל אין שטוב קען מען פאַרזעסן ווערן. זי האָט ניט געזען דעם פרילינג, נאָר דעם בויך, וואָס איז איר געגאַנגען פאַראויס. זי האָט אים געמוזט טראָגן און דערביי געטראַכט, אַז זי איז די טאָכטער פון אַ מוטער, וואָס האָט פאַרלוירן דאָס לעבן ביי איר געבורט. און מחשבות האָבן געמאַטערט — צי וועט זי דערלעבן צו זען דאָס נפש, וואָס זי טראָגט אין זיך, אָדער וועט זי האָבן איר מאַמעס גורל? עס האָט זי געצויגן אַהיים, צום בעט, צו פאַרשלאָפן איר אומרו, איר זאָרג.

אויפן וועג אַהיים האָט ער איר געוויזן די שול א. נ. „די זון פון ענגלאַנד״, דאָס יידישע אַרבעטער־הויז, דעם לייבאָר־ליסעאום, וווּ ער האָט זיך געטראָפן מיט קלמנען און ס׳איז פון דער באַגעגעניש אַרויס אַ טובה פאַר אים — ער איז פטור געוואָרן פון שטיינען, געקראָגן אַ בייעם אַרבעטס־פּלאַץ. איר אויך דערציילט פון דעם מאָדנעם יידישן גריך, וועלכער צאָלט אים פאַר שבת מער ווי טאָפּלט, און אַז ביי שטיינען איז ער געווען אַ שיק־יינגל, אַ רייניקער פון פאַרמיסטיקטע הייזער, ניט קיין בעל־מלאכה.

דאָס ווייב איז געגאַנגען און געשוויגן, אָבער ווי זי האָט נאָר אַריבערגעטראָטן די שוועל פון הויז, אויסגעטאָן די שפּאַציר קליידער, האָט זי אַ ברוגזע אַ פרעג געטאָן: „און פאַרוואָס איז דאָס אַלץ געווען אַ סוד פאַר מיר?״.

די פראַגע האָט אים שווער געטראָפן. הער אַ מעשה! די גאַנצע צייט אינטערעסירט עס זי לגמרי ניט, זי הערט, וואָס דער משפּחהניק רעדט אַלץ אויס אויף שטיינען, און פרעגט אים ניט אַפילו ווי עס גייט אים דאָרט, וויאַזוי שטיין באַהאַנדלט אים. ער שלאָגט זיך מיט דער דעה, צי

זאָל ער איר ענטפערן, אָדער בעסער זי ניט אויפרעגן אין איר דעליקאַטער צייט. ער טראַכט, און זי לאַכט אים אין פּנים אַריין, אַרויסרופעריש: „וואָס נאָך פאַר אַ סודות באַהאַלטסטו אויס פון מיר?"

„וואָס רעדסטו? וואָס פאַר אַ סודות? וועמ באַהאַלט דען עפּעס פון דיר? אַט דערציייל איך עס דאָך דיר".

„פאַ כופיע" — מיט מאַנאַטן שפּעטער.

„וואָס האָסטו היזק, אַז שפּעטער?"

„האָסט מיך אויסגעשלאָסן פון דיינע פּלענער, האָסט צו מיר ניט קיין צוטרוי;" — האָט זי אים פאַרגעוואָרפן.

„וואָס פאַר אַ רייד זענען דאָס? דו הערסט וואָס דו רעדסט? דו האָסט נאָך טענות?!" — האָט זיך ביי אים אַרויסגעכאַפּט.

„וואָס דען זאָל איך טאָן, טאַנצן פאַר גדולה וואָס מיין מאַן האַלט מיך ערגער פון זיין קרוב, דערציילט מיר אַלץ מיט מאַנאַטן שפּעטער? בין איך דיינס אַ דינסט, ניט דיין ווייב?".

„מיין משפחה האָט געפרעגט, געוואָלט וויסן, ווי ס'גייט מיר ביי שטיינען. דו האָסט דאָס קיינמאָל ניט געפרעגט, ניט אינטערעסירט זיך, צי איך רייניק ביי אים רינשטאָקן, צי לעק איך ביי אים האָניק. האָסט גוט געהערט, וואָס פאַר אַ פאַרשוין ער איז. כ'האָב ניט געהאַט קיין סודות פאַר די, וואָס האָבן געוואָלט וויסן, דו האָסט נאָך טענות?".

זי האָט אין שטילשווייגן אויסגעהערט די גערעכטע רייד זיינע, געוווּסט ביי זיך, אַז ער האָט רעכט, אָבער דאָס האָט ניט איינגעשטילט איר אַנגסט פאַר דעם, וואָס האָט זי געשראָקן, ניט פאַרטריבן אירע שרעק וועגן איר גורל אין דער נאָענטסטער צוקונפט...

„ער איז קעגן מיר, איז ער גערעכט און איך אומגערעכט. ער דאַרף זיין קעגן מיר. ער האָט מיך מער ניט ליב" — האָט זי געטראַכט. פאַר כעס אויף זיך אַליין איז זי אַנטלאָפן אין שלאָפצימער און פאַרהאַקט די טיר הינטער זיך, ווי איר שטיפמוטער פלעגט עס טאָן. ווען איר טאַטע האָט איר ניט געוואָלט נאָכגעבן עפּעס, איז זי אויך אַנטלאָפן.

## קאַפּיטל 8

אין מיטן מאַי איז געבוירן געוואָרן אַ טאָכטער, אַ קרענקלעך קינד, אונטער דער געהעריקער וואָג, ניט געקאָנט פאַרדייען דער מאַמעס מילך. געוויינט גאַנצע נעכט און ער האָט דאָס עופעלע אַרומגעטראָגן אין זיינע אָרעמס, איינגענומען דעם קינדס נאַכט־ספּאַזמען. לכבוד דעם קינד האָט

דער גריך דערלייגט פינף דאָלאַר אויף דער וואָך און געגעבן אַ קינדער וויגעלע במתנה.

אַ זון האָט געשיינט אין יעדן ווינקל פון דער קליינער דירה, אַפילו אין כמורנע פאַרוואָלקנטע טעג. דאָס ווייב האָט צוריק אויפגעבליט, מיטן כוח פון דער קליינער שוואַכער זון, וואָס האָט אַרויסגעשיינט פון דעם קינדס וויגעלע. זי איז איבערגעקומען די שרעק און צוריק געקראָגן איר אַמאָליקע שיינקייט און פריילעכקייט, און צום יאָר איז געבוירן געוואָרן אַ זון. דער צווייטער זון — אין אַ קנאַפּ יאָר שפּעטער. די מאַמע האָט שטילערהייט געבעטן אויף עקרהשאַפט, ווי יידן בעטן אויף משיחן, אָבער ביידע זענען ניט געקומען. האָט מען די דריי יאָריקע טאָכטער אַריינגעגעבן אין אַ יידישן קינדער־גאָרטן, אויף האַלבע טעג, כדי צו פאַרגרינגערן דער מאַמען אַ ביסל.

די פאַרגרעסערטע, אַלץ וואַקסנדיקע משפּחה, האָט זיך געגויטיקט אין אַ מער בריווחדיקע וווינונג. מ'האָט געדונגען צוויי שטובן מיט אַ קיך און אַ פינצטער אַלקערל, פאַר דער טאָכטער, וואָס איז געוואַקסן שיין און געראָטן ווי די מאַמע, מיט אייגענע גוטע אייגנשאַפטן און פעאיקייטן, און דער טאַטע האָט זיך געשמאָלצן פון נחת, ניט צוריקגעהאַלטן זיין דאַנקבאַרקייט צו דער מאַמען, און ניט פון דער טאָכטער, האָט ביידע שטאַרק ליב געהאַט.

פאַר אים זענען די קינדער געווען ווי מלאכים. דער קינדישער פּלאַפּל, געלעכטער און אַפילו געוויין — די שענסטע סימפאָניע, די גרעסטע פרייד. גאַנצע וועלטן האָבן זיך פאַר אים אַנטדעקט. וועלטן, וואָס זענען געוואַקסן מיט יעדן טאָג אַלץ העכער און שענער. און זיין הויז איז געווען פריילעכקייט, אַ הויז מיט אַ צוקונפט, מיט שיינע ברייטע האָריזאָנטן.

פּלוצים, אומגעריכט, איז ווי אַ פינצטערע כמאַרע אין אַ זומערדיקן טאָג, אַנגעלאָפן דער 29־טער נאָוועמבער, און ווי אַ אוראַגאַן זיך אַראָפּגעלאָזט און צעטרייסלט דעם פונדאַמענט פון דער וועלט, אויך זיין פונדאַמענט האָט זיך גענומען שאָקלען און טרייסלען. אַ סך געמיטלעכע, גליקלעכע הייזער זענען איינגעפאַלן, דער נאָוועמבער־אוראַגאַן האָט זיי פאַרטראָגן אין שאול־תחתית אַריין, צו די הרי חושך.

דער נאָוועמבער־קראַך האָט צעטרייסלט דעם עקאָנאָמישן באַזיס פון לאַנד, רואינירט גרויסע און שטאַרקע האַנדלס־הייזער און פאַבריקן, אַריינגעוואָרפן דאָס לאַנד אין אַ פּאַניק. די, ביי וועמען געלט איז געווען דער זין פון זייער וועלט, האָבן נאָכן פאַרלירן דאָס געלט און פּאָזיציע, צוגעוואָרפן גאָט זייערע לעבנס, אים צוריקגעשיקט זייערע נשמות. מענטשן

האָבן זיך געוואָרפן אונטער די באַנען, געשפּרונגען אין די טייכן, זיך אומגעברענגט.

שלמה זלמן האָט אין דעם נאָוועמבער־אוראַגאַן פאַרלוירן דעם גריך, אַ גוטן מענטש, אַ זיכערן און גוטן אַרבעטס־פּלאַץ. זיי ביידע האָט ניט געטראָפן דער ערשטער דונער, נאָר צעטומלט געוואָרן פון זיין מהומהדיקן אָפּקלאַנג.

דער דאַרער הויט־און־ביינערדיקער גריך האָט זיך געראַנגלט אַ שטיקל צייט, געקעמפט מיט דער וויסטער פאַרפלייצונג, אַראָפּגעטויכט און צוריק אַרויפגעקומען פון דעם געווירבל, געשוואומען אין אַלע ריכטונגען, ביז ער איז, אַן אויסגעמוטשעטער, אַראָפּגעזונקען, פאַרשלעפּט געוואָרן פון דער פאַרפלייצונג.

זיי זענען געוואָרן קרבנות פון דער אַנשטעקנדיקער קרענק. די נעכטיקע שאַרפע פינאַנסיעלע קעפּ, די האַנדל־ און אינדוסטריע־ריזן, זענען געוואָרפן געוואָרן פון זייערע באַרימטע קאָמערץ־פּיעדעסטאַלן, זייערע האַנדלס־הייזער זענען איינגעפאַלן, ווי קאַרטן־שטיבלעך און מיטגעשלעפּט שכנישע אינדוסטריעס. ס׳איז געווען ממש: „אין בית אשר אין שם מת״.

די פאַבריק פונעם גריך, האָט זיך פאַרמאַכט. דאָס געוועלב זענען די קרעדיטאָרן באַפאַלן, באַזעצט ווי די וועלף, באַלייגט מיט שלעסער פון אַלע זייטן. אָבער איידער ער איז פאַרצוקט געוואָרן, האָט ער אים און קלמנען באַצאָלט ביז אַ גראָשן, ער איז געבליבן ווי אדם הראשון, אַן אַרויסגעטריבענער פון זיין גן־עדן.

ווי אַנדערע פון דער האַלב מיליאָניקער אַרבעטסלאָזער אַרמיי, האָט ער אויך אַרומגעזוכט אַרבעט מיט ליכט, אָבער אַרבעט איז ניט געווען צו געפינען, אַרבעט איז געווען טייערער פון געלט. ער האָט געפונען עטלעכע סענט אַמאָל, אַרומגייענדיק אויף די גאַסן, אַרבעט ניט. אַ געלט הלוואה האָט ער געקאָנט קריגן ביי אַ סך, אַרבעט ביי קיינעם ניט. ער איז אַפילו צוריקגעגאַנגען צו שטיינען און געפונען די שווערע שלעסער פאַראַנקערט אויף ביידע זייטן פרענט און אַלץ האָט געזשאַווערט.

אַרבעטסלאָזיקייט האָט שלמה זלמנען ניט פאַרצווייפלט. פוילן האָט אים פאַרהאַרטעוועט צו דער קללה פון זיין אַרבעטסלאָז. ער איז צו דעם געוווינט געווען, צוליב שטרייקן, לאָקאַוטן, פּאָליציייִשן טעראָר און סתם צוליב איבערפּראָדוקציע — האָט ער אויך איצט ניט פאַרצווייפלט. ער איז עפּעס ווי זיכער געווען, אַז פאַר הונגער וועט ער ניט שטאַרבן.

אַז ער האָט קיין אַרבעט ניט געפונען, האָט ער אין אַ שיינעם פרימאָרגן זיך געזעגנט מיט ווייב און קינדער און זיך אַרויסגעלאָזט איבערן לאַנד זוכן אַרבעט, פאַר יעדן פּרייז געפינען אַרבעט. אין וויכטיקע שטעט און שטעטלעך האָט ער דערגרייכט, מיט דער הילף פון גוטע

מענטשן, וואָס האָבן אים גערנווייליק מיטגענומען, אונטערגעפירט אין זייערע אויטאָמאָבילן פון שטאָט צו שטאָט, אַפּילו אים מכבד געווען מיט קאַווע און צובייס. דאָס לאַנד און די מענטשן, זענען געווען אַנדערש, להבדיל בין טומאה לטהר, ווי פּויליש לאַנד.

אַזוי איז ער אויסגעפאָרן די ברייט און די לענג פון לאַנד. געאַרבעט דאָ אַ טאָג, דאָרטן צוויי, געטריבן אָקסן צו דער שחיטה, אויסגעלאָדן מיסט אין די פעלדער, געמאַכט הילצערנע פאַרמען צום גיסן טראָטואַרן אויף אַ בית־עולם, געמאַכט טרומנעס פאַרן בית־עולם־היטער און באַגרעבער, וואָס האָט ניט געהאַט אים צו באַצאָלן, ווייל קיינער איז שוין אַ צייט לאַנג אין שטעטל ניט געשטאָרבן. ער האָט געדונגען שלמה זלמנען האַפּנדיק, אַז ביז ס׳וועט קומען צום באַצאָלן, וועט ווער־ניט־איז קראַנק ווערן און שטאַרבן, דערווייל האָט ער אים געגעבן עסן.

אַז די טראָטואַרן־פאַרמען זענען פאַרטיק געוואָרן און קיינער איז ניט געשטאָרבן, האָט ער געראָטן שלמה זלמנען זוכן עפּעס בעסערס ווי טרומנע־מאַכעריי, ווייל דער מלאך־המוות אַליין האָט געמוזט אַוועק פון דער בראַנזשע, אָדער ער אַליין האָט געמוזט אפשר שטאַרבן, און ס׳איז ניטאָ ווער ס׳זאָל צונעמען די נשמות ביי די מענטשן.

ער האָט פאַר אים אָפּגעזוכט אַן אַרבעט ביים יידישן קצב אין שטעטל, וואָס איז גלייכצייטיק געווען אויך דער גוישער קיילער, און געדינט ביידע געטער. די יאַטקע האָט געהאַט צוויי אָפּטיילונגען: פון איין זייט כשר פלייש מיט אַ יידישן שטעמפּל, פון דער צווייטער זייט אַ געשטאָפּט חזיר. צו אים האָט זיך שלמה זלמן פאַרדונגען, כדי צו פאַרדינען אויף אַ באַן־בילעט אַהיים צו פאָרן. אַ חודש אַ גאַנצן האָט ער געדינט דעם קצב, ביז ער האָט אָנגעזאַמלט אויף די הוצאות אַהיים.

די באַן אַהיים, איז ניט געווען קיין לוקסוסדיקער שנעלצוג, נאָר אַ שלעפּבאַן, די געגנט־באַן, וואָס שטעלט זיך אָפּ אויף יעדער סטאַנציע, אין יעדן דאָרף, נעמט אויף און לייגט אָפּ פראַכט, נעמט אויף און לאָזט אַראָפּ מענטשן, שלעפּט זיך ווי אַ טשערעפּאַכע — און ער האָט זיך מיטגעשלעפּט, געדרעמלט און געחלומט.

געחלומט האָט זיך אים: אַז ער שלאָפט ביים זיידן אין חסידים־שטיבל, אויף צוויי בענק, וואָס דער זיידע האָט פאַר אים צענויפגערוקט און געמאַכט פאַר אים אַ געלעגער, ווו ער האָט זיך געלייגט אַ הונגעריקער שלאָפן, ווייל אַנטלויפנדיק פון דער פאָליציי, האָט ער ניט באַוויזן צו נעמען געלט מיט זיך און איז געקומען צום זיידן הויל און נאַקעט, אַן אַ גראָשן ביי דער נשמה.

דער זיידע האָט אים געטרייסט מיטן גמרא־ווערטל: „מאן דיהיב חיי יהיב מזוני. ווער ס׳גיט לעבן וועט געבן צום לעבן”. און דער זיידע איז

באַלד איינגעשלאָפֿן מיט אַ רואיקן זאַטן שלאָף, אָן שום דאגות פֿאַרן מאָרגן. אים האָט דער הונגער ניט געלאָזט צומאַכן קיין אויג.

נאָך איידער ס'איז ריכטיק טאָג געוואָרן, איז אין שטיבל אַריינגעקומען אַ יונגערמאַן, אַ בעל־יאָרצייט, און געפֿרעגט ביים זיידן אַ שאלה, צי ער מעג אָפּזאָגן אינדערפֿרי אַלע קדשים מיט איין מאָל, ווייל ער קען ניט קומען צו מנחה, ווי ער האָט נעכטן ניט געקענט קומען, און פֿאַרפֿעלט די קדשים. דער זיידע האָט געקנייטשט דעם שטערן, געצופּט און געקייט די באָרד און געפּסקנט, אַז מען מעג, אויב ס'איז פּיקוח־נפש.

האָט דער בעל־יאָרצייט געזאָגט קדיש ביי דריי מנינים, געגעבן מזונות און בראָנפֿן דריי מאָל, און וואָס ס'איז געבליבן, האָט ער איבערגעלאָזט אין שטיבל ביים זיידן און צוגעלייגט עטלעכע באַנקנאָטן מזומן געלט, אַ חוץ לויב און דאַנק דעם זיידן.

„נו, וואָס האָב איך דיר געזאָגט נעכטן?" — האָט דער זיידע אָנגעשטעלט אויף אים אַ שמייכלדיק פּנים, — „געדענקסט? מאן דיהיב חיי יהיב מזוני, הא? בטחון, נאָר בטחון דאַרף מען האָבן!" — האָט דער זיידע אים גענומען טרייסלען און שאָקלען אין חלום, אַז ער האָט זיך אויפֿגעכאַפּט פֿון שלאָף.



דער משפּחהניק האָט ניט געהאַלטן פֿון זיין אַרומשלעפּן זיך איבערן לאַנד. ווען ער פֿרעגט אים, וואָלט ער אים געזאָגט, אַז דאָס גליק איז אינדערהיים, ביי ווייב און קינדער, ביי דער משפּחה, זיי זענען דער באָדן אויף וועלכן דער מענטש איז פֿאַרוואָרצלט, ווו ער וואַקסט אויס. רייסט מען אַרויס אייןביימל, ווערט דער באָדן לויז, פֿריי פֿאַר ווינטן און רעגנס, דער וועג איז אָפֿן פֿאַר וואַסערן, וואָס אונטערמינירן די וואָרצלען, נעמען אַוועק זייער יניקה, וואָס איז גורם דאָס איינטריקענען, איינדאַרן אַפֿילו פֿון שטאַרקסטן דעמב.

ווען ער האָט דערהערט, אַז שלמה זלמן איז דאָ צוריק, איז ער באַלד געקומען צולויפֿן מיט אַ פּלאַן, און באַשטעלט זיך מיט אים צו גיין מאָרגן צו אַ פֿריינד זיינעם, וואָס אַרבעט אויס געשעפֿט־מעבל, ראַדיאָ־קעסטלעך און רעסטאָראַן־איינריכטונגען. באַלד איז ער זיך מישב: „ווייסטו גאָר וואָס? צו וואָס אָפּלייגן אויף מאָרגן, ווען מיר קענען דאָס טאָן היינט". — ער האָט זיך אויפֿגעשטעלט צום גיין, — „ואם אין אני לי מי לי, קום, לאָמיר שוין צוגיין".

דער פֿריינד האָט זיך געוווּנדערט הויך אויפֿן קול, אויף דעם פּלוצימדיקן באַזוך: „אַ שאָק מיט יאָרן דיך ניט געזען", — און זיי

פאַרבעטן טיפער אין הויז אַריין, אַריינגעפירט אין גאַסט־צימער, אויס־געפּרעגט זיך אויף יעדער קלייניקייט, דערביי געפרעגט אויפן קרוב, וואָס האָט געזאָלט צו אים קומען פון פוילן. „דאָס איז ער", — האָט דער משפּחהניק שלמה זלמנען פאָרגעשטעלט פאַרן פריינד, — „צוליב אים טאָקע בין איך דיך מטריח איצט, כ׳וויל דיך בעטן זאָלסט זיך מאָרגן באַמיען ביי גאָלדבענען, ער זאָל אים צונעמען צו דער אַרבעט, וועסטו אַ מצווה פאַרדינען".

„ביי מיר האָט איר געפּועלט, אָבער איר קענט דאָך גאָלדבענען".

„דו ביסט זיין רעטונגס־גאַרטל, ס׳איז ׳באו מים עד נפש׳, טו עס ניט פאַר מיר, אַפילו ניט פאַר אים, טו עס פאַר די פּיצלעך קינדער און דער קראַנקער מעוברתטע. דו מוזט העלפן אַ טאַטן, אַ מטופל מיט קינדער!".

„אוודאי, אוודאי, כ׳וועל טאָן מיין בעסט, אָבער איר קענט דאָך דעם אַלטן תרח, קומט מאָרגן און מירן זען, ווען ס׳זאָל זיך ווענדן אין מיר, שטעל איך אייך מאָרגן צו דער אַרבעט". — האָט ער גערעדט צו שלמה זלמנען, און דערלאַנג אים זיין וויזיט־קאַרטל.

„אַז די ניכפּה זאָל זיי נעמען. ס׳נעמט זיי אונטערן לעפעלע, ווען זיי הערן, אַז ביי דיר איז צרות, אַז ביי דיר איז דאָ אַ קראַנקע פרוי, אַז דו ביסט אַ מטופל מיט קינדער. נאָר צרות ביי יענעם האָבן זיי ליב, פאַר צרות ביי יענעם וועלן זיי טאָן אַלץ. די ניכפּה האָט ער געקראָגן פאַר דיינע צרות, זיי קאָנען דאָך אַמאָל ווערן זיינע... ער וועט דיך שוין שטעלן אַרבעטן, ניט מאָרגן, איז איבערמאָרגן", — האָט דער משפּחהניק זיך צערעדט, ווי נאָר די טיר האָט זיך פאַרמאַכט פון דרויסן.

„קרוב מיינער, איך דאַרף זיין בייז אויף אייך. כ׳מוז דאָך ביי אים אויסזען ווי אַן אידיאָט! אַזאַ חניפה־טיראַדע?!".

„בייז ביסטו? דו מיינסט, אַז ביי פּרעסערייי קומט מען אויס אָן חניפה? פאַרקויפן שקאַרפעטן פון טיר צו טיר איז בכבודיקער? יעדער מענטש איז אַ שטיקל חונף און אַ שטיקל באַרימער. ער וויל ביי אונדז אויסזען גרויס און וויכטיק. ער וויל אונדז ווייזן, אַז ער איז ניט קיין שילאַטן־שמש ביי גאָלדבענען, לאָז אים. ער וויל חניפה, גיב אים".

„ניין, איך ווייס ניט וואָס פאַר אַ מאָס חניפה מען דאַרף ביים פאַרקויפן שקאַרפעטן, און אַ חונף בין איך — ממש אַ קאַליקע".

„איך ווייס, אָבער יאָ, איך האָב שוין דאָס אויך געטאָן. אָן חנופה קומט קיינער ניט אויס. אַלע פאַרלאַנגען עס. איך זע שוין, אַז כ׳וועל מאָרגן דאַרפן מיט דיר מיטגיין צו אים, מעגסט אַפילו בייז זיין".

„כ׳האָב היינט אַ סך געלערנט דאָ. אייער גוזמא וועגן מיין פולער שטוב מיט קינדער איז אַ קליינע, וואָס וועט באַלד פאַררינכט ווערן. איר

האָט מגזים געווען אין דער היינטיקער צאָל, אָבער דאָס וועט זיך אויסגלייכן אינגיכן..."

„נו, זעסטו שוין, אַז כ'בין גערעכט, כמעט אַ נביא געווען. האָלסט דאָך ביי ווערן אַ פרישער טאַטע?!" — האָט דער משפּחהניק זיך דערפרייט, מיט שלמה זלמנס קאָפּולער אָנצוהערעניש...

דער קרוב האָט קיין קינדער ניט געהאַט, האָט ער ליב געהאַט שלמה זלמנס קינדער ווי דאָס לעבן. געבראַכט זיי מתנות צו יעדער געלעגנהייט, געפילט עפּעס ווי אַ מין מיטפאַראַנטוואָרטלעכקייט לגבי זיי, ווי צו אייניקלעך. ער האָט איצט געפילט אַ פליכט צו העלפן, ער זאָל מאָרגן קריגן די צוגעזאָגטע אַרבעט ביי גאָלדבערגן, און באַשלאָסן מיטצוגיין מאָרגן אַהין.

צומאָרגנס איז ער אויפגעשטאַנען פאַר השכמה נאָך, אָפּגעפּאַרטיקט זיך שנעל, גענומען שלמה זלמנען, זיי זענען אָנגעקומען אַהין פריער פון אַלע. גאָלדבערגן איז דעם פרימאָרגן געקומען שפּעטער ווי געוויינלעך, אויך עטלעכע אַרבעטער זענען דעם פרימאָרגן ניט געקומען אין דער צייט. דער משפּחה פריינד האָט אויף אייגענער אחריות געשטעלט שלמה זלמנען צו דער אַרבעט.

גאָלדבערגן האָט צוגעשטימט צום שטעלן דעם גרינעם צו דער אַרבעט אָן זיין וויסן, אָבער דערביי זיכער געמאַכט, אַז דער גרינער ווייסט זיין סטאַטוס, זיין לוין, און זיין אָרט, ס'זאָל שפּעטער ניט זיין קיין מיספאַר־שטענדעניש, ווייל ער האָט פיינט וויכוחים און אַנטוישונגען שפּעטער, ער האָלט בעסער פון ערשטן רוגז — האָט ער געגעבן פאַרשטיין שלמה זלמנען.

די שוואַרצע קריזיס־וואָלקנס האָבן זיך צערוקט אַ ביסל און אַדורכגעלאָזט אַ זון־שטראַל פאַר שלמה זלמנען, ער האָט איצט ניט געהערט אַפילו, וואָס דער גאָלדבערגן רעדט צו אים. שטומערהייט האָט ער צו אַלעם מסכים געווען, אַבי זיך שטעלן אַרבעטן. אָבער דער שטן המקטרג, וואָס האָט ליב וויסטענישן, קען ניט פאַרטראָגן אַפילו אַ קליינעם אַאַזיס אינעם מדבר — אין אַ שיינעם טאָג, האָט ער אָנגעטראָגן אין פאַבריק אַריין, די מגושמדיקע מיסיס גאָלדבערגן. ווי אַ וויכער איז זי אַריין, ס'איז געוואָרן אַ שטורעם, וואָס האָט פאַרטריבן שלמה זלמנען פון פאַבריק אַרויס.

ס'איז געווען מיטאָג־צייט, אַלע זענען געזעסן און געגעסן אין דער אויסשטעלונג־שטוב, צוליב היימלעכקייט. שלמה זלמן, צווישן זיי, האָט הנאה געהאַט פונעם עסן, וואָס דאָס ווייב האָט אים אריינגעלייגט אין פּאַפּירענעם בייטל. די אַרבעטער האָבן הנאה געהאַט פון אַ וויץ, וואָס ווער האָט דערציילט. פּלוצים האָט זיך באַוויזן מיסיס גאָלדבערגן און אַלץ

איז ווי פאַרגליווערט געוואָרן, די הייטערקייט ביי אַלעמען איז אָפּגע־שטאָרבן. אַלע האָבן זי באַגריסט מיט געדעמפּטע שטימען.

שיינע עטלעכע וואָכן האָט ער שוין געהאָט אָפּגעאַרבעט ביי גאָלדבען און געהאַט שוין פאַרגעסן פון דער לעקציע, וואָס גאָלדבען האָט פאַר אים געהאַלטן, בעתן צונעמען אים צו דער אַרבעט — וועגן זיין סטאַטוס אין פאַבריק אַלס גרינער. און פּלוצים איז ער געפאַלן אַ קרבן פון עטיקע און קאָנווענאַנסן, ער, און ניט קיין אַנדערער, צווישן אַלע מיטאָג־עסער אין גאָלדבענס פאַבריק.

אומגעריכט פאַר אים איז געקומען דער קלאַפּ. פון דער העלער הויט, איז גאָלדבען, ווי אַ ווילדער אָקס צו צו אים און גענומען רעווען: „דו, גרינהאָרן, דו גראָבער פליגל, אַ ליידי לאָזט דו שטיין און דו זיצסט! אַ ליידי גיסטו ניט דיין שטול! דרך־ארץ ווו איז?! נעם דיין פאַרטוך און גיי! שוין זאָלסטו זיך אָפּטראָגן פון דאַנען!".

די אַלטע אַרבעטער־הענט, וואָס האָבן זיך געהאַלטן ביי גאָלדבען פון די צייטן, ווען ער אַליין האָט נאָך געאַרבעט און האָבן שוין גוט געקענט זיינע משוגענע אויסברוכן, האָבן איצט ווייטער געקייט וואָס ביי זיי אין מויל, בלויז שלמה זלמנען איז דער ביסן געבליבן שטעקן אין קעל. ער איז פריטשמעליעט געוואָרן פון גאָלדבענס כעס־אויסברוך און ניט פאַרשטאַנען פאַרוואָס דווקא ער דאַרף אָפּטרעטן זיין שטול דער צעיוירענער יידענע, וואָס איז געשטאַנען ווי אַן אינדיק און צוגעגוידערט צום מאַנס געשרייען.

וואָלט ער זיך געווען גוט צוגעהערט צום שיעור, וואָס גאָלדבען האָט פאַר אים געהאַלטן, בעתן צונעמען אים צו דער אַרבעט, וואָלט ער איצט געוווסט פון דעם איינפיר, אַז דער לעצטער אָנגענומענער צו דער אַרבעט, איז דער ערשטער אָפּגעזאָגט צו ווערן, דער ערשטער צו שאַפן זיך מיט אים. ער איז רעכטלאָז, אַן די פּריווילעגיעס פון די שוין אויסגעדינטע סאָלדאַטן — זיי האָבן שוין געוווסט, מיט וואָס אונטערצוחנפענען דעם פעלדפעבעל גאָלדבען. דער נייער רעקרוט האָט זיך ניט צוגעהערט צו זיין אַריינקום־לעקציע, ניט געוווסט פון גאָלדבענס התנהגות.

גאָלדבען האָט ניט אָפּגעטרעטן און געפּאָדערט: „אָדער גיב די שטול, אָדער פאַרנעם זיך פונדאַנען!" און ער האָט געוואָלט אַרויסשלעפּן די שטול פון אונטער אים. אין דעם מאָמענט, האָט שלמה זלמן אַוועקגע־שליידערט די שטול פון אונטער זיך, זי איז פאַרפלויגן צו דער וואַנט און צעשאָטן זיך אויף שטיקלעך. דאַן האָט ער אַראָפּגעריסן פון זיך דאָס פאַרטוך, צעפראַלט די טיר און אַנטלאָפן פון פאַבריק, ווי פון אַ ברענענדיק הויז.

דאָס ווייב האָט געשוויגן, ווען זי האָט אים דערזען אַזוי פרי צוריק

אין הויז, אָבער דער קרוב האָט זיך ניט געקאָנט באַרואיקן פון דער חוצפּה פונעם „טרעלבאָך" און זיין יאַכנע — „אַז די ניכפּה זאָל זיי נעמען". ס'האָט זיך אים באַלד געחלומט, זאָגט ער, אַז ער וועט זיך דאָרט האַלטן פון אסתּר־תּענית ביז פּורים, צוליב דעם תּרח.

ער האָט באַשלאָסן צו גיין צום זאָקן־פאַבריקאַנט, דעם שוואָגער פון זיין בעל־הבית, ביי וועמען ער האָט אַמאָל געקויפט זאָקן און שקאַרפּעטן פאַר זיין פעדלעריי־מסחר, אפשר וועט ער צונעמען שלמה זלמנען צו דער אַרבעט. ער האָט שוין אַפילו געטראַכט איבערצורעדן מיט זיין באַלע־באָס, וועגן מאַכן פון שלמה זלמנען אַ פּרעסער, ס'איז אָבער פאַראַן אַזוי ווייניק אַרבעט, אַז ער וואָגט ניט פאַרצושלאָגן.

פאַר דער מעוברתדיקער מיסיס צאַראַד האָט עס געהייסן, אַז מען האָט אים בלויז אויף אַ קורצער צייט אָפּגעזאָגט. זי האָט זיך געריכט אַ ליאָדע טאָג אין קימפּעט אַריין, און זיך באַצייטנס געגרייט אין שפּיטאָל אַריין, נאָך אַלץ צוליב דער מורא פאַר איר מאָמעס גורל, וואָס האָט זי פאַרפאָלגט אַפילו ביי איר פערטער קימפּעט.

אַז שלמה זלמן האָט אָוועקגעפירט דאָס ווייב צום געלעגן ווערן, האָט דער משפּחהניק גענומען די קינדער צו זיך און איז דערנאָך אָוועק צום זאָקן־פאַבריקאַנט איבעררעדן מיט אים וועגן אַרבעט פאַרן גרינעם שלמה זלמנען. צוריקגעקומען איז ער מיטן זעלבן פאַרשלאָג, וואָס ער האָט אים אַליין אַמאָל געמאַכט: „פאַרוואָס ווילט איר אים מאַכן פאַר אַן אַרבעטער? מאַכט אים פאַר אַ פעדלער, אַ סוחר מאַכט פון אים!", — האָט דער זאָקן־פאַבריקאַנט פאַרגעשלאָגן.



ס'איז געווען אין אָוונט, נאָך וועטשערע, די קינדער זענען שוין געשלאָפן, און דאָס ווייב איז ערגעץ ווו אַרויס פון שטוב, האָט דער קרוב פון דער טונקלקייט אַרויס, שטיל געפרעגט: „אפשר וואָלסטו זיך גענומען צום האַנדל? כ'מיין, אַז וואָלסט זיך אויסגעטויגט צו דעם".

„ווען איך זאָל האַנדלען מיט ווייַן וואָלט פון דעם געוואָרן עסיק. קענסט דאָך אוודאי דאָס ווערטל: ווען איך זאָל האַנדלען מיט תּכריכים, וואָלט קיינער ניט געשטאָרבן; ווען איך זאָל האַנדלען מיט האָניק, וואָלט פון אים געוואָרן דזשעגעכץ, סם", — האָט שלמה זלמן געענטפערט מיט פאַרביטערונג.

„וואָס עפּעס סם? תּכריכים? האַנדל מיט נוצלעכע זאַכן, מיט עסנוואַרג, מיט קליידונג; ווער אַ פּרוכטן־סוחר, אָדער עפּעס אַן אַנדער סוחר; זיצן און וואַרטן אויף אַרבעט, ווען קיין אַרבעט איז ניט צו

געפינען, איז ניט קיין שכל. ווו שטייט עס געשריבן, אַז דו מוזט זיין אַן אַרבעטער?"

„איר מיינט אַ פּעדלער, אמת? ווי לאַנג איז, ווי כ'האָב פון אייך געהערט, אַז פּעדלען מיט זאַקן איז ניט קיין כבוד־זאַך, און היינט הייסט איר מיך ווערן אַ פּעדלער, אַ פּרוכטן־פּעדלער, אַ זאַקן־פּעדלער, אַבי האַנדל".

„האָסט מיך דאַן שלעכט פאַרשטאַנען, ניט דאָס האָב איך געמיינט. כ'האָב געזאָגט, אַז ס'איז מער בכבודיק צו בעטן ביי גאָלדבען אַרבעט, ווי צו פּעדלען. דאַן איז אָבער געווען די ברירה זיך ווענדן צו גאָלדבען, וואָס פאַר אַ ברירה האָבן מיר היינט? דער תרח, די ניכפּה זאָל אים נעמען, האָט ביי דיר די ברירה צוגענומען. אויסער דעם, זענען היינט אַנדערע צייטן. היינט האָט קיינער ניט קיין באַרעס געלט, וועט מען גערן קויפן אויף אויסצוצאָלן".

„ווער וועט מיר, דעם קבצן, באָרגן אַ גראָשן? געבן אויף אויס־צוצאָלן?"

„איך האָב אַ פריינט,, וואָס האָט מיר אַמאָל געטרויט, וועט ער אויך דיר געטרויען, איך בין זיכער".

„אויף וואָס קוקנדיק? אויף מיין שיינער באָרד, וואָס כ'האָב ניט?"

„ווייסטו גאָר וואָס? לאָמיר צוגיין און זען, וואָס האָבן מיר צו פאַרלירן? וועסט זיך איבערצייגן, אַז ניט אַלע זענען גאָלדבענס, אָדער שטיינס, פאָלג מיך".

ער האָט אים צורו גלאָזט, געוואַרט אויף זיין איבערטראַכטן זיך, און לסוף אים געפרעגט: „נו, וואָס זאָגסטו? וואָס איז דאָ אייגנטלעך אַזויפיל צו טראַכטן? וואָס איז דאָ מורא צו האָבן?

„וואָס רעדט איר פון מורא, וואָס? אַז כ'האָב ניט מורא געהאַט פאַר שטיינען, פאַרן גריך, פאַר גאָלדבענען, וואָס וועט שוין אַרויסקומען, אַז מירן גיין זען נאָך אַ פריינד?" — האָט זיך שלמה זלמן געוועדט קעגן נאָך אַ שתדלנות.

„וואָס ס'איז געוואָרן פון זיי, איז אַ מכת־מדינה. די גאַנצע וועלט איז געשלאָגן מיט דער קריזיס־מגיפה, אַפילו מיין פּרעסערייי ליידט פון איר; נו, זענען מיר זיך, חלילה, מיאש?"

„פונוואַנען זענט איר אַזוי זיכער, אַז פון דעם וויזיט וועט ניט אַרויסקומען נאָך אַן אַנטוישונג?"

„ערב זיין וועל איך ניט, קיין נביא בין איך אויך ניט, אָבער פּרובירן דאַרף מען. אַפילו משה רבינו, האָט געדאַרפט אויפהויבן די הענט צום הימל, אַז ער האָט געוואָלט דער ים זאָל זיך שפּאַלטן".

צומאָרגנס, אויפן וועג צו דער אַרבעט, האָט ער אָפּגעטראָטן ביי

שלמה זלמנען, כאָטש ער האָט ניט געגלויבט, אַז ער האָט איבערנאַכט געטוישט זיין מיינונג וועגן גיין זען נאָך אַ פריינד. ער איז אָבער איבעראַשט געווען צו זען, אַז שלמה זלמן וואַרט אויף אים, איז גרייט צו גיין מיט אים. מיט צופרידנקייט האָט ער אים אָנטקעגן געטראָגן אַ ברייטן גוט־מאָרגן און געזאָגט: „איך פּיל, אַז היינט וועסטו מצליח זיין. כל התחלות קשות. אַז דו וועסט נאָר אָנהויבן, איינפּעדעמען, וועט זיך שוין נייען", — האָט ער אים געמוטיקט.



אין דער זאָקן־פאַבריק איז געשטאַנען אַ געדיכט גערויש פון מאַשינען, אַז מ'האָט דאָס אייגענע קול ניט געקאָנט הערן. דער קרוב האָט געמוזט אַריינשרייען דעם זאָקן פאַבריקאַנט אין די אויערן, כדי אים מסביר צו זיין דעם ענין. שלמה זלמן האָט געפילט, אַז מען באַטראַכט אים פון קאָפּ ביז די פיס. דאַן האָט דער זאָקן־מאַכער אַריינגעשריגן דעם קרוב אין אויער אַריין: „ער טויג ניט פאַר אַ פּעדלער, פריער וועלן דאָ האָר אַרויסוואַקסן, איידער פון אים וועט אַ פּעדלער ווערן", — האָט ער געוויזן אויף זיין דלאָניע.

דער משפּחהניק האָט אָנגענומען דעם פאַבריקאַנט ביי דער האַנט און איז מיט אים אַרויס פון דעם מאַשינען־גערויש, פאַרזוימט זיך אַ ווייל און באַלד צוריקגעקומען אַליין, מיט אַ שיין פאַרבונדן פּאַפּירן קעסטל. ער האָט גענומען שלמה זלמנען ביים אָרעם און איז מיט אים אַרויס פונעם פאַבריקס־האַרמידער, דערלאַנגט אים דאָס קעסטל און געזאָגט: „נאַ, זאָל זיין מיט מזל! דאָ האָסטו אַ טוץ זאָקן פון פאַרשידענע קאָלירן און מאָסן, פאַנג אָן פון וועלכער גאַס דו ווילסט, קלאַפּ אָן אין וועלכער טיר דו ווילסט, און זיי מצליח!"

ער האָט אים צוגעפירט אַ שטיקל וועגס און איז אַוועק. שלמה זלמן איז געבליבן שטיין אַ פאַרווירטער, ניט געוווּסט ווו זיך צו קערן און ווענדן. עפּעס אַן אָפּהענטיקייט האָט אים באַהערשט און דאָס האַרץ האָט געטיאַכקעט. ווען ער האָט זיך אומגעקוקט און געזען, אַז דער קרוב איז אַוועק, אַז ער איז אַליין, האָט ער באַטראַכט די הייזער, געפּרוּווט אויסקלייבן אַ הויז ווו אָנצוקלאַפּן, אָבער אַלע הייזער האָבן געהאַט איין פּנים, ווי איין מאַמע וואָלט זיי געהאַט.

די האַנט, וואָס האָט אָנגעקלאַפּט אין אַ טיר, האָט געשוויצט פון געשפּאַנטקייט און דערוואַרטונג די טיר זאָל זיך עפענען. באַלד דערהערט ער אַ קול: „איך דאַרף גאַרניט פון אייער האַנדל־וואַנדל". פון אַ צווייטער טיר, וואָס האָט זיך געעפנט אויף אַ שמאָלן שפּאַלט בלויז, האָט צו אים

אַרויסגעוואָרטשעט אַ שטימע: „מיין מאַן קויפט זיך אַליין זיינע שקאַרפּעטן און בינדעס". פון אַ דריטער טיר האָט זיך אַרויסגעשפּאַרט אַ צעפּאַטלטער קאָפּ האָר און זיך צעשריגן: „אַ וויסטע אַנשיקעניש אויף מיין קאָפּ!" און די טיר האָט זיך פאַרהאַקט.

אויף טירן זענען געהאַנגען צעטלעך, וואָס האָבן געוואָרנט און געבעטן ניט צו קלאַפּן, ניט צו וועקן די קינדער, קראַנקע, די נאַכט־אַרבעטער. פון דער לעצטער טיר איז ער אַנטלאָפן אַ פאַרשעמטער, דאָרט האָט מען זיך אויף אים צעשריגן, ער זאָל גיין אַרבעטן און אויפהערן שנאָרען.

דאַן איז ער, ניט עפענענדיק אַפילו דאָס קעסטל זאַקן אַנטלאָפן אַהיים. געוועזן אין כעס אויף זיך אַליין, וואָס ער גייט נאָך די שתדלנותן פון זיין קרוב — זיין פאַרזאָרגער, ווי ער אַליין וואָלט געווען אַ קאַליקע, אַן אומבאַהאָלפן קינד. מער וועט ער דאָס ניט טאָן! ער האָט באַשלאָסן נאָך היינט אים דאָס זאָגן, נאָך היינט צו דעם מאַכן אַ סוף.

אויפן וועג פון דער אַרבעט אַהיים, האָט דער משפחהניק אָפּגעטראָטן צו הערן ווי ס'איז אים דערגאַנגען דער ערשטער טאָג האַנדל, און ער האָט געפונען דאָס קעסטל זאַקן פאַרפּאַקט, ווי ער האָט עס אים געגעבן.

„כ'קען ניט שנאָרען, כ'קען ניט בעטלען, כ'קען ניט!" — האָט ער אים באַגעגנט, נאָך איידער יענער האָט אַרויסגעזאָגט אַ וואָרט.

דער משפחהניק האָט געשוויגן. אין האַרצן האָט ער געפילט, אַז ער טויג ניט צו פּעדלעריי, פּונקט ווי ער אַליין האָט ניט געטויגנט, ניט געקאָנט בעטן און איינרעדן מענטשן צו קויפן זאַכן, וואָס זיי האָבן ניט געדאַרפט און ניט געוואָלט, און דערנאָך אויסבעטלען אַ צאָלונג, אַ ראַטע, דאָס איז עס געווען אַ טאָפּעלע בעטלעריי. צום סוף האָט ער אַליין געמוזט אַוועקוואַרפן דאָס פּעדלעריי און ווערן אַ פּרעסער.

„האָסט דאָך אַפילו דאָס קעסטל ניט געעפנט, דו ווייסט דאָך ניט, וואָס האָסט געהאַט צו פאַרקויפן", — האָט ער געקוקט מיט צער אויף שלמה זלמנען און דעם ניט גערירטן קעסטל זאַקן. „האָסט דאָך לכל הפחות געמעגט אַריינקוקן אינעם קעסטל, ווען מ'זעט אַליין די סחורה, איז גרינגער צו פאַרקויפן".

„כ'האָב פּרובירט, גלויבט מיר. ס'האָט אַפילו קיינער ניט געוואָלט וויסן, וואָס איך פאַרקויף, וואָס האָט געטויגט דאָס עפענען?" — האָט ער זיך געבעטן, ער זאָל אים גלויבן, אַז ער האָט באמת פּרובירט, און דערביי געוואָלט אויסלאָזן זיין ביטער האַרץ צום קרוב.

אָבער די ליידיקע שטוב, אָן די קינדער, האָט אים דערמאָנט, אַז דער משפחהניק האַלט ביי זיך זיינע קינדער. איצט גרייט ער צו דעם ברית פון ניי־געבוירענעם זון, באַשטעלט דעם מוהל, אַ מנין באַקאַנטע און

פריינד, וואָס זענען גרייט צו פאַרלירן אַרבעט־שעהן און קומען אין שפּיטאָל ריין צום ברית. זיין ווייב באַזאָרגט לעקעך, בראָנפן און זכר־קיכלעך, קאָכט אַרבעס, האָקט הערינג, גרייט צו דעם שלום־זכר — און דער כעס איז אים אָפּגעפאַלן, ניט געוואָלט אַרויסברענגען קיין בייז וואָרט אויף דעם גוטן מענטשן, וואָס וויל באמת נאָר זיין טובה. „וואָס זאָלן מיר זיך נאַרן, כ׳טויג ניט צו קיין מסחר״, — האָט זיך שלמה זלמן ווי פאַרענטפערט. — כ׳האָב נאָך אינדערהיים ניט געטויגט צו גיין מיטן טאַטן איבער די דערפער, און אויך ניט צו גיין דאָ איבער די הייזער און קלאַפּן אין די טירן. כ׳בין אַן אַרבעטער, דאָס וואָס איך קען, צו דעם טויג איך״.

„אויף להבא, זיי וויסן, אַז אַ סוחר דאַרף פאַרשטעלן זיין סחורה, וואָס ער וויל פאַרקויפן. דיין באַלעבאָס ווייזטו דיין אַרבעט? האָסטו די קונים געדאַרפן ווייזן, וואָס דו פאַרקויפסט. ווי דו האָסט זיך געגרייט צום פאַרקויפן, אַזוי האָט מען ביי דיר געקויפט. נו, מילא, וועסטו ניט זיין קיין סוחר, ס׳פעלט ב״ה דער וועלט ניט קיין סוחרים, די ניכפה זאָל נעמען די וועלט מיט די מענטשן״.

זיין גרעסטן כעס האָט ער אויסגעלאָזט אויף גאָלדבענען מיט זיין אָנגעבלאָזן ווייב און די אידיאָטן, וואָס האָבן צוגעזען גאָלדבענס הפקרות און געשוויגן ווי שורקעס הונט, וואָס האָט מורא פאַר דער בייטש — ער האָט זיי אַלעמען צוגעטיילט זיינע „ניכפה׳ס״. ער האָט זיך מישב געווען, ניט צו זיצן מער דאָ, נאָר צוגיין צום לייבאָר־ליסעאום זען זיך מיטן סטאָר־סעקרעטאָר. — אפשר האָט ער עפּעס צו זאָגן, הערן זיין עצה וועגן אַרבעט.

דער סעקרעטאָר האָט זיך דערפרייט מיט אים. „שוין אַ לאַנגע צייט אייך ניט געזען און ניט אייער גרינעם, דעם עסקן אין אַרבעטער פאַריינען. ווען ער האָט געאַרבעט מיט קלמנען, איז ער אויך אַליין ניט געקומען, נאָר געשיקט מיטגליד־אָפּצאָל מיט אים. איצט מוז זיין טראָבל ביים גרינעם״ — האָט ער געזאָגט און אַריינגעבעטן שלמה זלמנס קרוב אין ביוראָ.

„האָט ניט קיין פאַריבל, וואָס איך ברענג אייך זיין מיטגליד־אָפּצאָל, ער האָט טאַקע נעבעך אַ פאַרדרייטן קאָפּ, מיין גרינער. דאָס ווייב האָט אים געבוירן נאָך אַ זון, אַריינגעטראָפן מיט אים אין דער סאָמער ריכטיקער צייט, מ׳שטיינס־געזאָגט, ער אַרבעט דאָך ניט. וויפל איז ער שולדיק? נעמט דערוויל דאָס, עד לחשבון״. — האָט ער אוועקגעלייגט אַ פינפערל, זיין אייגן געלט.

„איר זאָגט דאָך, אַז ער אַרבעט ניט״. — האָט דער סעקרעטאָר געלאָזט דאָס פינפערל אויפן טיש.

„הלוואי זאָל ער אַזוי אַרבעטן, ווי ער אַרבעט ניט. אָבער איר האָט

אַ גוט האַרץ, זע איך, וואָס זשע פאַר אַן עצה האָט איר פאַר אים? — האָט ער אַ נעם צוריק געגעבן דאָס פּינפּערל.

„וואָס קענען מיר דען פאַר אים טאָן מער, ווי פאַר אַלע אַנדערע? מירן אים אַרויפשטעלן אויף דעם אַרבעטסלאָזע־צעטל". — ער האָט אַרויסגענומען עטלעכע בויגנס פּאַפּיר און געוואָלט אויפן לעצטן בויגן פאַרשרייבן שלמה זלמנען.

„פונדאָנען וועט קומען זיין ישועה? די רשימה איז דאָך אַזוי לאַנג ווי דער יידישער גלות! ער דאַרף האָבן הילף שוין, היינט, איר האָט ניט געהערט? ער איז דאָך אַקאָרשט געוואָרן אַ נייער טאַטע!"

„דאָס איז אַן אילוזיאָרישע סופּעריאָריטעט, מיין טייערער ייד. די וועלט איז פול מיט אַזעלכע העלדן און דאָס באַרעכטיקט אים ניט צו קיינע פּריווילעגיעס מער פון די אַלט־געבאַקענע טאַטעס".

„ער בעט ניט קיין פּריווילעגיעס, ער בעט גאָרניט, ער איז אַ שטאָל־צער מענטש, אַ שטאָלצער אַרבעטער, ס'איז, זעט אויס, געווען מיין טעות דאָס קומען צו אייך". — האָט ער זיך אויפגעשטעלט צום גיין. — „כ'האָב געמיינט, אַז איר קענט און ווילט העלפן. קענט איר דען ניט? נאָר אַ ביי־סעלע גוטן ווילן", — האָט ער זיך צוריקגעזעצט.

„וואָס ווילט איר ניט פאַרשטיין. מיר האָבן דאָ ניט די מאַכט פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען אין אייראָפּע — מיר האָבן ניט די מאַכט צו קאָנטראָלירן די אַרבעט און די אַרבעטער און ממילא אויך ניט די באַלע־באַטים. פאַראַן בלויז אַ ביסל גוטן ווילן פון באַוווּסטזיניקע אַרבעטער, וואָס ווילן זיך אַרויסהעלפן קעגנזייטיק ווי קלמן האָט אים אַמאָל געהאָלפן. דעם אמת געזאָגט, האָבן מיר שוין דאָס אויך ניט".

„איז מאַין יבוא עזרו? פון וואַנען זשע וועט קומען די הילף? ער אַליין איז צו שטאָלץ צו בעטן, צי ס'איז אַרבעט, צי צדקה, חס־וחלילה. וואָס זשע פאַר אַן עצה האָט איר פאַר אים?"

„דריי זאַכן קען ער טאָן, ער דאַרף זיי טאָן, לויט מיין מיינונג. איינס: זאָל ער בלייבן אויף דער אַרבעטסלאָזע־ליסטע; צוויי: ער קען, ער דאַרף גיין אויף רעליף, ניט צדקה, נאָר שטאַטישע הילף, ווי די אַנדערע אַרבעטסלאָזע סטאָלאַרעס טוען; און דריי: זאָל ער צוגיין צום לייבאַר־טעמפּל, צו די ענגלישע סטאָלאַרעס, און פּרוּוון מזל ביי זיי, אפשר נויטיקן זיי זיך אַמאָל, אין אַ גוטן בעל־מלאכה ווי ער איז, ער איז דאָך, דוכט זיך, אַן אַלגעמיינער סטאָלאַר און אַ מעבל־ספּעציאַליסט, זאָל ער צוגיין, וואָס האָט ער צו פאַרלירן?"

„עצות האָט איר גוטע, נאָר פאַר אים טויגן זיי ניט. אייער ערשטע עצה טויג ניט, ווייל משיח קען פריער קומען, איידער ער וועט פון אייערע רשימות קריגן אַרבעט. פון דער צדקה־עצה, די שטאַטישע הילף, וועט ער

אַפילו ניט ווען הערן. אין דעם פאַל איז ער אַן אויסנאַם פון אַלע אַנדערע, איך בין ממש צופרידן, וואָס איך בין אַהערגעקומען אַליין. פאַרן פאַרלייגן אים צדקה, וואָלט ער חלילה אַלעמען געדורסט. אייער לעצטע עצה, זעט איר, האָט שכל, מירן זי אויספּרווון. כ'בין צופרידן, וואָס כ'בין צו אייך געקומען".

ער האָט אים דערלאַנגט די האַנט און איז אַוועק.

# קאַפּיטל 9

אינדערפרי, גייענדיק צו דער אַרבעט, איז ער אַריין צו שלמה זלמנען מיטן סעקרעטאַרס עצה, צוצוגיין אין לייבאָר־טעמפּל. צו זיין שטוינונג, האָט שלמה זלמן באַלד געזאָגט:

„אויב איר מיינט, אַז זי איז טאַקע גוט, די עצה, איז אדרבא, לאָמיר גיין און זען. דער איינפאַל, דאַכט זיך, איז אַ גוטער. ווען איך ווייס פון דעם לייבאָר־טעמפּל, וואָלט איך שוין אַליין לאַנג דאָרט געווען. לאָמיר גיין".

נאָכן זוכן און נאָכפרעגן זיך, אין דעם אָנגעזאָפּטן מיט רויך און ביר ריחות טעמפּל, אויף דער ביוראָ פון די סטאַלאַרעס, האָט מען זיי אָנגעוויזן אויף אַ טיר מיט אַ פאַרזשאַווערט שילדל: „באָרד אָף קאַרפּענטערס ענד דזשוינערס. קלאַפּ אָן און גיי אַריין".

דער קרוב האָט אָנגעקלאַפּט, געבליבן שטיין אַ פּאָר טריט פון דער טיר און געוואַרט מ'זאָל זיי אַריינבעטן נענטער צום שרייב־טיש, ווו ס'איז געזעסן אַ מאַן, אַ פעטלעכער, מיט אַ דיקן ציגאַר אין מויל, און אַריינגערעדט אין טעלעפאָן־טרייבל, קוקנדיק אויף זיי גלייכגילטיק. ביי זייער דערשיינען האָט ער אפילו ניט געענדערט זיין פּאָזיציע, ער האָט ניט אויפגעהערט קייען זיין ציגאַר. פאַרענדיקט זיין געשפּרעך האָט ער, אָן צערעמאָניעס, אַ וואָרף צו געגעבן זיי „יעס?". זיי האָבן באַלד ניט געענטפערט אויף דעם „יעס", ביז דער קייענדיקער ציגאַר האָט איבער־געפרעגט אין אַ באַפעלערישן טאָן: „יעס, וואָט קען איי דו פאָר יו?" און די אויגן האָבן אָנגעווונקען אויף צוויי שטולן, וואָס זענען געשטאַנען אַנטקעגן אים, מ'זאָל זיך אויף זיי זעצן.

זיי האָבן געהאַט צווישן זיך אָפּגעמאַכט, אַז שלמה זלמן זאָל שווייגן, מ'זאָל ניט דערקענען, אַז מ'האָט צו טאָן מיט אַ גרינעם. „די טשינאָוניקעס האָבן גאָר קיין דרך־ארץ ניט פאַר גרינע", — האָט ער אים געגעבן צו פאַרשטיין.

שלמה זלמנס ענגליש איז סייווי ניט געווען פאַר קיין ברייטע גע־שפּרעכן. געווען אַ מין ענגליש פון אויפכאַפּן און ענטפערן דאָ אַ וואָרט, דאָרט אַ וואָרט, אָבער פירן געשפּרעכן האָט ער ניט געוואָגט.

אָבער וואָס איז דער קרוב אַזוי רויט געוואָרן פּלוצים? פאַרוואָס איז ער אויפגעשפּרונגען ווי אַן אָפּגעבריטער, אים אַ שלעפּ געטאָן ביים אַקסל ער זאָל גיין: האָט אַרויסגעוואָרטשעט: „קום, קום שוין!‟. ער האָט ניט געפרעגט קיין שאלות, געגאַנגען, כמעט געלאָפן, אונטערגעשטופּט פון משפּחהניק ביזן דרויסן אַרויס. פון יענער זייט „טעמפּל‟ האָט ער זיך אָפּגעשטעלט, ניט געלאָזט זיך מער שטופּן און געוואָלט וויסן, וואָס ס׳איז געשען, וואָס איז דאָס לויפעניש?

„האָסט ניט געהערט? אַ שיינע רייניע כפּרה זאָל ער זיין, פאַר אונדז ביידן און פאַר כל ישראל! דו ווייסט וואָס ער האָט געזאָגט?!‟ — האָט געפלאַמט ביי אים דאָס פּנים פון כעס. — „ער האָט געזאָגט, דיין חבר, אַז מען האָט נאָך דיר ניט געשיקט, קיינער האָט דיך ניט געבעטן קומען אַהער, ער קען זען, אַז מ׳זאָל דיך צוריקשיקן פונוואַנען דו ביסט געקומען. דאָס קען ער פאַר דיר טאָן, דער חבר פון דיין אינטערנאַציאָנאַל. די ניכפּה זאָל אים נעמען!‟ — און ער לויפט, ווי עס וואָלט אים ווער נאָכגעיאָגט, און ער ניכפּהט, בייטלט אויס אויף אים אַלע זיינע בייזע חלומות.

„אַזוי לאַנג קרענקט ער!‟ — האָט שלמה זלמן צוריקגעקוקט צו דער סאַזשע־פאַרחושכטער געביידע, וואָס האָט געשלאָגן מיט ריחות פון רויך און ביר, ווי פון אַ שענק, ניט ווי פון אַ „טעמפּל‟ — אַן אַרבעטער־הויז, און זיך געוווּנדערט אויף דעם שיינעם נאָמען, וואָס מען האָט געגעבן דעם טעמפּל פון שיכרות.

„אַ טעמפּל, ווי אַלע היינטיקע טעמפּלען. אַ שיינער נאָמען פאַר אַ מיאוסן אינהאַלט. אַזוי לאַנג קרענקט ער, דער גאָט פון שיכרות־טעמפּל‟. — ער האָט שנעל אָוועקגעשפּרייזט פון דעם „לייבאָר־טעמפּל‟, ווי פון אַ געפאַר, טראַכטנדיק: „כ׳בין אַרויס פון פייער און אַריין אין דער בראַט־פאַן? — אַרויס פון הפקר־פוילן און אַריין אין אַ לאַנד פון שנאה צום פרעמדן, צום גרינעם, וווּ קיינער איז פאַר קיינעם!‟ — ער האָט זיך פאַרקוקט אויף אַ פאַר פערד, וואָס האָבן געשלעפּט אַ וואָגן מיט קוילן, ווען רעדער זענען געלאָפן אויף טראַמוויי־רעלסן. אין דעם אויגנבליק איז אים געקומען אויפן געדאַנק דער מילכמאָן.

ער האָט זיך דערמאָנט וועגן זיינע מחשבותן, אַז מילך פירן וואָלט פאַר אים געווען אַ גוטער אָנהויב אין דעם לאַנד. „ווי האָט עס מיר גאָר געקענט אַרויס פון מיין זכרון די גאַנצע צייט? דער משפּחהניק האָט אים פאַרדרייט דעם קאָפּ מיט זיינע שתדלנות, דאָס איז דאָס לעצטע מאָל, וואָס ער גייט מיט אים‟, — האָט ער ביי זיך אָפּגעמאַכט.

„האָ, זאָגסט עפּעס?" — איז דער משפּחהניק אונטערגעשפּרונגען אַ ביסל, ווען ער האָט געהערט שלמה זלמנען עפּעס מורמלען. — „נו מעג ער ניט זיין אַ כּפּרה, דער ניכפּהניק? — דיינע חברים, דיינע אַרבעטער־פאַרזאָרגער", — האָט ער אַריינגעבורטשעט אין שלמה זלמנען.

שלמה זלמן איז געגאַנגען פאַרטראַכט, פאַרקוקט זיך אויף דעם לויפּנ־דיקן קוילן־וואָגן, און געקומען צום אויספיר, אַז עס מוז זיין ניט שווער אַנצוטרייבן מיט פערד־און־וועגעלע, אַז דאָס וועט ער אונטערנעמען אַליין, אָן קיינעמס הילף.

דעם משפּחהניק האָט ער גאָרניט געזאָגט וועגן מילך פירן, איידער ער רעדט ניט איבער מיטן ווייב. ער האָט גוט געדענקט, און אויך דאָס ווייב האָט אים ניט געלאָזט פאַרגעסן די מעשה שטיין.

ווען ער האָט ביינאַכט, ביים באַזוכן זי, איבערגערעדט וועגן מילך פירן, האָט זי אַרויסגעוויזן ווייניק אינטערעס און געהייסן אים טאָן ווי אים געפעלט. זי האָט ניט געזאָגט יאָ, ניט ניין, נאָר איבערגעלאָזט פאַר אים צו באַשליסן.

דעם משפּחהניק איז ווויל געפעלן זיין פּלאַן צו ווערן אַ מילכמאַן. ער האָט געקאַנט עטלעכע יידישע מילכלייט, וואָס מ'האָט געזאָגט, אַז זיי האָבן געמאַכט אַ פאַרמעגן. און פון די מילכערייען־אייגנטימער איז דאָך אָפּגערעדט, זיי, זאָגט מען, זענען גאַנצע מיליאָנערן! ער האָט צוגעזאָגט אַ רעד צו טאָן, קודם כל, מיט זיין מילכמאַן טאַקע, אפשר ווייסט ער ווער ס'דאַרף אַ העלפער? ער וועט רעדן מיט אַלע זיינע באַקאַנטע מילכלייט, זיי זאָלן אים צונעמען, לערנען פירן מילך.

שלמה זלמן האָט זיך שוין מער ניט געוואָלט פאַרלאָזן אויף קיינעם. דער דערפאַלג פון ווערן אַ מילכמאַן, האָט ער געזען, ליגט נאָר אין זיינע הענט און פיס, אין זיין אייגן מויל. ער האָט שוין געוואָלט אָנהויבן, איינ־פעדעמען זיך אין מילך פירן, איידער דאָס ווייב מיטן נייעם זון קומען אַ היים, ווען די אַנדערע קינדער זענען נאָך ביים משפּחהניק. ער איז אַוועק צו אַלע זיינע באַקאַנטע און פריינט, צו שטיינען אַפילו, און צו די אַרבעטער, וואָס ער האָט געקאַנט, און איז צוריקגעקומען מיט גוטע צוזאָגן פון אַלעמען, אַלע האָבן אים דערמוטיקט און צוגעזאָגט נעמען מילך ביי אים.

דער משפּחהניק איז ניט צופרידן געווען מיט זיין בחיפזונדיקן אָנהויב, מיט אַרבעטער־קליענטן, וואָס נעמען אויפן בוך, אָדער אויף צדקה־קוויטלעך. „אַזעלכע קליענטן, קענען אויך אַ ראָטשילד אַריינפירן אין הקדש אַריין", — האָט זיך ביי אים אַרויסגעכאַפּט און שלמה זלמן האָט זיך געמאַכט. אַז ער האָט דאָס ניט געהערט. ער האָט טאַקע ניט געבראַכט קיין ראָטשילדס, זיינע קאַנדידאַטן אויף מילך נעמען זענען געווען פּרעסערס, שניידערס, אַלטוואַרג־הענדלער, אַלטוואַרג־פּאַרקויפער, אַלע די וואָס

חלומען פון ראָטשילדן, אָבער אַליין זענען זיי קבצנים אין צען פּאָלעס. ער האָט זיך געהאַלטן ביי זיינס: מען דאַרף וואַרטן, צוגרייטן זיך, לערנען זיך מילך פירן און אָנהויבן גוט, ניט כאַפּ־לאַפּ. „מיט קבצנים איז גוט צו גיין מיט הקפות אין שמחת תורה, ניט אין געשעפט. ווי מ'בעט זיך אויס אַזוי שלאָפט מען שפּעטער".

פון די מילכלייט, וואָס האָלטן העלפערס, איז ער צוריק געקומען מיט גאַרניט, מיט אַ תירוץ, אַז צוליב שמירת־שבת, קענען זיי ניט צונעמען זיין גרינעם. „צו להכעיס זיי" וועט ער טאָן אַלץ, אַז זיין גרינער זאָל ווערן אַ מילכמאַן. ער וועט צולייגן כוחות, כדי ער זאָל ווערן אַ גוטער, גרויסער מילכמאַן, און אפשר גאָר האָבן אַן אייגענע מילכעריי. אָבער ניט געאיילט, פּלאַנמעסיק, בהדרגה, ווי דאָס פאָלקס־ווערטל זאָגט: „אַ גאַנצע נאַכט דאַרף מען זיך בעטן, כדי צו שלאָפן איין גוטע שעה".

אַזוי האָט ער געטענהט צו די פרומע קעץ, גאָטס קאָזאַקן. האָט זיי דערמאָנט דעם: „אדם קרוב לעצמו" — דיין אייגנס איז בילכער פון אַלעם אַנדערן — און זיי האָבן אים געענטפערט מיט שמירת־שבת.

„ווען אַ מענטש שטאַרבט פאַר הונגער אין שבת, וויינט די שכינה!" — האָט ער זיי אַריינגעזאָגט. דערפאַר שטייט געשריבן: „פּיקוח נפש דוחה שבת".

זיי האָבן געלאַכט, געפרעגט: „אין וועלכן ספר־פּראַלניק שטייט דאָס געשריבן, אַז ער מוז ווערן אַ מילכמאַן?"

„וועט ער שוין דווקא יאָ ווערן אַ מילכמאַן און זיי וועט דאָס קאָסטן גוט רבי געלט!" — האָט ער געזאָגט אַלעמען.

פון איצט אָן, איז ער אַרומגעלאָפן און געזוכט מילך־קליענטן פאַר זיין גרינעם, און איז שטענדיק צוריקגעקומען מיט אַ סך פאַרשפּרעכענישן און בעיקר, מיט אַ צוזאָג פון בעל הקאָוויאַרנע אין דער פאַבריק, ווו ער אַרבעט. יענער האָט זיך גאָר אָנגעכאַפּט מיטביידע הענט אין דער געלעגנהייט צו העלפן אַ גרינעם און צוגעזאָגט נעמען ביי אים די גאַנצע מילך, וואָס אים איז נויטיק.

פול אין די בוזים־קעשענעס מיט פּאַפּירענע צוזאָגענישן, זענען ביידע אַוועק זוכן אַ מילכעריי, וואָס וועט וועלן פאַרקויפן מילך צו אַ גרינעם. דאָס איז זיי ניט אָנגעקומען אַזוי גרינג, ווייל די מילכלייט האָבן זיך דווקא משתדל געווען אויף פאַרקערט, מ'זאָל זיי ניט פאַרקויפן קיין מילך; און די גאַנצע אַרבעט פון זוכן מילך־קונים, האָט אויסגעזען צו זיין אַ ברכה לבטלה, אַן אַרויסגעוואָרפענע אַרבעט.

אָבער שלמה זלמן מיט זיין משפּחהניק, זענען ניט געווען פון די, וואָס זענען זיך גרינג מיאש, וואָס שרעקן זיך אָפּ פאַר שוועריקייטן. זיי האָבן אַזוי לאַנג געזוכט, ביז זיי האָבן געפונען אַ יונגע מילכעריי, אַן

אַנפּאַנגערין, וואָס האָט זיך באַמיט אַריינצוקריגן אין יידישן מילך־קאָנסו־מער־מאַרקעט. זי האָט צוגעזאָגט פאַרקויפן מילך צו אַן ענערגישן יידישן מענטש, וואָס שרעקט זיך ניט פאַר אַרבעט.

„אַן ענערגישער מאַן איז טאַקע דער”, — האָט ער אַנגעוויזן אויף שלמה זלמנען, און אויף דער לאַנגער רשימה מיט מילך־נעמער, צווישן זיי די באַרימטע קליידער־פאַבריק, וואָס וועט ביי אים נעמען איר גאַנצן מילך־געברויך, ווי נאָר ער באַווייזט זיך מיט מילך אין גאַס. — „דאָס האָט ער זיך אַליין איינגעשאַפן”, — האָט ער אָפּגעלויבט שלמה זלמנען פאַרן מילכעריי־אייגנטימער.

„איצט קום מיט מיר, ס'וועט נאָך אפשר היינט אויך זיין אַ פערד־און־וועגעלע”. — ער איז מיט אים אַוועק צו ר' יחיאל דעם אַלטוואַרג־הענדלער, וואָס איז אַרומגעפאָרן מיט אַ פערד־און־וועגעלע און אויפגעקויפט אַלטע זאַכן, אַלטע מעבל. מיט זיינע בעטן האָט ער „אויסמעבלירט” זיינע און שלמה זלמנס דירה. אים איז ער געגאַנגען בעטן, ער זאָל העלפן קויפן עפּעס אַ לייטיש פערד אַן „איינגעבראָכנס”, ס'זאָל זיך ניט שרעקן און אַנטלויפן פאַר יעדער קלייניקייט, און אַ לייטיש ביליק וועגעלע. און ער האָט אים פאַרגעשלאָגן, לשם מצוה, אויסצובאָרגן זיין פערד־און־וועגעלע אויף די נעכט, ביז מ'וועט אויסזוכן דאָס „איינגעבראָכענע” פערד מיטן וועגעלע. ער פאַרלאַנגט ניט חלילה בחינם, מ'וועט באַצאָלן פאַר אַלע שפּעזן און קאָסטן, ער זאָל ניט האָבן קיין היזק.

ר' יחיאל האָט צוגעשטימט אויסצובאָרגן זיין פערד־און־וועגעלע אויף אַ וואָך, אויסער שבת, פאַרן בלויזן עסן און אייגענע הוצאות, ביז ער וועט זיך אומקוקן, נאָכפרעגן, ווייל מיט די זאַכן טאָר מען זיך ניט איילן, מ'קען נאָך חלילה אַריינפאַלן אין די פיס פון אַ פגר, מיט וועלכן מען קען ווייט ניט פאַרפאָרן.

און טאַקע, תוך כדי דיבור, האָט מען גענומען שפּאַנען פערד־און־וואָגן, און דריי: דאָס פערד, ר' יחיאל, און דער משפּחהניק, זענען געוועזן זיינע אונטערפירער, אים אַריינגעפירט אין די מילך־ביזנעס.

ר' יחיאל האָט אים געלערנט שפּאַנען אַ פערד, ווי אומצוגיין זיך מיט אים, ווי צו האַלטן די לייצעס און ווי אַזוי צו קירעווען מיט אַ פערד און וואָגן, און דער קרוב האָט אים געוויזן ווו־איין און ווו־אויס אין די גאַסן, אין די געגנטן פון שטאָט, ווו די מילך־קונים וווינען, ווי אַזוי צוצוקומען דורך נאָענטע וועגן, צו די צוואָרפענע קונים זיינע, ווי אַזוי צו דערקענען די הייזער. די צווייטע נאַכט מילך־פירן, איז מיט אים מיטגעפאָרן דער משפּחהניק אַליין, אָן ר' יחיאלן. „פאַר היימלעכקייט וועגן בלויז, און אפשר כ'וועיס, ווי ס'זאָל זיך ניט מאַכן”.

ס'האָט זיך טאַקע געמאַכט — אַלע גוטע צוזאָגענישן צו נעמען ביי

אים מילך, זענען אויף דער צווייטער נאַכט אויסגערונען. די צווייטע נאַכט מילך־שטעלן האָט אים צוריקגעבראַכט די מילך פון דער ערשטער נאַכט. ער האָט גאַרניט געדאַרפט פאַרן אין דער מילכעריי נאָך מילך. אויף דער נעכטיקער מילך, האָט ער געפונען צעטלעך מיט אָפּזאָגן, און אַנטשולדי־קונגען, מיט גוטע ווונטשן אויף להבא.

אויף דעם וועגעלע איז געווען היימלעך פון משפחהניקס מי שברך׳ס און זיינע ניכפּה׳ס, מיט וועלכע ער האָט מכבד געווען די מילך צוריק־שטעלער. ער האָט זיך און שלמה זלמנען הייליק צוגעזאָגט, אַז מאָרגן גייט ער זיך מיט זיי אָלע זען. „ס׳וועט זיי גאַרניט העלפן, די ניכפּה וועט זיי נעמען און מילך וועלן זיי נעמען!״ — ער האָט געשטופּט די צעטלען אין די קעשענעס, איינגעלייגט זיי כשורה, ניט צו פאַרמישן זיי. — „אַלעמען אויף צעפּיקעניש, וועסטו זיין אַ מילכמאַן, אַ גוטער און אַ גרויסער מילכ־מאַן!״ — האָט ער געטרייסט דעם דערשלאָגענעם שלמה זלמנען.

שלמה זלמן, וואָס איז געגאַנגען שטעלן איין פלעשל מילך און צוריק געקומען מיט צוויי, האָט קיין אַכט ניט געלייגט אויף זיין משפחהניקס רייד. ער האָט איצט געטראַכט, וואָס וועט זאָגן די מילכעריי אויף זיין צוריקברענגען די מילך פון היינט און נעכטן צוזאַמען. ווי ער וואָלט געלייענט זיינע געדאַנקען, האָט דער קרוב געזאָגט: „מ׳וועט גאַרניט צו־ריקגעבן, פון די מילך וועט מיינע מאַכן קעז, פּוטער, זויערע מילך, מיינע, זי איז זייער גוט אויף די זאַכן.

אויך שלמה זלמן איז גרייט געווען די מילך צו גיסן אין פערדס כלעוו, געבן צו טרינקען דעם פערד מילך אַנשטאָט וואַסער, אַבי ניט צוריקפירן אין דער מילכעריי. איז אים גוט געפעלן דער איינפאַל פון מאַכן קעז און אַנדערע זאַכן, אָבער ס׳איז צו דעם ניט געקומען.

ברענגענדיק די מילך פאַר דער קאָוויאַרניע, האָט ער געפונען אַ צע־טעלע, צו שטעלן מער מילך ווי נעכטן, כמעט טאָפּלט, בערך אין דער צאָל פון דער צוריקגעגעבענער מילך. דער משפחהניק האָט געהייסן שטעלן די גאַנצע נעכטיקע מילך, אָבער שלמה זלמן האָט מורא געהאַט, אַז ער קען חלילה פאַרלירן אַ גוטן אָפּנעמער, און ער האָט ניט געוואָלט איינשטעלן אויפהויבן אַ פעדער און לאָזן פאַלן אַ פּוכן איבערבעט.

דער קרוב האָט אים אָבער פאַרזיכערט, אַז פאַרלירן דעם קונה וועט ער ניט. דער באַלעבאָס פון פאַבריק האָט צוגעזאָגט נאָך פאַר אים, דערפאַר האָט ער באַלד ניט אָפּגעזאָגט, און ער וועט איצט אוודאי ניט אָפּזאָגן. און ער האָט געמאַכט אַ פּשרה: יחלוקו, האַלב אויף האַלב, האַלב פון נעכטן, און האַלב פון די היינטיקע מילך און די רעשט וועט מען אַ היים נעמען, זאָלן די קינדער טרינקען מילך און וואָס ס׳וועט איבערבלייבן, וועט גיין אין ווייבס גאָלדענע הענט אַריין, זי וועט שוין דערפון אַרויסקריגן פון

אַלעס גוטן. און אַלץ האָט זיך געענדיקט גוט. בעסער האָט גאָרניט געקענט זיין. די נעכטיקע מילך האָט חלילה קיינעם ניט געשאַדט, ניט אין הויז און ניט אין דער קאַוויאַרניע.

איבערגעקומען דעם מילך־„קריזיס" איז שלמה זלמן געוואָרן אַ גוטער מילכמאַן. ביינאַכט געפירט מילך און בייטאָג ניט געשלאָפן, נאָר אַרומ־געלאָפן און געזוכט קונים. דער משפחהניק, דאָקעגן, האָט געטאָן דאָס פּאַרקערטע, בייטאָג געאַרבעט און ביז האַלבער נאַכט אָפּגעשטאַט וויזיטן ביי זיינע אַלטע באַקאַנטע, ווו זיין פוס האָט זייער שוועל ניט אַריבער־געטרעטן פון זינט זיינע פּעדלער־יאָרן, און איז פון אַלע צוריקגעקומען מיט אַ „מהיכא תיתי, פאַרוואָס ניט". פאַר די עטלעכע טעג, וואָס ער האָט מילך געשטעלט, איז דאָס אַלטוואַרג וועגעלע קליין געוואָרן פאַר די מילך־קעסטלעך.

איז ער אַלס אָנפאַנגער שוין געווען אַ לייטישער מילכמאַן, און לויט דעם חשבון אויפן פּאַפּיר, שוין געקאָנט אויסהאַלטן אַ פערד און וועגעלע פון זיין מילך פירן. ס'האָט אים איצט געפעלט אָן אמתער געשפּאַן פון אַ מילכמאַן צו קענען בויען זיין מילך־געשעפט, אַרויפציען די מילך־קעסט־לעך אין וועגעלע אַריין, ווי אויך אויף שטאָקן אין די הייזער, ביז ער וועט קענען שפּייזן אויך דאָס ווייב מיט די קינדער. די אויסזיכטן און מעג־לעכקייטן זענען געווען גוטע. אַלע אינדערפרי, ווען ער האָט צוריקגעבראַכט דאָס פערד און וועגעלע צו ר' יחיאלן, האָט ער אים דערמאָנט וועגן אַ פערד און וועגעלע פאַר אים.

אין אַ טריבן האַרבסט־טאָג, ווען די בלעטער פון די בוימער האָבן פאַרוועלקטע, אָפּגעלעבטע, געטוליעט זיך צו דער ערד, איז שלמה זלמן אין אַ מזלדיקער נאָכמיטאָג־שעה, אַרויסגעפאָרן אין אָן אייגענעם געשפּאַן, פרווון צוגעוווינען זיך צו שטיין אויסגעגלייכט, אין זיין מילך־וואָגן, צו־געוווינען זיך צום נייעם פערדל, ס'פערדל צום מילך־מאַרשרוט — איצט האָט ער זיך געפילט, ווי אַ פאַלנער מילכמאַן.

ער איז געשטאַנען אין וועגעלע מיט אַ דאַך איבער זיין קאָפּ, אַ פענצטער פון פאָרנט, וואָס האָט זיך געעפנט אינעווייניק אַריין, צוויי טירן מיט אייזערנע אויערן פון ביידע זייטן, זיין נאָמען ניי־געפאַרבט פון ביידע זייטן וואָגן. אַ שטאָלצער איז ער געשטאַנען מיט די לייצעס אין ביידע הענט, אַריבערגעקוקט איבער דעם פערדלס קאָפּ און געזען די גאַנצע גאַס, און זיין מעמד האָט אים איצט הנאה געטאָן. ער זעט איצט די וועלט פאַר זיך, ניט דעם פערדישן וויידל. אַזוי האָט זיך געמוזט פילן ברוכל „זשעזשיק" אין זיין געשפּאַן, ווען ער איז געפאָרן צום פריץ.

ער האָט איצט געקענט זען דאָס גאַנצע פערדל, ניט בלויז דעם הינטן פון אָן אַלט מיד אָפּגעלעבט פערדל, אויסגעמוטשעט — ממש אַ גלגול פון

מענדעלעס קליאַטשע, וואָס פאַר עפּעס אַ זינד, איז עס צוריקגעקומען אויף דעם עולם התחתון. רעזיגנירט פון דערלעבן נאָך עפּעס גוטס אויף דער וועלט, איז עס זיך געגאַנגען פּאַמעלעכקע, געצויגן ווייטער אַ שווערן עול און צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ, ווי ס'וואָלט צו זיך אַליין גערעדט, געזאָגט זיך, אַז דאָס איז דער גורל פון אַ פערד, און דעם גורל קען מען ניט אויסמיידן.

אָבער שלמה זלמנען האָט זיך געדוכט, אַז דאָס מידע פערדל, האָט גאָר הנאה פון גיין אין געשפּאַן, ווייל ס'איז געגאַנגען מיט חשק, מיט התמדה, געלערנט זיך ווו איין און ווו אויס, ווו זיך צו פאַרנעמען פון די גאַסן צו די גאַסן פון זיין מאַרשרוט, ווי ס'וואָלט געוווּסט, אַז דאָס איז די עבודה פון אַ מילכמאַנס אַ פערד. געוואָלט אים צופרידן שטעלן, דעם נייעם בעל־הבית, געטראַכט זיך, אַז מיט בייזן דערגרייכט מען גאָרניט, אַ חוץ די בייטש. איז עס זיך געגאַנגען הכנעהדיק אין שפּאַן און אויסגעפירט אַלע זיינע באַפעלן.

ווי נאָר עס האָט אים דערהערט קומען צום שטאַל, איז עס שוין גע־שטאַנען אויף די פיס, אויסגעדרייט צו אים דעם קאָפּ מיט די טרויעריקע אויגן און אים אָפּגעגעבן אַ שטומע באַגריסונג. אָפּגערוקט זיך, געמאַכט פאַר אים אָרט, ער זאָל עס קענען שפּאַנען. דאָס שווער־געפּרוּווטע פערד האָט שוין געוווּסט, אַז ניט גוט יום־טוב ווינטשן קומט מען צו אים אינמיטן נאַכט.

האָט עס אַליין אַריינגעשטעקט דעם קאָפּ אין כאָמעט, געעפנט ס'מויל פאַרן צוימל. ווי נאָר ס'האָט דערפילט דאָס געפלאַכטענע אייזערנע קייטל אויפן צונג, האָט עס אים גענומען נאָכגיין צום וואָגן, אויסגעגאַנגען „עלינו" צווישן די האָלאָבלעס, און דערפילנדיק די האָלאָבלעס פאַרפעסטיקט ביי די זייטן, האָט עס גענומען רירן פון אָרט.

אַ רחמנות איז אים געווען אויף דער בידנער שקאַפּע, וואָס האָט אוודאי געוווּסט פון אַ סך געמוטשעטע טעג און הונגעריקע נעכט, ווי ס'איז קענטיק געווען פון איר אויסזען און פון דעם פּרייז, וואָס ער האָט פאַר איר באַצאָלט אין דער לאָם־פאַבריק, ווו מ'פאַרקויפט אַלטע פערד. האָט ער עס געלאָזט גיין איר מידן גאַנג, אין דער ריכטונג פון זיין מילך־מאַרשרוט, ווו ס'וועט גיין ביינאַכט ביים מילך פירן, און עס צוריק געפירט אין שטאַל אַריין, אויסרוען זיך ביז „חצות", ווען ער וועט קומען שפּאַנען, פאַר דער אמתער עבודה.

איין טרייסט האָט ער געהאַט פאַרן פערדל: עסן צו זעט וועט עס האָבן, אויסרוען זיך בייטאָג אויך. וואָס ער פאַרדינט דערווייל, סטייעט ממילא בלויז פאַרן פערד און וועגעלע. ווען ער וועט פון דעם מילך־פירן שפּייזן ווייב און קינדער, ווייסט ער ניט. דערווייל האָט ער בלויז היזק —

אַ פלאַש מילך ווערט צעבראָכן, אַ פלאַש גנבעט מען צו, אַ באַלעבאָסטע פאַרלייקנט, אַ פלאַש ווערט געפּרוּירן פון קעלט און פּלאַצט. פאַר זיך בלייבט דערווייל גאַרניט פון דער שווערער פּראַצע, בייטאָג און ביינאַכט, און מיט וואָס אַ היים צו נעמען דאָס ווייב און קינד פון שפּיטאָל איז פון דער גאַנצער האָרעוואַניע ניטאָ.

און ס'איז געקומען צום אַ היים נעמען די קימפּעטאָרין מיטן זון פון שפּיטאָל, האָט דער משפּחהניק געטראַכט, אַז ער וואָלט געדאַרפט איבערלאָזן די קינדער, ווו זיי זענען, ביי אים, אויב ניט אַלע דריי, איז די צוויי ייִנגלעך, און דאָס מיידל זאָל אַרויסהעלפן דער מוטער. אָבער זיין ווייב האָט אים אָפּגערעדט פון דערמאָנען אַפילו דאָס פאַר דער קימפּעטאָרין. דאָס קאָן באַליידיקן די געפילן פון אַ מאַמע. עס קען ביי איר אויסזען, אַז מ'וויל ביי איר צונעמען די קינדער, ווייל דער טאַטע קען זיי ניט אויסהאַלטן.

האָט ער פאַרגעשטעלט די זאַך שלמה זלמנען — דער שכל הישר איז מחייב, מכמה וכמה טעמים, דאָס צו טאָן, ער מיינט נאָר איר און די קינ־דערס טובה.

שלמה זלמן האָט מסכּים געווען, אָבער האָט אים אָפּגעשיקט צום ווייב — וואָס זי וועט באַשטימען, וועט ער מסכּים זיין. דאָס האָט דער קרוב ניט געוואָלט, ער האָט עפּעס געפילט, אַז זי האָט אים ניט גערן, באַציט זיך צו אים, ניט ווי צו אַ משפּחה, צו אַן אייגענעם. אַז ער וועט ניט קומען און אָנטעקלייגן די פינף דאָלאַר אין שענקל, וועט זי ניט קומען ווי צו אַ משפּחה באָרגן. זי ווייסט, אַז ער איז גערן צו העלפן, אָבער זי וואַרט ביז ער קומט, זי איז עפּעס פונדערווייטנס פון זיי. ער האָט געפילט, אַז ס'ווייב איז גערעכט. ס'קען מעגלעך זיין אַ חשש, א מורא, ביי דער קימפּעטאָרין, אַז מ'וויל אויסנוצן די שווערע צייט זייערע, און אָפּגעווינען די קינדער פון איר, און זי וועט אים פיינט קריגן. פאַר שנאה פון אייגענע, האָט ער זיך מער געשראָקן, ווי פאַר אַ שם רע. אַ שלעכטן נאָמען קען מען גוט מאַכן, אָבער ניט קיין שנאה, ווער שמועסט נאָך שנאת־חינם.

איז ער געפאַלן אויף אַ צווייטן פּלאַן: זאָל די קימפּעטאָרין קומען צו אים אויף אַ וואָך, באַלד נאָכן ברית. זיין ווייב וועט איר העלפן קומען צו די כוחות. וועט ער דאַן מיט איר רעדן וועגן איבערלאָזן די קינדער. אויך מיט דעם פאַרשלאַג האָט שלמה זלמן אים אָפּגעשיקט צו דער קימפּעטאָרין, מיטן מיין טאַקע, איינצושטעלן אַ בעסערע מערכה צווישן זיי.

דעם משפּחהניקס איינגעשפּאַרטקייט, צו האַלטן די קינדער, האָט אים אַליין געמאַכט טראַכטן, אַז ער האָט שוין צופיל הלוואות ביי אים גענומען. ער האָט ביי זיך אָפּגעמאַכט מער ווי צו באַצאָלן דעם שפּיטאָל, ער זאָל

קענען אַ היים נעמען ס׳ווייב מיטן קינד, וועט ער ניט באַרגן. ווען מ׳קען אין שפּיטאָל באַצאָלן שפּעטער, וואָלט ער אויך דאָס געלט ניט גענומען. ער האָט אַ נדר געטאָן, מער ניט צו נעמען ביי אים, אויף קיין שום הוצאות, אין קיין שום נויט.

אין דעם טאָג פון אַ היים נעמען דאָס ווייב מיטן זון פון שפּיטאָל, האָט ער געלאָזט דעם משפּחהניק באַצאָלן דעם שפּיטאָל־חשבון, אָבער רופן אַ טאַקסי, אַ היים צו נעמען זיי, האָט ער ניט געלאָזט. „כ׳האָב זיך אַ נדר געטאָן", — האָט ער געזאָגט מיט געבעט און אַנטשולדיקונג.

„גייסט זיי אַ היים טראָגן אויף די הענט?" — האָט דער משפּחהניק אַ ביסל אַ באַליידיקטער געפרעגט.

„ס׳וועט שוין רעכט און גוט זיין, גלויבט מיר". — ער האָט געבעטן ביים פענצטערל, מ׳זאָל דאָס ווייב מיטן קינד אויסשרייבן פאַרנאַכט צו.

„אוי, וואָס גייסטו טאָן, איך בין חושד, אַז דו ווילסט זיי אַ היים נעמען מיטן פערד און וועגעלע, האַ?!"

„ווו איז דאָס אומגליק, אַז יאָ?"

„אומגליק, שמומגליק, אויף אונדזערע שונאים אַן אומגליק. אָבער די מיסעס צאַראַד? דאָס ווייב, וואָס וועט זי זאָגן?!" — האָט ער אים אָוועקגעשלעפּט פון פענצטערל.

„ווו שטייט דאָס געשריבן, אַז זי מוז פאָרן אין טאַקסיס מיט געבאָרגט געלט? מיט מיין געלט, וואָלט זי אַפילו געקאָנט פליען אין אַן עראָפּלאַן, אָבער באָרגן געלט אויף טאַקסיס, ווען זי קען פונקט אַזוי גוט פאָרן אין מיין געשפּאַן — איז אַן עבירה. נישקשה, ס׳וועט איר חלילה גאָרניט שאַדן. מאַכט איר נאָר ניט קיין טראַגעדיע דערפון".

דעם משפּחהניקס ווייב איז געוועזן אויסער זיך פון צער און עגמת־נפש: „וואָס דער גרינער עקשן גייט דאָ אָפּטאָן. זי וועט זיך דאָך באַגראָבן פאַר חרפּה!" — האָט זי איינגעטענהט, מיט איר שכן, דעם קאַסטום־פּעדלער, וואָס האָט אָפּגעקויפט ביי איר מאַן די קליענטן און ס׳איז אים אָוועק מזלדיק, אַז ער האָט שוין געהאַט אַן אויטאָמאָביל. אים האָט זי איצט געבעטן רחמנות האָבן אויף דער מיסעס צאַראַד, ראַטעווען זי און דעם גרינעם מאַן אירן פון זיין שגעון, וואָס ס׳איז אים באַפאַלן, און צופאָרן נאָך איר, איידער ס׳וועט שפּעט, איידער ס׳געשעט דאָס אומגליק!

„ער שפּאַנט דאָך שוין פערד־און־וואָגן און מיין אַלטער „געשפּאַן" העלפט אים נאָך צו. ער קריכט דעם נאַרישן עקשן ממש אונטער די נעגל", — האָט זי אויך פאַרמסרט איר אייגענעם מאַן.

איידער ס׳איז געוואָרן נאַכט, האָט שלמה זלמן גענומען שפּאַנען פערד־און־וואָגן, דער משפּחהניק האָט געבראַכט אַ ווייכן פאָטעל פון זיין הויז פאַר דער קימפּעטאָרין, ניט חושד זייענדיק אַפילו, אַז זיין ווייב מאַכט

גאַר אַנדערע פּלענער צום אַ היים נעמען דער מיסעס צאַראַד מיטן קינד. זיי האָבן זיך געלאָזט אין וועג אַריין, נאָך איידער ס'איז געוואָרן טונקל, אָבער דערגרייכט דאָס שפּיטאָל מיט אַ האַלבע שעה צו שפּעט — זיין ווייב מיטן שכן זענען דערוויייל געקומען און צוגענומען די קימפּעטאָרין מיטן קינד. שלמה זלמן איז געווען אויסער זיך פון כעס. ער האָט חושד געווען, אַז דער משפּחהניק האָט אים אָפּגעטאָן אַ שפּיצל — צוגעשיקט זיין ווייב מיט אַ טאַקסי, און אַ היים גענומען די קימפּעטאָרין. ער האָט זיך נאָכאַמאָל אַ נדר געטאָן, ניט נעמען ביי זיי קיין פּרוטה מער!

און ער האָט געהאַלטן וואָרט. אין שטוב האָט אויסגעפעלט פון דעם נויטיקסטן. אַ חוץ מילך און אַנדערע מילכיקע זאַכן, איז אין שטוב ניט אַריינגעקומען קיין פליש, קיין פּאַמעראַנץ, קיין פיש אַפילו, און ער האָט אַנגעזאָגט דעם ווייב ניט נעמען ביים משפּחהניק קיין סענט מער. ער אַליין איז מער ניט אַריינגעטראָטן אין משפּחהניקס הויז, מיטן תירוץ, אַז ער איז פאַרנומען. און ווען ער האָט אַליין געקאָנט אַהיים ברענגען עפּעס גוטס — אַ שטיקל פליש, אַ נאַש, אַ פּאַמעראַנץ, איז עס געווען פאַר די קינדער.

די אָרעמקייט האָט געקלאַפּט אין טיר און אָפט אַריבערגעשפּאַנט די הויז־שוועל. ער האָט זיך געשראָקן, אַז דער דלות גייט אים נאָך, וועט אויפהערן זיין אַ גאַסט בלויז, וועט זיך באַזעצן ביי אים אויף שטענדיק. און דערביי זיך פאַרטראַכט איבער דעם: „מאַן דיהיב חיי יהיב מזוני — וועמער ס'גיט לעבן וועט געבן צום לעבן". געהאָט האָט ער זעקס לעבנס, און זייער קנאַפּ פאַר די לעבנס. מילך אויף קאַשע, אמת, ניט קיין וואַסער, אָבער די קאַשע האָט געפעלט.

ער אַרבעט שווערער ווי דאָס פערד, קומט אַהיים שפּעטער פון פערד. ער שלאָפט זיך רעכט ניט איבער, דאַרף מען שוין ווידער אויפשטיין, שפּאַנען פערד־און־וואָגן און ווידער זיך אַריינשטעלן אין שפּאַן פון מילך פירן. ער שפּאַנט זיך אַליין איין, קריכט אַליין אַריין אין געשפּאַן. דאָס פערד מיטן שטאַל־ריח גייען מיט אים מיט. ווו ער גייט און שטייט, פילט זיך פון אים דער ספּעציפישער ריח; ער איז זיך אַליין פאַרמיאוסט, דער ריח־נחוח גייט מיט אין בעט אַריין און אַלץ פאַר דעם ביסל מילך אויף קאַשע — די טראַכטענישן האָבן אים געמאַטערט אין די פינצטערע, איינזאַמע נעכט אינעם מילך־וואָגן.

אָן אַנדערער אויף זיין אָרט, וואָלט אוועקגעוואָרפן די מוטשעניגע. ס'איז אים געווען אַ בושה צו דערציילן פאַר מענטשן, ווי ווייניק ער קריגט אַרויס פון דער שווערער האָרעוואַניע, אָבער ער האָט ניט אוועקגעוואָרפן דאָס מילך פירן, ער איז ניט מיד געוואָרן. ער האָט געפילט דערין די מנוחת הנפש פאַר זיין איך, זעלבסט־אויסדרוק, זעלבסטשטענדיקייט.

דאָס, וואָס ס׳האָט אים געגעבן דאָס אָרגאַניזירן דעם טשעשלער־פּאַראיין אין זיין שטעטל, האָט ער געפונען דאָ, אינעם מילך פירן, ס׳איז אויך געווען דאָ אָרט צום וואַקסן.

אַ ניט אויסגעשלאָפענער איז ער נאַכט נאָך נאַכט געפאָרן שטעלן מילך פאַר מענטשן. אַ וויכטיקע פונקציע, אַ נויטיקע אַרבעט, אָבער ווען ס׳איז דאָ אויף וואָס צו טוישן, וואָלט ער אפשר געטוישט, געלאָפן צו עפּעס אַנדערש. ער איז אָבער געווען אַ געפאַנגענער פון צייט און אומשטענדן. אויף וואָס צו טוישן איז ניט געווען, האָט ער געשלעפּט דעם עול פון מילך שטעלן, און געהאָפט אויף בעסערע צייטן, ביי דער מילך, אָדער ביי עפּעס אַנדערש.

# קאַפּיטל 10

איינמאָל, ביים אָפּרעכענען זיך, האָט מיסטער קונע, דער קאָווי־אַרניע־אייגנט׳ימער, אים אויסגעפרעגט, ווי עס גייט אים אין זיין מילך פירן. האָט ער זיך באַקלאָגט, אַז ס׳גייט זיין פערד אַ סך בעסער ווי אים, און דערביי אויסגענוצט די געלעגנהייט, געבעטן ביי מיסטער קונע, ער זאָל אים צושאַנצן, אויב ער קען, ווערמען פון זיינע באַקאַנטע רעסטאָראַטאָרן, אָדער פּריוואַטע באַקאַנטשאַפטן. מיסטער קונע באַקוקט דעם רעכענונג, און שווייגט. ציילט אים דאָס געלט און רעדט קיין וואָרט ניט, ווי ער וואָלט געטראַכט, געזוכט אין זיין זכרון ווערמען פון די באַקאַנטשאַפטן. פּלוצים זאָגט ער שטיל, קוים וואָס מ׳הערט אים: „וואָס טויג אייך גראַשנדיקע געשעפטן? מען אַרבעט ווי אַ פערד און מ׳פאַרדינט גראָשנס. ווען איר זאָלט וועלן איינשטעלן, קענט איר פאַרדינען גראָב. מ׳דאַרף נאָר קיין מורא ניט האָבן איינצושטעלן, קען מען כּפּרות שלאָגן מיט די גראָשנדיקע געשעפטן״. — און ער איז שטיל געוואָרן.

„וואָס דאַרף מען איינשטעלן? — האָט שלמה זלמן געפרעגט נייגעריק.

„גאָרניט, בלויז איינשטעלן. געלט דאַרף מען ניט איינשטעלן, אַ סענט ניט, דאָס שטעלן איין אַנדערע. פון אייך פאַרלאַנגט זיך בלויז דרייסטקייט און צייט״.

שלמה זלמן האָט אים חושד געווען, אַז ער וויל עפּעס אַרויסלקחענען פון דער פאַבריק, און ער וויל אים אויסנוצן צו דעם צוועק. האָט ער לאַנג ניט געטראַכט און געזאָגט: „כ׳האָב מורא, אַז איך טויג ניט פאַר די זאַכן, צום באַדויערן, טויג איך בלויז צו אַרבעט, ווי אַן אייזל, צו שווערע אַרבעט, מער צו גאָרניט״.

„דאָס איז אַלץ, וואָס איר וועט דאַרפן אַריינלייגן אין דעם. שווערע אַרבעט און געוואַגטקייט און דערפאַר כאַפּט איר אַריין אַ 25־קער אַ נאַכט".

„איר מאַכט דאָס אַנציעענדיק, אָבער ניט קלאָר", — האָט שלמה זלמן געזאָגט.

מיסטער קונע האָט זיך צוגעבויגן צו אים נענטער: „איר פירט דאָך מילך אַלע נאַכט. ווי וואָלט געווען, ווען איר נעמט מיט אַלע נאַכט, צווישן די קעסטלעך מילך, אַ פּאָר קעסטלעך בראַנפן, אַ פּאָר קעסטלעך ביר, צווישן אייער, פּוטער, מילך?"

„אַלע נאַכט, יעדע נאַכט?" — האָט שלמה זלמן איבערגעפרעגט איבעראַשט און דער מוח האָט שוין געחשבונט. געכפּלט: 7 × 25 = 175 אַ וואָך, 700 אַ חודש, געכפּלט אויפן יאָר און ס'איז אויסגעקומען אַ מאַיאָנטעק! „איין יאָר בלויז דאַרף איך אין דעם מצליח זיין, ביז איך אַ געהאָלפענער!" — איין יאָר, וואָלט אים געראַטעוועט, פאַרטריבן דעם דלות פון זיין שוועל.

„אַלע נאַכט, ווי לאַנג ס'וועט זיך לאָזן, און שפּעטער ווי אַ מאָל — אַ מאָל, צוויי־דריי מאָל אַ וואָך, און אַ מאָל גאָרניט", — האָט אים מיסטער קונע געזאָגט דעם אמת.

„כ'מוז שוין זאָגן, יאָ צי ניין, צי מעג איך איבערטראַכטן?" — האָט שלמה זלמן געפרעגט.

„מ'דאַרף איבערטראַכטן, זיך גוט איבערלייגן, נאָר מיט זיך אַליין. אַפילו דאָס ווייב, איז בעסער, אַז זי ווייסט ניט וועגן אַזעלכע זאַכן. דאָס איז צווישן אונדז אַליין, מיר און אייך". — האָט מיסטער קונע אים אָנגעזאָגט.

„ס'איז פאַראַן אַ געפאַר, אַ ריזיקע, פאַרשטיי איך, אַ גרויסע?" — האָט שלמה זלמן געוואָלט וויסן.

„אין אַלץ, וואָס אַ מענטש טוט איז פאַראַן ריזיקע. ס'איז פאַראַן אַ ריזיקע, אַז מ'וועט אויפהערן טרינקען קאַווע, דעמאָלסט פאַרלירן מיר ביידע. ס'איז פאַראַן אַ ריזיקע, אַז אייער פערד וועט חלילה פּגרן, נו, זענט איר צוליב דעם ניט געוואָרן קיין מילכמאַן? איר האָט איינגעשטעלט".

„אַ שטראָף איז פאַראַן אַ שווערע? — האָט שלמה זלמן געפרעגט.

„פאַר יעדער עבירה איז דאָ אַ שטראָף".

„וואָס פאַר אַ שטראָף קומט פאַר דער עבירה, געלט צי טורמע?"

„די שטראָף וועט אויך באַצאָלט דורך זיי". — האָט מיסטער קונע געזאָגט.

„אָבער אין טורמע גיי איך?" — האָט שלמה זלמן געוואָלט טרעפן.

„זעלטן ווער עס גייט דערפאַר אין תפיסה, ס'דערגייט ניט צו דעם.

אָבער לאָזט עס דערוויִיל, ביז איר וועט באַשטימען אויף זיכער", — האָט מיסטער קונע געענטפערט.

„ס'איז צו גרינג געלט. לויט ווי איר שטעלט עס פאַר, קען עס ניט זיין אַזוי גוט און אַזוי גרינג, מ'דאַרף גוט באַטראַכטן". — האָט שלמה זלמן געזאָגט.

„נאָר פאַר אייך איז עס גרינג, איר זענט אַ מילכמאַן. טראַכט עס איבער, נעמט זיך צייט און געדענקט, וואָס כ'האָב אייך געזאָגט: יאָ, צי ניין, אָבער פאַר זיך אַליין. ס'איז ניט קיינעמס עסק, קיינעמס עצה, נאָר אייערע אַליין", — האָט אים מיסטער קונע געוואָרנט. — „ס'געלט האָט ניט קיין שום ריח".

ווען ניט מיסטער קונעס וואָרענונג, וואָלט ער שוין געזאָגט יאָ, אַז מיטן ווייב טאָר ער זיך סייווי ניט באַראַטן. האָט ער זיך אָבער באַטראַכט, אַז ס'איז פאַר אים בעסער צו שפּילן מיסטער קונעס שפּיל און ניט צופאַלן ווי פּוטער צו הייס ברויט. זאָל אויך ער פילן ביז מאָרגן דעם טעם פון ניט זיכערקייט — פון וועלן הערן דעם יאָ, און ניט וויסן צי ער וועט אים הערן. ביי זיך איז ער שוין זיכער געווען, וואָס זיין ענטפער וועט זיין. ווען קונע לאָזט אים, וואָלט ער שוין געזאָגט יאָ, ער האָט מסכים געווען מיט מיסטער קונע, אַז מען טאָר ניט כאַפּן, מ'דאַרף זיך גוט איבערלייגן, און האָט אָפּגע־לייגט זיין ענטפער.

די אויסזיכט פון אַריינקריגן אַ 700 דאָלאַר אַ חודש, האָט געלאָזט אין גאַנג אַלע רעדלעך און שרייפלעך פון זיין מוח. אין זיין מוח זענען אָנגעלאָפן פלענער פון אַ גראַנדיעזער צוקונפט, רייך און שטאַרק. צען מאַנאַטן גוטע דאַרף ער און ער וועט זיין אויף די רעלסן, וואָס וועלן אים אַוועקפירן פון דער דראָענדיקער אביונישקייט. ער דאַרף איינשטעלן. פאַר זיין פאַמיליע דאָ און דאָרט, פאַר זיי דאַרף ער איינשטעלן. וואָס זענען זיינע קינדער שולדיק, אַז די וועלט האָט אַ סיסטעם, וואָס פאַרפּלאָנטערט זי אין עקאָנאָמישע קריזיסן? „שלך קודם לכל אדם". די אמוראים און תנאים אונדזערע האָבן געקאָנט די נאַטור פון מענטשן, פון דער וועלט. ער האָט אַריבערגעקוקט איבערן גייענדיקן פערד אין גאַס אַריין און ניט געזען גאָרניט, נאָר די האָפענונג פטור צו ווערן פון דעם גייענדיקן פגר, פון דעם דלות־ברענגענדיקן פערד־און־וועגעלע.

צומאָרגנס, ביים אָפּרעכענען זיך מיט מיסטער קונע, האָט ער דער־לאַנגענדיק דעם רעכענונג אַ פרעג געטאָן:

„און אויב מאָרגן, צי איבערמאָרגן, נאָכן אָנהויבן, געפעלט מיר ניט דער עסק?"

„איז אויס כלה, צוריק מויד. מען פאַרגעסט, וואָס מ'האָט געטאָן, ווו מ'איז געווען, וואָס מען האָט געזען און געהערט, און אויס עסק".

„גוט", — האָט שלמה זלמן געזאָגט.

„מזל טוב אייך, איר זענט שוין אויפן וועג צו ווערן אַ גביר", — האָט מיסטער קונע געשמייכלט. — „איצט איז אַלץ געווענדעט אָן אייך, אויב איר וועט שטאַרק ווילן, קענט איר עס דערגרייכן. מאָרגן וועט איר קריגן אַלץ".

שלמה זלמן איז געווען אַ ביסל אַנטוישט פון מיסטער קונעס אָפּלייגן אַלץ אויף מאָרגן. ער האָט אָבער גאָרניט געזאָגט, גענומען זיין געצאָלט און אַוועק צו די ליידיקע און פולע פלעשער מילך, ניט אַרויסגעוויזן קיין שום שפּאַנונג, וואָס ביי אים אין האַרצן טוט זיך.

„אַ געשמיסענער יונג", — האָט מיסטער קונע געטראַכט, נאָכקוקנדיק אים, ווי ער גייט זיך צו די מילך קעסטלעך גלייכגילטיק, ווי גאָרניט וואָלט פאָרגעקומען אין אים. — „ער וועט זיך אויסטויגן, ער וועט זיך שוין גאָר גוט אויסטויגן".

צומאָרגנס האָט ער, ווי אַלע טעג געוואָרט, אַז מיסטער קונע זאָל איבעררעכענען און באַצאָלן. אָבער מיסטער קונע רעכנט און רעכנט און צאָלט ניט. שלמה זלמן ווידער וואָרט, ער זאָל געבן אַלץ, ווי מ'האָט זיך נעכטן אָפּגעשמועסט. מיסטער קונע דערלאַנגט אים דאָס געלט און פרעגט:

„איר האָט חרטה?"

„חרטה איז ניט מעשה סוחר, כ'האָב נאָך דערווייל ניט אויף וואָס חרטה צו האָבן".

„איז וואָס־זשע שוויגט איר?" — ער האָט אים צוריקגעגעבן דעם רעכענונג, ווו עס זענען אויף דער לינקער זייט געווען אָנגעשריבן נומערן — אַ היז — נומער און אַ נומער פון דער שעה אין דער נאַכט, ווען ער זאָל שטעלן די מילך, און נעמען די „סחורה". דעם נאָמען פון דער גאַס האָט ער אים געזאָגט מינדלעך, געהייסן זיי אַלע אַריינגעמען זיך גוט אין קאָפּ אַריין, און נאָכן ערשטן מאָל מילך שטעלן באַלד צערייסן ס'צעטעלע. ער האָט אים באַפוילן צופאָרן צו אַ נייעם מילך־קונה, באַקענען דאָס אָרט ביי טאָג, ער זאָל ביינאַכט קיין טעות ניט מאַכן.

„דעם אָפּנעמער פון דער סחורה האָט איר אויך שוין, זיי באַזאָרגן אַלץ, ווי איך האָב אייך געזאָגט". — ער האָט אים דערלאַנגט דעם שליסל פון דער קאָוויאַ־ניע, צוגעפּירט צו אָן אָרט הינטערן בופעט, און אים געוויזן אַ געהיים ווינקל, ווו צו לאָזן די סחורה. ער האָט אים נאָך אָנגעזאָגט אַ פּאָר אַנדערע קלייניקייטן און דער עסק איז געווען געשלאָסן.



דער חשבון און דער צוגעזאָגטער לוין האָבן געשטימט — ער האָט געוואָגט.

דער ערשטער חודש איז געווען ווי אַ לאַקנדיקער אַרויסרוף, שפּעטער ווי אַן אַזאַרט־שפּיל. די מילך־קעסטלעך, די אַזאַרט־קאַרטן, אין זיינע הענט, און אַלע נעכט געווינט ער. מיט אַזעלכע גוטע, כמעט־זיכערע קאַרטן, האָט ער געשפּילט יעדע נאַכט. מיט יעדער נאַכט ווערט די סטאַווקע אַלץ גרעסער, די געוואַגטקייט מונטערער, זי האָט זיך גוט באַצאָלט צו אַלע פאַראינטערעסירטע צדדים.

זיין מזל האָט אַלעמען צוגעשפּילט, אַלע האָבן געוווּנען, נאָר ער איינער האָט דערווייל ניט געקאָנט הנאה האָבן פון זיינע געווינסן. ער האָט געמוזט בלייבן אַן אָרעמער מילכמאַן, וואָס ציט קוים חיונה פון פירן מילך.

דערווייל האָט דאָס אַלץ געמוזט בלייבן אַ סוד, אַפילו פאַרן ווייב, וואָס האָט די מאַטעריעלע פאַרבעסערונג, וואָס איר מאַן האָט זיך דערלויבט, צוגענומען, ווי אַ נאַטירלעכע זאַך, ווי פון זיין שווערער אַרבעט. האָט ער אַזוי אין דער שטיל געזאַמלט מאַטעריעלע כוחות, פאַר דער מזלדיקער שעה, ווען ער וועט זיך קענען אַרויסרייסן פון דער־אַ קאַטאָרגע. ער איז זיכער געווען, אַז די געהאַפּטע שעה וועט קומען.

בסוד האָט ער געזאַמלט זיינע פינאַנסיעלע כוחות, און גערולדיק געוואַרט אויף אַ געלעגנהייט, וואָס וועט אים אַרויסנעמען פון זיין מילך־פירן און פון בוטלעג. ער מוז זיך דערשלאָגן צו אַ פעסטערן באָדן אונטער זיינע פיס — פאַר זיין הויזגעזינט, פאַר זייער בעסערן מאָרגן. ער האָט געשטעלט מילך אויף די אונטערשטע וועראַנדעס, אין די הויפלעך, אונטער די „צושטעלער" הייזער, און געפונען די „סחורה" אין די אָפענע גאַראַזשן פאַרשטעקט. מיט דער צייט, האָט ער צוגעקראָגן נאָך עטלעכע אָפּנעמער פון מילך און נייע צושטעלער פון „סחורה" — ס'איז געווען מיט וואָס און מיט וועמען צו אָפּערירן... ער האָט זיך אויסגעאַרבעט אַן אייגענע מעטאָדע פון אָפּעראַציע, כדי צו פאַרלענגערן זיין גוט מזל.

כאַאָטיש איז געווען זיין סיסטעם פון אָפּנעמען די „סחורה" — ער האָט געטוישט די צושטעל־הייזער, געטוישט די צייט. געקומען אַמאָל פריער, אַמאָל שפּעטער. לויט זיין אינטואיטיוו פּילן, האָט ער באַשטימט דעם כאַאָטישן סדר, און אָט דער כאַאָס, האָט פאַר אים גאַנץ רעגולער געאַרבעט. בלויז ביים אָפּשטעקן די „סחורה" איז דער סדר געווען אַן איינהייטלעכער — ווי נאָר ער האָט די „סחורה" אָפּגענומען, איז זי באַלד אָפּגעפירט געוואָרן אין קאַוויאַרניע אַריין, שנעל זי געפּטרט. אַזוי האָט זיך זיין גוט מזל אויס־געצויגן אויף לאַנגע חדשים, מער ווי ער האָט געוואַגט צו האָפן. קונע האָט געצאָלט פאַר ברענגען די זיסע מילך און פאַרן ביטערן טראָפּן.

ס'איז שוין באַלד פאַריבער אַ יאָר, ווי דאָס מזל שפּילט אים צו. די קאַמפּס־מיטלען קעגן זיין „אביון"־קאָמפּלעקס, וואָס האָט אים פאַרפּאָלגט, זענען אַריבערגעוואַקסן אַלע זיינע דערוואַרטונגען. זיין קאַפּיטאַל, דאָס

מיטל צום קאַמף מיט זיין דלות, איז שוין איצט געווען גרויס. ער איז געוואָרן אומרואיק, געשראָקן זיך, אַז דאָס קריגל־אויער זאָל זיך ניט פּלוצים אָפּרייסן. די מורא איז געווען, ער זאָל ניט אַריינפאַלן און ער קען חלילה פאַרלירן די געלעגנהייט פון אַרויסרייסן זיך פון די ניט־כשרע געשעפטן.

אַ געפיל האָט ער געהאַט, ווי ער וואָלט געזעסן אויף אַ זאַמד־באַרג. בעת ס׳פאַלט אויף אים דער טוי, קען מען אויף אים זיצן, וועלן אָנקומען טרוקענע טעג, וועט דער באַרג זיך צעקריכן, צעשיטן. כאַפּט מען אים אין אַ נאַכט, איז אויס מיט אַלץ, מיט אַ סך. איצט איז געווען אַ סך אין קאָן, ס׳איז געווען פיל צו פאַרלירן. דאָס איינשטעלן אַ גאַנץ יאָר, וואָס האָט געהאַט איין ציל: אַרויסצורייסן זיך פון אביונס נעגל — איז איצט אָפּהענגיק געווען אין דער געלעגנהייט מטהר צו זיין דעם שרץ. און מיטן איינשטעלן האָט געקאָנט חלילה אַלץ אַוועק מיטן רויך...

שוין אַ שפּאָרע צייט האָט אים דאָס מזל צוגעדינט, און אַ מורא האָט אים גענאַגט. דאָס מזל זאָל זיך חלילה פון אים ניט אָפּטאָן. ער האָט גענומען טראַכטן פון פאַרש־דענע כשר׳ע געשעפטן, אָבער עפּעס האָט עס אים ניט געצויגן צו זיי, האָבנדיק אַזאַ גוט־„גייענדיק״ געשעפט אין האַנט. אמת, ניט גאַנץ בכבודיק און אויך ניט קיין גאַנץ זיכער געשעפט, דערפאַר אָבער אַ גוט באַצאָלנדיקס. און סתם אַוועקוואַרפן עס איידער ער קריגט עפּעס לייטישס, האָט זיך אים ניט געגלוסט. געהאָפט האָט ער, אַז די געלעגנהייט מטהר צו זיין דעם ממזר וועט אונטערקומען און ער האָט ווייטער איינגעשטעלט און געוואַרט.

ער האָט גאַנץ גוט געוווסט, אַז ווען מ׳וועט אים חלילה כאַפּן מיט זיין ממזר, וועט עס קאָסטן ממון מיט דמים, און מטהר זיין וועט עס אים ניט. כאָטש ער אַרבעט שווער אויף זיין ניט־כשר געלט, ווי אויפן כשרן, און מ׳וואָלט געמעגט, על פּי יושר, יאָ מטהר זיין. געשען וועט אָבער פאַר־קערט — דאָס וועט אים פאַרמיאוסן אין די אויגן פון דער געזעלשאַפט, און זיין משפּחהניק וועט זיכער ניט מסכים זיין, אַז אין דער מלחמה פאַר פּרנסה, מעג ער גיין אַזש ביז צום ווערן אַ בוטלעגער. אַז די פאַבריק, ווו ער האָט געאַרבעט, האָט זיך פאַרמאַכט, און ער האָט פאַרלוירן דאָס פּרעסן, איז ער געוואָרן אַ מלמד, אָבער ניט קיין בוטלעגער, חס וחלילה. און דאָס ווייב? זי וועט אים זיכער ניט לויבן דערפאַר.

דאָס ווייב איז געווען אַנטוישט פון לאַנד און איז געוואָרן קאַלט צו אים כמעט באַלד ווי זיי זענען אָנגעקומען. אַז עס האָבן זיך אָנגעהויבן די שווער יקייטן מיט שטיינער, האָט זי זיך געהאַלטן צוריקגעצויגן און גלייכגילטיק צו אים און צו זיינע פּרנסה־ענינים. ער האָט פאַרשטאַנען איר אַגנסט און שרעק, איר איינזאַמקייט און זי דן געווען לכף זכות.

געהאָפט, אַז דאָס איבערקומען די קימפּעט בשלום, וועט צוריקברענגען איר גוטע באַציאונג צו אים. דערפאַר ניט געוואָלט זי באַלעסטיקן מיט זיינע זאָרגן, אויב זי אַליין האָט ניט געוואָלט וויסן פון זיי.

נאָכן געבורט פון זיין ערשטן קינד, האָבן זיך די באַציאונגען צווישן זיי פאַרערגערט, זי האָט איבערגעטראָגן איר ליבע און אויפמערקזאַמקייט צום קינד, שפּעטער צו די אַנדערע קינדער. האָדעווען די קינדער איז געוואָרן איר הויפּט־ציל, אין דעם האָט זי געפונען איר מנוחת הנפש. דאָס איז דער ביאָלאָגישער כוח, וואָס די נאַטור גרייט צו פאַר דער פרוי אין איר, וואָס איז איינגעוועבט פון געבוירן אָן ביז זי דערוואַקסט צו איר המשכדיקער אויפגאַבע.

עפּעס אַ געהיימער כוח האָט פון אים צודרינגלעך געמאָנט, אויפגעפאָדערט, צו איילן דאָס בויען אַ צוקונפט פאַר זיך און זיין פאַמיליע און ער איז געווען אַנטשלאָסן מיט אַלע כוחות דערשלאָגן זיך צום ציל. ווען ער וועט אים דערגרייכן, וועט קיינער ניט פרעגן, וואָס ס'איז געווען נעכטן, נאָר וואָס מען איז היינט. אַזוי זענען די אויפגאַבן פון זיין פאַמיליע־שותפות צעטיילט געוואָרן, יעדער שותף האָט געטראָגן זיין עול, זיין גורל.

איצט האָט ער געוואָרט אויף דער טיר פון דערפאָלג, זי זאָל זיך פאַר אים עפענען, און ער איז גרייט געווען אַריינצודרינגען מיט אַלע זיינע שס״ה גידים ורמ״ח אברים אַריינצוקוועטשן זיך איז יעדער שפּאַרע־עפענונג, וואָס ס'וועט אים געבן אַ יסוד פאַר בויען זיין מענטשלעכע היים. די שפּאַרע האָט זיך געמאַכט, אַ שפּעלטל האָט זיך געעפנט, ווען מיסטער קונע האָט נאָכן אָפּרעכענען זיך און נאָכן באַצאָלן דעם חשבון, אים פאַרבעטן צום בופעט, צו אַ טעפּעלע קאַווע מיט אַ שטיקל פלאַדן.

כאָטש דאָס האָט געטראָפן דאָס ערשטע מאָל, זינט ער האָט געפירט מילך פאַר מיסטער קונע, דאָך האָט ער זיך ניט געוווּנדערט. ער האָט געוווּסט, אַז סתם וועט מיסטער קונע ניט פאַרבעטן צו קאַווע מיט פלאַדן. „עפּעס וויל ער“, האָט ער געטראַכט, געזופּט קאַווע און געקייט אויטאָמאַטיש דעם פלאַדן. מיסטער קונע האָט אַריבערגעשמייכלט צו אים און געפרעגט:

„ס'איז דאָ אַדורכצופירן אַ שטיקל מעקלעריי און פאַרדינען מעקלער־געלט, וואָלט איר צייט געהאַט דערויף?“

„אויף געלט פאַרדינען האָב איך שטענדיק צייט, סיי בייטאָג סיי ביינאַכט“.

„כ'האָב אַזוי פאַרשטאַנען“ — האָט מיסטער קונע אים געגלעט היימישלעך דעם אַקסל, און אַיז פאַרשוווּנדן דורך דער הינטער־טיר אין פאַבריק אַריין. אַ ווײַלע זיך דאָרט פאַרזוימט און צוריקגעקומען מיט אַן

אומבאַקאַנטן מענטש, אַ נידריקער, מיט דיקע ברילן־גלעזער, וואָס זענען געריטן אויף זיין נאָז, צוליב טיפער קורצזיכטיקייט.

דער אומבאַקאַנטער האָט אים אַ מינוט באַטראַכט, אונטערגעהויבן די פּאַרפּאַרעטע ברילן און געזוכט אַן אָרט ווו זיך זעצן. לסוף אַוועק אין אַ ווייטערן ווינקל, צווינקענדיק צו שלמה זלמנען ער זאָל אים נאָכגיין.

„מיסטער קונע זאָגט מיר, אַז אויף אייך קען מען זיך פאַרלאָזן, האָפן מיר, אַז איר וועט אונדז ניט אַנטוישן. מיר ווילן פון אייך אַ שטיקל טובה, און פאַרלאַנגען ניט אומזיסט אייער צייט, אייער טרחה" — האָט ער געווישט זיינע גראָבע אויגן־גלעזער.

„איך בין, ווי איר ווייסט אַוודאי, זייער אַ פאַרנומענער מענטש. אָבער עמעצן אַ טובה טאָן בין איך שטענדיק גרייט, מכל שכן, אַז ס'וועט מיר אויך קיין עוולה ניט געשען, וועט עס זיין פאַרביידע, בבחינת „זה נהנה וזה לא חסר".

„אָ, איר קענט אין די קליינע פּינטעלעך. זיכער, מיר פאַרלאַנגען ניט, חס וחלילה, אומזיסט. ווען קענט איר פריי זיין פון אייערע מילך־געשעפטן ?"

„אַז איך זאָל מוזן, קען איך אַפילו איצט פריי זיין".

„גוט. וואַרט דאָ, כ'וועל נאָר זיך בלויז איבערטאָן און מירן גיין", — איז ער פאַרשוווּנדן דורך דער הינטער־טיר.

צוריקגעקומען איז ער מיט נאָך אַ מענטש, דער היפּך פון אים אין זיין גאַנצער פיזיאָנאָמיע, אין זיין גרויס און אויסזען. ווען זיי זענען אייבער נעבן אַנדערן דערשינען פון דער הינטער־טיר, האָב זיי אויסגעזען זייער קאָמיש, ממש ווי דאָס פּאָרל קינאָ־לצים לאָורעל און האַרדי. אַפילו דער גאַנג איז געווען ענלעך צו זייערן, אויך זייערע לצים־תנועות.

דער נידעריקער, מיט די דיקע אויגן־גלעזער, האָט פאַרגעשטעלט זיך און דעם צווייטן, אָבער אַזוי שנעל, אַז שלמה זלמן האָט ניט באַוויזן אויפכאַפּן ריכטיק קיין איינעם פון זייערע נעמען. ער האָט באַלד אַ באַפעל געגעבן מען זאָל גיין און געלאָזט זיך צום טיר. ער האָט געפירט לויפנדיק פאַראויס, אַראָפּ די עטלעכע טרעפּלעך אין דרויסן אַרויס, איז צו צו אַן אויטאָ, וואָס איז געשטאַנען ניט ווייט. דער הויכער האָט זיך פלינק אַריינגעגליטשט אין אויטאָ, אָנגעצונדן דעם מאָטאָר און זיך געלאָזט אין וועג אַריין. דאָ איז דער נידעריקער געוואָרן רירעוודיק און גענומען קאָמאַנדעווען, געגעבן אָנווייזונגען, ווו זיך צו קערן און ווענדן. אַרויפגערוקט יעדעס מאָל די גראָבע גלעזער, געכאַפּט אַ בליק אַרויס.

איבערצייגנדיק זיך, אַז מ'בלאָנדזשעט ניט, האָט ער זיך צוריקגעצויגן פון דער שויב, געזעצט זיך אויף דער ברייט פון געזעס. רואיק איז ער אָבער דאָך ניט געווען, ווידער געשטופּט ס'פּנים אין פענצטער אַריין, ביז

ער האָט דערזען דאָס געזוכטע: „אָט, אָט דאָ איז עס!" — שרייט ער אויס, — „שטעל זיך דאָ אָפּ, אָט אָ דאָ", — אַנווייזנדיק אויף אַ חורבה, אַ פאַרלאָזטע געביידע.

אַז דער אויטאָ האָט זיך אָפּגעשטעלט, איז ער דער ערשטער אַרויס און געלאָזט זיך צו דער פאַרחושכטער, האַלב־אויפגעבויטער חורבה, אַרומ־געגאַנגען איר פון אַלע זייטן און געזאָגט צו שלמה זלמנען:

„מיר ווילן איר זאָלט דאָס פאַר אונדז קויפן. זיי טאָרן ניט וויסן, פאַר וועמען איר קויפט עס. הייסן זאָל עס, אַז איר קויפט עס פאַר זיך, איר זענט אַ סטאָליאַר, וועט איר עס אַליין אויספאַרטיקן און פאַרדינגען" — האָט ער אים געלערנט, וואָס צו זאָגן.

„זאָגט וואָס פאַר אַ תירוץ איר ווילט, אָבער ניט דעם אמת, פאַר־שטאַנען?" — האָט דער הויכער זיך אַריינגעמישט.

די חורבה איז געווען אַן 8־שטאָקיקע געביידע, 16 פענצטער אויף יעדער זייט. טירן און פענצטער לעכער זענען געווען איבערגעקרייצט, פאַרקלאַפּט מיט ברעטער. די ווענט פון דרויסן, ווי אינעווייניק — שוואַרץ מיט שימל און זשאַווער־פלעקן פון רעגן, די דילן פול מיט שמוץ און שטויב. אַ טוכלעקייט האָט געיאָגט פון איר אינגעווייד, אַרום איז געווען באַוואַקסן מיט ווילד־גראָז פון אַלע זייטן.

„נו, איר דענקט, אַז איר וועט דאָס קענען אַדורכפירן? קריגן עס במקח?" — האָט דער נידעריקער געפרעגט, ווישנדיק זיינע דיקע שפּאָקולן.

שלמה זלמן האָט געטראַכט, וואָס פאַר אַ ווערט אַזאַ פאַרוואַרלאָזטע געביידע קען האָבן. ער האָט פאַרשטאַנען, אַז אַ נידעריקער פּרייז וועט זיי צופרידן שטעלן און געקלערט, וואָס פאַראַ סומע ער זאָל אָנרופן, אָבער ניט געקאָנט זיך באַשליסן אויף אַ וועלכע ס'איז סומע. האָט ער געפרעגט:

„וויפל קען אַזאַ חורבה ווערט זיין?"

„פאַר וויפל וואָלט איר דאָס געקויפט, ווען מ'שלאָגט עס אייך פאַר?" — האָט דער הויכער געפרעגט.

„כ'מיין פינף, העכסטנס זעקס טויזנט", — האָט שלמה זלמן אָנגע־הויבן פון זייער נידעריק. ער האָט באַמערקט, אַז ווען ער האָט די געביידע אָנגערופן חורבה, איז דער נידעריקער געוואָרן לעבעדיק.

„זיבן, אַכט, דאָס איז דאָס העכסטע וואָס ס'איז ווערט", — האָט דער הויכער זיך אַריינגעמישט. דער נידעריקער איז געוואָרן נערוועז, ווי ער וואָלט ניט צופרידן געווען מיט זיין אַריינמישן זיך.

„אַ פּעני ניט מער!" — האָט דער נידעריקער אַ בליץ געטאָן דורך זיינע קוק־גלעזער און באַפעסטיקט דערמיט דעם הויכנס פּרייז. דערביי האָט ער דערלאַנגט שלמה זלמנען אַ צעטעלע מיט אַ נאָמען און אַן אַדרעס: —

„זעט זיך מיט אים היינט נאָך, אויב מעגלעך, און טאַפּט אָן דעם דופק", —

האָט ער געכאַפּט אַ לעצטן בליק אויף דער חורבה און געלאָזט זיך דער ערשטער צום אויטאָ.

„נאָך היינט זעט זיך מיט אים, לאָמיר וויסן ווי מיר האַלטן מיט אים", — האָט ער אויסגערופן, ווען דער אויטאָ האָט זיך גערירט, — „אויב ס'איז מעגלעך".

אַט די איבעררחזרונג איז געווען אינגאַנצן איבעריק. שלמה זלמן האָט שוין פּשוט געברענט פון נייגער און אינטערעס, צו וויסן זיי, וואָס ער קען אויפטאָן אַלס מעקלער. ער האָט געוואָלט וואָס שנעלער פּטור ווערן פון זיי, פון פערד־און־וועגעלע ביי דער פאַבריק, און גיין זען, ווי ער וועט זיך אויסטויגן אין מעקלעריי. אָבער געזאָגט האָט ער:

„אויב די צייט וועט דערלויבן, וועל איך נאָך היינט צוגיין, אָבער איך דאַרף אָניאָגן די פאַרלוירענע צייט. מילך־פירן קען מען ניט אָפּלייגן פון היינט אויף מאָרגן".

„באַמיט זיך אים זען נאָך היינט, אויב ניט — מאָרגן. לייגט עס ניט אָפּ אין דער לאַנגער באַנק אַריין, ער איז ניט דער איינציקער מיט אַזעלכע שענטעס". — האָט דער נידעריקער געזאָגט.

שלמה זלמן איז איצט געווען געשפּאַנט, ווי אַן אָנגעצויגענער זייגער. ער איז ניט געגאַנגען, נאָר געלאָפן. אָפּגעפּאַרטיקט זיך פרי, און אַ צופריידענער געגאַנגען אַדורכפירן דאָס מעקלעריי.

אַן עלטערער מאַן, אָנגעשפּאַרט אויף אַ שטעקן, האָט פאַר אים געעפנט די טיר. יאָ, ער איז דער אייגנטימער פון דער געביידע, האָט ער אונטערגעקרעכצט אַ ביסל בייזלעך אויף שלמה זלמנען, פאַר זיין אָנרופן די געביידע: חורבה.

„ס'איז אַן 8־שטאָקיקע געביידע, 85% פאַרטיק. ווער ס'וועט זי אויסענדיקן, וועט ניט צולייגן צו איר דער באָבעס ירושה. ווען זי איז פאַרטיק, וואָלט זי געקאָסט 50 טויזנט, אַ שיינע חורבה כ'לעבן. 16 אויף 16 פענצטער, 18 טויזנט סקווער־פוס פלאַץ. ווען איך האָב דאָס געלט, ענדיק איך זי אַליין אויס. איר דאַרפט זי פאַר זיך ?", — האָט ער איבערגעטוישט דעם שטעקן פון איין האַנט אין דער צווייטער. און ערשט איצט רעכט זיך אומגעקוקט אויף שלמה זלמנען.

„דאָס טאַקע, וואָס איך האָב אינזינען צו טאָן. איך אַליין בין אַ סטאָליאַר, וואָלט איך זי אַליין צוביסלעך אַרויסגעענדיקט. כ'וועל אויספּרוּוון מיין מזל, אויב ס'איז מעגלעך זי צו קויפן במקח. איר מיינט ס'איז מעגלעך ?

„מעגלעך ? זיכער איז מעגלעך. פאַר אַזאַ פּעאיקן מענטשן, ווי איר איז אַלץ מעגלעך, אַז מען וויל".

פון דעם אַלטנס ענטפער, האָט ער פאַרשטאַנען, אַז ער איז אַ ביסל טויבלעך, האָט ער איבערגעחזרט אַ ביסל העכער:

„כ׳מיין, איז מעגלעך קויפן די חורבה במקח ?״

„יונגערמאַן, הערט אויף רופן די געביידע — חורבה !״ — האָט דער אַלטער זיך געבייזערט שוין אויפן קול.

„נו, געביידע. איז מעגלעך, אַז איר זאָלט געדענקען איר אָפּגעלאָזנקייט און פאַרוואָרלאָזטקייט, אַז איר זאָלט מודה זיין, דאָס איר צושטאַנד איז אַ שרעקלעכער, אַז אין דער אמתן האָט זי בלויז פיר ווענט און אַ דאַך איבער זיי, אַז זי ווערט אויפגעגעסן פון רעגן און ווינט, פון זשאַווער און קויט, כדי זי אויסצוצוועדיקן דאַרף מען האָבן אַ מאַיאָנטעק ! אפשר 30 טויזנט. און ווי לאַנג האָט מען שוין ניט געצאָלט שטייערן פאַר איר ? איז מעגלעך צו קויפן אייער געביידע במקח, ס׳זאָל זיך לוינען מאַכן פון איר אַ לייט ?״

„יונגערמאַן, ווען כ׳וועל האַלטן ביים איינוואָרפן די געביידע, וועל איך אייך רופן און אייך צוצאָלן. דערווייל האָלט עס נאָך ניט דערביי ! — האָט דער אַלטער ווידער איבערגעטוישט נערוועז דעם שטעקן פון איין האַנט אין דער אַנדערער.

„וואָס רעדט איר ? איך בין גרייט אייך צו געבן פאַר דער געביידע פינף טויזנט דאָלאַר, איידער זי ווערט אינגאַנצן אויפגעגעסן פון זשאַווער און קויט, און מ׳וועט זי מוזן איינוואַרפן, ווי איר האָט עס געזאָגט״.

דער אַלטער האָט זיך אָנגעשפּאַרט אויף זיין שטעקן, פאַרקוקט זיך אויף שלמה זלמנען און זיך אָנגערופן : „ווען איך בין אייך חושד אין שפּאַסן פון מיר, טרייב איך אייך אַרויס פון מיין הויז ! — האָט ער אויפגעהויבן זיין שטעקן.

„כ׳שפּאַס ניט. כ׳מיין עס ערנסט. פינף טויזנט וויל איך אייך געבן, 30 טויזנט דאַרף קאָסטן דאָס אויסענדיקן, איז שוין 35 טויזנט, האָט איר דען שטעקן אין איר כאָטש אַ העלפּט פון דעם ? זיכער ניט. מיט יאָרן צוריק, ווען איר האָט אָנגעהויבן בויען, דעמאָלט האָט איר ניט אַריינגעלייגט אַזוי פיל״, — האָט אים שלמה זלמן געמאַכט אַ חשבון.

„איך האָב ניט געבויט, איך האָב געזאָלט פינאַנסירן בלויז״.

„דאָס טאַקע מיין איך. אַן אַנדערער האָט אָנגעהויבן בויען און פאַר־לוירן. וויפל האָט איר דען געגעבן אויף דער 40% אָנגעהויבענער געביידע ? פיר טויזנט, העכסטנס נאָך אַ טויזנטער, מער ווי פינף זיכער ניט״. — האָט שלמה זלמן, דער אייזערנער קאָפּ, שוין באַוויזן אַרויסצוקריגן פון אים דעם אמת.

דער אַלטער האָט געשוויגן, מער זיך ניט געשפּאַרט.

„קיין סך מער זיכער ניט, איר זעט ניט אויס צו זיין אַזוי נאַריש, צו געבן 10 טויזנט פאַר אַן אָנהויב פון אַ געביידע״, — האָט שלמה זלמן געפּרוווט מיט חניפה.

דער אַלטער האָט שמייכלענדיק געשוויגן, געטראַכט זיך : דער חברהמאַן

איז אַ געשמיסענער כיטראַק. קיין נביא איז ער ניט, אָבער געטראָפן האָט ער. נאָכן אַריינשטעלן דעם פונדאַמענט, האָט ער געגעבן פינף טויזנט פאַר די וועגט מיטן דאַך. — „איר זענט אַ טשעקאָווער פאַרשוין, יונגערמאַן", — האָט דער אַלטער געפּאַכעט מיטן שטעקן.

„כ'האָב געטראָפן, הא? פאָלגט זשע מיך און נעמט וואָס מען גיט, איידער זי ווערט אויפגעגעסן פון רעגן, ווינט און זשאַווער, אַפילו ווען איר זאָלט עפּעס היזק האָבן. וויפל קונים האָט איר געהאַט אויף איר?"

„איר זענט אַ טייוול פון אַ סוחר. איך בין אָבער ניט קיין בעל-תשובה אין באַד, כ'וועל זיך ניט לאָזן שמייסן. איר וועט מוזן געבן מער, אָדער גייט אייך געזונטערהייט, פון וואַנען איר זענט געקומען", — האָט דער אַלטער שוין געפּענט די טיר פאַר אים.

שלמה זלמן האָט זיך אויסגעדרייט צום אַרויסגיין, אַריינגייענדיק אין דער אָפענער טיר, האָט דער אַלטער אים נאָכגעזאָגט:

„איר וועט דאַרפן עפּעס דערלייגן, העכערן אייער פּרייז, איר גיט מיר אַ צו גרויסן היזק."

שלמה זלמן האָט זיך אויסגעדרייט, צוריקגעגאַנגען אַ טריט, טראַכטנ-דיק: „אַלטער נאַר, וועסט קרעכצן און נעמען וואָס מען גיט דיר, האָסט זיך אַליין אויסגעגעבן."

„איך בין אייך מער גוטער פריינט, ווי איר זענט זיך אַליין. איך וויל איר זאָלט היזק האָבן עפּעס, און איר ווילט מפקיר זיין אַלץ", — האָט ער געזאָגט.

דער אַלטער האָט ניט אויסגעהאַלטן זיין בליק, אַראָפּגעלאָזט די אויגן צום שטעקן, געטראַכט און געשוויגן. שלמה זלמן האָט אים ניט געשטערט — וואָס לענגער ער וועט טראַכטן, אַלץ מער וועט ער איינזען, אַז ער איז גערעכט און וועט ווייכער ווערן. דער אַלטער איז אַרויס פון זיין טראַכטן, אויפגעהויבן אַ שמייכלדיק פּנים וואָס איז באַלד ערנסט געוואָרן:

„גיב 6 טויזנט באַרעס געלט און די געביידע איז דיינע".

„איך גיי איינשטעלן 30 טויזנט, אָבער איר קריכט אַרויס פון אַ פויל געשעפט, נעמט איר ווייניקער, איך קען ניט געבן מער. אויב איר ווילט ניט, אויף וואָס האָט מיר באַנג צו טאָן, אויף אַן איינשטעלעניש?"

„אויב איר האָט ניט אינזינען צו דערלייגן, מעגט איר גיין געזונטער-הייט".

שלמה זלמן האָט געפאָלגט, זיך אויסגעדרייט און גענומען אַוועקגיין, האַלטנדיק אָנגעשפּיצט די אויערן צו הערן צי די טיר פאַרמאַכט זיך הינטער אים. די טיר האָט זיך ניט פאַרמאַכט, איז ער געגאַנגען ווייטער. צום סוף אומגעקוקט זיך און געזען דעם אַלטן שטיין אין טיר נאָכקוקן אים.

„כ׳וועל איבערטראַכטן און געבן אייך תשובה מאָרגן־איבערמאָרגן״, — האָט ער אים געזאָגט.

„גוט, אָבער אַז איר וועט זיך איבערטראַכטן, וועל איך זיך איבער־לייגן״.

„אַן איבערצוטראַכטן, וועל איך אייך געבן פינף טויזנט מיט צוויי הונדערט״, — האָט ער זיך דערנענטערט צום אַלטן.

„גיב די האַנט און האַנטגעלט״, — האָט דער אַלטער אויסגעשטרעקט צו אים די האַנט.

שלמה זלמן האָט אים אויסגעציילט צוויי הונדערט דאָלאַר פון זיין אייגן געלט און געהייסן זיך אויסשרייבן אַ קוויטאַנציע און אַריינשרייבן וויפל ער גיט, אויף וואָס, וויפל ער דאַרף צוצאָלן, ווען, ווי לאַנג ער האָט צייט אויף אָפּצושליסן די טראַנזאַקציע. און דער אַלטער האָט אויך ניט פאַרגעסן אַריינצושרייבן, אַז ס׳דאַרף זיין באַצאָלט אין באַרעס געלט, ניט אויף קיין ראַטעס אָדער דאַטעס. מיט דעם קוויטל אין האַנט, איז שלמה זלמן צוריקגעגאַנגען צו זיין צמד־חמד־פּאָר.

דער נידעריקער פון די צוויי שותפים האָט געשוויצט, אַזש פאַרפּאַרעט זיינע דיקע גלעזער פאַר פרייד, קוקנדיק אויף דער קבלה, ער האָט זי אונטערגעטראָגן דעם הויכן, געוויזן זי אים, ניט אַרויסלאָזנדיק זי פון זיין האַנט, האָט ער באַפוילן אים אויסצושטעלן אַ טשעק פאַר שלמה זלמנען אויף פינף טויזנט דאָלאַר, אָפּצושליסן די טראַנזאַקציע, אַדורכפירן דעם פולשטענדיקן קויף וואָס שנעלער.

אַז דער קויף איז געווען געשלאָסן, די געביידע אָפּגעשריבן און רע־גיסטרירט אויף זיין נאָמען, באַשטימט דעם טאָג אויף איבערצושרייבן אַלץ אויף די אמתע בעלי־בתימס נעמען, האָט ער אָנגעהויבן טראַכטן, וועגן זייער „שיין באַצאָלן״ אים און דערטראַכט זיך, אַז דאָס שענסטע וואָלט פאַר אים געווען, ווען ער זאָל וויסן פריער, איידער ער שרייבט איבער, ווי שיין עס וועט אויסזען זייער „שיין באַצאָלן״.

האָט ער דערציילט דעם ווייב פון דעם מעקלעריי און געוואָלט הערן איר מיינונג, ווי ער זאָל האַנדלען. אָבער זי איז געבליבן גלייכגילטיק ווי אַלע מאָל, ווי זי וואָלט ניט געגלויבט, ווי די גאַנצע זאַך וואָלט ביי איר אויסגעזען ווי אַן אויסטערלישע מעשה.

„דו ווייסט, וואָס דאָס מיינט פאַר אונדז? דאָס שטיקל פּאַפּיר״ — האָט ער איר געוויזן די קבלה — „די קבלה וועט ענדערן אונדזער לאַגע, מאַכן אונדז צוריק פאַר מענטשן און מיך באַפרייען אפשר פון דעם מילך־פירן״.

דאָס ווייב האָט איצט גוט באַטראַכט דאָס שטיקל אָפּגעריבן פּאַפּיר, אויף וואָס איר מאַן גייט בויען זייער גאַנצע צוקונפט און ס׳האָט זיך איר

געוואַלט לאַכן, לאַכן הויך פון איר נאַרישן מאַן, וואָס איז אַזוי פאַרנאַרישט געוואָרן אין דעם לאַנד. מאַכט פון זיך אַ מנחם-מענדל און פון איר וויל ער מאַכן אַ שיינע-שיינדל.

„אויב דאָס איז אמת, דאַרפסטו איצט קענען קויפן אַ הויז פאַר אונדז, מ׳זאָל זיך ניט דאַרפן שטיקן אין די ענגע צוויי שטיבלעך און די קינדער זאָלן שלאָפן אין קיך״, — האָט זי געוויזן אויף די ייִנגלעך וואָס שלאָפן אויף אַן אויפלייג-בעטל אין קיך.

איר האַלטונג, איר צווייפלען אין דעם, וואָס ער האָט איר דערציילט, כאָטש זי זעט פאַר זיך די קבלה, האָט אים באַליידיקט און געוויזן וואָס פאַר אַ השגות זי האָט, וואָס זי וויל טאָן מיטן געלט, וואָס פון איר איז געוואָרן אין דעם נייעם לאַנד. אַ הויז איז ביי איר בילכער, ווי די מעגלעכקייט ער זאָל זיך אַרויסרייסן פון באַלעגאַלעווען מיטן פערד-און-וועגעלע, פון די גערוכן, וואָס „שמעקן״ פון אים, פון דעם מילך-פירן ; פון די יענטעס, וואָס זענען איבער אים באַלעבאָסטעס. ער מוז חנפהנען, לויבן זייערע דומהייטן, זייערע מיאוסע פּנימער רימען, אַז זיי זענען קראַסאַוויצעס. זי איז גאָרניט די זעלבע, אַן אַנדער פרוי איז זי דאָ געוואָרן, אַ צוריקגעשטאַנענע.

ער האָט פאַרלאָזט דאָס הויז, און געלאָזט זיך אין דער ריכטונג פון משפחהניק. צום געוועזענעם פּרעסער און איצטיקן מלמד איז ער איצט געגאַנגען זיך שואל עצה זיין און אַדורכפירן די טהרה פון זיין „ממזר״, פונעם בוטלעג-געלט, מבטל מאַכן דעם סוד פון זיין וועג צו עשירות. זאָל ער וויסן, אַז ער גייט רייך ווערן און פרייען זיך, הנאה האָבן, ער האָט גענוג צרות געהאַט פון אים. זאָל ער איצט האָבן אַ ביסל פאַרגעניגן.

אויך דער משפחהניק האָט זיך לכתחילה באַצויגן סקעפּטיש צו דער מעשה מיטן מעקלעריי-געלט, אָבער אַז ער האָט געזען די קבלה, איז ער אַריין אין התלהבות און אָנגעהויבן געבן עצות און וואָרענונגען, למען השם ניט לאָזן זיך אָפּנאַרן, אָפּפּטרן מיט שהי-פּהי, נאָר זאָגן : פּעקל ריר זיך ניט, ריבי פיש-געלט אויפן טיש, איידער ער שרייבט אונטער.

„ביסט אַ בר-מזל, שלמה זלמן, שייך מקנא זיין ? ווען מיר טרעפט זיך אַזעלכעס, ווען איך האָב פאַרלוירן מיין פּרעסן, וואָלט איך היינט געווען אַ מעקלער ביי הייזער, ניט קיין מלמד. וויפל, אַ שטייגער, וועט עס באַטרעפן דיין מעקלעריי ? כ׳מיין וויפל וועסטו האָבן נקי ?״

„אַ סך מער, ווי מיין נדן האָט באַטראָפן. באַרעכנט אַליין וויפל עס באַטרעפט צוויי פּראָצענט פון 80 טויזנט. אָבער כ׳וועל פאָדערן מער, כ׳האָב די ווערט מער. כ׳האָב פאַר זיי אָפּגעטאָן דאָס אמתע שטיקל אַרבעט ! כ׳האָב זיי איינגעבראַנגט טויזנטער, מיר קומט מער ווי צוויי פּראָצענט״.

„אויך איך מיין אַזוי״, — האָט דער משפחהניק אים געמוטיקט.

לויטביידנס מיינונג, קומט אים דער אונטערשיד, וואָס ער האָט זיי איינגעברענגט מיט זיין דינגען זיך מיטן פּאַרקויפער. דאָס וואָלט געווען גוט און רעכט. ער האָט טאַקע אָפּגעמאַכט מיט זיך, אַז מאַנען וועט ער כאָטש דאָס, וואָס דער הויכער איז גרייט געווען צו צאָלן.

„אָבער זיי זאָלן אַזוי כוח האָבן שבת קוגל צו עסן, צי זיי וועלן כוח האָבן דיר צו געבן וואָס גוט און רעכט איז, — איז ביים משפּחהניק אַראָפּ־געפאַלן די באַגייסטערונג.

אַהיים גייענדיק האָט ער געמאַכט דעם חשבון, און ער איז געקומען צו דער מסקנה, אַז ער האָט זיי איינגעברענגט 28 הונדערט דאָלאַר. „איז פאַרוואָס זאָל איך ניט מאַנען כאָטש אַ העלפט פון דעם? ווען זיי וואָלטן געווען פיינע לייט, וואָלטן זיי אַליין מיר געדאַרפט פאַרשלאָגן אַזוי פיל, אָבער פאַר ווייניקער וועל איך ניט אונטערשרייבן. ניין, איך וועל מאַנען מער, בכדי צו טרעפן אין ציל, צילט מען העכער אַ ביסל. איך וועל אויך מאַנען באַרעס, די צוויי לצים געפעלן מיר ניט. איך וועל ניט אונטער־שרייבן, ביז איך וועל ניט האָבן דאָס געלט אין האַנט״, — האָט ער באַשלאָסן.

דעם טאָג פון אונטערשרייבן האָט ער אָפּגעלייגט פון טאָג צו טאָג, ביז דער נידעריקער האָט אים אָפּגעוואַרט ביי קונע אין קאַוויאַרניע און פאַרלאַנגט מען זאָל שוין תיכף ומיד גיין איבערשרייבן. ער וועט פון קאַוויאַרניע ניט אַוועק און ער וועט אויך שלמה זלמנען ניט אַרויסלאָזן. שלמה זלמן האָט מסכּים געווען צו גיין איבערשרייבן, בתנאי, אויב מען גיט אים איצט 18 הונדערט דאָלאַר.

מיסטער קונע האָט זיך אַזש דערשראָקן, ווען ער האָט געכאַפּט אַ בליק אויפן בלייכן מיסטער הערמאַן און צעשריגן זיך:

„מיסטער הערמאַן, וואָס איז אייך?!״

ער האָט געכאַפּט אַ גלאָז וואַסער און געלאָפן אָפּפרישן אים, פון געשריי איז מיסטער הערמאַן געקומען צו זיך און גענומען ווישן די שפּאַקולן־גלעזער מיט די הוילע פינגער פאַר כעס, הערנדיק שלמה זלמנס פאַרלאַנג. מיט זיין בוכהאַלטערישן קאָפּ האָט ער שנעל אויסגערעכנט, אַז דאָס מאַכט אויס שיעור 30% און עלף מאָל ווי מען צאָלט אַ געוויינ־לעכן מעקלער.

„דאָס איז גזלנות, באַנדיטיזם, איר ווילט נעמען געלט בגראַנדע,״ — האָט דער מיסטער הערמאַן זיך צעיאָכמערט.

מיסטער קונע האָט גערופן מיסטער גאָלד, ער זאָל איינבעמען זיין שותף, ער זאָל ניט אַזוי שרייען, געוואָלדעווען. ווי נאָר דער נידעריקער מיסטער הערמאַן האָט דערזען דעם הויכן שותף זיינעם, האָט ער זיך צעשריגן:

„דאָס איז שווינדל, ניט קיין מעקלעריי! גאַזלעוואַניע! דריי הונדערט וואָלט געווען די־והותר, איבערגעגנוג! דו ווייסט וויפל ער וויל? אַכצן הונדערט דאָלאַר!" — האָט ער פאַרזשמורעט די אויגן. — „נעם אים און לאָמיר שוין גיין צום אַדוואָקאַט! קיין רגע לאָמיר מער ניט אָפּלייגן!".

דער אַדוואָקאַט האָט מסכים געווען מיט מיסטער הערמאַנען, אַז דאָס מעקלעריי איז צו הויך, ניט רעאַל, ניט נאָרמאַל, פאַרגעשלאָגן פינף הונדערט דאָלאַר, צוויי הונדערט מער ווי מיסטער הערמאַן האָט געוואָלט געבן, און אים פאַרזיכערט, אַז די סומע איז איבערגענוג און ס'וואָלט דעם גרעסטן מעקלער צופרידנגעשטעלט.

שלמה זלמן איז געבליבן אומצופרידן מיט זייער פאַרשלאָג און פאַרגעשלאָגן, אַז אויב זיי לוינט ניט, אויב די געביידע איז פאַר זיי צו טייער, וועט ער זיי צוריקגעבן זייער געלט, און ער וועט בלייבן ביי דער געביידע. ער וועט צו זיי גאָרניט האָבן פאַר זייער אַריינטרייבן אים אין קויפן די חורבה.

דאָ האָט דער הויכער מיסטער גאָלד זיך אַריינגעמישט און פאַרגעלייגט אַ פשרה — גאַנצע טויזנט דאָלאַר, אַז דער נידעריקער האָט אָזש אויף אים אַ ברען געגעבן מיט אַ פּאָר וועלפישע אויגן.

אים האָט שלמה זלמן געענטפערט:

„איר האָט אַליין געזאָגט, אַז די געביידע האָט די ווערט אַכט טויזנט. איר קריגט זי פאַר זיבן, ניט קיין אַכט, מיט אַ טויזנטער וויניקער, ווי איר אַליין האָט זי געשאַצט".

„כ'האָב געזאָגט זיבן, העכסטנס אַכט!" — האָט מיסטער גאָלד אים איבערגעריסן די רייד. — „ס'מאַקסימאַלסטע, אָבער איר ווילט ס'פאַנ־טאַסטישע!".

„נו, קריג איר זי דאָך פאַר זיבן, שוין מיט מיין מעקלעריי, דינגט איר זיך מיט מיר? ווען איך דינג זיך ניט מיט אים, נאָר גיב וויפל איר האָט געהייסן, 7 אָדער 8, וואָלט איר יאָ צופרידן געווען? פאַרוואָס וואָלט אים יאָ געקומען די 18 הונדערט דאָלאַר און מיר קומען זיי ניט? — האָט דער לאַגישער קאָפּ געפרעגט, און אַלע דריי פאַרשטומט מיט זיין גערעכטער טענה. אַפילו דער אַדוואָקאַט האָט אויך געשוויגן, ביז דער נידעריקער מיסטער הערמאַן איז אויפגעשפּרונגען מיט אַ געשריי:

„אַ מעקלער קריגט ניט באַצאָלט פאַרן דינגען זיך, כאָטש ער דינגט זיך, נאָר פאַרן דורכפירן די קניה, פאַרן צוזאַמענברענגען די צדדים, און קיין שום מעקלערס פּראָצענטער זענען ניט אַזוי הויך!"

„איך בין געווען מער ווי אַ געוועגלעכער מעקלער, אויך אַ ליגנער פאַר אייך. איך האָב געטאָן ביידע זאַכן. קיין שום מעקלער וואָלט זיך ניט געדונגען ווי איך. ער וואָלט געגעבן וויפל איר אַליין האָט געהייסן געבן.

איך האָב זיך געדונגען פאַר אייך און פאַר מיר. לויט יעדן יושר קומט מיר מער ווי אַ געוועגלעכן מעקלער.

דער הויכער מיסטער גאָלד האָט געמאַכט נאָך אַ פשרה:

„לייגט אים צו נאָך צוויי הונדערט, מער קיין פעני. אויב ער וויל ניט, זאָל ער זיך האַלטן מיט דער חורבה", — האָט ער גערעדט צום אַדוואָקאַט.

„צוליב אייך, מיסטער גאָלד, לאָז איך אַראָפּ צו 16 הונדערט און אַז איר ווילט איצט ניט, וועל איך האַלטן די געביידע, וואָס איר קריגט בחצי־חינם", — האָט ער געמאַכט אַ קעגן־פשרה. — „איר זעט כ'בין ניט אַזאַ גזלן ווי איר שרייט", — האָט ער זיך אויסגעדרייט צום נידעריקן מיסטער הערמאַן, וואָס איז געווען רויט ווי אַ בוראַק און געשוויצט.

„מעג איך מאַכן אַ פאָרשלאָג?" — האָט דער אַדוואָקאַט געפרעגט. — „איך שלאָג פאָר יחלוקו. צעטיילט די 28 אויף העלפט, 14 אייך, 14 אים, און זאָל נעמען אַ סוף, פאָלגט מיך", — האָט ער זיך געבעטן ביי די צדדים. ער האָט אַ ווונק געטאָן צום נידעריקן, אים אַנטקעגן געגאַנגען און אַרויפ־געלייגט אַ האַנט אויף זיין אַקסל, אים עפּעס איינגערוימט אין אויער. פאַרטיק געוואָרן מיט אים, האָט ער אויך דעם הויכן עפּעס־וואָס איינגע־רוימט, אויף וואָס ער האָט געענטפערט מיט אַ שאָקלען מיטן קאָפּ אויף אַלע זייטן, אַז ס'איז ניט קלאָר געווען, צי ער מיינט יאָ, צי ניט.

„איז וואָס־זשע זאָגט איר צו מיין פאָרשלאָג? זענט איר גרייט צו נעמען וואָס איך שלאָג פאָר, אָדער זאָלן מיר גיין אין געריכט?" — האָט ער זיך געוואָנדן צו שלמה זלמנען מעשה תקיף.

„צוליב צוויי הונדערט דאָלאַר גיב איך ניט קיין תקיעת־כּף און גיי ניט צו קיין דין תורהס, אָדער אין געריכטן", — האָט ער געענטפערט מעשה „משה גרויס", ווי צוויי הונדערט דאָלאַר זענען ביי אים בלאָטע און ס'לוינט אים ניט צו גיין אין געריכט פאַזעווען זיך איבער זיי.

איצט איז געבליבן די וויכטיקסטע פראַגע, ווי אַזוי זאָל ער פאַרלאַנגען דאָס געלט? וועמען קען ער געטרויען? דעם נידעריקן? עפּעס אַ ניט קלאָרער פאַרשוין, דעם הויכן — אפשר, ווען ער איז ניט דעם נידעריקנס שותף. און אָט זיצן זיי שוין און שרייבן אונטער, דער אַדוואָקאַט רופט שוין אים טאַקע צום אונטערשרייבן, אָבער ער רירט זיך ניט פון אָרט.

„וואָס איז ווידער שוין, אַ נייע חרטה?" — האָט דער אַדוואָקאַט גע־פרעגט אויפן קול.

„חרטה? חס וחלילה! מיסטער צאַראַד האָט ניט קיין חרטה, מיסטער צאַראַדס אַ וואָרט איז אַ וואָרט. אָבער ווער וועט ערב זיין פאַר מיין געלט? ביי וועמען וועל איך עס מאָנען?"

„איך בין אייך ערב, מיר גלויבט איר? איר שרייבט אונטער און איך

וועל אייך שרייבן אַ טשעק", — האָט ער אים אַנטקעגן געטראָגן די פּען און שלמה זלמן האָט זיך ניט געאיילט זי נעמען.

ער האָט איילִיק געטראַכט וואָס איז דאָס פאַר אַ סודן זיך צווישן דעם דריילינג? אפשר שפּילט מען אים דאָ אָפּ אַ שפּיצל — ער וועט האָבן אונטערגעשריבן און ס'וועט זיין פאַרפאַלן. וואָס וועט ער דאַן קענען טאָן? האָט ער זיך דערמאָנט דעם „שמור על הפן" און זיך ניט גערירט פון אָרט, ביז דער אַדוואָקאַט האָט מיט זיין פען פריער אונטערגעשריבן דעם טשעק אויף דער ריכטיקער סומע און ער האָט מיט דער זעלבער פען אונטערגעשריבן נאָך אים.

# קאַפּיטל 11

זיין ווייב האָט זיך געוווּנדערט אויף זיין מעקלעריי און געוועזן בייגעריק וועגן דעם רעזולטאַט, אָבער זי האָט געוואַרט ער זאָל עס איר אַליין דערציילן. מיט אַ צייט שפּעטער, ער האָט שוין געהאַט פאַרגעסן פון דעם מעקלעריי, האָט זי דאָך געפרעגט, און ער האָט איר דערציילט אַלץ בפרטיות. ס'האָט אויסגעזען, אַז זי גלויבט אים, אַז זי הויבט זיך אָן אינטערעסירן מיט אים און זיינע טועכצן, האָט ער דאַן אויך לעגאַליזירט און איר דערציילט וועגן דעם האַלב־כשרן פאַרמעגן זיינעם, און דאָס אַריינגערעכנט אינעם חשבון פון מעקלעריי. אויף איר פראַגע — וויפל? האָט ער געענטפערט דיפּלאָמאַטיש: „ניט קיין מיליאָן, אָבער גענוג. איך האָב טאַקע געוואָלט מיט דיר רעדן, דיך פרעגן, וואָס מיינסטו דאַרף איך איצט טאָן?"

„מען דאַרף קויפן אַ הויז. דאָ איז דאָך ענג, ווילגאַטנע, דער קאַלעך קרישלט זיך, פון די ווענט קריכן די ווערעם", — האָט זי אויסגערעכנט אַלע חסרונות פון הויז.

„ווילסטו גאַרניט, כ'זאָל ענדלעך פּטור ווערן פון דעם מילך־פירן? דאָס פערד און שטאַל קריכן מיר שוין פון גרגרת!"

זי איז אַנטשוויגן געוואָרן. אַ דריקנדיקע שטילקייט אין צימער — זי האָט זי איבערגעריסן: „קויף דיר אַ טראַק, דו וועסט פּטור ווערן פונעם פערד און מיר פון די קרישלדיקע ווענט, פון דער נעציקער בודע. אַ הויז איז בילכער פון אַלץ, די קינדער זענען בילכער פון אונדזביידן".

אים איז אָפּגענומען געוואָרן דאָס לשון פון איר ענטפער. ווייסט ער דען אַליין ניט, אַז מען דאַרף אַן אַנדער הויז? ער וויל דאָך פאַר זיי פיל מער ווי פאַר אַן אַנדער הויז. ער וויל אַ גאַנץ אַנדערע צוקונפט פאַר זיי.

איז דאָס אַלץ וואָס זי אינטערעסירט היינט? ער, זיינע געפילן, גייען זי מער ניט אָן? זיין דערנידערונג ביי שטיינען איז זי קנאַפּ אָנגעגאַנגען, איצט איז זי מסכּים ער זאָל זיין גאַנץ לעבן בלייבן אַ מילכמאַן. עפּעס אַן איבערקערעניש איז אין איר פאַרגעקומען אין דעם לאַנד. אַמאָל האָט זי מיטגעפילט, אים פאַרשטאַנען, פאַרשטאַנען די וועלט אַרום זיך, היינט איז זי געבליבן צוריקגעשטאַנען. אַמאָל, אינעם קליינעם שטעטל, האָט זי געשטרעבט צו גרויסע זאַכן, און אין דער גרויסער וועלט שרומפּען גאָר איין אירע השגות. וואָס איז מיט איר געוואָרן?

דאָ אין דעם נייעם לאַנד, ווייזן זיך בולט אַרויס די אונטערשידן צווישן זיי. די ערשטע שוועריקייטן האָבן זי איינגעבראָכן, זי מאַכט פּשרות מיט דער סיטואַציע, פּרוּווט ניט אַפילו זיי ענדערן. גאַרניט די זעלבע הייטערע פרוי, וואָס אַמאָל, און זי וויל אויך אים אונטערטעניק מאַכן צו די מכלומרשטע דורכפאַלן אין דעם לאַנד.

אים באַשולדיקט זי אין איר בלייבן שטעקן אין דער פאַרגאַנגענהייט, אין דעם קליינעם פּוילישן שטעטל. אין איר ניט קענען זיך אַריינפּאַסן אין דעם נייעם לעבן. זי איז געבוירן געוואָרן פאַרן קליינעם שטעטל אין פּוילן, צוגעוווינט געוואָרן צו די קליינשטעטלדיקע באַגריפן, און זי קען זיך פון זיי ניט באַפרייען. דאָרט, אַז ס'איז איר שלעכט געוואָרן, איז זי געלאָפן צום טאַטן דעם אייזנקרעמער, און ער האָט זי צוריק געשיקט צו איר סטאָליאַר־יונג, מיט אַ פול אויער מוסר, איצט איז זי ווייט פון דער משפּחה. אין אָט דעם ווייטן לאַנד, פילט זי זיך איינזאַם, אַנטוישט, אומרואיק. אין פּוילן האָט מען געליטן, פון וויגעלע ביזן גרוב. צו וואָס האָט זי געדאַרפט אַהערקומען אוןליידן אין דער פרעמד?

ער איז שולדיק אין דעם, וואָס זי געפינט זיך אין דעם עק וועלט, אין דעם ווייטן לאַנד, פונוואַנען ס'איז ניטאָ קיין צוריק.

פון די שכנטעס האָט זי געהערט, אַז אַ מאַן דאַרף מען צוימען. אויך אין דער היים, אין שטעטל, האָט זי דאָס געהערט. פּערל יוחננס, איר שטיף־מוטער, האָט איר טאַטן געהאַלטן אין צוים און ניט איינמאָל איר געזאָגט, אַז זי גיט איר „צרה" שלמה זלמען צופיל נאָך. זי וועט אים צוגע־וווינען צו דעם אַלעם גוטן, וועט ער מיינען, אַז דאָס קומט אים און ער וועט זי באַהאַנדלען ווי אַ שמאַטע, ניט ווי אַ ווייב. און דאָ האָט זי געזען, ווי די שכנטעס באַהאַנדלען זייערע מענער, וואָס אַ יידישע פרוי אין פּוילן וואָלט ניט געוואַגט אויף אַזאַ באַהאַנדלונג. זי ווייסט אויך, אַז איר שלמה זלמן וועט אַזאַ באַהאַנדלונג ניט אָננעמען שווייגנדיק, אָן שום ווידער־שטאַנד.

זי האָט געשטרייט מיט אים אויף איר שטייגער — ניט מלחמה, ניט שלום, ניט גוט און ניט שלעכט, אַ קאַץ־ און מויז־שפּיל.

אַט די ניט גלייכקייט אין איר באַציאונג צו אים, איז געווען אַ שטראָף פֿאַרן פֿאַרשלעפּן זי אַהער, פֿאַר ניט־דערגרייכטע האָפֿענונגען, פֿאַר זיין ניט אָפּשאַצן אַ פרוי, וואָס איז מיט אים מיטגעגאַנגען אין די הרי חושך, ווו דער לעבנס־שטייגער איז ווי אין פּוילן, נאָר מ׳רעדט זיך איין, אַז מ׳איז אין אַמעריקע, אין דער ברייטער וועלט, ווו איר קליין־שטעטלדיקער מאַן האָט געקראָגן גרויסע השגות, וויל ווערן מי־יודע ווער, וויל דערגרייכן מי־יודע וואָס!

אַזוי שטילינקערהייט האָט זי געטראַכט און געטאָן דאָס, וואָס אַנדערע פרויען האָבן אויסגערעדט הויך: גיסטו ניט, וואָס ס׳קומט אַ פרוי, קומט דיר ניט קיין פרוי... געווען קאַלטע נעכט... אָפענע און באַהאַלטענע אָפּזאָגן, אויסריידן, שטילע, ברוגזע טעג — אַ נערוון־מלחמה. זי האָט דען ביי אים וואָס זי וויל? דאָס מינדעסטע באַהאַלט ער פון איר, טוט זאַכן אָן איר וויסן און ווילן. אַן אַנדערער מענטש איז ער געוואָרן אין דעם נייעם לאַנד, אַ פאַרשלאָסענער, יאָגט זיך נאָך חלומות, וויל ניט זען די ווירק־לעכקייט. נו, האָט זי איבּ צוגעטיילט דעם ביסן מיט קאַרגשאַפט... און ניט דווקא ווען ער האָט געהאַט הונגער...

קיין ש:ם אַנדערע פרויען־אויפגאַבע, אַדער הויז־חוב, האָט זי ניט פאַרנאַכלעסיקט. אין אַלע ווינקלען האָט געשימערירט ריינקייט און זויבער־קייט. די קינדער האָט זי געהיטן ווי איר שוואַרצאַפּל פון אויג. נאָר צום מאַן איז זי מאַנכעס מאָל געווען נאַכלעסיק... ער האָט זי געמאַכט פאַר אַ מוטער פון פיר פּיצלעך קינדער אין משך פון פינף יאָר, געשמידט זי אין פיר קייטן. זי שטיקט זיך אין דער ענגער דירה מער פון אים, איז איינזאַם מער פון אים. צו דער שטראָף וואָס זי טיילט אים אויס, איז זי דאָך אויך אַ שותף גלייך מיט אים... האָט זי געצויגן אירע באַשולדיקונגס־מחשבות.

זיין שווייגן, נאָכן שמועס וועגן הויז, האָט זי געשראָקן. זי האָט מורא געהאַט, אַז ער וועט פאַרשווייגן דעם גאַנצן ענין. אַלע מאָל פריער, ווען זי האָט גערעדט פון קויפן אַ הויז, האָט ער מיט איר איינגעשטימט, אָבער געלט? ווו נעמט מען געלט אַפילו אויף דינגען אַ ביסל אַ גרעסערע דירה? איצט איז געווען געלט און זי האָט מער ניט געוואָלט קיין תירוצים.

„וואָס אַזוינס האָסטו בילכערס צו טאָן מיט דעם געלט ווי צו קויפן אַ הויז?" — האָט זי איבערגעריסן דאָס שווייגעניש, עס זאָל ניט אויסברעכן קיין בר.גז, איידער זי קריגט פון אים אַרויס דאָס הויז.

ער האָט איר געוואָלט אויפקלערן, וואָס ער האָט בדעה צו טאָן מיט דעם געלט. פונקט דאַן האָט זיך דערהערט אַ קלאַפּ אין טיר און ס׳איז אַריינגעקומען דער משפחהניק און געבראַכט די נייעס, אַז דער זאַקן־

פאַבריקאַנט, מיסטער ראָזין, ביי וועמען ער האָט גענומען זאַקן פאַר זיין פעדלער־פּרווו, האָט באַנקראָטירט.

„דאָס וואָס איך וויל! דאָס וויל איך טאָן מיטן געלט. כ׳וועל אָפּקויפן די זאָקן־פאַבריק״, — האָט ער זיך האַסטיק אויסגעדרייט צום ווייב.

„אוי, אַ גוטער פלאַן שלמה זלמן, ווי כ׳בין אַ ייד. מען זאָל אונדז אַזוי געדענקען צום גוטן, ווי איך האָב אויך אַזוי געדענקט, אַז וואָלסט געדאַרפט אָפּקויפן די פאַבריק, האָסט מיר אַרויסגענומען דאָס וואָרט פון מויל!״

מיסעס צאַראַד האָט גאָרניט געזאָגט. ווי אַלע מאָל, ווען דער משפחה־ניק קומט, האָט זי אויך איצט געשוויגן. ער, פילנדיק, אַז זיין אַריינקומען האָט עפּעס איבערגעריסן, האָט ער זיך געזעגנט און איז באַלד אַוועק. מיסעס צאַראַד האָט ווידער גענומען דאָס וואָרט, ניט צו זאָגן איר מיינונג וועגן קויפן די זאָקן־פאַבריק, נאָר וועגן משפחהניק.

„אויך דאָס דאַרף אויפהערן, זאָל ער מער ניט זיין דיין פאַרזאָרגער און חבר. זאָל ער דיך ניט רופן, ווי אין שטעטל, ביי דיינע ערשטע נעמען. ס׳איז שוין צייט צו טוישן דעם בטלנישן שלמה זלמן דיינעם און רופן זיך מיט לייטן גלייך, ווי מען רופט זיך דאָ, ניט ווי אין קליינעם שטעטל״.

ער האָט אָפּגענויגט זיין בליק פון איר פּנים און אַוועקגעקוקט אין חלל אַריין. „וואָס נאָך געפעלט איר ניט? וואָס האָט זי צו דעם גוטן מענטשן, וואָס זאָרגט פאַר אונדז ווי אַ פאָטער און זיין פרוי ווי אַ מוטער״. ער האָט זיך צוריקגעהאַלטן פון ענטפער, זיי זאָלן זיך ניט צעקריגן. ס׳איז ניט געווען פון זיין טבע זיך צו קריגן, אויסצושרייען זיין כעס אין קללות. זיין פאַרדרוס האָט זיך ביסלעכווייז אויסגעלאָשן. ער האָט בעסער געשוויגן, אָפּגעשוויגן טעג, וואָכן.

„פאַרוואָס זאָלסטו זיך ניט רופן סיימאָן אָדער סעמיועל, מיר זענען דאָך אין דיין קאַנאַדע, ניט אין שטעטל. אַפילו דאָס קינד שעמט זיך מיט די צוויי גאָרנדיקע נעמען דיינע״.

„ווייל כ׳בין אַ ייד און ניט קיין ענגלענדער אָדער אַ פראַנצויז. כ׳בין אַ ייד און שלמה זלמן איז מיין נאָמען. און פאַרוואָס געפעלט דיר פלוצים ניט דער גוטער מענטש, וואָס זאָרגט זיך, מידט זיך פאַר דיר, ווי אַ גוטער טאַטע?״

„קאָמאַנדעוועט טאַקע ווי אַ טאַטע, כאָטש ער געהערט זיך אָן מיט דיר, קו־פערד־בייטש־שטעקעלע. ס׳איז שווער דיך תופס צו זיין — פון פוילן ביסטו אַוועק, ווייל דאָרט איז דיר ניט געפעלן. דאָ ווידער ווילסטו זיך פירן ווי דאָרט, און בלייבן מיט דיין שלמה זלמן ווי דאָרט״.

„כ׳זע ניט, נאָכוואָס כ׳דאַרף טוישן מיין יופיצע — מיט וואָס איז סיימאָן אָדער סעמיועל שענער פון שלמה זלמן? הלמאי זעסטו גאָרניט,

וואָס פאַר אַ גוטע בשורה ער האָט מיר היינט געבראַכט, מיט דער נייעס פון מיסטער ראַזינס באַנקראָט. שטעלסט זיך פאָר, וואָס דאָס קען מיינען פאַר דיר, פאַר מיר, פאַר אונדז אַלעמען?"

אַז זיין ווייב האָט אים קיין ענטפער ניט געגעבן, איז ער אַרויס פון הויז און אַוועק צום משפחהניק געוויר ווערן עפּעס מער וועגן דער באַנק־ראָטירטער זאָקן־פאַבריק.

„וואָס איז דאָ צו וויסן? זי איז אויסגעשטעלט אויף ליציטאַציע". — האָט דער משפחהניק געזאָגט.

„אויף וויפל האָט ער באַנקראָטירט? וויפל האָט באַטראָפן זיין אַבאָראָט? האָט ער גוטע מאַשינען? פאַראַן סחורה? חובות איינצומאָנען?"

„איבעריקע שאלות, כ'לעבן. נאָכוואָס דאַרף מען דאָס אַלץ וויסן? ווען ער האָט דאָס אַלץ, וואָס דו רעכנסט אויס, וואָלט ער דאָך ניט באַנקראָטירט. אַ ליציטאַציע איז קיינמאָל ניט לויט דעם ווערט, נאָר וויפל מ'קען פאַר איר קריגן, מיין איך". — האָט דער משפחהניק געזאָגט.

„איר זענט גערעכט, מיר איז עס ניט קיין נפקא מינא".

אינעם טאָג פון דער ליציטאַציע איז ער געווען צופרידן, וואָס מ'פירט די מילך ביינאַכט און ער קען בייטאָג באַטייליקן זיך אין דער ליציטאַציע.

אַנדערע זאָקן־פאַבריקאַנטן האָבן געהאַט זייערע אייגענע פאַבריק־קאַפּדרייעניש און ער איז געווען דער איינציקער פאַראינטערעסירטער אין דער זאָקן־פאַבריק. ער האָט זי אָפּגעקויפט פאַר עפּעס מער ווי 12% פון דער באַנקראָטירטער סומע. געווען זענען דאָרט מאַשינען, אַביסל באַנוול, פאָדעם פאַר ניי־מאַשינען, ליידיקע און אַביסל פולע זאָקן־שאַכטלעך און חובות, וואָס קיינער האָט זיך ניט געקליבן אים אַנטקעגן טראָגן. ער איז אַוועק אַהיים אָנזאָגן דער ווייב די גוטע בשורה, אַז זי איז געוואָרן אַ שותפטע צו אַ זאָקן־פאַבריק, און אַוועק אויך צום משפחהניק, איבעררעדן מיט אים, ער זאָל מיט אים מיטגיין אין דער זאָקן־פאַבריק און ווערן דאָרט זיין אויפזעער.

דאָס ווייב איז בלייך געוואָרן פון כעס, פון דער אָנגעזאָגטער בשורה, אַז ער האָט צעטרענצלט דאָס געלט אויף דער באַנקראָטירטער פאַבריק. ביז איצט האָט זי אַלץ געמיינט, אַז ער רעדט בלויז וועגן דער פאַבריק און קויפן וועט ער בעסער אַ הויז, וואָס איז נויטיקער און זיכערער. זי האָט איצט פאַרשפּילט און ער וועט פאַרשפּילן, פאַרלירן שפּעטער.

„איך רעד צו דיר, און דו טוסט זיך דיינס. איך האָב געזאָגט אַ הויז, און דו קויפסט אַן אויסגעשפּילטע פאַבריק. הלואי זאָל איך ליגן זאָגן, ס'וועט ניט זיין קיין הויז און ניט קיין פאַבריק".

„אַזאַ ווינשעוואַניע גיסטו מיר? אסור, צי כ'פאַרשטיי דיך. פאַר וועמען וויל איך דאָס, אויב ניט פאַר אייך. דו ווילסט שוין פאָרן היינט, און איך

וויל פאַר אונדז אַלע, פאַרן מאַרגן און איבערמאָרגן. כ׳וויל פאַר אייך אַ צוקונפט באַוואָרענען, מיט מילך־פירן וועל איך ווייט ניט דערגיין. איך מוז אַוועקוואַרפן די מילך, אויב כ׳וויל פאַרבעסערן אונדזער מערכה. כ׳וויל און כ׳וועל!״ — איז ער אַרויס פון הויז.



די האַרבסטיקע לופט האָט געקילט זיין צעהיצט פּנים, ער איז באַלד צוריק געקומען צו זיך און צו די מאָמענט־פּראָבלעמען: ווי אַזוי וועט ער לאָזן אין גאַנג די זאַקן־פאַבריק? וואָס וועט ער טאָן מיטן מילך־פירן? ווי אַזוי מיידט מען אויס ראַזינס גורל? ווי אַזוי שאַפט מען זיך הצלחה, ווי אַזוי וועט ער די פאַבריק באַאַרבעטן, אַז זי זאָל ברענגען רווחים? און זיין ווייבס נבואה זאָל ניט מקויים ווערן? דאָס וועט אָבער ניט געשען! האָט ער זיך כמעט ווי צעשריגן, זיך אַ שבועה געגעבן.

פּלוצים האָט אַ געדאַנק אויפגעבליצט אין זיין מוח, אים אָפּגעשטעלט אינעם גאַנג. „מיסטער ראַזין! אים דאַרף איך האָבן. פאַרוואָס אים ניט צוריק נעמען און מאַכן אים פאַרן הויפּט פון דער פאַבריק?״ — ער האָט זיך פאַרקירעוועט צום משפּחהניק, אים פאַרגעשלאָגן איבערצונעמען דאָס מילך־פירן. דאָס וועט ער קענען איבערנעמען גרינג, ער איז דאָך געווען דער בויער פון זיין מילך־מאַרשרוט. אים וועט ער בעטן זיך אַדורכשמועסן מיט מיסטער ראַזין, וועגן צוריקגיין אַרבעטן אין דער פאַבריק.

„אַ, ניין, אָבער כ׳דאַנק דיר פאַרן פאַרשלאַג. כ׳האָב געפונען מיין באַרוף, מיין נשמה־רו. וואָס דאַרף איך מער פאַר צוויי מענטשן? פאַרוואָס טוישן מיין געפונענעם באַרוף? ס׳איז אַ בכבודיקע, הייליקע אַרבעט דאָס מלמדות. דאָס מילך פירן פאַרקויף, און דעם מיסטער ראַזין וועל איך טאַקע פרעגן. ס׳איז אַ גוטער איינפאַל, פאַר אים מער ווי פאַר דיר. ער דאַרף, לפי דעתי, צושטימען״, — האָט דער משפּחהניק געזאָגט.

מיט מיסטער ראַזין האָט דער משפּחניק געהאַט אַ שווער שטיקל אַרבעט. ער האָט זיך געקווענקלט, ניט באַלד געוואָלט צושטימען, אָבער לסוף צוגעשטימט. איצט איז דאָס שווערסטע פּראָבלעם געווען וואָס צו טאָן מיטן מילך־פירן — מיט דער גוטער פּרנסה און מיט דער זייטיקער געהיימער פּרנסה... מיסטער קונע איז אויך געווען באַזאָרגט, וואָס ער וועט פאַרלירן אַ מזלדיקן צושטעלער פון זיין ניט־מילכיקן געטראַנק, אָבער העלפן זיך ניט געקענט, האָט ער געעצהט אַריינשטעלן אין דער צייטונג און פאַרקויפן, קיין בעלנים וועלן זיכער ניט פעלן.

אָבער ווי וואַרפט מען דאָס אַוועק אַ ברויט מיט אַ מעסער? וואָס רעדט ער, אַ לעקעך מיט אַ מעסער! זאָל עס כאָטש אַריינקומען צו וועמען פון

זיינע שיפס־ברידער אין די הענט אריין. אבער ניט דער פולטוסקער און ניט דער גארבער האבן חשק געהאט זיך אליין פארמשפטן צו קאטארגע. האט ער געשטעלט אין דער צייטונג און אנגעגעבן דעם משפחהניקס נאמען און אדרעס.

דעם פרימארגן, באכן ערשטן אנאנס אין דער צייטונג, האט דער משפחהניק אים אפגעווארט און דערציילט, אז דער מילך־מארשרוט איז שוין כמעט ווי פארקויפט, מיט הכל־בכל־מכל־כל, מיט די חובות, ביז א פאדעם.

„אבער טרעף צו וועמען? איי, ווי דער ר׳ צדק פירט זיין וועלט. ווען איך האב געהערט, ווער ס׳וויל קויפן דאס מילך־פירן, האב איך באלד צוגעשטימט, ער האט מסכים געווען אויף אלע תנאים. ער איז גרייט עס איבערצונעמען אפילו היינט. דאס איז זייער וויכטיק פאר דיר. מ׳וועט אים בלויז דארפן צווייזן א מאל־צוויי, אויב דו וועסט ניט האבן קיין צייט, וועל איך דאס טאן״.

שלמה זלמן האט איבערגעווארפן אין מוח אלע זיינע באקאנטשאפטן און קיין איינעם ניט געפונען אין אזא מצב, ער זאל דארפן ווערן מילכמאן. אז עס קען זיין מיסטער שטיין, איז אים אפילו אויפן רעיון ניט געקומען. פון מאמענט פון פארלאזן אים האט ער בלויז איינמאל אים געזען. ווען ער איז צו אים געגאנגען בעטן ער זאל ביי אים נעמען מילך, און יענער האט אים אפגעשיקט צום ווייב, וועלכע האט זיך פאר אים באהאלטן, געהייסן זאגן, אז זי איז ניטא. איז ער אוועק און אויסגעהיטן זיך פון צו גיין צו אים.

ער האט ניט געוווסט און זיך אויך ניט אינטערעסירט, וואס דער באנקראטן־קראך האט אפגעטאן זיין מליץ־יושר, וואס האט אונטערגע־שריבן די פאפירן, וועלכע האבן פאר אים געעפנט די טויערן פון דעם לאנד. ער האט ניט געאנט און זיך ניט פארגעשטעלט, אז די פארפלייצונג האט מיטגעשלעפט דעם הארטן מיסטער שטיין, געמאכט פון אים א יורד, און איצט וויל ער זיך ראטעווען פון אראפגעשווענקט צו ווערן אין געווירבל דורך ווערן א מילכמאן.

ס׳איז אבער אזוי געשען. די גרויסע עקאנאמישע וועלט־ציטערניש האט צעטרייסלט די שטיין־פעסטונג, זי איז געפאלן און אראפגעווארפן דעם רעגירער פון זיין טראן מיט אזא קראך, אז ס׳האט אים פיזיש און פינאנסיעל צעבראכן. אים האבן די באנקראטן אונטערגעשווענקט זיין פונדאמענט, זיין רייכטום איז צעשווומען געווארן צווישן פרעמדע הענט.

„איך קען דעם קויפער פון מיין מילך־פירעכץ, זאגט איר?״

„און נאך ווי א מין קענען!״

„טא וואס־זשע דער סוד? וואס די געהיימניש?״

„די געהיימניש איז — דער וואָר".

„וואָר ס'זאָל ניט זיין, וועל איך ממילא אים מוזן קענען, אים דאַרפן איבערגעבן אַלץ, נעמען אין דער מילכעריי, באַקענען מיטן אינעווייניק פון מילך־פּירן, ציט־זשע ניט אַרויס די עצמות".

דער משפּחהניק האָט איצט געטראַכט פון זיינע גרינע פעדלער־יאָרן, ווען ער איז געשטאַנען ביי שטיינס טיר, דאָס ערשטע הויז, ווו ער האָט אָנגעקלאַפּט, אין ערשטן טאָג פון זיין פעדלער־אָנהויב. אַ ייִנגעלע האָט אים געעפנט די טיר און גערופן די מוטער. זי איז צוגעקומען און באַלד אָנגעהויבן אים מוסרן, אַז פעדלעריי איז פאַר אַלטע לייט, בטלנים, ניט פאַר אַזאַ יונגן מענטשן ווי ער. זאָל ער בעסער גיין אַרבעטן, איר מאַן וועט אים אַריינגעמען אין זיין פאַבריק פון הילצערנע רעמלעך. אַז שקצים קענען די קונץ פון מאַכן רעמלעך, וועט אויך ער קענען.

אָבער, אַז ער איז געקומען אין מיסטער שטיינס פאַבריק, האָט ער אים באַטראַכט פון אַלע זייטן, ווי עפּעס אַ פערד, און געזאָגט ער זאָל בעסער ווערן אַ פעדלער, אָדער אַ מלמד, ווייל צו הילצערנע רעמלעך וועט ער זיך ניט אויסטויגן. איצט האָט ער גרויס חשק געהאַט אים צו ווייזן, אַז אַ מלמד קען אַמאָל עפּעס אויסלערנען שטיינען אויך.

„טרעפסט ניט, הא?" — האָט דער משפּחהניק אים אָנגעקוקט. —

„ס'פעלט דיר גאָרניט איין, אַז דאָס קען זיין שטיין? אויך אים האָט דאָס מבול ניט געשאָנעוועט. ער איז נעבעך געוואָרן אַ יורד, דער קנאַקער, ווי די אַנדערע קנאַקערס, וואָס האָבן געבערענט אַ וועלט".

שלמה זלמן האָט געקראָגן אַ פאַרשטיינערט פּנים. ס'האָט אים אַ צופּ געטאָן ביים האַרץ. ער האָט דערזען פלוצים די ליציטאַציע פון שטיינס פאַבריק, ווי מען פאַרקויפט די קלינגענדיקע זעג־מאַשינען, די סקריפּענ־דיקע הובל־מאַשינען, וואָס גלעטן אויס די געהילץ־קאַרבן. אַ רחמנות האָט אים אָנגענומען צו דעם מענטש — שטיין. זיינע מאַשינען אַרבעטן ווייטער ערגעצוווּ, און ער דאַרף אויף די עלטערע יאָרן אָנהויבן אויפסניי, ווערן אַ מילכמאַן, אַרומשלעפּן זיך טאָג און נאַכט. שבת און יום־טוב, שפּרינגען פון וואָגן, קריכן אויף די שטאַקן. „ס'איז ניט פאַר אים דאָס מילך פּירן!" — האָט ער אויסגעשריגן צו זיך. — „בנפול אויבך אל תשמח", — האָט ער אַ זאָג געטאָן צום משפּחהניק. ס'האָט זיך אים געדוכט, אַז ער האָט שאַדן־פרייד פון שטיינס ירידה.

„וואָס פעלט דיר איין? ער נעמט עס ניט פאַר זיך, נאָר פאַרן זון", — האָט ער אים געענטפערט און ניט דערמאָנט, אַז שטיין איז קראַנק.

„איר וועט זיך ניט דאַרפן באַמיען, כ'וועל אים אַליין לערנען", — האָט שלמה זלמן געזאָגט.

„ס'איז נאָך ניט באַשטימט, ווי אַזוי ער וועט באַצאָלן. כ'וואָלט ניט געהייסן געבן אויף באָרג".

„זאָל ער קומען היינט נאָך, מירן שוין אַלץ אָרומרעדן אין וואָגן, ביים שטעלן מילך".

צו דער באַשטימטער צייט האָט דער יונגער שטיין שוין געוואַרט אויף אים. צוזאַמען זענען זיי געגאַנגען שפּאַנען ס'פערד. שלמה זלמן האָט אים געוויזן ווי אַזוי ער זאָל פאַרלייגן דאָס צוימל אין מויל, דאָס קייטל זאָל ניט וויי טאָן דעם פערד, ווען ער וועט דערמיט קערעווען. געוויזן אים ווי אַזוי צו ציען די לייצעס.

„דאָס אַלץ ווייס איך", — האָט דער יונגער שטיין געזאָגט ברוגזלעך.

„זיכער ווייסטו. אָבער איך האָב געוואָלט זיכער מאַכן צי דו געדענקסט נאָך. איין צי רעכטס, ווען דו דאַרפסט ציען לינקס, אָדער פאַרקערט — און דער וואָגן איז אונטערן טראַמוויי, אָדער אונטער אַ טראָק".

אין דער מילכערייַ האָט ער אים געוויזן דעם סדר, ווי אויסצושטעלן די קעסטלעך, ער זאָל וויסן ווו די פאַרשידענע מילכן זענען, די סמעטענע, די פּוטערמילך, ניט צו מאַכן קיין טעות, און ניט דאַרפן שפּעטער אַרומפאָרן טוישן מילך און אויסהערן טענות.

„דער בחור האָט אַ גוטן קאָפּ. ער נעמט איבער די תורה פון שטעלן מילך געשיקט און גוט. נאָך אַ נאַכט, צוויי און ער וועט אַליין פאָרן", — האָט ער אים געריימט פאַרן משפּחהניק.

לערנענדיק אַזוי דעם יונגן שטיין פירן מילך, האָט ער זיך געטראַכט, אַז וואָס גרעסער דער האַנדלס־מענטש, אַלץ פּאַטאַלער קען זיין דער דורכפאַל ביים אויסגליטשן זיך. שטיין האָט געפירט גרויסע געשעפטן. די רייכסטע האַנדלס־הייזער, רעסטאָראַנען, אַפּטייקן, האָט ער אויסגעשטאַט מיט זיין מעבל. אויסגעקאָנקורירט אַלע אַנדערע פאַבריקאַנטן פון אַלערליי מעבל, און געקומען איז מען צו אים פון נאָענט און פון ווייט. זיינע פּרייזן זענען געווען די נידעריקסטע, די פאַרדינסטן קליינע, אָבער זיין פאַבריק האָט שטענדיק געאַרבעט. די אַרבעטער האָבן פאַרדינט עפּעס ווייניקער אויף דער שעה, אָבער האָבן געאַרבעט אַ גאַנץ יאָר, ניט געווען קיין שוואַך אַרבעט ביי אים. ער האָט געשטעלט אויף „אַבאַראַט", אויף קוואַנטיטעט אין אַרבעט, די רעדער זאָלן זיך דרייען, און אויף צוטרוי צו מענטשן. די צאָלונגען פאַר זיין אַרבעט אַוועקגעגעבן אויף מאַנאַטן און יאָרן. זיינע פאַרדינסטן זענען געלעגן אין פרעמדע הענט, אין זייער ערלעכקייט, אין זייער סוחרישן וואָרט. ווען דער קראַך איז געקומען, זענען אים אַלע געבליבן שולדיק, און ער אַליין איז געווען פאַרמשכונט צו דער באַנק.

די האַלץ־צושטעלער זיינע האָבן די ערשטע דערפילט דעם אַנקו־מענדיקן עקאָנאָמישן אוראַגאַן און זיי האָבן שטיינס קרעדיט געשניטן פון

90 טעג אויף 60, שפּעטער אויף 30 און געהיטן דעם 30־טן פון חודש, ווי אַ הונט אַ ביין.

ווען דער קראַך איז געקומען, האָבן זיי דאָס האַלץ שיקן פאַרהאַלטן, ביז זיי האָבן דערהאַלטן די חודשלעכע צאָלונגען. צום סוף פאַרלאַנגט געלט אַנוווייזונגען פּאַראויס. און שטיינס צאָלער דאַקעגן, האָבן אויפגע־הערט צו צאָלן, ווי זיי וואָלטן זיך אַלע אָפּגערעדט, האָבן איבערגעשטעלט זייערע וועקסלען אויף פרישע, לאַנג טערמיניקע דאַטעס. שטיין איז געלאָפן צו זיי, געבעטן רחמים, אָבער קיינער האָט אויף אים קיין רחמנות ניט געהאַט און לסוף האָבן זיי אינגאַנצן אויפגעהערט צאָלן.

אַז די באַנק האָט פאַרלאַנגט צאָלונג פאַר די צוריקגעקומענע וועקס־לען, האָט מען פאַרמשכונט ביי איר ס׳לעצטע שטיקל צירונג. אַפילו דאָס הויז, ווו מ׳האָט געוווינט, האָט מען איר אָוועקגעגעבן פאַר נאָך אַ ביסל קרעדיט, און שפּעטער האָט אויך דאָס ביסל קרעדיט אויסגעטריקנט. ס׳איז געווען ווי דאָס גיסן וואַסער אין אַ פעסל אָן אַ דנאָ. ווען דער שטורעם איז געקומען, האָבן די גרויסע לויתנס איינגעשלונגען די קלענערע פישלעך. זיי האָבן בכיוון זיי געלאָזט האַנדלען און שווימען אין דער זאַטער צייט, כדי זיי זאָלן האָבן וועמען צו שלינגען אין דער הונגעריקער צייט.

אַז דער אַלטער שטיין האָט געקראַגן אַ האַרץ־שלאַק, ליגט מער, ווי ער גייט אַרום — דאָס האָט דער זון ניט דערציילט. אָבער מ׳האָט זיך אָנגעשטויסן, אַז ס׳איז ביי די שטיינס זייער ביטער. מ׳נעמט אַ קינד אַוועק פון לערנען און מ׳שיקט אים פירן מילך, מוז שוין זיין: „באו מים עד נפש״!

פון דעם האָט שלמה זלמן פאַרשטאַנען, אַז מ׳דאַרף זיך היטן פאַר בענק ווי פאַר פייער, מ׳טאָר זייערע שוועלן ניט אַריבערטרעטן, מ׳טאָר ביי זיי ניט נעמען קיין הלוואות, נאָר בלויז צוליב רוטין דעפּאָנירן געלט און צוריק אַרויסנעמען. נעמען ביי זיי אַ הלוואה, איז ווי ביי גאָט די נשמה, ער נעמט זי סוף כל סוף צוריק דורכן מלאך המוות.

ער האָט אויך געלערנט, אַז מ׳טאָר ניט גלויבן אויפן וואָרט, אָדער אויפן גוטן נאָמען. זיין געלט מוז ער אינוועסטירן אין זיכערע געשעפטן — אין לאַנד, אין הייזער. ער מוז שטענדיק זיין דער אוחז ביד, דאָס דאַרף זיין דער געשעפט־דעוויז, זיין געשעפט־וועג, צו וועלכן ער גרייט זיך, נאָכן עפענען די זאָקן־פאַבריק.

צום סוף וואָך, און דער לעצטער נאַכט פון מיטפאָרן ביים מילך־פירן, האָט דער יונגער שטיין אים דערלאַנגט אַ טשעק אויף באַרעס געלט, אויף אַ האַלבער סומע פון אָפּגערעדטן פּרייז, און געזאָגט:

„דער טאַטע בעט צוּוואַרטן אויף די רעשט געלט אַ חודש־צוויי. אויב איר קענט ניט, וועל איך צוריק קומען אין אַ חודש אַרום״. — ער האָט אָפּגעהאַקט אינמיטן, ווי טרערן וואָלטן אים געשטיקט.

שלמה זלמן האָט באַטראַכט דעם טשעק, ווי אַ געשעפטסמאַן, און אים אַריינגעלייגט אין קעשענע, האָט איבערגעגעבן דעם יונגן שטיין די לייצעס, און איז אַרויס פון וואָגן.

„ווען כ׳ווייס, אַז דו דאַרפסט מיך, פאָר איך מיט דיר מיט, אָבער דו קענסט אַליין דרייסט פאָרן. זאָל זיין מיט מזל".

ס׳פערד האָט פון געוווינהייט גערירט פון אָרט. ער האָט נאָכגעקוקט ווי דאָס פערד און וואָגן מיט שטיינען איילן אַוועק פון אים, און האָט פלוצים דערפילט עפּעס אַ מאָדנע ליידיקייט אַרום זיך. ער איז זיי נאָכגע־גאַנגען עטלעכע טריט, געבליבן שטיין און זיך צוגעהערט צו דער שטילקייט פון דער נאַכט.

# קאַפּיטל 12

פון יאָרן־געוווינהייט ניט צו שלאָפן און צו זיין אין דרויסן אין די נעכט, האָט ער איצט ניט געאיילט אַהיים. ער האָט עפּעס געפילט ווי ניט דער פּלאַץ און אויך ניט די צייט, איצט צו זיין אין הויז. וואָס וועט ער טאָן איצט אין אַ שלאָפנדיק הויז, ביי אַ ברוגזער ווייב? שלאָפן וועט ער איצט זיכער ניט קענען. איז ער אַרומגעגאַנגען די גאַסן פון זיין מילך־מאַרשרוט, און פונדערווייטנס געזען דעם יונגן שטיין דערפאָלגרייך אַדורכ־פירן די פונקציע פון אַ מילכמאַן. בלאָנדזשעט ניט, פאַרפעלט ניט, ווייסט ווו איין ווו אויס, רייסט ניט קיין שטיקער פון פערד, גייט נאָך ווו די פערדישע געוווינהייט פירט אים, שטעלט זיך מיטן פערדס הילף, ווי אַן אַלטער מילכמאַן.

די נאַכט איז געווען אַ קילע. דער הימל פאַרזייעט מיט שטערן. ער האָט הנאה געהאַט פון דער שטילער נאַכט־אידיליע. זיך צוגעהערט צו איר שלאָפנדיקן אָטעם. צוגעקוקט זיך צום אָפּשיין פון די גאַסן־לאָמפּן — צום אמת פון זייער זיין... האָט ער זיך געלאָזט אַ צופרידענער אַהיים.

אויפן וועג שוין האָט ער באַשטימט, אַז דאָס ערשטע וועט ער זיך נעמען אַ וואַנע אַ הייסע, אַ קאָכעדיקע — אויסצובריען, אויסצווייקן פון זיך די שטאָל, דאָס פערד. די קליידער וועט ער פאַרברענען, ווי מ׳פאַר־ברענט חמץ, פאַרברענען יעדן זכר פון זיין מילך־פירן. ער האָט זיך אָנגעגאָסן אַ פרישע וואַנע וואַסער, געשייערט און געריבן, געווייקט און געטובלט זיך אינעם הייסן וואַסער, געכשרט זיך פון חמצדיק אויף יום־טובדיק. אַז די קינדער האָבן זיך גענומען וועקן, איז ער אַרויס פון וואַנע, אָפּראַזירט זיך, געפילט זיך ווי אַ נייער מענטש.

די ערשטע האָט זיך באַוויזן די טאָכטער, באַלד איז נאָכגעקומען איר ברודער ברוך. כדי ניט אויפצוּוועקן דער מאַמען און די ייִנגערע ברידער־לעך, זענען זיי אויף די שפּיץ פינגער, ווי אַלע טעג, אַריין אין קיך באַגעגענען דעם טאַטן. אָבער דער טאַטע איז דעם פרימאָרגן געווען ניט עפּעס דער זעלבער טאַטע ווי נעכטן און אייערנעכטן, אַ נייער טאַטע איז ער דעם פרימאָרגן געווען.

„היינט זעסטו אויס ווי מיסטער סעמיועל, ניט ווי דער נעכטיקער שלמה זלמן", — האָט די פינף יאָריקע טאָכטער געזאָגט. זי האָט גענומען זיך טוליען, לאַשטשען זיך צו אים, ווי אַ קעצעלע און איר יונג ברודערל האָט איר נאָכגעטאָן, אַרומגענומען דעם פאָטערס אַ פוס, נאָכגעזאָגט דעם פאָטערס נאָמען, גערופן אים: שומע אנמען, שומע אַנמען, ניט קענענדיק אַרויסזאָגן דעם זין און דעם למד.

שלמה זלמן האָט אים אַ כאַפּ געטאָן אויפן האַנט און זיך ביי אים געבעטן: „שלמה זלמן, שלמה זלמן, זאָג מיר נאָך אָט אַזוי: שלמה זלמן, ש ל מ ה ז ל מ ן".

דער קליינער האָט נאָכגעזאָגט, אָבער ס'איז אַלץ אַרויס ווי פריער: שומע אנמען.

ער האָט די קינדער באַזעצט אויף די קני זיינע און געוואָלט זיי לערנען ריכטיק אויסרעדן זיין נאָמען. אָבער די טאָכטער האָט געפרעגט:

„פאַרוואָס ווילסטו ניט רופן זיך סעמיועל? סעמיועל איז דאָך שענער".

„ווייל דאָס איז ניט מיין נאָמען. מיין נאָמען איז שלמה זלמן, ניט סעמיועל. דיין נאָמען איז רחל, וואָלסטו זיך געוואָלט רופן מיט עפּעס אַן אַנדערן נאָמען?"

„יאָ, רוף מיך ראָזועלי, ווי די מאַמע רופט מיך, ראָזועלי איז שענער, די מיסעס סיגעל זאָגט אויך אַזוי. איר בעסעלע האָט אַמאָל געהייסן בינע, היינט הייסט זי בעס און איר מאַמע רופט זי בעסעלע, רוף דו מיך ראָזועלי".

„און איך בען", — האָט דער פיר־יאָריקער ברוכל געוויזן אויף זיך מיט די הענטלעך.

„אָבער דאָס זענען ניט אייערע ריכטיקע נעמען, אייערע נעמען זענען רחל און ברוך, איך ווייס דאָך, איך האָב אייך די נעמען געגעבן", — האָט ער געגלעט זייערע קעפּלעך און זיך געוווּנדערט, וואָס עס איז אַלץ אָנגע־גאַנגען אין זיין הויז, בעת ער האָט געפירט מילך ביינאַכט און געשלאָפן בייטאָג.

„רוף מיך ראָזועלי".

„און איך בען".

האָבן ביידע קינדער געבעטן זיך ביי אים מיט איינמאָל.

„פאַרוואָס טוסטו דאָס? פאַרוואָס מאַכסטו זיי פאַר אויס יידן? דו

וויזט זיי דעם וועג, דו וואַרפסט אַוועק זייערע נעמען און זיי וועלן אַוועק־וואַרפן דאָס גאַנצע יידישקייט!״ — האָט ער בייז אַ פרעג געטאָן דאָס ווייב, ווי זי האָט זיך נאָר באַוויזן.

„גייסט היינט ניט פירן מער קיין מילך?״ — האָט די קליינע טאָכטער געפרעגט, וווּנדערנדיק זיך, וואָס ער איילט ניט דעם פרימאָרגן צום מילך פירן, ווי אַלע טאָג פריער.

„ניין, כ׳פיר מער ניט קיין מילך, פון היינט אָן וועל איך זיין מיט אייך צוזאַמען, אַלע טאָג, שבת און יום־טוב״, — האָט ער געגלעט זייערע קעפּלעך מיט ליבשאַפט.

„אוי גוט, טאַטעשי, גוט״, — האָט די טאָכטער גענומען פּאַטשן מיט די הענטלעך, און איר יונגער ברודערל האָט איר נאָכגעטאָן.

„גוט, וועלן מיר גיין עסן פרישטיק״. — ער האָטביידן צוגעטראָגן צום טיש, באַזעצט זיי און דערלאַנגט יעדן זיין פרישטיק. נאָכן פרישטיק איז ער געגאַנגען זען וואָס אין דער זאָקן־פאַבריק טוט זיך. די קינדער זענען אַרויס אין דרויסן. דער זון איז זיך געגאַנגען שפּילן, די טאָכטער איז נאָכגעגאַנגען אַנדערע קינדער און זייערע מאַמעס אין דער ענגלישער שול אַריין — דאָרט זיך פאַרשריבן צוזאַמען מיט זיי צום נייעם שול־יאָר. ראָזעלי סאָראַד, די טאָכטער פון סעמיועל און פּאולא סאראד. אַ שכנה האָט גוט געזאָגט, אַז זי איז די סאָראַדס טאָכטער. זיי זענען שכנים, אַ טיר ביי אַ טיר. ראָזעלי איז אַנגענומען געוואָרן פאַרן נייעם יאָר.

מיטאָג־צייט איז די טאָכטער אַהיימגעקומען און געבראַכט אַ רעגי־סטראַציע־קאַרטל, וואָס האָט באַשטעטיקט, אַז: ראָזעלי סאָראַד, די טאָכ־טער פון סעמיועל און פּאולא סאָראַד, איז אַ שילערין פון ערשטן יאָר אין דער שולע, אויפן נאָמען פון קעניג עדוואַרד. אַזוי איז פון שלמה זלמן און פּעסעלע צאַראַד געוואָרן סעמיועל און פּאָולאַ סאָראַד, און פון רחל, ראָזעלי סאָראַד.

די מוטער האָט געשמייכלט, ס׳האָט איר הנאה געטאָן דער טאָכטערס איינפאַל, צו צווינגען דעם טאַטן אָנצונעמען דעם נאָמען סעמיועל, ס׳איז איר אויך געפעלן דער געטוישטער פאַמיליע־נאָמען פון צאַראַד אויף סאָראַד. „אַפילו אַ קינד פאַרשטייט, אַז אין אַן ענגלישער שול דאַרף מען זיך רופן מיט ענגלישע נעמען״, — האָט זי אַלץ געשמייכלט פון דעם קינדס געוואַגטקייט, פון דעם קינדס מוט.

אַזוי האָט מען אים געענגלישט, ווי אַמאָל געיידישט, אויך איצט אָן זיין וויסן משנה השם געוועזן פון שלמה זלמן אויף סעמיועל, פון צאַראַד אויף סאָראַד. ער האָט ניט חושד געווען, אַז דער משנה השם באַדייט משנה מזל, וואָס האָט טאַקע אָנגעהויבן אין דער זאָקן־פאַבריק. ער האָט געהאַט גענוג מוט און זעלבסט־זיכערקייט צו זאָגן, אַז ס׳איז געוועזן דערין

זיין שכל, זיין אויסרעכענונג. ווייל ס׳האָבן זיך פאַרמאַכט אַ סך זאָקן־פאַבריקן. די זאָקן־פּראָדוקציע האָט זיך כמעט ווי אָפּגעשטעלט, די זאָקפּאַסן לאָזן זיך אויס, וועט ער קומען אין דער ריכטיקער צייט, מיט נייע זאָקן, נייע פּרייזן און איינגעמען דעם זאָקן־מאַרק.

ער האָט געלערנט פון דער קריזיס־צייט, און איינגעשטעלט די אַלטע פאַבריק אויף נייע יסודות, מיט נייע אַרבעטס־מעטאָדן. בלויז די מאַשינען און דער מיסטער ראָזין זענען געווען דאָס אַלטע אין דער נייער זאָקן־פאַבריק, ווען מ׳האָט זי אויפסניי געלאָזט אין גאַנג. די קונים זענען געווען די אַלטע, וואָס האָבן זיך אויסגעגלייכט מיטן נייעם בעל־הבית, אויפן חשבון פון אַלטן... אַלץ האָט געאַרבעט לויט זיין פּלאַן און זיין אויס־רעכענונג. אין אַלץ האָט געשטעקט זיין קאָפּ.

ער האָט מיטגענומען אין זיין נייער זאָקן־פאַבריק דעם פּולטוסקער און דעם גאַרבער. אַלע די, וואָס האָבן אים אַמאָל געהאָלפן, האָט ער ניט פאַרשטויסן. אויב ווער פון זיי איז צו אים געקומען נאָך אַ טובה, איז מען ניט אַוועק מיטן ליידיקן. מיט וואָס איז ער איצט ביכולת געווען צו העלפן: — געבן אַרבעט. אַרבעט, ניט קיין פילאַנטראָפּיע, ניט קיין רחמנות — וואָס ער האָט פאַרלאַנגט אַמאָל און ניט געקראָגן. אַרבעט — גלייך מיט אַנדערע אַרבעטער, ווי מענטשן, ניט ווי די גרינהאָרנס, „אַרבעט, פּרנסה, קריגט מען אין מיין פאַבריק, גוט ברודערשאַפט אין מיין הויז". — דאָס איז געוואָרן זיין לעבנס־דעוויז.

מיסטער קונע איז ביי אים געוואָרן זיין רייזנדער אַגענט, נאָכדעם, ווי מ׳האָט אים געכאַפּט ביים פאַרקויפן צווייערליי געטראַנקען — די שמעקנדיקע קאַווע און דעם ביטערן טראָפּן, און ער איז געוואָרן אויס שר־המשקים, אויס טרינק־מייסטער. ס׳האָט געקאָסט ממון און דמים — געלט און בלוט, ער זאָל ניט דאַרפן גיין אין חד גדיא אַריין. איז ער געוואָרן זיין אַגענט אויף פּראָצענטער, פאַר ווערבירן נייע קונים. מיט די אַלטע קונים האָט ער אָפּגעמאַכט: מ׳באַצאָלט אין פאַבריק און מ׳נעמט ס׳פּעקל. און אַלץ האָט געקלאַפּט ווי אַ זייגער. אַלע זענען געווען צופרידן — דער קונה איז זיכער געווען מיט זיינע זאָקן, און ער מיט זיין געלט.

שלמה זלמנס זעלבסט־צופרידנהייט האָט זיך דערפאָלגרייך באַפּעס־טיקט. ס׳איז געקומען דער ערשטער שול־יאָר־עקזאַמען. און ער האָט געקראָגן אַן איינלאַדונג צו קומען זיך טרעפן מיט ראָזעליס לערערין. די איינלאַדונג איז געווען אַדרעסירט: צו מיסטער און מסיעס סעמיועל סאראַד.

ס׳איז געווען שבת און ער איז געווען אין הויז, ווען דער פּאָסטמאַן האָט אַריינגעשטופּט די פּאָסט דורכן טיר־לאָך. דאָס ערשטע האָט זיך אים

געשטופּט אין די אויגן די איינלאַדונג אויף זיין איבערגעשמדטן נאָמען. ס'האָט אים אַ ברי געטאָן, ווי אַ בליץ וואָלט אים געטראָפן.

טענות, געשרייען, זענען שוין איצט געווען איבעריק, דער שאָדן איז געווען אָפּגעטאָן. נאָכן קומען צו זיך פון איבעראַשונג, האָט ער דערלאַנגט דעם ווייב דאָס קאָנווערטל און געפרעגט: „איצט ביסטו שוין צופרידן? האָסט אויסגעפירט דיינס, האָסט אונדז אָפּגעשמדט. ווי האָסטו געוואָגט?!"

„אַפילו דאָס קינד פאַרשטייט מער פון דיר".

„דו, מיט מיסעס סיגעל, האָבן עס אַריינגעבראַכט אין איר קינדערשן קעפּל אַריין. מיסעס סיגעל האָט ביי דיר מער דעה ווי איך, פאַרוואָס אַזוי?"

„ס'איז ניט די מיסעס סיגעל, ס'איז דאָס לאַנד. אין אַן ענגליש לאַנד קען מען זיך ניט אַרומטראָגן מיט פּוילישע, אַלט־פרענקישע נעמען, אַפילו אַ קינד פאַרשטייט דאָס, נאָר ניט דו".

„כ'פאַרשטיי דאָס לאַנד, כ'פאַרשטיי די מיסעס סיגעל, אָבער דיך פאַרשטיי איך ניט מער, וואָס איז פון דיר געוואָרן? ווי האָסטו געוואָגט אָפּצוטאָן אַזאַ זאַך הינטער מיינע פּלייצעס, אָן מיין וויסן?!"

דאָס ווייב האָט זיך דערמאָנט, אַז זי האָט ביי זיך אָפּגעמאַכט, ניט אַרויסצוּוואַרפן קיין איבעריקע רייד, ער וויל זי סיווי ניט פאַרשטיין. האָט זי פאַרשוויגן און איז צוריקגעגאַנגען טאָן עפּעס ביי איר ווירטשאַפט.

אַלס פּראָטעסט קעגן דעם אויפגעצוווּנגענעם שמד־נאָמען איז ער ניט געגאַנגען צו דער באַגעגעניש מיט דער טאָכטערס לערערין. ס'איז אָבער שוין געווען רעגיסטרירט אָפּיציעל, סעמיועל סאַראַד, און גיי ווייז אַרויס עפּנטלעך קעגנערשאַפט צום פאַרענגלישטן נאָמען אין לאַנד, וואָס האָט פאַר אים געעפנט אירע טירן, ווען זיין אייגן לאַנד האָט אים פאַרטריבן. אין פאַבריק, אַז ס'האָט אים ווער גערופן סעם, האָט ער יענעם אויסגעגלייכט און געהייסן זיך רופן סעמיועל.

איצט האָט ער זיך פאַרטראַכט, אַז איידער דעם פּראָסטן האַרטן סעם, איז שוין שענער דער ווייך־קלינגענדיקער סעמיועל. ווי אַזוי ער איז געקומען צו זיין סעמיועל, האָט ער קיינעם ניט דערציילט, אַזוי איז ער געבליבן סעמיועל סאַראַד. אַז די מעשה האָט אים טאַקע אָפּגעטאָן זיין אייגן קינד, האָט ער ניט געגלויבט. ס'איז ניט מעגלעך, אַז זי איז אַליין אַוועק זיך פאַרשרייבן אין שול. זיכער האָט דאָס ווייב זי דערמוטיקט דערצו. ס'פאַלט טאַקע די שולד אויף איר. אָבער די קלוגשאַפט פון קינד איז אויך אים געפעלן.



די זאַקן־פאַבריק איז געוואָרן זיין ערשטע היים, זיין מקום־מקלט. דאָרט האָט ער איצט געטאָגט און האַלב גענעכטיקט, די פאַבריק איז

געוואָרן זיין לעבן. אין פאַרלויף פון אַ קורצער צייט איז ער געוואָרן דער לעבעדיקער מאָטאָר, וואָס האָט געטריבן און אָנגעפירט מיט אַלץ אין דער פאַבריק. מיט זיין פאַרשאַרפטן אינסטינקט האָט ער פאַרגעפילט יעדע געפאַר און פעלער, מיט שכל און געשיקטקייט דאָס אויסגעמיטן. ער האָט גוט באַרעכנט און אויסקאַלקולירט, אַז די צייט איז רייף פאַר זיין איניציאַטיוו. זי וועט אים אויפנעמען זיינע פּלענער פון אַ פאַרגרעסערטער און ביליקער זאָקן־פּראָדוקציע. און ווען די פאַבריק האָט גענומען פּראָ־דוצירן, איז ער געווען דער ערשטער אין קריזיס־מאַרק, מיט זיינע נייע, ביליקע זאָקן־מוסטערן, אין אויסגעהונגערטן סטאַגנירטן זאָקן־מאַרק.

די אַלטע זאָקן־פאַבריקאַנטן זענען נאָך ניט געהאַט געקומען צו זיך פון דעם קריזיס־קלאַפּ, און ניט געוואָגט איינצושטעלן און צוריק עפענען זייערע פאַבריקן. זייער גלויבן אין זיך און אין יענעם איז געווען צעטרייסלט. ער דאַקעגן האָט ניט געהאַט וואָס צו פאַרלירן, אויב ער וועט איינשטעלן, קאָן ער נאָר געווינען, האָט ער איינגעשטעלט און מצליח געווען.

די פאַבריק האָט געאַרבעט טאָג און נאַכט, אין דריי שיכטן, ווי ס'וואָלט גאָר קיין קריזיס ניט געווען. די איינציקע קריזיס־סימנים זענען געווען די לוינען, וואָס ער האָט געצאָלט די אַרבעטער, און די פּרייזן, וואָס ער האָט געקראָגן פאַר זיינע זאָקן. אָבער וואָס ער האָט פאַרלוירן אין דער פּראָדוקציע־קוואַליטעט און אין די פּרייזן, האָט ער אָפּגעווונען אין די גרויסע קוואַנטומס פון פאַבריקאַציע. אַז דער פּלאַץ איז געוואָרן אים קליין, רויער באַנוול האָט גענומען אויספעלן, האָט ער אָנגעהויבן טראַכטן פון אויפהערן קויפן ביי דער גאַנז האָבער, נאָר אַליין קויפן רויע וואָל און באַנוול, אַליין וואַשן און פאַרבן, אַליין ווערן דער צושטע־לער פון באַנוול פאַר זיך און פאַר אַנדערע.



פּלוצים איז געקומען די ידיעה וועגן טויט פון שטיינען, פון אַ באַ־קאַנטן מענטש. ניט קיין גינציקער מענטש, אָבער אַ נאָענטער באַקאַנטער, וואָס האָט אים אַ טובה געטאָן. געפאַלן אַ קרבן פון קריזיס, פון מענטש־לעכער גרויזאַמער גלייכגילטיקייט צום צווייטנס גורל. דער טויט האָט צערודערט זיין געמיט.

די מעלדונג אין דער צייטונג וועגן שטיינס טויט איז געווען אַ סך קלענער, ווי די אַמאָליקע האַנדלס־רעקלאַמעס זיינע אין דער זעלבער צייטונג. פאַררוקט אין דער אינעווייניקסטער זייט, פאַרשטופּט צווישן אַנדערע טויטע, איז געווען געמאָלדן די צייט פון דער לוויה און דאָס אָרט, ווו דאָס ערדישע פון אים, וועט זיך צוריק אומקערן צו זיין ערד.

אַ לוויה האָט שטיין דווקא געהאַט אַ גרויסע. אַלע, וואָס האָבן אים אָנגעזעצט ביים לעבן, זענען געוואָרן גוטע אַפּצאָלער נאָך זיין טויט, און האָבן באַצאָלט דעם חוב מיט מלווה זיין אים צו דער אייביקער רו. געגראָבן זיין קבר האָבן זיי נאָך ביי זיין לעבן. אויך די אַמאָליקע אַרבעטער זיינע, וואָס האָבן אים ניט פאַרגינען דעם ביסן אין מויל, זענען אויך געקומען. אַ לוויה האָט שטיין געהאַט אַ שיינע.

אַלטע אָפּגעשטאָנענע באַקאַנטשאַפטן זענען ביי דער לוויה צוריק אויפגעלעבט געוואָרן, אַלטע דערפאַרונגען דערמאָנט געוואָרן, דאָס אילו־זאָרישע לעבן מיטן רעאַלן פאַרגליכן. אַ ייד מיט אַ סאַמעטענעם קאַפּעליוש האָט געקרעכצט: „מה אנו, מה חיינו? האָט געמיינט, אַז ער נעמט איין די וועלט מיט זיין איינרייסן, די וועלט נעמט ער איין".

„איי, האָט ער געריסן! האָט ער געריסן!" — האָט אַ צווייטער כבוד־אָפּגעבער אים געשטראָפט, נאָכגעזאָגט אים לגנאי אַן שום באַדויער, וואָס דער איינרייסער איז שוין טויט.

דער איינציקער, וואָס האָט געזאָגט אַ גוט וואָרט, איז געווען דער רב. אָבער קיינער האָט אים ערנסט ניט גענומען. אַלע האָבן זיינע רייד אָנגענומען פאַר אחרי־מות קדושים אמור — רייד, וואָס אַ רב קען און דאַרף זאָגן. דעם רב זיין רבנות האָט ער ניט אויסקאָנקורירט, מעג ער אים נאָכזאָגן, אַז ער איז געווען אַ ווילער מענטש. זיי, די פאַבריקאַנטן פון געשעפטס־מעבל ווייסן בעסער. די אַרבעטער פון זיין פאַבריק ווייסן אויך, דער משולח ווייסט, וואָס פאַר אַ בעל־צדקה ער איז געווען ביים לעבן.

אַז דער רב האָט גענומען וואַרפן זשמעניעס ערד אין קבר, אויפן ארון, ס׳זאָל זיך מתחבר זיין ערד מיט ערד, האָבן אַלע געהאַלטן פאַר זייער חוב און מצווה אים נאָכצוטאָן און געוואָרפן לאָפּאַטעס ערד. דאָס ווייב אַליין האָט פאַרגאָסן אמתע טרערן ביים אָפענעם קבר פון איר מאַן, די זין האָבן אָפּגעזאָגט זייער קדיש, און דער עולם איז זיך צעגאַנגען, בכדי צו גראָבן ווידער איינער אונטער דעם אַנדערן.

סעמיועל סאָראַד איז אַראָפּ פון בית־עולם מיט אַ געוויסער פאַר־ביסנקייט — ניין! די גייציק־עגאָיסטישע האַנדלס־וועלט וועט אים ניט צעברעכן. גאָר אַן אַנדער געדאַנקען־גאַנג האָט אים באַהערשט. ווי ער וואָלט געוואָלט נקמה נעמען אַן זיין סעמיועלן, האָט ער איצט געטאָן זאַכן, וואָס שלמה זלמן וואָלט זיי קיינמאָל ניט געטאָן. ער האָט דעם נייעם נאָמען זיינעם באַהאַנדלט מיט גרינגשעצונג, מיט שנאה אין הארצן, ווי ער וואָלט אַ ממזר־נאָמען געווען. זיין אייגענער נאָמען, אָבער דאָך נישט אייגן. שלמה זלמן איז ביי אים געוואָרן געשעצט און געאַכטעט, אַ נאָמען פאַר זיך און פאַר זיין נשמה, און סעמיועל — אַ וואָכעדיקער

„צונאָמען״ פאַר געשעפטס־ און פּרנסה־געראַנגל. מיט דעם נאָמען האָט ער איצט אָפּגעטאָן כל דבר אסור.

אַלדאָס גוטס, דאָס גאַנצע גוטע מזל אין דער זאָקן־פאַבריק האָט ער צוגעשריבן שלמה זלמנען. אָבער דאָס אויסנוצן דאָס גוטע מזל דורך געשעפטס־מאַכינאַציעס און געשעפטס־דריידלעך, דאָס האָט אָפּגעטאָן סעמיועל — אַ תהום איז געווען צווישן סעמיועל און שלמה זלמנען. סעמיועל איז געוואָרן דער שטן־מקטרג, דער שד פון זיינע געשעפטלעכע קאָמבינאַציעס, און שלמה זלמן — דער שיינער גייסט, דאָס געוויסן אַליין. וואָס סעמיועל האָט שלעכט געטאָן, האָט שלמה זלמן גוט געמאַכט.

שלמה זלמן האָט ליב געהאַט צו טאָן אַ מענטשן אַ טובה, געווען בטבע אַ נוח לבריות, סעמיועל אָבער האָט שטרענג געהיט די איינגע־שטעלטע פאַבריק־רעגולאַציעס, די אַליין־געמאַכטע געזעצן. מענטשן און מאַשינען האָבן געדאַרפט אַרבעטן צען שעה אַ טאָג. דאָס ליידיק־גיין און ליידיק־שטיין, פון מענטשן און מאַשין, בעת דער אַרבעט איז געווען אַ גרויסע עבירה.

אַרבעטער, וואָס האָבן ניט געהיט די אַרבעטס־תקנות, אָדער זיי ניט געקאָנט נאָכקומען, האָט זיי סעמיועל געשיקט זוכן גרינגערע פּרנסות. די מאָס פון אַרבעט האָט ער אויף זיך אַליין אָנגעמאָסטן. ער האָט זיך געשטעלט צו דער מאַשין, בכדי צו זען, וויפל אַ מענטש קען אויסאַרבעטן אין פאַרלויף פון אַ טאָג, און אַזוי פיל האָט ער פאַרלאַנגט פון זיינע אַרבעטער — אַז ער קען, דאַרפן אויך אַנדערע קענען. ווער עס האָט דאָס ניט באַוויזן, האָט פאַר אים ניט געטויגט.

פון זיינע אַרבעטער און קונים האָט ער פאַרלאַנגט ערלעכקייט און פּינקטלעכקייט — דאָס זעלבע, וואָס ער האָט זיי געגעבן. האַלטן וואָרט און זיין פּינקטלעך אין צייט, מיטן קומען צו דער אַרבעט, ביים אָפּנעמען סחורה און מאַכן צאָלונגען, איז געווען זיין אני מאמין. האָט אַן אַרבעטער פאַרשפּעטיקט מיט געציילטע מינוטן, האָט ער ביי אַראָפּגענומען 15 מינוט, פאַר אַ האַלבע שעה — אַ שעה. האָט אַ קונה ניט אָפּגענומען זיין סחורה אין דער צייט, אָדער ניט געצאָלט אין דער צייט, האָט ער מיט אים איבערגעריסן זיינע געשעפטס־באַציאונגען.

דאָס איז געווען זיין ערשטער באַדינג, וואָס ער האָט זיך אויסגענומען מיט די קונים און אַרבעטער. „איך האַנדל בלויז מיט וואָרטסלייט און פּינקטלעכע מענטשן. מיין פאַבריק איז ניט קיין אסכּניה, אָדער הקדש״. דאָס איז געווען זיין ברוך־הבא פאַר יעדן אַרבעטער און קונה.

ער האָט זיין זאָקן־פאַבריק געפירט ביד חזקה, אין שטרענגער דיסציפּלין. אין דער צייט פון שווערן עקאָנאָמישן קריזיס, האָט דאָס דווקא

אויסגענומען ביי זיינע אַרבעטער און קונים. עס האָט זיי געגעבן די זיכערקייט, אַז די פאַבריק האָט אַ שטרענגגן היטער, אין אַלע הינזיכטן.

זיין אייגענער פאַבריקס־רעגולאַמין און זיינע האַנדלס־מעטאָדן האָבן אים אַריינגעפּירט אין אַלע פאַזן פון זאָקן־פּראָדוקציע און פאַרקויף־סיסטעמען, וואָס ער האָט ביסלעכווייז אַרויסגענומען פון מיסטער ראָזינס הענט. זיין לעבן האָט ער געלעבט אין פאַבריק, אין זיין הויז האָט ער בלויז געשלאָפן.

אַפילו מיט זיינע „סאַבאָטניקעס״, זיינע שומרי־שבתניקעס, וואָס האָבן אָפּגעאַרבעט נאָך הבדלה פאַרן פרייטיקדיקן האַלבן טאָג, האָט ער אַליין אָנגעפירט. ווייל מיסטער ראָזין האָט זיך מיט זיי ניט געוואָלט פאַרנעמען, ער האָט געשריגן, אַז מ׳דאַרף די „סאַבאָטניקעס״ הייסן גיין, זיי דעז־אָרגאַניזירן, צעדרייען יעדן פרייטיק דעם נאָרמאַלן גאַנג פון דער פאַבריק. פרייטיק נאָך מיטאָג נעמען זיי קוקן צום זייגער און צום גאַרבער, זייער רב׳ל, וועמען מ׳האָט געמאַכט פאַר דעם וואָשער און פאַרבער פון דער וואָל, צוליב די פרייטיקס און שבתים וואָס ער היט אָפּ. צו אים קוקן זיי, און ווי נאָר ער הויבט זיך אויף פון די קעסלען, פאַרלאָזן זיי די מאַשינען, נעמען זייערע וועש־פּעקלעך, וואָס זיי ברענגען פרייטיק מיט זיך, און גייען אין „העריסעס״ שוויץ־באָד, אויסצושוויצן זיך לכבוד שבת. בלייבן די מאַשינען ליידיק יעדן האַלבן פרייטיק.

סעמיועל סאַראָד און מיסטער ראָזין זענען ווי די צוויי שותפים פון גיהנום: דער טייוול און דער יצר הרע, צוויי קעגן איין שלמה זלמן. וועט שלמה זלמן גובר זיין סעמיועלן, וועט מיסטער ראָזין מוזן אָפּטרעטן פון דער זאָקן־פאַבריק. ער גראָבט קעגן די שומרי־שבת, אָבער מיינען מיינט ער אים, דעם בר־מזל, וואָס האָט אַזוי מצליח געווען אין זיין געוועזענער פאַבריק. מען וועט זיי אַלע דאַרפן אַרויסנעמען פון דער זאָקן־פאַבריק, דעם נוגש מיט די שומרי־שבת.

אָבער ניט ווי מיסטער ראָזין הייסט עס טאָן. ווי קען ער אָוועקשיקן דעם פּולטוסקער? דעם גאַרבער? זייערע משפחות? און וואָס זאָל ער טאָן מיט ר׳ יחיאלן, דעם אַלטוואַרג־פּעדלער, וואָס האָט פאַר אים אַזוי פיל געטאָן אין צייט פון זיין נויט? יענער קען מער ניט שפּרינגען פון וואָגן, ער איז ניט אימשטאַנד צו הויבן שווערע זאַכן. ווי קען ער אים אָוועקשיקן? ווער זאָל אים העלפן אין זיין נויט, אויב ניט ער?

שלמה זלמן האָט געזוכט אַן עצה און זי געפונען. אָט די זעלבע עצה האָט אַמאָל טאַקע ר׳ יחיאל אַליין אים געגעבן, ווען אים איז געווען ביטער, אָן פּרנסה האָט ער אים פאַרגעשלאָגן ער זאָל ווערן אַ שמאַטעשאַזש, אויפ־קויפער פון אַלטע שמאַטעס, וואָס די פּעדלער קלייבן אויף, און עס פונאַנדערטיילן אויף וואָל און ביינוול, דאָן וואַשן די ביינוולנע שמאַטעס

און זיי פאַרקויפן פאַר ריינע שטשערקעס, און די וואָל פאַרקויפן צום איבעראַרבעטן.

ר׳ יחיאל האָט דאַן אַפילו פאָרגעשלאָגן זיך צו זיין זיין רבי און אים ווייזן איינצושטעלן די שמאַטע־פאַבריק. ווען ער וואָלט ניט געווען קיין שומר־שבת, וואָלט ער זיך אַליין איינגעשטעלט אַזאַ שמאַטע־פאַבריק, און ער, שלמה זלמן, וואָלט אפשר היינט ביי אים געאַרבעט, אָבער מיט שמאַטעס מוז מען אַפילו האַנדלען אום שבת.

איצט איז געקומען די צייט איינצושטעלן די שמאַטע־פאַבריק פאַר ר׳ יחיאלן, אַהין נעמען די שומרי־שבת. מאַכן ר׳ יחיאלן פאַרן אַנפירער און דעם גאַרבער פאַר דעם פאַראַנטוואָרטלעכן איבערן וואַשן פון די שמאַ־טעס און די וואָל. אַריבערפירן אַהין די קעסלען — דאָס גאַנצע וואַשן און פאַרבן. אַרויסנעמען זיי פון אונטער ראָזינס השגחה, און זיי וועלן אויפהערן זיין די שוואַרצע קאַץ, וואָס לויפט צווישן זיי אַדורך יעדן פרייטיק. געזאָגט און געטאָן.

שלמה זלמן האָט ליב געהאַט טאָן אַ טובה שטילערהייט, מתן צדקה בסתר, ניט וואַרפן זיך אין די אויגן מיט די זאַכן, און סעמיועל האָט ליב געהאַט באַרגן געלט אויף הייזער, אויף ערשטע היפּאָטעקן, און די היפּאָ־טעקן אָפּגעשריבן, צוליב סענטימענט און ליבשאַפט, אויף ראָזעליס נאָמען, — דאָס ערשטע קינד זיינס. אַז ווער פון די הייזער־אייגנטימער האָבן געהאַט צאָלונגס־שוועריקייטן, איז דאָס הויז צוגעפאַלן ראָזעלין. אַזאַ הויז האָט ער איצט אָפּגעדונגען ביי זיין ראָזעלין פאַר דירה־געלט, פאַר דער שמאַטע־פאַבריק.

ר׳ יחיאלן האָט ער אַהין געשיקט דעם ערשטן, אים מיטגעגעבן דעם גאַרבערס אַ קרוב, ער זאָל אים העלפן איינאָרדענען די פאַבריק, און אויף זייער אָרט, ביים שפּאַלן די וואָל, האָט מען אָוועקגעזעצט מיידלעך, פאַר אַ סך קלענערן געהאַלט. ר׳ יחיאל האָט געאַרבעט ווי ביי אַ דבר של מצווה, ווי ער וואָלט געבויט אַ יאָר־סוכה פאַר יידן.

די ערשטע זאַך נאָכן אָפּריניקן דאָס הויז, האָט ער אָנגעקלאַפּט מזוזות אויף אַלע טירן. יעדע שטוב איז צוגעגרייט געוואָרן פאַר אַ באַזונ־דערן אָפּצווייג פון דער שמאַטע־פאַבריק. אין אונטערשטן טייל פון הויז האָט ער איינגעשטעלט דאָס איבערקלייבן, וואַשן, פאַרבן און טריקענען די שמאַטעס און וואָל. פון פראָנט דאָס סאָרטירן און פּאַקן. אויפן שטאָק, אַ שטוב פאַרן בוכהאַלטער, און אַ שטוב פאַר אַ מנין. דער קעלער האָט געהאַט אַ וויכטיקע פונקציע. דאָרט וועט מען דורכן פענצטער אַריינוואַרפן די שמאַטעס, מאַגאַזינירן זיי פאַרן רייניקן.

אין קעלער האָט ר׳ יחיאל געמאַכט פּלאַץ פאַר דער פאַבריקס צוקונפט, פאַר איר אויסוואַקסן. ער האָט דאָרט אַריינגעשטעלט צוויי ווענט, געמאַכט

דריי באַזונדערע שטובן. אויף ביינוול, אויף וואַל, און אין דריטן אַרייג־געשטעלט די אויוונס, וואָס הייצן די קעסלען.

אַז אַלץ איז פאַרטיק געוואָרן, האָט שלמה זלמן־סעמיועל מסכים געווען, אַז מען דאַרף מחדש זיין די נייע פאַבריק מיט דאַווגען מנחה אין איר. נאָך דער אַרבעט זענען זיך אַלע שומרי־שבת צונויפגעקומען אין דער נייער פאַבריק, מ׳האָט געדאַוונט מנחה ומעריב, געטרונקען לחיים, פון ר׳ יחיאלס משקה, ער האָט זיך געפילט ווי דער ערשטער מחותן.

אויף דער נייער וואָך, זענען אין דער שמאַטע־פאַבריק אַוועק אַלע סאַבאַטניקעס. מיסטער ראַזין האָט נאָכגעשיקט שלמה זלמנס טובה־אַרבע־טער. ער האָט נאָך באַטראַכט די זאַקן־פאַבריק, אַפילו נאָך שלמה זלמנס איבערנעמען, ווי אַ שטיק אייגנטום, און געפירט זיך דאָרט ווי אַ שותף. און די ווען ער איז די יאָרן דערגאַנגען, זענען צופרידענע אַוועק אין דער שמאַטשאַרניע, דער פּולטוסקער, דאַקעגן, האָט ניט געוואָלט אַריינגיין אין מושב־זקנים, איז ער אַוועק פון דער זאַקן־פאַבריק און פון סעמיועל סאַראַדן.

דאָס ניט קענען אַרומגיין לײדיק, דער ווילן שטענדיק צו זיין פאַרנומען, איז געווען נאַטירלעך ביי שלמה זלמנען, פון דורות איבער־געפלאַנצטע אייגנשאַפטן, נאָך פון טאַטן, פון זיידן — די דאַרפס־גייער. דערפאַר איז אים ניט שווער געווען אַפּצואַרבעטן אַ טאָג אין פאַבריק, צווישן די אַרבעטער און קונים, און ביינאַכט ערשט בלייבן דאָרט איינצו־אָרדענען דעם מאָרגנדיקן טאָג־אַרבעט, דאָס אַפּשיקן די פאַרקויפטע סחורה, אַזוי אַפּזיצן אין פאַבריק ביז האַלבער נאַכט.

ווי אַ שיכור האָט ער אַריינגעזופּט די אַרבעטס־שעהן און קיינמאָל ניט געוואָרן שיכור־מיד. אין די אָוונטן פלעגן קומען די זאַקן־פעדלער נעמען סחורה, אַפּצאָלן אַ חוב, אויסגלייכן חשבונות, וואָס ער האָט מיט זיי געפירט פון וועסטל־קעשענע.

מיסטער ראַזין האָט געטראָגן אַן אַלטן כעס אויף די פעדלער, וואָס פירן זיך אין פאַבריק, ווי אין קענסינגטאָן מאַרק, קלויבן זאַקן ווי ווערעמדיקע אַרבעס, בראָקירן אויס קאָלירן, מאָסן, לויטן אייגענעם געשמאַק, לויטן נעכטיקן פאַרקויף, לויט דער געבליבענער סחורה, לויפן צו מיסטער סאַראַד אויסוויינען פרייזן און קרעדיטן. ראַזין אַז זיי דערגאַנגען די יאָרן, אויפן שוועל פון דער פאַבריק ניט אַריבערגעלאָזט, געוואָלט פון זיי פּטור ווערן, ווי ער האָט געפּטרט די סאַבאַטניקעס. אָבער ווו זיי צו שיקן האָט ער ניט געהאַט, געטריבן זיי בייטאָג, זענען זיי געקומען ביינאַכט.

איז ער געלאָפן מיט קלאַגעס צו סעמיועלן, אַז זיי מאַכן אַן אַ חורבן אין די אויסגעסאָרטירטע קעסטלעך סחורה, „די שלעפּער מאַכן אַן אַ כאַאָס אין דער פאַבריק, זיי מוזן גיין פונדאַנען!"

„שוין ווידער גיין", — האָט סעמיועל סאַראַד געטראַכט. דאָס וואָרט איז אים שוין נמאס געוואָרן. — „וווהין זאָלן זיי גיין? אויב איר ווילט זיי ניט, גיט אַן אַנדער אָרט און כ'וועל זיי שיקן אַהין".

„דאָס איז ניט אונדזער זאַך!"

„ניט אייער זאַך, מיינט איר. נו, טראַכט טאַקע וועגן דעם און איר וועט איינזען, אַז דאָס איז באמת ניט אייער זאַך", — האָט סעמיועל סאַראַד געגעבן אים אַנצוהערן, אַז ס'איז שוין ניט זיין זאַקן־פאַבריק, אַז ס'איז דאָ נאָך ווער, וואָס זאָרגט זיך וועגן דער פאַבריק, און אויב ס'וועט זיין כאַאָס, וועט ער אים אַליין באַזייטיקן, און אויך די וואָס זענען גורם צום כאַאָס.

צוליב דער טיכטיקייט פון נייעם באַלעבאָס, אין אַלע פאַזן פון דער זאָקן־פּראָדוקציע, איז מיסטער ראָזינס חשיבות אין דער פאַבריק אַראָפּ ביז אַ מינימום און ער האָט זיך געקענט באַגיין אָן אים. בלויז צוליב מענטשלעך געפיל האָט ער אים נאָך טאָלערירט, אויסגעשטאַנען זיינע קאַפּריזן. מיסטער ראָזין האָט אָנגעהויבן ווערן אַ שטער. איצט האָט ער זיך אָוועקגעשטעלט און געפאָדערט: אָדער ער באַזייטיקט די שלעפּער־פּעדלער פון פאַבריק, אָדער ער זאָל אים אָוועקשטעלן אַרבעטן ביי אַ מאַשין.

„איך צווינג קיינעם ניט צו אַרבעטן ביי מיר, אָבער יעדער אין דער פאַבריק דאַרף אַרבעטן דאָרט, ווו ער איז מער נוצלעך. כ'מיין, אַז צו אַ מאַשין וועט איר ניט טויגן. אָבער איר קענט טאָן ווי אייך געפעלט. אויב אייך איז ניט מער ניחא די אַרבעט דאָ, וועל איך אייך ניט צווינגען. אויך דער מאַשין וועט איר דאַרפן באַקומען אירע קאַפּריזן. אויב די מאַשין איז אייך מער ליב, ווי די מענטשן, מהיכא תיתי, גייט צו דער מאַשין".

מיסטער ראָזין איז געבליבן אָן לשון. נאָך גוט, וואָס סעמיועל סאַראַד איז מיט זיינע אויגן געווען פאַרטאָן אין עפּעס און ניט געזען זיין פאַרלעגנהייט, ווי דאָס פּנים פלאַמט אים, און ניט אויפגעכאַפּט זיין געמורמל פאַרן אָוועקגיין. באַשלאָסן האָט ער, אַז איידער ער טרעט אָפּ פון דער פאַבריק, וועט ער פריער פאַרטרייבן די פּעדלער־שנאָרער. ער האָט זיי פיינט געהאַט ווען ער האָט געדאַרפט אויסשטיין זייער קאָנ־קורענץ ביי די טירן פון די קונים, און צוליב זייערע חניפה־רייד ביי די פאַבריקאַנטן און סוחרים.

שפּעטער, אַז ער האָט געעפנט די פאַבריק, האָט ער זיי פאַרטריבן פון זיך, ווי זלידנע פליגן און ער וועט זיי אויך איצט פאַרטרייבן, איידער ער גייט אַוועק פונדאַנען. האָט ער פאַרהאַקט די טיר הינטער זיך, פאַר דער נאָז פון איינעם אַ פּעדלער. יענער האָט געקלאַפּט אין טיר, אָבער די מאַשינען האָבן פאַרטויבט די קלעפּ. דער פּעדלער איז אַוועק אַ מידער,

אָבער באַשלאָסן צוריק קומען מיטאָג־צייט, ווען די מאַשינען רוען, און דער רשע איז ניט דאָ.

דעם פּעדלערס מיד־ווערן און אָוועקגיין האָט מיסטער ראַזינען געגעבן דעם געדאַנק אַזוי אַרום זיי צו פאַרטרייבן פון דער פאַבריק. ער וועט פאַרשפּאָרן יעדן פרימאָרגן פאַר זיי די טיר, זיי מיד מאַכן קלאַפּנדיק, און זיי וועלן זיך אויסזוכן אַ צווייטע שנאָרער־פאַבריק. איין פאַרדינסטל, וואָס זיי וועלן היזק האָבן וועט זיי צווינגען צו זוכן אַן אַנדער פאַבריק — אַזוי וועט ער פון זיי פּטור ווערן.

פון דאַן אָן איז די טיר געווען פאַרשפּאַרט. סעמיועל סאַראַד האָט זיך געוווּנדערט, וואָס די פּעדלער האָבן אָנגעהויבן קומען מיטאָג־צייט. פּונקט ווען מ׳זעצט זיך עסן, קומען זיי נאָך זאַקן.

אַז זיי זענען געקומען מיטאָג־צייט, האָט מיסטער ראַזין זיי געטריבן מיטן תּירוץ, אַז ס׳איז מיטאָג־צייט, און געהייסן קומען מאָרגן, שפּעטער. „לאָזט עסן רואיק!״ — איז ער זיי אַנטקעגן געלאָפן, ווי נאָר ער האָט זיי דערזען, ניט צולאָזנדיק זיי נאָענט צו סעמיועלן, וועלכער איז געזעסן צווישן די אַרבעטער און געגעסן זיין מאָלצייט...

„מאָרגן וועט די טיר זיין פאַרשפּאַרט, ווי נעכטן און אייער נעכטן!״ — האָט געזאָגט אַ פּעדלער.

„שוין אַ וואָך צייט, אַז איך געפין די טיר פאַרמאַכט, ווען מ׳קומט לעצטנס, איז זי פאַרהאַקט״, — האָט באַשטעטיקט אַ צווייטער.

„ווער פאַרמאַכט די טיר פאַר די מענטשן?״ — האָט סעמיועל סאַראַד געפרעגט, אַ בייזער, די אַרומזיצנדיקע אַרבעטער.

„מיסטער ראַזין פאַרמאַכט די טיר יעדן פרימאָרגן. ער האָט אפילו מיר אָנגעזאָגט, כ׳זאָל האַלטן די טיר פאַרמאַכט״, — האָט געענטפערט דער מאַשינער, וואָס שטייט נאָענט צו דער טיר.

ווען מיסטער ראַזין איז דאָס מאָל צוריקגעקומען פון מיטאָג־עסן האָט אים סעמיועל סאַראַד אָפּגעוואַרט און מיטגעגאַנגען מיט אים צו דער עקספּעדיציע־שטוב, וווּ ס׳איז געווען היינטער אַ הילצערן ווענטל זיין שטיקל ביוראָ.

„כ׳האָב געמיינט, אַז מיר האָבן די פּעדלער־פראַגע שוין געהאַט דערליידיקט״, — האָט סעמיועל געזאָגט פון יענער זייט ביוראָ־ווענטל. — כ׳ווייס ניט פאַרוואָס איר טראָגט אַ בייז האַרץ אויף זיי? דאָס קלענסטע און דאָס גרעסטע באַשעפעניש דאַרף אָנקומען צו עמיצנס הילף. אייך האָט קיינער ניט געהאָלפן? איצט קענט איר זיך באַגיין אָן מיר און איך אָן אייך. אָבער זיי דאַרפן הילף, און איך וועל זיי די הילף געבן, וואָס אַרט דאָס אייך?!״

„זיי זענען ווי בעטלער־שווינדלער אויף די גאַסן, וואָס מאַכן

אַ נעבעכדיק פּנים, אָבער זיי אַליין שינדן די הויט פון זייערע אָרעמע קונים, אָן אַ טראָפּן רחמנות. איר באַגעגנט מיט רחמנות האַרצלאָזע שנאָ־רערס, כ׳האָב פּיינט אויסנוצערס פון אַ גוט האַרץ. כ׳קען ניט צוזען, ווי זיי באַשווינדלען אייך, נוצן אייך אויס בלויז פאַר זייערע צוועקן״.

„און מיר? איך, איר און אַלע אַנדערע, וואָס בעטן ניט, נאָר נעמען ב׳גראַנדע, מיר זענען בעסער? פאַר וועמענס נוצן און צוועק נעמען מיר וואָס אַנדערע האָבן פאַר אונדז אָנגעגרייט? פאַר וועמענס נוצן האָבן מיר גענומען ביי די עלטערן, ביי די לערער, פון דער געזעלשאַפט, איר האָט גענומען ביי וועמען און איך האָב איבערגענומען פון אייך. נאָר איין משה, וואָס האָט אויך ניט געהאַט קיין אייגנס, האָט גענומען ביי גאָט״. — ער האָט זיך צוגערוקט נענטער. — „ניטאָ קיין באַשעפעניש, מענטש אָדער חיה, וואָס נויטיקט זיך ניט אַמאָל אין דער הילף פון אַ צווייט באַשעפעניש. אויב איר קענט זיך באַגיין אָן מיין הילף דאָ, זענט איר פריי פון איר אַפילו שוין איצט. כ׳האָב פּיינט בלויז נעמער!״ — איז ער אַוועק אין געאייל פון היינטערן ווענטל.

שפּעטער אַ ביסל האָט ער געזען, ווי מיסטער ראָזין פאַרלאָזט די פאַבריק מיט שנעלע טריט. צומאָרגנס איז די טיר פון פאַבריק געווען אָפן ווי אַלע מאָל. די פעדלער זענען געקומען פרי, אויסגעקליבן זיך די נויטיקע סחורה, געצאָלט וויפל זיי האָבן געקאָנט, און די רעשט איז געבליבן פאַרנאָטירט אין סעמיועל סאראדס קעשענע.

מיט ר׳ יחיאלן האָט ער מיטגעשיקט מיסטער ראָזינס געהאַלט פאַר אַ גאַנצער וואָך, און געבעטן אים, ער זאָל מיסטער ראָזינען מפּייס זיין אין זיין נאָמען.

„כ׳האָב אים געזאָגט אַ פּאָר האַרבע ווערטער״, — האָט ער זיך מתנצל געווען פאַר ר׳ יחיאלן. — „איר וועט מיר מוחל זיין פאַרן מטריח זיין אייך. עס דאַרף זיין איר, איר פאַרשטייט?...״

## קאַפּיטל 12

סעמיועל סאַראַד און שלמה זלמן האָבן זיך איצט געפילט ווי פיש אין זייער אייגענע „סאַדזעוועקע״ און געשוווּמען אין איר ווי זייער האַרץ גלוסט. ביידע האָבן זיך איצט געקאָנט, אָן דעם ווידערקול פון דער פאַבריקס פאַרגאַנגענהייט.... צענעמען די הענט אין דער זאָקן־פאַבריק. ביידע האָבן זיך געפילט ווי באַפרייטע פון אַ פרעמדן שאָטן, וואָס האָט געהויערט איבער זיי. איצט האָבן זיי געהאַט דאָס געפיל פון באַלעבאָטים.

פון זינט ער האָט אָפּגעקויפט די פֿאַבריק, געוואָרן מיסטער סעמיועל סאַראַד און אָנגעהויבן קומען צו זיך, האָט אין שטאָט אָנגעהויבן אַרומגיין אַ קלאַנג, אַז ער ווערט רייך אין סאַמע מיטן פון קריזיס, און פּלוצים האָבן זיך אַלע דערמאָנט אָן אים. פּריוואַטע מענטשן און אינסטיטוציעס, סאָסייטעס און פֿאַראיינען, אַלע האָבן זיי אים איצט געוואָלט האָבן פֿאַר זייער פריינט און מיטגליד, געזוכט זיין חברשאַפט. געלט האָט ניט קיין ריח, אַ צוציאונגס־מאַגנעט האָט געלט יאָ.

די לינקע האָבן געהאַט חזקה אויף אים, צוליב זיין רעוואָלוציאָנערער פֿאַרגאַנגענהייט — זיין קאַמף מיטן פּוילישן פֿאַשיזם. די רעכטע האָבן געריסן זיין פֿאָלע צוליב זיין ייִדישקייט. די ציוניסטן האָבן אים געצויגן צו זיך, צוליב זיין אַמאָליקן פּועלי ציוניזם, און זיין סאָסייטי האָט געהאַט גאָר אַ גערעכטע טענה: ווו זאָל אַ שטעטלדיקער געהערן, אויב ניט צו דער שטעטל־סאָסייטי?

ער האָט זיך ניט געשפּאַרט, ניט אָפּגעזאָגט קיינעם, ניט געהאַט קיין צייט פֿאַר זיי, געלאָזט זיי טאָן אין זיין נאָמען, וואָס זיי האָבן געוואָלט. אַלע האָבן אים פֿאַרשריבן פֿאַר זייערן אַ מיטגליד, יעדער אין זיין קלייזל, און געקומען איז ער צו קיינעם ניט. אַז מ׳איז צו אים געקומען מאָנען מטגליד־אָפּצאָל, האָט ער געצאָלט, ניט געמאַכט קיין אונטערשיד.

פֿאַר די מאָנער, די פינאַנס־סעקרעטאַרן, וואָס האָבן זיך געדאַרפט שלעפּן צו אים און מאָנען, טענות געהאַט וואָס מ׳זעט אים ניט ביי קיין מיטינגען, האָט ער געהאַט איין ענטפער: „יעדע באַשעפעניש מוז זוכן איר חיונה, אויסגראָבן איר קערנדל. אַז מ׳טוט — העלפט גאָט. קומענדיק, קריגט איר מיין מיטגליד־אָפּצאָל, איר האָט מיט וואָס זיך מתעסק צו זיין, און איר פֿאַרדינט זיך נאָך אַ מצוה אויך. איר העלפט אייער סאָסייטי, איר העלפט אָן עדה יידן זיך האַלטן צוזאַמען״.

אָט דער ענטפער צו די אַלע מאָנער איז בכלל ניט געווען קיין ליצנות, אַזוי האָט ער געפילט. אַלץ איז ביי אים געווען אַ טועכץ, אַ בויען, אַ מין שאַפן, אָן איניציאַטיוו צו דערגרייכן עפּעס. צי דאָס איז געווען די ביבליאָטעק אין שטעטל, צי דאָס שאַפן דעם טשעשלער־פֿאַריין, דאָס יאָגן זיך מיט דער פּאָליציי, דאָס אַרויסרייסן זיך פון לאַנד, דאָס מילך־פירן, דער בוטלעג. און איצט די זאַקן־ און שמאַטע־פֿאַבריקן. צו יעדער זאַך האָט ער זיך ערנסט איבערגעגעבן, און ווען ער וואָלט געגאַנגען מאָנען מיט־גליד־אָפּצאָל, וואָלט ער עס געטאָן מיט דער זעלבער ערנסטקייט.

די זאָקן־פֿאַבריק איז געוואַקסן, ווען אַנדערע פֿאַברילעך האָבן געגוססט. אָפּילו די שמאַטע־פֿאַבריק איז געוואָרן אַ דערפֿאָלג, אויף וואָס ער האָט זיך ניט גערעכט. געווען צייטן, ווען ער האָט, ווי מיסטער ראָזין, געטראַכט, אַז ער וואַרפט אַרויס געלט אויף צופרידנשטעלן די בטלנישע סאָבאָטניקעס,

וואָס האָבן געאַרבעט דערציילנדיק תורה־ווערטלעך און רבישע מעשה׳ס ביי מנחה־מעריב. און פּרייטיק בלויז ביז מיטאָג. וואָס קען שוין געבן אַזאַ אַרבעט? קיין פּראָפיטן זיכער ניט. אַז זיי וועלן אויסשלאָגן די הוצאות, וועט זיין נסים מן השמים, און דאָ גאָר באַווייזן זיך דערפאָלגן און פּראָפיטן.

אין שטאָט איז געוואָקסן זיין נאָמען, ווי עפּעס אַ כישופדיקער מצליח אין אַלע זיינע אונטערנעמונגען. צו וואָס דער גאָלדענער באַריר פון זיינע פינגער רירט זיך נאָר צו, ווערט פון בלאָטע — גאָלד.

זיין רום איז געוואָקסן מיט זיין פעאיקייט גוט אויסצוקאַלקולירן, מיט זיין שאַרפער תפיסה און ווייטן בליק, וואָס האָבן באַלד אויפגעפּאַסט יעדן פעלער צו פאַרריכטן, און באַלד צופּאַסן די רפואה צו דער מכה. אַזוי האָט ער איינגעפירט אַ נייעס אין זיין שמאַטע־געשעפט, מ׳זאָל סאָרטירן לויט מאָסן, אַז דער קונה זאָל ניט זען צופיל ניוועץ. זי איז זיך צעוואָקסן צו אַ פאַבריק פון צוויי מנינים יידן־אַרבעטער, אַלע שומרי־שבת, מ׳איז דאָרט געווען באַשעפטיקט פון קעלער ביזן דאַך, ווי ר׳ יחיאל האָט עס פאַראויסגעזען. ער האָט אָנגעפירט מיט די קלייבער און סאָרטירער. דער גאַרבער האָט אַ האַלבע וואָך די שמאַטעס געוואַשן, און די צווייטע האַלבע וואָך געפאַרבט די וואָל פאַר דער זאָקן־פאַבריק און פאַר די סוועטער־פאַבריקאַנטן, זיי האָבן איצט געקויפט זייער וואָל ביי סאַראַדן מיט צופרידנהייט. אַפילו צו דעם האָט דער מענטש געהאַט מזל. ער איז געווען אַ שטרענגער אין זיינע באַדינגונגען, וואָס זענען דערביי געווען ערלעכע.

דאָס גרעסטע רעטעניש אין דער שמאַטע־פאַבריק איז געווען דער גאַרבער, וואָס האָט זיך פלוצים פאַרלאָזט אַ באָרד. דער יונגער היינט־צייטיקער מענטש, וואָס איז אויסגעקאָכט אין אַלע וועלטלעכע פראַגן, האָט אַ ידיעה אין דער וועלט־ליטעראַטור, יידישער און וועלטלעכער פּאָעזיע, יידישע און וועלט־געשיכטע — ווערט מיטאַמאָל פרום אין דעם ווייטן פרייען אַמעריקע, ווערט אַ מיסטיקער און פּאַסט זיך אַריין צוריק אין אַלטן יידישקייט שטייגער.

ביידע, ר׳ יחיאל, דער אַמאָליקער אַלטוואַרג־הענדלער און דער גאַרבער, האַרמאָניזירן צווישן זיך און פירן אָן מיט דער אַרבעט אין דער שמאַטע־פאַבריק און מיט די ביכער פון דער זאָקן־פאַבריק. אין דער שמאַטשאַרנע פירט מיט די ביכער דער יונגער שטיין. ער האָט ניט געקאָנט אויסהאַלטן דאָס מילך־פירן, די אַרבעט אַרום פערד און שטאַל, די טאָג־ און נאַכט־אַרבעט, און די טענות פון די ווייבער־קונים, האָט ער נאָכן אָפּנעמען די פאַרזיכערונג־פּרעמיע נאָך דעם פאָטערס טויט, אָפּגעצאָלט די חובות, פאַרקויפט דאָס מילך־פירן און אָנגענומען דעם בוכהאַלטער־פּאָסטן אין דער שמאַטע־פאַבריק, און שפּעטער, נאָך ראָזינס אַוועקגיין, אויך די ביכער פון דער זאָקן־פאַבריק.

דער יונגער שטיין האָט פאַרגעטערט סעמיועל סאַראַדן און געהאָלפן פאַרשפּרייטן די גאָלדענע „כישוף־לעגענדע" וועגן מיסטער סאַראַד, גערימט זיינע אָרגאַניזיר־פעאיקייטן און גוטע אָנפירערשאַפט — אַ מענטש וואָס דרינגט אַריין טיף און דערפילט די אויפנאַמס־מעגלעכקייטן פון אַ געשעפט, נוצט אויס דעם מאַקסימום פון דער אַרבעטס־פּאַטענץ, און פאַרשטייט גוט זיך איינצולעבן מיט זיין אַרבעטער־אַנסאַמבל.

ער האָט געבראַכט סעמיועל סאַראַדן די נייעס, אַז די „הערמאַן און גאָלד"־געביידע איז צום פאַרקויפן, און ער וואָלט זי געדאַרפט אָפּקויפן פאַר דער זאַקן־פאַבריק, וואָס וואַקסט שוין אַרויס פון דער אַלטער געביידע. מען האַקט זיך דאָרט אָפּ די עלנבויגנס, מ׳וויקלט די וואָל, צוליב ענגשאַפט, אין די קאָרידאָרן, און די אַכט־שטאָקיקע „הערמאַן און גאָלד"־געביידע וואָלט זיך גוט צוגעפּאַסט פאַר דער זאַקן־פאַבריק, וואָס נויטיקט זיך שוין אַליין אין צוויי שטאָק און אפשר אין נאָך מער.

מיט אַ טאָג שפּעטער איז אויך דער משפּחהניק געקומען מיט דער נייעס, אַז „הערמאַן און גאָלד" פאַרקויפן זייערע שטאָקן און אים געעצהט די געביידע אָפּקויפן פאַר דער זאַקן־פאַבריק, וואָס צעוואַקסט זיך ב"ה. „ווער האָט מער חזקה אויף דער געביידע פון דיר?"

אויך מיסטער קונע, דער דרויסנדיקער אַגענט פון דער זאַקן־פאַבריק, איז געקומען אים מגלה זיין אַ סוד, אַז די געביידע, וואָס ער, סאַראַד, האָט אַמאָל געקויפט פאַר זיי, פאַר דעם נידעריקן הערמאַן און דעם הויכן גאָלד, מיט וועלכע ער האָט זיך באַקאַנט ביי אים אין דער קאַוויאַרניע, איז צום פאַרקויפן.

שלמה זלמן האָט אַ ביסל באַדויערט זייער שלעכט מזל, אָבער סעמיועלן האָט גענומען דער חשק אַריינצוקריגן די געביידע אין זיינע ידיים אַריין. ער האָט זיך דערמאָנט אין דעם משא ומתן, וואָס ער האָט פאַר זיי געפירט, און אָפּגעקויפט די געביידע פאַר אַ ביינערן קנעפּל, פאַר אַ חוזק־פּרייז.

האָט ער איצט באַשלאָסן צו שיקן צוויי „אָפּנאַרער" צו די צוויי ביטראַקעס. איינער וועט געבן מער, אָבער פאַרלייגן לאַנגע צאָלונגס־טער־מינען. דער צווייטער, וועט געבן ווייניקער, היפּש ווייניקער, אָבער צאָלן באַרעס געלט.

„כ׳בין גרייט דיך צו פאָלגן און אָפּקויפן די ׳הערמאַן און גאָלד׳־געביידע. וואָלסט זיך געקאָנט אַן עצה געבן מיט זיי ביים קויפן?" — האָט סעמיועל געפרעגט שטיינען. שטיין האָט מסכים געווען. ער האָט אים געשיקט פּרובירן און אַנגעזאָגט ניט אַריבערצוגיין די סומע פון 7 טויזנט, אַנהויבנדיק פון פינף. — „דיין קאָרט איז דאָס באַרעס געלט. דינג זיך". דעם משפּחהניק האָט ער געשיקט מיט דער פולמאַכט צו דערגיין ביז אַכט טויזנט, אויסדינגען לאַנגע טערמינען און איינצאָלן אַ טויזנטער.ביידן האָט

ער אַנגעזאָגט, למען השם, ניט מגלה זיין ווער ס'האָט זיי געשיקט קויפן.

ביידע האָבן גוט געשפּילט זייערע ראָלן און דער סופלאָר איז צופרידן געווען מיט זיינע אַקטיאָרן. אָבער שטיין האָט זיך געמיט אין זיין ראָל. אים איז געפעלן סאַראַדס וואַכזאַמקייט, זיין אויפשטייג צו להכעיס די ניט־פאַרגינער, ווי זיי האָבן אויך זיין טאָטן ניט פאַרגינען, אים פאַרטריבן אין קבר אַריין. אים האָט זיך געוואָלט העלפן זיין באַלעבאָס און איבערקליגן זיי, די „פינאַנס־חכמים".

סאַראַד, דער אייזערנער קאָפּ, האָט גוט אויסגערעכנט. זיי האָבן געגרנער גענומען זיבן באַרעס, אַנשטאָט אַכט אויף שלעפּנדיקע טערמינען. ס'איז געווען מער, ווי די געביידע האָט זיי געקאָסט. אַריינגעלייגט אין איר האָבן זיי בלויז, וואָס זייער קליידער־־פאַבריקל האָט פאַרלאַנגט. אַלע אַנדערע לאָקאַטאָרן אין דער געביידע האָבן פאַרן דירה־געלט איינגעריכטעט זייערע פאַבריקלעך, און אַ האַלבע געביידע איז געבליבן ליידיק די גאַנצע צייט. אין זייער זשעדנעקייט אַריינצוכאַפּן דאָס מזומן געלט, האָט זיי ניט אינטערעסירט פאַר וועמען מען קויפט די געביידע, אַבי זיי זענען אַרויס מיט גאַנצע ביינער.

אַ שטיקל צייט, האָט סעמיועל סאַראַד ניט געגעבן זיך צו דערקענען צו דער קניה פון דער „הערמאַן און גאָלד"־געביידע. כדי גוט צו פאַרדייען דעם נייעם ביסן, האָט ער אויף עטלעכע שעה אין טאָג איבערגעלאָזט די זאָקן־פאַבריק אין שטיינס הענט, און זיך פאַרנומען אין דער צייט מיט דעם פרויען־קליידער־פאַבריקל, וואָס „הערמאַן און גאָלד" האָבן אים ממש צוגעוואָרפן ביים אַריינבאַקומען די זיבן טויזנט דאָלאַר, איבערלאָזנדיק דאָס ביסל שמאַטעס, פאַרלעגענע סחורה און אַלטע מאַשינען.

אָבער, ווען אין אַ שיינעם פרימאָרגן האָט מען אַראָפּגענומען די גרויסע שילד „הערמאַן און גאָלד" און איבערן צעמענטענעם אויבערשטיין האָט מען אויסגעקריצט אין גאָלדענע אותיות: „סעמיועל סאַראַד" — האָבן ביידע קונע־לעמלס זיך געביסן די צינגער, געגעסן זיך די הערצער. איינער דעם אַנדערן האָט פאַרגעוואָרפן טיפשות, פאַרן אַוועקגעבן דעם „מכשף" אַזאַ געביידע בחצי חינם! אָבער די פאַבריקאַנטלעך אין דער געביידע האָבן זיך געפרייט, וואָס סאַראַד האָט עס איבערגענומען. זיי האָבן געהאָפט, אַז ס'וועט אויך פאַר זיי זיין לטובה, ווען סאַראַד־פאַבריקן וועלן זיך אַריבערציען אין דעם בנין אַריין.

די געביידע האָט ער משנה־שם געווען אויף: „סעמיועל סאַראַד", אָבער אַפּגעשריבן זי אויף ברוכן, זיין ערשטן זון. אַזוי האָט ער בפירוש אַנגעשריבן אין דער רעגיסטראַציע: ברוך סאַראַד, אַז ווען ער וועט פאַרגעסן זיין יידישן נאָמען, וועט אים דאָס פאַרשרייבן דערמאָנען, אַז ער האָט אַמאָל געהאַט אַ יידישן נאָמען. אין שטוב, אַז ער רופט ברוך, גלאָצט ער אויף אים אויס

אַ פּאָר בייזע אויגן, ווי ער וואָלט אים געקוילעט אָן אַ מעסער. שפּעטער, אַז ער וועט דאַרפן אַליין אָנפירן מיט דער פאַבריק, וועט עס אים דערמאָנען, אַז זיין נאָמען איז ברוך.



שלמה זלמן האָט ליב געהאַט זיין פאַמיליע, זיין ווייב און קינדער. פאַר זיי טאַקע, האָט ער דאָס געהאָרעוועט און געהאָרעוועט, פּלאָנירט און געשאַפן, געבויט פאַר זיי אַן אימפּעריע. דאָס יונגע טעכטערל זיינס איז שוין אַ גבירטע געווען, געוועזן שוין אַן אייגנטימערין פון הייזער און דאָס הויז פון דער שמאַטע־פאַבריק איז געווען ביי איר אָפּגעדונגען. איצט האָט ער אויך אויפן זונס נאָמען אָפּגעשריבן די „סעמיועל סאַראַד״־געביידע און געגרייט זיך אויך די אַנדערע זין ניט חלילה צו באַוועלן.

אָבער דאָס אַלץ איז אים ניט באַקומען. די מחיצה, וואָס ס׳האָט זיך אַריינגעשטעלט צווישן אים און דעם ווייב, די אַפּטע חילוקי־דעות צווישן זיי, די געטיילטע מיינונגען וועגן די קינדער, וועגן אַלץ, האָבן אים באַאומרואיקט און קיין רו ניט געגעבן. די ערגסטע געשעפטן האָט ער געקענט פאַרריכטן, נאָר ניט די פעלערהאַפטיקע באַציאונגען צווישן אים און זיין ווייב. עפּעס אַ מין וואָרים האָט זיך אַריינגעריסן צווישן זיי און געגרייצט צום בייסן זיך, ווי אַן אומזעבאַרע מחיצה וואָלט געהאָנגען צווישן זיי. ווי נאָר ער פלעגט פאַרטיק ווערן אין פאַבריק, האָט אים גענומען ציען אַהיים. אַריינקומענדיק אָבער אין זיין הויז, האָט זיך די אומזעבאַרע מחיצה אַראָפּגעלאָזט. אין הויז איז שטיל געוואָרן, די קינדער האָבן זיך צערוקט אין די ווינקלען, צעגאַנגען זיך; ווי די בייזע אויגן פון דער מוטער וואָלטן פלוצים דיריגירט מיט אַ געהיים שטעקעלע פון אַ דיריגענט — האָבן זיי אויפגעהערט זייער שפּיל און זיך צעקראָכן.

בלויז ווען די מוטער איז ניט געווען אין הויז, איז די מחיצה ניט געווען אַזאַ שווערע. די קינדער זענען געווען צוגעלאָזן. גענומען פון אים נאַשעריי, געלאָזט זיך פון אים אַ גלעט טאָן, אַמאָל אים אַ קוש געטאָן. ער האָט זיך ניט געוואָלט קריגן מיטן ווייב, רייצן די קינדער, האָט ער זיך באַגנוגנט מיט דעם ניט אָפּטן אויסדריקן זיינע פאָטערלעכע געפילן און עמאָציעס, און געהאָפט, אַז ווען די קינדער וועלן אונטערוואַקסן, אָנהויבן גיין אויך אין אַ יידישער שול, וועט זיך איינשטעלן אַ נאָענטשאַפט, ער וועט זיי העלפן, פאַרהערן זיי, לייענען מיט זיי, ווערן נענטער מיט זיי און זיי צו אים.

דערווייל האָט ער זיך אַריינגעטאָן אין די געשעפטן, בייטאָג און ביינאַכט. אַפילו דעם שבתדיקן האַלבן טאָג האָט ער אַ סך מאָל פאַרטאָן

אין פאַבריק, קיין אַרבעט האָט ניט געפעלט אין די דריי אונטערנעמונגען זיינע. אויב ניט קיין דירעקטע אַרבעט, זענען עס געווען באַראַטונגען מיט שטיינען. אַהיים געקומען איז ער שפּעט, ניט צו דאַרפן זיין פון יענער זייט מחיצה און צוזען, ווי זיין ווייב פירט דאָס הויז ביד חזקה, און די קינדער ציטערן פאַר איר בליק, האָבן פאַר איר מורא אימת־המוות. ער האָט זיך פאַר עפּעס געשראָקן, פאַר אַן אומבאַקאַנטער נקמה, ווען זיי וועלן אויפוואַקסן. איין האָפענונג האָט אין אים געטליעט — די יידישע שול. ווען זיי וועלן אָנהויבן גיין אין דער יידישער שול, וועט ער קריגן השפעה אויף זיי.

די קינדער זענען געוואַקסן ווי אויף הייוון, ספּעציעל ראָזעלי — שיין און קלוג, געלערנט זיך גוט, איבערגענומען די ענגלישע שפּראַך און די מנהגים, געשפּילט זיך דווקא מיט ענגלישע קינדער אין שול. מיט ענגלישע יינגלעך און מיידלעך, אָבער מיט יינגלעך מער ווי מיט מיידלעך, זי האָט ליב געהאַט די יינגלערישע בראַווע שפּילערייען. שטענדיק האָט מען זי געפונען אין פּאַרקל צווישן דער כאַפּטע יינגלעך, צוזאַמען מיט זיי אַרומגע־קאָמאַנדעוועט, זיך אַפילו געשלאָגן מיט זיי.

פּאולא סאַראַד — פּעסעלע דעם אייזנקרעמערס, האָט געטאָן פאַר אירע קינדער, וואָס אַ מאַמע איז באַרופן צו טאָן פאַר זיי. געשפּייזט זיי מיט נארהאפטער שפּייז, געזאָרגט פאַר זייער ריינער און שיינער הלבשה, פאַר רועץ און שלאָפן אין דער צייט, פאַר זייער פיזישער געזונטקייט; פאַר גייסטיקער שפּייז האָט געזאָרגט די ענגלישע שול, פּאָולאַ סאַראַד האָט זיך דערמיט באַגנוגנט. גייסטיק־יידישע דערציאונג אין אַמעריקע, האָט ביי איר אויסגעזען ווי עפּעס אַ נאָכגעמאַכטע, נישט נאַטירלעכע דערשיינונג — זי האָט פון איר ניט געהאַלטן.

אין פוילן איז געווען אַ קערנדיקע יידישע דערציאונג, אַ יידיש לעבן. מ׳האָט געאָטעמט. געלעבט יידיש אַ גאַנצן טאָג, אַ גאַנץ יאָר. דאָ וויברירט אַן ענגליש לעבן אַ גאַנצן טאָג. פאַראַן דאָרט עפּעס אַ מידע יידיש־שעה, איז עס אַ מין נעכטיקער יידיש, איז ווער וויל דאָס לעבן מיטן נעכטן? מיטן לאַנגן יידישן נעכטן, וואָס דערציילט פון חורבן, אינקוויזיציע, פּאָגראָמען, כמיעלניצקי, טאָרקוועמאַדאָ, טיטוס א. א. וו.

האָבן די קינדער זיך געכאַוועט אין דער גייסטיק פּוסטער יידישער שטוב אויף דער שפּייז און ליבע פון טאַטע־מאַמע, אויף דער גייסטיקער שפּייז פון די קינדער אין פּאַרקל. איבערגענומען זייערע פירעכטן און זיטן, געשפּילט זייערע שפּילערייען. דאָרט פאַרברענגט דעם רוב פון זייער פרייער צייט.

איינמאָל ,שבת נאָכמיטאָג, נאָך אַ מידן שלאָף, האָט ער זיך אַרויס־געלאָזט זען ווו די קינדער זענען, געוואָלט מאַכן אַ שפּאַציר מיט זיי.

ראַזעלין האָט ער געפונען אין פּאַרקל, ווי געוויינלעך, אַרומגערינגלט פון אַ כאַפּטע ייִנגלעך, וואָס זענען אַרומגעגאַנגען אַרום איר אין אַ ראָד, און גייענדיק זי געקושט. צו די ייִנגערע און קלענערע, האָט זי זיך אַראָפּגעבויגן נעמען ביי זיי דעם קוש און די גרעסערע האָט זי געלאָזט, זיי זאָלן זי אַרומנעמען און קושן. זי האָט אויסגעזען צו זיין זייער צופרידן פון דער שפּיל.

אַז דער פאָטער האָט זיך באַוויזן לעבן איר, זענען די ייִנגלעך זיך צעלאָפן. ראַזעלי האָט זיי צוריק גערופן, צו דער שפּיל און אויף אים האָט זי זיך געבייזערט, פאַרוואָס ער איז געקומען שטערן און דערשרעקן די ייִנגלעך, געהייסן אים אַוועקגיין.

„און מיט מיר שפּאַצירן ווילסטו ניט גיין? האָסט פאַרגעסן, אַז היינט איז שבת, אונדזער צייט צו שפּאַצירן צוזאַמען? האָסט שלעכט פאַרבראַכט מיט מיר לעצטן שבת?" — האָט ער דערמאָנט.

„כ'האָב פאַרגעסן, אַז היינט איז שבת, געמיינט, אַז דו קומסט מיך נעמען אין הויז אַריין. שפּאַצירן קען מען דאָך שפּעטער אויך, האָסט קאַליע געמאַכט דאָס גאַנצע שפּיל!" — האָט זי זיך געבייזערט און געקוקט צו די ייִנגלעך אין די ווינקלען פון פאַרקל, אונטער די ביימער, פונוואַנען זיי האָבן אָבסערווירט, צי וועט ראַזעליס פאָטער זי שלאָגן, שרייען אויף איר.

ער האָט ניט געשלאָגן, ניט געשריגן אויף איר, נאָר גענומען רופן דעם זון, מיטצונעמען אים אויף זייער שפּאַציר, אָבער ער איז ניט געווען אין פאַרקל.

„לאָמיר גיין אָן אים" — האָט ראַזעלי געזאָגט.

„גיין אָן דיין ברודער? דו וואָלסט געוואָלט ער זאָל גיין אָן דיר?"

„ער גייט שטענדיק אָן מיר, ער שפּילט זיך אַלע מאָל אָן מיר", — האָט זי אים פאַרקלאָגט פאַרן פאָטער.

„אויב אַזוי וועסטו גיין אָן אים אין דער ייִדישער שול און ער וועט דיך מקנא זיין. אַז ער וועט דיך גוט בעטן, וועסטו אים מיטנעמען. ווילסטו דאָס?"

„די מאַמע וועט ניט לאָזן", — האָט ראַזעלי טראַציק געענטפערט.

„וואָס עפּעס פעלט דיר איין? די מאַמע וועט גאָר זיין צופרידן, אַז דו וועסט אים מיטנעמען."

„כ'האָב געמיינט צו זאָגן, אַז די מאַמע וועט ניט לאָזן גיין אין דער ייִדישער שול. מיסטער גרינשפּאַן האָט זי געפרעגט, ווען זי גייט אונדז פאַרשרייבן אין דער ייִדישער שול, האָט זי געזאָגט, אַז ס'איז נאָך צייט, אַז מירן גאָרניט פאַרשפּעטיקן."

„האָסט דען געזאָגט, אַז דו ווילסט גיין אין דער ייִדישער שול?"

„זי האָט מיך ניט געפרעגט."

„ווילסטו גיין אין דער יידישער שול ?"

„כ'ווייס ניט, וואָס וועל איך דאָרט טאָן ?"

„לערנען זיך און שפּילן, וואָס טוט מען אין אַ שול ? מ'לערנט."

ראָזעלי האָט געשוויגן, גייענדיק לעבן אים. אויך ער איז געווען פאַרטראַכט. דאָס ערשטע מאָל, וואָס ער האָט געהאַט אַן ערנסט געשפּרעך מיט זיין אונטערוואַקסנדיקער טאָכטער, און אַנטדעקט, אַז זי איז קלוג און ערנסט. און געדאַנקען האָבן אים געוואָרנט, אַז ער פאַרנאַכלעסיקט די קינדער, ער פאַרלאָזט זיך צופיל אויפן ווייב, עס איז געקומען די צייט עפּעס צו טאָן קעגן דער דאָזיקער פאַרנאַכלעסיקונג, שוין איצט טאַקע, ניט פאַרלאָזן דאָס מער.

„נו, וואָס זאָגסטו ? זאָל איך דיך מאָרגן פאַרשרייבן אין דער יידישער שול ?" — האָט ער איבערגעריסן דאָס שווייגן.

„איך לערן דאָך אין אַ שול, כ'וועל ניט פאַרלאָזן די ענגלישע שול".

„וועסט ניט דאַרפן פאַרלאָזן די ענגלישע שול. אין דער ענגלישער שול וועסטו גיין אין איר געוויינלעכער צייט און אין דער יידישער שול נאָכמיטאָג. ווו דו וועסט לערנען יידיש, וועגן יידן און יידישן פאָלק — וואָס אַ יידיש קינד דאַרף וויסן."

ראָזעלי האָט זיך ווידער פאַרטראַכט, ניט פאַרשטאַנען פאַרוואָס טאַטע-מאַמע קענען זיך ניט אייניקן וועגן דער יידישער שול. די מאַמע זאָגט, אַז זי וועט גאָרניט פאַרשפּעטיקן, און דער טאַטע זאָגט, אַז מ'דאַרף שוין גיין זיך פאַרשרייבן אין דער יידישער שול. איר האָט זיך געדוכט, אַז די מאַמע איז גערעכט, ווייל אין דער ענגלישער שול לערנט מען אויך יידיש. אָט האָט די ענגלישע לערערין געלערנט מיט זיי וועגן דעם ייד דזשעזוס און זיין מוטער מרים, וועגן זיין פאָטער און ברודער, זיי אַלע זענען דאָך געווען יידן. צו וואָס-זשע איז נויטיק אַ באַזונדערע יידישע שול ?

„איך לערן שוין יידיש אין דער ענגלישער שול. כ'ווייס, אַז דזשעזוס איז געווען אַ ייד, אויך זיין טאַטע-מאַמע, זיינע ברידער און חברים זענען אַלע געווען יידן. ער איז געבוירן אין יידישן לאַנד, געווען איז ער אַ סטאָלאַר ווי דו. אָט ווייס איך שוין יידיש, וואָס דאַרף איך נאָך אַ יידישע שול ?" — האָט ראָזעלי ערנסט געפרעגט.

„דאָס איז נאָר אַ קליינער טייל פון דער יידישער געשיכטע. אין אַ יידישער שול וועסטו לערנען די ממשותדיקע יידישע געשיכטע. וואָס זי איז היינט, וואָס זי איז געווען אַמאָל. וועגן יידישן לאַנד און גרויסע יידישע געלערנטע פון אַמאָל און היינט. וועגן שיינע און פריילעכע יידישע ימים-טובים. וועגן יידישע העלדן, קלוגע און מוטיקע קעניגן, נביאים פון פאָלק ישראל. די יידישע שול וועט דיר דערציילן וועגן אונדזערע

גרויסע עלטער זיידעס, אברהם, יצחק, יעקב, די הארציקע באָבעס — שרה, רבקה, רחל און לאה. וועגן די פאָלקס־מנהיגים: משה און אהרן און זייער העלדישער שוועסטער מרים הנביאה. און נאָך און נאָך. ווייסטו, אַז יידן האָבן געהאַט העלדישע קינדער, דוד און משה? דוד האָט געקענט שיין זינגען און שפּילן און אַז מען האָט געדאַרפט זיך שלאָגן און פאַר־טיידיקן דעם יידישן כבוד קעגן אַ פרעמדן שונא, האָט ער אויך זיך געקענט שלאָגן, און דעם שונא באַזיגט. ווייסטו, אַז משה איז אַלס קליין קינד אַרומגעשווומען איינער אַליין אין אַ טייך, און איז שפּעטער אויסגעוואַקסן ווי אַ גרויסער מנהיג פון יידישן פאָלק? דאָס אַלץ וועסטו לערנען אין דער יידישער שול."

„וועגן זיי האָט די לערערין ניט דערציילט". — האָט ראָזעלי געזאָגט פאַרוווּנדערט.

„דיין לערערין האָט ניט קיין צייט וועגן אַלץ צו לערנען, דערפאַר איז נויטיק די יידישע שול, אַליין צו קענען לערנען, לייענען און שרייבן, זאָלסט ניט דאַרפן אָנקומען צו קיינעם. וועסט אַליין קענען לערנען וועגן די יידישע גרויסע גאונים און תלמידי חכמים. זאָג־זשע דער מאַמען, אַז דו ווילסט גיין אין דער יידישער שול. איצט לאָמיר אָפּזוכן ברוכן און מירן גיין שפּאַצירן."

„די זאַך וועט בייז מאַכן דער מאַמען!" — זי האָט אָנגענומען דעם פאָטערס האַנט — „קום, כ'וועל דיר ווייזן, ווו בען איז. ער שפּילט זיך מיט די קעצלעך הינטערן גאַראַזש".

בען איז טאַקע געשטאַנען הינטערן גאַראַזש, ביי אַ קאַלוזשע בלאָטיק וואַסער, מיט צוויי קעצלעך אין די הענט. געטונקען זיי אין דער בלאָטע, איינס אַרויס, דאָס אַנדערע אַריין. די קעצלעך האָבן זיך געוואָרפן, געגנאָסן און געבלאָזן פון זיך די בלאָטע און געציטערט.

בען איז אָפּגעשפּרונגען פון דער בלאָטיקער קאַלוזשע, דערהערנדיק דעם פאָטערס: „וואָס טוסטו?!". די קעצלעך זענען זיך צעלאָפן. זייערע קעצישע אויגעלעך האָבן געפינקלט פון די קוזשאַקעס אַרויס, צו זען ווי ברוכל וועט אָפּשניידן פאַרן טונקען זיי אין דער בלאָטע.

„מיר זוכן דיך, און דו שפּילסט זיך גאָר מיט קעצלעך אין דער בלאָטע?! דו קענסט זיך אָפּוואַשן, ווער וועט זיי אָפּוואַשן?! כאַפּ זיי, און מירן זיי אָפּוואַשן", — האָט דער פאָטער אים אָנגעשריגן.

„זיי וואַשן זיך אַליין", — האָט בען געוווּסט צו ענטפערן.

„ניט פון אַזויפיל בלאָטע וועלן זיי זיך דערוואַשן. ווען איך זאָל דיך אָפּטונקען אין דער בלאָטע, וואָלסטו זיך אויך אַליין ניט געקאָנט אָפּ־וואַשן". — ער האָט אַ כאַפּ געטאָן בענען ווי צום אָפּטונקען אים אין דער בלאָטע.

„לאָז אים אָפּ! ער וועט שוין מער ניט!" — האָט ראָזועלי געשריגן און געריסן דעם פּאַטערס האַנט. — „זאָג, בען, אַז דו וועסט מער ניט, זאָג!" — האָט זי פאַרהאַלטן דעם פאָטער פון אַראָפּלאָזן ברוכן אין דער בלאָטע אַריין.

„ווער דאַרף זיי, די פאַרעיפּושטע קעץ? כ'וועל זיי אַפילו ניט אָנרירן מער", — האָט בען נאָכגעגעבן.

„אָט אַזוי, ריר זיי מער ניט אָן. גיי וואַש זיך אָפּ, מיר גייען שפּאַצירן. מירן דאָ וואַרטן אויף דיר, גיי שוין!" — האָט זי אים אונטערגעטריבן.

„כ'וויל ניט", — האָט בען אונטערגעבורטשעט, — „כ'וויל ניט".

„וועסטו ניט מיטגיין, אַז וועסט זיך ניט אָפּוואַשן", — האָט ראָזועלי אים געוואָרנט.

„ווער וויל מיטגיין? כ'וועל זיך אָפּוואַשן און וועל ניט מיטגיין".

„וועלן מיר גיין אָן דיר". — האָט ראָזועלי אים געדראָט, נאָר פון אָרט זיך ניט גערירט.

בען האָט זיך צוגעשפּאַרט צו דער וואַנט פון גאַראַזש, ניט גערירט זיך פון אָרט.

„אַז דו גייסט ניט, גיי איך אויך ניט", — האָט ראָזועלי געזאָגט פעסט און אַנטשלאָסן, מיינענדיק, אַז ער וועט בעסער ווערן. ער איז אָבער געבליבן פאַרעקשנט.



סעמיועל סאַראַד האָט זיך דעם גאַנצן אָוונט קיין אָרט ניט געקאָנט געפינען. דער כעס האָט אים געזוירן, אָבער ער האָט זיך געשטאַרקט, באַהערשט זיך ביז די קינדער וועלן גיין שלאָפן. אַז דאָס ווייב איז אַוועק אין קיך אַריין, איז ער איר נאָכגעגאַנגען און אין אַ געבראָכענער שטים געזאָגט:

„אַ תל ווערט דאָך פון ראָזעלין און ברוכן, מ'דאַרף זיי אָנדינגען אין אַ יידישער שול, אָדער דינגען פאַר זיי אַ מלמד. וואָס מיינסטו וועט בעסער זיין?"

„ביידע טויגן ניט", — האָט דאָס ווייב געענטפערט בייז.

„ס'איז שוין אָבער די העכסטע צייט, זיי זאָלן אָנהויבן קריגן אַ יידישע דערציאונג".

„וועלכע? דעם פּרעסערס יידישע דערציאונג? די פּוילישע קליינשטעטלדיקע כאָוואַניע? קיין אַמעריקאַנישע איז דאָך ניטאָ. צו זיי, צו די קליינשטעטלדיקע פּוילישע מלמדים, וועל איך מיינע קינדער ניט שיקן. זיי זענען מיינע קינדער, איך האָב זיי געבוירן, איך כאָווע זיי, דו ביסט

ניט מער ווי זייער צדקה־געזועלשאַפט, באַצאָלסט פאַר זייער אויפהאַלט, פאַר זייער שלעכטער דירה, פאַר דעם הקדש, באַזאָרגסט זיי מיט הייזער און שלעסער. וואָס פאַר אַ נוצן וואָלטן זיי געהאַט פון דיינע הייזער און שלעסער, ווען איך זאָל אויף זיי ניט אַכטונג געבן, לאָזן זיי פאַרהונגערן, אָן השגחה, אַפּלאָזן די פליגל פון זיי, ווי דו? כ׳וועל זיי ניט איבערגעבן צו קיין פוילישן מלמד, אָדער צו וועלכן ס׳איז חדר״.

„יידישקייט איז אוניווערסאַל, דער פּרעסער איז געבוירין געוואָרן אַ לערנער, ניט קיין פּרעסער. אַ פּרעסער איז ער געוואָרן צוליב נויט, ווי איך בין געוואָרן דאָס וואָס כ׳האָב בכלל אין זינען ניט געהאַט צו ווערן, אָבער דאָך געמוזט ווערן. דורות יידן זענען געוואָרן דאָס, וואָס זיי האָבן ניט געחלומט צו ווערן. געלעבט אַ ניט נאָרמאַל לעבן, בלויז יחידים האָבן אַוועקגעוואָרפן זייער יידישקייט, ווי דו טוסט עס, און ווילסט עס אויך צונעמען פון די קינדער. דו ווילסט ניט קיין יידישקייט מער, אָבער וואָס ווילסטו יאָ פאַר די קינדער, בלויז גוישקייט? אַ מענטש דאַרף ניט בלויז ברויט אַליין. אַ פערד האָט גענוג זיין קאָריטע, הלוואי זאָלסטו ניט חרטה האָבן, אָבער דעמאָלט וועט שוין זיין צו שפּעט״.

„חרטה, חרטה, פון ווען איך געדענק זיך, הער איך נאָר, אַז עס דערוואַרט מיך עפּעס אַ חרטה. כ׳האָב שוין חרטה!״ — האָט זי זיך אָפּגעקערט צום פענצטער, אַריינגעשטופּט איר פּנים אין פינצטערן דרויסן אַרויס.

„וואָס פאַרא זינד בין איך דאָ באַגאַנגען? פאַרוואָס באַשטראָפסטו מיך און די קינדער?״

„וואָס איז דאָס געיעג אַזוי גרויס? האָסט קיין צייט ניט? וווהין יאָגסטו זיך און אונדז, וואָס ווילסטו דערגרייכן?״ — האָט זי זיך האַסטיק אויסגעדרייט צו אים.

„מיר האָבן שוין אַזויפיל מאָל גערעדט וועגן דעם, און דו האַלטסט זיך ביי דיינס״.

„נו, נאָכאַמאָל: צייט איז דער שונא פון מענטש. אַ קאָרגע מאָס צייט איז אים צוגעטיילט געוואָרן. צייט מאַכט אַלעמען אַלט און מיד. די געגנעדיקייט פון צייט איז קורץ, און דאָס, וואָס מען דערגרייכט אין דער באַגרענעצטער געגנעדיקייט, איז דיינס. צייט איז דאָס טייערסטע פאַרמעגן פון מענטשן, און ער טאָר דאָס ניט צעטרענצלען אויף סתם פאַרשווענדענישן. דאָס איז חל אויף גרויסע, ווי אויף קינדער. אויף קינדער אפשר מער, ווי אויף גרויסע״.

ער האָט איר דערציילט, וואָס ער האָט געזען אין פּאַרקל, ביים קינדער שפּיל און הינטערן גאַראַזש. דערפאַר מיינט ער, אַז ס׳איז שוין די העכסטע צייט, אַנצודינגען די קינדער אין אַ יידישער שול, אָנהויבן

געבן זיי אַ יידישע דערציאונג, אַנפילן זייער ליידיקע צייט מיט יידישקייט, אַוועקנעמען זיי פון פּאַרקל. און ער האָט איר דערביי געלאָזט וויסן, אַז מאָרגן גייט ער זיי איינשרייבן אין אַ יידישער שול. אויב זי וויל אַ שטוב־מלמד, איז אדרבא, איינס פון די ביידע.

„דראַמאַטיזירסט עפּעס אַן אומשולדיק קינדער־שפּיל און נעמסט עס ערנסט, מאַלע וואָס קינדער טוען נאָך דערוואַקסענע, אויך מיר האָבן דאָך אַמאָל געשפּילט אין ליבע און קושעניש!" — זי האָט אים איבערגעלאָזט אין קיך און איז אַריין אין שלאָף־צימער.



דער זונטיק איז געווען דער ערשטער, אין משך פון יאָרן, וואָס זיינע פּרימאָרגן־שריט האָבן ניט געפירט צו דער אַרבעט. גאַנץ פרי איז ער אַרויס אין דער געגנט פון אַ באַוווּסטער יידישער שול, די שול פון אַרבעטנדיקן ציוניזם; און דאָרט אַרומגעזוכט אַ הויז צום קויפן אָדער צום דינגען, כדי זיך אַוועקצוציען פון פּאַרקל און פון זיין געגנט. זאָלן די קינדער קריגן אַן אַנדער סביבה, און זיין ווייב — אַנדערע שכנים, וועט זי אויך זיך ענדערן צום בעסערן.

ער האָט געפונען אַ פּאַסיק הויז פאַר זיין פאַמיליע. אַהיים קומענדיק אַ צופרידענער, האָט ער דערלאַנגט דער ווייב דעם אַדרעס פון אַ הויז, געהייסן איר גיין זען, צי דאָס הויז און די געגנט געפעלן איר און איז אַוועק צו זיינע געשעפטן.

זי האָט ניט געזאָגט גאָרניט בעת ער האָט איר דערלאַנגט דאָס צעטעלע, ניט געזאָגט צי זי וועט גיין אָדער ניט. אַזאַ איז געווען איר פירעכץ לגבי אים.

דאָס הויז איז איר ניט געפעלן, אויך ניט די געגנט, וואָס איז פול געווען מיט יידן פון אַלטן שטייגער, אַ טייל שוין האַלב אַמעריקאַניזירט. זי האָט געצויגן צו די גאַנץ אַמעריקאַניזירטע געגנטן, מיט רחבות און פּרייקייט, ווו הייזער און מענטשן האָבן זיך ניט געריבן איינער אָן אַנדערן, ניט געקראָכן זיך אויף די אַקסלען, ניט אַריינגעקוקט זיך אין די קיכן, אין שלאָף־ און באָד־צימערן.

אָבער געזאָגט האָט זי גאָרניט. ניט — יאָ, ניט — ניין. זי האָט מורא געהאַט אים שטעלן צו גרויסע פאָדערונגען. איז זי דערווייל איינגעגאַנגען אויף דער איצטיקער ענדערונג, וואַרטנדיק אויף בעסערע, גינסטיקערע צייטן. געלאָזט אים קויפן דאָס הויז און גענומען גרייטן זיך אַריבערצוציען אַהין. סוף־סוף אַרויס פון די ענגע ד׳ אמות, פון די סקריפּענדיקע און אָכצנדיקע ווענט און דילן — טוישן דאָס קבצנישע הויז.

דאָס הויז איז ניט געווען ניי, אָבער זאָרגפעלטיק באַנייט, אויסגעפאַרבט פון בוידעם ביזן קעלער. אַפילו דער פּלויט פון גאָרטן, אַרום דעם הויז, איז געוואָרן פריש אָפּגעפאַרבט אין אַ לעבהאַפטיקן גרין. דערפאַר איז אינע־ווייניק אין הויז אַלץ געווען ניי. מעבל, פאָרהאַנגען, גאַרדינען, נייע איינ־אָרדענונגען און כלים, קיין זאַך איז ניט מיטגענומען געוואָרן פון אַלטן הויז, אין הויז אויפן בולעוואַרד. ער האָט איר אָנגעזאָגט, ניט מיטצונעמען קיין אַלטן פאַדעם אַפילו, נאָר בלויז די קליידער, וואָס זיי טראָגן אויף זייערע פּלייצעס.

זיין פּלוצימדיקע גוטסקייט, זיין געבן איר אַ פרייע האַנט אין אויסקלויבן דאָס מעבל, אַלץ פאַר דעם נייעם הויז, זיין אָפענער קרעדיט צו קויפן פאַרן הויז, וואָס נאָר איר געפעלט, האָט זי געשראָקן. צו ברייטגיביק איז ער געוואָרן, צו מילד. האָט איר מורא איר אָנגעזאָגט, אַז זי וועט מוזן ענדערן איר באַציאונג צו אים, ווייכער ווערן, פאַרשוואַנגערן נאָכאַמאָל... און דאָס האָט זי מער ניט געוואָלט. פיר קינדער איז געווען פאַר איר גענוג. זי וואָלט גרייט געווען מוותר צו זיין אויף די אַלע גוטע נייקייטן, אַבי ניט אָנהויבן קינדלען אויפסניי.

אָבער אומזיסט איז געווען איר שרעק פאַר אים און פאַר שוואַנ־גערשאַפט. ער האָט ניט געגעבן קיין אָנצוהערעניש, ניט געמאַכט קיין פּרווו פון דערנענטערן זיך, און ניט פאַרלאַנגט קיין נאָענטקייט מיט איר. דורך די יאָרן פון דערווייטערן זיך פון אים פאַר יעדער מינדעסטער זינד, איז ביי אים אָפּגעטויט געוואָרן דער נאַטירלעכער דראַנג צו איר. די יאָרן פון ווייכן פון אים, דאָס געבן אים צו פילן דעם טעם פון אַן איינגעבעטלט ווייב... האָט אים באַליידיקט, געמאַכט פאַרלירן יעדן עמאָציאָנעלן כוח צו איר, אָנטוויינט אים פון איר...

איצט איז שוין איבעריק געווען איר מורא, און אויך די מעטאָדע פון האַלטן אים פונדערווייטנס... זי וואָלט שוין געקענט זיך באַווייזן אין אַלע אירע רייץ־סיטואַציעס, וואָלט דאָס אים מער ניט גערירט. פאַרקערט, ער האָט גאָר איצט פאַר איר מורא געהאַט און זי אויסגעמיטן. ס׳האָט שוין איצט ניט געפּאַסט פאַר סעמיועל סאָראַד, צו בעטן טובות ביי אַן אייגן ווייב אַפילו.

ס׳האָט אים איצט זשענירט צוזעענדיק, ווי מענער דערנידעריקן זיך פאַר מכלומרשט פרויען־גראַציעס, ווערן „אויס מענטשן" אין דער פרויען־געזעלשאַפט. מענער און פרויען זענען מענטשן, און ווי ביי שטאַלצע מענטשן, דאַרף דאָמינירן דער מוח, ניט דאָס געשלעכט. זי איז זיין פרוי, די מוטער פון זיינע קינדער, קומט איר אַלץ, אַ חוץ זיין שטאָלץ, אַ חוץ זיין כבוד ווי אַ מאַן.

און זי האָט געהיטן איר פרויען־שטאָלץ, זי זאָל ניט גרינגגעשעצט

ווערן. דער פרויען־עגאָ מוז האָבן זיין טעגלעכן אָפּפער, אַ מאַן דאַרף מקריב זיין עפּעס פּערזענלעכס — אַ קרעכץ, אַ טרער, אַ לאַך אָדער אַ שמייכל, ווען אַפילו דאָס האַרץ איז פול מיט זאָרג, פאַרדאגהט פאַרן ווילזיין פון דער זעלבער פרוי. ער טאָר ניט פאַרגעסן דעם לעבנס־מזבח — זיין פרוי, און דאָרט אַהין טראָגן קרבנות און מתנות.

## קאַפּיטל 13

ביידע זענען געווען עקשנותדיקע שווייגער. קינדער פון פאַרפאַלגטע און באַליידיקטע, וואָס האָבן במשך פון דורות געלעבט אין פאַרפאָלגונגען און באַליידיקונגען, און געשוויגן. דאָס עקשנותדיקע שווייגן האָט זיך אַטאַוויסטיש־ירושהדיק איבערגעטראָגן פון עלטער־זיידעס צו ווייטערע דורות. אויך ביי די סאַראַדס איז געווען פאַרוואָרצלט זייער ירושהדיקע שווייגעניש. ביידע זענען דאָך געווען יידן פון גלות פוילן, ווו מ׳האָט געשלאָגן יידן יעדן טאָג, און די וועלט האָט געזען און געשוויגן. האָט מען להכעיס דער וועלט, געליטן, און מיט עקשנות געשוויגן...



סוכות צייט אין שטעטל, ווען די פּריזיוואָניקעס זענען געקומען זיך צושטעלן צו דער מיליטערישער קאָמיסיע, און זיך דערווייל געלאָזט ווילגיין איבער די יידן פון שטעטל, האָבן יידן פאַרשלאָסן זייערע טעכטער אין די הייזער, די געוועלבער געהאַלטן האַלב־אָפן, ביז ס׳וועט איבערגיין דאָס בייז, די מיליטערישע קאָמיסיע וועט אָפּזיצן און די פּריזיוואָניקעס וועלן זיך צעפאָרן, און אַזוי שווייגנדיק געליטן.

יידישע דאָרפס־גייער האָבן געטריבן די אַנגערייצטע הינט פון זיך, מיטן הויבן די שטעקנס, געהיט זיך ניט אָנרירן חלילה, מיטן שטעקן דעם כלב, ווייל שלאָגן דעם כלב, וואָלט געווען ווי שלאָגן דעם באַלעבאָס. האָבן זיי געפאָכעט מיט די שטעקנס, געטריבן מיטן „לא יחרץ כלב לשונו״ און געליטן, ביז די פּויערים איז די שפּיל נמאס געוואָרן און זיי האָבן גערופן צו זיך די הינט.

אַז אַ פּויער איז ניט געפעלן געוואָרן דער קלונג פון דעם אייזנקרעמערס אַ קאָסע, האָט ער זיך צעשריגן אויפן קול: „זשיד פּאַרכאַטי! גיב אַ קאָסע אַ גוטע, פון ריינעם שטאָל, באַגראַבן זאָל מען דיך...״ — און דער אייזנ־קרעמער האָט געשוויגן, מיטגעלאַכט מיט אַ פאַרפלאָמט פּנים, דערלאַנגט

אַן אַנדער קאַסע און געוואָרט, עס זאָל זיי איבערגיין דאָס גאַליקע געלעכטער.



אַ שטאָטישן דאָקטאָר מיט באַקנבערד, ווי ביי פראַנץ יאָזעף קייסער, האָבן זיי געהאַט, האָט ער זיך אַרומגעפּירט מיט זיין וואָלף־הונט, ווי אַ קאַלב די גרויס, איבערן שטעטל. דער כלב האָט געשלעפּט יידן ביי די פּאָלעס פון די קאַפּאָטעס, געשראָקן קינדער און געמאַכט אַ ווארע פּאַר זיין בעל־הבית, וועלכער איז זיך געגאַנגען נאָך זיין הונט און געטרייסלט זיין גראָבן בויך פון גרויס געלעכטער, אַזש די באַקן־בעזעמלעך האָבן זיך געשפּיזלט, אַרויף צום הימל. יידישע קינדער זענען שיעור ניט אַרויס פון דער הויט פון שרעק, און דערוואַקסענע האָבן זיך געקאַרטשעט פון פאַרדראָס און חרפּה, אָבער זיי האָבן מיט הכנעה איבערגעוואַרט ביז דער „הער דאָקטאָר" מיט זיין וועלפישן הונט וועלן אַריבערגיין, ביז דאָס בייז וועט פאַרביי.



נאָך אַ פּאָגראָם, וואָס האָט שיעור ניט חרוב געמאַכט דאָס שטעטל, האָבן יידן געבענטשט גומל, גם זו לטובה, וואָס אַ האַלב שטעטל איז ניצול געוואָרן, און געדאַנקט גאָט, וואָס די עת־צרה איז אַריבער.



אין דער ליידנדיקער, שווייגנדיקער סביבה, האָט מען געלעבט און געליטן. קינדער זענען געבוירן געוואָרן, געכאָוועט זיך, אויפגעוואַקסן אין ליידן און אין שווייגן, פון וויגעלע ביזן קבר. גאַנצע דורות זענען אַוועק אין ליידנדיקער שווייגעניש, אין עקשנותדיקער אומבאַהאָלפנקייט.

די סאַראַדס זענען קינדער פון אָט די גלות־דורות, פון המשכדיקער עקשנותדיקער שווייגעניש. זיי האָבן געליטן, געשוויגן, געהאַפט, אַז דער צווייטער וועט איינזען, אַז ער באַגייט אַן עוולה. סעמיועל סאַראַד איז געווען זיכער, אַז ער איז דער גערעכטער, ווייל וואָס וויל ער דען? ער וויל באַוואָרענען זייער צוקונפט, וווזשע איז דאָ די אומרעכט? דערפאַר האָט ער ניט געמאַכט קיין שום פאַרזוך קלאָר צו מאַכן זיין עקשנותדיקע שווייגעניש. אויב עס וועט קומען צום איבערבעטן זיך מיט אים, וועט עס זיכער ניט זיין אויס מורא פאַר אים. זי ווידער, האָט געוואַרט אויף אַ ווענדונג מצד אים. אָט די שטילשווייגעניש צווישן זיי האָט אויך משפּיע געווען אויף די קינדער. זיי האָבן ניט געוווּסט פאַרוואָס דער ברוגז האַלט

אָן, אָבער האָבן געפֿילט, אַז ער איז אַ פֿאַרביסענער, געזען די שאַרפֿע צעטיילונג פֿון די משפּחה־ראָלן. דעם טאַטנס ברויט־פֿאַרזאָרגערישע ראָל: שטענדיק אַ פֿאַרנומענער, זעלטן אין הויז, און דער מאַמעס שטרענגע אויפֿפּאַסן, אַז אירע שטוב־געזעצן זאָלן אויסמיידן דאָס ענגערע דערנעענטערן זיך פֿון פֿאָטער צום גאַנצן הויז־געזינד — דאָס האָט פֿאַרטיפֿט דעם תהום פֿון צעריסנקייט, אַז אויך די קינדער זענען געוואָרן גלייכגילטיק צום קידער־ווידער צווישן זייערע עלטערן. צו דער מוטער, צוליב מורא, איז נאָך געבליבן אַ ביסל אָנזען, צום פֿאָטער — אַ פֿאַרנעפּלטע באַציאונג.

איצט, ביים איינאָרדענען דאָס הויז, האָט זיין גלייכגילטיקייט זי באַאומרואיקט. עס האָט איר ווי געטאָן זיין האַנדלונג ביים קויפֿן דאָס הויז — געקויפֿט עס און עס איר צוגעוואָרפֿן. וואָס איז זי, זיין הויזווירטן? די ניאַניע פֿון די קינדער? די דינסט, וואָס ער שיקט איינקויפֿן דאָס בויטיקע פֿאַרן הויז? ער זאָגט איר טאַקע ניט קיין דעה דער אַלטער הויזווירטן פֿון זיין הויז, זי דאַרף דאָך שוין וויסן, אין וואָס אַ הויז בויטיקט זיך. דערפֿאַר גיט ער איר אַ פֿרייע האַנט, זאָגט איר ניט קיין דעה. — אָט די מחשבות האָבן זי געפּייניקט.

געוועזן מאָמענטן, ווען זי איז געווען גרייט איבעררייסן דאָס תהומישע שווייגן, דערנענטערן זיך צו אים. אָבער ווי ער האָט זיך נאָר באַוויזן אויף דער שוועל פֿון הויז, האָט זי ווידער באַזעסן דאָס עקשנות, און זי פֿלעגט אַנטלויפֿן אין שלאָף־צימער אַריין. ער האָט נישט באַוויזן אויסצוטאָן די מלבושים, האָט זי שוין פֿאַרלאָזן די שטוב. זענען איר דאָן ווידער באַפֿאַלן די נאַגנדיקע ספֿקות, וואָס האָבן זי פֿאַרפֿאָלגט ווי אַ בייז געשפּענסט.

אין מאָמענטן פֿון טראַכטעניש וועגן איבעררייסן די ברוגז־שפּיל, און דערנענטערן זיך צו אים, האָט זי אַפֿילו געטראַכט צו פֿרעגן ביי פֿרויען, וועגן אויסהיטונגס־מיטלען קעגן שוואַנגערשאַפֿט, אָבער זעענדיק אים אַ ברוגזן, אַ פֿאַרכמורעטן, איז זי ווידער געקומען צום אויספֿיר, אַז ער איז די מי ניט ווערט, און אָפּגעהאַקט דערפֿון — „פֿאַרוואָס זאָל זי זיך דערנידעריקן לטובת אים?"

דאָס נייע לאַנד האָט אַ חוץ זייערע נעמען אַ סך געענדערט ביי די סאַראַדס. אָבער די איינגעבוירענע סענסיטיוויקייט צו זייער עגאָ, האָט דער ים, איבער וועלכן זיי זענען געפֿאָרן, ניט געקאָנט פֿאַרשווענקען. זיי זענען געבליבן געררייצט און צעשיידט צווישן זיך, אָבער ביידע זענען געווען אומבאַהאָלפֿן אויסצומיידן די פֿאַרפֿרעמדונג. אַ בייזער פֿאַטום איז געהאָנגען איבער זיי און אין זייערע האַנדלונגען. אַ מין סאַרקאַזם איז געלעגן אויף זייערע צונגען, דער מרחק צווישן זיי איז געוואָרן גרעסער פֿון טאָג צו טאָג.



דאָס הויז איז פֿאַרטיק געוואָרן, גרייט צום אַריינציִען זיך. אַז אַלץ איז שוין געווען איינגעקויפֿט, האָט ביי סעמיועל סאַראַדן זיך אויפֿגעוועקט אַ נאָסטאַלגיע צום אַלטן הויז. אַלץ איז אים פּלוצים ליב געוואָרן. ס׳איז אים אַ שאָד געווען איבערצולאָזן אויף הפקר די אַלטע ווירטשאַפֿט, מ׳זאָל עס ניט אַרויסוואַרפֿן אויפֿן מיסט, פֿאַר די אַלטוואַרג־קלייבער.

אין דעם הויז איז אַלץ געווען אַלט, אָבער געהאַט אין זיך אַ לעבעדיקן אָטעם. ערשט נעכטן געווען גוצלעך און וואוזנטלעך פֿאַר אַ צאָל מענטשן. סעמיועל סאַראַדן האָט עס ניט געלאָזט רוען.

מיט די נייע זאַכן, וואָס דאָס ווייב האָט איינגעקויפֿט פֿאַרן נייעם הויז, האָט ער זיך ניט אינטערעסירט. ער האָט גוט געוווּסט, אַז זיי וועלן זיין שיינע, באַקוועמע, מאָדערנע. דאָך זענען זיי אים ווי עפּעס פֿרעמד געווען. אָט די ערשט נעכטן געניצטע חפצים זענען אים נאָענט געווען, מיטגעליטן, אַלט געוואָרן מיט אים, אַ שטיק פֿון זיין אַמאָל. ס׳איז אים שווער געווען צו שיידן זיך מיט זיי.

די פֿון אים אַליין געמאַכטע קינדער בעטעלעך, אָפּגעשפּאָרט פֿון זיך פֿונעם בעסטן פֿאַר די קינדערס וועגן. זיין אייגן בעט, אויף וועלכן ער האָט געליטן און אויסגעטרוימט זיין היינטיקן איך. יעדעס שטיקל אַלטוואַרג האָט אים דערמאָנט אין אַ באַשטימטן צייט־אָפּשניט אין דעם נייעם לאַנד, עדות געזאָגט אויף זיינע שווערע צייטן, אויף זיינע באַמיאונגען אין די שווערע קריזיס־צייטן, אויף זיינע ערלעך פֿאַרדינטע דערגרייכונגען און דערפֿאָלגן. דאָס איז געווען זיין געשיכטע אין דעם קאַנאַדע לאַנד, די געשיכטע פֿון זיין אויפֿשטייג אין דעם לאַנד פֿון גרויסע מעגלעכקייטן.

ער איז אַרומגעגאַנגען צווישן די אַלטע מעבל־שטיקער, געדענקט זייער אָפּשטאַם. דעם הילצערנעם טיש האָט ער אַליין עטלעכע מאָל איבערגע־פֿאַרבט און געגעבן אים אַ ניי פּנים. די שטולן האָט ער אויסגעפּוצט אין צוויי קאָלירן, דעם אייזקאַסטן האָט ער אַליין צוגעפּאַסט נייע טירלעך, אַז דאָס אייז זאָל נישט צעגיין. דעם אַלטן שטיי־לאָמפּ האָט ער באַנייט מיט אַזאַ נייעם אַבאַזשור, געלויכטן שענער, ליכטיקער. דאָס געפּעס־שענקל האָט ער אַליין געמאַכט ווען די פֿאַמיליע איז גרעסער געוואָרן.

ער האָט זיך דערמאָנט, אַז דאָס אַלץ האָט אים צוזאַמענגעבראַכט דער אַלטער ר׳ יחיאל, דער אַמאָליקער אַלטוואַרג־פּעדלער, וואָס אַרבעט היינט אין זיין שמאַטע־פֿאַבריק, ער האָט באַשלאָסן ביי אים פֿרעגן, אפשר ווייסט ער, וועמען מ׳קען די זאַכן אוועקגעבן אומזיסט, כדי זיי זאָלן ווייטער נוצן ברענגען, דינען עמיצן, ווי זיי האָבן אים געדינט.

דעם אַלטן ר׳ יחיאלן איז געפֿעלן געוואָרן דער געדאַנק אוועקצוגעבן

די גאַנצע הויז־אויסשטאַטונג צו עמיצן, וואָס נויטיקט זיך אין זיי. ער האָט שוין געהאַט וועמען זיי צו געבן, אָבער זיך אַ ביסל געקווענקלט, ניט זיכער געווען, אָבער ער האָט געזאָגט:

„שטיינס ברודער גרייט זיך חתונה צו האָבן, אָבער ס'פעלט אויס געלט, אפשר זיי אַוועקגעבן אים?" — האָט ער ניט דרייסט געפרעגט.

„מהיכא תיתי, פאַרוואָס ניט, אַזוי זעט עס אויס ביי זיי? פרעגט סימאָרן".

„סימאָר! סימאָר!" — האָט דער אַלטער אַרויפגעשריגן צום צווייטן שטאָק, ווו סימאָר איז געזעסן איבער די ביכער פון דער שמאַטע־פאַבריק און זיך ניט געאיילט צו קומען.

„גייט, זייט מוחל, אַרויף און פרעגט, ס'איז בעסער איר זאָלט פרעגן, זאָל מען וויסן, אפשר וועט מען דאַרפן זוכן אַן אַנדער בעל נצרך", — האָט ער אונטערגעטריבן דעם אַלטן.

„שיקט עס צו, ער בעט מ'זאָל עס צושיקן", — איז דער אַלטער צוריקגעקומען פון סימאָרן.

„גוט". — איז סעמיועל סאַראַד געווען צופרידן, וואָס זיינע זאַכן וועלן וועמען נוצן ברענגען. — „אַז מ'וועט דאַרפן, וועט מען פאַרריכטן, איבערפאַרבן, אָבער ניט נויטיק, אַלץ איז אין בעסטן אָרדענונג, גאַנץ און ריין", — האָט ער פאַרזיכערט ר' יחיאלן. — „איצט וויל איך פון אייך אַ טובה, ר' יחיאל, און איר וועט האָבן אַ מצוה גדולה".

„נו, מהיכא תיתי, לאָמיר הערן, אַ מצוה גדולה!" — האָט דער אַלטער געזאָגט מיט אַ גמרא ניגון.

„ס'איז אַ מצוות עשה שהזמן גרמא. כאַפּט זיך אַריבער צו מיר אין הויז, אפשר דאַרף מען דאָך עפּעס איבערפאַרבן, פאַרריכטן, ס'זאָל אויסזען שענער, כ'פאַרלאָז זיך אויף אייך, כ'בין זיכער, אַז ס'וועט אָפּגעטאָן ווערן בכי טוב".

מיט גרויס חשק איז ר' יחיאל, באַלד נאָך מעריב, אַוועק צום אַלטן הויז איבערקוקן די מעבל. באַטאַפּט די אַלטע זאַכן און זיך געטראַכט: אין דער אַלטער היים וואָלט מען מיט די זאַכן באַטיילט עטלעכע חתונות דרשה־געשאַנק, צו קינדער און קינדס־קינדער, און די קינדער וואָלטן זיך געגרויסט מיט דער ירושה פון די זיידעס און עלטער־זיידעס און געהאַפּט דערלעבן עס איבערגעבן זייערע קינדער. ער איז געווען צופרידן, וואָס אים איז באַשערט די גאַנצע ווירטשאַפט צוצושאַנצן די נויטבאַדערפטיקע שטיינס. ער האָט אויסגעסדרט, וואָס ער וועט איבערפאַרבן, אָפּקאָלירן, אָפּטאָן וועט ער עס אַליין — „גרעסער די טרחה, גרעסער די מצווה".

ער האָט זיך דערמאָנט, ווי גרויס ס'איז אין שטעטל געווען די מצווה פון הכנסת כלה און איז צופרידן געווען, וואָס אויף אים אַליין איז אויס־

געפאַלן מקיים צו זיין מצוות הכנסת כלה. „דער שטיין טוט אוודאי אַ שידוך, לויט זיין היינטיקן שטאַנד, און נעמט אַן אָרעם מיידל״, — האָט ער באַדויערט די ירידה זייערע און דערמאָנט זיך, ווי דער אַלטער שטיין האָט אים אַמאָל אַפּגעשטעלט אויפן גאַס, ווען ער איז אַרומגעפאָרן מיטן פערד־און־וועגעלע, געקליבן שמאַטעס, אַלטע צייטונגען, אַרויסגעוואָרפענע אַלטע זאַכן, און אים געהייסן צופאָרן צו זיין הויז און צונעמען דאָס אַלטוואַרג, וואָס ס׳איז דאָרט פאַראַן. ער האָט פאַר דעם אָפּגענומען דעמאָלט אַ מנה יפה.

„איי, רבונו של עולם, ווי דו פירסט דאָס דיין וועלטל, און מ׳טאָר ביי דיר קיין קשיות ניט פרעגן״, — האָט ער געקרעכצט. פון דאַן אָן האָט ער דאָרט אָפּגענעכטיקט האַלבע נעכט. באַלד נאָך וועטשערע פלעגט ער אַוועק אַהין, געפאַרבט און לאַקירט, ביז ער האָט אַלץ, איינער אַליין, אויסגעפּאַרטיקט. ס׳איז אים אַביסל שווער געווען, האָט ער זיך אַליין געזאָגט: „המתחיל במצווה, אומרים לו גמור״. און אַלץ איז פאַרענדיקט געוואָרן אין בעסטן אָרדענונג.

דער לאַסט־אויטאָ, וואָס באַדינט די שמאַטע־ און זאַכן־פאַבריק האָט געבראַכט דאָס אָפּגעפרישטע מעבל צו די שטיינס. בלויז סימאָר האָט געוווסט פונוואַנען זיי שטאַמען, ער האָט זיי צוגעהאַלטן אויסשטעלן אויפן צווייטן שטאָק פון שטיינס הויז, וואָס איז אַפּגעראַטעוועט געוואָרן פון די בעלי חובות הענט, ווייל ס׳איז געווען פאַרשריבן אויפן ווייבס נאָמען. דאָרט זענען אַמאָל געווען די שלאָף־צימערן פון די שטיינס. איצט איז דער שטאָק צוגעגרייט געוואָרן פאַרן נייעם יונגן פּאָרל. בלויז סימאָרס שלאָף־צימער איז דאָרט געבליבן ווי אַמאָל.

סימאָרס ברודער און זיין כלה האָבן אים געלויבט פאַר זיין געלונגענעם קאַלירן־אָפּקלייב, מיט אַזוי פיל טעם און געניטקייט, און אים געדאַנקט פאַר דער מתנה צוזאַגנדיק אים אָפּצודינען אין פריידן. זיי האָבן געוווסט, אַז דאָס מעבל און די אַנדערע זאַכן זענען ניט ניי, ניט אינגאַנצן היינט־מאָדיש, אָבער צופרידן געווען, וואָס זיי האָבן עס און וועלן זיך ניט דאַרפן זאָרגן פאַר דעם, אין אַ צייט ווען זאָרגן פעלן ניט.

גאָר צופרידן איז געווען די מסוכן־קראַנקע מוטער, וואָס האָט אויפ־געהאַלטן דאָס שיידן זיך מיט דער וועלט, ביז זי וועט כאָטש איר בכור זען שטיין אונטער דער חופה. „שטעלט אַ חופה, קינדערלעך, און זאָל אייך זיין מיט מזל. וואָס איז נאָך דאָ צו וואַרטן?״ — האָט זי זיך ביי זיי געבעטן מיט די אויגן פול מיט טרערן. ווייל אַ סך ווערטער האָבן פאַרנומען איר אָטעם.

מ׳האָט טאַקע באַלד געשטעלט די חופה ביי דער קראַנקער מוטערס בעט, ר׳ יחיאל איז געווען דער מסדר קידושין. דער ברודער סימאָר און

מיסטער סאַראַדס פאַרטרעטער און מתנות־ברענגער, זענען געווען די אונ־טערפירער. די סאַראַדס האָבן זיך אַנטשולדיקט פאַר זייער ניט קענען קומען צו דער חתונה. די שבעת ימי משתה זענען אויסגעפאַלן צוזאַמען מיט די שבעת ימי אבל. באַלד נאָך דער חופה האָט זי, די מוטער, אָנגעהויבן פילן ניט גוט, און האָט אויסגעהויכט איר נשמה.

צו דער לוויה זענען געקומען מיסטער סאַראַד, אַלע פון דער שמאַטע־און זאַקן־פאַבריק. ר׳ יחיאל האָט מספּיד געווען דעם מת, נאָכגעזאָגט אַ גוטן שבח דער אשה צנועה, וואָס האָט מקבל געווען באהבה גאָטס משפּט, געהאָט לעצטע גליקלעכע לעבנס־מאָמענטן, זעענדיק איר קינד אונטער דער חופה — אַ חתונה געהאַט, כדת משה וישראל. זי האָט אָפּגעצאָלט איר חוב צו גאָט און צו לייט. יחי זכרה ברוך.



אינעם נייעם הויז, אין דער נייער געגנט, ביי דער בעסטער מאַטער־יעלער מערכה זיינער, האָט סעמיועל סאַראַד דערפילט די גייסטיקע אָרעמקייט, ירידה פון יידישקייט און זיין שטוב און הויז־געזינד. קיין יידיש וואָרט האָט ער ניט געהערט. אויף זיין ווענדונג אין יידיש, האָט אים דאָס ווייב געענטפערט מיט אַ צעבראָכענעם ענגליש, געניט ווי די קינדער מיט זייער קינדישן ענגלישן לשון. די יידישע ביכער, וואָס ער האָט מיטגעבראַכט פון פּוילן, זענען געבליבן פאַרפּאַקט אין די פּאַמעראַנצן קעסטלעך אין קעלער, דער אייציקער סימן, אַז דאָס איז אַ יידיש הויז, איז געווען די מזוזה אויף דער דרויסנדיקער טיר און די יידישע צייטונג, וואָס ער האָט געלייענט אינעווייניק, אין שטוב.

דער משפּחהניק האָט אים אַמאָל געמוסרט, געוואָרנט, אַז זיין הויז ווערט פאַרפרעמדט פון יידישקייט, ווערט אַ גויאיש הויז. זיין קרוב האָט געהאַט אַ ווייטערן בליק פון אים. אָבער זיין אַנטשלאָסנקייט איז געווען: „ס׳איז ניט קיין יידיש הויז איצט, אָבער ס׳וועט ווערן״, — האָט ער צו זיך געזאָגט, קוקנדיק אויף דער אויסגעפּוצטער פּוסטקייט פון זיין ביי הויז.

ער האָט אויסגערעכנט, אַז די אויסשטאַטונג פון הויז קאָסט אים צוויי טויזנט דאָלאַר. צוויי טויזנט קאָסט אים דער פרעמדער גלאַנץ, די יידישע פּוסטקייט. אָבער ער וועט צוריק אַריינברענגען יידישקייט אין זיין הויז. ער וועט אָנהויבן מיט די קינדער, זיי אָנדינגען אין דער יידישער שול, אָדער צונעמען צו זיי אַ גוטן מלמד. אויך די יידישע ביכער וועט ער ביסלעכווייז אַריינפירן אין זיין הויז. צוריק אַריינברענגען יידישן גייסט, אַזוי האָט ער זיך צוגעזאָגט.

דערווייל וועט ער זיך מיטן ווייב ניט קריגן איבער די ביכער, וואָס

זענען געבליבן אין די פֿאַמעראַנצן־קעסטלעך. פריער דאַרף ער באַפֿעסטיקן דאָס הויז, זאָל עס שטיין אויף אַ זיכערן באָדן. ער דאַרף פריער באַזירן זיינע אונטערנעמונגען, זיינע פֿאַבריקן, די סאַראַד־בילדינג, די סעמיועל־בילדינג, וואָס ער האָט אָנגעהויבן בויען — אַז זיי וועלן זיכער זיין וועט אויך יידישקייט זיכער זיין אין זיין הויז.

דערווייל שטייט נאָך אַלץ אויף אַ משקולת, קיין זאַך איז ניט זיכער אין דער נאָך ניט־קלאָרער מבול־צייט; ער מוז שטיין אויף דער וואַך, היטן, זיין גאַנצע ענערגיע אָפּגעבן דערויף. אַלע שכנותדיקע פֿאַבריקלעך אין דער סאַראַד־געביידע גוססן, אָט וועלן זיי זיך אַלע פֿאַרמאַכן. ער דאַרף אָבער זען, זיי זאָלן זיך ניט פֿאַרמאַכן, אַפילו ווען ער אַליין זאָל זיי מוזן איבערנעמען און מיט זיין אָנפֿירן. די זאָקן־ און שמאַטע־פֿאַבריקן גייען גוט, דאָך דאַרף מען אויך אויף זיי אַכטונג געבן. דער קריזיס לאָזט ניט אָפּ, און קיינער ווייסט ניט וועמענס מאָרגן עס איז, יעדער טרינקענדיקער קען מיטשלעפּן, קען אַריינדרייען אין מבול־געווירבל.

מיט זיין גאונישן סוחרישן מוח האָט ער פֿאָראויסגעזען, אַז ער וועט די אַלע שכנים־פֿאַבריקלעך אַמאָל מוזן איבערנעמען און זיין נבואה האָט אויף זיך לאַנג ניט געלאָזט וואַרטן. זי איז מקוים געוואָרן פריער, ווי ער האָט זיך גערעכנט. די ערשטע איז געפֿאַלן דאָס אַבאַזשור־פֿאַבריקל, נאָך איר — די פּרוויען־אונטערוועש פֿאַבריק, ווי פֿון אַ מגפֿה, איז אָנגעשטעקט געוואָרן דאָס סוועטער־פֿאַבריקל, אויף וועלכער ער האָט שוין לאַנג אַן אויג געהאַט, און נאָך איר האָט זיך אויסגעגליטשט די היטעלעך פֿאַבריק.

צום סוף האָט דער בעל־הבית פֿון דער וועסט־און־הויזן פֿאַבריק אים איבערגעגעבן די שליסלען און געהייסן טאָן מיט איר וואָס אים געפֿעלט, ווייל צו אים איז ער געווען דער גרעסטער בעל חוב. אויך די העמדער פֿאַבריק איז אים אַריינגעפֿאַלן אין די הענט אַריין מיט הכל בכל מכל כל. די חובות און שולדן האָבן געקרייצט איין פֿאַבריק מיט דער צווייטער, מיטגעשלעפּט אַ ריי מיט חובות פֿאַרקנופּטע אונטערנעמונגען, וואָס זענען אונטערגעגאַנגען.

ער האָט זיי סיסטעמאַטיש אַלע איבערגענומען, איבעראָרגאַניזירט אויף נייע, זיינע יסודות, אויף נייע אַרבעטס־מעטאָדן און לוינען, אויף וועלכע די אַלטע אַרבעטער זענען וויליק איינגעגאַנגען, אַבי ניט צו ווערן אַרבעטסלאָז.

איצט, אַז אַלץ אין דער געביידע איז געווען זיינס, איז געקומען די צייט אויף איבערצופֿירן דעם פֿאַרקויף פֿון וואָל־ און זאָקן־פּראָדוקציע אין דער סאַראַד־געביידע, און געבן דער זאָקן־פֿאַבריק די געלעגנהייט צו צעפֿירן זיך די הענט, געבן איר פּלאַץ, וואָס ס'איז נויטיק פֿאַר אַ פֿאַר־גרעסערטער פּראָדוקציע. די אַלע געשעענישן האָבן צעשפּילט זיינע

אונטערנעמערישע פעאיקייטן — ער האָט גוט געוווּסט, ווי אויסצונוצן זיי אין זייער פולער קאַפּאַציטעט, און קיין איין געלעגנהייט יאָז פאַר אים ניט פאַרלוירן געגאַנגען. ער האָט געאַרבעט ביז שפּעט אין דער נאַכט אַריין, געאַרבעט פיבערדיק, ביז אויסגעשעפּטקייט, אָבער קיינמאָל ניט מיד געוואָרן צו אַרבעטן מער.

ער האָט צעטיילט די צייט צווישן ביידע אונטערנעמונגס־אַדרעסן. אינדערפרי האָט ער, צוזאַמען מיט די אַרבעטער, געעפנט די זאַקן־פאַבריק, זי געלאָזט אין גאַנג. אַז אַלץ האָט געקלאַפּט ווי ער האָט געוואָלט, איז ער אַוועק צום מסחר, אין זיין ביוראָ אין דער סאַראַד־געביידע, וואָס איז באַשטאַנען פון איין גרויסן פאַבריקס־לאַגער, אָנגעפּראַפּט מיט זאַקן און וואָל אויף אַלע פיר ווענט, אַ שטול, און אַ טיש מיט אַ טעלעפאָן.

ווי אַ קוועקזילבערדיקער אומרו איז ער אַרומגעלאָפן צווישן די איבערגענומענע פאַבריקלעך. אַריין צו איינער און אַרויס פון אַ צווייטער. אומעטום איז געווען זיין אויג, אויף אַלץ איז געווען זיין השגחה, אָבער די זאַקן־פאַבריק — זיין ביכורים־קראָפט, איז געבליבן זיין ליבלינג, דאָס שיינדל פון זיינע דערגרייכונגען.

סעמיועל סאַראַד האָט געהאַט שכל, אינטואיציע און מזל. די־אַ מעלות האַרמאָניע האָט אָנגעפירט מיט זיין הצלחה אין אַלץ, וואָס ער האָט אונטערגענומען. אַפילו צו מענטשן, מיט וועמען ס'איז געווען שווער אַדורכצוקומען, האָט ער געהאַט מזל און זיי זענען נאָכגעגאַנגען זיינע פאַרלאַנגען.

זיין איינפאַכער גלייכער גאַנג, זיין אָפנהאַרציקייט, זיין צוגיין דירעקט צו פּראָבלעמען, און זיין צוטרוי, וואָס ער האָט יעדן אַרויסגעוויזן, האָבן געבראַכט גרויס צוטרוי צו אים און צו זיינע האַנדלונגען. ער איז געווען דער „אוחז ביד" און ניט געדאַרפט קיינעם חושד זיין, האָט אויך אים קיינער ניט חושד געווען. ס'האָט זיך געשאַפן אַרום אים אַן אַרעאָל פון אַ „בעל מוצלח", און סעמיועל סאַראַד איז געוואָרן אַ שם דבר צווישן סוחרים; פאַבריקאַנטן און אונטערנעמער האָבן אים געוואָלט פאַר אַ שותף צו זייערע שלעכט גייענדיקע געשעפטן.

מען האָט אים אָנגעהויבן פאַרשלאָגן געשעפטן, שותפותן אויף פּראָ־צענטער. בלויז צו רווחים האָט מען אים געוואָלט אַריינציען, ניט אַריינצולייגן קיין קאַפּיטאַל, אַבי ער זאָל טיילן זיין גוט מזל, ווי די אַמאָליקע שותפותן פון חסידים מיטן רבין, אויפן בלויזן וואָרט. זיין וואָרט האָט ביי סוחרים געהאַט מער ווערט, ווי אַ צווייטנס באַרעס געלט. יידישע פּעדלער און קליינע סוחרים האָבן זיך אַרום אים געפילט גוט. זיינס אַ „בהן שלי"־וואָרט איז ביי זיי געווען גוט ווי גאָלד.

די, וועמענס געשעפטן ס'האָבן זיך גענומען גליטשן באַרג אַראָפּ,

גענומען גיין פון שלעכט צו ערגער, זענען צו אים געקומען זיך אָן עצה האַלטן, ווי צו פאַרבעסערן זייערע געפאַלענע געשעפטן, אים פאַרגעשלאָגן איבערנעמען זייערע שלעכט־גייענדיקע געשעפטן, אָנפירן מיט זיי און זיך אַליין פאַרגעשלאָגן דינען אים, ווערן זיינע אויפזעער אין זייערע אייגענע געשעפטן, אונטער זיין פירונג, פאַרלאַזנדיק זיך אויף זיין יושר, אַז ער וועט זיי קיין עולה ניט טאָן.

ער האָט יעדן אויסגעהערט מיט ערנסטן געדולד, געלאָזט זיך אויסרעדן, צו כאַפּן, וואָס דער מענטש איז, וועד ער איז, צו זען צי מ׳קען מיט אים און זיין געשעפט עפּעס אויפטאָן. זיין מיינונג איז געווען: אַז יעדנס געשעפט איז אַזוי גוט ווי זיין געשעפטסמאַן, וואָס פירט דערמיט אָן. „אַ פעאיקער געשעפטסמאַן מאַכט פון אַ שלעכט געשעפט אַ בעסערס, ווי אַ בעל־מלאכה מאַכט פון זיין רויען מאַטעריאַל אַ גוט אַרטיקל, אַ גוט שטיקל סחורה״. — פלעגט ער איינטענהן.

דעריבער האָט ער זיך מער אינטערעסירט מיטן מענטש פונעם שלעכט־גייענדיקן געשעפט, ווי מיטן געשעפט אַליין, צו זען, צי מ׳קען עפּעס אויפטאָן מיט אים. מיט וואָס מ׳קען אים העלפן, העלפן זיין געשעפט. ער איז געווען אָפנהאַרציק, פיל מאָל אומטאַקטיש, סוחריש־ברוטאַל, אַ סך מאָל געזאָגט דעם ביטערן אמת דעם מענטשן וועגן זיין געשעפט־פירונג, געזאָגט וואָס ער טראַכט וועגן ביידן. געגעבן זיין עצה, זיין וואָרענונג, און מ׳האָט אים געפאָלגט, אַפילו ליקווידירן געשעפטן.

## קאַפּיטל 14

אָט די נייע, שיינע ווירקלעכקייט האָט סעמיועל סאַראַדן חלילה ניט געענדערט, ניט איבערגעפירט. דאָך איז עס ווייט ניט דער אַמאָליקער שלמה זלמן.

אין דעם נייעם שיינעם הויז איז דאָ פון כל גוטס פאַרן קערפּער און פאַרן אויג. שיינע מעבל, שיינע נייע קליידער פאַר יעדן אין די שענק, אָבער פון יידישקייט איז אין נייעם הויז קיין סימן ניטאָ. זיין אייגענעם צוזאָג אַריינצופירן יידישקייט אין זיין הויז האָט ער דערווייל פאַרגעסן, עס אַרט אים מער ניט אַזוי שטאַרק ווי אַמאָל. ס׳פעלט אים איצט אַפילו ניט דאָס יידישע בוך. ער האָט קיין צייט ניט מער פאַר דעם. ער איז פאַרטאָן אין בויען אַן אימפּעריע פאַר זיך, אַ נאָמען, אַ שם דבר צווישן מענטשן, זיין און זיינע קינדערס צוקונפט בויט ער. ער איז מקיים דאָס, וואָס אונדזערע חכמים האָבן געזאָגט: „לא יהיה בך אביון״, און ער טרייבט פון זיך דעם דלות.

די יידישע היימישע ביכער, וואָס ער האָט אַמאָל געבראַכט מיט זיך פון פוילן, ליגן נאָך אַלץ אין קעלער פאַרפּאַקט אין די פּאַמעראַנצן־קעסטלעך און וואַרטן אויף זייער אויסלייזונג. פאַר זיי איז ניטאָ קיין אָרט אין דעם נייעם הויז. בלויז איין צוזאָג האָט ער יאָ געהאַלטן: די צוויי קינדער, ברוכן און ראָזעלין האָט ער אָנגעדונגען אין דער יידישער ש״ל. אָבער צי זיי גייען דאָרט אַהין, וואָס זיי טוען דאָרט, דערמיט האָט ער זיך פאַרלאָזט אויף די לערער און דער ווייב, וועמענס נאָטירלעכע אויפגאַבן זענען געווען צו פאַרנעמען זיך מיט דער קינדער־דערציאונג. ער האָט פאַרגעזעצט זיין פליכט צו באַוואָרענען זיי קעגן דלות און אביונות, וואָס לויערן שטענדיק פון אומזעבאָרע באַהעלטענישן.

ער האָט שוין געהאַט הייזער און שלעסער, פאַבריקן און פאַבריקלעך. ס'האָט זיך שוין געבויט די נייע „עס און עס"־געביידע, אַלץ לויט זיין פּלאַן, אָן שום מכשול, חלילה, אָבער האָט נאָך אַלץ געזוכט זיך צו פאַרפּאַנצערן קעגן לויערנדיקן דלות, ניט געבן אים מער קיין דריסת הרגל צו זיין הויז.

אמת, מאַסיווע טויערן האָבן באַוואָרנט די פאַבריקס־געביידעס, אָבער אומוועגן און זייטיקע טירלעך, דורך וועלכע דער דלות קען זיך פאַרגנבענען, אריינשטעלן אַ פוס, קענען חלילה שטויסן צו באַרג אַראָפּ. דאַרף מען זיך אַרומשטעלן מיט נאָך פאַבריקן, מיט נאָך אַ געביידע, פאַרבאַריקאַדירן זיך קעגן נישט געזעענע לאָ־יצולחדיקייטן.

דערפאַר מוז ער אַליין אַרבעטן שווער, זאָרגן, אַז אַפילו איין מאַשין זאָל ניט שטיין ליידיק. ער מוז זאָרגן ניט בלויז פאַר זיך און זיין משפחה. ער שאַפט דאָס אַלץ פאַר אַלע. פאַר די אַלע, וואָס ער קען אַפילו ניט. ער שאַפט די גרויסע אינדוסטריעלע סימפאַניעס, ווי דער גרויסער קאָמפּאָזיטאָר זיינע קאָמפּאָזיציעס — פאַר אַנדערע, פאַר אַלעמענס הנאה.



אויך די מיסעס סאַראַד איז ניט געווען צו דערקענען מער. אויך זי איז געוואָרן אַ גאַנץ אַנדערע. אין דעם נייעם הויז, אויפן בולעוואַרד, האָט זי אָנגעהויבן פאַרנאַכלעסיקן זיך. זי איז פעט געוואָרן, אָפּגעלאָזן, ניט געלייגט אויף זיך מער קיין אַכט, ניט געווען דאָרט אַפילו קיין שכנה, פאַר וועמען זיך פוצן. דער מאַן זעט זי סיי ווי ניט, ניט בייטאָג און ניט ביינאַכט, פאַר וועמען אייגנטלעך זיך פוצן? איר גאַנצע אויפמערקזאַמקייט האָט זי איצט אָפּגעגעבן די קינדער און דער איינציקער טאָכטער, וואָס איז געוואַקסן שיין, גראַציעז, ווי אַ סאָסנע אויפגעגאַנגען אין דעם נייעם הויז. עס האָט איר הנאה געטאָן צו זען, ווי עס פאַרמירן זיך אירע רייפע

גלידער מיט אַלע חנען — די ברכה פון יעדער פרוי. האָט זי אָנגעהויבן וועקן ביי איר דאָס געפיל צו שיינע קליידער, צום פוצן זיך, געקעמט איר די האָר אַלע טאָג אַנדערש, אויסצוגעפינען, וועלכע פריזור פּאַסט איר בעסער.

ווייל סעמיועל סאַראַד איז געווען פאַרנומען מיטן בויען זיין אינדוסטרי־אימפעריע, און זעלטן זיך אינטערעסירט מיטן הויז אַדער מיט די קינדער, ניט געגומען זיי מער אויף די שבתדיקע שפּאַצירן ווי אַמאָל, זיי אַפילו ניט אונטערגעפירט מער אין די זונטיקן אין דער יידישער שול אַריין — זענען זיי אינגאַנצן אַרונטערגעפאַלן אונטער דער מוטערס נאַכלעסיקער השפעה.

אין די וואָכעדיקע טעג איז מען געגאַנגען אין דער ענגלישער שול, אַמאָל אויך אין דער יידישער שול, אָבער מערסטנס האָט מען געקרענקט אויף דער פוילקייט־מחלה אין די נאָכמיטאָגס. נאָכן פריי ווערן פון דער ענגלישער שול, איז מען שטאַרק מיד געוואָרן, קוים דערשלעפּט זיך אַהיים, שפּעט שוין צו גיין אין דער יידישער שול. און שבת און זונטיק זענען זיי באַלד פרי אַנטלאָפן אין אַמאַליקן פּאַרקל אַריין, און דאָרט אָפּגעלעגן די טעג.

די מאַמע איז געווען צופרידן, וואָס די קינדער פאַרברענגען אויף דער פרישער לופט, אין שפּילערייען, ניט מוטשען זיי אין נאָך אַ שול, מיט יידיש, וואָס קיינער נוצט ניט מער, ניט אין הויז און ניט אין גאַס. נאָך וואָס מוטשען קינדער, יאָגן זיי פון איין שול אין דער צווייטער, וואָס פאַר אַ נוצן, משטיינס געזאָגט, קענען זיי שוין האָבן פון אַזאַ לערנען, אַ שעה נאָכמיטאָג, ווען דער קאָפּ זייערער איז אין דרויסן ביי די שפּי־לערייען ?

האָט זי זיך געמאַכט ניט זען און הערן, ווען די קינדער זענען ניט געגאַנגען אין דער יידישער שול, האָט זי ניט נאָכגעקוקט, וווהין זיי גייען, אַפילו ראַזעלין ניט, ווייל זי האָט געוווסט, אַז זי איז אַ מיידל אַ כוואַט, און קען זיך איר שטעטל באַשטיין.

און די קינדער זענען זיך געגאַנגען צו זייערע אַמאַליקע פּאַרקל־חברים. ראַזעלי צו אירע אַמאַליקע שפּילערייען מיט די יינגלעך, און בען האָט שוין מער ניט געפייניקט קיין קעצלעך, נאָר קליינע יינגלעך און מיידלעך אין פּאַרקל, מער מיידלעך ווי יינגלעך. וואָס ער האָט ניט געקאָנט טאָן ראַזעלין, האָט ער געשטילט זיין נקמה ביי זיי.

פון פּאַרקל האָט בען אַהיים געבראַכט אַ גרויסן קודלעוואַטן הונט, אַ חונף און אַ פּחדן, וואָס האָט מורא געהאַט פאַר זיין אייגענעם שאָטן, און געהאַלטן אין איין בילן אַ גאַנצע נאַכט, ניט געלאָזט קיינעם קיין אויג צומאַכן פון דער גאַנצער געגנט. אויפן צווייטן טאָג, האָט עמיצער

געשיקט די צער־בעלי־חיים, און ווען בען איז געווען אין שול, האָבן זיי צוגענומען זיין הונט. בען האָט געבענקט נאָך אים און חושד געווען דעם טאַטן, אַז דאָס האָט ער אים אַפּגעטאָן דאָס שפּיצל.

דאָס נייע הויז, וואָס האָט געדאַרפט פאַרבעסערן אַלעמענס מערכה, דערנענטערן, פאַרבעסערן די באַציאונגען, האָט גאָר אָפּגעזונדערט, געגעבן יעדן אַ באַזונדער ווינקל, זיין חדר, אָפּגעטיילט, צעשיידט. די מיסעס סאַראַד האָט זיך אָפּגעזונדערט און איבערגעריסן מיט אַלע אירע אַלטע באַקאַנטשאַפטן, און קיין נייע ניט געזוכט. דאָס נייע הויז איז געשטאַנען אַרומגעצוימט מיט אַ פּאַרקן, וואָס האָט איר אַרויסגעהאָלפן אין איר אָפּזונדערן זיך. אין איר אָפּגעלאָזנקייט, האָט זי ניט געהאַט פאַר וועמען זיך די האָר צו פאַרקעמען, אָדער דאָס קליידל זיך אויסצופּרעסן, טעג גאַנצע איז זי פון הויז ניט אַרויס.

בלויז די טאָכטער האָט זי געפּוצט און געסטראַנצלט אין נייע קליידלעך, צו להכעיס דעם מאַן, וואָס האָט געשריגן, אַז זי פירט איבער דאָס קינד, פירט זי צו תרבות רעה. „ער פאַרגינט איר ניט קיין קליידל, ערגער ווי טויטל, דער הויפּט־שנאָרער פון שטעטל, וואָס פאַר זיין ווייב דרעזול און זיינע קינדער איז ער געגאַנגען איבער די הייזער, ניט פאַרגונען זיך אַ ביסן, און אַלץ געטראָגן פאַר ווייב און קינדער — ניט ווי דער הייזער־ און פאַבריקן־אייגנטימער, וואָס פאַרגינט ניט, דער איינציקער טאָכטער, אַ קליידל און שרייט, אַז אַ קליידל וועט זי צעבאַלעווען און אַראָפּפירן פון גלייכן וועג״.

וואָס מער ער האָט געשריגן, אַז זי צעבאַלעוועט די קינדער, גיט זיי נאָך די שמד, אַלץ מער האָט זי זיי נאָכגעגעבן, און מער פון אַלע, דער בת־יחידה. אין איר האָט זי אַריינגעבראַקט איר אָפּגעשפּאַרט טאַשן־געלט, אויף קליידלעך און בלוזקעלעך און אַלערליי פּוצעכצן — מיט אייפער זי געגרייט פאַר דער פּרויען־ראָל. אַ סך מאָל האָט זי געטוישט אירע קליידלעך צוויי מאָל אין טאָג, פאַר דער שול און אַ צווייטס צום שפּילן זיך. ראָזעלי איז שטענדיק אַהיים געקומען נאַכלעסיק אין איר אָנטועכץ, אַ סך מאָל אויך צעריסן, פון דעם אַרומטומלען מיט די יינגלעך, און די מוטער האָט איר אַפילו קיין פאַרוואורף ניט געמאַכט, פאַרקערט — זי האָט זי גאָר דערפאַר ליבער געקראָגן, געזען, אַז זי וואַקסט ניט קיין לעמעשקע, און וועט ניט וואַרטן אויף איר ריטער. די יינגלעך האָט זי פאַרלאָזן, ווי זיך אַליין. במשך דער וואָך ניט געטוישט זייערע מלבושים. בענען האָט דאָס פאַרדראָסן, אָבער ער האָט פאַרשוויגן פאַרן פרייז פון צורו לאָזן אים, פאַרן ניט זיין אַזוי שטרענג צו אים.

דאָך האָבן די אַלץ נייע קליידלעך, וואָס ראָזעלי האָט געקראָגן, אָנגעהויבן אים פאַרדריסן. אויף אים שרייט די מאַמע פאַר צערייסן זיין

סוועטער און דראַט, אַז אַ גאַנצע וואָך וועט ער מוזן אים טראָגן אַזוי אין ביידע שולעס. עס האָט זיך אים געוואָלט אויסשרייען, אַז זי איז אַ שלעכטע מאַמע, אַז ראַזעלי איז ניט בעסער פון אים.

ביז ס׳איז געקומען די צייט, ווען ראַזעלי האָט מער ניט געוואָלט, ער זאָל מיט איר מיטגיין זיך שפּילן. זי האָט זיך אָוועקגעגנבעט פון אים, באַהאַלטן זיך, אַנגערעדט די יינגלעך, זיי זאָלן אים פאַרטרייבן פון פּאַרקל, ווייל ער וויל ניט שפּילן זייערע שפּילערייען, נאָר שלאָגט די מיידלעך, רייט אויף זיי ווי אויף פערד, און זייערע צעפּ דינען אים פאַר לייצעס.

ער האָט געוואָלט שפּילן זיך אין רייטער־פּאָליציי און רויבער, אין זעלנער און גענעראַלן — פירן מלחמות, ניט קושן זיך מיט זיי. די יינגלעך האָבן אים דערפאַר פאַרטריבן פון פּאַרקל, זיי האָבן געפּאָלגט זייער פירערין, זייער ליבלינג, וואָס האָט געלאָזט זיך קושן און צוריק געקושט.

בען האָט דעריבער רעוואָלטירט קעגן דער מאַמען און דער שוועסטער, און אַרויסגעגעבן איר סוד: ראַזעלי גייט ניט אין דער יידישער שול, נאָר אין פּאַרקל, וועט ער אויך ניט גיין. האָט ווידער ראַזעלי געטענהט, אַז בען גייט ניט, גייט זי אויך ניט.

„קיין רבנים אין פעלצן", — האָט די מוטער געזאָגט, — „וועלן זיי סיי ווי ניט זיין", — און נאָכגעגעבן די קינדער.

סעמיועל האָט געוווּסט, אַז די מאַמע פירט איבער די קינדער מיט איר פּיעשטשען זיי. ער האָט עס איר ניט איינמאָל געזאָגט, אַז זי קליידט דאָס מיידל עלטער, ווי זי איז, פּוצט זי און לאָזט זי זיך אַליין פּוצן, ווי אַ דערוואַקסענע, העלפט איר זיך קאָקעטיש פאַרקעמען די האָר, צעבלאָזט דאָס פרויען פּייערל אינעם יונגן האַרץ.

„דו פירסט איבער דאָס קינד. מיט דיינע אייגענע הענט פירסטו זי אַראָפּ פון גלייכן וועג. הלוואי זאָל דיר ניט באַנג טאָן".

ער האָט באַמערקט, ווי דאָס קינד האָט ליב צו באַטראַכטן זיך אינעם שפּיגל, ווי אירע אויגן צעגלאַנצן זיך, ווען זי טוט אָן עפּעס אַ ביי בענדל אויפן קאָפּ, עס האָט אים געשראָקן דאָס זשעסטיקולירן מיט איר יונג קערפּערל פאַרן שפּיגל. די מוטער וועקט פּריצייטיק אין איר די פרוי: צו וואָס וועט דאָס דערפירן?

„אין דיינע געשעפטן ביסטו גאָרניט אַזאַ פּעסימיסט, ווי דו ביסט לגבי דיינע קינדערס צוקונפט", — האָט זי געזאָגט.

„די געשעפטן פיר איך אַליין, אָן דיין שותפות. דאַנקען גאָט, וואָס דאָרט האָסט דו ניט קיין דעה", — האָט זיך ביי אים אַרויסגעכאַפּט.

„דאָרט האָלסטו גאָט ביי דער פּאָלע?" — זי האָט אַרויסגעשיקט די קינדער צום שפּיל־פּלאַץ. זיי זענען אים פאַרבייגעגאַנגען מיט גאווה, וואָס די שטאַרקע מוטער איז אויף זייער זייט. די קינדער האָבן פרי דערפילט

דעם קידער־ווידער צווישן טאַטע־מאַמע. ראַזועלי מיט איר יונג קלוג קעפּל, האָט עס גוט אויסגענוצט פאַר זיך.

ווען זי האָט זיך אַמאָל אויפגעוועקט פון שלאָף, האָט זי געהערט אַ בייז געשפּרעך צווישן טאַטע־מאַמע וועגן איר. דער פאָטער זאָגט, אַז זי וואַקסט אַ ווילדע מויד, האָט ליב אַרומצולויפן מיט יינגלעך, נאָר זי קושט זיך מיט זיי, זי ווערט פאַרדאָרבן, עס וועט פון דעם קיין גוטס ניט אַרויס. די מאַמע האָט זיך צעלאַכט, אים פאַרגעוואָרפן, אַז שטענדיק איז ער בייז, אַ ניט פאַרגינער, אַפילו זיינע אייגענע קינדער פאַרגינט ער ניט אַ ביסל לעבן. ראַזועלי האָט ניט געקאָנט פאַרשטיין, פאַרוואָס קושן אַ יינגל איז אַזוי שלעכט, ווען אין דער אמתן איז עס גוט, ממש אַ פאַרגעניגן. זי האָט פיינט געקראָגן דעם טאַטן אין דער שטיל, ביי זיך אין האַרצן.



אַ זונטיק פרי, איידער ער איז אַוועק זיך פונאַנדעררעכענען מיט די פּעדלער אין די וועסטל־געשעפטן, איז אים איינגעפאַלן, מיטצונעמען די קינדער אין דער יידישער שול, און אויפן וועג אין פאַבריק אַריין, כאַפּן מיט זיי אַ שמועס וועגן לערנען. אפשר אויך, אויב די צייט וועט דערלויבן, אַריינכאַפּן זיך אין שול אַ שמועס טאָן מיטן לערער. ווי פרי ס׳איז נאָך געווען, זענען שוין אָבער די קינדער געהאַט אַוועק פון הויז. ער האָט געזוכט, גערופן, אָבער פון זיי איז שוין קיין זכר ניט געווען.

האָט אים הנאה געטאָן די פלייסיקייט פון די קינדער. אָבער דורכ־גייענדיק די שול, האָט ער אַריינגעבליקט צו זען זיך מיט די קינדער, און דערשטוינט געוואָרן צו הערן פונעם לערער, אַז זיי זענען שוין וואָכן אין דער שול ניט געווען, אַז זיי האָבן זיך שוין געגרייט אים שרייבן וועגן דעם, ווייל טעלעפאָנירן העלפט ניט.

ער האָט געדריקט מיט די פינגער אין וועסטל־קעשענע. „וואָס וועט מיר העלפן דאָס איצטיקע אַהיים גיין ?״ — האָט ער געטראַכט און געגאַנגען צו זיינע זונטיקדיקע פּעדלער־חשבונות. „אָבער איך וועל היינט פאַרטיק ווערן פריער. איך מוז וויסן, וואָס עס גייט אָן, וואָס עס טוט זיך אין מיין הויז מיט מיינע קינדער״. דעם זונטיק האָט געפעלט דער געוויינלעכער הומאָר זיינער, די תורה־ווערטלעך, דער טאָג אַז דורך אין טרוקענער געשעפטסמעסיקייט.

„פאַרוואָס גייען ניט די קינדער אין שול ?״ — איז ער גלייך צוגעטראָטן צום שול־ענין, ווי נאָר ער האָט פאַרמאַכט די טיר הינטער זיך. — „די קינדער זענען היינט אין שול ניט געווען, שוין וואָכן זענען זיי שוין דאָרט ניט געווען !״

„ווייל זיי ווילן ניט גיין אַהין". — האָט די ווייב געענטפערט קאַלט.

„אַזוי, זיי ווילן ניט. אַז זיי ווילן ניט עסן, וואָס טוסטו ?"

„איך טו, וואָס איך קען, וואָס כ׳בין באַרופן צו טאָן. די פיזישע דערציאונג, איז מיין אויפגאַבע. דו פאַרנאַכלעסיקסט זיי, דו לאָזט זיי אויף הפקר, אַבי דו האָסט זיי אַנגעדונגען".

„איך פאַרנאַכלעסיק זיי ? !" — האָט ער אַנגעשטעלט אויף איר אַ פּאָר צע׳כעס׳טע אויגן. — „איך האָב זיי געלאָזט הייַנט פרי אַרויסגליטשן זיך פון הויז, איך האָב פאַרשוויגן זייער אויפהערן גיין אין שול ? פאַרוואָס ווייס איך ניט וועגן דעם ? !"

„ווייל דו האָסט קיין צייט ניט פאַר אונדז. דיין עגל הזהב, דעם גאָלדענעם קאָלב דיינעם — די געשעפטן דיינע, דינסטו ערלעך און געטריי, זיי גיסטו אָפּ דיינע טעג און נעכט. ווי אַזוי קענסטו האָבן צייט פאַר זיי ?" — האָט זי געוויזן צו די קינדערס חדרים, און רויטע כעס־פלעקן האָבן באַדעקט איר פּנים.

„כ׳קען ניט חרוב מאַכן אַלץ און אַהיימקומען היטן זייער גיין אין שול אַריין. דאָס איז בעצם דיין אויפגאַבע. דו פאַרנעמסט זיך מיט חרוב מאַכן, הייסטו אויך מיר חרוב מאַכן ? ! ברענגסט אַריין חורבן אין הויז. די קינדער פאַרלירן זייער וועג, דיין אַרט קליידן ראַזעלין רופט אַרויס אין איר די פרוי פאַר דער צייט. מאַכסט אַלץ חרוב ומוחרב. איך וועל ניט חרוב מאַכן דאָס, וואָס ס׳האָט ביי מיר גענומען יאָרן אויפצובויען !" — האָט ער געשטשירעט די ציין.

„אָט וואָס איך מיין, דו וועסט ניט חרוב מאַכן, ס׳וועט דיך חרוב מאַכן ! און דאַן וועסטו עס אויך אַרויפלייגן אויף מיר. אין אַלץ בין איך שולדיק ! האָב איך דיר ניט געזאָגט, אַז זיי וועלן ניט גיין אין ביידע שולן לערנען ? די תורה׳ס פון דער יידישער שול קענען זיי לערנען אין הויז, ביי אַ מלמד, און אוודאי ניט אין דער צייט, ווען קינדער דאַרפן זיך שפּילן".

„און ווו איז, זאָג מיר, דער מלמד, וואָס זאָל דיר העלפן ?"

„דו ביסט דער טאַטע, זוך פאַר זיי אַ מלמד, אַבער ניט דעם פּרעסער דיינעם !"

„אַזוי, ס׳איז טאַקע אמת, דו טרייבסט אים פון הויז און לאָזט אים איבערן שוועל ניט אַריבער, ער האָט דיר אַ גרויסע עוולה געטאָן, דער משפחהניק מיינער ?"

„ער האָט דאָ גאָרניט וואָס צו טאָן, נאָך וואָס קומט ער אַהער ? — האָט זי געפרעגט.

„ער וויל זען די קינדער, ער האָט זיי ליב. איז דאָס ביי דיר אַן עוולה, אַ פאַרברעכן ? !"

זי האָט שווייגנדיק גענומען זיך אַרויסשאַרן פונעם הויז, געלאָזט אים אַליין מיט זיינע טענות.

אַז אין שטוב איז געוואָרן שטיל, איז אים אויפן זכרון געקומען דעם משפחהניקס אַ שפּאַסיקע וואָרענונג אַמאָל, ער זאָל זיך היטן פאַר די: „שבעה שערים בגופו של אדם, שהם סרסורי עבירה", — די זיבן טויערן אינעם מענטש, וואָס זענען די מעקלער פון זינד. „שלמה זלמן, היט די קינדער, היט זייערע אַלע חושים, דער עיקר היט זייערע יונגע מוחלעך". צו אים טאַקע, צום משפחהניק, איז ער איצט אַוועק, מיט אים זיך אַן עצה האַלטן, דערביי פרעגן אויף עפּעס אַ גוטן לערער.

דער משפחהניק האָט זיך דערפרייט מיט אים און מיט שמחה גענומען אויף זיך די מיסיע איינצושאַפן אַ גוטן לערער פאַר זיינע קינדער. ס'איז גאָרניט קיין קרומע זאַך, אַ פּריוואַטער לערער פאַר זיי. כ'וועל דיר צושיקן ר' יעקבן, אָדער זיין ברודער דוד מאירן. זאָרג ניט, אַלץ וועט זיין לטובה", — האָט ער אים באַגלייט צו דער טיר.

פון משפחהניק איז ער אַרויס אַ צופרידענער. ער איז געווען זיכער, אַז ער וועט פאַר אים אויסזוכן אַ גוטן לערער. און עס האָט לאַנג ניט גענומען, און דער משפחהניק האָט אים פאָרגעשטעלט אַ ייד מיט אַ שפּיציק קאָזע-בערדל, מיט אַ פּאָר פאַרזשמורעטע קורצזיכטיקע אויגן — ר' נחמן.

ר' נחמן האָט זיך אויסגעפרעגט אַלע איינצלהייטן וועגן די קינדער, זייער עלטער, צי זיי זענען אין וווקס העכער פון די יאָרן, צי לערנען זיי מיט חשק, ווען און וויפל שעורים אין וואָך, און ווי לאַנג זאָלן זיי דויערן. וועגן שכר-לימוד האָט ער ניט געוואָלט רעדן, ער ווייסט אַליין ניט, צי ער וועט ווערט זיין שכר-לימוד. „וועגן דעם וועט מען רעדן שפּעטער, לכל זמן", — האָט ער זיך געלאָזט צו דער טיר.

„ר' נחמן איז אַ ווילער ייד, אַ קענער אַ מופלג, כמעין המתגבר", — האָט דער משפחהניק אים איינגערוימט, בעת ר' נחמן איז אַוועק צום אַרויסגאַנג.

אָבער ר' יחיאלן האָט סעמיועל סאַראַד אַנגעזאָגט, אַז יעדן מיטוואָך, ווען ער צאָלט אויס די יידן אין דער שמאַטע-פאַבריק, זאָל ער אויך אויסצאָלן ר' נחמנען וויפל מ'צאָלט אין שטאָט אַ מלמד און טאַקע שוין פון דעם מיטוואָך אָן. אויך סימאַר שטיינען האָט ער אַנגעזאָגט אויסצושטעלן ר' נחמנס געהאַלט לויט ר' יחיאלס אָנווייזונגען.



אַז ר' נחמן האָט אָנגעקלאַפּט אין דער סאַראַד-טיר, האָט מיסעס סאַראַד שוין געהאַט פאַרגעסן, אַז עס דאַרף קומען אַ רבי צו די קינדער.

און זי האָט אים געהייסן וואַרטן, זי וועט אים ברענגען אַ נדבה. ווען ער האָט איר געזאָגט, אַז ער איז געקומען לערנען מיט די קינדער, האָט זי אים געהייסן קומען מאָרגן, ווייל די קינדער זענען ניטאָ און זי האָט אים באַשטעלט אויף מאָרגן נאָך וועטשערע.

„באַלד נאָך מנחה מעריב", — האָט ר' נחמן זיכער געמאַכט די ריכטיקע צייט.

ר' נחמן איז איר פון ערשטן בליק ניט געפעלן געוואָרן. ער האָט אויסגעזען נאָך בייזער פון שמואל יצחק, דער שמש פון שטעטל, וואָס פלעגט אַריין צו איר טאָטן אין אייזן־קראָם יעדן פרייטיק נאָכמיטאָג, אין דער בעסטער יאַריד־צייט, און געיאָגט דעם טאַטן ער זאָל פאַרמאַכן די אייזן־קראָם, ווייל עס דערנעענטערט זיך דער שבת. געטריבן די פויערים, ניט אָפּגעטרעטן, ביז זיי זענען זיך צעלאָפן און ס'איז שוין ניט געווען פאַר וועמען צו האַלטן אָפן די קראָם.

זי האָט פון ערשטן אויגנבליק געוואָרפן אַן אומחן אויף דעם יידן, נאָך איידער זי האָט אים דערקענט, זי איז געווען זיכער, אַז דער ייד וועט מיד ווערן פון לערנען ראָזעלין און בענען. זיי וועלן אים שוין אַליין פאַרטרייבן, אָן איר הילף.

ראָזעלי האָט, מיט דער מאַמעס הילף, פרי זיך אָנגעהויבן פירן, ווי אַ דערוואַקסענע. דאָס יונגע מיידעלע איז געוואַקסן ווי אויף הייוון. אַלע האָבן איר דאָס געזאָגט, און נאָך מער די מוטער אַליין, און זי האָט געפילט, אַז עס צעוואַקסט זיך אין איר אַ כוח. אַמשטאַרקסטן האָט זי עס געפילט פון די בייזע און ברוגזע בליקן פון די שול־מיידלעך, און זי האָט זיך דערפילט שוין ווי אַ דערוואַקסענע. אָבער דער רבי וואָס איז געקומען לערנען מיט איר יידישקייט, האָט זי באַהאַנדלט ווי אַ קינד, גערופן זי און בענען ביי די יידישע נעמען, רבקה און ברוך, און זי האָט אים פיינט געקריגן, דעם יידן מיט די גרויסע ברעמען איבער די פאַרזשמורעטע אויגן, מיטן בייזלעך אַרויסשטייענדיקן שפּיציקן בערדל.

ווייל די מאַמע האָט געהייסן, איז זי צוגעגאַנגען צום טיש, ווו ר' נחמן איז געזעסן און געוואַרט, אַז זי מיט ברוכן זאָלן קומען לערנען. די אַנדערע יינגלעך האָבן זיך אַרומגעשטעלט, אַריינגעקוקט זיי אין די פּנימער און געכיכיקעט, אָנגעשטעקט אויך זיי מיט געלעכטער און ניט געלאָזט אָנהויבן לערנען. די מאַמע האָט זיך געמאַכט ניט ווויסנדיק.

ר' נחמן האָט באַלד דערפילט, אַז ער איז ניט קיין אָנגעלייגטער גאַסט אין דעם הויז, אַז ניט די קינדער ווילן לערנען און ניט די מאַמע וויל זיי זאָלן לערנען. „פון דעם קאָרן וועט קיין ברויט ניט זיין", — האָט ער געזאָגט צו ר' יחיאלן, ווען ער האָט אים מיטוואָך געבאָכט דעם ערשטן טשעק פאַר שכר־לימוד.

ר׳ יחיאל האָט אים אויסגערעדט, דערמאָנט אים אין „כל התחלות קשות״, מכל־שכן פאַר קינדער. וואָס הויבן ערשט אָן. צו זיי דאַרף מען דאָך דאָס גרעסטע סבלנות, בפרט נאָך דאָ אין אַמעריקע, וואָס איז מבטל גרויסע מענטשן פון יידישקייט, דאַרף דאָך אוודאי דאָס סבלנות פון אַ יידישן לערער זיין שטאַרקער פון אייזן און די גרויסע מצווה איז אין לשער.

אָבער וואָס גרעסער ר׳ נחמנס סבלנות איז געווען, אַלץ ווייניקער חשק האָבן ראַזעלי און בען געהאַט צום לערנען. וואָס לענגער ר׳ נחמן האָט אויף זיי געוואַרט, אַלץ שפּעטער זענען זיי געקומען. די צייט איז אַוועק מיטן זוכן זיי. ווען מ׳האָט זיי שוין יאָ געפונען, האָט זיך אָנגעהויבן אַ מעשה מיט וואַשן און רייניקן זיך, אַז געבליבן איז צייט צו ווייזן אַ צורת אלף און אַמאָל דאָס אויך ניט.

ר׳ נחמן איז געזעסן, ווי אויף שפּילקעס, געקרעכצט און געאַכצט, אַריינגעקוקט אין אַ ספרל, געוואַרט ביז די צייט פון לערנען איז אַדורך. און מיסעס סאַראַד האָט אים געלאָזט וויסן, אַז היינט וועט מען שוין ניט לערנען, ווייל ממילא איז שוין ניט געבליבן מער קיין צייט, נאָר אויף אָפּעסן וועטשערע און גיין שלאָפן. זאָל ער שוין בעסער גיין אַהיים. ר׳ נחמן האָט פאַרלאָזט דאָס הויז מיטן באַשלוס: מאָרגן, בלי נדר, אָפּלערנען פאַר היינט אויך. אָבער אַז אויך מאָרגן זענען די קינדער פאַר־שווונדן, האָט ער צוגעשטימט מיט מיסעס סאַראַדס פאָרשלאָג: אַהיים גיין און וואַרטן ביז מ׳וועט אים רופן.

ר׳ נחמן איז „ניט געזעסן ליידיק״, ער האָט דאָך געוואַרט מ׳זאָל אים צוריק רופן צו די סאַראַדס. די צייט פאַר סאַראַדס קינדער, צו לערנען מיט זיי יידישקייט, האָט ער אַ צווייטן ניט אַוועקגעגעבן, אפשר וועט מען אים פאַרט רופן. אָבער אַז מ׳האָט אים מער ניט גערופן, האָט ער מער דעם טשעק פון ר׳ יחיאלן ניט געוואָלט מקבל זיין. „איך מוז זיך זען מיט מיסטער סאַראַד״, — האָט ער גע׳טענה׳ט.

סעמיועל סאַראַד האָט אויסגעהערט ר׳ נחמנען, געזען זיין צער און געבעטן אים ניט אויפגעבן. אַלע אָנהויבן זענען שווער, ווער שמועסט נאָך מיט יידישע קינדער. ער האָט צוגעזאָגט אַליין זען, זיי זאָלן זיין אין הויז זונטיק, ווען ער וועט קומען לערנען מיט זיי.

אָבער זונטיק האָט מיסטער סאַראַד זיך ניט געקאָנט דערוואַרטן אויף ר׳ נחמנען. ר׳ נחמן האָט געוווּסט, אַז זונטיק פרי ברענט ניט אין די יידישע הייזער די תורה, און אוודאי ניט דער גרויסער לוסט צו יידישקייט. פון מיסטער סאַראַדס זונטיקדיקע פעדלער־חשבונות, האָט ר׳ נחמן ניט געוווּסט, וואָסזשע האָט ער זיך געהאַט צו איילן? און מיסטער סאַראַד האָט דאָך אַליין צוגעזאָגט צו וואַרטן.

סעמיועל סאַראַד האָט מער ניט געקענט איינהאַלטן די קינדער לעבן זיך. ער האָט ניט געהאַט קיין געדולד צו זיי און זיי ניט צו אים. ער האָט זיי אַרויסגעלאָזט פאַרן הויז בלויז און אָנגעזאָגט, זיי זאָלן זיך ניט דער־ווייטערן פון הויז. דעם ווייב האָט ער אָנגעזאָגט צו רופן זיי, ווי נאָר ר׳ נחמן וועט זיך באַווייזן. און איז אַוועק צו זיינע חשבונות מיט די פּעדלער.

ר׳ נחמן איז געקומען ווי ער האָט אויסגערעכנט צווישן עלף און צוועלף פאַר מיטאָג, אָבער מיסטער סאַראַד און די קינדער זענען ווי אין וואַסער אַריין. ווי נאָר דער פאָטער איז פאַרשוווּנדן פון זייער אויג, זענען זיי זיך צעלאָפן, ראַזועלי אין פּאַרקל אַריין און בען צו זיינע שפּילן.

ר׳ נחמן איז מער ניט געגאַנגען צו מיסטער סאַראַד. „ס׳איז שפיכת־דמים פאַר מיר און פאַר די קינדער", — האָט ער געזאָגט ר׳ יחיאלן און זיך אָפּגעזאָגט פונעם שכר־לימוד־טשעק. „די עפּעלעך זענען ניט געפאַלן ווייט פון בוים, די מאַמע האָט נאָך וויניקער חשק פאַר זייער יידיש־לערנען ווי זיי אַליין און דער טאַטע איז „נעבעך" פאַריאָגט מיט דער בידנער פּרנסה, וואָס זויגט ביי אים אויס דעם שכל הישר און ער איז מקריב זיינע קינדער אויפן מזבח פונעם גאָלדענעם קאַלב", — האָט ר׳ נחמן באַדויערט.

אַז מיסטער סאַראַד האָט צווישן מנחה־ומעריב אין דער שמאַטע־פאַבריק צוריק געקראָגן פון ר׳ יחיאלן ר׳ נחמנס טשעק, האָט ער זיך שנעל אָפּגעפאַרטיקט, ניט געמאַכט קיין שמועסן מיט קיינעם, ניט אַרויף צו שטיינען אַפילו אויסצוהערן באַריכטן, ניט אַוועק אַפילו אין דער סאַראַד געביידע, נאָר גלייך געלאָזט זיך אַהיים. ער האָט אַפילו ניט געפרעגט זיך פאַרוואָס ר׳ נחמן האָט ניט גענומען דעם טשעק, ער האָט שוין פאַרשטאַנען, אַז די קינדער האָבן מסתמא ניט געלערנט, דערפאַר וויל ער ניט נעמען דעם טשעק.

די קינדער, וואָס האָבן זיך געוואַשן צום שלאָפן גיין, האָבן זיך געוווּנדערט צו זען דעם טאַטן פריצייטיק אין הויז. אָבער דאָס ווייב, זי האָט זיך געריכט אויף אים און געוווּנדערט זיך, וואָס ער איז נאָך פריער ניט געקומען. זי האָט געוווּסט די סיבה פון זיין פריען אַהיים קומען און איז געווען גרייט דערצו.

„פאַרוואָס האָסטו ניט געזאָגט, אַז די קינדער האָבן ניט געלערנט זונטיק? עס אַרט דיך גאָרניט, אַז זיי וועלן אויפוואַקסן יידישע עם־הארצים, אָן סימן פון יידישקייט?! אין פוילן וואָלסטו אויך אַזוי געהאַנדלט? פאַרוואָס דווקא דאָ דערוווייטערסט דו זיי פון יעדן פונק פון יידישן וויסן? אין פוילן וואָלסטו זיי אויך געלאָזט אויפוואַקסן אויף בלויז פויליש?"

„אין פוילן האָט געבושעוועט דער אַנטיסעמיטיזם, פויליש איז געווען די שפּראַך פון יידישע שונאים. דאָ איז קאַנאַדע. ענגליש איז די שפּראַך

פון שעקספּיר און בייראָן״, — האָט זי דערמאָנט די ענגלישע קלאַסיקער, וואָס זי האָט פאַרגעדענקט פון די צייטן ביי איר אין דער ביבליאָטעק.

„און אין ענגלאַנד האָט מען געשאָנעוועט יידן? ניט געיאָגט און געפּלאָגט זיי? ׳שיילאָק׳ האָט געשריבן דיין שעקספּיר, דער ענגלענדער דיינער״.

„דאָס איז געווען אַמאָל, אין מיטלאַלטער. די קינדער ווילן ניט לערנען ביי דעם בייזן ייד, ער שרעקט זיי, מיך אויך. צווינגען קען איך זיי ניט, אַז זיי ווילן ניט. צווינג דו זיי!״

דאָס ערשטע מאָל האָט ער געליטן אַ מפּלה און געפילט, אַז ער וועט זיך מוזן אונטערגעבן, אָננעמען די נידערלאַגע. ער, דער שטאַרקער, דער קלוגער, איז איצט אָנמעכטיק. ער איז זיך מודה, אַז ער האָט איצט פאַרלוירן, אָבער באַשלאָסן ניט אויפצוגעבן, נאָר פּרוּוון נאָך אַמאָל. לייכט אויפצוגעבן איז ניט געווען אין זיין נאַטור. ער האָט פאַרלוירן היינט, אָבער ניט מאָרגן.

דעם צווייטן זונטיק האָט ער מיטגענומען בענען אין דער סאַראַד־בילדינג, ער זאָל זען, ווי אַזוי עס גייט אָן דער האַנדל, ווי מ׳באַציט זיך צום טאַטן און ווי ער באַציט זיך צו מענטשן, און דערביי פּלאַנירט צו רעדן מיט אים וועגן לערנען בכלל און וועגן לערנען יידיש. ער האָט ליב געהאַט די זונטיקדיקע טרעפענישן מיט די פּעדלער און סוחרימלעך, וואָס האָבן אַרומגעהאַוועט אַרום אים אין זיין סחורה־לאַגער, ווי אַמאָל די פּויערים איבעם שטעטל אַרום יוחנן מילנער אין זיין מיל. געקלאַפּט אים גוט־ברודעריש אין פּלייצע, אָפּגעצאָלט די אַלטע חובות און געמאַכט נייע, חתמענענדיק די צעטלעך מיט דריי צילמלעך.

בען איז מיט גרויס חשק מיטגעגאַנגען אין פאַבריק אַריין און באַמיט זיך ניט אָפּשטיין פון פאָטער. דאָס ערשטע מאָל איז ער געווען אַזוי נאָענט צום פאָטער, וואָס גייט אים, ווי אַ גרויסן, ווייזן די פאַבריק. בען איז געגאַנגען אין די טריט פון פאָטער, ניט הינטערשטעליק געבליבן, און געהערט אויפמערקזאַם, וואָס ער רעדט צו אים.

„אַז וועסט זיך לערנען, וועסטו מיט דעם אַלעם אַמאָל אַליין אָנפירן, ווי איך היינט״, — האָט דער פאָטער געוויזן בענען די סאַראַד־געביידע, צו וועלכער זיי האָבן זיך דערנענטערט.

דער קליינער בען האָט אויפמערקזאַם באַטראַכט די אַכט־שטאָקיקע געביידע מיט די פאַרלייגטע אייזערנע פענצטער־קראַטן, אָנגעפילט מיט סחורות. געקוקט אויף דער שילד מיט די גאָלדענע אותיות, אָן שוועריקייטן איבערגעלייענט דעם נאָמען „סאַראַד״ און געפרעגט: „וויפל דאַרף מען לערנען? ווי לאַנג?״

„אַ סך, אַ סך מיין קינד, דאַרף מען לערנען. ס׳איז דאָ אַ סך, וואָס

צו לערנען. בכדי צו זיין אַ מענטש, אַ ייד. אַריינצוגעמען איז זיך וויסן וועגן דער וועלט און וועגן יידישן פאָלק", — האָט דער פאָטער צו אים גערעדט.

„ווו האָסטו דאָס אַלעס זיך אויסגעלערנט, אין פּוילן?" — האָט בען געפרעגט.

דער פאָטער איז מבולבל געוואָרן פון בענס שאלה. שיעור זיך אַרויס־געכאַפּט, אַז ער האָט גאָרניט געלערנט, אויסער אין חדר, אַז פּאָר יידן אין פּוילן איז זייער שווער געווען צו לערנען. ער האָט געהאַט בדעה אים צו דערציילן וועגן די אַנטיסעמיטישע לערער, וואָס האָבן געפּייניקט יידישע קינדער, באַשטראָפט זיי פאַר יעדער קלייניקייט מיט די מיאוסטע שטראָפן. אָבער געזאָגט האָט ער אים:

„מ'דאַרף זיך לערנען אַ סך זאַכן, צווישן זיי אויך שפּראַכן, צו קענען רעדן מיט מענטשן אויף זייערע שפּראַכן, און מיט קונים אויף זייערע שפּראַכן, אַט וועסטו באַלד זען". — ער האָט אים אַריינגעפירט אין דער געביידע, ווו ס'האָבן שוין געוואַרט אויף אים אַ געווימל מיט יידן, וואָס האָבן אים אַרומגערינגלט. ס'איז געוואָרן אַ גערויש, אַ גערודער אַרום זיי, און פון אַלע האָט ער געהערט דעם פאָטערס נאָמען — מיסטער סאַראַד, מיסטער סאַראַד, פון אַלע זייטן, נאָר מיסטער סאַראַד. גערעדט צו אים מיט יידישע ווערטער, וואָס ער האָט זיי געהערט אין הויז. ער האָט פאַרשטאַנען אַלץ, און קיין איין בייז וואָרט איז ניט געפאַלן, אַלע זענען געווען צופרידן מיטן פאָטער.

„נו, האָסט געזען נאָך וואָס מ'דאַרף זיך לערנען? האָסט געזען, ווי מ'דאַרף אויך קענען רעדן מיט יעדן, פאַרשטיין יעדן. פאַרשטייסטו דאָך, בען, פאַרוואָס מ'דאַרף גיין אויך אין אַ יידישער שול, לערנען ביים יידישן לערער און זיך גוט לערנען, כסדר לערנען", — האָט ער איינגעטעטנהט מיטן זון אויפן וועג אַהיים.

„צוליב זיי דאַרף איך גיין אין דער יידישער שול?"

„צוליב זיך, ניט צוליב זיי. אַט די אַלע קענען עטלעכע שפּראַכן. זיי קענען פּויליש, רוסיש, דייטש, יידיש און לשון־קודש. וויל איך, אַז אויך דו זאָלסט קענען שפּראַכן. ווען דו וועסט אַמאָל מיט דעם אַלעם אָנפירן און זיך צונויפטרעפן מיט פאַרשידענע מענטשן, ווי אַזוי וועסטו מיט זיי אַלע זיך פאַרשטענדיקן?"

„אויף ענגליש". — האָט בען צו אים אַרויפגעקוקט.

„ניט אַלע מענטשן קענען ענגליש".

„ווער ס'וועט דאַרפן צו מיר, וועט דאַרפן קענען ענגליש", — האָט דער קליינער געענטפערט מיט זיכערקייט.

„און אַז דו וועסט דאַרפן אָנקומען צו וועמען, וואָס קען ניט קיין

ענגליש? דאָ אין פאַבריק אַרבעטן ווייניק ענגלענדער. אַ סך פון מיינע קונים זענען אויך ניט קיין ענגלענדער".

„ווער זענען זיי די אַרבעטער דאָ?" — האָט בען געוואָלט וויסן.

„יידן און פּאָליאַקן זענען די מערהייט. פאַראַן, אויך רוסן און אוקראַינער. און די פירמעס, מיט וועלכע איך בין אין האַנדלס־פאַרבינדונגען, זענען אין דער מערהייט ניט קיין ענגלענדער".

ביידע זענען אַנטשוויגן געוואָרן און געוועזן פאַרטאָן אין זייערע געדאַנקען. דער פאָטער האָט געטראַכט: צי האָט ער אויף בענען געמאַכט אַן איינדרוק און ער וועט וועלן צוריקגיין אין שול, אָדער לערנען ביי ר' נחמנען. און דער קליינער בען האָט געטראַכט: צי עס לוינט זיך צוליב דעם אַלעם צוריקצוגיין אין דער יידישער שול? אָבער פלוצים איז אַנגעלאָפן סימאָר שטיין אַ פאַרסאָפּעטער.

„כ'האָב געמיינט, אַז כ'וועל אייך פאַרשפּעטיקן. — האָט ער אָפּגעכאַפּט דעם אָטעם.

„וואָס איז געשען, וואָס עס האָט ניט געקאָנט וואַרטן אויף מאָרגן?" — האָט ה' סאַראַד געפרעגט מיט פאַרוואורף.

„איר דאַרפט עס וויסן פאַר מאָרגן. דער „מנין" וויל אַ הוספה, דאָס הייסט, מאָרגן וועלן זיי פאַרלאַנגען אַ הוספה", — האָט סימאָר געזאָגט אין איין אָטעם.

סעמיועל סאַראַדן האָט עס אַ ביסעלע פאַרדראָסן, וואָס סימאָר באַנוצט זיך מיט זיין אויסדרוק „מנין", בעת ער דערמאָנט די אַרבעטער פון דער שמאַטע־פאַבריק. און ער האָט אים אַפילו ניט געדאַנקט, ווען ער האָט אים געהייסן מאָרגן צו אים שיקן ר' יחיאלן. אָבער באַלד האָט ער זיך געכאַפּט, אַז עס פּאַסט ניט דער שנעק זאָל שיקן ר' יחיאלן. „ניין, מ'דאַרף ניט, מיש זיך ניט, אויב זיי ווילן אַ הוספה, וועלן זיי אַליין טרעפן צו מיר" — און דערביי געטראַכט: „ס'הויבט זיך שוין אָן?".



ניט איינמאָל, אין זיינע שלאָפלאָזע נעכט לעבן זיין ברוגזדיק ווייב, האָט ער געטראַכט, אַז דאָס וועלן זיין די זאַקן־אַרבעטער, וואָס וועלן פאָדערן די ערשטע הוספה, ס'וואָלט אים קיינמאָל ניט איינגעפאַלן, אַז דאָס וועט דווקא זיין דער „מנין". ער האָט איבערגעגעבן בענען צו סימאָרן, ער זאָל אים אַהיים פירן און ער האָט פאַרקירעוועט צו ר' יחיאלס דירה.

ר' יחיאל האָט שטאַרק זיך געוווּנדערט זען זיין באַלעבאָס ביי זיין טיר און געוואָלט טרעפן די אורזאַך פון דעם אומגעריכטן וויזיט. אָבער

הערנדיק די סיבה, האָט ער אַ קרעכץ געטאָן און געזאָגט כמעט אין געבייזער:

„אַ דער סימאָר, נעמט אים אַרויס פון אונדז, דעם חצוף. ער קריגט שוין צופיל העזה, ער מישט זיך ווו מ'דאַרף ניט און טרייבט רכילות. מיר דוכט זיך, אַז ער איז איינער פון יענע, וואָס האָבן ליב צו בורטשען, כ'זאָל ניט געשטראָפט ווערן פאַר די רייד. איז דען אייך שוין ניט נויטיק אַ גאַנצער בוכהאַלטער פאַר אונדז? יידן האָבן צווישן זיך גערעדט פון יקרות, ווי שווער ס'איז אויסצוקומען מיט פרנסה. ער וויל אוודאי אַליין אַ הוספה, מישט ער אַריין אומשולדיקע מענטשן. נעמט אים אַרויס פון אונדז, איידער ער טוט אָן שאָדן!" — האָט ר' יחיאל זיך אויפגערעגט.

סעמיועל סאַראַד האָט זיך געטראַכט: ווו רויך דאָ איז פייער. „זאָגט די יידן, אַז זיי קריגן פון מיר מיט איין דאָלאַר אַ וואָך מער בלא יודעים, פון מיין אייגענער קעשענע. איר פאַרשטייט שוין וואָס איך מיין". — ער האָט טאַקע באַלד אַרויסגענומען אַ ביסל באַנקנאָטן פון קעשענע און אָפּגעציילט ר' יחיאלן 16 דאָלאַר און זיי אים דערלאַנגט: „בלא יודעים, צווישן מיר און אייך".

אויף דער צווייטער וואָך איז אין דער עקספּעדיציע־שטוב, ווו סימאָר האָט געאַרבעט, אַריינגעקומען דער הויפּט־בוכהאַלטער און פאַרלאַנגט פון שטיינען, אַז ער זאָל אים ביינאַכט ברענגען די ביכער צום איבערקוקן, און ער האָט אים אויך אָנגעזאָגט איבערצולאָזן דעם גאַנצן טאָג אַרבעט אויף ביינאַכט, ווען ביידע וועלן אַריינציען אַלץ אין די ביכער. דער הויפּט־בוכהאַלטער האָט באַלד מיטגענומען מיט זיך עטלעכע ביכער.

דאָס איז פאַר סימאָרן געווען אומגעריכט און האָט אים צערודערט. די אַרבעט איז אים געפאַלן פון די הענט. די נאַרישסטע טעותים האָט ער אין דעם טאָג געמאַכט ביים אַריינגעמען און אַרויסגעבן סחורות. ווען ער האָט זיך געכאַפּט, איז שוין געווען צו שפּעט זיי צו פאַרריכטן, זיי זענען אַריינגעפאַלן דעם הויפּט־בוכהאַלטער אין די הענט. און ער האָט זיך אַליין אָפּגעזאָגט פון זיין אַרבעט ביי סאַראַדן — אויב נאָך אַזוי פיל יאָרן געטרויט מען אים ניט, איז ער דאָ אָן איבעריקער מענטש.

„האָב איך אויסגעלאָשן דאָס פייער, אָדער בלויז צייטווייליק איינגעדישעט דעם רויך?" — האָט סעמיועל סאַראַד געטראַכט, ווען ער האָט געהערט די מעשה סימאָר. דער עצם פאַקט אַליין, וואָס ער האָט זיך אָפּגעזאָגט פון זיין שטעלע, האָט גערעדט קעגן סימאָרן.

# קאַפּיטל 15

פרייטיק, דער ערשטער סעפּטעמבער 1939, איז געשטאַנען אין זיין רייפן זומער־גלאַנץ. גאָלדיקע שטראַלן זענען דעם פרימאָרגן געפלאָסן מיט שפע. דאָס האָט געדאַרפט זיין אַ ספּעציעלער טאָג אין סעמיועל סאַראַדס לעבנס־טעטיקייט. אַ חלום זיינער איז פאַרווירקלעכט געוואָרן — די „עס און עס"־געביידע שטייט שוין פאַרטיק, און אַ וויכטיקער לאָקאַטאָר האָט זיך אין דעם טאָג געדאַרפט אָפיציעל אַריינציען אין דער פון אים אַליין געבויטער 12־שטאָקיקער געביידע.

די רעגירונגס־באַנק, וואָס האָט שוין דאָרט געוווינט ניט אָפיציעל, האָט אין דעם טאָג געדאַרפט עפענען אָפיציעל אירע טירן פאַרן פובליקום און אָנהויבן איר טעטיקייט — אָפיציעל זיך אַריינציען צו „שימעלע־צרעת" זון. אַ געשעעניש, וואָס ניט אים, ניט זיין עלטער־זיידן, האָט זיך אַזעלכעס געקענט חלומען אַפילו אין זייערע ווילדסטע און קאָשמאַרסטע חלומות.

דעם טאָג איז ער אויפגעשטאַנען גאַנץ פרי, פריער פון טאָג אַליין. פון געוווינהייט האָט ער אָנגעשטעלט דעם ראַדיאָ. געוואַשן זיך און געראַזירט. אין דעם אונטערשטן טייל פון הויז, ווייט פון דער שלאָפנדיקער פאַמיליע, ווען פלוצים איז פון ראַדיאָ־קעסטל אַרויסגעשפּרונגען דאָס וואָרט: מלחמה! דייטשלאַנד איז באַפאַלן פוילן, די פוילישע קאָרידאָר־שטאָט צום ים, גדיניע, ברענט. אַנדערע פוילישע שטעט ברענען!

ער האָט זיינע אייגענע אויערן ניט געגלויבט. מלחמה?! אַ משוגעת! שוין ווידער דייטשלאַנד?! ער האָט די גאַנצע צייט ניט געגלויבט, אַז די וועלט, וואָס זעט ווי היטלער־דייטשלאַנד גרייט צו אַ וועלט־שריפה, טראָגט דאָס פייער פון דעם פינצטערן שוואַרצן דייטשישן אָלימפּוס, אונטערצוצינדן די וועלט, אַז אָט די וועלט, וועט דערלאָזן צו דער שריפה, אַז די דייטשן וועלן אים לאָזן אונטערצינדן זייער אייגן הויז. ער האָט ניט געגלויבט, אַז אָט דאָס דייטשע פאָלק, וואָס האָט אַזוי פיל געבלוטיקט אין דער ערשטער וועלט־מלחמה, און קען צו זיך מער ניט קומען פון יענער קאַטאַסטראָפע, וועט זיך לאָזן פירן צו אַ נייער שחיטה. זיין מיין איז געווען, אַז היטלער איז בלויז פאַרן אינערלעכן מאַרק, צום צוימען דעם קאָמוניזם, דעם אַרבעטער, אים אַריבערפירן צום נאַציאָנאַלן סאָציאַליזם — לויטן מוסטער פון מוסאָליני. אָבער וועלט־מלחמה? אַזוי משוגע זענען נאָך די דייטשן ניט.

דאָס קול אין ראַדיאָ־קעסטל חזרט אָבער איבער אָן אויפהער — מלחמה! פוילן קעמפט, שטעלט אַ ווידערשטאַנד, קעמפט אַליין מיטן דייטש. זיין שטעטל, וואָס איז ביי דער דייטשער גרענעץ, שטייט אין פלאַמען, די מלחמה איז אַ ווירקלעכקייט, איז אָן אמת. ער זעט די

פלאַמען, וואָס האָבן אַרומגעכאַפּט זיין שטעטל! דייטשלאַנד איז משוגע געוואָרן, אונטערגעצונדן די וועלט און דאָס אייגענע הויז.

אין שפּיגל האָבן אויפגעלעבט זיינע אָנגעלאָפענע מחשבות, האָט ער ממש געזען, ווי דאָס שטעטל שטייט אין פלאַמען, ווי די מענטשן לויפן אין גרויסער בהלה, גרויסער שרעק. ער האָט איצט געהערט די יללות פון די קינדער, אַלטע און קראַנקע מענטשן, געזען זיי לויפן איבער די פעלדער, וועלדער, באַהאַלטן זיך מיט זייערע זעק און פּעק, און קליינע קינדער שלעפּן זיך זיי נאָך.

ער האָט אָפּגעווישט דעם זייף פון פּנים און אין געאייל אַרויס אין גאַס זען, ווי די גאַס רעאַגירט אויף מלחמה. אין גאַס איז געווען ווי יעדן פרימאָרגן. ניט געווען דאָ קיין סימן פון מלחמה־שרעק, קיין יללות, קיין בהלה, ווי אין זיין שטעטל, ווען ביים אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה איז געקומען אַ באַפעל, אַז יידן מוזן אין 24 שעה פאַרלאָזן דאָס שטעטל.

אַלץ איז דאָ אין גאַס געווען ווי נעכטן און אייערנעכטן. אויף דער ברייטער ספּעדיינע האָט געכוואַליעט דער שטראָם אַרבעטער, וואָס זענען ווי נעכטן, אויך אין דעם מלחמה־טאָג, געגאַנגען צו דער אַרבעט. בלויז דער טעמפּאָ אַז היינט געווען אַ ביסל אַ שנעלערער, ווי די מענטשן וואָלטן געאיילט צו פאַרשווינדן וואָס שנעלער פון גאַס. ווו די צייטונגס־פאַרקויפער שרייען אַריין אין די אויערן: מלחמה! ווו די צייטונגס־קעפּ שפּרינגען אין די אויגן אַריין: מלחמה! האָבן מענטשן געאיילט צו די אַרבעט־מאַשינען, צו פאַרטויבן די מלחמה, פאַרטרייבן זי לפי־שעה.



דער האַלבער פּראָנט פון דער „עס און עס"־געביידע, וואָס איז פאַרנומען געוואָרן פון דער באַנק, איז אויסגעפּוצט מיט פענער, און פיל קאָלירקע עלעקטרישע לעמפּלעך האָבן זיך געצונדן און געלאָשן, געצויגן די אויפמערקזאַמקייט פון די דורכגייער צו דער דערעפענונגס־צערעמאָניע, וואָס וועט דאָ אָקאָרשט פאַרקומען.

די צערעמאָניע איז געווען אַ קורצע. כאָטש ס'זענען געווען מלוכה־פאַרשטייער, פאַרטרעטער פון דער צענטראַלער באַנק, שטאָט־ראָט־פאַר־שטייער און געשעפטס־לייט — איז געווען איין רעדע אַ קורצע, דער שטאָט־שער פאַרשטייער האָט איבערגעשניטן די בלויע זיידענע באַנד און געעפנט די טירן פאַרן פובליקום. אַ וואָרט איז ניט געזאָגט געוואָרן וועגן דער מלחמה־שריפה, וואָס איז דעם טאָג אָנגעצונדן געוואָרן אין אייראָפּע.

סעמיועל סאַראַד האָט זיך קיין אָרט ניט געקאָנט געפינען, ניט געקאָנט זיך שטעלן צו דער אַרבעט. עטלעכע מאָל איז ער אַראָפּ אין

גאַס זען, ווי די גאַס רעאַגירט אויף דער מלחמה. אָבער איז גאַס איז גאָרניט געווען צו דערקענען. בלויז די צייטונגען האָבן אויף זיך געטראָגן „קעפּ" וועגן די געשעענישן אין אייראָפּע און שטום געשריגן: מלחמה! מענטשן האָבן געקויפט די צייטונגען, באַקוקט די מלחמה־„קעפּ", פאַרלייגט זיי אונטער די אָרעמס און אַוועק. אַנדערע האָבן איבערגעמישט די אינעווייניקסטע זייטן, אַוועקגעוואָרפן אין מיסט־קעסטל און אַוועק רואיקע זייער וועג.

ער, וואָס האָט קינדווייז איבערגעלעבט די גרוילן פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, האָט איצט געפילט די מלחמה מיט אַלע זיינע חושים, מלחמה־בילדער זענען אים פאַר די אויגן געשטאַנען דעם גאַנצן טאָג, און די אויערן האָבן געהערט די יאָמערן און קלאָגענישן פון זיינע שטעטלדיקע מענטשן.

ער האָט געזען זיין אַלטע טאַטע־מאַמע לויפן, צוזאַמען מיט דער משפחה, איבער די פעלדער און וועלדער אַרום זיין שטעטל, מיט די פּעק אויף זייערע פּלייצעס. אומרואיק האָט ער איבערגעלעבט דעם ערשטן מלחמה־טאָג, אומרואיק איז אויך געווען די נאַכט.

ווי נאָר ס'האָט גענומען שאַריען אויף טאָג, איז ער אַרויס פון בעט, געטאָן דאָס זעלבע, וואָס נעכטן און אייערנעכטן, אָבער אָן דער געוויינ־לעכער שלווה, אָן דער נעכטיקער רו.

אויך אינעם צווייטן מלחמה־טאָג, האָט זיך אויפן גאַס בולט ניט אָנגעזען די מלחמה. אַפילו אַ שטיינדל איז ניט אַרויסגעריסן געוואָרן פון זיין שטיינערן געלעגער. דאַקעגן אין פּוילן, זענען שוין טויזנטער לעבנס געווען אַרויסגעריסן פון זייערע היימען און געבורטס־ערטער, האָבן געוואַגלט אויף פעלדער פון טויט, אויף ערד דורכגעווייקטע מיט בלוט.

ווי נאָר ער האָט געעפנט די טיר פון זיין ביוראָ, האָט זיך צו אים אַריינגעשלייכט זיין הויפּט־בוכהאַלטער און אים דערציילט:

„מ'שמועסט, אַז די רעגירונג גרייט זיך אייַנצופירן גרויסע באַגרע־נעצונגען אויף אַלע זאַכן פון ערשטן געברויך. דערפאַר האָט ער נעכטן געמאַכט גרעסערע באַשטעלונגען אויף וואָל און אַנדערע שטאָפן, אויף כעמיקאַלן, מאַשינען און מאַשין־טיילן, פאַר דער וועבעריי און סוועטער־פאַבריק. איצט וויל ער וויסן, צי ער זאָל באַשטעלן אויך מאַשינען פאַר די אַנדערע פאַבריקן? ער האָט אים אויך איבערגעגעבן, אַז פון נעכטן אָן, האָט ער ניט אָנגענומען מער קיין שום נייע באַשטעלונגען, און די זעלבע אינסטרוקציעס געגעבן אַלע פאַרקויף־אַגענטן. ער האָט אים אויך איבערגעגעבן וועגן די אונטערהאַנדלונגען איבערצונעמען די ניילאָן־פאַבריק אין קלינטאָן.

זעענדיק אָבער, אַז מיסטער סאַראַד לייגט ניט זיין געוויינלעכן אַכט

און ווייזט ניט אַרויס קיין אינטערעס צו דעם ענין ניילאָן־פאַבריק, איז ער געווען זיכער, אַז דורך דער לאַנגער צייט פון די פאַרהאַנדלונגען, האָט ער פּשוט פאַרגעסן וועגן וואָס עס רעדט זיך, און ער האָט אים נאָכאַמאָל דערמאָנט. אַז די מעקלינטאָק־ניילאָן־פאַבריק אין קלינטאָן האָט אָפּגע־שטעלט איר אַרבעט, צוליבן סכסוך מיט די אַרבעטער און מיטן שטייער־אַמט, ווייל זיי האָבן פאַרלאַנגט פון די פאַרזעסענע מוידן, די יורשטעס פון דער מעקלינטאָק־פאַבריק, גרעסערע חלקים פון די פּראָפיטן און גרעסערע שטייערן.

דער קאַמף גייט שוין אָן אַ לענגערע צייט, און די אַלטע מוידן האָבן, צו להכעיס ביידן, פאַרמאַכט די פאַבריק אויף אַ לאַנגע צייט, און איצט ווילן זיי זי פאַרקויפן. דער בוכהאַלטער האָט נאָך צוגעגעבן, אַז איצט וועט שוין אפשר קומען צו אַ גיכן שלוס פון די פאַרהאַנדלונגען, ווייל די רעגירונג וויל עפענען די פאַבריק פאַר מלחמה־צוועקן, אַזוי שנעל, ווי נאָר מעגלעך; און ער האָט געבעטן ביי מיסטער סאַראַד פולמאַכט צו האַנדלען ווען די צייט וועט קומען, און ווען די באַדינגונגען וועלן זיין נאָענט צו די, וואָס ער האָט פאָרגעשלאָגן.

די וואַכזאַמקייט פון זיין הויפּט־בוכהאַלטער און דער איבערזיכט פון די פאַרהאַנדלונגען וועגן דער ניילאָן־פאַבריק, אויך די נייעס, אַז די רעגירונג איז פאַראינטערעסירט צו עפענען די פאַבריק, האָט אים אַרויס־געפירט פון זיין מלחמה־פּסיכאָז, האָט אים אויפגעהייטערט. ער האָט צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ, אַז ער גיט אים די פולמאַכט צו האַנדלען, ווען עס וועט נויטיק זיין.

דעם זעלבן נאָכמיטאָג האָט דער טעלעפאָן זיך צעקלונגען. דער הויפּט־בוכהאַלטער האָט געוואָלט וויסן, צי ער איז פריי פאַר דרינגענדיקן ענין, וועגן וועלכן ער האָט מיט אים גערעדט אינדערפרי... און נאָך איידער סעמיועל סאַראַד האָט ריכטיק אָוועקגעלייגט דאָס טעלעפאָן־טרייבל, איז דער בוכהאַלטער שוין געשטאַנען אויפן שוועל פון זיין ביוראָ און צוויי דזשענטל־לייט האָבן אים נאָכגעפאָלגט אַריין.

מיסטער סאַראַד האָט זיך אויפגעשטעלט, געבעטן זיי זיצן. דער בוכהאַלטער האָט פאָרגעשטעלט איינעם פאַר דעם אַדוואָקאַט פון דער מעקלינטאָק־פאַבריק, דעם צווייטן פון שטייער־אַמט.

„מיר האָבן געהערט, אַז איר זענט אַ שטאַרק־פאַרנומענער מענטש, זענען מיר געקומען צו אייך", — האָט אָנגעפאַנגען דער רעגירונגס־אַדוואָקאַט, און דער צווייטער האָט צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ אויף הסכמה.

„איך שאַץ דאָס זייער אָפּ". — האָט סעמיועל סאַראַד זיך פאַרנויגט.

„אַלץ איז גרייט פאַר אייער אונטערשריפט". — האָט דער בוכהאַלטער אָוועקגעלייגט פאַר אים די פּאַפּירן צום אונטערשרייבן.

סעמיועל סאַראַד האָט גענומען די פּאַפּירן אין דער האַנט, צוגעזעצט זיך צום שרייב־טיש און גענומען אונטערשרייבן אַן אַפּילו אַריינצוקוקן אין זיי. דאָס האָט באַדייט — גרויס צוטרוי צו זיין בוכהאַלטער. שטילער־הייט האָט דער בוכהאַלטער באַשלאָסן אָפּצוצאָלן פאַר דעם צוטרוי, מיט געטריישאַפט פאַר מיסטער סאַראַדס אינטערעסן.

איצט האָט שוין מיסטער סאַראַד געהאַט מיט וואָס אויסצופילן זיינע שלאָפלאָזע נעכט, מיט וואָס צו פאַרטרייבן דאָס מלחמה־געשפּענסט, וואָס האָט ניט אויפגעהערט אים פאַרפאָלגן.

אויפן דריטן טאָג איז ער מיטן בוכהאַלטער אַרויסגעפאָרן קיין קלינטאָן, אין דער מעקלינטאַק־פאַבריק, כדי נאָכאַמאָל צו זען — איידער דער אונטערגעשריבענער קאָנטראַקט גייט אַריין אין קראַפט — דעם ווערט פון דער אונטערנעמונג. אויך דער צווייטער קוק האָט באַשטעטיקט, אַז אין דער שטיל־שטייענדיקער, פאַרלאָזטער פאַבריק זענען פאַראַן מאַשינען און רויע מאַטעריאַלן פאַר פיר מאָל אַזוי פיל, וויפל ער צאָלט, די שטייער־חובות אַריינגערעכנט.

אַ גאַנצן חודש, פון אונטערשרייבן דעם אָפּמאַך, ביז זיין אַריינגיין אין קראַפט, האָט סעמיועל סאַראַד געזאָטן און געפיבערט מיט פּלענער ווי אַזוי איינצושטעלן און אָרגאַניזירן די פאַבריק. אַפּילו דעם בריוו צו די אַרבעטער פון דער פאַרמאַכטער מעקלינטאַק־פאַבריק האָט ער געהאָלפן מנסח זיין און באַשטימט בייצוזיין ביי דער ערשטער באַגעגעניש מיט די אַרבעטער, פאַר דער דערעפענונג פון דער פאַבריק.

ס׳האָט זיך אין אים אויפגעוועקט זיין אָרגאַניזאַטאָרישער כוח. ער איז איצט צוריק געוואָרן שלמה־זלמן פון שטעטל, דער אָרגאַניזאַטאָר פון די טשעשלער און סטאָליאַרעס, און ווי פאַרגעסן, אַז ער איז דאָס דער באַלעבאָס, וואָס גרייט זיך צו דער דערעפענונג פון אַן אייגענער ביילאָן־פאַבריק.

ווי אַ גוטער אַרכיטעקט, האָט ער פּלאַנירט דאָס אַריינפירן די מעקלינטאַק־פאַבריק אין זיין אינדוסטריעלער מלוכה. ווי אַ שפּין האָט ער מייסטערהאַפט געוועבט זיין נעץ פון אונטערנעמונגען. הנאה געהאַט פון אויפפלאַנטערן געשעפטלעכע און אינדוסטריעלע פּלאָנטערנישן. מיט איינגעבוירענער פעאיקייט און אינטואיציע, האָט ער, ווי אַ גוטער טויכער, אַראָפּגעטויכט אין די אָפּגרונטן פון פאַבריקאַציע און מסחר, און שטענדיק קאַפּויער־געקומען מיט געווינס, מיט נייקייט.



ווען די מיטינג־צייט מיט די אַרבעטער איז געקומען, איז ער צוזאַמען מיטן אַדוואָקאַט און בוכהאַלטער מיטגעפאָרן צו דער באַגעגעניש.

אין זיינע ווערטער צו די אַרבעטער האָט ער געבעטן זייער קאָאָפּעראַציע מיט דער רעגירונג אין אירע מלחמה־באַמיאונגען, כדי צו געווינען די מלחמה קעגן דעם שונא פון דער וועלט און מענטשהייט.

די אַרבעטער זענען געווען גערירט, געפילט זיך דערהויבן פון דער ערשטער באַגעגעניש מיט זייער נייעם באַלעבאָס, וואָס האָט געעפנט די פאַבריק פאַר זיי און פאַר מלוכהשע מלחמה־אינטערעסן. זיי האָבן זיך אויפגעשטעלט פון זייערע ערטער און אים הייס אַפּלאָדירט, געמאַכט אַן אָוואַציע, וואָס דאָס שטעטל קלינטאָן האָט נאָך אַזוינס ניט געזען צייט איר גאַנצער עקזיסטענץ.

דאָס ערשטע מאָל אין זייערע אַרבעטס־יאָרן האָבן זיי זיך געטראָפן פּנים אל פּנים מיט זייער אַרבעטסגעבער, וואָס האָט צו זיי גערעדט ווי אַ גלייכער צו גלייכע. דעם ערשטן מעקלינטאָק, דעם גרינדער פון דער זאָקן־פאַבריק, האָבן זיי געקאָנט פון די לעגענדעס, וואָס עס זענען וועגן אים אַרומגעגאַנגען אין שטעטל, דערציילט פון זיידעס און באָבעס, וואָס האָבן ביי אים געאַרבעט. דעם צווייטן באַלעבאָס זייערן, מעקלינטאָק דעם צווייטן, האָבן זיי געזען און געהערט בלויז איין מאָל אין יאָר, אין קריסטמעס־צייט, ווען ער האָט זיי דורך אַ הילכער געווונטשן אַ פריילעכן יום־טוב. אָבער די צוויי פאַרזעסענע מוידן זיינע האָבן זיי קיינמאָל פאַר די אויגן ניט געזען.

אינעם שטעטל, וואָס האָט געטראָגן זייער זיידנס נאָמען, האָבן זיי ניט געוווינט, נאָר זיך אַרומגעשלעפּט ערגעץ אין אויסלאַנד. די עלטערע אַרבעטער, די זיידעס פון די היינטיקע מעקלינטאָק־אַרבעטער, געדענקען צו דערציילן שבחים פון ערשטן מעקלינטאָק, דעם גרינדער פון דער ערשטער שקאַרפּעטן־פאַבריק אין שטעטל. די ערשטע אַרבעטער זענען געווען ער אַליין, זיין ווייב, דער פאָטער פון די צוויי פאַרזעסענע מוידן און זייע פעטער, וואָס איז געהרגעט געוואָרן אין דער ערשטער וועלט־מלחמה. דער ערשטער מעקלינטאָק איז געווען דער בויער פון שטעטל. אַ חוץ זיין זאָקן־פאַבריק האָט ער געשאַפן די פייערלעשער קאָמאַנדע און איז אַליין געווען דער אָנטרייבער פון פערד־און־וואָגן מיטן וואַסער־פאַס, בעת אַ שריפה אין שטעטל. געווען איר פאַרזיצער און קאַסירער, נאָך איידער קלינטאָן איז געוואָרן אַ שטעטל.

דאָס פאַבריק־שטעטל האָט ניט ליב געהאַט דעם טאַטן פון די טעכטער און פּשוט פיינט געהאַט די פאַרזעסענע מוידן. צו אַלעמענס צופרידנקייט זענען זיי, סוף כל סוף, געוואָרן אויס מחותנים מיט דער פאַבריק און מיטן שטעטל. דעריבער — ביי דער ערשטער באַגעגעניש מיט זייער נייעם באַלעבאָס, האָבן די אַרבעטער דעמאָנסטרירט זייער פרייד פון דער ענדערונג.

פאַרשידענע מעשיות האָבן זיך געגומען וועבן אין שטעטל וועגן דעם נייעם באַלעבאָס פון דער מעקלינטאָק־פאַבריק, נאָך איידער זי האָט זיך געעפנט, נאָך פאַר דער באַגעגעניש מיט די אַרבעטער, צו וועלכער זיי זענען אַלע געקומען מיט זייערע ווייבער און קינדער, וואָס איז פאָרגעקומען אין קלינטאָנס „טאַון־האָל״, דעם שטאָטישן זאַל.

אַז דער פאַרוואַלטער פון דער מעקלינטאָק־פאַבריק, דער אַדוואָקאַט פון שטעטל, האָט פאָרגעשטעלט דעם נייעם אייגנטימער, און ער האָט זיך אויפגעשטעלט זאָגן אַ פּאָר ווערטער, איז אין זאַל געוואָרן שטיל. יעדער האָט פאַרהאַלטן זיין אָטעם, אָנגעשפּיצט די אויערן. די עלטערע מענטשן האָבן אַריינגענומען די אויערן אין זייערע דלאָניעס, אויפצונעמען בעסער די רייד פון נייעם באַלעבאָס.

דאָס אַלטע שטעטל קלינטאָן האָט אויפגעלעבט. אַ נייער גייסט איז אַריינגעבלאָזן געוואָרן. איצט האָבן אַלע געזען, אַז ס'איז אמת, וואָס מ'האָט זיך אין שטעטל אָנדערציילט וועגן דעם נייעם מיקלינטאָק־באַלעבאָס און זיי האָבן ניט מער געצווייפלט, אַז ס'קען זיין אַ מענטשלעכער באַלעבאָס פאַבריקאַנט — אַ היימישער און דעמאָקראַטישער מענטש.

סעמיועל סאַראַד האָט איצט אַ נייע אויפגאַבע, אַ נייעם ציל צו דערגרייכן: אָוועקצושטעלן די פאַרוואַרלאָזטע מעקלינטאָק־פאַבריק אויף געזונטע יסודות, זי זאָל קענען אויספילן די אויפגאַבן, וואָס די מלחמה־נויטן האָבן איר געשטעלט. דערמיט האָט ער זיך ניט געוואָלט פאַרלאָזן אויף קיינעם, אפילו ניט אויף זיין פעאיקן הויפּט־בוכהאַלטער. די גוטע פונקציאָנירונג פון דער ניילאָן־פאַבריק האָט ער איצט געמאַכט פאַר זיין פּערזענלעכן עול. דער זין פון די אַלע פאַרברייטונגס־יאָרן, אויפצוטאָן עפּעס וויכטיקס, איז איצט געוואָרן זיין אַמביציע.

אַ צופרידענער האָט ער אָנגענומען פון דער רעגירונג איר באַשטעלונג אויף 80% פון דער ניילאָן־פּראָדוקציע און 60% פון דער זאָקן־פּראָדוקציע. די רעגירונג האָט צוליב דעם אָפּגעלייגט זיינע שטייער־צאָלונגען אויף נאָך דער מלחמה. ער האָט זיך דעריבער געפילט צווייפאַך פאַר־פליכטעט — צי העלפן זיין לאַנד אין אירע מלחמה־באַמיאונגען און צו באַזיגן דעם דייטשן שונא.

די אינטענסיווע אַרבעט פאַר דער גוטער פונקציאָנירונג פון דער ניילאָן־פאַבריק האָט פאַררוקט אויף אַ זייט אַלע זיינע אַנדערע פּראָבלעמען, אויך די אינטימסטע, פּערזענלעכסטע און פאַמיליע־פּראָבלעמען, און ער האָט איצט איבערגעגעבן די פירונג פון אַלע אַנדערע אונטערנעמונגען דעם הויפּט־בוכהאַלטער. געגעבן אים פולמאַכטן, אַרויפגעלייגט אויף אים מער פליכטן, אים אויך אַוועקגעשטעלט אין שפּיץ פון די שמאַטע־ און פאַרבעריי־פאַבריקן, וואָס זענען ביז איצט געווען אונטערן אויפזיכט פון

אים. דעם גאַרבער און ר׳ יחיאלן. אַליין איז ער אַוועק אין קלינטאָן, אין מעקלינטאָק־פאַבריק, דאָרט געטאָגט און גענעכטיקט, אַהיים געקומען בלויז אויף שבת און זונטיק.

שבת האָט ער אָפּגענומען פון בוכהאַלטער די באַריכטן פון די טעטיקייטן אין דער פאַרגאַנגענער וואָך. ביי די זונטיקדיקע באַגעגענישן מיט זיינע פּעדלער און קליינע סוחרים, האָבן זיי צו זייערע צאָלונגען, צוגעלייגט טענות און אָנקלאָגן אויף דעם בוכהאַלטער, אַז ער גיט זיי ניט גענוג סחורה, אויך ניט קיין פרייען אויסוואַל, ווי זיי האָבן געהאַט ביי אים.

מיסטער סאַראַד האָט זיך שוין געהאַט באַפרייט פון די ערשטע קאַשמאַרע מלחמה־טעג, האָט שוין געהאַט צוריק דערגרייכט זיין גלייכ־געוויכט, זיין געדולד, האָט ער זיי אין גוטן מוט בלויז אויסגערעדט זייער גייציקייט, דערמאָנט זיי, אַז ס׳איז מלחמה, אַז מ׳דאַרף זיך באַגנוגענען מיט ווייניקער, זיין אַ שמח בחלקו, און צופרידן, וואָס מ׳איז אין אַ לאַנד פון פרייהייט און גלייכהייט, ווייט פון ברענענדיקן אייראָפּע. ער האָט זיי אויך אָנגעזאָגט, טאָמער וועט ער ניט קענען קומען רעכענען זיך מיט זיי, זאָלן זיי, למען־השם, זיך רעכענען מיטן בוכהאַלטער.

די מלחמה־אַקטיוויטעטן האָבן אויך פון אים און פון דער מעקלינטאָק־פאַבריק, פאַרלאַנגט פאַרשטאַרקטע אינטענסיווקייט. די פאַבריק איז געשטעלט געוואָרן אויף דריי שיכטן, מ׳האָט געאַרבעט דעם גאַנצן מעת־לעת, און ער איז פאַרהאַלטן געוואָרן אין קלינטאָן אויך אויף די שבתים און די זונטיקס.

מיטן דערפאַלגרייכן איבערנעמען די מעקלינטאָק־פאַבריק און אָנשליסן זי אין דער מלחמה־אינדוסטריע, איז סעמיועל סאַראַד אַריין אין קרייז פון גרויס־אינדוסטריעלער אין די מלוכהשע קרייזן, און זיין נאָמען האָט גענומען שטייגן העכער און העכער אַלס ריזיקאַנט און געוואָגטער אונטערנעמער, מיט אַן אינטואיציע פון אַן אינדוסטריעלן זשעני. און ווען די קלינטאָנער קליינע שוך־פאַבריק איז שווער אָנגעקומען דאָס אַריבערגיין צו מאַסן־פּראָדוקציע פאַר דער אַרמיי, איז פון דער מלחמה־פאַרזאָרגונג־ראַט אים פאַרגעשלאָגן געוואָרן צו העלפן איר אין דעם אויסברייטערן די פּראָדוקציע צו מלחמה־מאַסשטאַבן. זיין מיטהילף צו דער שנעלער אַנטוויקלונג פון דער שוך־פּראָדוקציע האָט נאָך מער פאַרגרעסערט זיין אָנזען אין שטעטל, און קיין שום וויכטיקע זאַך איז ניט געטאָן געוואָרן אָן צו פרעגן פריער זיין מיינונג, זיין עצה. ווי אַ וויכטיקער בייטראָגער צו די הוצאות פונעם שטעטל, איז ער געווען באַרעכטיקט צו אַ דעה אין דער פירונג פון שטעטל, אַפילו געוויילט צו ווערן צום שטעטלס פאַר־וואַלטונג. האָט מען אים טאַקע פאַרגעשלאָגן צו זיין קאַנדידאַט פאַרן

„ריוו״ אָבער ער האָט זיך אָפּגעזאָגט פון דעם כבוד. דער איינציק־געבליבענער קאַנדידאַט, דער רעסטאָראַטאָר פון שטעטל, האָט אים דערפאַר פאַרגעשלאָגן אומזיסטע מאָלצייטן אין זיין רעסטאָראַן. ער ווידער, ברייט־האַרציק, האָט פאַרגעשלאָגן — אַנשטאָט זיינע מיטאָגן, זאָל ער געבן פרייע קאַווע פאַר די אַרבעטער.

דאָס האָט געהויבן דעם פּרעסטיזש פון דעם „בחור מיליאָנער״, ווי די שטעטלדיקע האָבן אים גענומען רופן. בוגרותן, אַלטע מוידן, אלמנות פון שטעטל האָבן זיך גענומען שאַרן צו אים. ער האָט ניט באַהאַלטן זיין הייראַט, אויך ניט זיין יידישקייט, אָבער די ניט־פאַרהייראַטע האָבן דאָס אָנגענומען פאַר כיטרע בחורישע שטיק, און אים ממש פאַרפאָלגט מיט זייער חנדלען זיך צו אים.

די צודרינגלעכסטע איז טאַקע געווען דעם רעסטאָראַטאָרס טאָכטער, וואָס האָט אים באַדינט, דערלאַנגט אים זיינע פרישטיקס און וועטשערעס, צוגעגרייט פאַר אים דאָס מיטאָג־איבערבייסן, וואָס ער פלעגט מיטנעמען אין פאַבריק אַריין. מיטאָג־צייט האָט ער גענומען פרייע קאַווע צוזאַמען מיט אַלע אַנדערע אַרבעטער. ביינאַכט, איידער ער האָט אָנגעהויבן פלאַנירן דעם מאָרגנדיקן טאָג אַרבעט, פלעגט ער גיין אין רעסטאָראַן עסן וועטשערע.

דער רעסטאָראַטאָר האָט אים אָפּגעגעבן אַ זייטיק צימער, צו באַשיצן אים פון נייגעריקע אויגן, וואָס פלעגן קומען כאַפּן אַ קוק אויף דעם „בחור מיליאָנער״, דעם נייעם באַלעבאָס פון דער אַלטער מעקלינטאָק־פאַבריק. דער רעסטאָראַטאָר האָט אויך דערביי געהאַט זיין פּערזענלעכע כוונה — צו געבן זיין טאָכטער די מעגלעכקייט אַריינצוקריגן דעם אַלטן העכט אין איר נעץ...

ער האָט זי דערמוטיקט, געזען זי זאָל זיין אויפן פּלאַץ, ווען ער קומט עסן. געזאָרגט זי זאָל ניט זיין אָפּגעלאָזן און טראָגן די ריכטיקע קליידער... פאַרקעמט זיין מיט פּרויוען־רייץ, פּודער, ליפּשטיק, פּאַרפיום — פון שאַרפסטן אַראָמאַט, „עס זאָל אים אַ נעם טאָן, דעם אַלטן בחור״. — האָט ער זי געמונטערט...

אַז סעמיועל סאַראַד האָט אַמאָל פאַרפעלט צו קומען אויף וועטשערע, האָט ער אויסגעפּוצט די טאָכטער אין עסיק און אין האָניק און זי געשיקט מיט דער וועטשערע צו סאַראַדן אין פאַבריק אַריין, כדי ניט צו פאַר־נאַכלעסיקן די „גאָלדענע״ געלעגנהייט, צו זיין מיט אים אַליין...

זי איז געקומען צו אים אין פאַבריק אַריין אויסגעפּוצט, ווי צום טאַנץ. אויסגעזען האָט זי ווי דלילה, ווען זי איז געקומען אָפּשערן שמשונס האָר. אַלץ איז אָבער אַרויס רוי, מגושמדיק און ווולגאַר.

„אָבי איר זענט, גאָט צו דאַנקען, געזונט און שטאַרק, מיר האָבן

געמיינט, אַז ס'איז אייך חלילה עפּעס געשען!" — האָט זי אים צוגע־טראָגן די טאַץ מיט עסן, געשעטלט זיך אָקעגן אים. — „אויב איר זענט אַזוי שטאַרק פאַרנומען, וועל איך אייך ברענגען אייער עסן אַהער, עס מוז דאָך אייך דאָ זיין זייער אומעטיק איינער אַליין!" — האָט זי אים שעלמיש אַריינגעקוקט אין די אויגן.

„אַ דאַנק אייך און אייער גוטן פאָטער, פאַר אייערע גוטע כוונות און טרחה. איך האָב ניט קיין צייט צו זיין קראַנק אָדער אומעטיק. איך האָב שוין אַפילו אָפּגעגעסן וועטשערע, אין דעם קאַפע־הויז דאָ, נאָענט צו דער פאַבריק", — האָט סעמיועל סאַראַד זיך צוריקגענומען צו זיין אַרבעט.

דאָס מיידל האָט געמאַכט אַ טרויעריק פּנים, ווי ס'וואָלט איר באַנג געטאָן, וואָס ער האָט שוין אָפּגעגעסן, און געזאָגט צו אים מיט זאָרג: „וואָס האָט איר דען דאָרט געקענט עסן נאָרהאָפּטיקס? אין אַ קאַפע־הויז כאַפּט מען נאָר עפּעס, אונדזער עסן געפעלט אייך ניט?" — האָט זי געזאָגט אין אַ טאָן, ווי זי וואָלט זיך געפילט באַליידיקט.

„לאָזט דאָס, כ'וועל עס עסן שפּעטער", — האָט ער געוואָלט אַרויס־נעמען די טאַץ פון אירע הענט. זי האָט אָבער ניט געגעבן.

„אוי איז דאָ אַן אומאָרדענונג ביי אייך!" — האָט זי געזוכט אַן אָרט ווו אַוועקצושטעלן די טאַץ מיט עסן. „אויב איר וועט דערלויבן, וועל איך מאַכן אַ ביסל אָרדענונג אין אייער ביוראָ". — האָט זי אים מיט ווייבלעכער גראַציע דערלאַנגט די טאַץ איבער זיין שרייב־טיש. ער האָט דערפילט דעם שאַרפן פּאַרפיום־ריח, וואָס האָט זיך אַ ריס געטאָן פון איר, ער האָט אַזש פאַרקרימט דאָס פּנים און עס אַוועקגענייגט פון איר.

האַסטיק האָט ער זיך אַ הויב געטאָן פון זיין שטול און געזאָגט שוין אַ ביסל אומגעדולדיק: „לאָזט איבער דאָס מאָלצייט, איך וועל עס עסן שפּעטער", — און דערלאַנגט איר דעם פּרייז פאַרן מאָלצייט און פאַר איר טרחה. געבעטן צו פאַרלאָזן די פאַבריק, באַגלייטנדיק זי צו דער אַרויסגאַנג־טיר.

זי האָט זיך געלאָזט פון אים פירן, און דערביי געהנדלט זיך פאַר אים, „מיין פאָטער וועט דאָס פאַרדריסן, מיר האָבן געמיינט אייך גרינגער צו מאַכן, איך געפעל אייך ניט? בין איך טאַקע אַזוי מיאוס?" — האָט זי, מיט געבעטן אַרויפגעקוקט צו אים.

„איר מאַכט זיך נאָר ביליק און באַליידיקט זיך אַליין. איך בין אַ פאַרהייראַטער מאַן און האָב שוין באַלד אַ טאָכטער, אַ פריילין ווי איר זענט. אייך פּאַסט אַ ייִנגערער און שענערער פון מיר". — ער האָט פאַר איר געעפנט די טיר און גערופן דעם נאַכטוועכטער, געבייזערט זיך

אויף אים, וואָס ער האָלט ניט די טיר פאַרמאַכט. — „אַז איר וועט זיך אויפפירן לייטיש, ווי ס'פּאַסט פאַר אַ דאַמע, וועל איך צוריקקומען עסן אין אייער פּאַטערס רעסטאָראַן", — האָט ער זי איבערגעגעבן דעם וועכטער.

אויך אַנדערע טאַטעס האָבן געשיקט זייערע טעכטער צו דעם מיליאָנערישן בחור. טאַטעס, אַרבעטער פון דער ניילאָן־פאַבריק, האָבן אַליין געבראַכט זייערע טעכטער צום נייעם באַלעבאָס און זיי פאַר אים פאָרגעשטעלט פאַר געהאַרכזאַמע, וויליקע מיידלעך, ווילע באַלעבאָסטעס... אַזוי איז דאָס געגאַנגען פון ערשטן טאָג פון זיין קומען אין פאַבריק אַריין. דער יצר הרע איז געווען שטאַרק און דאָרט געלויערט אויף אים פון אַלע זייטן.



בעת אַ באַראַטונג, וואָס ער האָט געהאַט מיט דער אָנפירערין פון די מיידלעך־וועבערינס, וועגן פאַרגרעסערן זייער פּראָדוקטיווקייט און אויפפּאַסן בעסער אויף די מאַשינען, וועלכע האָט זיך פאַרצויגן ביז אין די שפּעטע נאַכט־שעהן, האָט ער פאָרגעשלאָגן אַראָפּצוגיין אין קאַפע־הויז אויף קאַווע און קוכן. אָבער צוליב דער שפּעטער שעה איז זי שוין געווען געשלאָסן. האָט ער צוגעשטימט אַריינצוגיין אויף קאַווע צו דער אָנפירערין אין הויז, דאָס הייסט ביי אירע עלטערן אין הויז. זי האָט אים אָבער אַריינגעפירט אין אַ גאַסט־צימער, אייגנטלעך איר שלאָף־צימער. די קאַווע האָט נאָך ניט באַוויזן אויפצוקאָכן, האָט זי אַליין שוין געקאָכט, אין אירע נאַכט־קליידער פון טיול און זייד, וואָס האָבן גאַנץ ווייניק באַקליידט.

אַזוי נאָענט צו אַ פרויס נאַקעטקייט איז ער זעלטן געווען אין זיין לעבן. ווי שנעל זי האָט אים זיין קאַווע איבערגעגעבן, איז זי אַוועק צו דער סאָפע, אָנגעלענט זיך, און אויך אים פאַרבעטן אַהין. „אָן שום פאַרפליכטונגען, כ'שרייב זיך אונטער..." — האָט זי אים גענומען ציען צו זיך. און אירע ווייסע ציין האָבן געשימערירט אין דער טונקלקייט.

זי איז געווען אַ שיינע פרוי אַפילו אין אירע אַרבעט־קליידער, און אינעם פאַרשייטן קאָפּ־טיכל מיטן פאַרריסענעם פנים; ער האָט דאָס תמיד באַמערקט. איצט, אין איר דינעם טיול און זייד, האָט זי געריצט סודותדיק, אים געלאָקט... אַז ער האָט זיך פון אָרט ניט געקאָנט רירן....

איר לייב האָט זיך גראַציעז געלאַשטשעט אינעם נאַכט־זיידנס און דאָס פּנים האָט געפלאַמט ציגטער רויט. אירע אויגן האָבן ליידנשאַפטלעך געגלאַנצט, ווי ביי אַ קאַץ און געכישופט. ער האָט געוואָלט דערנענטערן זיך צו איר, זיין גאַנץ וועזן האָט געצויגן צו איר, אָבער ער איז געשטאַנען

מיד און שווער ווי בליי. זי האָט אים גענומען ציען צו דער סאָפע, אָפּגעריסן פונעם אָרט. ער איז געגאַנגען צו איר, צו זיך... פּלוצים האָט אַ קינד גענומען הויך וויינען. דאָס קול איז געקומען פון יענער זייט וואַנט, ביי דער סאָפע, און אים האָט זיך געדוכט, אַז דאָס וויינט זיין נתן, דער יינגסטער זון זיינער. ער פרעגט זיך אויף אים, וויל צו אים.

די מידקייט איז ווי פּלוצים פאַרשוואונדן. ער האָט געפילט עלאַסטיש־קייט אין זיך. איז ער אויפגעשפּרונגען פון דער סאָפע, געזאָגט איר אַ „גוטע נאַכט" און ווי אַ וויכער געלאָזט זיך צו דער טיר, זי אויפגעפּראַלט און אַרויסגעיאָגט פון הויז, ווי אַ ווינט וואָלט אים געטריבן.

אַ קיל ווינטל האָט געגלעט זיין צעהיצט פּנים, ווי דעמאָלט, ווען ער מיט פּעסעלען, זיין ווייב, פלעגן אַהיימגיין שפּעט ביינאַכט פון דער ביבליאָטעק, אָדער פון טשעשלער־פאַריין און זי האָט געגלעט זיין פּנים, געקילט עס מיט אירע לאַשטשענדיקע הענט.

דער שכל האָט אים געהייסן אַהער שיקן דעם הויפּט־בוכהאַלטער. ביז ער וועט געפינען עפּעס אַ פּאַסיקן פאַרוואַלטער פאַר דער מעקלינטאָק־פאַבריק.



אַ חוץ די קליינע קינדער, נתן מיט זיין ברודער, זענען די צופרידנסטע פון זיין צוריקקומען פון קלינטאָן, געוועזן די פּעדלער און די קליינע סוחרים, וואָס האָבן שוין געהאַט צו גרויסע תרעומות און טענות צום בוכהאַלטער, וואָס האָט זיי דורך דער צייט אָפּגעוווינט פון נעמען סחורה, וויפל זייער האַרץ גלוסט און וועץ צאָלן וועט ס'גלוסט זיי. ער האָט זיי געשטעלט אויף קוואָטעס, צוגעציילט זיי יעדע פּאָר זאָקן אָדער סוועטער, און פאַררעכנט אויף אמתע חשבונות יעדע זאַך באַזונדער, געהייסן אונטער־שרייבן זיך, און צאָלן ווי אַלע אַנדערע קונים.

איצט, אַז סעמיועל סאַראַד איז צוריקגעקומען פון קלינטאָן, האָבן זיי געמיינט, אַז עס קומען צוריק די אַלטע וועסטל־קעשענע מסחרים, און די זונטיקדיקע כאַפּענישן און דינגעניש. דער עיקר, זיי וועלן ווידער אָנהויבן נעמען וויפל זייער האַרץ גלוסט, צוריק ברענגען, וואָס ס'בלייבט און מ'קען ניט פאַרקויפן — צוריקגיין צו די אַלטע גוטע צייטן.

אָבער קיין זאַך איז איצט מער ניט געווען ווי אַמאָל. די מלחמה איז קוים איין יאָר אַלט געווען, ס'האָט אָבער אויסגעזען, ווי זי וואָלט שוין אָנגעגאַנגען יאָרן. אַפילו מ'האָט גערוט אויף די שלאַכטפעלדער. פּוילן איז שוין געלעגן אַ צעטרעטענע אונטער די פיס פון דער דייטשער חיה, וואָס האָט געריסן שטיקער פון איר, אבר מן החי ממש. די דייטשן האָבן גערוט ביי דער „זיגפריד־ליניע". די פראַנצויזן מיט די קעפּ ווי שטרויס־

פייגל, אין זייער „מאַשינאַ־ליניע", אוןביידע האָבן געקליבן כוחות. די דייטשן צו באַזיגן פראַנקרייך און פעטען... זיך אונטערצוגעבן. סעמיועל סאַראַדן האָט די מלחמה אויסגעזען, ווי בעריש יונהלעס „מלחמה" מיטן עסיגמאַכערס איינגעפאַלענעם פלויט, וואָס ער איז געזעסן אויף אים און ניט געלאָזט אים צוריק אויפשטעלן, ביז מ'וועט ניט ריכטיק אויסמעסטן זיין פאַדוואָש.



פון זינט זיין דערפאָלגרייכע הילף דער שוך־פאַבריק איז ער שוין געבליבן אינעם ראַט פון דער מלחמה־פּראָדוקציע, וועמען ער האָט אָפּגעגעבן אַ סך פון זיינע פערזענלעכע פּראָדוצירנדיקע כוחות און פון זיינע פאַבריקן. אַלץ האָט פּראָדוצירט צוהילף דער גרויסער מלחמה־מאַשין: די ניילאָן־פאַבריק, זאָקן, העמדער, הויזן, היטלען און סוועטער־פאַבריקלעך, אַלע האָבן געאַרבעט פאַרן מיליטער. ער איז געווען פאַרנומען אין דרויסן פון זיינע פאַבריקן, אין פרעמדע פאַבריקן, זיין גאַנצע ענערגיע האָט ער געלייסטעט לטובת דער מלחמה־אינדוסטריע.

ער האָט געאַרבעט פאַר אַ סימבאָלישן דאָלאַר אַ יאָר און איז צופרידן געווען צושטייער צו געבן זיינע פיזיש־אָרגאַניזאַטאָרישע כוחות און מאַטעריעלע כוחות, כדי צו ברענגען צום שונא'ס מפּלה. ער האָט געפּיבערט מיט ווילן און האָפענונג פאַר דעם ציל, און איז געווען גליקלעך מיט זיין חלק אין דעם קאַמף מיטן דייטשן שונא.

אויך דער פאַרזיצער פונעם ראַט פאַר מלחמה־פּראָדוקציע איז געווען צופרידן מיט זיינע אויפטוען אין קלינטאָנער שוך־פאַבריק און אין זיין מעקלינטאָק־פאַבריק, און געלויבט אים ביי די מלוכה־אינסטאַנצן. אָבער זיין פּאָפּולאַריטעט איז שנעל געפאַלן ביי די פּאַטריאָטישע איין־דאָלאַרדיקע יאָר־מענטשן, נאָכן אַריינטראָגן זיין ניט־פּאָפּולערן פאָרשלאָג, צו אַרבעטן פאַר דער מלחמה אָן פּראָפיטן, פאַר די בלויזע הוצאות, און דערמיט זיך באַלט איינגעקויפט אָפענע און באַהאַלטענע שונאים. זיין אויסגעשפּראָכענער שונא איז געוואָרן דער פּאַטריאָטישער פּיטערס, פאַר וועמען אַלע האָבן עפּעס מיסטעריעז מורא געהאַט, ווייל ער האָט באַוויזן די רעגירונג, אָפּצוקויפן פאַר אים אַ געביידע אין שכנות מיט זיין גליטשער־ און אייז־שטעקל פאַבריק, צו פּראָדוצירן הילצערנע קאָלבעס צו ביקסן און באַגנעטן. דער פּיטערס איז געוואָרן סעמיועל סאַראַדס דם־שונא.

ער האָט זיך געקאָכט און געשריגן: „ס'איז גענוג, וואָס אונדזער לאַנד גיט שוין דאָס צווייטע מאָל אין פאַרלויף פון 25 יאָר, אונדזערע מענטשן און רייכטום צו מלחמות פון אַנדערע, וואָס ברענגט אונדז ניט

קיין נוצן, ניט פּאָליטיש, ניט מאַטעריעל. אַפילו דעם פּרעסטיזש פון זיג נעמען אַנדערע צו. אין דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט אַמעריקע זיך צוגענומען דעם זיג איבערן קייזער און אַזוי וועט זיין מיטן זיג איבער היטלערן. ס'איז גענוג, אַז מיר קעמפן פאַרן קיום פון דעמאָקראַטיע, ברענגען קרבנות אָן פּראָפיטן פאַרן לאַנד. ס'איז גענוג, אַז מיינע שטייערן, אונדזערע מענטשן און מאַטעריאַלן גייען פאַרן רום פון אַנדערע אויף מלחמות, וואָס מיר האָבן זיי ניט געמאַכט, מיר קענען ניט אַלץ געבן פאַר פרעמדע!"

סעמיועל סאַראַד האָט געהאַלטן פאַרקערט. טאָקע ווייל דאָס לאַנד ברענגט קרבנות פאַר דער פרייהייט פון אַנדערע, אָן מאַטעריעלע און טעריטאָריעלע פּראָפיטן, טאָר דער אינדיווידועלער בירגער, ניט נוצן די מלחמה פאַר פערזענלעכע פּראָפיטן און אייגן נוצן. און ער ווידערהאָלט זיין פאָרשלאָג צו אַרבעטן פאַר דער מלחמה אָן פּראָפיטן, פאַר די בלויזע הוצאות. אויסגעפירט האָט פּיטערס, אָבער ער איז אַלץ געבליבן סאַראַדן אַ שונא אויפן לעבן.

„מיט וואָס האַנדלט ער אַלץ?" — האָט פּיטערס געפרעגט אין דער גרופּע אַריין.

„מיט דעם, וואָס אייך פעלט אַמוניטיקסטן, מיט טאַקט, שכל, און מיט אמתן פּאַטריאָטיזם", — האָט סעמיועל סאַראַד צוריק אַריינגעזאָגט.

מיסטער פּיטערס האָט געהערט פון סעמיועל סאַראַדס גאונישע סוחרישע פעאיקייטן און זיין אינדוסטריעלן אויפשטייג, נאָך איידער ער האָט זיך מיט אים געטראָפן אין דעם מלחמה־ראָט. געטראַכט האָט ער, אַז זיין גאונישקייט באַשטייט אוודאי, ווי ביי אַנדערע פון זיין פאָלק, אין זיין קלוגער כיטרעקייט, און זיינע מאַכינאַציעס זענען אוודאי גרעסער ווי פון אַ געוויינלעכן ייד. אין זיין היפּער־פּאַטריאָטיזם איז דאָ עפּעס אַ באַהאַלטענער כיטרער גרויסער פּלאַן. „אַ ייד זאָל וועלן אַרבעטן פאַר אומזיסט, מוז אין דעם שטעקן אַן אויסגעקליגלטע, כיטרע כוונה", — האָט פּיטערס געזאָגט האַלב שפּאַסיק און האַלב ערנסט, אַרויסגייענדיק פון דעם מיטינג מיט אַ שמייכל אויף זיין פּנים, וואָס האָט געמיינט: פּעטער, מ'קען אייך...

סעמיועל סאַראַד האָט פאַרשוויגן פּיטערסעס אָפענע אַנטיסעמיטישע באַמערקונג און האָט ביים צווייטן מיטינג פון ראָט פאָרגעשלאָגן, אַז דער ריווח פון אַלע פּראָדוקטן פאַר מלחמה־צוועקן, זאָל זיין ניט גרעסער ווי אַ באַנק־פּראָצענט, און די אַדמיניסטראַציע־קאָסטן זאָלן זיין אויפן חשבון פון דער פאַבריקס פּראָפיטן פון ניט מלחמה־פּראָדוקציע.

„די דיוויזיע זעלנער, וואָס זענען אָפּגעפאָרן מיט מאַנאַטן צוריק איבער די פאַרפעסטעטע מיט דייטשישע סובמאַרינען ימים קיין אייראָפּע, האָבן איינ־

געשטעלט זייערע לעבנס, זיי וועלן ניט מאַכן קיין פּראָפיטן פון דער מלחמה. אַ סך פון זיי וועלן פאַרלירן זייערע לעבנס, אָדער ווערן אינוואַלידן, פאַרוואָס קומט אונדז, וואָס מיר זיצן דאָ, ניט איינשטעלנדיק אונדזער לעבן, מער פון זיי?״ — האָט ער באַגרינדעט זיין נייעם פאָרשלאָג.

ווי אַן אָפּגעבריטער איז אויפגעשפּרונגען מיסטער פּיטערס. „וואָס פאַר אַ פוילע שטיק פּראָוועט איר דאָ?! ווי וואָגט איר אונדז פאָרצושטעלן ווי בלוטיקע פּיאַווקעס! מאַשינען ווערן אַלט, אַרבעטן זיך אויס, זייער קאַפּאַציטעט פאַלט, ווער וועט באַצאָלן פאַר זייער אַמאָרטיזאַציע? ווי אַזוי וועלן מיר גוט מאַכן דעם שאָדן? פאַרוואָס זאָל איך נאָך דער מלחמה בלייבן מיט אַלטע אויסגעאַרבעטע מאַשינען? וואָס פאַר אַ טייוולאָנישע שטיק פּראָוועט איר דאָ? פון ווען אָן, האָט איר און אייערע פיינט געקריגן פּראָפיטן?!״ — האָט פּיטערס, גאָר ניט ווי אַן איידלמאַן זיך געכעסט.

די לעצטע ווערטער פּיטערס האָבן אויפגעוועקט דעם אַלטן שלמה זלמנען אין דעם פאַרענגלישטן סעמיועל סאַראַד. ווי פון אַ שלאָנג געביסן האָט ער זיך אויפגעריסן צו ענטפערן אויף פּיטערס שלאַנגיקע רייד.

„איך האָב פיינט בלוטיקע פּראָפיטן, און ניט אונדזער איז דער דייטשער טייוול, וואָס איז דערוויייל נאָר באַפאַלן אייראָפּע. ניט מיר האָבן אים געכאָוועט און ניט מיר האָבן אים דערצויגן און געקעכלט, נאָכגעגעבן זיינע ווילדסטע אַפּעטיטן. אויב חלילה, דער דייטשער קאַניבאַל וועט זיגן, וועלן אַלע פּראָפיטן צו אים אַריינפאַלן און מיר וועלן זיין פאַרקנעכט צו די דייטשן. זיי וועלן אונדז צוטיילן אונדזער ביסן, אויך אייך, מיסטער פּיטערס. זיי וועלן רעגימענטירן אייערע און אונדזערע לעבנס, אונדזערע קינדערס לעבנס. איז כל זמן מיר זענען נאָך פריי צו באַשטימען, לאָמיר זיך זיכער מאַכן, אַז זיי וועלן ניט זיגן נאָר באַזיגט ווערן. אין מיר איז פאַראַן די מורא פאַרן דייטשן שטן, און איך בין גרייט מקריב צו זיין אַ סך, אַז דער דייטשער טייוול זאָל חלילה ניט זיגן!״

ער האָט זיך ניט צוריק געזעצט, נאָר געבליבן שטיין אין דער דריקנדיקער שטילקייט אַרום. „מיר און מיין פאָלק״. — האָט ער פאָרגעזעצט, — „וואָרפט מיסטער פּיטערס פאָר גייציקייט צו פּראָפיטן, דאָס איז ביי אים אונדזער פאָלקס-חסרון. אָבער קוקט זיך נאָר צו ווי ער אַליין וויל ניט רעזיגנירן פון איין פּרוטה, אַפילו אין מלחמה-צייט פאַרלאַנגט ער זיין פונט-פלייש, זיין פולן פּראָפיט, אין דער צייט ווען אַנדערע גיבן אָפּ זייערע לעבנס, כדי דעם שונא צו באַזיגן. דערביי פאַרגעסט ער ניט אָנצוגרייפן אויף מיין פאָלק, אַלץ צוליב זיינע ׳פּאַטריאָטישע׳ פּראָפיטן״.

אויך איצט איז ער געבליבן שטיין און שטאַר געקוקט צו פּיטערסן.

ס׳האָט זיך אים געוואָלט אַנטלויפן פון דאַנען, די לופט האָט אים גענומען שטיקן, די היץ איז געוואָרן אומדערטרעגלעך. דער פאָרזיצער פון ראָט איז גרייט געווען איבערצורייסן די זיצונג. אָבער נאָך איידער ער האָט געעפנט דאָס מויל, האָבן בענקלעך זיך גענומען פאַנאַנדעררוקן און מענטשן האָבן זיך גענומען אַרויסשלייכן פון שטוב. אויך דער פאָרזיצער איז זיי נאָכגעגאַנגען אַ שווייגנדיקער, ניט וועלנדיק בלייבן מיטן גערעכטן סאַראַד אויג אויף אויג.

קיין שלום איז שוין מער צווישן אים און פיטערסן ניט געווען, כאָטש מ׳האָט געמאַכט פּרווון זיי אויסצוגלייכן, איבערבעטן. ניט דער אַלטער שלמה זלמן, און ניט דער איבערגעניטשעוועטער סעמיועל, האָבן געהערט צו די, וואָס פאַרגעסן און זענען שנעל מוחל אַ ווייטיקלעכע עוולה, אַ ניט באַרעכטיקטע באַליידיקונג. ס׳איז ניט אין זייער נאַטור אָנצושטעלן אַ פאַלש פּנים, און היפּאָקריטיש צו שמייכלען.

נאָך דעם צווייטן צוזאַמענשטויס מיט פיטערסן האָט ער מער ניט געזען קיין מעגלעכקייט מיטצואַרבעטן מיט דעם ראָט, צווישן פאַלשע פאַטריאָטן, וואָס אַרבעטן מכלומרשט פאַר אַ געהאַלט פון איין דאָלאַר אַ יאָר און ווילן אויסנוצן דעם דאָלאַר, כדי צו מאַכן מיליאָנען. די זיצונגען זענען אים געוואָרן צולאַסט. ער האָט ניט געוואָלט האָבן מער קיין צוזאַמענטרעפן מיט פיטערסן און די אַנדערע, וואָס האָבן געשוויגן ווי פיש, ווען יענער האָט גערעוועט ווי אַ חיה מיט באַליידיקונגען אויף אים און אויף יידן. דער חשק נאָכאַמאָל זיך צו פאַרהערן מיט זיי אין פאַטריאָטיזם האָט אים אָפּגעטרעטן און ער האָט געהאַט בדעה צו רעזיגנירן פון ראָט. דער איינציקער אָפּהאַלט איז געווען — פיטערס. אים צו להכעיס וועט ער ניט רעזיגנירן. זאָל ער זיך ניט פרייען, אַז ער האָט אים פאַרטריבן מיט זיין שאַנטאַזש און בלבולים.

„גענוג, אַז ער האָט געזיגט אין ענין פּראָפיטן, און אַלץ איז געבליבן ווי געווען — הפקר״, האָט ער געטראַכט, גייענדיק פון דעם מיטינג אַליין.

## קאַפּיטל 16

אין דרויסן האָט „געברענט״ אַ פראָסט, דער טיפער שניי האָט פאַרשלונגען דעם עכאָ פון די טריט. די קעלט האָט אַרומגענומען זיין צעפלאַמט פּנים, זיין הייסן כעס, און ביידן געקילט. בערגלעך, גרודעס שניי האָבן באַשווערט זיין גאַנג. אָן איינגעבויגענער האָט ער זיך געהיטן ניט אויסצוגליטשן זיך, אויף דעם האָט ער זיך קאָנצענטרירט. ווען פּלוצים

האָט ווער גערופן זיין נאָמען. ער האָט דערקענט דאָס קול, וואָס רופט אים, ס׳איז געווען סימאָר שטיין.

„מ׳דאַרף זיין אַ געניטער אַקראָבאַט אַריבערצוגיין היינט די גאַס, ס׳איז ווי צו גיין אויף דראָטן, געפערלעך אַ טריט צו מאַכן!" — האָט סימאָר אים אַנגענומען ביים אָרעם. — „אָט אַזוי, מיינע כוחות און אייער דערפאַרונג, וועלן עס זיכער דערמעגלעכן".

„וואָס מאַכסטו, סימאָר? וואָס הערט מען ביי דיר?" — האָט סעמיועל סאָראַד געפרעגט, טראַכטנדיק, צי די באַגעגעניש איז נאָר אַ צופעליקע. — „און וואָס מאַכט דיין ברודער מיט זיין ווייב?"

„פרעגט אים, אָט גייט ער הינטער אונדז", — האָט סימאָר זיך אָפּגעשטעלט און אויסגעדרייט זיך צו אַ מאַן, וואָס איז געשטאַנען הינטער זיי און געשאָקלט מיטן קאָפּ אויף באַגריסונג.

„האַו דו יו דו", — האָט סעמיועל סאָראַד אַ נויג געטאָן דעם קאָפּ צום פרעמדן מאַן. — „און וואָס מאַכט אייער פרוי?" — האָט ער באַטראַכט סימאָרס ברודער, וואָס האָט ניט געהאַט קיין ענלעכקייט צו אים, ווידער האָט ער אַ טראַכט געטאָן — איז די באַגעגעניש אַ צופעליקע, אָדער האָט זי עפּעס אַ כוונה? וואָלט זי געהאַט אַ כוונה, וואָלט ער ניט מיטגעבראַכט דעם ברודער. דער אויספיר האָט אים ניט אויסגעזען גאַנץ לאָגיש, ניט געקלעפּט זיך. גאָרניט האָט זיך דעם נאָכמיטאָג געלייגט לאָגיש.

„ברר, ס׳ברענט דער פראָסט! אַ קאַלטע שרפה! מירן מיט אייך מיטגיין אין אייער בילדינג, איר האָט ניט דאַקעגן?" — האָט סימאָר געפרעגט.

„דאַקעגן? פאַרוואָס? אַדרבא".

„איך ניט, איך מוז גיין אַהיים, גוד־ביי!" — איז סימאָרס ברודער אַוועק.

שליסנדיק די טיר פונעם ביוראָ האָבן זיי פּלוצים געהערט אַ באַפעל פון אַ שטיל קול: „שליסט אויף די טיר און לאָזט דעם שליסל, נעמט אים ניט אַרויס, גייט אַריין און קוקט זיך ניט אום, אויב איר ווילט לעבן,ביידע!" — האָט ער נאָכגעשטויסן סימאָרן אין ביוראָ אַריין נאָך סאָראַדן.

ווען זיי זענען אַריבער די שוועל און די טיר האָט זיך הינטער זיי פאַרהאַקט, האָט דאָס קול ווידער באַפוילן: ליידיקט אויס אייערע קעשענעס פון אַלץ, וואָס ס׳איז דאָרט פאַראַן, דאָ אַריין!" — האָט אַ האַנט זיי אונטערגערוקט אַ שוואַרצן הוט, — „דו אויך!" — האָט דאָס קול אַ געשריי געטאָן צו סימאָרן, וואָס איז געשטאַנען ווי אַ מאַנעקין און מיט קיין אבר ניט גערירט.

„מיינע קעשענעס זענען ליידיק, וועסט דאַרפן עפּעס אַריינלייגן כ׳זאָל האָבן וואָס אויסצוליידיקן". — האָט סימאָר געוואָלט זיך אויסדרייען

צום אַנפאַלער און דערפילט אַ שאַרפן שניט אין נאַקן. ס'האָט אים אַ שווינדל געטאָן אין קאָפּ און ער האָט זיך זיך ווי אַ סנאָפּ אַראָפּגעלאָזט צו דער ערד, איינגעקווילט אין דרייען. אין דעם אויגנבליק האָט די טיר זיך פאַרהאַקט הינטער זיי, פאַרשלאָסן זיך פון דרויסן, און פּוסטריט האָבן שנעל אָוועקגעאיילט.

סעמיועל סאַראַד האָט זיך גענומען מונטערן סימאַרן. ער האָט געטאָן אַלץ, כדי אויפצוּוועקן דעם פאַרחלשטן. געקניפּן אים, געפּאַטשט אין פּנים, אַריינגעאָטעמט פּנים אל פּנים. סימאַר האָט אָנגעהויבן קומען צו זיך, פּונקט דאַן האָט זיך דער טעלעפאָן צעקלונגען.

„שוין איצט?!" — האָט סעמיועל סאַראַד אַריינגעפרעגט אין טעלעפאָן־טרייבל, אַ דערשטוינטער וואָס דער פאָרזיצער פון ראַט וויל אים קומען שוין זען, און ער קומט גלייך צו אים. אַ געפּלעפּטער פון דעם אַלעם וואָס ס'איז היינט דאָ געשען, איז ער געשטאַנען פאַר סימאַרן און ניט געוווּסט וואָס מיט אים צו טאָן. און דאָ איז די טיר פאַרשלאָסן פון אויסנווייניק!

נאָך איידער ער האָט געוווּסט, וואָס ער וועט טאָן מיט דעם צעטומלטן סימאַרן, וואָס האָט געקרעכצט און געהאַלטן זיך ביים קאָפּ, האָט מען אָנגעקלאַפּט אין דער טיר. אויפגעשלאָסן זי און ס'האָט זיך אַריינגעשטעלט דער ראַט־פאָרזיצער אַ פאַרוווּנדערטער אויף דער פון דרויסן פאַרשלאָסענער טיר, אויף דעם פריטשמעליעטן סימאַרן, וואָס האָט געהאַלטן דעם קאָפּ איןביידע הענט און געקרעכצט. אַ ביסל מבולבל פון דעם אומגעריכטן באַזוך, האָט סעמיועל סאַראַד אים געבעטן זיצן און געטראַכט ווי אַזוי פּטור צו ווערן פון סימאַרן, וואָס איז שוין צוריק געווען ביים באַוווּסטזיין און אַליין פאַרשטאַנען, אַז ער איז איצט דאָ איבעריק.

אָבער סימאַר האָט זיך ניט גערירט פון אָרט, ווייל ער האָט נאָך ניט געהאַט דערגרייכט זיין ציל פון דער אויספּלאַנירטער באַגעגעניש — צוריק צו קריגן זיין אַלטן אַרבעטס־פּלאַץ ביי סאַראַדן. פון זינט ער האָט פאַרלאָזט די שמאַטע־פאַבריק צוליבן באַליידיקן זיך, האָט ער זיך קיין צווייט אַרבעטס־אָרט ניט געקאָנט צוקלויבן, און כסדר געטראַכט ווי אַזוי אַריינצוקריגן זיך אין דער שמאַטע־פאַבריק. אויף אַ סך פלעצער האָט ער שוין איבערגעאַרבעט, אָבער אויף קיין איינער פון זיי ניט געקענט האַלטן זיך. אין אַלע האָט אים געפעלט די זעלבסטשטענדיקייט, די פרייקייט, די היימישקייט פון דער פאַרבערייַ און שמאַטע־פאַבריק. די פּראָסטע מענטשן מיט זייערע מאָדנע פירעכצן האָט ער שטענדיק שווער פאַרטראָגן, אָבער ווען ער איז אַוועק פון זיי, האָבן זיי אים געפעלט; געפילט זיך אַ ביסל מאָדנע צווישן זיי, אָבער דאָך היימיש.

אין די אַנדערע פאַבריקן האָט ער זיך געפילט פרעמד און מ'האָט

אים דאָרט באַהאַנדלט ווי אַ שיק־יינגל, ווי דעם „שיפּער“, געשאָפן זיך מיט אים, אָן דעם מינדסטן רעספּעקט. ער האָט געטוישט די פאַבריקן ווי די העמדער זיינע. ביז ס׳איז אים פּאַרמיאַוסט געוואָרן דאָס אַרומשלעפּן זיך פון פאַבריק צו פאַבריק, און ער האָט באַשלאָסן צוריקגיין מיט גוטן אָדער מיט בייזן צו סאַראַדן.

מיט גוטן איז ניט געווען קיין וועג צוריק. ר׳ יחיאל און דער גאַרבער זענען דאָרט געווען זיינע קעגנער, און אַז זיי האָבן געזאָגט „ניין“, — איז דאָרט ניט געווען ווער ס׳זאָל פאַר אים זאָגן „יאָ“. פון זינט דער מעשה מיט דער הוספה, האָט ר׳ יחיאל אים אויפגעהערט רופן, אין גוטן מוט, יידישער שייגעץ און אים אָנגעהויבן רופן פּראָסט פּשוט — שייגעץ, און אין בייזקייט — שייגאַץ! איז דאָך דער גוטער וועג געווען אויסגעשלאָסן. האָט ער פאַרטראַכט דעם בייזן וועג, וואָס האָט זיך אויך ניט אויסגעפירט, ווי ער האָט פּלאַנירט. ער האָט ניט פּלאַנירט קיין איבערפאַל, קיין האַלד־אַפּס. ער איז געזעסן אָן אָנטוישטער, אַ צעווייטיקטער צווישן די צוויי אין סאַראַדס ביוראָ, און אויפגעכאַפּט דעם פרעמדנס באַוועגונגען און מימיק און סעמיועל סאַראַדס פאַרלעגנהייט.

„איך וועל איצט גיין, אָבער כ׳באַשטעל זיך צו זען מיט אייך מאָרגן“, — האָט סימאָר זיך אופגעשטעלט און געלאָזט זיך צו דער טיר. — „שוין מאַנאַטן, אַז כ׳זוך זיך צו טרעפן מיט אייך, כ׳וויל צוריק מיין אַלטן פּאָסטן אין דער פאַרבעריי“, — האָט ער אַרויסגעפּלאַצט, האַלטנדיק שוין די קליאַמקע אין דער האַנט.

„יאָ, יאָ, מאָרגן“, — האָט מיסטער סאַראַד אים געענטפערט אין געאייל, און מיט די אויגן אים געבעטן, וואָס שנעלער פאַרמאַכן די טיר הינטער זיך.

אין ליידיקן קאָרידאָר, גייענדיק צו דער גאַס, האָט סימאָרן באַנג געטאָן, וואָס ער האָט געבעטן אויף אַ באַזוך און ניט אויף צוריקגיין צו דער אַרבעט באַלד מאָרגן. ער איז באַגאַנגען אַ נאַרישקייט. ער האָט געקאָנט איצט ביי אים אַלץ פועלן. ער האָט געבעטן אַ פייג, און אַ פייג געקריגן.



ווי נאָר די טיר האָט זיך פאַרמאַכט הינטער סימאָרן און זיי זענען געבליבן אַליין, איז דער פּאַרזיצער פון ראַט באַלד צוגעטרעטן צום ענין.

„פּיטערס האָט זיך אַנטשולדיקט, ווען איר אַנטלויפט ניט, וואָלט איר דאָס געהערט פון אים אַליין“.

„הינטער די אויגן און שפעט", — האָט סעמיועל סאַראַד אַ מורמל געטאָן. און מיט דעם שפּעט, אויך געמיינט אים, דעם פּאַרזיצער, וואָס האָט גאָרניט רעאַגירט אויף פּיטערס שימפּן קעגן אים און קעגן יידן. ער האָט איצט גרויס חשק געהאַט אים דאָס צו זאָגן, אָבער דער פּאַרזיצער האָט אַ זאָג געטאָן:

„ניט צוליב פּיטערס אַנטשולדיקונג בין איך איצט געקומען. מיר האָבן פאַר אייך אַן אַרבעט, אַן אַרט, וואָס וועט אייך צופרידנשטעלן און זיין אייך צום האַרצן. ס'איז דאָס, וואָס איר ווילט האָבן, אָנגעמאָסטן פאַר אייער ווילן און ציל". — ער האָט זיך אויפגעשטעלט פון שטול און איז צו צו סאַראַדן ביים פענצטער.

„מיר ווילן, אַז איר זאָלט אַריין אין דער קאָנטראָל־קאָמיסיע איבער פּרייזן און סחורה, דאָרט וועט איר קענען אַדורכפירן וואָס איר ווילט. פון דאָרט וועט איר קענען באַגרענעצן די פּראָפיטן, דורך היטן די פּרייזן און קוואַליטעט פון סחורות, און איר וועט האָבן דאָס געזעץ אויף אייער זייט, די אַדמיניסטראַטיווע קערפּערשאַפטן. איר וועט האָבן מאַכט, דאָס וואָס מיר האָבן ניט. וואָס זאָגט איר?"

סעמיועל סאַראַד איז געשטאַנען אַ פאַרווירטער פון דער נייעס און פון די היינטיקע געשעענישן, פון דעם איבערפאַל און פונעם שאָדן, וואָס ער האָט געהאַט. ער האָט פאַרלוירן דעם זייגער — די אָנערקענונג־מתנה, וואָס די שטעטלדיקע יוגנט האָט אים געגעבן, פאַר זיין עקשנותדיקן קאַמף מיטן קלער פון שטעטל, וואָס האָט ניט דערלאָזט עס זאָל זיין אַ ביבליאָטעק אין שטעטל, און ער האָט געזיגט, געגעבן דעם שטעטל אַ ביבליאָטעק און די יוגנט אים אַ גאָלדענעם זייגער. דעם זייגער האָט דער האָלד־אַפּניק צוגענומען, ער אַליין האָט דאָך אים אַוועקגעגעבן. סעמיועל סאַראַד — אַ פּחדן! האָט ער זיך פאַרגעוואָרפן פּחדנות. פון דעם האָט ער איצט געטראַכט און געהערט דעם ראַט־פּאַרזיצער איבערפרעגן איבער זיין אַקסל, גלייך אין אויער אַריין:

„נו, וואָס זאָגט איר צו דעם?"

„מאָרגן, מאָרגן", — האָט ער געגעבן דעם פּאַרזיצער דעם זעלבן ענטפער, וואָס ער האָט געגעבן סימאָרן. — „מאָרגן וועל איך אייך געבן מיין ענטפער, ס'קען וואַרטן ביז מאָרגן, ניין?" — האָט ער דערלאַנגט דעם פּאַרזיצער די האַנט און אים צוגעפירט צו דער טיר.

ווען דער פּאַרזיצער איז אַוועק, האָט ער געמאַכט דעם חשבון, וואָס ס'איז אַלץ אַריין אין דעם באַנדיטס שוואַרצן הוט. ס'איז געווען אַ היפּשע סומע! קודם כל דער זייגער, וואָס מיט אים האָט ער זיך ניט געשיידט אין די שווערסטע קריזיסן און הונגער־יאָרן. דער זייגער איז געווען אַ סימבאָל פון מוט און אויסדויער אין שווערע צייטן. ס'איז אויך אַריין

אין שוואַרצן הוט דאָס לאַ־יחרץ געלט, דאָס בלאַ־יודעים געלט, וואָס ער האָט געצאָלט די שמאַטע־יידן, זיי זאָלן ניט רעדן בפרהסיה וועגן הוספות. ס'איז דאַרט אויך אַריין סתם געלטער, אָן אַ חשבון, אָן אַ ציל, סתם זיך אַרומגעוואַלגערט אין זיין קעשענע, ווייל ער האָט ליב געהאַט, ס'זאָל אין זיין קעשענע שטענדיק זיין געלט, זיך שפּילן מיט דעם אין נערוועזע מאָמענטן. דאָס האָט אים געהאָלטן באַרואיקט. דערמעגלעכט טראַכטן קלאָר, קומען צו ריכטיקע באַשלוסן.

אין דער נאַכט נאָכן איבערפאַל האָבן צוויי פראַגן און דער צוגע־רויבטער זייגער אים קיין רו ניט געגעבן. ווי אַזוי קריגט מען צוריק דעם זייגער, און וואָס זאָל ער טאָן מיטן ראַט, מיטן נייעם אַמט, וואָס מ'שלאָגט אים פאָר? זאָל ער זיך אָפּזאָגן פון ראַט און אָננעמען דעם אַמט אין דער קאָנטראָל־קאָמיסיע, צי זאָל ער זיך אָפּזאָגן פון ביידע? ווען ער האָט פאַרלאָזט די זיצונג פון ראַט האָט ער ביי זיך געהאַט אָפּגעמאַכט, אַז דאָס איז געווען זיין לעצטע זיצונג, אַז ער וועט אַריינ־טעלעפאָנירן זיין רעזיגנאַציע מאָרגן אָדער איבערמאָרגן, וואָס זשע זאָל ער טאָן? להכעיס פּיטערסן וואָלט ער דווקא יאָ געדאַרפט אָננעמען דעם אַמט אין דער קאָנטראָל־קאָמיסיע, עס מוז אָבער בלייבן אַ סוד, ווער עס זענען די באַטייליקטע אין איר, אַפילו פאַר די ראַט־מיטגלידער. וועט פּיטערס ניט וויסן פון זיין דערהויבן ווערן? און ווער ווייסט, וויפל אַנטיסעמיטן עס וועלן דאַרט ווידער זיין? די פראַגן האָבן אים געמאַטערט אין מוח, אַז ס'איז אים שווער געוואָרן דאָס גלעגער.

ער האָט אויך ניט געקאָנט קומען צו אַ באַשלוס, וואָס צו טאָן מיט סימאָרן. ער האָט עפּעס ניט געקאָנט פּטור ווערן פון זיין געפיל, אַז די באַגעגעניש מיט סימאָרן, זיין ברודער און דער איבערפאַל, זענען ניט געווען צופעליק, נאָר האָבן אַ שייכות איינס מיט אַנדערן און סימאָר איז פאַרמישט אין דעם. ס'האָט אים פאַרדראָסן דאָס פּלוצימדיקע דערשיינען פון דעם ראַט־פאָרזיצער, וואָס האָט געגעבן סימאָרן די געלעגנהייט זיך הייגט אַרויסצודרייען פון אים, מיטן אויסרייד צו קומען מאָרגן.

אָבער סימאָר האָט שוין יאָ געהאַט געפאַסט זיין באַשלוס וועגן מאָרגן. נאָך אין קאָרידאָר פון דער „עס און עס"־געביידע האָט ער ביי זיך געהאַט אָפּגעמאַכט, אַז מאָרגן גייט ער, אַנשטאָט צו סאַראַדן, גלייך אין דער פאַרבעריי, אָפּנעמען זיין אַלטן אַרבעטס־פּלאַץ און שטעלן זיי אַלע פאַר אַ געשעענעם פאַקט. ער האָט אים געזאָגט, אַז ער וויל צוריק זיין פּלאַץ אין דער פאַרבעריי, און סעמיועל סאַראַד האָט געזאָגט מאָרגן, קען מען דעם „מאָרגן" טייטשן ווי איינעם לוינט. וועט ער מאָרגן גיין גלייך אין פאַבריק אַריין און זיי זאָגן, אַז סאַראַד האָט אים געהייסן צוריק נעמען זיין פּלאַץ.



סימאָרס ערשטער פּלאַן איז געווען איבערצופּאַלן דעם ניט־דערפּאַ־רענעם שיפּער, אַמאָל, צוויי, אָוועקלקחנען אַ באַל וואָל, אויסנאַרן ביי אים אַ פּעקל שמאַטעס, באַווייזן זיין אומפּעאיקייט, און שפּעטער גיין בעטן צוריק דעם דזשאַב. אָבער ר׳ יחיאל און דער גאַרבער האָבן אים פּאַרטריבן, ניט געלאָזט אים דאָרט אַרומהענגען. האָט ער באַשטימט פּרווון דורך אַן אַנדערן וועג. צו דעם האָט ער געדאַרפט אַ העלפּער, אַ שותּף צו זיין פּאַרברעכן, האָט ער זיך גענומען אַ געוועזענעם טראַק־טרייבער, ביי זיין טאַטן אין פאַבריק מיטן נאָמען ווילי, וועמען ער האָט צוגעזאָגט דעם גאַנצן ריווח פון די איבערפּאַלן, די גאַנצע וואָל, וואָס מ׳וועט אַרויסקריגן פון די איבערפּאַלן אויפן נייעם, ניט־דערפּאַרענעם שיפּער.

ער האָט דעם פּוילן ווילין צוגעזאָגט, אַז ער וועט אַלץ אַליין פּלאַנירן אַלץ באַזאָרגן און ער וועט דאַרפן בלויז מיטגיין, העלפן. אָבער אַ טאָג פאַרן איבערפּאַל, האָט ער באַשלאָסן גיין צו סאַראַדן אַליין און פּרווון נאָכמאָל מיט גוטן און מיטגענומען ווילין. אָבער אַז דער פּוילער ווילי זאָל אַליין עפּעס פּלאַנירן און האָבן דעם מוט עס אַליין אויספירן, וואָלט ער זיך קיינמאָל ניט געגלויבט. און ער האָט באַשלאָסן זיך גיין איבער־צייגן, כאָטש ער איז זיכער געווען, אַז דאָס איז ער געווען דער איבערפּאַלער, ער האָט דערקענט די שטימע זיינע.

איצט איז ער געגאַנגען זאָגן ווילין, אַז צו רויבערייען איז ער קיין שותּף ניט, רויבעריי איז ניט געווען זיין מיין, אַז ער זאָל צוריקשיקן וואָס ער האָט גערויבט, ביז אַ פּעני, אויב ניט, וועט ער זיך אַליין מודה זיין אין אַלץ. ער וועט אים אויך זאָגן, אַז ער האָט געהאַט מזל, וואָס ער האָט אים פאַרטשמיעליעט דאָרט אין ביורא. אַנדערש וואָלט ער אים געווען דעמאַסקירט אויפן אָרט. דאָס איז ער געגאַנגען זאָגן ווילין.

אָבער אַז ער איז איבערגעטרעטן ווילי׳ס שוועל און דערהערט זיין שיכור־כאָרכלען, דערפילט זיין פּאַרשניאַקטן אָטעם, האָט ער געזען, אַז ס׳איז שוין שפּעט פּטור צו ווערן פון דעם שותּף, ד. ה. פון פּלאַן, צוריק צו קריגן זיין אַרבעטס־פּלאַץ מיט געוואַלד.

„האָסט דאָס ניט געדאַרפט טאָן, איצט זענען מיר ביידע האָלד־אַפּניקעס! רויבער!״ — האָט סימאָר אים געמונטערט.

ווילי האָט פּאַרגלאָצט מיט זיינע שיכורע גלעזערנע אויגן, זיין פּנים האָט זיך אָנגעגאָסן מיט אַ כעסדיקער רויטקייט און ער האָט גענומען סאָפּען ווי אַ מטורפדיקע חיה:

„אַ רוח אין דיין טאַטן אַריין! האָסט ניט געפּאַקט און ניט געמאָזלט און קריגסט אַ חלק, וואָס זשע בראָקסטו זיך? ביסט דאָך ריין ווי אַ מלאך!

נאָך דעם כמאָל, וואָס איך האָב דיר געגעבן און דיך אָװעקגעלייגט, װער װעט דיך חושד זיין? אַזוי װעט אויך זיין װייטער. דו קענסט נאָר געװינען. װאָס איז דיר אַזוי שלעכט?" — האָט ער אים דערלאַנגט אַ פּעקל פּאַפּירן־געלט, אָבער סימאָר האָט עס אים צוריקגעװאָרפן.

איצט איז ער זיכער געװען, אַז דער פּלאַן צו גיין מאָרגן גלייך אין פאַבריק אַריין איז אַ גוטער, אַ ריכטיקער, אַ קרום־גלייכער װעג. סאַראַד האָט אין זיין פאַרװירטקייט געזאָגט — מאָרגן, װעט ער אפשר ניט געדענקען צו װאָס ער האָט מסכים געװען פאַר מאָרגן. „ער האָט געקאָנט מיינען, אַז כ׳זאָל אים קומען זען מאָרגן, און איך האָב געקאָנט אָננעמען, אַז ער האָט מיר געהייסן גיין צו דער אַרבעט מאָרגן. איך װעל צוגיין צו דער פאַבריק, זיין פון די ערשטע, פאַרן מנין אַפילו, און זאָגן ר׳ יחיאלן, אַז סאַראַד האָט מיך געהייסן צוריקגיין צו דער אַרבעט. איך װעל נאָך אַמאָל פּרובירן מיט גוטן", — האָט ער ביי זיך באַשלאָסן אויפן װעג אַהיים.

ר׳ יחיאל האָט מיט זיין שאַרפן בליק דערקענט, אַז סימאָר זאָגט ליגן. ער האָט אויך ניט געקאָנט גלויבן, אַז סעמיועל סאַראַד װאָלט אים געהייסן צוריקגיין אַרבעטן, אָן באַראָטן זיך פריער מיט אים. איז ער געגאַנגען הערן דעם גאַרבערס מיינונג. אויך דער גאַרבער האָט זיך ניט געגלויבט, אַז סאַראַד װאָלט אים צוריקגעשיקט צו דער אַרבעט אָן צו באַראָטן זיך פריער מיט אים. אויך ער איז זיכער געװען, אַז סימאָר זאָגט ליגן, װיל מיט כוח צוריקקריגן זיך אויף דער אַרבעט, און ער האָט פאַרגעשלאָגן מ׳זאָל טעלעפאָנירן און פרעגן סאַראַדן. סימאָר איז געשטאַנען און געשװיגן, געהאַפּט, אַז מ׳װעט סאַראַדן ניט טרעפן אין ביוראָ, זיין האָפענונג איז אים באַװיליקט געװאָרן — דער טעלעפאָן האָט ניט געענטפערט, ניט ביים ערשטן מאָל און ניט ביים צװייטן מאָל.

סימאָר האָט דאָס אָנגענומען פאַר אַ גוטן סימן, דאָס מזל האָט אים צוגעשפּילט, מ׳האָט ביידע מאָל ניט געטראָפן סאַראַדן. איז ער געװאָרן מער תקיף ביי זיך, געװאָרנט זיי, אַז מיסטער סאַראַד פאַרליידט ניט, אַז מ׳פאָלגט אים ניט. און אויב זיי שטעלן אים ניט צוריק צו דער אַרבעט, װעט ער מוזן צוריקגיין זאָגן סאַראַדן. ער האָט באַלד פאַרלאָזט די פאַבריק, איידער זיי טעלעפאָנירן אַ דריט מאָל, און איידער דער שיפער כאַפּט זיך, אַז ער האָט אַראָפּגעשלעפּט ביי אים אַלטע סחורה־אָנװייזונגען, אויף װעלכע ער אַליין האָט שוין איינמאָל אַרויסגעגעבן סחורה.

אָבער אַנשטאָט גיין צו סאַראַדן, נאָך דעם ניט־געלונגענעם בלאָף, איז ער גאָר אַװעק צו װילין, זיין שותף, מיט אים זיך אָן עצה האַלטן, װאָס װייטער צו טאָן. ער האָט איצט מורא געהאַט צוריקצוגיין צו סאַראַדן. איידער ער האָט אויף זיין זייט עטלעכע שװערע פאַרלוסטן און פעלערן,

וואָס דער שיפער האָט געמאַכט, זיי זאָלן אים העלפן צוריקקריגן זיין דזשאָב אין דער פאַרבעריי און אין דער שמאַטע־פאַבריק. ער האָט שוין געקאָנט סאַראַדן און געוווּסט, אַז אויף קליינע פעלערן און לייכטע פאַר־לוסטן וועט ער מוותר זיין און מוחל זיין. די פעלערן האָבן דערפאַר געדאַרפט זיין אַנזעעוודיקע און שלימזלדיקע, סאַראַד זאָל זיי ניט קענען מוחל זיין, ווייל זיי באַליידיקן, דערנידעריקן זיין כבוד און פרעסטיזש.

ווילי, זיין שותף אין די פאַרברעכנס, איז געווען אויסער זיך פון כעס, אויף דער נאַרישקייט, וואָס ער איז באַגאַנגען מיט זיין כיטרען בלאָף־פּרווו, צוריקצוקריגן זיין אַרבעטס־פּלאַץ:

„איצט האָסטו אַלץ קאַליע געמאַכט! ווער ווייסט, ווי לאַנג מירן איצט דאַרפן וואַרטן דאַרט זיך אַריינצוקריגן", — האָט ער געשריגן מיט באַנומענע קולות.

„ניט אַזוי לאַנג ווי דו מיינסט". — סימאַר האָט אים דערלאַנג עטלעכע אַלטע אָרדערס, וואָס ער האָט אַראָפּגעצויגן פון ביוראָ־האַקן, אויף וועלכע ער אַליין האָט נאָך אַרויסגעגעבן סחורה אויף זיי. — „שטעל איבער די דאַטעס, און נאָך היינט קענסטו צוגיין נאָך דער סחורה", — האָט סימאַר אַריינגעשמייכלט ווילין אין פּנים אַריין.

„געניאַל!" — האָט ווילי געשמייכלט, און זיין כעס איז מאָמענטאַל פאַרשוווּנדן. — גרויסאַרטיק! ווונדערפול! ווען מירן פאַרטיק ווערן מיט די פּאַפּירלעך, וועסטו צוריקקריגן דיין 'גין־גאָלדענעם' דזשאָב ביי דיין חזירשן מיסטער סאַראַד. דעם שיפערס טעותים וועלן זיין קאַלאָסאַלע און מ'וועט דיך בעטן זאָלסט צוריקקומען, מ'וועט דיך נאָך זוכן מיט ליכט". — ווילי האָט זיך געריבן די הענט פאַר פרייד און אַ זעץ געטאָן סימאַרן אין דער פּלייצע, אַז ער איז אונטערגעשפּרונגען, ווי אַן אָפּגע־בריטער.



סעמיועל סאַראַד איז געווען פאַרלייגט מיט אַרבעט איבערן קאָפּ. די מערסטע צייט האָבן ביי אים צוגענומען די אַמטן, וואָס ער האָט אָנגעהאַלטן, אין ראַט פון מלחמה־אינדוסטריע און אין דער קאָנטראָל־קאָמיסיע. די צוויי אַמטן האָבן, מיט דער מלחמה־פאַרשטאַרקונג, פאַרלאַנגט פון זייערע מיטגלידער ניט נאָר די שבתים און זונטיקס, נאָר איצט אויך די מיטנוואָכיקע טעג. ער איז איצט געווען פאַרנומען טאָג און נאַכט, אָוועקגעריסן פון זיינע אייגענע געשעפטן, און קיין צייט ניט געהאַט פאַר אַזעלכע נישטיקע קלייניקייטן, ווי סימאַר שטיינס וועלן צוריקקומען אויף זיין אַרבעטס־פּלאַץ.

סימאַר שטיינען איז פאַרמיאוסט געוואָרן זיין אומענדלעך וואַרטן אויף

סאַראַדן. ער האָט פאַרלאָזט דאָס ביוראָ מיט נקמה־טרייסט, אַז סאַראַד באַצאָלט פאַר זיין גרינגשעצן אים, ס׳האָט אים הנאה געטאָן, וואָס ער איז בכוח צו בשטראָפן דעם קלוגן, רייכן סאַראַד. דאָס האָט איצט געקילט זיין צאָרן, פאַרשטעלנדיק זיך, ווי סאַראַד וועט זיך אָפּעסן דאָס האַרץ איבער דער פאַרלוירענער וואָל, אין דער וואָל־הונגעריקער צייט.

אויפן דריטן טאָג, דער פראָסט האָט אַ ביסל נאָכגעלאָזט, איז דער פוילער ווילי צוגעפאָרן מיט אַ פערד־און־וועגעלע צו דער פאַרבעריי און פאַרלאַנגט דריי באַלן וואָל, ווי דער „אָרדער״ האָט פאַרגעשריבן, מיט דער אונטערשריפט פון הויפּט־בוכהאַלטער. די באַלן זענען אַרויסגעגעבן געוואָרן, דער „אָרדער״ איז אַרויף אויפן האָקן פון חודשלעכן פּעקל אָרדערס, און דאָס פערד־און־וועגעלע איז זיך רואיק אַוועקגעפאָרן.

צומאָרגנס איז דאָס זעלבע וועגעלע ווידער געקומען און פאַרלאַנגט צוויי באַלן וואָל, אויף אַן „אָרדער״, געחתמעט פון סאַראַדן אַליין. פאַרן אָפּפאָרן, האָבן שיפּער און בעל־עגלה פאַררויכערט סיגאַרעטן, צווינטשענדיק זיך ווידער צו זען מאָרגן. אַ ביסל שפּעטער איז ווילי אַוועק אין שענק און סימאָר צו סאַראַדן אין ביוראָ, כדי צו מאָטיווירן, פאַרוואָס עס קומט אים צוריק דער דזשאָב. אָבער צום עצם־געשפּרעך איז עס ניט דערגאַנגען. סאַראַד האָט כסדר געקריגן טעלעפאָן־רופן און ניט געהאַט די מעגלעכקייט אָנצוהויבן דאָס געשפּרעך מיט סימאָרן. צום סוף איז ער אינגאַנצן אַוועק פון ביוראָ און אים געבעטן קומען אַ צווייט מאָל.

איבערמאָרגן איז צו דער פאַרבעריי צוגעפאָרן אַ האַלב־טאָניק טראַקל, און דער טרייבער האָט פאַרלאַנגט פון שיפּער פינף באַלן וואָל נומער זעקס, ווי דער „אָרדער״ האָט פאַרגעזען. דער טרייבער האָט אַפילו צוגעהאָלפן זיי צוזאַמענצונעמען, פאַרוואָס דער שיפּער האָט אים העפלעך געדאַנקט און רוטינמעסיק אויפגעשטאָכן אויפן ביוראָ־האָקן דעם „אָרדער״.

סוף חודש, איידער מען מאַכט דעם חודשלעכן חשבון פון די אַריינגעקומענע און אַרויסגעגעבענע וואָל אין דער פאַרבעריי, איז צום פאַרבעריי־שפּי־כלער צוגעפאָרן אַ גרויסער פאַרמאַכטער לאַסט־אויטאָ, מיטן זעלבן באַקאַנטן טרייבער, וואָס איז שוין געווען גאָר היימיש מיטן שיפּער. ביידע האָבן זיך דערפרייט איינער מיטן אַנדערן. מ׳האָט פאַררויכערט סיגאַרעטן, כיבוד פון פריילעכן טרייבער, וואָס האָט איצט שיכור׳לעך, גערעדט פאַר פייער און וואַסער. דאַן האָט ער דערלאַנגט אים אַן „אָרדער״ אויף זעקס באַלן וואָל נומער פיר, געהאָלפן אים אַוועקקאָלערן זיי צום טראַק און שנעל זיך אָפּגעטראָגן מיט זיין לעצטן האַלב־לעגאַלן שווינדל. מיטן לעצטן פון די „אָרדערס״, וואָס סימאָר האָט מיט זיך מיטגענומען ביי זיין לעצטן באַזוך אין דער פאַרבעריי.

דעם זעלבן טאָג איז געקומען דער אמתער, ניט־געפעלשטער סוף־

חודשלעכער אָרדער, אויף דער לעצטער חודשלעכער וואָל־קוואָטע. דער שיפּער האָט זיך געוווּנדערט, צוויי אָרדערס אין איין טאָג ? אַזעלכעס איז געשען זעלטן, אין גרויסע אויסנאַם־פאַלן, געשיקט מיט ספּעציעלע שליחים, אָדער באַשטעטיקט פריער טעלעפאָניש פון הויפּט־בוכהאַלטער, צי גאָר פון סאַראַדן אַליין. דער צווייטער אָרדער פון דעם טאָג איז ניט באַגלייט געוועזן פון קיין שליח, אויך פריער ניט באַשטעטיקט געוואָרן טעלעפאָניש. די אונטערשריפט איז אָבער געווען סאַראַדס, זי איז געווען אויטענטיש.

ווען עס וואָלט געווען געוווּנג וואָל אין שפּייכלער, וואָלט ער אָנטע־לעפאָנירט צו באַשטעטיקן דאָס אַרויסגעבן די וואָל. איז אָבער שוין ניט געווען געוווּג וואָל אין שפּייכלער און די נייע געפאַרבטע וואָל האָט ערשט געדאַרפט אַריינקומען. האָט ער דעם טרייבער צוריקגעשיקט מיטן ליידיקן און טעלעפאָנירט זאָגן, אַז די גאַנצע וואָל, זעקס באַלן נומער פיר, האָט ער היינט פרי אַרויסגעגעבן און מער איז אין שפּייכלער ניטאָ, ביז מ׳וועט ברענגען די נייע חודשלעכע קוואָטע.

סאַראַדן איז ניט געווען צו געפינען אין ערגעץ ניט. דער הויפּט־בוכהאַלטער איז געווען אין קלינטאָן און געדאַרפט אין אַ טאָג־צוויי קומען אָפּנעמען די חודשלעכע באַריכטן פון די קלענערע בוכהאַלטערן. ס׳איז פּשוט ניט געווען וועמען צו דערציילן פון דער געשעעניש מיט די צוויי אָרדערס אין איין טאָג. געבליבן איז ווי דער שיפּער האָט געזאָגט: ניטאָ קיין וואָל ביז די נייע חודשלעכע קוואָטע וועט אַריינקומען — אין אַ טאָג־צוויי.

ביי ווילין, סימאָרס שותּף צום פאַרברעכן, איז געבליבן, אַז איצט וועט מען דאַרפן גיין מיט בייזן, מיט געוואַלד קריגן וואָל. מיט דעם שיפּער דעם „שמעגעגע״, וועט ער זיך גרינג אַן עצה געבן. מ׳קען זיך אויך גרינג אַריינברעכן אין דעם שפּייכלער, דעם שמאַלץ־גרוב וועט ער ניט אויפגעבן. איצט וועט זיין נאָך גרינגער, ווי מיט די אָרדערס. מיט אָרדערס דאַרף מען אָנקומען צום שיפּער ער זאָל געבן, איצט וועט מען זיך אַליין נעמען וויפל מ׳וועט וועלן, וויפל ס׳וועט נאָר אַריין אין לאַסט־אויטאָ.

ווילי, וואָס האָט קיינמאָל פריער ניט געהאַט קיין גראָשן ביי דער נשמה, האָט איצט געהאַט געוווּג געלט צום פרעסן און זויפן, ווייל סימאָר האָט פון דעם געלט פאַר דער וואָל ניט געוואָלט קיין פּעני פאַר זיך, און ווילי האָט אַלץ פאַרטרונקען, פאַרשפּילט אין ביליאַרד און ביי אַנדערע אַזאַרט־שפּילן. ער האָט איצט באַשטימט די צייט פון איינברעכן זיך אויף די ערשטע נעכט פון חודש, ווען אין שפּייכלער איז דאָ אַ סך וואָל, — די גאַנצע חודשלעכע קוואָטע. ער האָט זיך באַזאָרגט מיט אַ גרויסן לאַסט־אויטאָ פון אַ גאַראַזש וווּ זיינס אַ פריינט איז געווען אַ נאַכט־וועכטער.

אין די פריע שעהן פון דער נאַכט, ס׳זאָל אויסזען, אַז מ׳אַרבעט אין שפּייכלער אַ ביסל לענגער, איבער־צייט, און ניט חושד געווען, אַז מ׳גרייט זיך צו אַ גניבה, איז צוגעפאָרן אַ גרויסער טראָק צום פאַרבעריי־שפּייכלער, וואָס איז איצט געווען פול ביז דער סטעלע מיט באַלן וואָל, וואָס האָבן איצט אַפילו פאַרשטעלט די פענצטער, פאַרשטעלט די ציילער און קאָנטראָלירער, וואָס האָבן זיך געפונען טיף אין שפּייכלער. אָט אַזוי, ביים ציילן און קאָנטראָלירן די אריינגעקומענע וואָל, איז ווילי אַריינגעפאַלן אין זייערע הענט אומגעריכט. זיי האָבן אים געפונען באַהאַלטן צווישן די באַלן וואָל, ווו ער האָט געמיינט איבערצוּוואַרטן ביז זיי וועלן איבערציילן און אַוועק, וועט ער דאַן עפענען דעם שפּייכלער פון אינעווייניק, ניט דאַרפן איינברעכן. אַזוי האָט ער געטראַכט, ווען ער האָט געטראָפן די טיר פון שפּייכלער אָפן און איז אַריין צווישן די נאָך ניט־געציילטע באַלן וואָל אויסבאַהאַלטן זיך. און דאָרט האָט מען אים געפונען.

אין דרויסן האָט סימאָר — וואָס איז מיטגעקומען, אַזוי האָט ווילי געוואָלט, ער זאָל בלויז מיטקומען העלפן, — פאַרלוירן זיין געדולד וואַרטנדיק אויף ווילין און ער איז געגאַנגען זען, וואָס ער פאַרזוימט זיך דאָרט אַזוי לאַנג און דערהערט דעם געראַנגל מיט ווילין, וואָס ס׳איז אָנגעגאַנגען אין שפּייכלער. האָט ער געכאַפּט דעם טראַק און מיט אים אַנטלאָפן, אַפּגעטראָגן זיך מיט אים צוריק צום גאַראַזש, אים איבערגעלאָזט אין דרויסן פאַר דער טיר און אָפּגעטראָגן זיך אַהיים.

דער שיפער האָט עדות געזאָגט, אַז דער ווילי האָט ביי אים אויסגענאַרט די גאַנצע וואָל אויף די געפעלשטע „אָרדערס״ און ביי אים צוגערויבט די לעצטע זעקס באַלן וואָל. ווילי האָט זיך מודה געווען אין אַלץ, גענומען אויף זיך די גאַנצע שולד, מיט קיין וואָרט ניט דערמאָנט סימאָרן און ניט די הילף זיינע. ער האָט דערציילט סימאָרס געשיכטע, אַז ער אַליין האָט זיך אַמאָל אַריינגעכאַפּט אין שפּייכלער און אַראָפּגעכאַפּט די אָרדערס, איבערגעשריבן זייערע דאַטעס, און מיט זיי אויסגענאַרט ביים שיפער די וואָל.

## קאַפּיטל 17

סימאָר האָט געהאַט די ערשטע קאָשמאַרע, שלאָפלאָזע נאַכט אין זיין לעבן, די נאַכט פון דעם ניט־געלונגענעם איינברוך. ער איז געווען זיכער, אַז ווילי וועט אים ניט שאַנעווען און אים אַריינציען אין די אַלע פאַרברעכנס, ווי ער אַליין האָט אים געדראָט, אַז ביים ערשטן אַריינפאַל, וועט ער אים

מיטשלעפן. אַ גאַנצע נאַכט האָט ער זיך געריכט, אַז אָט קומט מען און מען אַרעסטירט אים.

אַז ס'איז געוואָרן טאָג און מ'איז נאָך אים ניט געקומען, ס'איז געקומען מיטאָג־צייט און די צייטונגען האָבן געמאָלדן פון דעם ניט־געלונגענעם איינברוך, און בלויז ווילים נאָמען איז דערמאָנט געוואָרן, וועלכער האָט געלייקנט, אַז ער האָט געהאַט וועלכן ס'איז שותף, האָט ער באַשלאָסן איצט גיין זיך זען מיט סאַראַדן און צוריק בעטן זיין דזשאָב. „איצט איז אַלץ רייף פאַר דעם". — האָט ער געזאָגט צו זיך.



סעמיועל סאַראַדס ביוראָ, וואָס איז געווען אין אַ זייטיקן קאָרידאָר, נאָענט צום עקספּעדיציע־ליפט, איז געווען דאָס איינציקע אָרט, ווו ס'איז אין די שפּעטע נאָכמיטאָג־שעהן געווען פינצטער און שטיל. דאָ האָט זיך די אַרבעט אָנגעהויבן פרי און פאַרענדיקט פרי. פינף דער זייגער נאָכמיטאָג האָט זיך אין „עס און עס"־געביידע אַלץ אָפּגעשטעלט, זי איז שנעל אויס־געליידיקט געוואָרן פון די טאָג־מענטשן.

אין נאָרמאַלע, ניט־מלחמה צייטן, וואָלט סעמיועל סאַראַד, נאָך זיין טאָג אַרבעט, אָנטרינען דאָ אַהער, אויסצופּלאַנירן זיין מאָרגנדיקע געשעפטס־סטראַטעגיע. דאָ איבערגעטראַכט, געשאַצט דעם ווערט פון אַ קניה, פון אַ נייער טראַנזאַקציע. איצט איז דאָ געווען שטיל, בלויז דער עכאָ פונעם לעצטן אָטעם פון דעם גוססדיקן טאָג האָט זיך נאָך געהערט, ביז אויך ער איז אויסגעגאַנגען.

סימאָר איז געשטאַנען אין דעם שטילן טיפן קאָרידאָר, זיך צוגעהערט צו זיין אייגן האַרץ־קלאַפּעניש, און דערפילט זיך זייער קליין צווישן די הויכע ווענט, וואָס האָבן אויף אים אַראָפּגעקוקט שטום און באַדויערנדיק. ער האָט אָנגעשפּאַרט זיין קאָפּ אויף אַ וואַנט און געגומען דרימלען. טריט האָבן איבערגעריסן זיין דרימל. ער האָט זיך צוגעהערט מיט האָפענונג, אַז זיי זענען סאַראַדס טריט. אַז די טריט האָבן זיך פאַרקירעוועט אין קאָרידאָר אַריין, האָט ער שנעל אויפגעוואַכט. דערזעענדיק סאַראַדן, איז ער אים קעגן געגאַנגען, צוגעטראָגן אים דעם: „העלאָ, ווי שפּעט איז?", אַן אַנצוהערעניש, אַז ער וואַרט שוין לאַנג אויף אים.

„מיר ביידע וואָלטן שוין לאַנג געמעגט זיין אינדערהיים", — האָט סאַראַד צו אים געשמייכלט. — ווילסט נאָך אַלץ צוריק דיין דזשאָב און מיינסט, אַז ער קומט דיר, כאָטש האָסט אים אַליין אוועקגעוואָרפן. אויף אים אַרבעט דאָך שוין לאַנג אַ צווייטער, וואָס זאָלן מיר טאָן מיט אים?"

„איך מוז צוריק קריגן מיין דזשאָב, מיסטער סאַראַד", — האָט סימאָר געזאָגט מיט געבעט אין זיין קול. — „כ'מוז, אַדער כ'וועל ווערן אויס

מענטש". — און ער האָט אַרויסגעפּלאַצט מיטן גאַנצן אמת און זיך אין אַלעם מודה געווען, אַפילו אויף דעם האָלד־אַפּ אין זיין ביוראָ. — „איך בין שולדיק אין אַלעם, אויך אין ווילים פאַרברעכנס, איך האָב אים אין זיי אַריינגעפירט, איך דאַרף זיין אין טורמע, איך בין דער אמתער פאַרברעכער. איך וויל אָפּאַרבעטן אייער שאָדן, כ'וועל פאַר אַלץ באַצאָלן". — האָט סימאָר זיך ביי אים געבעטן.

סעמיועל סאַראַד האָט די אויגן פון אים ניט אַראָפּגענומען, געפאַרשט אים, צום סוף זיך געכאַפּט, אַז זיי שטייען אין אָפענעם קאָרידאָר, האָט ער אים אָנגענומען ביי זיין אָרעם און צוגעפירט צו דער טיר פון זיין ביוראָ, און שליסנדיק אים געפרעגט:

„ווילסט מיר באַצאָלן פאַר אַלץ, זייער פיין. ווייסט כאָטש וויפל דער אַלץ קען באַטרעפן ?"

„וויפל דאָס זאָל ניט באַטרעפן", — האָט סימאָר געענטפערט.

סעמיועל סאַראַד האָט געטראַכט אַ ווײַלע און זיך אָנגערופן: „פאַר אַלץ וועט זיין צופיל פאַר דיר, ברענג מיר צוריק בלויז מיין זייגער און כ'וועל דיר מוחל זיין די רעשט. ברענג דעם זייגער און כ'וועל דיר געבן אַ בעסערן דזשאָב, ווי דעם, וואָס דו האָסט פאַרלוירן". — אים איז איינגעפאַלן — קלינטאָן.

גראָד איצט, נאָכן אַרומזוכן סאַראַדן אַ גאַנצן טאָג, איז דער הויפּט־בוכהאַלטער געקומען אים זאָגן, אַז ס'איז אים אוממעגלעך צו זיין אין קלינטאָן און גלייכצייטיק אַכטונג געבן אויף אַלץ דאָ.

סעמיועל סאַראַד האָט אָנגענומען סימאָרן ביים אָרעם און אים צוגעפירט צו דער טיר, זאָגנדיק: „געפין אויס, וואָס ער האָט דערמיט געטאָן, און ברענג עס מיר צוריק, ס'איז אַ קלייניקייט, וואָס איך פאַרלאַנג פון דיר, אָל־רייט ?"

סימאָר האָט שטום, ביי‏זלעך אַ ביסל, צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ, אָבער ניט פאַרשטאַנען ווי אַזוי ער קען דאָס פאַר אים אויסגעפינען, ווען ווילי איז אין טורמע. פרעגן ביי אים האָט ער ניט געקענט, דער בוכהאַלטער האָט געשטערט. געטראַכט האָט ער: „מיינט ער ניט, אַז איך זאָל גיין צו אים אין טורמע, נעמען אויף זיך איינשטעלעניש, ס'קען דאָך אויף מיר אַמאָל פאַלן אַ חשד. איז דאָס אַ קלייניקייט ביי אים ?" אַזוי איז ער אַרויס אויף דער פוסטער גאַס.

סעמיועל סאַראַד האָט אויפמערקזאַם אויסגעהערט זיין הויפּט־בוכהאַל־טערס באַקלאָגן זיך, אַז ער קען ניט אויף אַלץ אַכטונג געבן און האַלטן אויך אַן אויג אויף קלינטאָן. ער האָט אים פאַרזיכערט, אַז גאָר בקרוב וועט ער אים געבן אַ גוטן פאַרלעסלעכן מיטהעלפער פאַר קלינטאָן: „אין

די נאָענטסטע טעג, אפשר מאָרגן, אָדער איבערמאָרגן", — האָט ער סודות־דיק אים געטרייסט.

„וואָס האָט דער דאָ געטאָן? און וואָס זענט איר לעצטנס אַזוי פיל געהיימנישפול? אויב ער וועט זיין מיין געהילף, וועל איך סייווי וויסן, וואָס זשע איז דער סוד אַזוי גרויס?" — האָט דער הויפּט־בוכהאַלטער ניט אויפגעהערט וווּנדערן זיך אויף סימאָרס באַזוך דאָ, אַזוי שפּעט בייגאַכט.

„ס'איז דאָ אַ גוטע אורזאַך, גלויב מיר".

„דער ענין וועגן מיין געהילף איז אַ גרעסערער סוד, פון אַלע אייערע אַנדערע סודות?" — האָט דער בוכהאַלטער געפרעגט.

„נו, דערלויב מיר צו האָבן מיין אייגנס כאָטש איין סוד אין פאַרלויף פון אַ שטיקל צייט. מיט דער צייט וועסטו אים אויך וויסן".

דער בוכהאַלטער האָט געצויגן מיט די אַקסלען.

„מיר דאַרפן באַשעפטיקן היטער אין עטלעכע פלעצער, ספּעציעל אין דער פאַרבערייי, אין שפּייכלער, אויך אַרום דער שמאַטע־פאַבריק".

„מסכים", — האָט סעמיועל סאַראַד באַשטעטיקט, כדי צו ווייזן אים זיין צוטרוי.

„כ'טראַכט אויך, אַז ס'איז געקומען די צייט, צו צעטיילן אייער אימפּעריע, אייערע אונטערנעמונגען, אויף באַזונדערע געשעפטן, מיט באַזונדערע פּראָפיטן און פאַרלוסטן, יעדעס פאַבריקל וועט זיין אַ באַזונדער געשעפט, איר ווייסט וואָס איך מיין?..." — האָט דער בוכהאַלטער פאַרגעלייגט פאַר אים זיינע פּלענער.

„טו ווי דו פאַרשטייסט. וואָס ווייס איך פון בוכהאַלטערישע זאַכן און חשבונות?" — האָט ער איבערגעריסן דעם בוכהאַלטער אינמיטן, ער זאָל ניט דאַרפן הערן די בוכהאַלטערישע מאַכינאַציעס אין זיינע פאַבריקן און געשעפטן.

„און וואָס וועט זיין מיטן האָטעל? איר טראַכט עפּעס וועגן דעם? זיי ווילן אַן ענטפער". — האָט ער אים דערמאָנט, אַז די האָטעל־אייגנטימער וואַרטן שוין אַ לאַנגע צייט צו וויסן, צי ער קויפט דעם האָטעל.

„אוודאי טראַכט איך, וואָס דען כ'טראַכט ניט? נאָר ווי קען מען אין אַזאַ צייט קומען צו אַ באַשלוס? צוליב דער זעלבער אורזאַך, וואָס זיי ווילן פון דעם האָטעל פּטור ווערן, די זעלבע אורזאַך האַלט מיך אָפּ פון קויפן אים, פון קומען צו אַ באַשלוס וועגן אים", — האָט סעמיועל סאַראַד געוואַנדן זיין בליק צו אים.

„זיי ווילן אַן ענטפער, זיי האָבן אַן אַנדערן קונה, זאָגן זיי".

„זאָגן זיי. אָבער וואָס זאָגסטו? ווי מיינסטו? ווער מיינסטו, וועט זיי אין מלחמה־צייט, אַוועקלייגן אַ פערטל מיליאָנטשיק באַרעס געלט, פאַר ערד און שטיינער? נישט־קשה, זיי וועלן ניט אַוועק פון דער יאַטקע,

ווו זיי שמעקן אַ גוטן, פעטן ביין. ווי זאָגט דער ענגלענדער? לאָמיר אויף דעם שלאָפן אַ ביסל לענגער", — האָט אים סעמיועל סאַראַד באַרואיקט.

צומאָרגנס אַ גאַנצן טאָג האָט סימאָר זיך געשלאָגן מיט דער דעה: יאָ גיין צו ווילין אין טורמע וועגן דעם זייגער, צי ניט? און צום סוף באַשלאָסן, אַז ס'איז קיין אַנדער ברירה ניטאָ, ער וועט מוזן גיין. אָבער באַשלאָסן פריער הערן סאַראַדס עצה, איידער ער גייט צו ווילין אין טורמע. ער איז ביי זיך געווען זיכער, אַז סאַראַד וועט אים ניט הייסן גיין אַהין, אויב ס'איז פאַראַן די מינדסטע ריזיקע.

„כ'האָב ניט קיין אַנדערע ברירה, נאָר גיין צו אים אין טורמע. זיין צימער איז פאַרדונגען און זיינע זאַכן האַלט מען פאַר זיין דירה־געלט, וואָס ער איז געבליבן שולדיק". — האָט סימאָר דערציילט סאַראַדן.

„נו, ביסטו דאָך זיין בוזים־חבר, באַצאָל דאָס דירה־געלט און נעם די זאַכן. דאָרט וועט זיכער זיין דאָס קוויטל פון דעם לאָמבאַרד, ווו ער האָט פאַרזעצט דאָס זייגערל. קויף אויס די זאַכן, איידער דו גייסט צו אים אין טורמע", — האָט סאַראַד אים געראָטן.

סימאָרן איז די עצה געפעלן, אָבער ער איז אַ ווײַלע געשטאַנען אין שטיל־שווייגעניש, ביז ער האָט זיך מודה געווען, אַז ער האָט ניט צו באַצאָלן ווילים דירה־געלט.

„וויפל באַטרעפט עס, אַ סך?" — האָט סאַראַד געפרעגט, און זיך געטראַכט: אויב ער מיינט באמת מיט זיין חרטה, דאַרף ער שוין וויסן די סומע פון דעם דירה־געלט.

„צען דאָלאַר, פאַר פינף וואָכן", — האָט סימאָר געענטפערט.

„אַן אמתער שווינדלער דיין ווילי. ער האָט פון דעם האַלד־אָפּ אפילו פאַר זיין דירה ניט באַצאָלט. דער אמתער חברהמאַן! אויף רייכע מאַכט ער האַלד־אַפּס, און ביי אָרעמע באַשווינדלט ער זייער דירה־געלט". — ער האָט אים דערלאַנגט אַ צען דאָלאַרדיקן באַנקנאָט.

ווילים ערדישע פאַרמעגן איז געווען איינגעוויקלט אין אַ זעקל און איז באַשטאַנען פון עטלעכע שמוציקע העמדער, אַ פאָר אויסגעטראָגענע שיך, עטלעכע שרייענדיקע בינדעס פון רויט־גרין קאָליר, אַ פאָר אָפּגעטראָגענע הויזן, אין זייערע קעשענעס איז געלעגן אַ שנירל קרעלן מיט אַ מעשן צלמל אינמיטן. אויך אַ קליין בילדל פון אַן עלטערער פרוי אין אַ „האַרץ" מעטאַל רעמל.

„וואַרף עס אין מיסט־קאַסטן", — האָט סאַראַד אָוועקגעכאַפּט בייז דעם קאָפּ פון פעקל. — „וואַרט, ניין, — גיי פרעג אים, וואָס דערמיט צו טאָן און אַזוי ווי איך האָב וועגן דעם זייגער ניט געמאָלדן דער פּאָליציי האָט ער דאָס געקענט אַפילו מיטנעמען אין טורמע, גיי פרעג אים".

דאָס איז געווען ס'ערשטע מאָל אין זיין לעבן, וואָס ער איז געגאַנגען

צו אַזאַ באַגעגעניש, ניט געוווּסט, ווי ער דאַרף זיך נוהג זיין, וואָס ער דאַרף זאָגן. מיט אַ ציטערדיקער האַנט האָט ער נערוועאיש געדריקט אויפן טורמע־גלעקל, און די אויגן האָבן שטאַר געקוקט אויף דער מאַסיווער שוואַרצער טיר. די שוואַרצע טיר אָבער האָט זיך ניט געעפנט, אים געלאָזט וואַרטן און שטום אים געוואָרנט ער זאָל בעסער זיך אָפּטראָגן, איידער זי שלינגט אים איין. ער האָט זיך אויסגעדרייט און האַסטיק, אין געאייל, פאַרלאָזט די שוואַרצע טירן, וואָס האָבן אים אויסגעזען, ווי טירן צו קאַטאַקאָמבן־קברים.

ער האָט געהערט דאָס טעמפּע קריצן פון אַ טיר און דאָס טויבע, בייזע פאַרמאַכן זיך, דאָס הוילע ווידער־קול הינטער זיך. ער איז געווען צופרידן, וואָס צוליב עפּעס אַ פאַרשימלטן זייגער איז ער ניט אַריין צו ווילין באַנייען די באַקאַנטשאַפט, ניט געגעבן זיין נאָמען און אַדרעס. און ווער, וואָלט ער זיי געזאָגט, איז ער? וואָס וויל ער פון ווילין? ער ווייסט אַפילו ניט זיין פאַמיליע־נאָמען, און זיינע פּיס האָבן אים נאָך שנעלער אַוועקגעטראָגן פון דעם אָרט צו סאַראַדס ביוראָ־טיר.

„אויב איר ווילט מיר ניט געבן קיין אַרבעט, זאָגט מיר, וועל איך מער אַהער ניט קומען. אַז איר וועט מיך יאָ באַשעפטיקן, וועל איך אייך אָפּצאָלן אייער שאָדן אויך פאַרן זייגער, אָבער גיין צו אים אַהין אין טורמע קען איך ניט. כ׳ווייס אַפילו ניט זיין פאַמיליע־נאָמען, כ׳וויל מיט אים ניט האָבן צו טאָן מער! אַזוי פיל האָט אייער זייגער זיכער ניט דעם ווערט!״ — האָט סימאַר דאָס אָפּגעזאָגט אין איין אָטעם.

„זיכער ניט, פאַר דיר האָט דער זייגער ניט דעם ווערט, אַז זאָלסט גיין, ווו עס ווילט זיך דיר ניט. כ׳האָב עס ניט געדאַרפט פון דיר פאַר־לאַנגען״. — סאַראַד איז אַוועק צום פענצטער, דורך וועלכן ס׳האָט געגומען אַריינדרינגען די נאַכט. ער איז געשטאַנען אַ שווייגנדיקער און אַרויסגעקוקט אין דעם פינצטער־ווערנדיקן דרויסן, ווי ער וואָלט דאָרט געזוכט אַן עצה, צוריקצוקריגן זיין זייגער, פון אַזאַ סענטימענטאַלן ווערט. און דאָרט גאָרניט געזען.

„צו זען, זענען ניט גענוג אויגן, ס׳מוז אויך זיין ליכט. צו פילן איז גענוג אַ האַרץ, צו פאַרשטיין — די געהירן אינעם האַרטן מוח־שיידל, צו הערן זענען גענוג די אויערן, אָבער צו זען מוז מען אויך האָבן ליכט. אין דער פינצטער זעען די זעעוודיקסטע אויגן נאָר אַ חושך. דאָס איז שוין די צווייטע סיטואַציע, וואָס ער קען ניט באַהערשן ניט מיט זיין שכל, כיטרעקייט און ניט מיט זיין געלט, האָט ער זיך געטראַכט. זיך אויסגעדרייט פון פענצטער צו סימאַרן און אים געהייסן אַהיימגיין. און אַליין אויך זיך געלאָזט צו דער טיר. סימאַר איז אים נאָכגעגאַנגען, צוהערנדיק זיך צו דעם הוילן עכאָ פון זייערע טריט איבערן לאַנגן קאָרידאָר.

„איך פאַרשטיי, אַז דער זייגער האָט פאַר אייך עפּעס אַ סענטימענטאַלן ווערט, אָבער ער איז זיכער ביי דעם הונט אין טורמע!" — האָט סימאַר זיך פאַרענטפערט.

„נו, פאַרגעס דאָס. דו האָסט ניט דעם זייגער, ביסט ניט שולדיק, אויך ער דאָרט איז ניט שולדיק. שולדיק איז אפשר גאָר אַן אומשולדיקער. אפשר איך, דער בוכהאַלטער, דו, אפשר גאָר ר' יחיאל, אפשר מיר אַלע אינאיינעם?" — האָט סאַראַד געזאָגט פיל באַדייטנדיק.

ס'איז געווען דאָס ערשטע מאָל, וואָס סימאַר האָט געהערט פון סאַראַדן אַזעלכע משונהדיקע רייד. פאַר אים איז קלאָר געווען, אַז ער אַליין איז שולדיק אין דער פאַרפּלאָנטערניש. ער, דער אידיאָט, האָט זיך צוליב זיין גאווה, אַליין אָפּגעזאָגט פון דער אַרבעט, און זיך איינגערעדט, אַז ער מוז זי צוריק קריגן. ער אַליין האָט פאַרטראַכט די נאַרישע פאַרברע־כערישע פּלענער, צוריקצוקריגן דורך זיי דעם דזשאָב. אַליין — האָט ער — אויסגעזוכט ווילין, ער און נאָר ער אַליין איז דער שולדיקער.

אַנדערש האָט געטראַכט סעמיועל סאַראַד, ער האָט געמיינט, פון ר' יחיאלס אַנצוהערעניש, אַז סימאַר געהערט צו יענע, וואָס העצן די אַרבעטער, מאַכן צרות אין די פאַבריקן, פירן שטרייקן, העצן אָרעמע קעגן רייכע, זיי זאָלן קענען כאַפּן די אַרבעטער אויף דער קאָמוניסטישער ווענדקע. און ער, דער „פּתי יאמין לכל דבר" האָט געגלויבט, איז ער טאַקע דער הויפּט־שולדיקער, האָט ער זיך פאַרגעוואָרפן.

און אפשר איז ער אַליין אויך ניט שולדיק. ער האָט זיך דערמאָנט די קאָמוניסטן פון שטעטל, ספּעציעל די יונגע „גלחים׳לעך", וואָס זענען פרומער געווען פון זייערע קאָמוניסטישע פּויפּסטן און בישאָפן, און געהיטן אייפעריק דעם קוצו של מאַרקס, און צעשטערט די גאַנצע פּראָפעסיאָנעלע באַוועגונג, ווייל זיי האָבן זי ניט געקאָנט באַהערשן און פירן לויט דער מאַרקסיסטישער תורה. וואָס זיי האָבן ניט געקאָנט באַזעצן, האָבן זיי צעשטערט. דעם טשעשלער־פאַראיין צעשטערט, פאַרפאַלגט אים אפילו אין וואַרשע.

דאָס איז אים געבליבן אין זכרון, און דערפאַר געלאָזט זיך אָנשרעקן פון ר' יחיאלס אַנצוהערעניש אויף סימאַרן. איז ער דעריבער מיטשולדיק אין שטיינס און ווילים פאַרברעכנס. ווייל וואָס האָט סימאַר געדאַרפט אַליין זיך אָפּזאָגן פון דער אַרבעט? פאַרוואָס איז ער דאַן ניט געקומען צו אים, ווי היינט? — ער האָט אָוועקגעשיקט סימאַרן פון זיך.



ער אַליין האָט שוין ניט געדענקט די צייט, ווען ער זאָל אויפן וועג אַהיים האָבן געטראַכט פון עפּעס אַנדערש, ווי פון זיינע אַלץ וואַקסנדיקע

פאַבריקן, הייזער, געשעפטן און געביידעס. אַ סך האָט ער אויפגעטאָן און באַהערשט, און אַ סך האָט ער זיך געגרייט באַהערשן. פאַרוואָס זשע קען ער זיין אַנדענק־זייגערל ניט צוריקקריגן, ווי ער קריגט אַ הויז, אַ פאַבריק, אַ געביידע? פאַרוואָס קען ער, דער אינדוסטריעלער מכשף, ניט גובר זיין עפּעס אַ ווילין, וואָס ליגט געבונדן אין די הענט פון געזעץ?

פאַרוואָס קען ער ניט איינשטעלן זיין פּריוואַט־לעבן, זיין שלום־בית מיטן ווייב? פאַרוואָס קען ער ניט פאַרטרייבן די קאַלטקייט, וואָס האָט זיך איינגעשטעלט צווישן זיי, און קען ניט צוריקברענגען די נאָענטקייט, די נאַטירלעכע אינטימקייט צווישן מאַן און ווייב. ווו איז פאַרשוווּנדן דער וואַרעמער אַמאָל?

אין דער נאַכט איז ער גרייט געווען איר אַלץ מוחל צו זיין. אָבער זי פאַרלאַנגט עס גאָרניט פון אים. ווי אַלע מאָל, איז זי אויך איצט געלעגן ווייט, אויף איר צווייטן עק בעט. אַפילו אין שלאָף האָט זי געהיטן דעם שטח צווישן זיי, און געטריבן די פרעמדקייט אויף אים אויך אין בעט און אין ד׳ אמות פון שלאָף־צימער. ער איז גרייט געווען פאַרגעסן, אָבער מוחל זיין און בעטן מחילה איז ווידער געוואָרן צופיל. אויף וועלכער זינד און עבירה זאָל ער בעטן פאַרגעבונג? אויף דעם, וואָס ער אַרבעט שווער פאַר איר? אויף דעם, וואָס ער האָט רייך געמאַכט זיין הויז, פאַמיליע? אַפילו דער ייִנגסטער זון זיינער פאַרמאָגט שוין אַ פאַר־מעגן, אויף וואָס גרויסע וואָלטן געדאַרפט אַרבעטן אויף דעם אַ גאַנץ לעבן און דאָס ניט דערגרייכן. דערפאַר דאַרף ער בעטן מחילה און סליחה?

ער האָט אויפגענומען איר שלאָף־אָטעם ווי ניט פון זעלבן געלעגער מיט אים, ווי פונעם צווייטן עק שטוב. און דערביי זיך דערמאָנט מער וואַרעמע סיטואַציעס, גאַר היימישע לאַשטשענדיקע אַרומאַרמונגען, ווען זי פלעגט זיך פריי אַרומקנוילן אויף אַלע זייטן און האַלבע נעכט אָפּשלאָפן ביי זיין זייט. איצט, אַפילו אין שלאָף, האָט אַ קאַלטקייט צווישן זיי געוויייעט, און געהאַלטן זיי צעשיידט.

„ווען מ׳ווייסט, וואָס ביי מיר טוט זיך" — האָט ער איצט געטראַכט פון זיינע שונאים און ניט־פאַרגינער, וואָס זענען געוואַקסן צוזאַמען מיט זיין פאַרמעגן, מיט זיינע דערפאָלגן.

זיי אַלע האָט ער באַהערשט, אַ סך פון זיי באַזיגט, נאָר זי קען ער ניט גובר זיין. „צי וויל איך זי טאַקע באַזיגן?" — האָט אים אַ מחשבה געפרעגט. זיכער ניט. אָפּהאַלטן אַ זיג איבער אַן אייגן ווייב? זי וויל ער בלויז איינגעמען, אָבער ניט באַזיגן. דער רעזולטאַט — ער נעמט זי ניט איין, זי וויל אים באַזיגן...

איצט האָט ער דערפילט, אַז ער איז איינזאַם אין זיין אייגן הויז. אַז ער האָט זי פאַרלוירן, זיין אַמאָל, און דעם איצט קען ער ניט באַהערשן.

ער האָט פאַרלוירן די קינדער, אַפילו דעם זכרונות־זייגער — אַ שטיק פון זיין ווייטן יונגן אַמאָל.

אַט אַזוי, אין דער איינזאַמקייט, האָט אים באַהערשט אַ שטאַרק פאַר־געפיל, אַז ער האָט פאַרלוירן זיין גאַנצע משפחה אין שטעטל און איצט איז ער געבליבן איינער אַליין. ער זעט איצט אַ פייערדיקן געווירבל זיך קנוילן, וואָס טראָגט זיין שטעטלדיקע משפחה אין פינצטערן אומקום־געוויטער, און ער איז אָפּגעריסן און ווייט פון זיי, איינער אַליין, הילפלאָז, אוממעכטיק.

די־אַ שווערע, טריבע מחשבותן האָבן אים אַרויפגעבערענגט אַ היימישע וויזיע — די ווענט האָבן זיך צוזאַמענגערוקט, דער סופיט אַראָפּגענידערט, די גרויסע שטוב איז געוואָרן ווי דאָס ענגע קעמערל ביים בעדער, ווען ער האָט זיך דאָרט פאַרשטעקט נאָכן פאַרמאַכן דעם פאַראיין. ווען פעסעלע דעם אייזנקרעמערס האָט נאָך ניט געוואָגט צו קומען צו אים.

ווי דאַן, האָט ער אויך איצט געלעכצט, געוואָלט זי זאָל זיך דערנענ־טערן צו אים. אָבער זי איז געלעגן איינגעקאָרטשעט אין דרייען, קליין און נעבעכדיק, ווייט ניט די זעלבע שטאָלצע פעסעלע פון אַמאָל. אַ רחמנות האָט אים באַנומען צום ווייב, זעענדיק, וואָס זי האָט פון זיך געמאַכט.



די גרויליקע זעאונגען און די ביי־געדאַנקען האָבן פון אים פאַרטריבן דעם שלאָף. מיטן ערשטן שפּראַץ אויף טאָג, וואָס איז אַריינגעדרונגען דורך די גאַרדינען, האָט ער פאַרלאָזט דאָס בעט און אַראָפּ זיך וואַשן, ראַזירן. דעם ראַדיאָ האָט ער ניט געעפנט, ניט געוואָלט מער הערן פון די חורבות, וואָס דייטשלאַנד מאַכט אָן אין אייראָפּע. ער האָט אָפּגעוואַרט ביז ער האָט געהערט די קינדערס אַרומשטיפן, איז ער אַרויף צו זיי, נאָכגעפרעגט זיך ווי ס׳גייט זיי אין לערנען, דעם קלענסטן אַ גלעט געגעבן אויפן קעפּל, און אָן אַ זיי־געזונט איז ער אַרויס ווי פון אַן אבלים הויז, ווי פון שבעה־זיצער, ווען ער איז געקומען מנחם־אבל זיין.

אין דרויסן איז געווען ערב פרילינג, ס׳האָט געשמעקט מיט קילער פרישקייט. האָט ער באַשלאָסן אין דעם פריען פאַרטאָג צו מאַכן אַ שפּאַציר צו דער „עס און עס״־געביידע. ער וועט אַדורכגיין דאָס פּאַרקל, אַריינכאַפּן זיך צום יידישן קאַוואַל, וואָס האָט אַמאָל געקאָוועט זיין פערד, און כאַפּן מיט אים אַ שמועס, דער שניי איז געווען סתם, אַזוי זיך, צעגאַנגען, און גראָז האָט שוין גענומען אַרויסשפּראָצן פון דער פייכטער ערד. דאָס פרימאָרגן־געזאַנג פון די ערשטע שוואַלבן האָט איינגענומען אַ ביסל זיין טרויעריק געמיט, אויפגעהייטערט אים.

פאַרן טויער פון צווייטן עק גאָרטן האָט זיך באַוויזן אַ פּאָליציימאַן אויף זיין פערד. לייכט פאַרבייגעגאַנגען, טראָט ביי טראָט, מיט הנאה פון פרימאָרגן־שפּאַציר, אָן וועלכער ס'איז פּאָליצייאישער שטייפקייט, אָן אָנצוואָרפן פּאָליצייאישן פחד אויף די דורכגייער. מענטשן זענען פאַרביי־געגאַנגען אָן מורא, אָן חשד. דער פּאָליציימאַן איז געווען איינער פון זיי. ער איז, ווי זיי, געגאַנגען צו זיין אַרבעט — היטן די אָרדענונג אין שטאָט. אַ טייל האָבן אים באַגריסט מיט אַ גוט־מאָרגן און ווייטער געגאַנגען, ער האָט צוגעשאָקלט זיין גוט־מאָרגן, ווי אַלטע גוטע באַקאַנטע.

דער בנעימותדיקער פּאָליציי־רייטער אויפן פערד, אין דער שטיל־געאָרדנטער גאַס, צווישן רואיקע מענטשן, אין דער זעלבער צייט ווען אויף דער וועלט פלאַקערט אַ גיהנום, האָט מיסטער סאַראַדן אויסגעזען מאָדנע און אוממענטשלעך. ער האָט זיך אָפּגעשטעלט קוקן אויף דער אידיליע, וואָס עס הערשט דאָ צווישן מענטש און בהמה. דער גוט־מאָרגן אויסטויש האָט ביי אים אויסגעקוקט ווי אַ לעסטערונג. וואָס פאַר אַן גוט־מאָרגן קען דאָס זיין, ווען אַ טייל פון דער וועלט ברענט ? !

ביים עק פון דער גאַס האָט דער פּאָליציימאַן פאַרהאַלטן דאָס פערד און ביידע זענען געבליבן שטיין באַוועגלאָז. און מאָדנע, זיי האָבן ביי אים אַרויסגערופן די אַסאָציאַציע פון דער צוגעשלאָגענער מזוזה אויף דער טיר פון אַ פרום יידיש הויז, ווי די מזוזה אויף דער טיר פון בית־המדרש. ווי דער שיר המעלות איבער בעט פון אַ יידישע קימפּעטאָרין, צו פאַרהיטן זיי פון שדים און רוחות, אומגעזעענע בייזע גייסטער, וואָס קענען זיך חלילה אַריינכאַפּן אַפילו אין די פרומסטע הייזער, די איינגעהילטע אין מצוות און מעשים טובים. אַזוי האָט ביי אים אויסגעזען דער פּאָליצייאישער רייטער, וואָס איז געבליבן שטיין אויפן עק גאַס און זי געהיטן פון אַ בייזער רגע, ווען אַ שלעכטער גייסט קען זיך אין איר אַריינרייסן.



סעמיועל סאַראַד איז פון דער נאַטור געווען אַ מענטשן אָן סענטימענטן, אַ האַרטער כאַראַקטער. ער האָט דאָס איבערגענומען פון שלמה זלמנען, ער — פון זיין טאַטן און זיידן. דאָס טראַפּן האַרציקייט, וואָס איז אים געקומען פון דער מוטער, איז דערטרונקען געוואָרן אין דעם קאַלטן דאָרפס־גייערישן בלוט פון טאַטן און זיידן, אָבער האָט אויפגעטויכט פון מאָל צו מאָל אויף דעם אופן: „וואָס עס קומט דיר, קומט דיר. וואָס גערעכט איז גערעכט, און דאָס וועסטו ביי מיר קריגן". ווי זיין טאַטע „שימעלע־צרעת" פלעגט זאָגן: „וואָס־וואָס, קיין אָנזעצער איז שימעלע צאַראַד ניט".

סעמיועל סאַראַד האָט אַריינגערופֿן דעם הויפּט־בוכהאַלטער צו זיך אין ביוראָ און אים מגלה געווען דעם סוד, ווער ס׳וועט זיין זיין פּאַרטרעטער אין קלינטאָן, אין דער מעקלינטאָק־פֿאַבריק, און ער האָט זיך באַרואיקט. ער האָט דאָס געטאָן פֿאַר דעם באַ׳עוולהטן סימאַר שטיין, געגעבן וואָס אים איז געקומען לפי גערעכטיקייט. אָבער, צי וועט ער זיך געהעריק צופּאַסן צו דער דערהויבענער פּאַראַנטוואָרטלעכקייט? צי וועט ער זיך ניט ווידער אַריינגליטשן אין עפּעס אַ נייער צרה? אָבער הנאה געטאָן און באַפֿרידיקט האָט דאָס אים.

# קאַפּיטל 18

די יונגע ראַזעלי, וואָס איז געוואַקסן און זיך אַנטוויקלט, האָט ליב געהאַט זיך צו פּוצן, צו שפּיגלען זיך ווי אַ גרויסע, און הנאה געהאַט צו זען ווי זי וואַקסט, ווי איר פֿיגור אַנטוויקלט זיך. ווען זי איז געבליבן אַליין אין הויז האָט זי ליב געהאַט אַריינצוכאַפּן זיך אין די עלטערנס שלאָף־צימער, און געשטעלט זיך נאַקעט פֿאַרן לאַנגן שפּיגל. באַטראַכט איר קערפּער, געגלעט זיך די אויסגעפּילטע היפּטן, אירע יונגע רונדיקע ברוסט־לעך, וואָס האָבן זיך אַקאָרשט אָנגעהויבן פֿאַרמירן, ווי רייף־ווערנדיקע עפּעלעך.

ס׳האָט איר שטאַרק הנאה געטאָן, ווען די שילער און לערער האָבן זי אָפּגעמאָסטן מיט זשעדנע און גיריקע אויגן, געכאַפּט פֿאַרגנבטע זייטיקע בליקן אויף איר. זי האָט זיי געררייצט מיט פּיקאַנטער מיידלשער גראַציע. ביים אויפֿהייבן זיך פֿון דער שול־באַנק, האָט זי זיך אויסגעצויגן אין איר גאַנצער הויך, וואָס בולטער אַרויסגעשפּאַרט די כמעט רייפֿע רונדיקייט פֿון אירע ברוסטלעך, דעם שיין־געפֿורעמטן קערפּער, און איר אַלבאַסטער ווייס פּנים.

די מערסטע מיידלעך פֿון איר קלאַס זענען געווען אויסגעדאַרט, מיט פֿלאַכע ברוסטקאַסטנס ווי ביי די ייִנגלעך. די פּיס זייערע זענען געווען דינע ווי דרענגלעך ווי ביי די ייִנגלעך. די דאָזיקע מיידלעך האָבן זי פֿיינט געהאַט, געקוקט אויף איר קרום, מיט בייזע אויגן, אַ סך מאָל איר אָפּגעטאָן פֿאַרשידענע שפּיצלעך. אָבער די לערער און די ייִנגלעך זענען שטענדיק געווען אויף איר זייט. און דאָס האָט נאָך מער אויפֿגערייצט די מיידלעך פֿון איר קלאַס און זיי פֿלעגן איר טאָן אין טויט אַריין, איזאָלירן זי פֿון זיך.

זי האָט דאָס ניט געאַרט, פֿאַרקערט, ס׳האָט איר גאָר הנאה געטאָן פֿון דעם, ס׳האָט איר ניט געפֿעלט קיין אַנדערע חברטעס, אַפֿילו פֿון די

העכערע קלאַסן. זי האָט מיט זיך מיטגעבראַכט בחורים פון אַנדערע קלאַסן, און זי איז אַריינגענומען געוואָרן אין זייער געזעלשאַפט, זי האָט אָנטייל גענומען אין זייערע געשפּרעכן, פון איין אײנציקער טעמע — ייִנגלעך.

ראַזעלי האָט זעלטן ווען אַרויסגעזאָגט אירס אַ מיינונג וועגן איר „אידעאַלן" טיפּ ייִנגל. אין דער טעמע ייִנגלעך איז זי ניט געווען אַזוי הונגעריק ווי די אַנדערע מיידלעך. זי האָט זיי געהאַט אַ סך אַרום זיך, נאָך פון פּאַרקל, לעבן זייער ערשט הויז. זי איז אַפילו ניט זשעדנע געווען נאָך אַ ייִנגלס אַ קוש.

זי האָט שוין געהאַט איר אידעאַלן מאַן, ניט קיין ייִנגל, נאָר אַ לערער פון ענגלישער ליטעראַטור, אין וועמען זי איז שטילערהייט געווען פאַרליבט. דער לערער — אַ הויכער, מיט אַ טונקל פּנים, עלעגאַנט פאַרקעמטע שוואַרצע האָר, ביר־אויגן און דינע צוגעשניצטע וואָנצעלעך, וואָס האָבן אונטער־געשטראָכן זיין שיינע נאָז, שמאָלע ליפּן, אויך אויערן האָט ער געהאַט קליינע. אין אים איז זי געווען, מיט יוגנטלעכן ברען, פאַרליבט. פון אים האָט זי געטראַכט טאָג און נאַכט, אויף דער שול־באַנק, אין דער היים, אומעטום געטראָגן זיין געשטאַלט אין איר האַרץ. ער איז געווען דער לערער פון אירס אַ חברטע פון די העכערע קלאַסן. די חברטע האָט אין זייערע געשפּרעכן געלויבט זיינע מעלות פאַר איר.

ראַזעלי איז געווען אײפערזיכטיק, וואָס איר חברטע איז מיט אים אין איין קלאַס, זיצט אַקעגן אים, זעט זיין ליכטיק פּנים אַ גאַנצן טאָג, הערט זיין שטימע, און זי האָט זיך נאָך מער געקלעפּט אין איר. אין די איבעררייס־פּויזעס פלעגט זי, אונטער פאַרשידענע אויסריידן, אַריין צו איר אין קלאַס, אַבי צו זיין נעענטער, פונוויטנס כאָטש אַ קוק טאָן אויף אים, הערן זיין שטימע, און אפשר איבערכאַפּן אַ וואָרט מיט אים.

ווען יונגע בחורים האָבן זי פאַרטשעפּעט אין גאַס, איר נאָכגעפייפן, האָט זי פאַרריסן דאָס קעפּל ווי אַ פּאַווע, אָנגעשפּאַנט, אָנגעצויגן איר גראַציעז־שלאַנקע פיגור, און אַוועקגעשוועבט אויף אירע שיינע פיסלעך, קוים די ערד באַרירט, פון אירע אויגן־ווינקלען אַ זייטיקן בליק געכאַפּט און געזען ווי זייערע דורשטיקע קוקערס באַגלייטן זי. אָט די ייִנגל־וועלט האָט איר פאַרגיטיקט פאַר דעם לערער, וואָס האָט איר ניט געשאָנקען קיין אויפמערקזאַמקייט.



די מוטער האָט צוגעזען איר טאָכטערס אויסוואַקסן, איר קאָקעטירן און סטראָנצלען זיך. איר גלעטן זיך די האָר, יעדעס קרויזל פאַרלייגט און קאָקעטיש פאַרדרייט. זי האָט אָבסערווירט ווי דאָס נאָך קליינע מיידל

ציט אויף זיך אָן וואָס ענגער דאָס קליידל, און לייגט אַכט עס זאָל זיך פאַלדירן און כוואַליען דאָרט ווו ס'דאַרף זיין ווייבלעכער רייץ. ס'האָט איר הנאה געטאָן, וואָס ראָזעלי פאַרשטייט שוין דעם ווערט פון אַ פרוי, און ווייסט אַליין, ווי זיך צוצוגעבן חן און מיידל־סוד, ווי אַזוי זיך צו מאַכן אַנציִענדיק. „וועט זי אויך פאַרשטיין — ווען און ווי אַזוי פאַרצוטרעטן מיט איר רייץ?" — האָט זי געטראַכט. אָבער קיין צניעות האָט זי איר ניט געלערנט...

אַ סך מאָל האָט זי זיך געשראָקן, וואָס דאָס קינד איז צו פרי רייף געוואָרן. זי האָט אַפילו געטראַכט, אַז מ'וואָלט זי געדאַרפט צוימען אַ ביסל. באַלד האָט זי זיך אָבער דערמאָנט, אַז ס'איז אַ ירושה־זאַך. זי אַליין איז צו צוועלף יאָר שוין געווען אַ רייפע פרוי, געהאַט גלוסטן צו יינגלעך. זעט אויס, אַז דאָס פריִע רייף ווערן ביי איר טאָכטער, איז געקומען בירושה. אין איר יוגנט האָט זי אָבער קיינמאָל ניט פאַרלוירן דעם קאָפּ... הגם זי האָט ניט געהאַט קיין אמתע מוטער, וואָס זאָל אויף איר אַכטונג געבן און מדריך זיין — איז זי חלילה ניט געשטרויכלט געוואָרן. איר צניעות איז געווען אַ נאַטירלעכע, אין קליינעם שטעטל אַמאָל.

און סעמיועל סאַראַד, דער טאַטע, איז געווען צופיל פאַרנומען מיט זיין רייך ווערן, בכדי צו זען, וואָס עס קומט פאָר מיט זיין ראָזעלין. איר פּלוצימדיקער חשק און פלייסיקייט אין לערנען, איר פּינטלעכקייט און טיכטיקייט אין אירע לעקציעס און היים־אַרבעט. אַלע אין שטוב האָבן די ענדערונג אָנגענומען פאַר אַ סטודענטישן חשק צו נייע קעגנשטאַנדן. אירע קלאַס־חברטעס, דאַקעגן, האָבן דאָס אויסגעטייטשט אַלס אַ טריק צו געפעלן יינגלעך, דעם לערער. בענען האָט איר פּלוצימדיקער ווילן צום לערנען פּשוט פאַרדראָסן און פאַרביטערט. זי איז געוואָרן די טיכטיקע סטודענטין און ער — דער פוילער זאַק. ער האָט זי חושד געווען, אַז זי האָט אוודאי אַ יינגל אין קלאַס, אַז איר ליבע איז ניט דווקא צו די ביכער. אָבער, אַז די ריכטיקע סיבה איז געווען אַ לערער פון אַ צווייטן קלאַס, איז אים אַפילו אויפן געדאַנק ניט געקומען.

אויך סעמיועל סאַראַדן וואָלט אַזעלכעס ניט איינגעפאַלן אויף זיין יונגער ראָזעלין. ער אַליין איז געווען ווי אַ מענטש פון אַ הייל, וואָס גייט יעדן פרימאָרגן אַרויס אויף יאַגד אין די וועלדער. אַזוי איז ער יעדן פרימאָרגן אַוועק צו זיינע פאַבריקן, אַריין אין די געדיכטענישן פון זיינע געשעפטן און געביידעס, געפאַנגען יעדן טאָג עפּעס אַ נייעם פאַנג. אויף זיין געלעגער, אין זיין מאָדערנער הייל, אין די שלאָפלאָזע שעהן פון די נעכט, האָט ער געשאַרפט זיין כלי־זיין, געמאַכט זיינע פּלענער פאַרן קומענדיקן יאַגד־טאָג. ער האָט ניט געקאָנט זען זיין ראָזעלין, ווי זי איז אויסגעוואַקסן פון אַ קינד צו אַ יונג מיידל, אַ געפּיעשטשעטע פון דער

מאַמען, אַ צעבאַלעוועטע, אָבער ניט מער ווי אַ קינד. אַז ראַזועלי איז ממש ביי אירע אויערן אַרויסגעצויגן געוואָרן צו זיין אַ פרוי, דאָס האָט ער ניט באַמערקט, פונקט ווי ער האָט געזען מער, אַז בען, זיין ברודער, וואַקסט ווילד, אָן שום אויפזיכט.

ער איז איצט געווען זייער פאַרנומען און געדאַנקט דער השגחה, וואָס מען שטערט אים ניט זיך ווידמען זיינע געשעפטן, דער אַרבעט אין ראַט און אין דער קאָנטראָל-קאָמיסיע אויף די פרייזן און קוואַליטעט פון די סחורות.

די מלחמה איז נאָך חלילה ניט געווען פאַרשפּילט. כאָטש פראַנקרייך, כמעט גאַנץ אייראָפּע איז געלעגן אונטערן נאַצישן שטיוול, איז אָבער ענגלאַנד, די דעמאָקראַטישע מאָנאַרכיע, געשטאַנען און געקעמפט אויף אירע חורבות, פאַרהאַלטן און געהעמט די דייטשע פאַרפלייצונג.



סעמיועל סאַראַד, ווי די גאַנצע וועלט, האָט באַוווּנדערט ענגלאַנדס גבורה אין סאַמע מיטן פון בלוטיקן מבול, און מיט זייער מוט געווען דער בליץ-אָפּלייטער פון דייטשלאַנדס בליץ-קריג. אַלע זענען איר דאַנקבאַר געווען, אַלע זענען גרייט געווען איר צו העלפן. אויך בען סאַראַד, כאָטש נאָך יונג אין יאָרן, האָט ער פּיזיש געהאַט די מאָס און וואָג פון אַ מאַן, אַ סאָלדאַט, און די מיליטערישע קאָמיסיע האָט אים מיט הנאה באַשטעטיקט אַלס פרייוויליקן, צוזאַמען מיט זיינע חברים, וואָס זענען געקומען פריי-וויליק זיך פאַרשרייבן אין דער אַרמיי.

ווען אַלץ איז שוין געווען געחתמעט, באַשטימט דער טאָג פון זיין צושטעלן זיך צו איבונגען, האָט בען אונטערגעטראָגן דער מאַמען זיין סיורפּריז, דעם דאַנק פאַרן אויסכאַוועען אים אַ געזונטן און שטאַרקן, און האָט פאַר איר אַנטפּלעקט דעם סוד: אַז מער גייט ער ניט אין שול, ער איז איצט אַ פרייוויליקער זעלנער, און דערלאַנגט איר אַ צעטל פון זאַכן, וואָס זי זאָל פאַר אים באַזאָרגן פאַר זיין זעלנעריי.

פּאָולין סאַראַד איז ווייס געוואָרן ווי די מילך, וואָס זי האָט אים דערלאַנגט פאַרן גיין אין שול אַריין. דאָס לשון איז איר אָפּגענומען געוואָרן, זי האָט געפילט, אַז זי פאַלט אין חלשות. זי האָט זיך איינגעביסן אין איר צונג, מיט די נעגל זיך איינגעשניטן אין איר הויט און זי איז געקומען צו זיך. באַהערשט זיך און געפּרוּווט מיט אים רעדן, געגעבן אים צו פאַר-שטיין, אַז ער איז נאָך אַ קינד, ער באַגייט אַ פעלער, און אים געבעטן זיך באַטראַכטן. קאַנאַדע מאָביליזירט ניט, נאָר רופט פרייוויליקע, און ער קען

זיך אָפּזאָגן פון גיין מעבר לים, צוליב איר מוז ער זיך צוריקציען, האָט זי געגומען ווייגען.

צוליב זיין פיזישער דערוואַקסנקייט, האָט זי אין איר פאַרצווייפלונג פאַרגעסן זיין מינדעריעריקייט און געפּרוווט מיט גוטן און מיט געוויין ער זאָל זיך אָפּזאָגן פון זיין זעלנעריי; לסוף איז זי אַריין אין אַ היסטעריש געוויין, געריסן זיך די האָר פון קאָפּ און געשריגן מיט באַנומען ווילדע קולות. ס׳האָבן אַ פּלייץ געטאָן ביטערע טרערן און זי איז געפאַלן אין אַנמאַכט.

בעת איז ווי אַ וויכער אַרויס פון הויז. ראַזעלי האָט אָפּגעמינטערט די מוטער, טעלעפאָנירט אין אַלע מעגלעכע ערטער צו טרעפן דעם פאָטער און האָט אים ניט געפונען אין ערגעץ. ערשט שפּעט ביינאַכט האָט זי אים געטראָפן אין זיין ביוראָ, און מיט טרערן אים געבעטן ער זאָל וואָס שנעלער אַהיים קומען, ווייל די מוטער איז קראַנק.

דאָס איילן אַהיים האָט געדויערט אַן אייביקייט. פאַרשידענע געדאַנקען און פאַראויסזעענישן זענען אים אַדורך אין זיין מוח. אָבער, אַז זיין מינדעריאָריקער זון זאָל זיך האָבן פאַרשריבן אין דער אַרמיי, ווי האָט אים דאָס געקאָנט איינפאַלן? אַ בייזער חלום, ניט אַנדערש.

זיין מוח האָט דאָס ניט אויפגענומען, ווען ער האָט עס געהערט פון ראַזעלין. ס׳האָט עס אָבער באַשטעטיקט דער טרויעריקער אויסזען פון ווייב און דער תשעה־באב מעמד אין הויז.

אין פאָדערצימער, אויף דעם שפּיגל־טישל, זענען געלעגן בענס פאַר־לאָזענע ביכער, פון ווען ער איז אַוועק מיט זיינע חברים צו דער מילי־טערישער קאָמיסיע, און איז אַנגענומען געוואָרן אין דער אַרמיי.

אין קיך, וווּ ס׳איז שטענדיק געווען אַ מוסטערהאַפטע זויבערקייט, איז איצט געווען ניט צו דערקענען. אויפן טיש איז געלעגן ניט דערעסענע שפּייז, געפּעסן צעשטעלטע איבער דער גאַנצער קיך, און די זעלבע אומ־אָרדענונג האָט געהערשט אין גאַנצן הויז, ביזן שלאָף־צימער.

אין בעט איז געלעגן אַ בלייכע דאָס ווייב, איר קאָפּ אַרומגענומען מיט אַ נאַס האַנטוך, צו קילן איר צעהיצטן און געווייטיקטן קאָפּ. איר אויסזען האָט אָנגעוואָרפן אַ שרעק. ראַזעלי האָט אים דערציילט אַלץ באַריכות און זי אין בעט, האָט צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ.

בען איז אין הויז ניט געווען. ער איז אַוועק ביי איר ערשטן ספּאָנטאַנישן געוויין, געגאַנגען פאַרברענגען מיט זיינע חברים די לעצטע ציווילע טעג און נעכט. זיין זעלנערישע אַוואַנטורע האָט זיך אָנגעהויבן נאָך איידער ער האָט אָנגעטאָן דעם זעלנערישן מונדיר.

סעמיועל סאַראַד האָט ביטער געשמייכלט, הערנדיק די סיבה פון ווייבס קראַנק ווערן, פון דער גאַנצער הויז־סומאַטאָכע. אַ מאָמענט האָט

זיך אים געדוכט, אַז ער זעט אַ טעאַטער־שפּיל אין זיין שלאָף־צימער.
„איז זיין ווייב שוין אינגאַנצן אַראָפּ פון זינען? האָט זי חלילה פאַרלוירן אירע חושים? האָט זי פאַרגעסן, אַז ער איז מינדעריעריק?" — ער האָט זיך צעלאַכט אויפן קול.

„וואָס טוט זיך מיט דיר? דער יונג טוט צו להכעיס, שפּילט אַ ווילד־יונגערישע שפּיל און איר שפּילט מיט אים מיט?! קאַנאַדע האָט ניט קיין צוואַנג־מיליטער־דינסט, ווען זי צונעמען מינדעריעריקע? ווו איז דיין שכל? ווען ער איז ניט קיין קינד, לאָז איך אים זיין, זיי וואָלטן שוין פון דעם הפקר־יונג געמאַכט אַ לייט!"

פּאַולין סאַראַד איז געוואָרן פון כעס, וואָס ער רופט בענען הפקר־יונג, און אויף זיך אַליין, וואָס זי, די מאַמע, האָט פאַרגעסן, אַז איר זון איז נאָך קיין פופצן יאָר ניט אַלט. ווי האָט זי דאָס געקאָנט פאַרגעסן? דער „טייערער" מאַן אירער, פירט זי אַראָפּ פון זינען.

ראָזעלי, וואָס פאַרמאָגט דעם טאַטנס הומאָר, האָט אויך געזען די קאָמישע סיטואַציע. דאָך האָט איר ווי געטאָן זיין גרינשעצן, זיין אָפּחוזקן פון דער גאַנצער זאַך. זי איז אַרויס מיט אימפּעט פון צימער, לאָזנדיק טאַטע־מאַמע אַליין, כדי ניט בייצווזיין ביי דער קריגעריי.

„דער הפקר־יונג ביסטו אַליין! דו האָסט זיי פאַרלאָזט אויף הפקר, פאַרלאָזן און פאַרנאַכלעסיקט. ער האָט דען געוווּסט, אַז ער האָט אַ טאַטן?" — האָט זי גערעדט מיט ביטערניש.

„דו, דו האָסט ביי זיי צוגענומען זייער טאַטן. דו האָסט זיי דער־ווייטערט און אָפּגעפרעמדט פון מיר, ווי דו אַליין האָסט זיך אָפּגעשיידט פון מיר. דיין פּירונג לגבי מיר האָט צעשטערט מיין פּרעסטיזש ביי זיי. איך זאָרג ווי אַ טאַטע דאַרף זאָרגן פאַר זיינע קינדער, נאָר דו זאָרגסט בלויז פאַר זייער פיזישן אויסזען. דאָס האָסטו אים געמאַכט פאַר אַ זעלבער, אים דערצויגן גראָב און הויך, אָבער אָן פאַרשטאַנד, אָן שכל, געמאַכט פון אים אַ תל, ווי דו מאַכסט אַ תל פון איר" — האָט ער געוויזן צו דער טיר, פון וועלכער ראָזעלי איז נאָר וואָס אַרויס.

„איך טו לויט מיינע כוחות און דו מאַכסט זיי פאַר לעבעדיקע יתומים. מאַכסט זיין רייך, פאַר גבירים, אָבער ווי אַ טאַטע לאָזטו זיי אויף הפקר. ווער דאַרף דיין געלט? וואָס האָבן מיר פון דיין רייכטום?" — האָט זי געשריגן פון בעט אַרויס.

„פאַרוואָס ווילסטו ניט פאַרשטיין? ווען איינער מאַכט געלט אין אַזאַ צייט ווען אַנדערע פאַר־לירן, זענען פאַראַן צען און מער, וואָס ווילן עס ביי אים צונעמען, ווי די חיות לויערן זיי אים צו פאַרצוקן, אויב ער היט זיך ניט מיט אַלע זיינע חושים און כוחות. כ'האָב גענוג אויף וואָס אַכטונג צו געבן, כ'בין ניט געבענטשט געוואָרן מיט זיין סתם אַ געוויינלעכער

בעל־מלאכה, ס׳איז אַ וועלט אַ גאַנצע, מיט וואָס איך מוז אָנפירן. אַז איך אַרבעט, קענט איר זיך אַרומשפּילן. פאַרוואָס קאָנסטו ניט צוהעלפן, אָנשטאָט שטערן און באַשווערן מיר?״ — האָט ער געפרעגט מיט פאַריבל.

„זייער גרינג האָסטו פאַרגעסן ווי מ׳האָט זיך געפירט אַמאָל אין דער היים, ווי אַזוי אַ טאַטע האָט זיך דאָרטן נוהג געווען״, — האָט זי אַרויסגעאויקעט פון אונטערן נאָסן האַנטוך.

ס׳האָט זיך אים געוואָלט דערמאָנען איר, אַז דווקא זי האָט פאַרגעסן און פאַרוואָרפן אַלץ פונעם אַמאָל אינדערהיים. זי האָט פאַרגואישט זייערע נעמען, ניט געלאָזט זיי גיין אין דער יידישער שול, ניט אַריינגעלאָזט קיין יידישן לערער אין הויז, זיי נאָכגעגעבן די שמד. דעם משפּחהניק פאַרטריבן פון הויז, און די יידישע ביכער ליגן נאָך אַלץ אין די מאַראַנצן־קעסטלעך אין קעלער, וואָרפט זי אים פאָר, אַז ער האָט פאַרגעסן? געזאָגט האָט ער אָבער גאָר:

„וועלכעס גוטס איז דאָ צו געדענקען פון דער אַלטער היים אין פּוילן? די פּאָגראָמען און די יידישע צרות? זענען דאָרט פאַראַן געווען עניים פון מענטשלעכן ווערט, וואָס זענען געווען ניט איינגעוויקלט אין פּיין און לייד?״

„אַזוי ווייניק איז דיר געבליבן פון דעם היים־אָרט, ווו דיין וויגעלע איז געשטאַנען?״ — האָט זי געפרעגט אַ בראָזיקטע, אַן קרעכצן, און אים האָט זיך געדוכט, אַז זי לאָזט זיך איבערבעטן. איז ער צופרידן געווען, וואָס ער דערמאָנט די היים, די וויגעלעך זייערע:

„דו ווייסט זייער גוט, וואָס פאַר אַ וויגעלע ס׳איז געווען און ווו ס׳איז געשטאַנען. אויך דיין וויגעלע האָט זיך מיט גאָר ניט אויסגעטיילט פון אַנדערע יידישע קינדער־וויגעלעך, און געשטאַנען איז עס צווישן זשאַווער און אייזן־ברוכוואַרג, צווישן שרעק און פּויערישער חוזק־קללות. אונדזערע וויגעלעך זענען ניט געשטאַנען אונטערן פרייען הימל און ניט געוואַקסן ווי די ביימלעך אונטער דער זון. פּוילן האָט געריסן אונדזערע ביימער־וואָרצלען, געבראָכן די יידישע צווייגן, פאַרסמט די יידישע לופט, וואָס מיר האָבן געאָטעמט, וועלכעס איז דאָס גוטס צום געדענקען פון פּוילישן טרערן־טאָל? זעסטו, אַז כ׳האָב ניט פאַרגעסן. דאָס לאַנד איז דאָ גרויס און פריי, גיט אונדז די מעגלעכקייטן צו וואַקסן, מיר האָבן זיך דאָ איינגעוואָרצלט — איך, דו, זיי, ערשט דאָ זענען מיר אויפגעוואַקסן, מענטשן געוואָרן, דאָ האָבן מיר אַ צוקונפט, וועגן וועלכער האָסט אין פּוילן אַפילו חלומען ניט געקאָנט״.

„איך קוק זיך אַרום טאַקע און כ׳זע, אַז כ׳האָב אַ גרויס הויז, וואָס איז ליידיק פון וועלכער ס׳איז היים־אַטמאָספערע. אַ ווילדע פוסטקייט שוועבט אין דעם הויז, גענוי ווי דאָס לאַנד איז מיר פרעמד, ווי כ׳וואָלט

דאָ אַ גאַסט געווען. וואָס איז מיר דאָ אייגן, אָדער אַפילו שותּפותדיק ?" — האָט זי געפרעגט.

ער האָט אָנגעהויבן פאַרלירן זיין געדולד, ס'איז אים פּאַרמיאוסט געוואָרן צו הערן אירע משוגעדיקע טענות צו אים, וואָס האָבן זיך געענ־דערט צוזאַמען מיט אירע שטימונגען. ווי לאַנג איז ווען זי האָט פאַרלאַנגט אַ גרעסער הויז, געשריגן: „אויף איין ברעט און אַליין". איצט איז זי שוין ווידער ניט צופרידן מיטן גרויסן הויז. ער האָט געטראַכט, אַז ס'האָט קיין זין מער זיך אויסצוטענהן מיט איר. זיי האָבן זיך שוין לאַנג אויפגעהערט צו פאַרשטיין. ערגעצוווּ איז אין פאַרלויף פון יאָרן פאַרלוירן געגאַנגען די האַרמאָניע צווישן זיי.

„ביסט ניט צופרידן פון קיין זאַך. וואָלסט אפשר צופרידן געווען צו גיין אַרבעטן ווי אַנדערע פּרויען ? ווי מיין מאַמע — מיטגיין אין די דערפער, ווי דיין מאַמע — קלאַפּן מיט די קאַסעס אויף די שטיינער ? דאַרפסט זיך פילן גליקלעך אין דעם לאַנד. וואָס איז דיר אַזוי שלעכט דאָ ? פון יעדער קלייניקייט מאַכסטו אַ טראַגעדיע. אַט האָסטו זיך קראַנק געמאַכט היינט, איבער וואָס ? איבער שקאַצישע שטיק פון דיין צעלאָזענעם זון האָסטו געמאַכט תשעה־באב אין הויז".

וואָס מער ער האָט גערעדט, אַלץ מער איז זי אויפגערייצט געוואָרן. קיין גלייך וואָרט קען ער צו איר ניט אויסרעדן. איר זון איז ביי אים אַ שגץ, ער רעדט וועגן אים ווי אַ שטיפטאַטע. איר צעהיצטער קאָפּ האָט געאַרבעט אין דער פאַרקערטער ריכטונג, אַלץ האָט זי אויפגענומען קרום, יעדעס וואָרט זיינס האָט זי פאַרביטערט. זי זאָל נאָר חלילה ניט אַריין אין אַ פרישער היסטעריע.

„כ'פיל זיך דאָ ווי אַ טייל פון אַ געוויקס, וואָס איז איבערפלאַנצט געוואָרן, און די וואָרצלען דאַרן איין, האָבן ניט אָנגענומען. ווי אַן עפּל אויפן בוים, וואָס איז געבליבן הענגען ביזן איבעררייף ווערן און אַראָפּפאַלן. אין שטעטל בין איך געווען אַ טייל פונעם גאַנצן געוויקס, וואָס בין איך דאָ ? דאָ וועלק איך ווי די בלעטער אויף דיביימער נאָכן זומער. כ'הענג דאָ בלויז אינעם לעבן, איך לעב ניט".

אין איר קאָפּ האָבן געמאַלן שווערע מיל־שטיינער, איר היץ איז געוואָרן גרעסער. זי האָט געוואָלט וויינען, ספּאַזמירן, אָבער איינגעהאַלטן זיך מיט אַלע כוחות ניט אַרויסצופלאַצן. „גאָט, פאַרוואָס שטייט ער נאָך דאָ ?". אָבער ער שטייט, רירט זיך ניט פון אָרט.

ער האָט זיך האַסטיק אַ דריי אויס געגעבן צו איר און מיט האַפּערדיקע טריט זיך דערנענטערט צו איר בעט: „אַלץ איז דיינס, דאָס אַלץ, וואָס כ'האָב אויפגעבויט איז דיינס. אייער אַלעמענס, אייגן זיך צו דעם מיט האַרץ און ס'וועט דיר אייגן און נאָענט ווערן. אינטערעסיר זיך מיט דעם,

וואָס איך טו, לייג מיר ניט קיין שטיינער אויפן וועג, וועלכע קענען מיך חלילה פון מיין וועג אָפּרייסן. ווען ביסטו געווען אין מיינס אַ פאַבריק? האָסטו כאָטש געזען, וואָס כ׳האָב אויפגעבויט? ביסטו אַמאָל געווען אין איינער פון די געביידעס? ביסטו אַמאָל מיטגעפאָרן אין מיינע שווערע צייטן זען, וואָס עס הייסט אַזוינס מילך שטעלן? מיר זענען אַ טייל פון אַ לאַנד, וואָס בויט זיך און מיר נעמען אָנטייל אין דעם בוי. מיר האָבן פאַרלאָזט אַ שטעטל און זיך באַזעצט אין אַ גרויס לאַנד. דאָ איז ביי דיר פוילן? אינעם שטעטל זענען מיר דאָך איינגעשרומפּן, געשימלט, דאָ לעבן מיר אויף ברייטע לעבנס-שליאַכן״.

זי האָט געטראַכט, אַז ס׳האָט ניט קיין זין דאָס אויסטענהן זיך מיט אים. זי האָט געוואָלט זיך אַראָפּרעדן פון האַרץ, זאָל ער ניט מיינען, אַז זי פאַרשטייט ניט איר ראָלע. „דו לעבסט דאָס, דו רודערסט אַ וועלט, איך גיי דאָ איין. אין פוילן האָבן מיר צוזאַמען געבויט די ביבליאָטעק, דעם טשעשלער-פאַראיין, צוזאַמען געקעמפט קעגן פאַשיזם, צוזאַמען געהאַט געגנוג כוח קעגן אַ גאַנץ שטעטל. וואָס בין איך דאָ?״

„דאָס, וואָס אַלע פרויען, וואָס דו וואָלסט געדאַרפט זיין און ווילסט ניט זיין — אַ מיטהילף פאַר מיר און מיינע טעטיקייטן. אַלע אַרום דריקן אויס התפּעלות פון מיינע לעבהאַפטיקע אונטערנעמונגען, נאָר ניט דו״, — האָט ער זיך געבעטן ביי איר.

אַ טויטע שטילקייט האָט זיך אַריינגעשטעלט צווישן זיי. ער איז אַוועק צוריק צום פענצטער, און פאַרטיפט זיינע אויגן אין דער געדיכטער דרויסנדיקער פינצטערניש. זי האָט געדריקט דאָס האַלב-נאַסע האַנטוך אַרום איר קאָפּ, איינצוהאַלטן די שלאָגנדיקע שלייפן, זיי זאָלן ניט אַרויס-שפּרונגען פון אונטער איר הויט.

„דו ביסט אַוועק צו אימפּעטיק, צו האַסטיק, כדי מיט דיר מיטצוגיין. רייסט זיך צו גרויס, דיך טראָגט דער טייוול ווייסט וווהין! עס שרעקט מיך אַזש, דאָס לאַנד האָט דיך ווייט פאַרטראָגן פון אונדז״, — האָט זי אָפּגעזיפצט. ס׳האָט זי פאַרדראָסן, וואָס ער שטייט און טרעט ניט אָפּ פון איר.

„פאַרוואָס גייסטו ניט זען ווו ער איז? אַ גאַנצן טאָג אין הויז ניט געווען. ווו וואַלגערט ער זיך אַרום, און האָט אוודאי מורא אַהיים צו קומען״, — האָט זי געקרעכצט, ווי די כוחות וואָלטן זי פאַרלאָזט.

„זאָג מיר ווו ער איז, וועל איך אים גיין זוכן. פונוואַנען זאָל איך וויסן, ווו ער קען זיין? אַז ער וועט הונגעריק ווערן וועט ער אַהיים קומען״.

ער איז אַוועק פון פענצטער און געלאָזט זיך צו דער טיר, טראַכטנדיק, אַז ס׳איז איבעריק צו פירן וויכוחים מיט איר. זי איז אַפילו איצט גרייט גיין אים זוכן, אַהיימבעטן דעם שגץ, דעם חצוף. „אַז ס׳וועט זיך אים

אויסלאָזן דאָס געלט, מיט וואָס דו הערסט אים ניט אויף צו שטאָפּן, וועט ער קומען בעטן נאָך". — ער איז אַרויס פון שטוב.



שוין עטלעכע טעג האָט בען געיום־טובט זיין זעלנער ווערן. ניט געגאַנגען מער אין שול, און פריי געווען ווי אַ פויגל. אַרומגעשלעפּט זיך טאָג און נאַכט מיט זיינע מיט־חברים צו דער אַוואַנטורע. אַז ס'איז אים אויסגעגאַנגען דאָס געלט, איז ער ניט אַהיים געגאַנגען צו דער מאַמען, נאָר אָנגעשריבן אַ טשעק אויף אַ קליינער סומע, ס'זאָל זיך דעם טאַטן ניט לוינען מאַכן אַ וועזן פון דעם, און ווילי־נילי פאַרלאַנגט דעם רעשט פון רעסטאָראַטאָר.

דעם טשעק האָט ער אויסגעשטעלט אויף דעם לאָקאַטאָר־באַנק פון דער „עס און עס"־בילדינג און אין ליצנות און שפּאַס אונטערגעשריבן דעם טאַטנס נאָמען. דער רעסטאָראַטאָר איז צופרידן געווען צו נעמען אַ טשעק פונעם זון פון באַרימטן סאַראַד, און אים מיט פאַרגעניגן געגעבן דעם רעשט, און דערביי זיך גע'חכמה'ט, אַז דער טשעק איז פון ריינעם פּאַפּיר, ניט פון גומע, און ער וועט ניט צוריק שפּרינגען. אַלע האָבן געלאַכט, פאַרוויילט זיך.

דאָס צווייטע מאָל האָט בען שוין אונטערגעשריבן אַ ביסל אַ גרעסערן טשעק, געקריגן מער רעשט, און ס'איז געווען מיט וואָס זיך צו צעשטרייען ביז מ'וועט רופן צו די מיליטערישע איבונגען. אָבער אַנשטאָט רופן צו איבונגען, איז גאָר געקומען אַן אָפּזאָג־בריוו, אַז צוליב זיין מינדעריעריקייט איז ער אויסגעבראַקירט געוואָרן פון מיליטער־דינסט.

ער און נאָך איינער פון דער חבריה האָבן געקראָגן אַזעלכע בריוו. בען האָט חושד געווען, אַז דאָס האָט דער פאָטער איבערגעגעבן דער מאַכט זיין פּאַקטישן עלטער. פאַר כעס האָט ער פאַרלאָזט דאָס הויז, אַוועק צו זיין אויסבראַקירטן חבר, אח לצרה, און דעם צווייטן טאָג אונטערגעשריבן, צו להכעיס אַלע, אַ גרויסן, דריי־ציפערדיקן טשעק, איידער דער פאָטער קריגט דעם חודשלעכן חשבון פון דער באַנק.

בען האָט געמיינט, אַז ער נאַרט דעם טאַטן, אַז ביזן סוף חודש וועט דער פאָטער דערפון ניט וויסן. ווען דער ערשטער צען־דאָלאַרדיקער טשעק איז אַריינגעקומען אין באַנק, האָט דער קאַסירער, ניט קענענדיק זיך דער־שלאָגן צו סאַראַדן, איינגעשטעלט און אויסגעצאָלט די קליינע סומע, ניט געוואָלט פאַרשאַטענען מיסטער סאַראַדס גוטן נאָמען, דער באַנקס גוטן דעפּאָזיטאָר. אָבער ביי דעם צווייטן טשעק, האָט ער שוין אָפּגעזוכט מיסטער סאַראַדן, וועלכער האָט אויך דעם צווייטן קליינעם טשעק געהייסן

אויסצאָלן, האָפנדיק צו זען זיך מיט בענען און אים וואָרענען פון צו געבן טשעקס. אָבער אַז עס איז צו אים דערגאַנגען דער גרויסער הונדערט־דאָלאַרדיקער טשעק, האָט ער ניט אויסגעצאָלט און ניט צוריקגעשיקט, נאָר גערופן דעם רעסטאָראַטאָר און פאַר אים אָוועקגעלייגט אַ קנאַקנדיקן הונדערטער צו מאַכן אויף אים אַ רושם. ער האָט געוווסט די ווירקונג פון אַ גרויסן באַנקנאָט, פון אַ נייעם קנאַקנדיקן הונדערטער.

„איך וויל פון אייך אַ טובה, פונקט ווי איך טו אייך אַ טובה און כ׳צאָל אייך געלט, וואָס עס קומט אייך ניט, ווייל מ׳נעמט ניט קיין טשעקס פון מינדעריעריקע. טוט זשע זיך און מיר אַ טובה: ווען איר וועט נאָכאַמאָל קריגן אַזאַ טשעק, רופט מיך פריער איידער איר צאָלט אים אויס. ווייל נאָך אַזאַ טשעק וועל איך ניט גוט מאַכן, איר פאַרשטייט? איר העלפט צו צו פאַרברעכנס פון קינדער. איך טו אייך אַ טובה אַ גרויסע, אַז איך רוף ניט די פּאָליציי. איר וואָלט פאַרלוירן דאָס געלט און נאָך געהאַט אַ משפּט אויף זיך. כ׳האָף, אַז איר וועט ניט איבערציען מיין געדולד און ניט שטעלן מער צו פּראָבע מיין געוויסן". — ער האָט אים דערלאַנגט דעם קנאַקנדיקן הונדערטער.

דער רעסטאָראַטאָר איז געווען אין כעס אויף סאַראַדן. צי פאַרשטייט ער ניט, אַז ער האָט אים, סאַראַדן, אַ טובה געטאָן און ניט גערופן קיין פּאָליציי, ניט געוואָלט, אַז די וועלט זאָל וויסן, אַז דער אַנגעזעענער סאַראַד האָט אַ זון אַ זולל־וסובא. ער האָט אָבער אויך געוווסט, אַז אַ פאַלשן טשעק נעמען ביי אַ מינדעריעריקן איז אַ פאַרברעכן. האָט ער געשוויגן און גענומען דעם הונדערטער און פאַרזאָגט זיך דעם הפקרדיקן בען סאַראַד מער איבער דער שוועל ניט אַריבערלאָזן.

אַז דער קאַסירער פון באַנק איז געקומען מיט נאָך אַ טשעק, האָט סעמיועל סאַראַד געשיקט נאָך סימאָרן אין קלינטאָן און אים באַאויפטראָגט אויפצווזוכן בענען און נעמען אים מיט זיך קיין קלינטאָן, האָבן אים אויפן אויג, זען וואָס ער קען מיט אים דאָרט טאָן, און אָנגעזאָגט, ניט צו געבן אים מער ווי אויף זיין אויסקומעניש, פאַר יעדן מאָלצייט באַזונדער, ניט געבן גאָרניט מיט איינמאָל, אים מיד מאַכן ביז ער וועט זיך בעטן אַהיים, צוריק צום לערנען.

סימאָר איז געזעסן אַנטקעגן זיין בעל־הבית. און געהאַט מיט אים מיטלייד. „עפּעס גייט אים לעצטנס מיט דער פּוטער אַראָפּ", — האָט ער געטראַכט, קוקנדיק אויף דעם מ׳דן סאַראַדן.

„ווו זאָל איך אים זוכן?" — האָט ער געפרעגט.

„הויב אָן פון דער שול, פרעג ביי די קינדער, אפשר ווייסן זיי ווו ער איז?" — האָט סאַראַד געזאָגט אַ מידער.

סימאָרן איז געפעלן דער איינפאַל. ער איז גרייט געווען צו העלפן

זיין בעל־הבית, וואָס האָט פאַר אים געטאָן אַזוי פיל. „כ׳וועל מיטנעמען נאַשעריי, וואָס וועט זיכער צוהעלפן לויז מאַכן זייערע צונגען, צו באַ־פריינדן זיך מיט זיי״.

„מאַך עס ווי צופעליק, ער זאָל ניט מיינען, אַז מ׳יאָגט זיך נאָך אים, מ׳זוכט אים מיט ליכט״, — איז סאַראַד נאָכגעגאַנגען סימאָרן צו דער טיר.

צום ענדע פון שול־טאָג האָט סימאָר געפרעגט ביי אַ יינגל אויף בען סאַראַד, וועלכער האָט זיך צעשריגן און גערופן ראָזעלי סאַראַד זי זאָל צוקומען צו אים, ווייל מ׳זוכט בענען.

ראָזעלי האָט מיט געמאָסטענע טריט זיך געלאָזט צו סימאָרן, אָקעגן געטראָגן איר שמייכל און אָנגעמאָסטן סימאָרן מיט נייגיר און חשד.

סימאָר איז געווען פאַרבלענדט פון איר שיינקייט, פון איר גראַציעזער פיגור, דאָס מויל האָט זיך אים ניט געלייגט צום רעדן. ער האָט זיך אָבער באַהערשט און געזאָגט:

„אַנטשולדיקט, וואָס כ׳נעם אייך אָוועק פון אייערע חברטעס, כ׳דאַרף בענען, אייער ברודער, אפשר קענט איר מיר זאָגן, ווו כ׳קען אים זען?״

„מיין ברודער איז היינט ניט געווען אין שול, מעג איך וויסן נאָכוואָס איר דאַרפט אים?״ — האָט ראָזעלי אים דווקא אַריינגעשמייכלט אין פנים אַריין.

„די זאַך איז נאָר צווישן מיר און אים, ווו קען איך אים געפינען?״

„כ׳פאַרזיכער אייך, אַז ער האָט פאַר מיר ניט קיין סודות. זאָגט מיר נאָכוואָס איר דאַרפט אים און איך וועל אייך זאָגן, ווו איר קענט אים זען״, — האָט ראָזעלי ווי גערייצט זיך מיט אים.

„כ׳בין גאַנץ זיכער, אַז ער האָט פאַר אייך קיין סודות ניט, אָבער, זאָל ער אייך דאָס אַליין זאָגן, אויב ער וויל. איך האָב קיין רעכט ניט. כ׳קען אייך בלויז זאָגן, אַז ס׳איז זייער נויטיק כ׳זאָל אים נאָך היינט זען, ניט מאָרגן״, — האָט ער צוריק געשמייכלט. — „ס׳איז אַן ערנסטער ענין, ס׳קען זיין שלעכט פאַר אים, אויב כ׳געפין אים ניט היינט״.

„איר זענט פון דער אַרמיי, צוליב זיינע יאָרן זוכט איר אים?״ — האָט זי געוואָלט טרעפן.

„כ׳האָב דאָך אייך געזאָגט, אַז נאָר ער קען אייך זאָגן, אויב ער וויל״.

„ווו ער איז, איז אונדזער געמיינזאַמער סוד. אויב ער וועט הייסן, וועל איך אייך מאָרגן זאָגן ווו ער איז״, — האָבן געענטפערט קאָקעטיש אַלע אירע אברים, וואָס דאָס האָט עדות געזאָגט, אַז ער געפעלט איר.

„אויב איר זענט טאַקע אַזאַ געטרייע שוועסטער, אַז ער געטרויט אייך זיינע סודות, זעט אַז כ׳זאָל זיך נאָך היינט מיט אים זען. קען איך אייך צופירן אַהיים?״ — האָט ער זיך פאַרנויגט פאַר איר.

„ער איז איצט ניט אין הויז“, — האָט זי געשיינט פון זיין אויפ־מערקזאַמקייט.

„וועל איך אייך צופירן און וואַרטן אויף אים“, — האָט סימאַר געזאָגט.

„דאָס איז אוממעגלעך, ער וועט היינט אין הויז ניט זיין. און דאָרט ווו ער געפינט זיך לעצטנס, איז ער איצט אויך ניטאָ“.

„כ'פאַרשטיי באמת ניט“. — ער האָט גענומען די ביכער פון איר אָרעם, און זיי האָבן זיך געלאָזט אין וועג אַריין.

די חברטעס, וואָס האָבן זיך צוגעקוקט צו דעם און זענען אויסגעגאַנגען פון נייגיר צו וויסן, ווער ער איז און וואָס ער וויל, האָבן זיי גענומען נאָכגיין, כדי צו כאַפּן אַ וואָרט, עפּעס נאָשן פון זייער געשפּרעך. אָז ראָזעלי האָט געוואָלט פאַרקירעווען, זענען זיי איר פאַרלאָפן דעם וועג, געגאַנגען פאַראויס, און איר חברטע מערי האָט צום סוף מער ניט געקאָנט אויסהאַלטן: „נו, שטעל אונדז פאָר דיין פריינט, ראָזעלי, שעמסט זיך מיט אונדז?“

„ווי רופט מען אייך?“ — האָט זי אַ שטילן מורמל געטאָן צו סימאַרן.

„רופט מיך סימאַר“, — האָט ער אַדורכגעזיפּט צווישן די ציין.

„העלאָ, מיידלעך, דאָס איז סימאַר!“. — דאַן האָט ראָזעלי זיי פאָר־געשטעלט: — „דאָס איז עסטלין, ליז, דזשעקלין און מערי“.

„זייער אָנגענעם“, — האָט סימאַר זיך פאַרנויגט. די מיידלעך איז פאַרמיאוסט געוואָרן די שטילקייט אַרום דעם געזעמל און זיי זענען זיך ביסלעכווייז צעגאַנגען. סימאַר איז צוריק צו צו זיין פריערדיקער טעמע — בען.

„כ'האָב דאָך אייך שוין געזאָגט, אַז היינט וועט איר אים ניט טרעפן דאָרט ווו ער איז. ווייל ער קומט אַהין שפּעט“, — האָט זי אויפגעהויבן צו אים אירע גרוי־בלויע פערל אויגן. — „זיי, די חברטעס מיינע, וועלן שוין רעדן פון אייך אַ גאַנצע וואָך. מאָרגן וועל איך זיי מוזן זאָגן פונוואַנען, ווען, ווי אַזוי?“, — האָט זי געוואָלט אָוועקפירן פון דער טעמע — בען.

„וואָס אַזוינס וועט איר זיי זאָגן?“ — האָט סימאַר געוואָלט וויסן.

„וואָס קען איך זיי זאָגן? וואָס כ'וועל אין דעם מאָמענט פילן, ווי זיי וועלן ווערט זיין. דעם אמת קען איך דאָך זיי ניט זאָגן“.

איר קול האָט געקלונגען קינדיש, טראָץ איר דערוואַקסנקייט און קאָ־קעטישער רייפקייט.

„דאָ“, — האָט זי זיך אָפּגעשטעלט און אויסגעשטרעקט אירע הענטלעך נאָך די ביכער.

„שוין? אַ שאָד, אַלע גוטע זאַכן פאַרשווינדן שנעל, און דערגרייכט

האָב איך גאָרניט. אפשר מאַכן מיר אַ צוריק־שפּאַציר ?" — האָט ער געמאַכט אַ באַדויערנדיק פּנים.

„זאָגט מיר צו, אַז ס'וועט אים קיין שלעכטס ניט געשען, וועל איך אייך געבן זיין אַדרעס, אָבער איר וועט איצט אים דאָרט סײַווי ניט געפינען".

„כ'שווער אייך, אַז כ'בין אויסן נאָר זיין טובה, ס'וועט אים קיין בייז ניט געשען, איר וועט זען, אַז סימאָר זאָגט ניט קיין ליגן", — האָט ער איר פאַרזיכערט.

סימאָר איז ראָזעלין זייער געפעלן געוואָרן. ווי נאָר זי איז אַריבער די שוועל פון הויז און געבליבן אַן אים, האָט זיך איר געדוכט, אַז זי בענקט שוין נאָך אים. ס'איז איר געפעלן זיין עלעגאַנץ, זיין געפלעפטקייט פון איר שיינקייט. זיין גאַנצע האַלטונג האָט איר אימפּאָנירט און ס'האָט איר באַנג געטאָן, וואָס זי האָט אים אַזוי שנעל געגעבן בענס אַדרעס, ניט געוואָרט כאָטש נאָך איין טאָג, ביז מאָרגן.

זי האָט זיך אַליין פאַרגעוואָרפן איר שוואַכקייט צו מענער, קוים געפעלט איר ווער, טוט זי פאַר אים, אַפילו וואָס איר אַליין געפעלט ניט.

„פאַרוואָס האָב איך אים אַזוי שנעל געגעבן דעם אַדרעס ?..."

# קאַפּיטל 19

שפּעט בײַנאַכט איז סימאָר צוגעגאַנגען צום אַדרעס, וואָס ראָזעלי האָט אים געגעבן און בענען ניט געטראָפן. ער האָט אים אָפּגעוואַרט אין דרויסן, פאַרן הויז. און ווי נאָר בען האָט זיך באַוויזן, איז סימאָר אים אַקעגן געגאַנגען.

„בען סאַראַד ?" — האָט סימאָר אַ פרעג געטאָן פון דער נאַכט־טונקל־קייט אַרויס.

בען איז צוגעגאַנגען נעענטער צו סימאָרן, אים גוט באַטראַכט און געפרעגט :

„פונוואַנען קענט איר מיך ? איך אייך קען ניט, כ'בין זיכער".

„ניין, איך קען דיך ניט און דו קענסט מיך אויך ניט, מיר האָבן זיך, צו מיין באַדויערן, ניט געטראָפן פריער", — האָט סימאָר געענטפערט.

פונוואַנען זשע ווייסט איר מיין נאָמען ? און ווער האָט אייך געגעבן מיין אַדרעס ? ווער זענט איר ?" — האָט בען געפרעגט אַ צעטומלטער.

„דיין נאָמען האָט מיר געגעבן דער טאַטע דיינער און דעם אַדרעס — ראָזעלי", — האָט סימאָר געזאָגט.

„כ'גיי ניט אַהיים! זיי ווילן אוודאי, כ'זאָל קומען אַהיים, הא? מיין פוס וועט דאָרט מער ניט אַריינטרעטן, זיי האָבן מיך געמסרט!" — האָט בען געשריגן.

„ס'איז ניט אמת. ווער האָט דאָס דיר געזאָגט? איך קען דיין טאַטן, ער איז ניט קיין מסור און דיין מאַמע האָט דאָס אויך ניט געטאָן. זיי קאָנטראָלירן אַליין דעם גאַנצן ענין. און קיינער וויל גאָרניט, אַז זאָלסט אַהיים גיין, זיי ווילן זאָלסט מיט מיר מיטגיין קיין קלינטאָן".

„ס'איז ניט אמת. זיי נאַרן אייך, ווי זיי האָבן מיך גענאַרט, צוויי פון מיינע חבריה זענען שוין אין אַלבערטאַ, אין די באַראַקן, זיי האָבן מיך געמסרט!" — האָט בען ניט אויפגעהערט שרייען.

„דער טאַטע האָט באַצאָלט פאַר דיינע געפעלשטע טשעקס, זיי ניט געלאָזט גיין צו דער פּאָליציי", — האָט סימאַר געבראַכט נאָך אַ באַווייז.

„ווייל ס'פּאַסט אים ניט, אַז מ'זאָל וויסן, ווייסט איר פאַרוואָס ער האָט באַצאָלט? ווייסט איר, אַז..." — האָט ער זיך פּלוצים צוריק געכאַפּט.

„וואָס איז פאַר דיר וויכטיק פאַרוואָס? דיך האָט ער אויסגעהיטן פון אַ צרה. באַזאָרג זיך ניט קיין נייע צרות, מאַך ניט מער דער מאַמען קראַנק, גיי אַהיים", — האָט סימאַר געפּרוּווט אים צורעדן אַהיים צו גיין.

„איר האָט דאָך נאָר וואָס געזאָגט, אַז זיי ווילן ניט כ'זאָל אַהיים גיין".

„זיי ווילן טאַקע ניט, אָבער איך מיין, אַז דאַרפסט יאָ אַהיים גיין. קיין קלינטאָן קענסטו שטענדיק קומען, קלינטאָן וועסטו ניט פאַרשפּעטיקן, אָבער די היים יאָ".

בען האָט געשוויגן אַ ווייל, ווי געשלאָגן זיך מיט דער דעה: גיין אַהיים, אָדער קיין קלינטאָן. פּלוצים האָט ער אַ זאָג געטאָן שטיל, ווי ער וואָלט אים מגלה געווען אַ סוד און ניט געוואָלט, אַז אַנדערע זאָלן הערן: „ער מאַכט זי קראַנק, שטענדיק איז זי קראַנק".

„קום זשע מיט מיר קיין קלינטאָן", — האָט סימאַר פאַרלאַנגט.

„ווער זענט איר? ווער וויל דאָס כ'זאָל פאָרן קיין קלינטאָן? וואָס וועל איך דאָרט טאָן?" — האָט בען געוואָלט וויסן.

„מיין נאָמען איז סימאַר, איך בין אַ פּריינט, וואָס וויל ניט, אַז זאָלסט אַריינפאַלן אין גרעסערע צרות, זאָלסט דאַרפן שרייבן גרעסערע פאַלשע טשעקס. אין קלינטאָן וועסטו קענען אַרבעטן אין דיין טאַטנס פאַבריק, ווו איך אַרבעט, אויב וועסט נאָר וועלן".

„מיין טאַטע האָט אַ פאַבריק אין קלינטאָן?" — האָט בען ניט באַהאַלטן זיין אומוויסנקייט וועגן פאָטערס פאַבריק אין קלינטאָן.

„אַ גרויסע ניילאָן־פאַבריק, די מעקלינטאָק ניילאָן".

„ווערן אַן אַרבעטער ביי מיין טאַטן?" — האָט בען אַ לאַך געטאָן און אַנטשוויגן געוואָרן טראַכטנדיק, אַז ס'איז ניט קיין שלעכטער פּלאַן, ניט דאָס ווערן אַן אַרבעטער ביי זיין טאַטן, נאָר דאָס פאַרן קיין קלינטאָן און פּטור ווערן פון דער שטאָט, פון הויז, וואָס איז אים געוואָרן פאַר־מיאוסט. — „כ'האָב ניט קיין געלט מיט אייך היינט מיטצופאָרן", — האָט ער געמאַכט אַ לעצטן פּרווו ניט נאָכצוגעבן.

„אויף מיינע הוצאות", —האָט סימאָר אַרויפגעלייגט זיין האַנט אויף בענס אַקסל. — „נעם די זאַכן און לאָמיר פאָרן, כ'דאַרף דאָרט זיין באַלד אינדערפרי, איידער מ'שטעלט זיך צו דער אַרבעט".

„פאַרוואָס טוט איר דאָס?" — האָט בען געוואָלט וויסן ווען ער איז אַרויס פון הויז מיט די זאַכן.

„ווייל כ'בין אַ פריינט. וואָס איז דאָס אַזוי שווער צו פאַרשטיין?"



דעם גאַנצן ערשטן טאָג אין קלינטאָן איז בען אָפּגעשלאָפן אין סימאָרס בעט, אין זיין פאַבריק־שטוב, פאַרנאַכט צו, נאָך אַלע אַרבעטן, איז סימאָר געקומען אים נעמען עסן, שפּעטער אים געוויזן דאָס שטעטל, און נאָכן אויסטרינקען עטלעכע טעפלעך קאַווע, איז מען אַהיים געגאַנגען פרי שלאָפן, ווייל סימאָר איז די נאַכט פריער אינגאַנצן ניט געשלאָפן.

אויפן צווייטן טאָג אין קלינטאָן, איז סימאָר אַרויס פון בעט פאַרן פייפער און בען איז געבליבן אין בעט. ער האָט געהערט דעם פאַבריקס פייפער רופן צו דער אַרבעט, אָבער ער האָט שוין ביי זיך געהאַט אָפּגע־מאַכט, אַז לעבן אין דעם העק־שטעטל איז פאַר אים גענוג אַן אָפּקומעניש, גענוג שטראָף, אַן צו אַרבעטן אין זיין טאַטנס פאַבריק, און ער איז נאָכן פייפערס אָפּפייפן צוריק געגאַנגען שלאָפן. מיטאָג־צייט, ווען סימאָר האָט זיך צו אים אַריינגעכאַפּט זען וואָס ער טוט, איז ער נאָך אַלץ געשלאָפן. אָבער נאָך דער אַרבעט איז בען אין שטוב ניט געווען. סימאָר האָט אים געפונען אין רעסטאָראַן ביים זעלבן טישל, ווו זיי האָבן מיט אַ נאַכט פריער וועטשערע געגעסן.

בען איז געזעסן אַ בייזער, געדרייט אַ פּאַפּירענע סערוועטקע, געריסן שטיקער, געוויקלט קייקעלעך און געוואָרפן זיי אין שפּיי־קעסטל. ער האָט אַרויסגעוואָרטשעט: „אָדער גיט מיר געלט, אָדער הייסט מיר געבן דאָ וואָס כ'דאַרף!"

„זיכער, אַפילו שוין איצט", — האָט סימאָר זיך אויפגעשטעלט, איז צו צום אייגנטימער, אים איינגערוימט אַ פּאָר ווערטער אין אויער און צוריק געקומען צום טישל אַ לאַכנדיקער. — „אַלץ איז דערליידיקט, קענסט

עסן וויפל דיין האַרץ גלוסט, וואָס וועסטו איצט עסן?" — האָט ער זיך צוריק געזעצט.

בענען איז דער כעס ניט אָפּגעגאַנגען די גאַנצע צייט בעתן עסן. ער האָט אָפּגעגעסן אַ סך פריער פון סימאָרן און אַרויס פון רעסטאָראַן אין פינצטערן דרויסן אַרויס.

דער כעס האָט אין בענען געווירן. ער האָט זיך ניט געקאָנט מוחל זיין, וואָס ער האָט זיך געלאָזט פאַרשלעפּן אין דעם פון גאָט פאַרלאָזטן שטעטל, און האָט זיך אומגעקערט צו סימאָרן אין רעסטאָראַן אַריין, זיך צוריק געזעצט צום טישל, ווידער גענומען רייסן שטיקער פון סערוועטל, פון די שטיקער געוויקלט לאַנגע שטעקעלעך און געלייגט זיי אין אַש־טעצעלע, ווי אויסגערויכערטע פּאַפּיראָסן.

סימאָר האָט זיך געטאָן זיינס. געגעסן פּאַמעלעך, געטרונקען זיך זיין קאַווע, באַשטעלט זיך נאָך איינע און פאַרגעשלאָגן בענען טאָן דאָס זעלבע. בען האָט ניט אויסגעהאַלטן און וואַרטשע אַרויס געגעבן: „גיט מיר געלט אַהיים צו פאָרן, כ'קען דאָ ניט לעבן, מ'קען דאָך דאָ משוגע ווערן פאַר לאַנגווייליקייט!" — האָט בען ס'לעצטע וואָרט כמעט ווי געשריגן.

סימאָר האָט אים אָנגעכאַפּט ביים האַנט און געדריקט זי אַזוי שטאַרק, אַז בען האָט זיך אַזש פאַרקרימט פאַר ווייטיק. — „נעם דיר אַ טעפּעלע קאַווע און שווייג ביז כ'וועל אָפּעסן!" — האָט סימאָר אים באַפוילן.

„גיט מיר עפּעס געלט, כ'זאָל ניט אַרומגיין מיט ליידיקע קעשענעס", — האָט בען זיך ביי אים געבעטן.

„דאָ שווייג און טרינק די קאַווע!" — האָט סימאָר אים באַפוילן בייז. בען איז נאָכאַמאָל אַרויס מיט שטורעם פון רעסטאָראַן, און געוואַרט אויף סימאָרס אַרויסקומען, באַלד דערנאָך זיך געלאָזט נאָך אים אין פאַבריק אַריין. סימאָר איז געלאָפן מיט אימפּעט און בען האָט געמוזט אונטערלויפן, כדי אָנצוהאַלטן מיט אים דעם לויף. דאָך האָט סימאָר געמוזט וואַרטן אויף אים ביים פאַבריקס טויער.

ווי נאָר זיי זענען איבערגעטרעטן די שוועל, האָט אים סימאָר אַ כאַפּ געטאָן ביים אָרעם און אויסגעשריגן: „איך בין ניט דיין טאַטע, אויף מיר זאָלסטו ניט שרייען אין די גאַסן, אויב דו ווילסט עפּעס איז דאָ דאָס אָרט. קיין געלט האָב איך ניט פאַר דיר, עסן קענסטו אויפן חשבון פון דער פאַבריק. אַז וועסט אַ'בעטן גלייך מיט אַלע, וועסטו האָבן געלט. ווילסט כ'זאָל גיין בעטן פאַר דיר ביי דעם טאַטן? ווילסטו דאָס?" — האָט סימאָר אָפּגעלאָזט זיין אָרעם.

„כ'וועל בעסער גנבענען, איידער בעטלען", — האָט בען זיך אויסגע־גלייכט אין זיין גאַנצער הויך. סימאָר האָט באַמערקט, אַז דער יונג איז העכער פון אים און שטאַרקער.

„נאָ", — האָט סימאָר דערלאַנגט בענען אַ 50־סענטיקן זילבערשטיק. — „דאָס איז פֿאַר דער גאַנצער וואָך, מיין אייגן געלט. כ'האָב איינגעשטעלט אַ סך, ווען כ'האָב דיך גענומען אַהער. וואָס מיינסטו, וואָלט דיין טאַטע געטאָן מיט מיר, ווען ער זאָל וויסן, אַז כ'פּאַשע דיך מיט זילבערגעלט. מאַך זשע מיר ניט קיין צרות, אויך זיך ניט, זיי צופֿרידן פֿון דעם, וואָס דו האָסט, אויב ווילסט מער, ווערסטו מוזן אַרבעטן, פֿאַרשטייסט?" — האָט סימאָר געענדיקט דעם שמועס.

בען האָט פֿאַרשטאַנען, אַז ער איז דערווייל אַרייגעפֿאַלן, אַז דער איינציקער נאָנטער זיינער, אין דעם פֿאַרשאָלטענעם שטעטל, איז סימאָר, האָט ער צוגענומען דעם זילבערנעם 50־סענט שטיק און געשוויגן. קיין אַרבעטער אין דעם טאַטנס ניילאָן־פֿאַבריק איז ער ניט געוואָרן. ווען דער זילבערנער 50־סענט שטיק האָט זיך אים אויסגעלאָזט, האָט ער געהאַלטן וואָרט, אַז ער וועט בעסער גנבענען, איידער גיין צום טאַטן בעטן.

פֿון שטאָט נאָך האָט ער געוווּסט, ווי טייער ס'איז ביי פֿרויען אַ פּאָר ניילאָן־זאָקן, נאָך געהערט פֿון די מיידלעך אין שול, אַז ניילאָן איז טייערער פֿון געלט, און קלינטאָן־פֿרויען זענען ניט געווען קיין אויסנאָם.

קלינטאָן איז טאַקע געווען אַ קליין שטעטל, אָבער די פֿרויען דאָרט האָבן געהאַט גרויס־שטאָטישן חשק צו מאָדע־זאַכן. זיי זענען ניט געבליבן שטיין ביי דער ראַגאַטקע, ביים גרענעץ פֿון קליינעם קלינטאָן. די פֿרויען פֿון קלינטאָן האָט געלאָקט נאָך אַ פּאָר ניילאָן גענוי ווי די גרויס־שטאָטישע פֿרויען, און בען האָט געהאַט גרייטע קונים פֿאַר זיינע ניילאָן־זאָקן, וואָס ער האָט גענומען אין דער מעקלינטאָק־פֿאַבריק.

געווען איז דאָס אַ זייער גרינג שטיקל אַרבעט. אַ פּאָר ניילאָן האָט זיך גרינג באַהאַלטן, מ'האָט עס געקאָנט פֿאַרשטעקן צוויי'שן די האַנט־פֿינגער. און פֿאַרקויפֿט האָט ער זיין סחורה אויפֿן וועג פֿון פֿאַבריק אין שטאָט אַריין, אַרומגערינגלט מיט אַ כאַפּטע מיידלעך. אַזאַ פּאָר ניילאָן זענען פֿאַרשווונדן געוואָרן אין תהום פֿונעם פֿרויען־בייטל, אַז אַפֿילו שערלאָק־האָלמס וואָלט זיי דאָרט ניט געפֿונען. בען האָט געמיינט, אַז ער האָט געפֿונען אַ מיטל צו אַלע זיינע צרות, אַז נאָך אַ וואָך פֿון האַנדל, וועט ער אַפֿילו האָבן געלט אַהיים צו פֿאָרן. אָבער אין דער מעקלינטאָק־פֿאַבריק איז גאָר ניט געטאָן געוואָרן אָן אַ חשבון און יעדע פּאָר ניילאָן האָט זיך געציילט ווי געלט אין אַ באַנק. יעדן אינדערפֿרי, האָט מען געציילט דעם ניילאָן־פֿאָדעם, און ביינאַכט קאָנטראָלירט די צאָל זאָקן, אַפֿילו דעם אָפּפֿאַל, דעם בראַק, האָט מען געציילט און געחשבונט, ווי אין אַ באַנק.

סימאָר האָט אָבער ניט געהאַנדלט ווי אַ פֿאַבריקס־לייטער. דערוויסנדיק זיך, אַז בען גנבעט ניילאָן און פֿאַרטוישט זיי פֿאַר גראַשנס, — אַנשטאָט איבערצוגעבן בענען דער פּאָליציי, האָט ער געהייסן צונעמען יעדע פּאָר

ניילאָן, ווי נאָר זיי ווערן פאַרטיק און אַפילו דעם בראַק האָט ער געהייסן פאַרשליסן, און בענען האָט ער געגעבן דריי ברירהס: ער קען גיין אַהיים זיך איבערבעטן מיט אַלע און צוריק גיין אין שול. ער קען אַליין גיין צום פאָטער בעטן אַרבעט אין איינער פון די פאַבריקן אין שטאָט, אָדער גיין אין טורמע, אויב ער וועט נאָך איינמאָל עפּעס נעמען אין דער פאַבריק.

בען האָט אָוועקגעאײַלט צו דער טיר: „כ׳וועל ליבערשט גיין אין טורמע, איידער צו זיי״. — האָט ער פאַרהאַקט די טיר.



אַ צייט שפּעטער, סימאָר האָט שוין געהאַט פאַרגעסן בענס רייד בעתן ראַשעדיקן פאַרלאָזן זיין שטוב, האָבן צוויי פּאָליציי לייט אַריינגעפירט בענען צו סימאָרן אין שטוב אַריין, אים אַוועקגערופן אין אַ זייט און איינגערוימט אין אויער, אַז אָט דער מוז זיין משוגע, ער טענהט, אַז ער איז סאָראַדס זון, אַז ער האָט געגנבעט ניילאָן אין דער פאַבריק.

סימאָר האָט זיי געלויבט פאַר זייער אויספיר, אַז מיט דעם בחור איז עפּעס ניט ווי עס באַדאַרף צו זיין, און זיי פאַרזיכערט, אַז ניט אַלע מאָל האָט ער אַזעלכע האַלוצינאַציעס, און קיין קלעפּטאָמאַניאַק איז ער אויך ניט. אָבער היינט, ווייזט אויס, איז אים באַפאַלן די האַלוצינאַציע. ער האָט געדאַנקט זיי פאַר זייער ברענגען אים אַהער און זיי פאַרזיכערט, אַז אויך מיסטער סאָראַד וועט זיי דאַנקבאַר זיין פאַר זייער קלוגער טאַקטיק און וועט געדענקען זייער טובה.

ווען סימאָר האָט גערעדט מיט דער פּאָליציי, האָט בען געשוויגן. אָבער ווי נאָר ער האָט געזען, אַז זיי גייען אַוועק אַן אים, האָט ער גענומען שרייען: „נו, מאַך די קלאָגע קעגן מיר! פאַרוואָס מאַכסטו ניט די קלאָגע? מיר ווילן זיי דאָך ניט גלויבן, אַז כ׳האָב געגנבעט!״

„ביזט ניט בלויז אַ שלעכטער, נאָר אויך אַ נאַרישער אידיאָט! ווייסטו וואָס האָסט שיעור אָפּגעטאָן דאָ?! האָסט זיך דאָך געקענט אומגליקלעך מאַכן אויף דיין גאַנץ לעבן! דו ביסט סאָראַדס זון, אַזוי האַנדלט סאָראַדס זון?!״ — האָט סימאָר זיך צעשריגן.

בען האָט געשוויגן און געטראַכט ביי זיך, אַז אַלע עלטערע מענטשן זענען ליגנער. אָט האָט ער אים געגעבן דריי ברירהס, און אַז ער האָט אויסגעקליבן די ברירה, וואָס אים געפעלט זי ניט, שרייט ער אויף אים, אַז ער איז אַן אידיאָט. די מיליטערישע קאָמיסיע שרייט, אַז זיי דאַרפן יונגע מענטשן פאַר דער אַרמיי, האָט ער זיך צוגעשטעלט. זיי האָבן אים אָנגענומען און דערנאָך אויסבראַקירט צוליב אַ פּאָר נאַרישע יאָר, וואָס פעלן אים צום מיליטער־עלטער. וואָלטן זיי ניט געוווּסט פון דעם, וואָלט

אַלץ גוט געווען. דער פאָטער שרייט כסדר, אַז אַלץ טוט ער פאַר דער פאַמיליע, פאַר אים, אָבער ווען ער בעט אים, ער זאָל פאַר אים עפּעס טאָן, טוט ער גאָר פאַרקערט ווי ער וויל. אַזוי אויך דער סימאַר, וואָס גיט זיך אָן פאַר זיינס אַ פריינט און האַנדלט ווי אַ שונא.

„ביסט דאָך עפּעס שוין אַ דערוואַקסענער, האָסט שוין געוואָלט גיין מלחמה האַלטן מיטן דייטש, דאַרפסטו דאָך פאַרשטיין, אַז דאָ קענסטו מער ניט זיין. און אין טורמע אַריין טאָר איך דיך ניט לאָזן גיין, איך בין פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דיר, פאַר טאַטן, וואָס זענען לטובת דיר. מיין אויפגאַבע איז דיך צוריק צו ברענגען פונוואַנען כ'האָב דיך גענומען, און אָן אַ טורמע רעקאָרד!" — האָט סימאַר ווידער געפּרוווט מיט גוטן באַוועגן אים צוריק צו גיין אַהיים.

„אומזיסט אייער מי אַפּצוהיטן מיין גוטן נאָמען. מיין פאָטער אַליין וועט מיך איבערגעבן דער פּאָליציי, ווען ער וועט הערן, וואָס כ'האָב דאָ אָפּגעטאָן. איך אינטערעסיר אים ניט, קיינער פון אונדזער הויז אינטערעסירט אים ניט. איצט, אַז כ'בין אַ גנבֿ, וועט ער פון מיר אַפילו ניט וועלן וויסן", — האָט בען געזאָגט אַ רעזיגנירטער.

„אַזוי זאָגסטו? איז פאַרוואָס האָט ער אויף דיר אָפּגעשריבן די הערמאַן־און־גאָלד בילדינג און אויף דיין שוועסטער די הייזער פון די שמאָטע־ און פאַרבעריי־פאַבריקן, אויב ער זאָרגט ניט פאַר אייך? און דאָס, וואָס ס'איז געשען דאָ, דאַרף ער ניט וויסן, אויב דו ווילסט ניט, ער זאָל עס וויסן. זאָל איך גיין מיט אים איבעררעדן?"

בען האָט געשוויגן, ניט געזאָגט יאָ, ניט ניין. ער איז זיכער געווען, אַז סימאַרס גיין וועט ניט העלפן. ווען דער פאָטער וויל העלפן, וואָלט ער ניט געוואַרט מ'זאָל קומען ביי אים בעטן.



סעמיועל סאַראַד איז ניט געווען איבעראַשט צו הערן, אַז סימאַר זוכט אים, ער האָט זיך אויף דעם געריכט. ער האָט געוואַרט, אַז סימאַר וועט אים קומען זאָגן, אַז בען וויל צוריק אַהיים. ער האָט באַפוילן זיין שטרענג מיט אים, געלאָזט אים אַ ביסל זיך אָנליידן, ניט געוויזן זיך פאַר אים די גאַנצע צייט. „חוסך שבטו שונא בנו", — אַ טאַטע, וואָס שטראָפט ניט זיין זון איז אים אַ שונא, האָט פיינט זיין קינד.

„וואָס מיינסטו דאַרף איך טאָן?" — האָט סאַראַד געפרעגט, ווען ער האָט געהערט פון סימאַרן, וואָס בען האָט אָפּגעטאָן אין קליבטאָן.

סימאַר האָט געצויגן מיט די אַקסלען. „כ'מיין, אַז מ'וואָלט אים געדאַרפט שטעלן אַרבעטן, דאָס וואָלט געווען פאַר אים די בעסטע רפואה, ס'וואָלט

פאַרענטפערט אַ סך פּראָבלעמען, לערנען וויל ער דאָך ניט", — האָט סימאַר געזאָגט.

„אַזוי בלייבט עס. ער גייט צוריק לערנען, אָדער ער גייט אַרבעטן. אויב ניט, קען ער אַפילו גיין צום טייוול!" — האָט סאַראַד זיך אויפ־געשטעלט.

„כ'מיין, אַז איר וואָלט געדאַרפט קומען קיין קלינטאָן איבעררעדן מיט אים", — האָט סימאַר געזאָגט.

סאַראַד האָט אָפּגעוואָרפן דעם געדאַנק פון פאָרן איבעררעדן מיט בענען, מורא האָבנדיק, אַז זיי וועלן זיך צעקריגן און עס וועלן פאַרברענט ווערן אַלע בריקן צווישן זיי. „ניין, ניין, אַז איך וועל קומען, וועט שוין ניט זיין קיין וועג צוריק, דו מאַך דאָס. אויב ער וועט צושטימען, פיר אים גלייך צו ר' יחיאלן. איך וועל שוין איבעררעדן מיט אים וועגן דעם". — ער האָט אַוועקגעשיקט סימאַרן.

אַז סימאַר איז אַוועק, האָט סאַראַד זיך פאַרשריבן צו געדענקען, איבערצוררעדן מיט ר' יחיאלן וועגן דעם, אָבער באַלד זיך באַרעכנט, אַז ס'איז בעסער, ער זאָל דערווייל ניט רעדן, נאָר וואַרטן און זען, וואָס פון דעם וועט אַרויס, אפשר וועט מען גאָרניט דאַרפן רעדן וועגן דעם, אפשר וועט ער צוריק גיין לערנען.

אַז בען האָט זיך טאַקע געעקשנט בעסער צו גיין אין טורמע איידער אַרבעטן צום טאַטן, האָט סימאַר אים פאַרשלאָסן אין זיין שלאָפצימער אין דער פאַבריקס־געביידע און אים פון דאָרט ניט אַרויסגעלאָזט עטלעכע טעג, ביז בען האָט מסכים געווען גיין פּרווון, נאָר מיט איין באַדינג: ער וועט ניט גיין זען דעם טאַטן, קיינער זאָל ניט וויסן ווער ער איז, און מ'זאָל אים ניט טאָן קיין טובות.

באַלד אינדערפרי האָט אים סימאַר געבראַכט, מיט דער ערשטער באַן, אין שטאָט אַריין און גלייך אים צוגעפירט צו דער שמאַטע־פאַבריק, אים איבערגעגעבן ר' יחיאלן און געבעטן שטעלן בענען אַרבעטן, באַקענען אים מיט די שמאַטע־אָפּעראַציעס, ביזן מאַכן פון זיי וואַש־ און וויש־שטשערקעס. „אויב ער וועט זיך אויסטויגן, זאָל דער גאַרבער אים לערנען וואַשן און פאַרבן וואָל. זיין לוין — ווי ער וועט ווערט זיין". — האָט סימאַר געזאָגט, אַז אַלע זאָלן הערן.

„אַזוי האָט מיסטער סאַראַד געהייסן", — האָט ער איינגערוימט ר' יחיאלן. — „און איצט קום, וועל איך דיך צופירן אַהיים, מאָרגן וועסטו שוין אַרבעטן".

„כ'קען אַנהויבן פון איצט, אַהיים וועל איך שוין אַליין טרעפן. איר האָט מיך ניט גענומען פון דער היים און איר דאַרפט מיך ניט אַהין פירן", — איז בען אַוועק פון סימאַרן, נאָכגעגאַנגען ר' יחיאלן, באַטראַכטנדיק

די יידן מיט די בערד און פאות און לאַנגע קאַפּאָטעס, וואָס זענען געזעסן, געשטאַנען און געלעגן, האָבן סאָרטירט אַלטע שמאַטעס, באַגוול, וואָל זשוט, יעדן סאָרט באַזונדער.

אויך אין דער פאַרבערייַ האָבן אַרומגעהאָוועט יידן מיט בערד און פאות. אַ טייל האָט געהאַלטן די קאַפּאָטעס פאַרבויגן אונטער די גאַרטלען, אַנדערע האָבן זייערע שפּיצן קאַפּאָטעס פאַרשטעקט אין די קעשענעס, געוועזן אויך אַזעלכע, וואָס האָבן געאַרבעט אין די בלויזע לייבצודעקלעך, מיט די ציציות פאַרבויגן אונטער די פּאַסקעס פון די הויזן.

זיי האָבן באַטראַכט דעם יונגן אַרבעטער מיט נייגעריקייט, געגוי ווי ער זיי, און פּרובירט טרעפן ווער איז ער, געוווּנדערט זיך, וואָס אַ יונ־גערמאַן וויל ווערן אַ שמאַטע־סאָרטירער. איז דען דאָס אַ מלאכה פאַר אַ יונגן מענטש? אויך ר׳ יחיאלס אַרומפירן זיך מיט אים, ווי מיט אַ בעל־הבית איבער דער פאַבריק, האָבן זיי ניט געקענט תופס זיין.

ר׳ יחיאלן האָט מען ניט געדאַרפט לייגן קיין פינגער אין מויל, ער האָט פאַרשטאַנען ווער דער יונגאַטש איז, פאַרוואָס סאַראַד האָט אַנגעזאָגט ניט שאַנעווען אים און צאַלן לויט זיין ווערט. עפּעס איז דערגאַנגען צו זיין געהער, אַז ביי סעמיועל סאַראַד אין הויז איז מען ניט שווה שבווה איינער מיטן אַנדערן. פון סאַראַדס האַלטן דאָס הויז אָפּגעזונדערט, ווי אַ פּריץ זיין שלאָס, האָט ער פאַרשטאַנען, אַז די פּריצה איז אפשר צו שיין, אָדער פאַרקערט. ער האָט זיך אַנגעשטויסן, אַז דער־אַ מוז זיין דער אבן־נגף, אָדער איינער פון די אבנים, וואָס ליגן ווי אַ שטערונג אין סאַראַדס הויז, אין זיין צעשטערטן שלום־בית.

בען איז אַרומגעגאַנגען איבער אַלע אָפּטיילונגען פוןביידע פאַבריקן און אַלץ באַטראַכט מיט גרויס נייגיר און אינטערעס. ספּעציעל האָבן אים אינטערעסירט די קעסלען, וואָס האָבן געוואַשן און געפאַרבט די וואָל, דאָס פּאַקן די וואָל ווי באַלן היי, און ס׳האָט אים הנאה געטאָן, וואָס ער האָט זיך געלאָזט צורעדן און געקומען אַהער אַרבעטן. אויך די מענטשן דאָ, האָבן אים זייער אינטערעסירט. קיינמאָל פריער, איז ער צו אַזעלכע יידן ניט געווען אַזוי נאָענט.

אַמאָל, ווען זיי האָבן געוווינט אין הויז לעבן פּאַרקל, האָבן די יידן אים געשראָקן מיט זייערע ווילד־צעוואַקסענע בערד און פאות, מיט זייער מאָדנעם רעדן. זינט זיי האָבן זיך אַרויסגעצויגן פון אַלטן הויז, האָט ער זיי מער ניט געזען. איצט איז ער צווישן זיי פנים לפנים, און זיי שרעקן אים ניט מער, ער הויבט אָן געפינען אינטערעס אין זיי.

אַזוי איז בען געוואָרן אַן אַרבעטער אין זיין טאַטנס פאַבריק, אָנגעהויבן פון נידעריקסטן שטאַפּל, ווי דער טאַטע זיינער מאָל. ר׳ יחיאל האָט ניט דערציילט, אַז ער ווייסט ווער ער איז, און זיי האָבן אים אָנגענומען פאַר

אַ יתום, אַן אָרעם קינד, וואָס העלפֿט צו דער מאַמען אין דער פּרנסה, און זיי האָבן בענען מהנה געווען, ניט צופֿיל געשאָפֿן זיך מיט אים, געלערנט אים צו דערקענען די סאָרטן שמאַטעס און שעטנז. דער גאַרבער האָט אים געלערנט די תורה פֿון וואַשן פֿאַרבן און טריקענען וואָל, „אָפּוועגן" און „אָפּמעסטן" מיטן אויג אַ בינטל וואָל, פֿאַרפֿלעכטן עס מיט דער האַנט, אויפֿן עלנבויגן, ווי אויפֿן שפּינדל.

איצט איז שוין ניט געווען אַזוי דרינגענדיק נויטיק פֿאַר סעמיועל סאַראַד זיך צו זען מיט ר׳ יחיאלן וועגן בענען, אַלץ האָט אויסגעזען רויִק און אין אַלטן ריטעם פֿון אַמאָל. פּאַולין סאַראַד האָט צוריק געהאַט אַלע קינדער צוזאַמען ביי זיך. ראַזועלי האָט מער ניט געהאַט קיין שפּיאָן אין שול און ניט געדאַרפֿט זיך שעמען מיט איר הינטערשטעליקן ברודער. איצט האָט זי געאַרבעט שווער, כדי אַריבער צו גיין אין דעם נייעם סעמעסטער, אין קלאַס פֿון איר סודותדיקן געליבטן.

סעמיועל סאַראַד האָט זיך צוריק איינגעשפּאַנט מיט באַנייטן חשק אין אַלע געשעפֿטן. אויך בען האָט געאַרבעט שווער און שנעל געוואָרן דעם גאַרבערס געהילף, געווונען די שפּול־געוועטן, געקענט אויפֿשפּולן טויזנט יאַרד וואָל שנעלער פֿון אַלע אַלטע שפּולער. און צום נייעם שול־יאָר איז בען אַריבער פֿון דער פֿאַרבעריי אין דער זאַקן־פֿאַבריק, גענוי ווי ראַזועלי איז אַריבער אין קלאַס פֿון איר געליבטן לערער —ביידן האָט דער איבערגאַנג עקזאַלטירט.

די דערגרייכונגען האָט זיי ביידע שטאַרק הנאה געטאָן. אָבער אויף ראַזועלין האָט זיך די פֿרייד מער אָנגעזען ווי אויף בענען. זי האָט געשיינט און געלויכטן, געלעבט ווי אין חלום. דעם ערשטן טאָג איז זי ניט אַריינגעקומען אין נייעם קלאַס, נאָר אַריינגעשוועבט, באַזעצט זיך אויף דער ערשטער באַנק, פּונקט אַקעגן דעם לערערס טיש, דעם שוואַרצן טאָוול. קיינער האָט ניט געוואָגט איר שטערן, פֿאַרקערט, אַלע זענען גרייט געווען זי האָבן פֿאַר אַ שכנה אויף זייער באַנק, ספּעציעל די בחורים.

אַרום איר האָבן זיך באַלד באַזעצט די בחורים פֿון קלאַס, ווי די בינען אויף בלומען געזשומעט אַרום איר. אָבער דער לערער האָט זיי צעזעצט צוריק ווי ער האָט געוואָלט זיי זאָלן זיצן, ניט ווי זיי איז געפֿעלן און ס׳האָט זיך אָנגעהויבן ראַזועליס ניי־יאָר־לערע אין שול און אין איר לעבן...



בען איז געווען אַנטציקט פֿון דער זאָקן־פֿאַבריק, וואָס האָט איצט ניט בלויז געשטריקט זאָקן, נאָר אויך געהאַט צירקל־מאַשינען, וואָס האָבן געשטריקט וואַרעמע וועש פֿאַר דער אַרמיי, געשטריקט און גענייט זיי

און בען האָט אַ פֿאַרכישופֿטער געהאַוועט אַרום זיי, געגרייט זיך זיי אַלע צו באַהערשן, וויסן וואָס עס ברענגט זיי אין באַוועגונג. געטראַכט בלויז דערוויל אין זיך, צו זיין אַמאָל דער באַלעבאָס איבער דעם אַלעם.

מיט דעם איז ער געראָטן געווען אין טאַטן. אַז ער האָט געקריגן עפּעס איבער וואָס צו טראַכטן, האָט שוין דער קאָפּ ניט גערוט, נאָר פּלאַנירט. אָפּט האָט ער געטראַכט פֿון דעם פֿאָטערס זאָג אַמאָל, אַז ער דאַרף זיך גרייטן אָנצופֿירן מיט דעם אַלעם. דאַרף ער זיך לערנען אויפֿנעמען וואָס מער, און דאָס האָט איצט באַנומען זיין קאָפּ. פֿון דעם האָט ער איצט געטראַכט אַלץ אָפֿטער און אָפֿטער, צו באַהערשן דעם טאַטנס מלוכה דאָ, אין קלינטאָן און ערגעץ אַנדערשוווּ.

ער האָט איצט געטראַכט פֿון צוריק גיין זיך לערנען, ניט אין דער אַלטער שול, נאָר אין אַ האַנדלס־שול. לערנען זיך אָנפֿירן מיט איני־דוסטריע און האַנדל. פּלוצים האָט ער דערפֿילט, אַלס עלטערער זון, אַ געוויסע פֿאַראַנטוואָרטלעכקייט לגבי די אַנדערע קינדער. צו ווערן דער באַלעבאָס איבער אַלץ האָט ער איצט געפֿילט ווי זיין פֿליכט. טאָמער חלילה וועט דעם פֿאָטער עפּעס געשעען? האָט ער זיך אָנגענומען מיט מוט, אָפּגעוואַרט דעם פֿאָטער שפּעט ביינאַכט אין הויז און איז אים אַקעגן געגאַנגען עפֿענען פֿאַר אים די טיר.

דער פֿאָטער איז געווען איבערראַשט צו זען בענען עפֿענען פֿאַר אים די טיר, שטיין אים אַקעגן מיט אַן אָפֿן פּנים, ווי ער וואָלט צופֿרידן געווען אים צו זען. ס'איז געווען דאָס ערשטע מאָל אין משך פֿון אַ סך יאָרן, אַז זיי זענען זיך געשטאַנען פּנים אל פּנים, צופֿרידענע צו זען זיך.

„ווילסט עפּעס, בען?" — האָט דער פֿאָטער געפֿרעגט שטיל, ניט אויפֿצוּוועקן קיינעם.

„כ'וויל מיט דיר עפּעס רעדן", — האָט בען געזאָגט אין אַ שטיל, ניט־דרייסט קול.

„נו?" — האָט דער פֿאָטער איבערגעפֿרעגט.

„כ'וויל צוריקגיין זיך לערנען, אין דער האַנדלס־שול וויל איך גיין".

„צוליב וואָס? וואָס עפּעס פּלוצים? ס'איז דיר שוין פֿאַרמיאוסט די אַרבעט?"

בען איז געבליבן שטיל און געשוויגן, געטראַכט, אַז ס'הויבט זיך אָן די אַלטע מעשה. ער האָט אַ טעות געהאַט צו מיינען, אַז דער טאַטע וועט אים איצט לאָזן גיין לערנען, טאָן וואָס ער וויל. ס'האָט אים שוין באַנג געטאָן, וואָס ער האָט אויף אים היינט געוואָרט, ער האָט געוואָלט אַריין אין זיין צימער. אָבער דער פֿאָטער האָט אים פֿאַרשטעלט דעם וועג און געוואָרט אויף אַן ענטפֿער.

„נו, כ׳האָב דאָך דיך געפרעגט פאַרוואָס דו ווילסט פּלוצים צוריקגיין זיך לערנען? האָסטו עפּעס אַ ספּעציעלע אורזאַך?״ — איז דער פאָטער ניט אָפּגעטרעטן.

„צוליב דער אַרבעט וויל איך צוריקגיין לערנען. דו אַליין האָסט אַמאָל געזאָגט, אַז כ׳וועל דאַרפן אַמאָל איבערנעמען פון דיר די אָנפירער־שאַפט. צוליב דעם וויל איך צוריקגיין אין אַ האַנדלס־שול״, — האָט בען גערעדט אָן חשק.

אין סעמיועל סאַראַד איז אויפגעגאַנגען אַ פרייד. דאָס קינד, עס איז געקומען צום שכל, דערגאַנגען צום ריכטיקן פאַרשטאַנד. אין מוח איז אים אָנגעלאָפן דער אַלטער טאַטישער חלום, די אַלטע האָפענונג. מיט פאַרלאָפענע אויגן האָט ער באַטראַכט בענען, געזען, אַז ער איז אַ סך אונטערגעוואַקסן דורך דער צייט און „ניט בלויז אין דער הויך״, האָט ער אַ צופרידענער ביי זיך געטראַכט.

„אויב ס׳איז ניט אַ קאַפּריז ביי דיר עפּעס, אַ מאָמענט־גלוסטעניש, איז עס אַ גוטע זאַך, אָבער וואָלסט געדאַרפט דערגענצן פריער דיין אַלגעמיינע לערע, איידער דו גייסט אין דער האַנדלס־שול״, — האָט דער פאָטער געזאָגט.

„ס׳איז ניט קיין קאַפּריז, כ׳טראַכט שוין וועגן דעם חדשים, פון זינט כ׳האָב אָנגעהויבן אַרבעטן״.

דער פאָטער איז צוגעטרעטן נענטער צו אים, אַריינגעקוקט אים אין פּנים און געזאָגט: „נאָר ווען דו וועסט אַליין קינדער האָבן וועסטו פאַרשטיין מיינע געפילן, אַנטויש מיך ניט מער, בען, נאָך אַן אַנטוישונג וועל איך ניט אויסהאַלטן״.

דעם פאָטערס אָפענע און טרייע רייד, אַפילו די פאַרוואָרפן, האָבן איצט אַנדערש געווירקט אויף בענען און אַ געפיל פון חרטה האָט אים באַהערשט. ער האָט אַראָפּגעלאָזט די אויגן. „ביסט גערעכט, פאָטער, וואָס דו צווייפלסט אין מיר, אָבער איצט מיין איך עס ערנסט, כ׳וויל באמת צוריקגיין לערנען, אָבער נאָר אין דער האַנדלס־שול, מיין קאָפּ איז מיר איצט ניט צו אַלגעמיינער לערע״, — האָט בען אַראָפּגערעדט צום דיל.

„קיינער וועט דיר חלילה ניט שטערן, אויב דו מיינסט דאָס ערנסט״, — האָט דער פאָטער אים פאַרזיכערט.

„כ׳האָב געוואָלט הערן דיין מיינונג, האָבן דיין צושטימונג צום אַריינטרעטן אין דער האַנדלס־שול. די טעכנישע אָרדענונג פון די פאַבריקן האָב איך שוין געלערנט, וויל איך אויך האָבן די טעאָרעטישע האַנדלס־זייט. קיין פּראָפעסאָר וועל איך אוודאי ניט זיין, כ׳וויל זיין ווי דו!״.

בענס רייד האָבן דערפרייט דעם טאַטנס האַרץ. „יאָ, ער איז אויסגע־וואַקסן מיין ברוך, אין אַלע הינזיכטן. ניט קיין וווּנדער, וואָס די אָרמיי

האָט אים צוגעכאַפּט מיט בײדע הענט". קוקנדיק אויף בענען, האָט סאַ־ראַדן באַהערשט אַ װאַרעמער פּאַטערלעכער שטאָלץ.

„איצט רעדסטו װי אַ סאַראַד, דו װעסט זײַן װי איך, װײַל דו ביסט איך, ביין בלוט און פלייש. כ'שטים צו מיטן גאַנצן האַרצן, קענסט אויפ־הערן גײן אין דער זאַקן־פאַבריק, און נעם זיך גרייטן צום לערנען", — האָט דער פאָטער אים צוגעפירט צו זײַן צימער.

„כ'קען זיך גרייטן און אויך אַרבעטן, כ'וואָלט געוואָלט זײַן אין די 'סאַראַד' און 'עס און עס' פאַבריקן, זען וואָס דאָרט טוט זיך", — האָט בען געבעטן.

„דאָס איז ניט אַזוי גרינג, ניט אַלע פאַבריקן דאָרט זענען מײַנע. אָבער כ'וועל זען, וואָס מ'קען טאָן. אויב ווילסט שטאַרק, וועט מען דאָס מאַכן אין אַ זונטיק". — ער האָט אים געזאָגט אַ גוטע נאַכט — אַ זאַך, וואָס ער האָט שוין ניט געטאָן במשך פון יאָרן.

פול מיט פרייִדיקע עמאָציעס, האָט ער די נאַכט ניט געקאָנט אײַנ־שלאָפן, און פלענער אַלט־נײַע האָבן אַרומוויבּרירט אין זײַן מוח — די אַלטע ערשטע פּלענער, פון אַ משפּחהדיקער אינדוסטריעלער־ און האַנדלס־אימפעריע. אַ גראַנדיעז שותפות מיט אַלע זײַנע קינדער און איידעמס, האָט אַרויסגעשײַנט פון זײַן מחשבות־לאַבירינט. פון נאָענט און ווײַט האָבן זיך צעשײַנט אויף אים די נעאָן־ליכטער און געוועקט, גערופן אויפ־מערקזאַמקייט צו די נעמען פונעם גרויסן שותפות, צו די ליכט־שילדן פון די „סאַראַד אינקאָרפּערירטע" אונטערנעמונגען, וואָס האָבן אַרומגעבליצט אין דער נאַכט־שלאָפלאָזיקייט. „און בען וועט מיט דעם אַלעם אָנפירן. ווען מײַן ווײַב וואָלט באַנומען געוואָרן פון אַזאַ 'האַרץ־איבערקערעניש', וואָס וואָלט מיר דאַן געפעלט ?" — האָט ער געטראַכט.

צומאָרגנס נאָכן שמועס מיט בענען, איז ער דעם גאַנצן טאָג געווען אומרואיק, אויפגערעגט, ניט געקאָנט אײַנזיצן אין ביוראָ. ס'האָט אים פאַרפאַלגט אַ חשק צו גיין אין דער זאַקן־פאַבריק און זען, וואָס בען טוט דאָרט און וואָס עס טוט זיך אין אַלגעמיין אין דער פאַבריק ווו ער האָט שוין ניט אַרײַנגעבליקט אַ לאַנגע צייט. מיט אײַליקייט האָט ער אָפּגעטאָן די אַרבעט, וואָס האָט ניט געקאָנט אָפּגעלייגט ווערן, און ווי אַמאָל אָוועקגעלאָזט זיך פאַר מנחה־מעריב אין דער שמאַטע־פאַבריק, פון דאָרט אין דער זאַקן־פאַבריק אַרײַן.

דעם טאָג האָט דאָרט געאַרבעט דער הויפּט־בוכהאַלטער, דורכגעפירט די חודשלעכע קאָנטראָל. ער האָט אים געוואָלט זען צוליב דעם האָטעל־קויף, וואָס ער האָט שוין געהאַט באַשלאָסן ניט אָפּלייגן מער. אַלעמערשט צוליב דער נײַער ווענדונג אין בענס צוקונפט און צוליב דעם, וואָס אין דער מלחמה מיט היטלער־דײַטשלאַנד ביי סטאַלינגראַד האָבן די דײַטשע

אַרמייען געליטן אַ פּינצטערע מפּלה. לכבוד די ביידע פּאָר איז פּריילעכע געשעענישן, איז ער איצט אַוועק צום הויפּט־בוכהאַלטער, הייסן אים שליסן די טראַנזאַקציע.

דער בוכהאַלטער האָט אויסגעהערט אויפמערקזאַם די אינסטרוקציעס צו שליסן די האָטעל־טראַנזאַקציע און געוווּנדערט זיך, ווי אַזוי איז ער געקומען צו דעם באַשלוס פּונקט אין אַ צייט, ווען די בענק באַגרענעצן הלוואות, האָבן געהעכערט די פּראָצענטער אויף געלט, און געלט איז איצט בכלל טייער. אַפילו זיינע אייגענע פאַבריקן וועלן אין אַזאַ מאָמענט זיך נויטיקן אין מער געלט. ער האָט געוואָלט פרעגן די וואָגיק־האַרבע קשיא, אָבער זיך מישב געווען, אויב ער זאָגט ניט, דאַרף ער ניט פרעגן.

ער האָט שוין געוווּסט פון דערפאַרונג, אַז ווען סאַראַד וואָלט וועלן אים איבערגעבן זייטיקע פּרטים און סיבות אַרום דעם באַשלוס צו קויפן דעם האָטעל, וואָלט ער אים ניט געדאַרפט פרעגן, סאַראַד וואָלט דאָס אים אויפגעקלערט אין אַלע דעטאַלן. אָבער ווען סאַראַד האָט זיך געגרייט צום אַוועקגיין, האָט ער זיך מער ניט איינגעהאַלטן און געפרעגט: „איר האָט דאָס גוט באַטראַכט, ה׳ סאַראַד? איר דענקט, אַז איצט איז די ריכטיקע צייט צו קויפן דעם האָטעל? אפשר וואָלט מען דאָס אָפּגעלייגט אויף אַ שטיקל צייט?"

„שוין צייט, די העכסטע צייט", — האָט סעמיועל סאַראַד געשמייכלט צו אים סודותדיק.



צוויי מענטשן, סעמיועל סאַראַד און סימאָר האָבן געוווּסט, וועד ס׳איז דאָס נייע לערן־ייִנגל אין דער זאָקן־פאַבריק, וואָס איז שוין אַדורכגעגאַנגען די שמאַטע־ און פאַרבעריי־פאַבריקן. ר׳ יחיאל האָט זיך אָנגעשטויסן, אָבער ניט באַמיט זיך דאָס זיכער צו מאַכן. „וואָס אייגנטלעך, דאַרף איך דאָס וויסן?" — האָט ער זיך אַליין געזאָגט, ווען ער האָט געטראַכט דערפון.

סעמיועל סאַראַד האָט איצט, ווען מיט בענען האָט זיך אַלץ איינגעשטעלט צום גוטן, און אַ שיינע צוקונפט האָט געשיינט אויפן מאָרגן־האָריזאָנט זייערן — ניט געוואָלט אַרויסגעבן זיין סוד און באַשלאָסן ווייטער שווייגן, ביז נאָך עטלעכע חדשים, בען וועט שוין זיין אין דער האַנדלס־שול און ער וועט פאַרגעסן אין דער אָנגעסטיקער צייט, וואָס ער האָט פון אים געהאַט.

אויפן וועג פון דער זאָקן־פאַבריק צו זיין ביוראָ, האָט ער געטראַכט, צי בען האָט דערציילט דער מוטער, אַז ער גייט צוריק לערנען. ער אַליין

האָט עס געוואָלט איר דערציילן, אָבער ווער קען וויסן, וואָס זי קען אַלץ אָפּטאָן, ווען איר וועט ניט געפעלן די האַנדלס־שול.

בעון האָט ניט דערציילט דער מוטער פון זיין באַשלוס צו גיין לערנען אין דער האַנדלס־שול, ווען ער האָט שוין געקראָגן דעם פאָטערס צושטימונג. בלויז ראָזעלין האָט ער דערציילט וועגן זיין באַשלוס און טאַטנס צושטי־מונג, און זי געבעטן דערציילן דער מוטער ווען זי וועט איינזען, אַז ס'איז דער ריכטיקער מאָמענט, כדי ניט אויפצורעגן זי.

ראָזעלי איז געווען צופרידן וואָס ער גייט אין דער האַנדלס־שול און ניט אין גימנאַזיע, ווו זי האָט געוואָרעמט אַ ליבע צום ליטעראַטור־לערער, און געפלירטעוועט מיט אַ בחור, וואָס איז געזעסן הינטער איר. האָט זי געמאָלן ווי אַ מלאך, צוגעטשעפּעט אַ פּאָר פליגל, און געצייכנט זיי מיט די ווערטער: „מלאך מיינער, גיב מיר שוץ און רו אונטער דיינע פליגל", אונטערגעשריבן דזשאָנעטן.

דזשאָנעטן איז איר נאָכגעגאַנגען ווי אַ שאָטן, ביז זי האָט אים דערלויבט זי אָפּפירן אַהיים. זי האָט אים איצט, דעם דזשאָנעטן, גאַנץ גערן געהאַט, אָבער פאַרליבט איז זי נאָך אַלץ געווען אין דעם ליטעראַטור־לערער אירן און געזוכט אַ געלעגנהייט אים דאָס צו זאָגן.

## קאַפּיטל 20

דזשאָנעטן איז געווען אַ שיינער הויך־שטאַלטנער בחור, אַטלעטיש אַנטוויקלט, אַ קאָפּ שוואַרצע האָר, טונקל גרינע אויגן, און געשטאַמט פון אַ שטרענגער פרומער קאַטוילישער משפחה. זיין נאָמען איז געווען אַ ביבלישער, נאָך יונתן, דעם יידישן פרינץ, שאול המלך'ס זון, דוד המלך'ס בעסטער פריינט. אַזוי האָט זיין מוטער געוואָלט, זי האָט אויסגעקליבן דעם פרינצלעכן נאָמען פאַר איר ערשטלינג, און זיין גערעכטיקייט צוגעשריבן דעם פרינצלעכן נאָמען. זי האָט אויך געהאַט גרויסע פּלענער פאַר איר דזשאָנעטן. זי האָט געחלומט, אַז ער וועט אַריין אין דינסט פון קירך און גאָט. ער האָט אָבער געהאַט זיינע אייגענע פּלענער און פאַרלאַנגען, גאַנץ ווייטע פון גאָט און קירך.

זיין פאָטער איז געווען אַ דרוקער פון הייליקן קאַטעכיזם און רעלי־גיעזע ביכער, אָבער געהאַלטן האָט ער פון מצוות טרינקען, מער ווי פון אַלע אַנדערע מצוות, געטרונקען מיט דער גרעסטער פרומקייט. שטענדיק איז ער אַרומגעגאַנגען שיכור, קוים פאַרשטאַנען, וואָס מ'רעדט צו אים, צו אַלץ צוגעשטימט, מיט אַלע געווען בלאַט־חבר, געהאַט אַן אָפענע האַנט

און אַ גוט האַרץ פאַר חברים, טרינקען בחבריא. זונטיק איז ער געגאַנגען דאַווגען מיט השכמה און דעם רעשט טאָג מיט דער נאַכט געטרונקען און געשלאָפן, ביז מ'האָט געדאַרפט אויפשטיין מאָנטיק, נעמען אַ פרימאָרגן־טרונק און גיין צו דער אַרבעט.



דזשאָנעטן האָט ניט ליב געהאַט זײַנע עלטערן. דער שטענדיקער בראָנפן־ריח האָט אים דערווייטערט פון פאָטער. די מוטער האָט ער ניט פאַרטראָגן, צוליב איר קושן און האַלדזן אים, ווי נאָר זי האָט אים אַרײַנגעקריגן אין אירע הענט, אַפילו ווען ער איז שוין געווען אַן אונטערגעוואַקסענער בחור. געשלעפּט אים צום דאַווגען, אים געהאַלטן אין איר רשות.

ווען דזשאָנעטן איז אויפגעוואַקסן האָט ער זיך פאַרנומען מיט זאַכן, וואָס זענען ווייט פון קירכע און גאָט. ס'האָט זיך אים געוואָלט זײַן אַן אינזשיניער, אַ מעכאַניקער. אינטואיטיוו, אָן וועלכער ס'איז עלעמענטאַרער קענטעניש, האָט ער צענומען אַ מאַשין און זי צוריק צוזאַמענגעשטעלט אָן שום שוועריקייטן. אַ געבוירענער מעכאַניקער ממש. שטענדיק אַרומגעטראָגן זיך אויף ראַווער־ווײַגעלעך און מאָטאָציקלען, נאָך איידער ער האָט ריכטיק דערגרייכט זייער הויך.

דער ערשטער סטודענט פון דער שול, וואָס האָט געהאַט אַ מאָטאָציקל, איז געווען דזשאָנעטן. ער אַליין האָט אים רעקאָנסטרואירט, מיט אייגענע הענט צוזאַמענגעשטעלט, און דערמיט אויסגענומען בײַ מיידלעך און יינגלעך, וועלכע האָבן געקלעפּט אַרום אים ווי בינען אַרום האָניק. ווען ס'האָט זיך אָבער באַוויזן ראָזעלי אין זײַן קלאַס און האָט זיך באַזעצט נאָענט צו אים, איז זי מיט שטורעם אַרײַן אין זײַן האַרצן. ווי נאָר זי האָט זיך באַוויזן אין טיר פון קלאַס, האָט אים פאַרכאַפּט איר שיינקייט, פאַרליבט זיך אין איר מיט יוגנט־ברען, און האָט פאַרגעסן אין אַלע אַנדערע שול־מיידלעך.

אין קלאַס האָט ראָזעלי געזעצט זיך אין פראָנט פון אים. דאָס האָט באַדייט אַ טריאומף פאַר דזשאָנעטן. ער האָט דאָס אָנגענומען פאַר אַ גוטן סימן אין זײַן ליבע צו ראָזעלין. דאָס האָט אים געגעבן מוט אָפּצומאָלן פון איר עטלעכע געמעלן, און אין אַלע איז זי דערשיינען ווי אַ מלאך: אַ מלאך, וועמען ער בעט, זי זאָל אים נעמען אונטער איר שוץ. אַ מלאך, צו וועמען ער שטרעקט זײַנע הענט אין געבעט און באַרירט קוים אַ שפּיץ פון איר פליגל. און לסוף אַ מלאך־געמעל, ווו ער פליט שוין מיט איר אין די הויכקייטן... אַז ראָזעלי האָט אים דערלויבט זי אַהיים פירן, האָט

ער אויך אָנגעהויבן קומען נאָך איר יעדן פרימאָרגן, אָפּגעוואַרט זי ביים עק גאַס מיט זיין פאַר־טראַנטע, די אויסגעסטראַנצלטע שברי־כּלי, געהאַלטן פאַר איר אָפן די טיר, ווי אַן עלעגאַנטער שאָפער, פאַרנייגט זיך און פאַמע־לעך פאַרמאַכט נאָך איר די טיר. צוגענומען פון איר די ביכער און זיי זאָרגפעליק אַוועקגעלייגט.

אָבער ווי נאָר ער האָט גענומען דאָס פיר־רעדל אין האַנט אַריין, און אַ טרייב געטאָן דעם אויטאָ מיט אימפּעט, זענען זיך די ביכער צע־פלויגן, און אויך ראָזעלי האָט געמוזט זיך אָנהאַלטן אין אים, זי זאָל ניט אַראָפּ פונעם געזעס.

אַזוי איז מען זיך „דורכגעפאָרן״ אַ ביסל פאָרן לערנען. אַרויס פון הויז איז מען גאַנץ פרי, אָבער אָנגעקומען אין שול, איז מען די לעצטע מינוט, ווי אין געווען, כּדי אָנצוקומען צו דער טיר, פאָרן אָנפאַנג פון די לעקציעס.

אין אַ געוויסן פרימאָרגן האָט ראָזעלי זיך ניט באַוויזן אין דער געהעריקער צייט. דזשאָנעטן איז אַריבערגעלאָפן צו איר הויז, אויפגעפּראַלט די טיר און אַן צערעמאָניעס אויסגערופן איר נאָמען, זי אונטערגעאיילט, ווייל ס׳ווערט שפּעט. אָבער אַנשטאָט ראָזעלי, איז אים אַקעגן געקומען די מוטער. ער האָט זי דערקענט, ווייל ראָזעלי איז געווען זייער ענלעך צו איר, נאָר אַ היפּש ביסל שענער פון איר. „ס׳איז שפּעט! וווּ איז ראָזעלי? זאָל זי זיך צואיילן!״ — האָט ער געזאָגט מיט אומגעדולד.

מיסעס סאַראַד האָט זיך אויפגערעגט פון דעם בחורס דרייסטקייט, פון זיין כּמעט אינטימע פאַמיליאַרישקייט, וואָס ער פרעגט אויף ראָזעלי ביי איר ערשטן נאָמען, ווי ער וואָלט געווען גאָר היימיש מיט איר. זי האָט געוואָלט אים משלח זיין אָן אַן ענטפער, אָבער זיך מיישב געווען, אַז ראָזעלי וועט אפשר וועלן וויסן, ווער ס׳האָט זיך געפרעגט אויף איר. זי האָט האַלב פאַרדראָסיק אים געפרעגט: „ווער ביסטו דאָס?״

„איר פריינט דזשאָנעטן, מיר זענען שול־פריינט, פון איין קלאַס״, — האָט ער האַפערדיק געענטפערט.

„נאָענטע פריינט?״

„יאָ״, — האָט דזשאָנעטן געשאָקלט מיטן קאָפּ און געוואָלט איבער־טרעטן די שוועל.

„זי איז פאַרקילט, זי וועט הייגט ניט גיין אין שול״, — זי האָט געוואָלט פאַרמאַכן די טיר הינטער אים, אָבער ער איז אַלץ געשטאַנען אין דער האַלב־אָפענער טיר.

„קען איך זי זען?״ — האָט ער ווידער געפּרוּווט אַריינצוגיין.

„ניין. איצט איז ניט די צייט פאַר וויזיטן, איצט גייט מען אין שול!״

— האָט זי געזאָגט בייזלעך, אים אָראָפּגעשטופּט פון שוועל און פאַרהאַקט די טיר.

ער האָט קוים זיך דערוואַרט אויף מיטאָג־צייט, געכאַפּט זיין פאַר־„קאַטערינקע" און אַוועק זען וואָס ראַזעלי מאַכט. די טיר איז איצט געווען פאַרמאַכט און ער האָט לאַנג געקלונגען, דאָס גלעקל שיעור ניט אָפּגעריסן, ביז די טיר האָט זיך געעפנט און פאַר אים איז געשטאַנען אַ יונג יינגל — ראַזעליס ברודער, אַרטור (פאַרגויאישט פון אברהם). אויך אַרטור האָט אים פאַרשטעלט דעם וועג, און ביז אַרויפגעקוקט צו אים פאַר זיין רייסן דאָס גלעקל ווי ס'וואָלט ערגעצווו אויסגעבראָכן אַ פייער. אַרטור האָט געמיינט, אַז דזשאָנעטן וויל עפּעס פאַרקויפן,, האָט ער אים באַלד געזאָגט, אַז קיינער איז אין הויז ניטאָ.

„כ'בין געקומען זען ראַזעלין", — האָט דזשאָנעטן צו אים אַראָפּגע־שמייכלט.

„ראַזעלי איז אויך ניטאָ", — האָט אַרטור געוואָלט פאַרמאַכן די טיר.

„זי איז געגאַנגען אין שול ?"

„די מאַמע האָט זי גענומען צום דאָקטאָר".

„וואָס איז איר ? צו וועלכן דאָקטאָר ?" — וויל דזשאָנעטן וויסן.

„כ'ווייס ניט". — האָט אַרטור פאַרמאַכט די טיר.

די נאָכמיטאָג־לימודים האָבן שוין קיין טעם ניט געהאַט פאַר דזשאָ־נעטן. קוים זיך דערוואַרט אויפן סוף פון לימודים, און ער שטייט שוין ווידער פאַר די סאַראַדס טיר און דריקט אומגעדולדיק אויפן קנעפּל, אַזש אַלע האָבן אויפגעציטערט.

„וואָס איז מיט ראַזעלין ? וואָס איז איר !" — האָט ער אַ וואָרף געטאָן דער מיסעס סאַראַד די ווערטער אין פּנים אַריין, ווי זיי וואָלטן אים געבריט ממש.

„וואָס איז מיט אייך ? וואָס שטורעמט איר דאָס הויז ? איר קענט ניט וואַרטן ביז ראַזעלי וועט אייך אַליין דערציילן ? איר קענט ניט וואַרטן ביז מאָרגן ?" — האָט זי אים אַדורכגענומען מיט אירע אויגן.

דזשאָנעטן האָט מיד אָפּגעקרעכצט:

„כ'וויל בלויז וויסן, וואָס זי מאַכט".

„כ'האָב דאָך אייך נאָך אינדערפרי געזאָגט. ס'איז אַ פאַרקילונג", — האָט מיסעס סאַראַד בייזלעך געענטפערט.

„מיט אַ פאַרקילונג גייט מען צום דאָקטאָר ? צו אַ פאַרקילטן קומט אַ דאָקטאָר".

דאָס לעצטע האָט ער געזאָגט מער צו זיך אַליין. מיסעס סאַראַד האָט פאַרהאַקט די טיר פאַר זיין פּנים, און געלאָפן צו ראַזעליס ט'ר, זי אויסגעפּראַלט און זיך צעשריגן: „דאָס איז ער ?! דער דזשאָנעטן, וואָס

האָט דיך און אונדז אומגליקלעך געמאַכט ?! ער קען זיך דאָך אויף דיר ניט דערוואַרטן, ער באַלאַגערט דאָס הויז!״.

ראָזעלי איז געבליבן אין בעט ווי אין אַ הינער־פּלעט. זי האָט געהערט דער מוטערס געשרייען, אָבער ניט פאַרשטאַנען, וואָס זי וויל פון איר. אין איר מוח האָבן געעקבערט ווי די פינצטערסטע מחשבות דעם דאָקטאָרס ווערטער: „זי שוואַנגערט! זי וועט האָבן אַ קינד!״ אָט די ווערטער האָבן זי געפּייניקט, געמאַטערט. זי האָט געוואָלט איינשלאָפן, אַנטשלאָפן ווערן אויף אייביק, אָבער די מוראַדיקע הוריות אין מוח און דער מאַמעס פּחד־געשרייען האָבן זי ניט געלאָזט איינדרעמלען. זי איז געלעגן אַ פאַרשמאַכטע, אין האַלוציניאַציעס, געזען שרעקנס־וויזיעס. וואָס וויל די בייזע מכשפה? וואָס רייסט זי זיך די האָר פון קאָפּ? וואָס איז איר מויל אַזוי צעעפנט, ווי זי גרייט זיך זי איינשלינגען! די טיפקייט פון איר קעל איז ווי ביי אַ וואַלפיש! אָט־אָט עפנט זי איר ים־פּיסק און שלינגט זי איין! זי מוז זיך ווערן, צוריק שלאָגן, דערווייטערן פון זיך דעם שרעקלעכן וואַלפיש, שנעל זיך אַוועקקאַלערן... און זי איז אַרויס־געפאַלן פון בעט.

אַז זי איז געקומען אַ ביסל צו זיך, איז די מוטער געשטאַנען איבער איר מיט אַ גלאָז מילך אין האַנט, זי געבעטן זי זאָל טרינקען. געטאַפּט איר דעם שטערן, און געבעטן נעמען די מילך פון איר האַנט. „דיין דזשאָנעטן איז געוועז, געפרעגט זיך אויף דיר, געוואָלט דיך זען, אָבער כ׳האָב אים געזאָגט, אַז מאָרגן וועסטו אים אַליין אַלץ דערציילן. האָסט געמעגט זען ווי אומגעדולדיק ער איז געוועזן צו וויסן, אַ ווילער בחור דער דזשאָנעטן״, — האָט די מוטער איצט אָנגענומען אַן אַנדערן טאָן. און באַלד ווידער געפרעגט: „איז עס ניט אַמאָל דער דזשאָנעטן ?״.

„ניט איצט, מאַמע, פּליז, לאָז מיך איצט אַליין״, — האָט זיך ראָזעלי געבעטן.

„ניט איצט ?! די זאַכן טאָר מען ניט לאָזן אין דער לאַנגער באַנק אַריין, כ׳וועל גיין צום טאַטן, ער וועט שוין וויסן וואָס צו טאָן, ער וועט מוזן וויסן וואָס צו טאָן״, — האָט זי זיך געלאָזט צו דער טיר.

ווי אַ וואַנזיניקע איז ראָזעלי אַראָפּגעשפּרונגען פון בעט צו דער טיר, מיט איר קערפּער פאַרשטעלט דער מוטער דעם וועג און ניט מיט אירע כוחות צעשריגן זיך: „כ׳וועל זיך דערהרגענען, אויב דו טרעטסט אַריבער די שוועל און גייסט צו אים! איך וועל אַליין גיין צו אים! דו ניט!״

פאַולין סאַראַד האָט זיך פאַרשעמט פאַר דער טאָכטער, פאַר דער פּאַניק אין וועלכער זי איז אַריינגעפאַלן. צוגעזאָגט איר ניט איבעררעדן מיטן מאַן, און אַ פאַרשעמטע פאַרלאָזט די שטוב, צוזאָגנדיק צו וואַרטן ביז מ׳וועט זען דעם דאָקטאָר נאָכאַמאָל.

„עס קען זיין, אַז ס'האָט זיך סתם פאַרהאַלטן די 'צייט' און דער דאָקטאָר האָט אַ טעות, ס'טרעפן זיך אַזעלכע זאַכן", — האָט זי געטרייסט זיך און ראַזעלין אויפן צווייטן טאָג נאָכן באַרואיקן זיך אַ ביסל.

„וואָס זשע דען האָסטו געוואָלט לויפן צום טאַטן? וואָס איז אויף דיר אָנגעפאַלן אַזאַ פּאַניק בעכטן? לאָמיר וואַרטן און זען", — האָט ראַזעלי גערעדט צו איר, ווי אַ דערוואַקסענע.

די מוטער האָט צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ, אויסגעווישט די טרערן פון די אויגן, און מיט אַ קרעכץ מסכים געווען. „לאָמיר האָפן, גיי מאָרגן צוריק אין שול. דער דזשאָנעטן באַלאַגערט ממש דאָס הויז, ער איז שוין היינט ווידער געווען, געוואָלט זיך אַריינרייסן אין הויז דיך זען. אויב ס'וועט זיין אמת, וועסטו עס אים באַלד מוזן זאָגן, לאָמיר באַלד וויסן, ווי מיר האַלטן מיט אים".

צומאָרגנס האָט ראַזעלי אָפּגעוואַרט דזשאָנעטן, ניט ער זי. ער האָט זי נאָך פון ווייטן דערזען, און געלאָזט עס איר וויסן מיט זיין אויטאָמאָביל־טרובע. איידער נאָך דער אויטאָ האָט זיך רעכט פאַרהאַלטן, האָט ער זי אַריינגעצויגן אין אויטאָ און מיט איר אָנגעקגערודערט אויף זייער פריי־מאָרגנדיקער „לוסטרייזע". זי צוריק געבראַכט אין שול אין דער לעצטער מינוט, ווי אַלע פריערדיקע פרימאָרגנס.

„וואָס איז דיר געווען נעכטן?" — האָט ער געפרעגט לויפנדיק פון אויטאָ צו דער שול־טיר.

„גאָרניט", — האָט זי געענטפערט.

„מיט גאָרניט לויפט מען צום דאָקטאָר?"

„אַ, די מאַמעס שלעפן", — האָט זי צו אים געשמייכלט, און דער שמייכל האָט פאַרטריבן אַלע פראַגן, אַלע זאָרגן.

אין קלאַס, אַקעגן דעם לערער, איז ראַזעלין שווער געווען צו באַהאַלטן איר אומרו. ס'האָט געיאָגט פון איר מיט אומגעדולד און אַנגסט, און דזשאָנעטן האָט הינטער איר דאָס דערפילט. זי האָט איצט ניט געזען דעם לערער, ניט געהערט די לעקציע, געווען צערודערט און רואיק איינ־זיצן ניט געקאָנט. אַז דער לערער האָט זי געפרעגט פאַרוואָס זי איז די לעצטע צוויי טעג אין קלאַס ניט געווען, האָט דזשאָנעטן פאַר איר געענטפערט, אַז זי איז געווען קראַנק, פאַרקילט. אין קלאַס האָבן זיך אַלע צעלאַכט, און דער לערער, אַ ווויצלער־ציניקער, האָט ניט דורכגעלאָזט די געלעגנהייט, זיך אַ וויצל געטאָן: „זי איז געווען פאַרקילט און איר האָט געהאַט היץ?" ער האָט זיך באַלד אַנטשולדיקט און געבעטן לייגן מער אַכט אויף דער לעקציע.

ביים ערשטן מאָרגן־איבעררייס, איז ראַזעלי אַוועק צום פּרינציפּאַל איבערגעבן די סיבה פון איר אָפּוועזנהייט צוויי טעג פון קלאַס. אַז

דזשאַנעטן האָט זי געוואָלט באַגלייטן, האָט זי ניט געלאָזט, געהייסן אים גיין אין שול־הויף, געבייזערט זיך אויף אים, וואָס ער גייט איר נאָך ווי אַ שאָטן, לאָזט זי אַ מינוט ניט אַליין. נאָכן אָפּפּאַרטיקן זיך מיטן פּרינציפּאַל, איז זי צוריק אַרויף אין קלאַס מיט דער האָפענונג צו זיין אַליין מיטן לערער, איבעררעדן מיט אים וועגן איר לאַגע, און האָט אים געטראָפן פאַרטאָן אין זיין אַרבעט. אין קלאַס איז קיינער אַ חוץ אים ניט געווען. ראָזעלי איז צוגעטרעטן נאָענט צו אים, געוואַרט ביז ער וועט פאַרטיק ווערן.

„יאָ?" — האָט ער אַרויסגעפרעגט פון די פּאַפּירן אַרויס, ניט אָפּ־רייסנדיק די אויגן פון זיי.

„וואָס האָסטו מיר אָפּגעטאָן?" — האָט ראָזעלי געזאָגט שטיל, קוים וואָס זי אַליין האָט זיך געהערט. — „האָסט מיר איינגערעדט, אַז מיטן ערשטן מאָל ווערט מען ניט שוואַנגער, איך בין שוואַנגער", — האָט זי געזאָגט נאָך שטילער.

„דאָס איז 99% אמת", — האָט ער איצט אויפגעהויבן די אויגן פון די העפטן. — „דאָס איז ניט געווען קיין איינרעדעניש"... — האָט ער צו איר אַרויפגעקוקט פול מיט איראָניע.

„צום באַדויערן, בין איך צווישן דעם איינעם פּראָצענט, איך בין שוואַנגער!" — האָט זי זיך האַסטיק אויסגעדרייט צו דער טיר צו זען, צי קיינער הערט ניט.

„איז עס ביי דיר געווען דאָס ערשטע מאָל?" — האָט ער אַראָפּגעלאָזט די אויגן אין די פּאַפּירן אַריין.

ראָזעלי האָט זיך ענערגיש אומגעקערט צו אים. „כ'שווער, אַז מיט דיר איז עס בכלל געווען דאָס ערשטע מאָל! וואָס זאָל איך טאָן?" — האָט זי געשעפּטשעט צו אים.

אין קלאַס איז טויט־שטיל. פון דער טויט־שטילקייט האָט זי געהערט דעם עכאָ פון זיין פריערדיקער פראַגע, וואָס האָט זיך נאָך געקייקלט אין אירע אויערן: — איז עס געווען ס'ערשטע מאָל? ס'ערשטע מאָל? — האָט דער עכאָ זיך געריסן אין אירע אויערן. די צונג איז איר געליימט געוואָרן, צוגעקלעפּט זיך צו איר גומען, זי האָט אים געוואָלט עפּעס זאָגן, אָבער קיין וואָרט ניט געקאָנט אַרויסברענגען. אָבער די אויערן זענען איר ניט פאַרשטאָפּט געווען, מיט זיי האָט זי קלאָר און דייטלעך געהערט, ווי דער לערער פרעגט: „און דזשאַנעטן? וואָס איז מיט אים? אויב ס'איז אמת, אַז דו שוואַנגערסט, האָב מיט אים חתונה איידער ס'ווערט צו שפּעט". די טויט־שטילקייט איז צוריק איינגעטרעטן. זי האָט געשטיקט טרערן אין האַלדז.

רעדן האָט זי מער ניט געקאָנט. ווען זי קען, וואָלט זי געשריגן, אַריין

אין אַ היסטעריע ווי איר מוטער. אַז ס'איז איר געוואָרן ענג אין האַלדז, איז זי צוגעלאָפן צום פענצטער, צוגעפּרעסט דאָרט דאָס פּנים און זיך צעוויינט, איז דער לערער אַרויס פון קלאַס, אַראָפּ אין שול־הויף, אויפ־געזוכט דזשאָנעטנען און אים געהייסן אַרויפגיין צו ראָזעלין, ווייל זי איז שוין ווידער עפּעס ניט מיט אַלעם.

דזשאָנעטן האָט זי געטראָפן ביים פענצטער אַרויסקוקן אין דרויסן. איר אויסגעפורעמטע טאַליע, איר הויכער, ווייסער, אַלאַבאַסטער האַלדז, האָבן אים אָנגערעגט איר אַ קוש צו טאָן. אַ זאַך, וואָס ער האָט בלויז איינמאָל פריער געוואָגט צו טאָן און געכאַפּט אַן אָפּשניט פון איר, אַז מער האָט ער שוין ניט געוואָגט דאָס צו טאָן. און איצט איז אים באַפאַלן דער באַגער. אויף די שפּיץ־פינגער, ווי אַ קאַץ, האָט ער זיך צו געצאַיעט צו איר און איר אַ קוש געטאָן לייכט אין איר נאַקן, און געריכט זיך אויף אַ פּסק.

אָבער ראָזעלי איז געשטאַנען ווי אַ סטאַטוע און זיך פון אָרט ניט גערירט. ניט געבייזערט זיך אויף אים, ניט אויסגערעדט אים אַפילו, נאָר געשטאַנען און עפּעס מאָדנע געשוויגן, פאַרקוקט אין דער ווייטקייט אַריין, ווי זי וואָלט ניט געפילט, וואָס אַרום איר טוט זיך. אָבער ווען ער האָט זיך איינגעבויגן נאָכאַמאָל איר אַ קוש טאָן און זי האָט דערפילט זיין וואַרעמען אָטעם, האָט זי פלינק אַ שפּרונג געטאָן אויף אַ זייט, אָנגעכאַפּט זיין קאָפּ און אים אָוועקגעבויגן פון זיך, זאָגנדיק מילד: „ניט דאָ איז דאָס אָרט און ניט איצט די צייט". און פריגעלאָזט זיין קאָפּ.

„איך האָב דיך ליב! דו ביסט אַזוי שיין! כ'האָב חשק פאַרברענט צו ווערן אין דיר, און דו הייסט מיך איינהאַלטן, אַפילו ניט אַ קוש טאָן. כ'וואָלט דיך פאַרשלונגען אינגאַנצן", — איז ער צו איר צו.

„דו מענטשן־פרעסער!" — האָט זי ליבלעך געשמייכלט צו אים און אָוועק זיך אָפּוואַשן דאָס פאַרוויינטע פּנים, איבערלאָזנדיק אים אַליין אין קלאַס. ווען זי איז צוריק געקומען, זענען שוין אַלע געזעסן אויף זייערע ערטער, גרייט אָנצוהייבן די לעקציע וועגן דראַמע, און די טעמע איז געווען שעקספּירס „קעניג ליר".

מיט עטלעכע טעג צוריק איז זי געווען די, וואָס האָט פאָרגעשלאָגן די טעמע: „דאָס טראַגישע לעבן און ליידן פון קעניג ליר". איצט האָט זי קיין געדולד ניט געהאַט אויסצוזיצן אַפילו דעם אָנהויב פון דער לעקציע, און ווי נאָר דער לערער איז אַריין אין קלאַס, האָט זי זיך אַנטשולדיקט, און געבעטן זי באַפרייען פון רעשט טאָג לערנען, ווייל זי פילט זיך זייער ניט גוט און זי איז אָוועק פון קלאַס, ווי שנעל אירע פיס האָבן זי געקאָנט טראָגן.

דער לערער איז געווען איינער אין קלאַס, וואָס האָט געוווּסט

ראַזעליס קרענק, האָט ער, ווי געוויינלעך, ניט געפרעגט קיין שאלות נאָר צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ צו איר פאַרלאָזן דעם קלאַס, און העפלעך זי באַ־גלייט מיט די אויגן צו דער טיר. אַנטשולדיקט זי פאַר דער קלאַס, און געווונטשן איר אַ רפואה שלמה.

דזשאַנעטען האָט קוים זיך דערוואַרט אויפן סוף פון דער לעקציע, און באַלד אַוועקגעלאָזט זיך צו ראַזעליס הויז זען, וואָס איר איז. ער האָט ווידער געטראָפן די טיר פאַרשפאַרט. געקלאַפּט מיט דער האַנט אין טיר, געפויקט מיט דער פויסט, ביז אַרטור האָט פאַר אים די טיר געעפנט און אים אָנגעזאָגט די בשורה, אַז ראַזעלי שלאָפט, און זי האָט אָנגעזאָגט מ'זאָל זי ניט וועקן פאַר קיין שום מענטש ניט.

„זאָג איר, אַז כ'וועל קומען שפּעטער".

אַרטור האָט אים אָנגעקוקט, ווי ער וואָלט ניט געהערט צו דער זאַך: „ווי קען איך איר דאָס זאָגן, אַז זי האָט אָנגעזאָגט זי ניט צו וועקן, כ'וועל דאַך זי דאַרפן אויפוועקן, כדי דאָס צו זאָגן" .

„ווען זי וועט אויפשטיין, אידיאָט!" — האָט דזשאַנעטען פאַרלוירן זיין געדולד און אַליין פאַרהאַקט די טיר הינטער זיך.



אַרטור, פאַרטאָן אין זיין צימער, האָט ניט געהערט ראַזעלין אויפשטיין און אַרויסגיין פון הויז. זי האָט זיך געהיטן, אַז קיינער זאָל זי ניט זען אָדער הערן, מ'זאָל ניט וויסן, אַז זי גייט צו איר געהיימען געליבטן לערער, וועמען זי האָט זיך איבערגעגעבן מיט לייב און נשמה. פריער אים געליבט מיט איר גאַנצער נשמה, און שפּעטער אים אויך אָפּגעגעבן איר לייב. איצט רעדט ער איר איין אַ „צווייט איינרעדעניש" און וויל זי צוּוואַרפן דזשאַנעטענען, וואַרפט חשדים אויף איר מיידלשאַפט, אויף איר נשמה.

די טיר פון דעם לערערס בחורשער שטוב איז געווען פאַרשלאָסן און פינצטער. האָט זי אויף אים געוואַרט אין גאָרטן אַקעגן דעם הויז, און זיך דערוואַרט. אין שטוב איז ליכטיק געוואָרן און זיין שאָטן האָט זיך אַרומגעשלייכט איבערן צימער. מיט אַ קלאַפּנדיק האַרץ און ציטערדיקע הענט האָט זי אָנגעקלאַפּט אין טיר.

פריער, ווען זי איז געגאַנגען אַהער, האָט זי געוווּסט וואָס זי וועט אים זאָגן. איצט איז זי געשטאַנען אין דער אָפענער טיר, און איר מוח איז געווען פּוסט און זי האָט פון אָרט זיך ניט געקאָנט רירן, די שוועל זיינע אַריבערצוטרעטן, קיין וואָרט אויסצורעדן צו אים — זי איז געשטאַנען און שטאַר געקוקט אויף אים.

אויך ער, ווען ער האָט זי דערזען, האָט אויף אַ רגע זיין לשון

פאַרלוירן, חשק געהאַט פאַרהאַקן די טיר און לאָזן זי ווו זי איז. אָבער איר אויסזען האָט אים אָנגעפילט מיט אַ מורא, אַז זי וועט קיין כוח ניט האָבן אָוועקצוגיין און מ׳קען איר נאָך געפינען דאָ אַ פאַרחלשטע. איז ער שנעל געקומען צו זיך און זי אַריינגעבעטן, דערלאַנגט איר זיין האַנט און געהאָלפן איר אַריבערגיין די שוועל, צוגעפירט צום טיש.

„טאָרסט אַהער ניט קומען, ווייסטו וואָס פאַר אַ סקאַנדאַל עס קען דערפון אַרויסקומען?״ — האָט ער זיך צוגעזעצט צו איר.

זיין וואַרעמע האַנט האָט זי אויפגעטייעט פון איר פאַרגליווערטקייט, און זיינע רייד האָבן זי אויפגעוועקט. זי איז געקומען צו זיך און איר מוח איז געוואָרן טעטיק.

„איך האָב שוין מיין סקאַנדאַל, מיין ערע האָסטו צוגענומען, וואָס פאַר אַ ווערט האָט שוין אַ ביסל ווירדע צו פאַרלירן? נעם שוין דאָס אויך צו ביי מיר״.

„דו האָסט וואָס צו פאַרלירן״. — כ׳מיין דעם סקאַנדאַל, וואָס עס קען זייער שאַדענען דיין טאַטן דעם מיליאָנער. ער האָט וואָס צו פאַרלירן. דאָס קען אים רואינירן. וואָס האָב איך צו פאַרלירן? די שנאה פון די מוידן פון מיין קלאַס וואָס עסן מיך אויף מיט זייערע גלוסטיקע אויגן און אַלע ווילן כ׳זאָל זיי אַ מאַן זיין, געענוי ווי דו האָסט עס געוואָלט, יאָ אָדער ניין?! ענטפער, האָסטו ניט געוואָלט?!״ — האָט ער אַריינגעשריגן איר אין פנים אַריין.

„ווייל כ׳האָב דיך ליב, ווייל מיין ליבע צו דיר פאַרברענט מיך, עסט אויף מיין שכל און פאַרשטאַנד, בין איך צו דיר געקומען, זאָג אַז ווילסט מיך און איך בין דיין. פאַרלאָז מיך ניט, וואַרף מיך ניט אַוועק אין מיין שעה פון נויט און מיין צייט פון ליבע אַנגסט!״ — האָט זי זיך ביי אים געבעטן.

„טאַקע, ווייל איך האָב דיר צופיל ליב, קען איך דיך ניט אַריינוואַרפן אין אַ סקאַנדאַל. היינט איז עס אַ צרה, וואָס מ׳קען נאָך פאַררריכטן. דער סקאַנדאַל וועט זיך ערשט אָנהויבן פאַר איך אַלע, אויב כ׳וועל מיט דיר חתונה האָבן״, — האָט ער געזאָגט.

„איך קען ניט און וויל ניט זיך ברענגען אַ קרבן פאַר מיין טאַטן״.

„ברענג דעם קרבן פאַר מיר און זיך״, — האָט ער אַריינגענומען אירע הענט אין זיינע.

„כ׳פאַרשטיי ניט. מיין חסרון איז, וואָס כ׳בין צו שיין און דיין, וואָס האָסט מיך צופיל ליב. וואָס הייסט צופיל?״ — האָט זי זיך קוים איינגעהאַלטן פון צעוויינען זיך.

„כ׳זאָל ניט וועלן ווערן קיין איידעם פון אַ מיליאָנערישן שווער מיט געוואַלד. און מיט גוטן וועט דיין טאַטע ניט צושטימען צו אַ גוי און

אַ לערער פון קליינע אידיאָטן. ס׳גרינגסטע וואָלט פאַר מיר געווען דיך צווינגען מיט מיר חתונה האָבן. ערשטנס, האָסטו מיך פאַרפירט, מ׳קען אַפילו זאָגן, פאַרגוואַלדיקט, צווייטנס, איז ער דער מיליאָנער, אָבער וועט ער צושטימען צום גוי? דאָס איז דאָך מיין גרעסטער חסרון! דערפאַר מוזן מיר זוכן אַן אַנדערן אויסוועג, דערפאַר מוז איך ברענגען מיין ליבע צו דיר פאַר אַ קרבן אויף דיין מזבח, און אויפן מזבח פון די יידן״.

ראַזועלי האָט זיך געפילט צעבראָכן, באַליידיקט און פאַרשעמט פון זיין ציניש אָפּלאָכן פון איר ליבע צו אים, פון זייערע אינטימסטע מאָמענטן, וואָס זי האָט איבערגעלעבט אין העכסטער דערהויבונג. האָט ער ניט געפילט דאָס זעלבע? פילט ער ניט איר ציטער און צאַפּל פון איר נשמה און קערפּער, ווען זי איז נאָענט צו אים, ווי קען ער אַזוי רעדן אין איר אַנוועזנהייט?

איר אויג איז געפאַלן אויף דעם בעט, ווו זי האָט זיך מיט איר יוגנט־לעכן אייפער באַהאַפטן מיט אים און געמיינט, אַז אויך זיין וועזן באַהעפט זיך מיט איר. זיין כלומרשטער מינוטיקער עקסטאַז, האָט זי דאַן גענאַרט. דאָס צעשויבערטע בעט איז איר איצט מיאוס געווען. די גאַנצע שטוב ווו איר ליבע האָט געפונען אידעאַלן אויסדרוק, אויפגענומען אים מיט איר יוגנטלעכן ברען, די שטוב האָט איר איצט אויסגעזען מיאוס און אָפּשטויסנדיק. זי האָט געוואָלט אַרויסשפּרינגען דורכן פענצטער און אַנטלויפן. ס׳האָט זי געשווידערט צו קוקן אויף דעם צעשויבערטן צוואַר־פענעם בעט. ס׳האָט זיך איר געדוכט, אַז אויך דאָס בעט לאַכט אָפּ פון איר. „ווער איז דאָ געלעגן מיט אים נאָך מיר? דורך וועלכע פון מיינע חברטעס האָט ער זיך געלאָזט פאַרגוואַלדיקן?!״ — האָט זי געטראַכט און זיך אויפגעשטעלט צום גיין.

„דיין פאָטער וועט פאַרריכטן אַלץ. ער קען דיר קויפן דעם שענסטן און בעסטן מאַן. אַזאַ מציאה ווי איך בין, ועסטו קיינמאָל ניט פאַרשפּעטיקן. פאַרגעס מיך און דיין שלעכטע דערפאַרונג מיט מיר, שרייב עס צו צו דיין אויפוואַקסן. ועסט מיר אַמאָל דאַנקבאַר זיין, פאַרן ניט פאָלגן דיך איצט״, — האָט ער זי צוגעפירט צו דער טיר. — „דו האָסט אַ גוטן קאָפּ, געדענק־זשע, אַז עס געשען פאַלן אין לעבן, ווען מען קען קיין ליבע ניט קויפן מיט קיין געלט, ניט מיט קיין כמעט־ליבע, אַפילו ניט מיט זיך״.

ער האָט העפלעך געעפנט די טיר און אַריבערגייענדיק מיט איר איבער דער שוועל, האָט ער געזאָגט: „עגאָאיסטן שפּילן זיך אין ליבעס, האָבן חתונה, קריגן זיך, האָסן זיך, גטן זיך און ליבן זיך ווידער. אַנדערע לעבן די ליבע. וואָס איז שולדיק דער פלאַם, אַז די באַשעפעניש בריען זיך אָפּ, זאָל מען אפשר דעם פלאַם אויסלעשן?

אויף דער גאַס האָט זי דערפילט, ווי ס׳איז צעפלאַמט איר פּנים, ס׳קילע

ווינטל האָט אָפּגעקילט אַ ביסל איר צעהיצט געמיט. אויפֿן וועג אַהיים, האָט זי זיך דערמאָנט יענע נאַכט, מיט אים... ער האָט דעמאָלט ניט איבערגעלעבט קיין שום עקסטאַז, ניט אַרויסגעוויזן קיין נשמה־אויפֿברויז, ניט געהאַט אַפֿילו דזשאַנטעס פֿרייד פֿון אַ קוש. ער איז געווען ווי אַ הונגעריקער, וואָס עסט כּדי זאַט צו ווערן. ער איז אַוועק פֿון איר, ווי אַן אָפּגעגעסענער פֿון טיש... צופֿרידן פֿון געשטילטן הונגער און עס אַרט אים ניט דער איבערבלייב פֿון דער סעודה. ער איז זאַט, קען דזשאַנעטן האָבן די רעשט...

דערפֿאַרונג פֿאַרשאַרפֿט דעם שׂכל, אַ שלעכטע איבערלעבונג מאַכט רייף און פֿלינק דאָס טראַכטן. זי האָט איצט געטראַכט קלאָר און שאַרף. זי איז פּלוצים ווי אויסגעוואַקסן, אַלט געוואָרן, רייף איז געוואָרן איר פֿאַרשטאַנד. זי האָט אַפֿילו געזען גערעכטיקייט אין איר לערערס טענות, באַרעכנטקייט און אפֿשר ליבע... וואָלט ער געווען אַ שאַרלאַטאַן, ניט קיין ערלעכער מענטש, וואָלט ער מיט איר חתונה געהאַט, געצוווּנגען איר טאַטן ער זאָל אים נעמען פֿאַר אַן איידעם. דער איידעם פֿון דעם מיליאָנערישן מיסטער סאַראַד. אַ סקאַנדאַל, וואָס איז ניטאָ זיינס גלייכן. זי וואָלט געבליבן מיט אַ מאַן אַן אויסוווּרף און געלעבט אין בושה, אָן ליבע. זי האָט איבער־געטראַכט דעם שמועס מיט אים. „איז ער דען אַ שאַרלאַטאַן? ער איז ערלעך, ס׳איז געווען דערביי אַ קעגנזייטיקע צושטימונג, קיינער האָט קיינעם ניט פֿאַרגוואַלדיקט״.

די באַלויכטענע הויז שטובן האָבן איבערגעריסן איר טראַכטן. דאָס וואַכנדיקע הויז אין דער שפּעטער שעה פֿון דער נאַכט, האָט עדות געזאָגט, אַז מ׳זוכט זי, אַז די מוטער האָט געמוזט אַריינפֿאַלן אין אַ היסטערישן אָנפֿאַל. זי דאַרף איצט האָבן אַן ענטפֿער, פֿאַרוואָס זי איז אַרויס פֿון הויז און ווּ זי איז געווען די גאַנצע נאַכט. אַ כּעס האָט זי באַהערשט פֿון בלויזן טראַכטן, אַז זי דאַרף אָפּגעבן חשבון פֿון יעדן טריט אירן.

„וואָס הייסט, ווּ כ׳בין געווען?!״ — האָט זי זיך צעשריגן, ווען די מוטער מיט די ברידער זענען זי באַפֿאַלן, ווי נאָר זי איז אַריין אין הויז. — „כ׳בין געווען, ווּ כ׳האָב געוואָלט זיין, ווּ כ׳האָב געדאַרפֿט זיין. כ׳בין אַרויס זיך איבערגיין אַ ביסל, דאָס איז מיר שוין אויך פֿאַרווערט? דאָס דאַרף איך פֿרעגן ביי וועמען?״

די מוטער איז געווען צופֿרידן זי צו זען אַ געזונטע, זי איז געווען זיכער, אַז זי האָט זיך אַ מעשׂה אָנגעטאָן. איז זי איצט געווען צופֿרידן, וואָס זי זעט זי אַ לעבעדיקע. זי האָט געטריבן די קינדער צום שלאָפֿן גיין. אויך בען, וואָס איז פֿריער אַרומגעלאָפֿן, ווי אַ פֿאַרסמטער, איבער די גאַסן און זי געזוכט, האָט זיך אויך צעשריגן זיי זאָלן גיין שלאָפֿן. און

אליין איז ער אריין צו ראַזעלין אין צימער און פאַרלאַנגט זי זאָל אים זאָגן, וואָס עס טוט זיך ביי איר? ווו זי איז געווען ביז אַזוי שפּעט? זי געדראַט, אַז ער וועט גיין אין שול אַריין געוויר ווערן. אָבער ראַזעלי האָט זיך געהאַלטן ביי אירס: זי איז אַרויס שפּאַצירן, זיך איבערגיין אַ ביסל, פאַרגאַנגען ביזן טייך און צוריק, דאָס איז איבעריקנס קיינעמס עסק ניט.

„דאָס איז ביי דיר אַ שפּאַציר?! האָסט געדאַרפט אָנקוקן דער מאַמען!" — האָט בען זיך צעוואָרעמט.

„האָסט געמעגט זי הערן און זען, ווען דו ביסט פון הויז אַוועק!" — האָט ראַזעלי צוריק געענטפערט.

„וואָס פאַר אַ פאַרגלייך? איך האָב געהאַט צוליב וואָס אַוועקצוגיין פון הויז. פאַרוואָס ביזטו אומגעזוען אַרויס און אַלע האָבן געמיינט, אַז דו ביסט אין הויז. פאַרוואָס ביזטו איינע אַליין אַזש צום טייך פאַרקראָכן, אַזוי שפּעט ביינאַכט?"

ראַזעלי האָט זיך צעוויינט, צעשריגן זיך, אַז ער האָט ניט קיין רעכט זי צו מאַטערן מיט די אַלע שאלות. זי האָט אים פאַרגעוואָרפן גרעסערע עבירות און אים געטריבן פון איר שטוב.

„ס'איז דאָ געווען איינער, אַ דזשאַנעטן, דיך געזוכט, געוואַרט אויף דיר אַ לאַנגע צייט. די מאַמע האָט זיך מיט אים אַרומגעכאַפּט, ווי מיט אַן אייגענעם. ווער איז ער?" — האָט בען געפרעגט, דערנענטערנדיק זיך צו דער טיר.

ראַזעלי האָט אים ניט געענטפערט, נאָר זיך אַ וואָרף געטאָן אויפן בעט אין אירע מלבושים און אַזוי אָפּגעלעגן אַ וואַכנדיקע ביז האַלבער נאַכט, און לסוף אַזוי איינגעשלאָפן.

אינדערפרי האָט דזשאַנעטן געוואַרט ביים עק גאַס אויף ראַזעלין, צו נעמען זי אין שול אַריין. געוואַרט ביז דער סאַמער לעצטער מינוט און אָנגעקומען איז ער די לעצטע רגע אַליין. מיטאָג־צייט איז ער, עסנדיק אין אויטאָ, געפאָרן זי זען. ראַזעלי האָט זיך געריכט אויף זיין קומען, האָט זי אים אָפּגעוואַרט ביי דער טיר, און אים גלייך אַריינגעפירט אין עס־צימער.

„אַ דאַנק, דזשאַנעטן, כ'האָב געהאָפט זאָלסט קומען, ס'האָט מיך פאַר־דראָסן, וואָס כ'בין דאָ נעכטן ניט געווען, בעת דיין באַזוך ביי אונדז", — האָט זי זיך אַנטשולדיקט און אים געבעטן זיצן.

„נו, מילא נעכטן. פאַרוואָס ביזטו היינט ניט געקומען אין שול?" — האָט ער איר אַריינגעקוקט אין די אויגן.

„אַ, כ'ווייס אַליין ניט. כ'האָב עפּעס ניט גוט געפילט צו גיין היינט אין שול".

„אַלע וווּנדערן זיך, מ׳רעדט, אַז האָסט טובערקולאָז, וואָס איז דיר? ווו ביזטו געווען נעכטן ביינאַכט, אַזוי שפּעט?"

„ס׳איז שיין און אָרנטלעך, וואָס דו זאָרגסט זיך וועגן מיר, אָבער מיר איז גאָרניט. ווי איז אַרויסגעקומען דער ׳קעניג ליר׳?" — האָט זי ווידער אויסגעמיטן פון צו געבן אַן ענטפער.

„וואָס איז דיר?" — האָט ער זיך ניט געלאָזט אָוועקפירן פון זיין אינטערעס.

ראָזעלי איז צו נאָענט צו אים, אַנגעשטעלט אויף אים אירע פּערל־אויגן און זיך ביי אים געבעטן: „גוטער דזשאָנעטן, האָסט ניט געגלויבט, וואָס מ׳זאָגט און ביזט געקומען פרעגן. זאָג איך דיר, אַז ס׳איז מיר גאָרניט. כ׳האָב ניט קיין שום קרענק, גלויב מיר און גיי צוריק אין שול צו די לעקציעס און מאָרגן ברענג מיר, אויב דו ווילסט, די אַרבעט פון טאָג", — האָט זי אים געפירט צו דער טיר, אַנגעפּרעסט אים אַ הייסן קוש און אַרויסגעשטופּט פון טיר.

צומאָרגנס איז זי נאָך אַלץ געבליבן אין הויז, און דזשאָנעטן האָט איר געבראַכט די הויז־אַרבעט און איבערגעגעבן אַלץ, וואָס עס גייט אָן אין קלאַס די טעג. געבראַכט איר די בעסטע ווונטשן פון אַלע, אויך פון די לערער, וואָס באַדויערן שטאַרק איר פעלן אין קלאַס די לעצטע וואָכן פון לערן־יאָר, אָבער אַלע זענען זיכער, אַז זי וועט ניט פעלן צו אירע עקזאַמענס.

דזשאָנעטן איז אָפּגעזעסן ביז האַלבע נאַכט מיט ראָזעלין, געפילט זיך גוט. זיך אַפילו צוגעוווינט צו איר מוטער, וואָס איז איצט גוט געווען צו אים, געברענגט אים מילך מיט צובייסן. זי איז לעצטנס געוואָרן צו אים גאָר אַן אַנדערע, גאָרניט די זעלבע, ווי ביי זיין ערשטן באַזוך.

ער האָט זיך געפילט גוט אין סאַראַדס הויז, מקנא געווען די סאַראַד־פאַמיליע מיט דער הויז־האַרמאָניע, וואָס הערשט דאָ, די היים־אַטמאָספערע, די שטילקייט און רו, אַפילו ווען די מענטשן געפינען זיך אַלע אין הויז. ניט ווי ביי אים אין הויז — דער פאָטער כראָפּעט אין שכרות און די מאַמע פּרעפּלט שטענדיק תפילות. ער האָט מער ניט געפרעגט ראָזעלין ווען זי גייט צוריק אין שול, און זי האָט זיך ניט געאיילט צוריקצוגיין. אָבער אויף דער נייער פאַר־עקזאַמען־וואָך, איז זי צוריק געגאַנגען אין שול.

ס׳זענען נאָך געווען די לעצטע עקזאַמענס פונעם שול־יאָר. זי האָט זיך געהאַט פריער געגרייט אַריבערצוגיין אין לעצטן קלאַס, געהאַט שוין דאָרט חברים און חברטעס, געהאָפט אויפן צווייטן יאָר זיין דאָרט. איצט האָבן די האָפענונגען אויסגעזען ווי פון ווייטן אַמאָל. איצט איז איר האָפענונג

געווען אַפּהענגיק אינעם צווייטן וויזיט ביים דאָקטאָר, איר גאַנצע צוקונפט איז איצט געהאָנגען אויף דעם וויזיט...

ווען מ׳לאָזט זי, וואָלט זי מער אין שול ניט געגאַנגען, אָבער זי האָט ניט געקענט ניט צוריקגיין. קיינער האָט זי ניט געצווונגען אַ חוץ אירע חברטעס מיילער, וואָס וואָלטן צעלאָזט זייערע שלאַנגישע צינגער. איז זי געגאַנגען, כדי צו פאַרשטופּן זייערע מיילער, איידער זיי לאָזן זיך אַוועק אין גאַלאָפּ...

# קאַפּיטל 21

נאָך אין זיין פריען עלטער, האָט דזשאָנעטן אָנגעהויבן צוזאַמענשטעלן זיינע מאַכערייקעס אויף רעדלעך און געחלומט אַמאָל זיך אַרויסלאָזן זען דאָס לאַנד. די לעצטע עטלעכע יאָר, איז ער אין די שול־פרייע זומער־מאָנאַטן אַרומגעפאָרן אין דער פּראָווינץ, און דאָס יאָר האָט ער פּלאַנירט צו רעאַליזירן זיין אַלטן חלום: אַרויסצולאָזן זיך זען דעם מערב־טייל פון לאַנד, מיט אירע ברעגן און טאָלן, אין איר אוראַלטן פּרע־היסטאָרישן, בראשיתדיקן אויסזען, ווי גאָט האָט עס באַשאַפן.

באַלד נאָך די לעצטע זומער־פעריען האָט ער זיך גענומען גרייטן פאַר דער דאָזיקער רייזע. גענומען איינקויפן אַלטע טיילן פאַר זיין אַכט־יאָריק „פאַרדל״. דורכן ווינטער איבערגעקערט זיינע אינגעווייידן, אויסגע־שטאָט און אויסגעפּוצט דאָס אַלטע „פאַרדל״, וואָס איז איצט געגאַנגען ווי אַ „זייגער״. ער איז גרייט געווען זיך צו לאָזן אין וועג אַריין. איצט האָט ער אויך איינגעלאַדן ראָזעלין און צוגערעדט איר מוטער, זי זאָל איר דערלויבן מיטפאָרן, צוגעזאָגט צו זיין גוט און פרום, זיך אויפפירן לייטיש, אָפּהיטן ראָזעלין ס׳זאָל איר חלילה קיין שלעכטס ניט געשען.

„איך האָב אייער ראָזעלין...״ — האָט ער זיך פאַרהאַקט אינמיטן, ניט דערזאָגט, אַז ער האָט זי ליב, נאָר: — „אַרומגעפירט דאָ אין שטאָט, וועל איך זי אַרויספירן אַ ביסל פון שטאָט, איר מעגט מיר געטרויען, ס׳וועט איר קיין שלעכטס ניט געשען״.

ס׳איז ניט געווען קיין באַרימעריי, נאָר דער ריינער אמת, אַז מען מעג אים געטרויען. אַ סך האָבן אי געטרויט. דער שטאָט האָט אים געגלויבט, אַז ער האָט די פעאיקייט צו טרייבן אַן אויטאָ. דאָס „פאַרדל״ האָט מען אים געטרויט און ער האָט באַצאָלט ביז צו אַ סענט. ס׳האָט אים געטרויט דער אַפּטייקער, ביי וועמען ער האָט געאַרבעט אין די אָוונטן, אַ סך מענטשן האָבן אים געטרויט, פאַרוואָס זאָל אים ראָזעליס מוטער ניט געטרויען?

אויך ראָזעליס מוטער האָט אים געוואָלט געטרויען. זי האָט דאָך געמיינט, אַז ער איז דאָס דער גורם פון איר ווערן אַ באָבע. אָבער זי האָט ניט געזאָגט יאָ, ניט ניין. „מ׳וועט זען. ס׳איז דען געווענדט בלויז אין מיר?, ראָזעלי איז דען גרייט צו פאָרן איצט?" — האָט זי געקוקט צווייפֿלדייטיק צו ראָזעלין, וואָס איז געזעסן און געשוויגן.

מער האָט ער ניט געדאַרפֿט. פון איצט אָן האָט ער געגרייט די רייזע, פֿאַר זיך און ראָזעלין. זי אַליין האָט ער ניט געפרעגט, זי האָט דאָך געהערט, ווי די מוטער האָט דאָס איבערגעלאָזט צו איר אייגענער דעצידירן. הייסט עס, אַז זי פֿאָרט. „דו פֿאָרסט, פֿאָרסט!" — האָט ער איר דערמאָנט מיט פֿרייד. זי האָט אים אויסגעהערט, אונטערגעשמייכלט און געזאָגט, ווי איר מוטער: „מ׳וועט זען".

„וועסט פֿאָרן, כ׳גרייט אַלץ צו פֿאַר צוויי פּערזאָן". — האָט ער געענט־פֿערט פֿעסט און זיכער.

ראָזעלי האָט איצט געלייגט מער אַכט אויף זיך, ווי ווען עס איז פֿריער. זי האָט איצט אָנגעהויבן קוקן אויף זיך, צו הערן אַ סימן פון איר שוואַנגערשאַפֿט. אַריינגעכאַפּט אַפּט זיך אין די עלטערנס שלאָפֿצימער, ווו זי האָט ביים לאַנגן שפּיגל באַקוקט איר נאַקעטן בויך, די ברוסטן. ס׳איז אין איר שטאַרקער געוואָרן די האָפֿענונג, אַז ס׳קען אויך זיין אַ טעות.

איר האָפֿענונג איז אָבער ניט מקוים געוואָרן. דער צווייטער וויזיט ביים דאָקטאָר האָט באַשטעטיקט די ערשטע דיאַגנאָזע, אַז זי שוואַנגערט, אַז זי ווערט אַ מוטער.

עטלעכע טעג נאָכן צווייטן וויזיט, האָט זיך ראָזעלי אַרומגעדרייט ווי אין אַ פֿיבער־קרענק. אַנגסטלעכע געדאַנקען האָבן זיך איר אַרומגע־פּלאָנטערט אין קאָפּ. שעהן גאַנצע פֿלעגט זי אָפּזיצן אין בעט און געפּיקט זיך אין בויך, ביז די פֿלעגט פֿאַלן אין אָנמאַכט. אין איר בויך איז קיין שום ענדערונג ניט געשען. איר שיינע זאַרגלאָזע וועלט איז איר אונטער־געגאַנגען. פֿאַר דעם, וואָס עס דאַרף געשען, האָט זי זיך געשראָקן.

ביינאַכט האָבן זי קאָשמאַרע חלומות פֿאַרפֿאָלגט. אין איין חלום האָט זיך איר געדוכט, אַז זי פֿאַלט פון איר פֿאָטערס געביידע, פֿאַר זיינע אויגן, ער זעט און טוט גאָרניט זי צו ראַטעווען, זי זאָל ניט אַריינפֿאַלן אין דעם שטורמישן טייך. די כוואַליעס פֿאַרכאַפּן זי און טראָגן אַוועק צו דער מוטער אויף דער צווייטער זייט טייך, וועלכע רייסט זיך די האָר פון קאָפּ, געוואַלדעוועט, אָבער ראַטעווען זי קומט קיינער ניט. זי טרינקט זיך פֿאַר די אויגן פון אַלע.

די חלומות האָבן זי אויסגעשעפּט, געלאָזט איר אין אַ שוויים. די שטוב האָט זיך מיט איר געדרייט. זי האָט אויפֿגעהערט עסן, פֿאַרלוירן וואָג,

און גאַנצע טעג פון צימער ניט אַרויס. זי האָט געהערט די מוטער אַרומ־שלייכן זיך פאַר איר טיר, קרעכצן און אַכצן, טיילמאָל אויך וויינען. האָט זי דאָן פאַרשלאָסן די טיר פאַר איר, זי זאָל ניט אַריין ווייַנען איבער איר.

דזשאַנעטן פלעגט קומען יעדן טאָג געוויר ווערן צי זי איז שוין רייזע־גרייט, און יעדן טאָג האָט די מוטער געברענגט אַן אַנדערן תירוץ, פאַרוואָס ראַזעלי איז ניט גרייט. איינמאָל, ווען זי האָט געזען דזשאַנעטנען אַנקומען, איז זי צוגעלאָפן צו ראַזעליס טיר און אַריינגעשריגן: „אויב דו קומסט ניט אַרויס זיך זען מיט אים, וועל איך אַליין אים דערציילן אַלץ און זאָל עס נעמען אַ סוף, זאָל ער וויסן, וואָס ער האָט אָפּגעטאָן. ביי די אויערן וועל איך אים שלעפּן צום רב צו שטעלן אַ חופּה, איידער עס ווערט שפּעט, איידער עס נעמט שטעכן אין די אויגן!" — זי האָט זי אויך געוואָרנט, אַז אויב זי וועט ניט דערציילן דזשאַנעטנען דעם אמת, וועט זי איבערגעבן דעם טאַטן, וואָס עס גייט אָן אין זיין הויז. — „וואָס באַהאַלטסטו זיך פאַר אים, ווען מיר קאַרטשען זיך פאַר ווייטיק!" — האָט זי אַריינגעשריגן צו ראַזעלין.

פון ראַזעליס טיר האָט זי ניט געהערט קיין שאָרך אַפילו, ווי ס'וואָלט דאָרט קיינער ניט געווען. אָבער ווען די מוטער האָט אַריינגעלאָזט דזשאַ־נעטנען אין הויז אַריין, איז ראַזעלי אַרויס פון איר צימער, צו צו אים מיט איר זיס שמייכעלע, אים אָנגעזאָגט די פריילעכע נייעס, אַז זי איז גרייט מיטצופאָרן, און אים אַוועקגעפירט אין קיך אַריין, ער זאָל מיט איר מיטהאַלטן ביים פרישטיק.

די מוטער איז געוואָרן הייטערער. זי האָט ווידער אויפגעלעבט, ניט געלאָזט ראַזעלין גאָרניט טאָן אין קיך, און דערווייל אַליין געמומען גרייטן קאַווע, אַוועקגעשטעלט קוכן, פרישע זעמל, קעז, פּוטער, איינגעמאַכץ און מאַרמעלאַדע, וווּרשט, מאַרינירטן הערינג א.א.וו. זי האָט געוואָלט דורכן מאָגן דערגרייכן צו זיין האַרץ.

„כ'מיין, אַז וואָלסט געדאַרפט מיט אים שטעלן אַ חופּה, איידער דו פאָרסט מיט אים", — האָט די מוטער געזאָגט, ווען דזשאַנעטן האָט פאַרלאָזט ס'הויז.

„איך ווייס וואָס איך טו, די חופּה קען וואַרטן, אפשר וויל ער גאָר ניט קיין חופּה? ווען דעם טראַכסטו ניט?" — זי האָט זיך פאַרטאָן מיט עפּעס, כדי די מאַמע זאָל ניט זען, ווי זי רויטלט זיך פון די ליגנס און העלפט צו דער מוטער זיך נאַרן, מיינען, אַז דאָס איז דזשאַנעטן דער גורם פון איר שוואַנגער ווערן.

די מוטער האָט אויף איר געקוקט מיט שטוינונג: „איך פאַרשטיי דיך באמת ניט! דו דאַרפסט אים גאָר פרעגן צי ער וויל שטעלן אַ חופּה?!

פאַר אים איז שווין צו שפּעט ניט צו וועלן״. — זי האָט זיך צעוויינט. — „פאַרוואָס אייגנטלעך זאָל ער ניט וועלן, איך באַנעם עס ניט. דער שידוך שטייט אים ניט אָן? זיין יחוס איז פון הוילע צדיקים?״

„לאָז מיך צורו!״ — האָט ראַזעלי זיך צעבייזערט אויף דער מוטער. — „ווייסט וואָס עס איז מיין אומגליק? וואָס דו ביסט מיין מוטער״. — זי איז געלאָפן אין איר צימער, פאַרהאַקט די טיר און איז ניט אַרויס פון דאָרט ביז מאָרגן פרי, ווען דזשאָנעטן איז געקומען זי נעמען אויף דער רייזע.

„דזשאָנעטן, ביסט אַ מלאך״, — האָט זי געשעפּטשעט צו אים, ווען ער איז מיט זיין פאַרדל אַרויס פון שטאָט. דזשאָנעטן האָט ניט געענטפערט, נאָר ווייטער געטריבן און ניט אַראָפּגענומען קיין אויג פון וועג. אַנשטאָט איר ענטפערן, האָט ער גענומען אונטערברומען אַ לידל. זי האָט אָנגעשפּאַרט איר קאָפּ אויף זיין אַקסל און לייכט געדרימלט, ער האָט געיאָגט דאָס פאַרדל מיט געניטקייט.

„אויב וועסט וועלן עסן אָדער שלאָפן זאָג, וועל איך זיך אָפּשטעלן. אפשר ווילסטו זיך איצט צולייגן אויף דעם הינטערשטן געזעס?״ — האָט ער פאַרלאַנגזאַמט דאָס טרייבן.

זי האָט אַוועקגענומען איר קאָפּ פון זיין אַקסל, זי איז בכלל ניט שלעפעריק. נאָר פון צופרידנקייט האָט זי אָנגעלענט איר קאָפּ אויף אים. זי האָט זיך אונטערגעזונגען דזשאָנעטנס לידל פאַרגעסנדיק דערביי אָן אַלע אירע צרות. פאַרגעסן אַפילו די סיבה, צוליב וואָס זי פאָרט מיט... זי איז איצט אמתדיק צופרידן געווען מיט אים, מיט זיך.

איבער זיי איז געשטאַנען אַ דורכזיכטיקער בלויער הימל און פון דער מזרח־זייט האָט זיי באַגלייט אַ פריילעכע, ליכטיקע זון. דורכפאַרער האָבן זיך פאַרקוקט אויף זייער אַלט פאַרדל, איבערגעבליקט זיך מיט זיי, באַוווּנדערט דעם לויף פון דעם זקן־מאַשין, און געוווּנטשן דעם יונגן פּאָרל „באָן וואָיאַזש״.

דעם ערשטן טאָג איז דזשאָנעטן פאַרפאָרן ווייט פון אַ ישוב, כדי, לויט ראַזעליס פאַרלאַנג, צו מאַכן נאַכט ביי דער זייט פון אַ וועג, אינעם פעלד. ער איז אַראָפּ פון ברייטן שאַסיי, געמאַכט נאַכט פאַר זיך אויפן פאָרנטיקן געזעס. פאַר ראַזעלין האָט ער אויסגעבעט אויפן הינטער־געזעס און ביידע זענען באַלד טיף איינגעשלאָפן.

אַ הייסע זומערדיקע זון האָט זיי אויפגעוועקט אינדערפרי. אין אויטאָ איז געוואָרן הייס, שטיקנדיק. אַז מ׳האָט זיך ווייטער געלאָזט אין וועג אַריין, איז געוואָרן לוסטיק און פריילעך. מ׳איז אַריין אין עפּעס אַ פּראָווינציש פאַרשלאָפן שטעטל, אָבער ראַזעלי האָט געזוכט אַ מער לייטיש, מער וואַכעדיק אָרט. אַרום מיטאָג־צייט זענען זיי אָנגעקומען אין אַ לעבעדיק שטעטל, זיי האָבן עס אַרומגעקרייזט, באַקוקט אַרום און אַרום

און באַשלאָסן דאָ שטיין אַ טאָג־צוויי. אויסגעזוכט זיך אַ האָטעל, און דזשאָנעטן האָטביידן פאַרשריבן פאַר דזשאָנעטן און ראָזועלי טאָד — שוועסטער און ברודער.

„ס'האָט זיך מיר געגלוסט פאַרשרייבן: מיסטער און מיסעס דזשאָנעטן טאָד", — האָט ער איר איינגערוימט אין אויער. — „וואָלט עס דיך פאַרדראָסן?"

„אויב וואָלסט דאָס געוואָלט באמת און ערלעך, וואָלט דאָס מיך ניט געאַרט".

„איך מיין דאָס באמת".

„אויף שטענדיק?" — האָט זי שעלמיש אַ פרעג געטאָן.

„אויף שטענדיק, אָבער מיין מאַמע וואָלט געקריגן אַ האַרץ־פעלער", — האָט ער געזאָגט שטיל.

ראָזועלי האָט אָנגעשטעלט אויף אים אַ פּאָר פרעגנדיקע אויגן: „זי רעכנט דיך צו האַלטן בלויז פאַר זיך? זי וויל ניט זאָלסט חתונה האָבן, צוליב איר אַנטוישונג פון דיין טאַטן?" — האָט זי געפרעגט אין שפּאַס.

„ווייל זי איז אַ פרומע קאַטאָליקין, האָט פיינט יידן און פּראָטעסטאַנטן און זי וויל מיך פאַר אַ קאַטוילישער". — האָט דזשאָנעטן געענטפערט.

„און דיין טאַטע?" — האָט עס ראָזועלין זייער אינטערעסירט.

„אַ, אים וואָלט דאָס גראָד אַזוי פיל ניט געאַרט. ווי איז עס מיט דיין טאַטן? ווו איז ער דען, דיין טאַטע? איז ער טויט?" — האָט דזשאָנעטן געפרעגט, דערמאָנענדיק זיך, אַז ער האָט איר פאָטער קיינמאָל ניט געזען.

„גאָט באַהיט!" — האָט זי זיך אַזש אַ טרייסל געטאָן פון זיין פראַגע.

— „ער לעבט, לעבט זייער לעבעדיק! ווייסטו ניט, ווער מיין טאַטע איז?" — האָט זי זיך געוווּנדערט.

„ניין. איז ער דען עפּעס אַ ספּעציעלער טאַטע? אַ טאַטע מיט הערנער?" — האָט ער געשפּאַסט.

„הערנער, חלילה! אַ טאַטע מיט מיליאָנען".

אים האָט זיך געדוכט, אַז ראָזועלי שפּאַסט, אָבער איר פּנים האָט געוויזן ערנסטקייט. האָט זי טאַקע אַ טאַטן אַ מיליאָנער? ער האָט עס גיכער אָנגענומען פאַר אַ שפּאַס. ראָזועלי וואָלט זיך ניט באַרימט, ווען איר טאַטע איז טאַקע אַ מיליאָנער. אָבער פאַרגעדענקט האָט ער דאָס זייער גוט.

דורכפאָרנדיק שטרעקעס פּוסטן מדבר, האָט ער אומאויפהערלעך גע־טראַכט איבער ראָזועליס שפּאַס וועגן איר מיליאָנערישן טאַטן. אין סאַראַדס הויז האָט ער ניט געזען קיין אָרעמקייט, אָבער קיין ספּעציעל רייכטום האָט ער דאָרט אויך ניט געזען, וואָס־זשע פאַר אַ שפּיציקער שפּאַס איז דאָס געווען? ער איז אין איר פאַרליבט — איר שיין פּנים, איר גראַציעזע פיגור, אירע שיינע, סימעטריש־געבויטע פיסלעך, איר זיס קול, איר

ווייבלעכער שמייכל — בלויז מעלות, וואָס האָבן אים געכישופט ווי די אַנדערע בחורים, און אַז ער האָט ביי איר מער אויסגענומען, האָט עס אים געשמייכלט און אָנגעפילט מיט מענערישער גאווה.

אויפן זעקסטן טאָג זענען זיי אָנגעקומען אין אַ באַרגיקער געגנט, מיט הויכע פעלזן־בערג און גרינע טיפע טאָלן. דאָס אַלטע פאָרדל האָט זיגזאַגיש געקלעטערט איבער זיי. דזשאָנעטנס פלינקע הענט האָבן געפירט איבער די געשלענגלטע, ספּיראַלע וועגן. זיי זענען איצט געפאָרן טויזנטער פוס איבערן ים־פלאַך, אַרום טיפע תהומען, ס'האָט געשווינדלט אין קאָפּ אַראָפּקוקנדיק אין זיי. איבער אַ מינדסטן ניט־ריכטיקן אָפּנויג מיטן רעדל האָט מען געקענט דאָס לעבן פאַרלירן, דזשאָנעטן האָט געניט געקירעוועט מיטן רעדל.

דאָס פּראַכטפולע בילד פון הימל צווישן בערג, שטייגנדיקע בערג־שפּיצן צו די הויכקייטן פון די הימלען, שטיקער וואָלקנס ווי ווייסע שאַלן אַרום די בערגיקע רונדיקייטן, דער גאַנצער נאַטור־רייכער פּייזאַזש האָט פאַרכאַפּט דעם אָטעם.

די לופט אַרום איז געווען טיול־מעסיק, דורכזיכטיק. מ'האָט געהאַט דאָס געפיל, ווען מ'זאָל דורך דער בלויקייט אויסשטרעקן אַ האַנט, וואָלט מען דערגרייכט די הימלען. אַלץ אַרום דאָ איז געווען פּרעכטיק שיין, אַ רויע נאַטור־שיינקייט, אַ מין בראשיתדיקע פּראַכט איז געלעגן אויסגע־שפּרייט צווישן בערג און הימל און צווישן משופּעדיקע בערג־טאָלן. איבער אַלץ האָט דאָ געשוועבט ליכטיקע זון־בלויקייט.

ביידע האָבן געשוויגן. ניט געוואָלט וואָכנדיק מאַכן מיט רייד, פאַר־שוועכן די הערלעכע פּאַנאָראַמע, פון דעם וווּנדערלעכן באַשאַף, פון מעשה בראשית.

מיט יעדן סערפּענטין־קלעטער אַרום אַ באַרג, איז געוואַקסן איר עקסטאַז. זי האָט אים פּלוצים געהייסן אָפּשטעלן זיך, זי וויל אַרויסגיין פון פאָרדל און זיך אָנזעטיקן מיט דער נאַטור־פּראַכט, און אויך ער זאָל הנאה האָבן פון די אַרומיקע וווּנדערלעכקייטן.

שטייענדיק אַזוי, אינמיטן פון דער שפּיץ־באַרגיקער וווּנדער־וועלט, האָט זי געזען מיט אירע אייגענע אויגן, וואָס זי האָט געלערנט און געלייענט אין די ביכער, אָבער קיינמאָל ניט געגלויבט אַפילו, אַז דאָס נאַטור־בילד קען זיין אַזוי לעבעדיק, אַזוי פאַרכישופט שיין, אַזוי פאַרכאַפּנדיק! זי האָט געזאָגט: „אַרעם און כמעט אינהאַלטלאָז זענען די באַשרייבונגען אין די ביכער, אַנטקעגן דער פאַרבנרייכערווירקלעכקייט, ווי מינדערווערטיק זענען די שפּראַך־שילדערונגס־מעגלעכקייטן".

דזשאָנעטן האָט ליב געהאַט צו הערן איר קול און ניט איבערגעשלאָגן איר באַגייסטערונג, וואָס זי האָט אויסגעשריגן צו אים און צו דער וועלט

אַרום. דאָס קול אירס, איז אים דורך די עטלעכע רייזע־טעג געוואָרן באַענט, ער איז אַפילו צופרידן געווען פון איר אַן־שפּראַכיקער עקזאַלטירונג. איר קול־קלאַנג האָט אים באַרוישט.

כאָטש די זון האָט זיך שוין געהאַט פאַרטראָגן ווייט אויף מערב זייט, צווישן בערג און טאָלן, ס'האָט שוין געשאָטנט דער פאַרנאַכט, און צו אַ שטאָט איז לויט זיין מאַפּע געווען מיילן ווייט, האָט ער דאָך געוואָרט אַ לאַנגע צייט אין שטיל־שווייגן, געלאָזט איר איינזאַפּן דעם פּרעכטיקן אַרום.

„איצט מוז מען פאָרן. אויב דו ווילסט וועלן, פאָרן מיר צו אַ בערגיקן זון־אויפגאַנג אַ צווייט מאָל און דאָרט פאַרברענגען אַ גאַנצן טאָג, איצט מוזן מיר פאָרן, איידער עס פאַלט צו די נאַכט". — ער האָט גענומען פירן דאָס פאָרדל צוריק.

„אין דער היים לעבן מיר אין אַ מאָנאָטאָנע, קאָלירלאָזע וועלט", — האָט זי געזאָגט נאָך אַ ווײַלע פון שטיל־שווייגן.

דאָס פאָרדל איז פּלוצים אַריין אין אַ באַרג־אויסהוילעניש, אין אַ פאַנ־טאַסטישן פאַרבן־געמיש פון גרוי־גרין־בלוי און ווייס־רויטן־זשאַווער ניואַנס, וואָס האָט אויסגעזען ווי אַלט גאָלד וואָלט אַרויסגעשיינט פון דער ליימיקער ערד. ווידער איז זי פאַרכאַפּט געוואָרן פון דעם שלל פון פאַרביקע נאַטור־אוצרות. באַלד האָט זיך באַוויזן אַ שטעטל.

ער האָט געוואָלט האַלטן זיין נעכטיקן צוזאָג, נעמען זי צו אַ באַרגיקן זון־אויפגאַנג. ווי נאָר ס'האָט גענומען טאָגן, האָט ער זי גענומען וועקן, קלאַפּן אין טיר פון איר צימער, אָבער אָן דערפאָלג. זי איז געווען מיד און אויסגעשעפּט פון נעכטיקן אַרומרייזן, פון אויף זיין מיט אים ביז האַלבער נאַכט. געשלאָפן ווי געהרגעט. ווען זי איז אויפגעשטאַנען אָן אויסגערוטע, איז די זון שוין געשטאַנען אין מיטן הימל. די רעשט פון טאָג האָבן זיי פאַרבראַכט אין שאָטן פון די בענף־בערג, צופוסנס פון די מאַיעסטעטישע ריזן־פעלדזן, און לעבן זיי האָט אויך גערוט דאָס אַלטע פאָרדל. דאָרט האָבן זיי געמאַכט פּלענער, ניט בלויז פאָרן מאָרגנדיקן זון־אויפגאַנג, נאָר האָבן זיך פאַרטראָגן אויף די פליגל פון דער װוּנדער־לעכער נאַטור, צו דמיונדיקע, האָריזאָנטאַלע מאַרגנס. דאָ, אין שאָטן פון די ריזיקע פעלדזיקע בערג, איז דזשאָנעטן געוואָרן ראָמאַנטיש־דרייסט, מוטיק... און ווען ראָזעלי האָט אָנגעשפּאַרט אירע פיס־שפּיצן אויף זיינע, האָט ער געוואָגט זיי אָנרירן בלויז, דערנאָך זיי געגלעט, און געפילט איר צאַפּל אונטער זיינע לאַשטשענדיקע פינגער — זי איז שוואַך געוואָרן פון זיין באַריר.

אין דער טונקלקייט פון דער אָנקומענדיקער נאַכט האָט ער געהערט איר לייגן זיך אים צופוסנס, געפילט די נאָכגיביקייט פון איר קערפּער

צו זיין הענט־לאַשטשען. געלאָזט אים טאָן מיט איר, וואָס עס האָט זיך אים געוואָלט. און ניט בלויז קיין קוש האָט ער געוואָלט. ער האָט זי געוואָלט איבגאַנצן — ער האָט זיינט דערגרייכט...

צומאַרגנס האָט ער מקיים געווען זיין צוזאָג, געגומען זי זען אַ זון־אויפגאַנג אויף די בערג. שפּעטער זי צוגעפירט צו דעם „קאָלומביאַ"־אייזפעלד־ווונדער, צו דעם טויזנט־יאָריקן געפרוירענעם אייז־און־שניי־באַרג, וואָס ליגט אַריינגעפּרעסט צווישן דריי פעלזן, וואָס היטן און שיצן אים פון די זומערדיקע היצן. וואָס די יולי־זון צעשמעלצט בייטאָג, פאַר־פרירט צוריק די לבנה ביינאַכט. און דער ווינטער הערט דאָרט ניט אויף צו קעניגן. אַפילו אין די גרעסטע היצן, איז אויפן אייז־באַרג אייביקער ווינטער.

דאָ, אויפן אייז־באַרג, איז געווען אַ פאַרכישופטע וועלט. די באַזוכער זענען אויף דעם אייז־פעלד געוואָרן אַנדערע מענטשן, ס'האָט זיי איבער־געוועלטיקט אַ פאַרלאַנג צו פאַרבלייבן דאָ, ווו צייט האָט קיין שליטה, ווו אַלץ לעבט דאָ אייביק. אַ קוואַלנדיקער טייך שטייט דעם אייז־באַרג צופוסנס, אַנטלויפט ניט פון זיין שטאָם, ווערט גאַרניט אַלט, דאָ קומט פאַר אַן אומאויפהערלעכע באַנייאונג פון דער נאַטור. די שטיינערדיקע פעלזן וואַקסן, און סאַמעטענער מאָך־גרין מישט זיך מיטן הימליש־בלויען תכלת.

ווען דער שניימאָביל האָט זיי צוריקגעפירט צום אויסשטייגן, האָט ראַזעלי באַדויערט, וואָס מ'קען דאָ ניט בלייבן, וואָס מען מוז זיך אומקערן צו דעם ערדישן מיראַזש, צו דער פאַלשער וועלט און פאַלשע מענטשן. דזשאַנעטן האָט געלאַכט פון איר משונהדיקן איינפאַל און הנאה'דיק געשוויגן, איר זיס קול האָט אים צעוואַרעמט.

אין שפּעטן נאָכמיטאָג, אויפן וועג אַהיים פון „קאָלומביאַ"־אייז־פעלד, האָט דזשאַנעטן אויסגעזוכט, ווי נעכטן, אַ הויך־גראַזיק אָרט, צופוסנס די בערג, דאָרט זיך אַפּגעשטעלט רוען, עסן, איבעררעדן די באַרוישנדיקע איבערלעבונג אויפן אייז־באַרג, דעם אומגעווייגלעכן נאַטור־ווונדער.

ראַזעלי האָט זיך ווי נעכטן געזעצט אים צופוסנס, אָבער שוין ניט געלאָזט מער רוען אירע פיס אויף זיינע. געהאַלטן זיך אַ שטח ווייט פון אים, און מער ווי אַ קוש האָט ער ביי איר ניט אויסגעבעטן. גוטמוטיק האָט זי אים אויפגעקלערט, פאַרוואָס ניט מער ווי אַ קוש, אַ גלעט אין פּנים:

„פון אַ קוש און אַ גלעט, איז נאָך קיין מיידל ניט פאַרגאַנגען אין שוואַנגערשאַפט. וואָס וועט זיין, אויב כ'בין נעכטן אַריין אין אַנדערע אומשטענדן? קענסט נאָך אַמאָל דאַרפן מיט מיר חתונה האָבן", — האָט זי אַזוי זיך אַרויסגערעדט פון דער טונקלקייט.

„הלוואי", — האָט ער איר געענטפערט מיט אַ לאַנגן קוש אין מויל און אַנטשוויגן געוואָרן.

„אַהאַ, טראַכסט שוין איבער", — האָט זי זיך קאָקעטיש גערייצט מיט אים.

„כ'בין גרייט מיט דיר חתונה צו האָבן, אַפילו מאָרגן, אויב דייַנע עלטערן וועלן מיך וועלן פאַר אַן איידעם", — האָט ער איר אַרייַנגעשושקעט אין אויער.

„לאָמיר זייַ צוויַנגען", — איז זי אים אַרויפגעפאַלן אויף זייַן האַלדז און אים הייס געקושט, געשיקט אים צום פאָרדל, ער זאָל ברענגען אַ קאָלדרע, אויסצושפּרייטן איבערן גראָז...

„דו ביסט קלוג, גוט און שיין!" — האָט ער געזאָגט און זי געקושט און געהאַלזט. אַרייַנגעכאַפּט זי אין זייַנע הענט. אין זייַנע שטאַרקע אָרעמס איז זי אַרייַן אין אַ זיסן טראַנס. אַ וואַרעמער שטראָם האָט אַרומגעריזלט אין זייערע אָדערן, אַ באַרוישנדיקער שטראָם און אַ באַרואיקנדיקער... אויפגעוועקט זיי פון זייער זאַטן שלאָף, האָט דאָס שאָרשען פון טרוקענע בלעטער דורך די פיר־פיסיקע וואַלד־אייַנוווינער, וואָס זענען געקומען שטילן זייער בייגער, זען ווער ס'זענען די נייע וואַלד־לאָקאַטאָרן.

ראָזועלין האָט געגומען ציען אַהיים. זי האָט אים צוגערעדט, ער זאָל פאַרקיי־העווען דאָס פאָרדל אויפן וועג אַהיים. ער האָט ניט געקאָנט פאַר־שטיין איר פלוצימדיקע בענקעניש צוריק צו פאָרן. ער האָט זי געפרעגט: „און וואַנקוווער, דעם מיניאַטור 'ריאָ' אונדזערן, ווילסטו ניט זען? זייַן אַזוי באָענט און זי ניט זען? באמת, אַ גרויסע עבירה. כ'וויל ניט גלויבן, אַז דו ווילסט באַגיין אַזאַ נאַרישקייט". — ער האָט זייַנס אויסגעפירט.

וואַנקוווער, די לעצטע, גרויסע, קאַנאַדישע שטאָט, ביים פּאַסיפישן ברעג־ים, האָט זי אינטערעסירט, אָבער קיין ענטוזיאַזם ביי איר ניט אַרויסגערופן. אַפילו דאָס גאָרטן־און־בלומען־שטעטל „וויקטאָריאַ", וואָס האָט געבליט און געשפּראָצט קאַלירפול אין אַלע ווינקלען, האָט זי מער ניט באַגייסטערט. ס'האָט זי געצויגן אַהיים.

די בערג אַרום וואַנקוווער האָבן נאָך געוועקט אינטערעס און געהאַלטן זי געשפּאַנט. די הענג־בריק איבער דעם טיפן אַפּגרונט פון די ריזיקע רויטע האָלץ וואַלד ביימער, האָט געכישופט און געצויבערט, אָנגעפילט מיט וווּנדער. אָבער ווי נאָר מ'איז אַרייַן אין די לאַנגע אומענדלעכע פעל־דער־שטרעקעס פון קאַנאַדישן תבואה־ים, האָט זי זיך געלאַנגווייליקט, געדרימלט מער ווי וואַך געווען.

אַפילו דאָס פאָרדל איז איר ענג און מיאוס געוואָרן, און ווי נאָר זי האָט דערזען אויפן האָריזאָנט אַ שפּיץ פון אַ שטעטל, איז זי גרייט געווען אַרויסצושפּרינגען פון דער פאָרנדיקער „קלאַטשע" און צוגיין צופוס

דאָס שטיקל וועג אין שטעטל אַריין. איר איינציק פאַרגעניגן איז איצט געוועזן — שלאָפן. שלאָפן אַליין, שלאָפן מיט דזשאָנען. זיי האָבן פאַר־בראַכט די בשותפותדיקע נעכט, אין די שטעטלעך, אויפן וועג אַהיים.

זי האָט געהאַט פרייד לעבן דזשאָנען, גליקלעך געווען מיט אים און האָט אים אַפילו אמתדיק ליב געקריגן, געגאָסן פון זיין ליבע מיט אַ פולער מאָס... אים זיך איבערגעגעבן מיט יונגן ברען פון איר לייב און נשמה. פריי, זאָרגלאָז, אָן שום מורא פאַר שוואַנגערשאַפט, אָן שום פאַרוואורף קעגן אים, קעגן זיך.



אויף די שליאַכן פון די אומענדלעכע פוסטע לאַנד־שטרעקעס, איז אַלץ געווען פריי, ענדלאָז און זאָרגלאָז. אָבער ווי נאָר מ'איז צוריק אין שטאָט אַריין, אין די היימישע הייזער, האָבן זיך אויף זיי אַראָפּגעלאָזט די אַלטע זאָרגן, אַלטע און נייע פּראָבלעמען. ראָזעליס מוטער האָט געמיינט, אַז דזשאָנען איז אַ ייד. דער פאָטער האָט אים אַפילו ניט געקאָנט, און זיי האָבן ניט געוווּסט, אַז ער שטאַמט פון פרומע קאַטאָליקן. און דזשאָנענס עלטערן האָבן ניט געוווּסט, אַז עס עקזיסטירט אַ ראָזעלי. ווי אַזוי מגלה צו זיין דעם סוד, דאָס איז איצט געווען זיין זאָרג, און ראָזעלי האָט זיך געפייניקט, ווי אַזוי דעקט מען אויף פאַר אירע עלטערן דזשאָנענס גויאישקייט. זי איז איצט זיכער געווען, אַז דער פאָטער ווייסט שוין פון אים, און זי וועט די עלטערן דאַרפן געבן אָן ענטפער ווי זי האַלט מיט אים.

ווי נאָר ראָזעלי איז אַריבער די שוועל פון הויז, האָבן זי באַגעגנט די מוטערס פרעגנדיקע אויגן. זי האָט זיי אויסגעמיטן און ניט געענטפערט. האָט דאָן די מוטער פראָסט און פשוט געפרעגט: „נו? איז ער גרייט שטעלן אַ חופה?"

„ווען דו וועסט אים זען פרעג אים, מיר וועסטו סייווי ניט גלויבן", — האָט ראָזעלי אומגעדולדיק געענטפערט.

„דו רעדסט דאָך נאַרישקייטן, וואָס הייסט ניט גלויבן? איך פרעג דאָך טאַקע דיך. כ'זאָל אים ניט דאַרפן פרעגן", — האָט זי געשפּיזלט און געפרוווט אַריינדרינגען אין איר מיט די אויגן.

„און אַז איך וועל דיר זאָגן יאָ, וועסטו דען ביי אים ניט איבער־פרעגן?" — האָט ראָזעלי געטענהט.

די מוטער האָט אַ באַוועג געטאָן מיט דער האַנט און איז צו צום פענצטער, דאָרט איינגעגראָבן איר פּנים: „ס'איז פון דיר ניט אויסצו־האַלטן! ס'קומט דיר נאָך אַ רעשט צו צאָלן, ביסט נאָר אַריין אין הויז

און ביסט שוין פול מיט כעס", — האָט זי אַריינגעמורמלט אין דער שויב אַריין.



די צווייטע זאַך, וואָס דזשאַנעטען האָט געטאָן נאָכן אוועקשטעלן דאָס פֿאָרדל, איז געווען דאָס געוויר ווערן, ווער ס'איז מיסטער סאַראַד, ראַזעליס פֿאָטער. איז ער אַ מיליאָנער, ווי ראַזעלי האָט געחוזקט, קען מען אים אין שטאָט, קען מען אים זיכער אין דעם געזאָלין־סטעישאָן, ווו ער קויפֿט געזאָלין פֿאַר זיין אויטאָ.

אין געזאָלין־סטעישאָן האָט ער קיין סך ניט געדאַרפֿט פֿרעגן. דאָרט האָט מען אים געוויזן גאַנצע צוויי זייטן פֿון טעלעפֿאָן בוך מיט סאַראַדס אונטערנעמונגען — פֿאַבריקן, געשעפֿטן, געביידעס, אַגענטורן א.א.וו. די צוויי אָנגעפּיקעוועטע טעלעפֿאָן־זייטן פֿון דער סאַראַד־אימפּעריע, האָט אים דערשראָקן אויף „טויט". און אַלס צולאָג, האָט מען אים געוויזן אַ צייטונג, ווו ס'איז באַריכטעט געוואָרן דאָס איבערגיין פֿונעם גרעסטן האָטעל אין שטאָט צו אַ סאַראַד קאָרפּאָראַציע, וואָס וועט אָנפֿירן מיט דעם האָטעל.

דעם איינצלנעם ענטפֿער, וואָס דזשאַנעטען האָט געקאָנט געבן אויף דער פֿראַגע, וואָס ס'איז זיין אינטערעס אין די סאַראַדס, איז געווען אין גרויסער „וואָו!" און נאָכאַמאָל: „וואָו" און אין זיינע אויגן האָט אויפֿגעבליצט אַ פֿייערל.

אַלע אין געזאָלין־סטעישאָן האָבן זיך צעלאַכט פֿון זיין „וואָו!" געחוזקט פֿון אים און פֿאַרגעוואָרפֿן, אַז ער איז אַ ביסל צעדרייט פֿון זיין מערבֿדיקער רייזע. אַלע האָבן זיך געוויצלט אַ חוץ דער אַלטער וויק, וואָס נעמט איבער די נאַכט־שיכטן אין דעם געזאָלין־סטעישאָן, וואָס האָט אים געהאָלפֿן איבערניטשעווען דאָס אַלטע פֿאָרדל פֿאַר דער צוויי־רייזע.

ער איינער האָט פֿאַרשטאַנען, ווער ס'איז געווען דער צווייטער מיטפֿאָרער, אַז ס'איז גאָר געווען אַ צווייטע — סאַראַדס טאָכטער. „האָט זי אויך אַ שיין פּנים און שכל, צי בלויז געלט?" — האָט ער געפֿרעגט דזשאַנעטען צופֿירנדיק אים אין דרויסן אַרויס.

אָבער דזשאַנעטען איז געווען אַזוי איבערראַשט פֿון זיין אַנטדעקונג, אַז ער האָט גאָרניט געהערט דעם אַלטנס פֿראַגע. אים האָט פּלוצים באַהערשט אַ מין וויטקייט און אַ געפֿיל פֿון פֿרעמדקייט צום סאַראַד־הויז, צו ראַזעלין און ער איז שוין די נאַכט ניט געגאַנגען זי זען, ווי ער האָט פּלאַנירט אינדערפֿרי, ווען ער האָט זי געבראַכט אַהיים.

אויך ראַזעלי האָט ניט אויסגעקוקט אויף אים די נאַכט, געווונטשן זיך, ער זאָל זיך ניט באַווייזן היינט אין איר הויז, איידער זי וועט מגלה

זיין איר סוד, אַז דער נאָמען דזשאָנעטען איז בלויז פון יידישן אָפּשטאַם. פאַרגויאיש פון שאול המלך׳ס זון יונתן אויף דזשאָנעטען, ווייל דזשאָנעטנס עלטערן זענען רוימיש־קאַטוילישע קריסטן.

דזשאָנעטען איז אַרומגעקראָכן איבערן גרויסן שטאַטישן פּאַרק און זי איז געזעסן אין איר באַקוועם רייך הויז און געפּילט זיך ווי אין אַ תפיסה. דורך דער צייט, וואָס זי איז אין הויז ניט געווען, געווען אויף דער מערב־רייזע מיט דזשאָנעטען, האָט די מוטער אויפגעקלערט איר מאַן די סיבה, דעם סוד, פאַרוואָס ראָזעלי האָט געמוזט מיטפאָרן מיט דזשאָנעטען אויף דער לאַנד־רייזע... און ער האָט אַנגעזאָגט, מ׳זאָל אים באַלד לאָזן וויסן, ווען זי וועט צוריקקומען, זי זאָל פון הויז ניט אַרויס, ביז ער וועט רעדן מיט איר.

איז זי געזעסן מיט דער מוטער אין הויז און געוואַרט אויפן פאָטער, כדי צו האָבן מיט אים דאָס געשפּרעך. אָבער וואָס און ווי אַזוי דערציילן? אוי, ווי זי האָט איצט געוואָלט זיין דאָס קליינע מיידעלע פון אַמאָל, ווען זי האָט צו אים געקאָנט רעדן אַלץ, וואָס איר האַרץ האָט געגלוסט. ווען זי וואָלט איצט קענען דערציילן אַלץ, וואָס אין איר האַרץ טוט זיך! זי האָט זיך געשראָקן פאַר דער באַגעגעניש מיטן פאָטער, אָבער נאָכמער האָט זי זיך געשראָקן פאַר דער היסטעריע פון דער מוטער.

דעם פרימאָרגן ווען ראָזעלי איז אַהיים געקומען און מ׳האָט אים געלאָזט וויסן, אַז זי איז דאָ, איז דער טאָג געוואָרן פיבערדיק און פול מיט אויפרעגונג, אין געריי‌צטער דערוואַרטונג. אָט האָט ער געוואָלט אַלץ איבערלאָזן און אַהיים לויפן, און אָט האָט ער געבעטן דער טאָג זאָל זיך ניט ענדיקן, ער זאָל ניט דאַרפן אַהיים גיין צו דער באַגעגעניש. אָבער דער טאָג האָט זיך געענדיקט. אויפן וועג אַהיים האָט ער אָנגעקליבן מוט און קוראַזש צו דער באַגעגעניש מיט זיין טאָכטער, וואָס איז פּלוצים, פון אַ קינד געוואָרן אַ פרוי, און אַ גרויס רחמנות האָט אים באַנומען צו זיין קינד, וואָס איז געפאַלן אַ קרבן פון זיין קראַנקן שלום־בית. וואָס נענטער ער איז געקומען צו זיין הויז, איז געוואַקסן זיין חשק צו אַנטלויפן פון דעם הויז. אַרויסנעמען ראָזעלין און אַנטלויפן, ראַטעווען די קינדער פון דאָרט, ווי ס׳וואָלט דאָרט געברענט.

ער איז אַריין אין הויז מיט שטורעם, ווי ס׳וואָלט דאָרט געווען אַ שריפה. אויפגעפּראַלט די טיר, אַדורכגעלאָפן די קיך און דעם עס־צימער ווו דאָס ווייב מיט ראָזעלין האָבן געוואַרט אויף אים. ער איז גלייך אַריין אין ראָזעליס צימער. ראָזעלי איז אים נאָכגעגאַנגען. זי האָט בעסער געוואָלט הערן די שטראָף־רייד פון טאַטן, איידער די היסטעריע פון דער מאַמען, איר קרעכצן און אָכצן. דעם גאַנצן טאָג האָט זי זיך געשראָקן פאַר דער מוטערס היסטעריע־אָנפאַל, ווען דער פאָטער וועט

קומען. איז זי איצט מיט דאַנקבאַרקייט נאָכגעגאַנגען דעם פּאַטער אין איר צימער אַריין.

די טיר איז געבליבן אָפן, געוואַרט אויף איר אַריינקומען. זי איז אַריין, האָט זיך די טיר פאַרמאַכט ווי פון זיך אַליין. ראַזעלי האָט זיך געזעצט אויף איר בעט און דער פּאַטער איז געבליבן שטיין, גוט זי באַטראַכט פונדערווייטנס, און זיך אויך צוגעזעצט צו איר אויפן בעט, געפרעגט אויף איר געזונט, ווי די רייזע איז איר אַדורך, ווי זי האָט פאַרבראַכט. ער האָט געוואָלט איר אַ גלעט טאָן איבערן קאָפּ, אָבער זיך דערמאָנט, אַז דאָס איז שוין ניט דאָס קינד ראַזעלי, נאָר די פרוי ראַזעלי, וואָס וועט אינגיכן ווערן אַ מוטער, אינגיכן אַליין האָבן אַ קינד.

„די מאַמע זאָגט מיר, אַז דער דזשאָנעטען דיינער, וויל מיט דיר אַ חופּה שטעלן, דאָס פאַרשטיי איך. שיין און רייך, פאַרוואָס זאָל ער ניט וועלן? אָבער ווילסטו אויך? איז ער דאָס, וואָס דו ווילסט? ברענג אים און לאָמיר זיך באַקענען מיט אים, מיט זיינע עלטערן, שוין צייט מיין איך", — האָט דער פּאַטער זיך אויפגעשטעלט פון בעט.

ראַזעלי איז געזעסן און געשוויגן. טרערן האָבן זי געשטיקט אין האַלדז, געראַנגלט זיך איר אין קעל, זי האָט זיי געשלונגען די הייסע טרערן, ניט אַרויסצופּלאַצן מיט קיין געוויין. זי האָט אָבער מער ניט געקאָנט זיך צוריקהאַלטן און אַרויסגעפּלייצט אין אַ יאָמערלעך געוויין און אין אַלץ זיך מודה געווען פאַר איר פּאַטער. העשנדיק מיט ווייטיק, האָט זי אים אַלץ דערציילט: פון איר ליבע צום ענגלישן ליטעראַטור-לערער, ביזן פאָרן מיט דזשאָנעטען, כדי אים איינצורעדן, אַז ער איז דער פּאַטער פון איר קינד און איז וויליק מיט איר אַ חופּה צו שטעלן.

סעמיועל סאַראַד איז פאַרשטיינערט געוואָרן און האָט פאַרלוירן דאָס לשון, ניט געוואָלט גלויבן, אַז ער הערט דאָס פון זיין אייגן קינד. אַז דאָס דערציילט אים זיין ראַזעלי די שאָקירנדיקע זאַכן פון זיך אַליין, אַז אַזוי נידעריק איז געפאַלן זיין טאָכטער. ער האָט אינסטינקטיוו אַוועק־גענומען דאָס אויער, ניט צו הערן מער.

די שטילקייט אין צימער האָט געהילכט אין זיינע אויערן. אַ לאַנגע צייט האָט ראַזעליס רעוועלאַציע אים צעטומלט און ער האָט ניט געקאָנט אַרויסברענגען קיין וואָרט, דאָס פּנים ניט געקאָנט אומקערן צו איר. ער האָט זי געפרעגט אין חלל אַריין: „נו ווילסטו מיט אים אַ חופּה שטעלן?"

„אויב איר ווילט", — האָט זי אַרויסגעהעשעט די ווערטער.

„איך וואָלט געוואָלט ניט וועלן, אָבער קען איך דען ניט וועלן?"

פון ראַזעלין האָט אַרויסגעפּלייצט אַ פרישע געוויין, זי האָט עס געוואָלט דערשטיקן אין קישן, אָבער פון דאָרט אַרויסגעיאָמערט צעריסענע

שטיקער ווערטער: „ער איז ניט קיין ייד! דזשאָנעטן איז ניט קיין ייד". — האָט זי באַגראָבן איר פּנים אין קישן און געשטיקט איר אָטעם, בלויז איר צאַפּלען זיך האָט ער געזען.

די צעריסענע, פּאַראַומערטע ווערטער זענען אויף אים געפאַלן ווי הייסער בליי, געשטאָכן אים ווי שפּילקעס, געטריבן אים פון איר צימער אַרויס, און ער איז אַריינגעלאָפן צום ווייב.

„קום אַריין און הער, אויב דיינע אויגן זענען ניט אימשטאַנד צו זען, וואָס דו האָסט אָפּגעטאָן מיט דיין אַרויסשלעפּן זי ביי די אויערן, זי זאָל זיך פונאַנדערוואַקסן און ווערן אַ פרוי פאַר דער צייט, זע, וואָס דו האָסט גורם געווען מיט דיין עפענען די טויערן פאַר דעם בייז, פאַר דעם אומגליק!" — ער האָט אַרויסגעשטורעמט פון הויז, ניט וויסנדיק וווּהין ער לויפט. אויפן וועג האָט ער זיך דערמאָנט, אַז ס'האָט אים ווער אַמאָל געוואָרנט קעגן די זיבן טויערן פון זינד אין מענטשן, וואָס מ'דאַרף זיך פון זיי היטן, אָבער ווער האָט עס אים געוואָרנט?

## קאַפּיטל 22

דאָס ווייב איז געבליבן אַ צעטומלטע, געגאַפט אויף אים, ווי מיט פרעמדע אויגן, ניט דערקענט, ווער ס'איז דער מאַן, וואָס שרייט אויף איר, און וואָס וויל ער אייגנטלעך פון איר. פאַר שרעק האָט זי זיך פון אָרט ניט גערירט.

ראָזעלי האָט געהערט וואָס דער פאָטער האָט געזאָגט דער מוטער און געטראַכט ביי זיך: „אַז דער פאָטער איז גערעכט איצט און אויך גערעכט געווען דאַן, ווען ער האָט געוואָרנט דער מוטער, אַז זי פירט זי איבער מיטן פוצן און קליידן זי אין אַלץ שענערע און ניט צוגעפּאַסטע מאָדעס צו אירע יאָרן. פאַר דער צייט האָט זי געוועקט אין איר די פרוי, דערפאַר האָבן זי מענער דערזען פריער, ווי איר מוח און פאַרשטאַנד האָבן געקענט געהעריק אויפנעמען די פּראָבלעמען".

זי דערמאָנט זיך איצט דאָס איבערוווערטלען זיך צווישן פאָטער און דער מוטער, ווען זי האָט נאָר אויף זיך אַרויפגעצויגן אַ ניי קליידל, אַ נייע בלוזע, אַ מאָדערן היטעלע, וואָס די מוטער פלעגט אַהיים ברענגען. דער פאָטער פלעגט מיט גוטן און מיט בייזן איר אויפקלערן, אַז זי פירט דאָס קינד אַראָפּ פון גלייכן וועג, געוואָרנט, אַז ס'וועט זיך ענדיקן שלעכט פאַרן קינד, פאַר אַלע. דעמאָלט האָט זי ניט פאַרשטאַנען, אַז אַ קליידל, אַ גוט־געפּאַסטער סוועטער קען איר גורם זיין שלעכטס. זי האָט עס

אויפגענומען, אַז דער פּאַטער איז אַ קאַרגער, פאַרגינט איר פּשוט ניט קיין ביי קליידל. איצט, האָט זי גוט באַנומען דעם פּאַטערס מיין און געדאַנק...

דער פּאַטער האָט געוווּסט, אַז אין די ענגע קליידלעך, וואָס זענען אויף איר געלעגן ווי אויסגעגאָסן, האָבן זיך אויסגעפורעמט די קאָנטורן פון איר יונגן רייף־ווערנדיקן קערפּער, וועלכער וועט אויפפלאַמען פאַר דער צייט, אין די סאַמע ערשטע יאָרן פון איר יונג מיידלשאַפט, איידער ס'וועט זיך אָנהויבן אויסרייפן אין איר די פרוי. דער פאַטער האָט געוואַרנט פאַר די פאַלגן...

די טיר האָט זיך פאַרמאַכט פון דרויסן, אַ סימן, אַז דער פּאַטער איז אַרויס פון הויז, איבערצוטראַכטן איר לאַגע, אויסגעפינען וואָס צו טאָן. געוווּסט האָט זי, אַז ער וועט שוין איצט ניט רוען, ביז ער וועט געפינען אַ ראַדיקאַלע עצה פאַר זיין פּראָבלעם. אָבער ווי אַזוי ער וועט עס לייזן, האָט זי זיך ניט געקאָנט פאַרשטעלן און פאַרשטיין. ס'איז איר שווער געווען זיך אויסצומאָלן, ווי אַזוי ער וועט אויפפּלאָנטערן איר פּלאָנטער. איין זאַך האָט זי יאָ קלאָר געוווּסט: דזשאָנעטן טאָד אַלס אַזעלכן וועט ער ניט אָננעמען פאַר אַן איידעם. זי האָט אַפילו געצווייפלט, צי ער וועט אים אָננעמען אַלס אַ גר.

ווען סעמיועל סאַראַד איז שפּעט ביינאַכט צוריק געקומען אין הויז אַריין, האָט ער שוין געהאַט פּלענער, ווי אַזוי זיין קינד אַרויסצונעמען פון דער חרפּה. פון די פּלענער איז דזשאָנעטן טאָד געווען אויסגעשלאָסן, אַפילו ווען ער וואָלט זיך מגייר געווען. „ער איז ניט בעסער פון דעם ליטעראַטור־לערער", — האָט ער ביי זיך אָפּגעמאַכט. — „ביידע האָבן אויסגענוצט די צאַרטע ליבעס־געפילן פון מיין טאָכטער און ביידע וועלן גרינג זיך דערמאָנען איר זינד מיט זיי, אַפילו ווען זיי וואָלטן זיך צוליב איר מגייר געווען", — האָט ער זיך איינגעחזרט זיין באַשלוס אויפן וועג אַהיים.

„דער דזשאָנעטן איז אַ פּראָסטער שאַרלאַטאַן, פּונקט ווי דער גע־לערנטער הוליאַקע, דער ענגלישער ליטעראַטור־לערער, און דער ברית של אברהם אבינו וועט ניט מטהר זיין די ממזרים!", — איז ער געווען פאַרמחשבהט אויפן וועג צו זיך אין הויז. ער האָט געהאַט צוויי פּלענער און צוויי קאַנדידאַטן פאַר ראַזעלין. איין פּלאַן האָט זיך געוועבט אַרום סימאַר שטיין, דער צווייטער טעדי ראַזין, דער זון פון דעם אַמאָליקן זאַקן־פאַבריקאַנט, ביי וועמען ער האָט אָפּגעקויפט די באַנקראָטירטע פאַבריק, און זיי ביידן געגעבן אַרבעט אין דער באַנייטער פאַבריק. מיט זיין הילף, האָט טעדי ניט געדאַרפט איבעררייסן זיין שטודירן אויף דאָקטאָר. ער האָט געאַרבעט ביי אים אין די זומער־פּעריען, און האָט

אים געצאָלט זיין יערלעכן אָפּצאָל אויף דעם מעדיצינישן פֿאַקולטעט. אים האָט ער געהאַלטן פֿאַרן צווייטן קאַנדידאַט, אויב סימאָר וועט ניט ווען ווערן זיין איידעם.

ס'איז ניט געווען סעמיועל סאַראַדס טבע, צו לאָזן אַ פּלאַן ליגן און שימלען. באַלד אויף צומאָרגנס האָט ער גענומען אַדורכפירן זיין פּלאַן. נאָכן אָפּפאַרטיקן זיך מיט די דרינגענדיקע געשעפטן, איז ער דעם זעלבן נאָך מיטאָג אַריבערגעפאָרן צו סימאָרן קיין קלינטאָן, אַנצוטאַפּן ביי אים דעם דופק, צי ער האָט אפשר ערגעץ אַ מיידל? איז דאָך ניטאָ, וואָס מיט אים צו רעדן. אויב ניט, ער האָט ניט קיין מיידל, דאַרף מען דאַן זען, צי ס'קלאַפּט בכלל ביי אים אַ חשק צום שייגעם געשלעכט, צום חתונה האָבן. אויב יאָ, פֿאַרוואָס ניט מיט זיין ראָזעלין? וועלכע איז אי שיין, אי רייך און מיט אַלע מעלות. עד חצי־המלכות איז ער איצט גרייט געווען צו געבן, אויב ער זאָל מסכים זיין איצט חתונה צו האָבן מיט זיין ראָזעלין...

סימאָר האָט זיך געוווּנדערט אויף דעם אומגעריכטן וויזיט, פֿאַרבעטן אים אין זיין ביוראָ, אָפּגעגעבן אים אַ באַריכט פֿון דער אַרבעט אין דער מעקלינטאָק־פֿאַבריק ביז דער קלענסטער אייגצלהייט און אים פֿאַרגעשלאָגן איבערגיין זיך איבער דער פֿאַבריק. ווען דער באַלעבאָס האָט זיך אָפּגעזאָגט, האָט ער אים פֿאַרגעשלאָגן גיין עפּעס עסן.

סעמיועל סאַראַד האָט געפֿירט אין דעם רעסטאָראַן, וואָס האָט לכבוד אים, אַמאָל געגעבן אומזיסטע קאַווע פֿאַר אַרבעטער פֿון דער מעקלינטאָק־פֿאַבריק. ער האָט זיך איצט דערמאָנט אין דער מעשה פֿון דער רעסטאָראַטאָרס מויד, וואָס האָט זיך געשדכנט צו אים. ער איז נייגעריק, צי איר פֿאָטער האָט נאָך דעם רעסטאָראַן, צי די מויד זייגע זוכט נאָך אַלץ רייכע מיליאָנערן.

דער אַלטער רעסטאָראַן האָט עקזיסטירט, אָבער אָן דעם אַמאָליקן באַלעבאָס און אָן דער מויד. ניט געווען דאָרט קיין נייקייטן, אַ חוץ וואָס איצט, איז ביים געלט־קעסטל געזעסן אַ יונגע פֿרוי, און אַלע קעלנערקעס זענען געווען יונגע מיידלך, אין זיין ראָזעליס יאָרן. ביי דער יונגער קאַסירערין איז געשטאַנען אַ פּיל קאָלירטער שפּיל־קאַסטן, פֿונוואַנען ס'האָט איצט אַרויסגעזעצט אַ טומלדיק פּויקן און צימבלען, ממש צום טויב ווערן.

סימאָר האָט צוגעפֿירט זיין באַלעבאָס צו אַ זייטיק טישל און גענומען זוכן אַ פֿרייע קעלנערקע און ניט געפֿונען.

„ווּ זייט איר?" — האָט סימאָר זיך צעבייזערט אויף אַ יונגער קעלנערקע, וואָס איז צוגעקומען פֿרעגן וואָס זיי וואָלטן געוואָלט עסן,

אָדער זיי ווילן אַ שפּייז־קאַרטע. סימאָר האָט מיט געבייזער אַרויסגעכאַפּט פון אירע הענט צוויי שפּייז־מעניוס.

„כ׳ווייס באמת ניט, נאַכוואָס זיי מאַכן מעניוס? ס׳איז סייווי אַלעמאָל דאָס זעלבע. זיי דרייען בלויז איבער די טעג. זונטיק הויבן זיי אָן, מיטוואָך גייען זיי צוריק צום זונטיקדיקן עס־פּלאַן". — ער האָט צוריק־געגעבן איר די מעניוס און געהייסן ברענגען דאָס בעסטע פון טאָג־ספּעציאַליטעטן.

די קעלנערקע האָט געוואָלט אַוועק מיט סימאָרס באַשטעלונג און ער האָט זיך צעשריגן אויף איר, זי זאָל וואַרטן אויף מיסטער סאַראַדס באַשטעלונג. „נאָר מ׳האָט ניט קיין צייט, נאָר מ׳יאָגט זיך דאָ!" — האָט ער אַריבערגעשריגן דעם שפּיל־קאַסטן.

„ס׳וואַרטן דאָך אויך אַנדערע אויף איר", — האָט סעמיועל סאַראַד פאַרטיידיקט די קעלנערקע.

סעמיועל סאַראַד האָט אויפגעהערט זוכן אין מעניו און באַשטעלט אַ יאַיטשניצע פון פיר אייער. ער האָט געוואָלט עפּעס פרעגן סימאָרן און צוגעבויגן זיין קאָפּ, אָבער פונקט דאַן, האָט זיך אַריינגעשטעלט דער קעלנערקעס האַנט מיט די גלעזער וואַסער און ס׳וואַסער האָט זיך צע־שפּריצט אויף זייערע פּנימער.

ווי אַ ווילדער איז סימאָר אויפגעשפּרונגען און זיך צעהירזשעט אויפן יונגן מיידל. ווישנדיק זיך דאָס נאַסע פּנים, האָט ער איר געדראָט צוצוגיין צום באַלעבאָס און ווייזן אים, ווי אַזוי מ׳באַהאַנדלט דאָ מענטשן. באַרואיקט האָט אים די פאַרציע פלייש־גולאַזש מיט קאַרטאָפל־שניצלען, וואָס די קעלנערקע האָט פאַר אים אַוועקגעשטעלט און זיינע נאַז־פליגלען האָבן גענומען אַריינציען דעם ריח פונעם מאכל. אַ צופרידענער האָבן זיינע ציינער גענומען מאָלן די שטיקער פלייש, די קאַרטאָפל־שניצלען, דערביי האָט זיך אויך צעמאָלן זיין כעס.

סעמיועל סאַראַד האָט אויפגעגעסן אַ פיר־אייער־שפּייז, און איז אַוועקגעפאָרן, ניט אַרויסברענגענדיק מער איין וואָרט צו דעם בור, צו דעם כאַם. ווען ער איז געקומען זען, ווען ער איז גרייט געווען געבן זיין ראַזועלין פאַר אַ ווייב, אַריינגעמען אין זיין משפּחה־הויז, גרייט געווען אים אַוועקצוגעבן די מעקלינטאַק־פאַבריק נאָך ביי זיין לעבן, אויב ער וואָלט חתונה געהאַט מיט זיין ראַזועלין איצט.

גייענדיק צום באַן־וואָקזאַל האָט ער געדאַנקט גאָט, וואָס ער האָט אַזוי געפירט, אַז ער האָט דערקענט דעם גראָבן טיפּ, דעם כאַם, איידער ער האָט אים געזאָגט נאָכוואָס ער איז צו אים געקומען, און אים ניט מגלה געווען עפּעס פון זיין סוד. און סימאָר האָט אַפילו ניט געאָנט, ווי נאָענט ער איז געווען צו ווערן אַ מיליאָנער, ניט געחלומט אַפילו, אַז ער

האָט דעם אָוונט פאַרלוירן אַ מלכות צוליב זיין גראָבער האַנדלונג קעגן דער יונגער קעלנערקע.

צומאָרגנס נאָך דער אַנטוישונג מיט סימאָרן, איז סעמיועל סאַראַד אויפגעשטאַנען פריער פון אַלע מאָל. די אַנטוישונג האָט אים ניט געלאָזט שלאָפן, אים זייער פרי פון בעט אַרויסגעטריבן. און איידער ער איז אַרויס פון הויז, האָט ער אָנגעשריבן אַ צעטעלע צו ראָזעלין, זי געבעטן קומען מיטאָג צייט אין זיין ביוראָ אין דער „עס און עס״-בילדינג.

ראָזעלי האָט געלייענט דאָס צעטעלע איין מאָל און נאָך אַמאָל, זיך ניט געקאָנט דערוואַרטן אויף דער פינקטלעכער צייט און איז אַוועק פאַר דער מיטאָג-שעה צו דער „עס און עס״-געביידע, וואָס זי האָט נאָך ביז דאַן ניט געהאַט געזען.

זי האָט ניט געדאַרפט זוכן די געביידע אויף דער גאַס און ניט דעם פאַטערס ביוראָ אין איר. אינעם לאַנגן קאָרידאָר האָבן איר אַקעגן געפינקלט גרויסע גאָלדענע אותיות אויף אַ מאַטער שויב. וואָס מ׳האָט ניט געזאָלט זוכן אין דער גרויסער „עס און עס״-געביידע, האָט מען פריער געפונען סעמיועל סאַראַדס ביוראָ מיט די גאָלדענע אותיות, וואָס האָבן אָנגעזאָגט ווער עס זיצט הינטער דער שויב פון דער ביוראָ.

אונטער דער מאַטער שויב, איז איצט געווען פינצטער, און די גאָלדענע אותיות האָבן נאָכמער געשיינט, כמעט ווי אויסגערופן: „ביוראָ פון סעמיועל סאַראַד, קלאַפּ אָן און טרעט אַריין!״ די גאָלדענע אותיות איבער דער מאַטער שויב האָבן געגלאַנצט צו איר און פאַרטריבן זי פון קאָרידאָר אַרויס צו באַקוקן די געביידע, זען, וואָס דער פאָטער האָט דאָ אויפגעבויט. זי איז אַרומגעגאַנגען די געביידע, צופרידן געווען, וואָס זי האָט ניט אַרויסגעוואָרפן קיין צייט צו זען דעם קאָסטן. די בילדינג איז געווען אַ קאַסטן פון ציגל און וואַפּנע, באַפּענצטערט פון אַלע זייטן. די איינציקע באַפּוצונג אויף דער געביידע זענען געווען די גאָלדענע אותיות איבער דער טיר, וואָס האָבן געלאָזט וויסן, צו וועמען די געביידע געהערט, ווער פ׳איז איר באַלעבאָס.

איצט איז זי געגאַנגען זען געגנט, וואָס די צוויי פראָנטן פון דער געביידע שטעלן מיט זיך פאָר. די געביידע איז געשטאַנען אויף אַ ראָג גאַס און געהאַט צוויי אַריינפאָרן הינטער זיך, איינער — אַריינצופאָרן און דער צווייטער — אַרויסצופאָרן, ס׳זאָל זיין אָרדענונג, אַזוי האָבן געזאָגט די אויפשריפטן.

צו איר ווונדער האָט זי באַמערקט, אַז איין פראָנט פון דער געביידע, וואָס גייט אַרויס צו דער הויפּט-גאַס, געפינט זיך אַ רעגירונגס-באַנק, וואָס איז אַ לאָקאַטאָר ביי איר טאַטן, אַ חוץ אַנדערע פּאָפּולערע גרויסע

געשעפטן. און דאָס האָט איר הנאה געטאָן. דאָס איז געווען דאָס איינציקע אינטערעסאַנטע, וואָס זי האָט געפונען אין דער געביידע.

ווען זי איז, נאָך דער אינספּעקציע, צוריקגעקומען צום פּאַטערס ביוראָ, איז שוין ליכטיק געווען אינעווייניק. לויטן ליכט־שאָטן, האָט זי דערקענט דעם פּאַטער. זי האָט אָנגעקלאַפּט אין דער טיר, ניט געפאָלגט דעם שילד־אָנזאָג: „קלאַפּט אָן — גייט אַריין", נאָר געבליבן אַ ווײַלע שטיין פאַר דער טיר, ווי זי וואָלט פריער וועלן אָננעמען מוט, אײדער זי גייט אַריין אינעווייניק.

זי האָט געזען, ווי ליכט־שאָטנס באַוועגן זיך שנעל, גלייכן זיך אויס, בלייבן שטיין שטיל, וואַרטן אויף איר אַרײַנקומען. זי האָט געהערט דעם פּאַטערס אַרײַנרופן זי. די טיר האָט זיך ברייט געעפנט, טיף אין אָפּיס אַריין.

„וואָס וואַרטסטו?" — פרעגט דער פּאַטער, — „קום אַריין, ראָזעלי, קום אַריין". — ער האָט זי אָנגענומען ביי דער האַנט, אַרײַנגעפירט אינעווייניק, צוגעפירט צו אַ שטול, וואָס איז געשטאַנען צווישן אים און אַ נידעריקן דיקלעכן מאַן, וועלכער איז נבהל־ונשתומם געוואָרן פון ראָזעליס אומגעריכטן דערשיינען, און פון איר שיינקייט.

„דאָס איז טעדי ראָזין — מיין טאָכטער" — האָט ער זיי פאַרגעשטעלט איינעם פאַרן אַנדערן, צוגערוקט איר נעענטער אַ שטול און זי געבעטן זיך זעצן. זי האָט זיך געזעצט אַקעגן דעם צעטומלטן טעדין, און געוואַרט ער זאָל, נאָכן פאַרנויגן זיך פאַר איר, עפּעס זאָגן.

טעדי ראָזין איז געשטאַנען פאַר איר מיט האַלב־פאַרמאַכטע אויגן, דער קאָפּ אַ ביסל אויף אַ זייט פון אויפרעגונג — גענוג, אַז זי זעט אים אין אַ מעמד פון צעטומלטקייט, זאָל זי כאָטש ניט זען, אַז אין אַ מאָ־מענט פון אויפרעגונג נעמען ביי אים די אויגן וואַסערן, ווי ער וואָלט געוויינט. ווען ער וואָלט געווען ייִנגער, וואָלט ער איצט, אין אָט דער פאַרלעגנהייט זיינער, ביים באַגעגענען ראָזעלין, וואָס בלענדט מיט איר שיינקייט — שוין לאַנג געוויינט אויפן קול.

ווען ער וואָלט שוין געהאַט זיין געהאַלט, נאָך וואָס ער איז איצט געקומען, וואָלט ער אַנטלאָפן פון ביוראָ. אַ חשק האָט גענומען פאַרפאַלגן דעם אימפּולס זיינעם צו אַנטלויפן פון זיין איצטיקער פאַרלעגנהייט, אַפילו אָן געהאַלט. ער איז ניט געלאָפן, געוואַרט, אַז סעמיועל סאַראַד זאָל זיך דערמאָנען און אים געבן זיין געהאַלט, וואָס ער האָט אים אויסגעצאָלט פון זיין אייגענער קעשענע, אויף דעם זעלבן אופן, ווי ער האָט צוגעצאָלט די הוספה צו די יידן פון דער שמאַטע־פאַבריק.

סעמיועל סאַראַד האָט זיך ניט איינמאָל אַליין געוווּנדערט, פאַרוואָס ער צאָלט אויך אים פון דעם בלא־יודעים־געלט און ניט אויף דעם פאַבריקס־חשבון. פאַרוואָס די שמאַטע־יידן באַקומען אויסגעצאָלט פון דעם געלט,

האָט ער געוווּסט, אָבער פאַרוואָס צאָלט ער אויך טעדי ראָזען פון דעם געלט און פאַרשרייבט עס אין דעם רובריק „פאַרשידנס״? ס׳האָט אים אָבער איצט הנאה געטאָן, וואָס עס איז אַזוי געשען, וואָס זיין אינטואיציע האָט אים אַזוי אונטערגעזאָגט צו טאָן.

ער איז געווען אַ גרויסער מאמין אין זיין אינטואיציע. זי האָט אים אָפט אַרויסגעהאָלפן אין זיין אינדוסטריעלן וווּקס, אין זיינע דערפאָלגן. און ווי נאָר ער האָט געטראָפן טעדין ביי דער געביידע, האָט ער אין דעם געזען דער השגחהס פינגער און איינגעפונען, אַז דער אופן פון צאָלן טעדין, איז געווען אַ געזעכטער פון סאַמע אַנהויב — דאָס האָט אים געגעבן די מעגלעכקייט צו טראַכטן וועגן טעדין ווי אַ פאַסנדיקער קאַנדידאַט פאַר אַן איידעם — אַ מאַן פאַר ראָזעלין. ער איז איצט געווען זיכער ביי זיך, אַז ער טוט אַ ריכטיקע זאַך. ווייל טעדי איז דער אמתער זיווג פאַר זיין ראָזעלי. ער איז דעריבער דאַנקבאַר געווען דער השגחה און טעדין פאַרן פאַרגרינגערן די אונטערנעמונג זיינע, דאָס אַדורכפירן אַ שידוך צווישן זיי.

דער השגחהס האַנט האָט ער אויך געזען אין דעם, וואָס טעדי איז געקומען צו אים אַרבעטן אין די זומער־פעריען און איז ניט געגאַנגען זוכן אַרבעט אַנדערשוווּ. ער האָט אים אויך באַהאַנדלט אַנדערש, אים געצאָלט מער ווי מען צאָלט אַ געהילפס־בוכהאַלטער. און דער עיקר — ער האָט אים געגעבן אַ מעגלעכקייט אַנצוגיין מיט זיין מעדיצינישן שטודיום, און ראָזעלי וועט נעמען אַ דאָקטאָר פאַר אַ מאַן. ער איז איצט צופרידן געווען פון הימלס השגחה, מיט זיך, מיט טעדין און געהאָפט, אַז ראָזעלי וועט פאַרשטיין איר דעליקאַטע לאַגע און העלפן די זאַך אויסצופירן.

ס׳האָט אים איצט אַ ביסל געאַרט וואָס אַמאָל, ביים סכסוך מיט די פעדלער, האָט ער אָוועקגעשיקט טעדיס פאָטער פון דער זאַקן־פאַבריק, ס׳איז אָבער דעמאָלט קיין אַנדער ברירה ניט געווען. געהאַלטן האָט ער אים שטענדיק מיט כבוד און דערפאַר געהאָפט, אַז מיסטער ראָזין וועט געדענקען דאָס גוטע, ווען ס׳וועט זיך האַנדלען וועגן דעם ווויל פון זיין טעדין, און ניט צעשטערן דער השגחהס ווילן — זיין זונס און ראָזעליס גליק.

ראָזעלי האָט ניט געטראַכט און אויך ניט געגלויבט, אַז די באַגעגעניש צווישן איר מיט טעדין איז געוואָרן צוגעפירט פון דער השגחה. זי האָט אָבער חושד געווען דעם טאַטן אירן, אַז ער האָט אַראַנזשירט די באַגעגעניש מיט דעם נעבעכדיקן און צעטומלטן טעדין. האָט זי חשק געהאַט איבער־צולאָזןביידן און אַנטלויפן, נאָך איידער דער פאָטער גיט זי איבער אין זיינע הענט, ער זאָל זי מיטנעמען ערגעצוווּ, אָדער צופירן אַהיים.

דער פאָטער האָט באַמערקט בײדנס פאַרלעגנהײט — טעדיס צע־טומלטקײט און ראָזעליס אומרואיקײט, און זיך פּלוצים דערמאָנט, נאָך וואָס טעדי איז געקומען. ער האָט אַרײַנגעשטעקט זײַן האַנט אין דער קעשענע אַרײַן און פון דאָרט אַרויסגעבראַכט אַ בינטל פּאַפּיר־באַנקנאָטן, אָפּגעצײלט עטלעכע און דערלאַנגט זײ טעדין זאָגנדיק: „אויב דו ווילסט, קענסטו קומען אַרויסהעלפן אויך שבת און זונטיק, ווען דו האָסט נאָר צײַט". — ער האָט אים באַגלײט צו דער טיר, בכדי צו ווײַזן ראָזעלין זײַן חשיבות צו טעדין.

„נו, ראָזעלי, ווי פילסטו הײַנט ? — האָט ער זיך שנעל אויסגעדרײט צו איר מיט אַ שמײכלענדיק פּנים. — אַ וווילער בחור, דער טעדי ראָזין. אַן אָרעמער, אָבער אַן אַרבעטזאַמער און אַ פּעאיקער. יאָ, אַ שעמעוודיקער אַ ביסל. שטודירט אויף דאָקטאָר, און אין די זומער־מאָנאַטן העלפט ער אַרויס אין דער זאָקן־פאַבריק. ער גײט איצט צוריק צו זײַנע סטודיעס, און זײַן אַרט ווערט לײדיק וואָלסטו אפשר געוואָלט אַרבעטן אויף זײַן אָרט ?"

„ווי קען איך פאַרנעמען זײַן אָרט ? ער איז אַן אוניווערסיטעט־מענטש, און איך האָב קוים געענדיקט אַ פאָלקס־שול. וואָס קען איך דען טאָן, צו וואָס טויג איך ?" — האָט זי געזאָגט מיט אַ קול פון חרטה.

„דאָס זענען פּעסימיסטישע רײד, וואָס פּאַסן גאָר ניט פאַר מײַנס אַ טאָכטער. ווען ער איז אָנגעקומען אַרבעטן אין דער זאָקן־פאַבריק, האָט ער ניט געקענט מער פון דיר. פאַר דער אַרבעט דאָ דאַרף מען ניט קײן פּראָפעסאָרן. די פאָלקס־שול איז איבערגענוג. וואָסזשע זאָגסטו ? ס'איז ניט אויף אײביק. ס'איז דאָ מיט וואָס זיך צו פאַרנעמען, דאָס, וואָס דו דאַרפסט הײַנט" — האָט דער פאָטער זיך געבעטן בײַ איר.

ראָזעלי האָט געפילט, אַז דער פאָטער איז גערעכט און מײנט עס פאַר איר גוטן. דאָס זיצן אין שטוב הײַנט איז טאַקע ניט גוט פאַר איר, זי דאַרף פאָלגן זײַן עצה און גײן אַרבעטן. אָבער איר חשד, אַז ער וויל זי פאַרשלײערן צו דעם טעדין, האָט זי געבונטעוועט קעגן אים און זי האָט אים ניט געוואָלט אַזוי גרינג נאָכגעבן.

„וואָס אײגנטלעך טוט דאָרט טעדי ?" — האָט זי געפרעגט.

„דאָס וואָס דו וועסט טאָן. ער העלפט צו דעם בוכהאַלטער".

„וואָסזשע דאַרף מען מיך ? האָסט דאָך אים געהײסן קומען, ווען ער וועט נאָר צײַט האָבן, אַפילו אין די טעג פון סוף וואָך" — האָט זי זיך געוועהרט.

„אַז ער גײט לערנען, איז ניט זיכער ווען ער וועט קומען, און דאָרט דאַרף מען אַ שטענדיקן העלפער. דער טעדי איז זײער אַ פּעאיקער

בחור, ער טויג זיך אויס צו אַלעם, קען טאָן עפּעס אַנדערש אויך". —
האָט דער פאָטער אים געגלייבט.

„כ'וואָלט ניט געוואָלט צונעמען ביי אים זיין אַרבעט. ער נויטיקט זיך אין איר מער פון מיר" — האָט ראָזעלי געפּרווט קעגנשטעלן זיך דער אַרבעט ביי איר טאָטן.

„כ'בין זיכער, אַז ער וואָלט מיט פאַרגעניגן דיר אָפּגעטרעטן זיין אַרבעט. ער איז זייער פעאיק, קען טאָן אַנדערע אַרבעטן, טויג צו אַלץ", — האָט ער ווידער געלויבט טעדין, ניט באַמערקנדיק, אַז ער חזרט זיך איבער.

זי האָט צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ. ער האָט עס אויפגענומען, אַז זי שטימט איין אָנצונעמען די אַרבעט אין דער זאָקן־פאַבריק, און געוואָלט איר באַמערקן, אַז זי וועט זיך דאַרפן קליידן אַנדערש, זיך צוריקגעכאַפּט, און איר גאָר פאַרגעשלאָגן גיין עסן.

אויפן וועג צום רעסטאָראַן האָט ער זי געבעטן ניט דערציילן דער מוטער וועגן דער אַרבעט, ווייל זי קען דאָס שלעכט פאַרשטיין און אויסטייטשן אַנדערש, ווי די זאַך איז אין דער אמתן.

„איך דזשאָגעטן דאַרף עס ניט וויסן" — האָט ער געזאָגט, מיט דער כוונה אויסצוגעפינען צי זי זעט אים.

„כ'זע אים ניט, ער קומט ניט מער" — האָט זי געזאָגט, ווי צו באַרואיקן דעם פאָטער.

„און, למשל, ווען ער קומט יאָ ?" — האָט דער פאָטער געוואָלט וויסן.

„כ'האָב אים ליב. וואָלט איך אים געדאַרפט דערציילן וואָס איך טו, ווו איך גיי" — האָט זי געענטפערט פּשוט.

„ליבע, מיין קינד, קומט פון האַרץ, ווי עס פּולסירט דאָס בלוט אין האַרץ, אין צוויי שטראָמען. איינער קומט אַריין און אַ צווייטער גייט אַרויס. פון דיין האַרץ שטראָמט ליבע בלויז אַרויס. זי קומט אָבער צוריק ניט אַריין. דאָס איז ניט גוט. דאָס קען אויסליידיקן דיין האַרץ פון ליבעס־געפילן, דאָס איז זייער שלעכט פאַר דיר. ביי אַ יונגן מענטשן, ווי דו, איז לייכט צו פאַרטוישן ליבע אויף ליידנשאַפטלעכע אימפּולסן, ווי דו ווייסט עס שוין פון דיינע אייגענע דערפאַרונגען. מאַך־זשע ניט קיין וויטערדיקע טעותים. פאַרגעס זיי ביידע". — האָט ער זי גענומען פעסט אין האַנט אַריין.

ראָזעלי איז לאַנג געגאַנגען און געשוויגן, ווי זי וואָלט איבערגעטראַכט זיינע רייד. ענדלעך האָט זי געזאָגט: „ליבע קען מען ניט אויסלעשן און צוריק אָנצינדן מיט אַ דרוק אויפן האַרץ, ווי מ'דריקט אויפן עלעקטרישן קנעפּל".

„אמתע ליבע, ניט. אָבער יונגע מענטשן, ווי דו, פרעגן ניט וואָס זייער

ליבע באַדייט, פון וואַנען זי קומט, פאַרשטייען ניט די אויגנבליקלעכע אימפּולסן ביי נאַיווע פאַרליבטע, און זיי פאַלן טאַקע קרבנות פון דער פאַלשער אילוזאַרישער ליבע" — האָט דער פאָטער איר מסביר געווען.

ראַזעלי איז געגאַנגען נעבן פאָטער און געשוויגן, איבערגעטראַכט דעם פאָטערס רייד און געפילט, אַז ער איז אי גערעכט, אי אומגערעכט: ליבע צילט טאַקע צו אַ געליבטן, אָבער, אַז ער ענטפערט ניט אָפּ מיט קיין ליבע, קען מען די ליבע צו אים ניט אַרויסרייסן פון אייגענעם האַרץ. אַ האַרץ אָן ליבע איז אַ טויט האַרץ.

„וואָס איז דען דער אונטערשיד צוליב וואָס מ'האָט ליב? ווי אַזוי מ'זאָל ניט ליב האָבן, איז עס ליבע" — האָט זי געזאָגט מיט אַ זיכער קול.

„יאָ, מיין קינד, די רעזולטאַטן, זיי מאַכן דעם אונטערשיד פון אמתער ליבע ביז אימפּולסיווער, פאַלשער ליבע. די ערשטע ליבע איז מערסטנס די דערוואַכונג פון דער יוגנט. דערפאַר זוכט זי הויפּטזעכלעך די פיזישע באַפרידיקונג. אַלס באַוויז, אַז מ'האָט זיך ליב, פאַרלאַנגט די יוגנט־דערוואַכונג צו שטילן די ליידנשאַפט ביי די פאַרליבטע" — ער האָט אַ ווײַלע איבערגעריסן.

„אמתע ליבע, ליבע פון דערוואַקסנקייט, איז די אייגנעבוירענע ליב־שאַפט פון עלטערן צו קינדער. די קרבנות־פּעאיקע ליבע, וואָס קען אַריבערטראָגן ליידן, אַנטווישונג, לייטערן האַס און שנאה, אָן וועלכער ס'איז באַלוינונג, דאָס איז די אמתע ליבע. דער העכסטער אויסדרוק איז — מוטער־ליבע. מוטער־ליבע באַדייט ליידן און בלוט פאַרגיסן פאַר איר קינד, דאָך זאָגט זי ניט אָפּ דאָס לעבן און די ליבע צו איר קינד, וועלכע איז אייביק. דאָס קענסטו שוין פילן. דו אַליין באַזיצסט שוין ליבע פאַר דיין נאַכניט־געבוירן קינד. טראָץ די ליידן, וואָס האָסט שוין צוליב דעם און די וואָס עס שטייען דיר נאָך פאַר. ווילסטו עס אַרויסרייסן פון זיך, טויטן עס, ווילסטו?" — האָט ער אַראָפּגעבויגן זיין קאָפּ צו איר.

ראַזעלין האָט אַ היץ אַ שלאָג געטאָן אין פּנים. „ווי קען אים דאָס גאָר איינפאַלן?! האָט אַמאָל איר מאַמע געטראַכט דאָס צו טאָן? האָבן זיי אַמאָל געטראַכט זי אומצוברענגען אין איר מוטערס בויך? ווי קאָלט ער האָט דאָס אַרויסגעזאָגט" — האָט זי געטראַכט.

ס'האָט איר געפעלט מוט, זי האָט ניט געוואָגט אים איבערצופרעגן. זענען זיי אַזוי געגאַנגען אין שוייגעניש אַ גרויסן מהלך און גאָר פאַרגעסן, אַז זיי זענען אַרויס צו גיין עסן און ניט שמועסן.

„נו, זיכער ניט. נאָר געציילטע מוטערס אין דער וועלט וועלן דאָס טאָן — אומברענגען זייער קינד פאַר זייער באַקוועמלעכקייט. און אַפילו די, וועלן דאָס ניט טאָן צו דער פרוכט פון זייער ערשטער ליבע. מוטער־

ליהע איז די קרוין פון באַשאַף, דער כוח פון המשכדיקן לעבן, דער וועלטס מאָרגן" — האָט דער פאָטער איבערגעריסן דאָס שווייגן.

„היינט קענסטו שוין פאַרשטיין דעם אונטערשייד פון אמתער, ביז פאַ'לשער, איינגערעדטער ליבע. פון דיר קומט ערלעכע, אמתע ליבע, און זי מוז געענטפערט ווערן מיט דער זעלבער, ניט מיט אינסטינקט־אויסברוכן פונעם ענגלישן ליטעראַטור־לערער, אָדער מיט דער אויסנאַר'ערישער ליבשאַפט פון דזשאָנעטן" — דער פאָטער האָט זי אָנגענומען ביים אָרעם.

דזשאָנעטנס נאָמען האָט ראָזעלין אויפגעוועקט, אַרויסגענומען זי פון טראַכטן. זי האָט באַמערקט, אַז דער פאָטער מאַכט אַן אומוועג צו אַ רעסטאָראַן. עטלעכע רעסטאָראַנען האָט ער אויסגעמיטן, פאַרגעסן, אַז מ'איז אַרויס עסן.

זי איז געווען צופרידן צו הערן אים רעדן וועגן איר, מיטפילן איר, פאַרטייטשן איר — צו איר. זי האָט געפילט, אַז ער איז גערעכט און פאַרשטייט זי, ווייסט אַז זי האָט געהאַט אמתע ליבע פאַרן ענגלישן ליטעראַטור־לערער, ווען זי האָט זיך איבערגעגעבן מיט לייב און נשמה. אים האָט זי באמת ליב געהאַט. ביי דזשאָנעטנען האָט זי געוואָלט אויסנאַרן ליבע. אָבערביידע האָבן ביי איר גענומען וואָס זיי האָבן געוואָלט און אַפּגענאַרט. ווו איז דזשאָנעטן מיט זיין געשווירענער אייביקער ליבע? דער ליטעראַטור־לערער האָט איר גאָרניט צוגעזאָגט, אָבער דזשאָנעטאָן יאָ. וווזשע איז ער? — האָט זי געטראַכט. דער פאָטער האָט זיך פלוצים אָפּגעשטעלט פאַר אַ רעסטאָראַן.

„מוזט דאָך שוין זיין טויט־הונגעריק, און איך פּאַשע דיך מיט רייד און לעקציעס. אַ שיינער טאַטע בין איך".

„ניט ערגער פון דער טאָכטער" — האָט ראָזעלי אים צוריקגעצאָלט.

„אָט אַזוי, נאָר ניט פאַרלירן דעם מוט און הומאָר, נאָר ניט פאַר־צווייפלען. אַלע פעלערן קען מען פאַרריכטן, אויב מ'וויל נאָר". — ער האָט זי אַריינגעפירט אין רעסטאָראַן, דערלאַנגט איר אַ מעניו, זי זאָל אויסקלייבן וואָס זי וויל עסן.

נאָכן איבערגעבן די באַשטעלונג צום קעלנער האָט ער, זופנדיק פון גלאָז קאַלט וואַסער, ווייטער פאַרגעזעצט דעם איבערגעריסענעם שמועס: „די דערוואַקסענע פאַרליבטע קאָנטראָלירן זייערעליידנשאַפטן, באַהערשן זייערע אימפּולסן, פאַרטראָגן ליידן און אַנטוישונגען פאַר דער אמתער ליבע. ביי דיר איז פאַראַן ערלעכע ליבע, אָבער ניט ביי די, וועמען האָסט אָפּגעגעבן דיין ליבע" — האָט דער פאָטער ממשיך געווען.

ראָזעליס האַרץ האָט געקלאַפּט מיט דאַנקבאַרקייט און ליבע צו איר פאָטער. זי האָט געטראַכט, מיט חרטה, אַז ער איז גוט צו איר, האָט זי ליב, און זי באַהאַנדלט אים אַזוי שלעכט. זיי אַלע האָבן אים באַהאַנדלט

גרויזאַם, זי, די מוטער און די אַנדערע קינדער. זיי האָבן אים פֿיינט, דעם גוטן, קלוגן טאַטן, וואָס רעדט אַזוי לאַגיש, מיטפֿילנדיק, פֿאַטערלעך. ס'זעט טאַקע אויס, אַז זי האָט זיך אַליין איינגערעדט איר ליבע־געפֿיל צום לערער, זי האָט אַנגענומען ליידנשאַפֿט פֿאַר ליבע. אָבער דזשאָנעטען? ביי אים איז זי דאָך געווען זיין מלאך ממש. ער איז דאָך גרייט געווען אַ חופּה שטעלן אויפֿן וועג אַפֿילו. ווו איז ער איצט? דער פֿאָטער איז גערעכט. „ערשט איצט זאָגט מען דאָס מיר, ליידער," — האָבן זיך ביי איר אַרויסגעכאַפּט די ווערטער.

„היינט וואָלט געווען די ריכטיקע צייט דאָס דיר אויפֿצוקלערן, ווען דו וואָרטסט נאָר צו, אָבער איצט פֿאַרשטייסטו עס בעסער. ביסט אונדז צו פֿרי רייף געוואָרן, צו פֿרי איז דערוואַכט געוואָרן די פֿרוי אין דיר, די פֿרוי, וואָס איז געקומען אַ ביסל הפקרדיק אין דער וועלט אַריין. ס'איז מיין שולד, איך האָב זיך ווייניק אָפּגעגעבן מיט דיר. און אויב דו וועסט מיך לאָזן, וועל איך מיט דיין הילף באַמיען זיך דאָס פֿאַר־ריכטן. און איצט צום עסן". — ער האָט געמאַכט פּלאַץ פֿאַרן אָנקומענדיקן קעלנער מיטן עסן.

ער האָט געגעסן מיט אַפּעטיט און געמונטערט ראָזעלין זי זאָל עסן. זי האָט ניט געגעסן, געדרייט מיטן לעפֿל אין עסן און געדאַנקען זענען געלאָפֿן: „וואָלט זי היינט געגאַנגען צום ליטעראַטור־לערער? וויל זי, אַז דזשאָנעטאַן זאָל צו איר קומען?"

ווי דער פֿאָטער וואָלט געלייענט טעלעפּאַטיש אירע געדאַנקען, האָט ער זיך צוגעבויגן און געפֿרעגט: „היינט וואָלסטו ניט אַוועקגעגעבן דיין ליבע צו קיינעם פֿון זיי, אָדער צו וועמען, וואָס האָט זי פֿריער ניט פֿאַרדינט, איידער ער האָט רעכט צו איר, צו דיר. וואָלסטו דען?"

ראָזעלי האָט זיך גענומען אַוועקרוקן פֿון טיש און זיך אויפֿגעשטעלט צום אַוועקגיין. „נו, שוין צייט פֿאַר מיר צו גיין. שוין צופֿיל פֿאַרנומען דיין צייט. דו בלייב און ענדיק דאָס עסן. איך וועל אַליין טרעפֿן ווו איך דאַרף". — זי האָט געוואָלט לאָזן זיך צו דער טיר, אָבער דער פֿאָטער האָט זי פֿאַרהאַלטן און זי צוריקגעזעצט ווו איר עסן איז גע־שטאַנען.

„עסן קענסטו ניט, דאָס הייסט באַגיין צוויי עבירות — אַרויסוואַרפֿן געלט און עסן. טרינק־זשע כאָטש מיט מיר אַ טעפּעלע קאַווע. ווילסט ניט כ'זאָל דיך צופֿירן ווו דו דאַרפֿסט, פֿיר־זשע מיך צו פֿון וואַנען האָסט מיך גענומען" — ער האָט דאָס געזאָגט שמייכלענדיק און באַשטעלט אויך פֿאַר איר אַ קאַווע.

ראָזעלי האָט אויך די קאַווע געזופּט אָן חשק, בלויז צופֿרידנצושטעלן

דעם טאַטן. ווען ער איז פאַרטיק געוואָרן, האָט זי זיך פלינק אויפגעשטעלט און אַוועק פאַר אים.

אין דרויסן איז געשטאַנען אַ הערלעכער סעפּטעמבער־פאַרנאַכט, זיי האָבן דאָס אַפילו ניט באַמערקט. ביידע האָבן זיי געהאַט איצט אויף זייערע געדאַנקען מער ווי דאָס וועטער... דער פאָטער האָט איבערגעריסן די שווייגעניש, זאָגנדיק: „אויב דו ווילסט, וועל איך דיך צופירן צו דער זאַקן־פאַבריק, וווּ דו וועסט מאָרגן אָנהויבן אַרבעטן, און ניט דאַרפן זי זוכן". ער האָט אָנגענומען איר האַנט און געוואָלט פאַרקירעווען צו דער פאַבריק.

„וואָס איז דאָס געאייל? צו וואָס דאַרפסטו מיך פירן?" — האָט זי אָפּגעשטעלט איר גאַנג.

„האָסטו ניט קיין חרטה?" — האָט דער פאָטער אָראָפּגעקוקט צו איר.

„סאַראַדס אַ טאַכטער האָט ניט קיין חרטה, אָבער כ'קען אַהין אַליין טרעפן. וואָס דאַרפסטו מיך פירן, באַקענען מיך מיטן וועג?" — האָט זי פאַריבל געהאַט.

„נו, פיר־זשע צו מיך צו דער „עס און עס"־געביידע. איך וועל זיי שוין לאָזן וויסן, אַז דו קומסט מאָרגן אַרבעטן. און וואָס דענקסטו וועגן דעם טעדי ראַזין? ווי געפעלט ער דיר? האָסט געמאַכט אַ רושם אויף אים, האָסט געזען?"

„כ'האָב געוועזן, אַז ער איז געווען גוט צעטומלט" — האָט זי געענטפערט.

„וואָס איז דער ווונדער? פלוצים, אומגעריכט, שטעלט זיך אים פאַר אַ שיינהייט! דעם באָס אַ טאָכטער! איז אַ ווונדער, אַז ער איז צעטומלט געוואָרן? ווען ער וואָלט מיט דיר געווען אויף אַ בייטראַלער טעריטאָריע, וואָלט ער זיכער ניט צעטומלט געוואָרן. דו וועסט אַרבעטן מיט אים צוזאַמען, וועסטו שוין זען, אַז איך בין גערעכט" — האָט דער פאָטער איר פאַרזיכערט.

ראָזעלי האָט אָפּגעקרעכצט אַ מידע: „איך האָב צוגעזאָגט צו גיין אַרבעטן אויף זיין אָרט, ניט זיך צו זען מיט אים, פירן פלירטן, ראָמאַנסירן מיט אים. ער געפעלט מיר לחלוטין ניט, כ'זאָג גאָרניט צו" — האָט זי אים געוואָרנט.

„נו, נו, דו קענסט אים ניט אַזוי גוט ווי איך. אָבער גיב אים אַ געלעגנהייט וועסטו זען. ער איז באמת אַ ווילער בחור. שטויס אים ניט אָפּ, לאָז אים זיך דערקענען־געבן צו דיר, וועט ער דיר גיכער ווערן, ווי ער איז מיר. ער האָט דיך ליב געקראָגן. זיין צעטומלטקייט און זיין פאַרשעמטקייט באַווייזן כבוד פאַר דיר, אפשר. ער וואָלט זיך מיט דיר ניט דערלויבט קיין איבעריקע פרייהייטן. נו, גיי געזונטערהייט. איך וועל

שוין אליין טרעפן צוריק״. — ער האָט זיך אָפּגעשטעלט אינמיטן וועג און זי אַוועקגעשיקט פון זיך, צוגעבנדיק:

„געדענק וואָס כ׳בעט דיך, גיב אים און זיך אַ געלעגנהייט. אַנטמוטיק אים ניט. ער האָט זיכער ניט דאָס געשליפענע צינגל פונעם ענגלישן לערער, אָדער פון הזשאָנעטן. דערפאַר האָט ער ערלעכקייט, האַרץ־ליבע, נשמהדיקע ערלעכקייט. דערנענטער אים, און ער וועט דיך פאַרגעטערן״ — האָט דער פאָטער געבעטן.

ראַזעלי האָט זיך געפילט ווי געפאַנגען אין אַ נעץ, געצאַפּלט, זוכנדיק אַן אַרויסגאַנג פון דער נעץ. זי האָט געוואונדערט איבער די גאַסן, אויפן וועג צום הויז וואָס האָט געדאַרפט זיין איר היים, אָבער ס׳איז געווען, איר גאַנץ לעבן, אַ גאָלדענע שטייג, און זי דאָס ליבלינג־פייגעלע, וואָס איז פריי געווען אַרויסצופליען און אַריינצופליען אומגעשטערט אין דער שטייג. און איצט איז זי, אַ מידע, אַליין צוריקגעגאַנגען אין דער הויז־שטייג אירער.

אין הויז האָט זי באַגעגנט דער „אויפזעער פון דער שטייג״, די מוטער, וואָס האָט געוואָלט וויסן, וואָס עס גייט אָן הינטער אירע פּלייצעס, ווו זי איז געווען דעם גאַנצן טאָג. ראַזעלי האָט זי אויסגעמיטן, איז גלייך אַריין צו זיך אין צימער, מורא האָבנדיק אַ וואָרט אויסצורעדן, ס׳זאָל זיך ניט אַרויסרייסן וואָס פון איר ביטער האַרץ קעגן דער מוטער.

צומאָרגנס איז סעמיועל סאַראַד געגאַנגען אַ ביסל שפּעטער צו דער אַרבעט, און ראַזעלי איז אויפגעשטאַנען אַ סך פריער ווי זי איז געוווינט געווען. ער האָט געוואַרט אויף איר, זיי זענען צוזאַמען אַרויס פון הויז. דער פאָטער האָט זי צוגעפירט ביז צו דער טיר פון דער זאָקן־פאַבריק, פאַר וואָס זי איז אים אין האַרצן דאַנקבאַר געווען. אָן אים וואָלט זי קיין מוט ניט געהאַט צו דערגיין ביז אַהין.

דעם געהילפס־בוכהאַלטער פון דער זאָקן־פאַבריק האָט מען געלאָזט וויסן, אַז ס׳קומט אַ מיידל אַרבעטן אויף טעדיס אָרט, אָבער ניט געזאָגט ווער דאָס מיידל איז. אַז דאָס מיידל איז דעם באַלעבאָס טאָכטער, האָט ער קיין נביא ניט געקאָנט זיין, אָבער אַ מבין אויף אַ שיינהייט יאָ. זיין נייע אַרויסהעלפערין איז אים געפעלן געוואָרן.

ער האָט ניט באַהאַלטן זיין צופרידנקייט מיט איר, געשטעלט זי אַרבעטן אויף טעדיס אָרט. אַ גאַנצן טאָג זי געלערנט וואָס און ווי אַזוי צו טאָן די אַרבעט. ס׳איז געווען דאָס ערשטע מאָל אין זיין בוכהאַלטערישער קאַריערע, אַז ער האָט געהאַט אַ ליאַלע פאַר אַ העלפער. ער איז פון איר ניט אָפּגעטראָטן, געלערנט זי און געליובעט, געמאַכט קאָמפּלימענטן, געריימט אירע פעאיקייטן, געמאַכט איר אַ פאַרשלאַג אויסצוהאַלטן זי, אויב זי וועט אים אויסהאַלטן... זי וועט מער ניט דאַרפן אַרבעטן.

ראַזעלי האָט געדראָט מיט דערציילן דעם באַלעבאָס וועגן זיין מיאוסן פאַרשלאָג. האָט ער דעם טאָג אויפגעהערט. אָבער אַז אויפן צווייטן טאָג איז אין דער זאָקן־פאַבריק געווען דאָס זעלבע, און מיט נאָך מער צודרינגלעכקייט, איז זי אויפן דריטן טאָג געבליבן אין הויז, ניט געגאַנגען מער צו דער אַרבעט, נאָר, בלויז זען דעם פּאַטער, פרעגן אים, צי ס'איז ניטאָ קיין אַנדערע עצה אַ חוץ טעדין... אויפן וועג אַהין האָט זי פאַרקי־רעוועט צו דער שולע, אפשר וועט זי דאָרט געפינען דזשאָנאַטאַנען, הערן פון אים, אפשר איז ער ווי אַמאָל ווילִיק מיט איר חתונה צו האָבן, אַנטלויפן מיט איר צום צווייטן עק לאַנד?

אָבער אויך צו דעם האָט איר איצט געפעלט מוט. ס'איז איר שווער געווען אַריבערצוטרעטן די שוועל פון איר אַמאָליקער שולע און פרעגן אויף דזשאָנעטען. זי האָט זיך אַרומגעדרייט אַ ווײַלע אַרום דעם שולע־הויף, האָפנדיק, אַז ער וועט זי דערזען, אפשר וועט פון אירע חברטעס, און איבערגעבן דזשאָנאַטאַנען. זי איז אַוועק אַהיים, האָפנדיק, אַז דזשאָנאַטאַן וועט אַליין קומען צו איר. דזשאָנעטען איז אָבער ניט געקומען.

דער פּאַטער האָט געוואַרט צו הערן פון איר וועגן טעדין. ער איז זיכער געווען, אַז ראַזעלי פאַרשטייט איר לאַגע און וועט טאָן אַלץ וואָס ער פאַרלאַנגט פון איר, פאַר איר, זי זאָל ניט פאַרשטויסן טעדין פון זיך, נאָר דערמוטיקן אים. ער האָט געהאָפט, אַז ער וועט איר ניט דאַרפן דערמאָנען, אַז ס'איז שוין סעפּטעמבער... דער פערטער חודש ביי איר....

טעדי ראַזין האָט זיך גוט געפילט אין דעם הערלעכן שיינעם סעפּ־טעמבער־טאָג, וואָס האָט פאַרפלייצט די וועלט מיט גאָלד פון לויטערן בלויען הימל. די ביימער האָבן שימערירט מיט זייער פורפור־רויט, מיט געל בלייך־גאָלד און בראָנז. אַ לייכט ווינטל האָט זיי געגלעט און געקושט. און די בלעטער פריילעכע, צופרידענע, האָבן זיך געסודעט, זיך געוויגט פיל־קאָלירִיק אונטער דער מאַיעסטעטישער זון — ווו ער איז געזעסן און הנאה געהאָט פון לאַטשענדיקן ווינטל און פון די געלט־באַנקנאָטן, וואָס ער האָט געקראָגן פון סאַראַדן הייַנט מער ווי אַלעמאָל.

ס'איז געווען דער אָנהויב פון אינדיאַנישן זומער, דער אַנגענעמסטער און שענסטער קאַנאַדישער זומער־חודש, נאָך די גרויסע היצן. מענטש און נאַטור זענען געווען צופרידן. מ'האָט געקענט אַ ביסל גרינגער אָפּדעכען. דער אָנהויב פון אַ גאָלדענער צייט אין קאַנאַדע — פאַרן האַרבסט מיט די ווינטן און רעגנס, פאַרן ווינטער מיט די קעלטן און שניי־זאַווערוכעס.

אין דער בחת־רוחדיקער צייט, איז ראַזעלי געווען צופרידן פון פּאַטערס זאָרג וועגן איר. דער פּאַטער איז געווען צופרידן פון איר פאַרשווייגן דעם ענין טעדי. ער האָט דאָס אָנגענומען פאַר אַ סימן, אַז

זי איז ניט קעגן אים. און טעדי ראַזין איז אינגאַנצן געווען איבערגע־וועלטיקט פון דער באַגעגעניש מיט ראַזעלין, פון איר שיינקייט און פון דער אויסזיכט צו טרעפן זיך מיט איר. האָט די סעפּטעמבער־זון אים געוואַרעמט, געשיינט אַרום אים, מער ווי שטענדיק... געשיינט אים אין פּנים אַריין, ווי ראַזעלי סאַראַדס געשטאַלט.

אין קעשענע האָבן זיינע פינגער געגלעט די פּאַפּירענע באַנקנאָטן, וואָס סעמיועל סאַראַד האָט אים געגעבן, מער ווי ער האָט זיך געריכט צו קריגן, ווי ס'איז אים גקומען, האָבן אים דערמאָנט סאַראַדס גרויסמו־טיקייט היינט. ער איז געווען אויפגעלייגט און פריילעך, צופרידן מיט זיין צוקונפט. האָט נאָך אַמאָל איבערגעלעבט דעם בלענד־און־בליאַסק פון ראַזעליס שיין פּנים, זיין האַרץ איז איצט געווען שטיל, רואיק. ער איז ביי זיך געווען זיכער, אַז ווען ער דערזעט זי איצט, וואָלט ער ניט צעטומלט געוואָרן. ער וואָלט איצט אַפילו געקענט אויסרעדן אַ פּאָר ווערטער צו איר. אויפן וועג אַהיים האָט טעדי געטראַכט, זיך געוווּנדערט אויפן פאָטער זיינעם, וואָס זעט נאָר שלעכטס אין דעם מיסטער סאַראַד. ער האָט שטענדיק נאָר טענות צו אים, זעט נאָר חסרונות אין אים. האָט דען סאַראַד אים געצווּנגען צו באַנקראָטירן? און ווען אַ צווייטער קויפט אָפּ די פאַבריק, וואָלט אים בעסער געווען? אַן אַנדערער וואָלט אים זיכער ניט געמאַכט פאַר דעם לייטער פון דער פאַבריק, ווי סאַראַד האָט דאָס געטאָן. ער וואָלט דאָרט זיכער ניט געבליבן אַרבעטן. אויב אַפילו יאָ, וואָלט מען אים ניט געצאָלט אַזאַ געהאַלט, ווי סאַראַד האָט אים היינט געצאָלט. היינט איז ער אויך געווען אַנדערש צו אים. ער האָט דערציילט דעם פאָטער פון סאַראַדס גוטסקייט, זיין ליבעראַלקייט, פון זיין פאַרשטעלן אים פאַר זיין טאָכטער.

„אייגנטלעך, פאַרוואָס ניט? וואָס האָט זי דען מער, זיין טאָכטער, ווי אַ שיין פּנים און דעם טאַטנס אוצרות? ס'וואָלט אים אַפילו געמעגט אָנשטיין צו נעמען דיך פאַר זיין איידעם״. — האָט טעדיס פאָטער געזאָגט מיט תרעומות.

„ער האָט מיך טאַקע היינט באַהאַנדלט, ווי כ'וואָלט שוין געווען זיין איידעם״ — האָט טעדי אים געוויזן די קנאַקנדיקע באַנקנאָטן.

„זאָרג זיך ניט פאַר אים, סאַראַד צאָלט קיינמאָל ניט איבער. מן־הסתם האָסטו געאַרבעט טאָפּלט און ביסט ווערט געווען דריי מאָל אַזוי פיל״.

„עס קען זיין, אָבער ער האָט מיר געקענט געבן ווייניקער און דאָך געגעבן מער״.

„ער האָט זיך געוואָלט אויסקויפן פאַר דער טאָכטער״ — האָט דער פאָטער געענטפערט.

„נאָר דו לייגסט אַלץ אויס צום שלעכטן. זי האָט אַפילו ניט געוווּסט

וויפל מיר קומט, צי ער גיט מיר מער צי ווייניקער" — האָט טעדי געענטפערט פאַרדראָסיק.

„פאַרוואָסזשע איז ער אַזוי פּלוצים גוט געוואָרן צו דיר? אדרבה, זאָג אַליין, סתם אַזוי האָט ער דיר געגעבן מער ווי דיר איז געקומען?".

„ווייל ער איז ניט אַזוי שלעכט ווי דו מאָלסט אים" — האָט טעדי טראַציק געענטפערט.

טעדיס רואיקע און באַזאָכטע ענטפערס האָבן שטאַרק פאַרדראָסן דעם פאָטער. ער האָט זיך אויפגערעגט: „נו, נו, כ'וויס איצט ניט וואָס זיין כוונה איז געווען ביים געבן דיר די קנאַקנדיקע באַנקנאָטן. געדענק אָבער מיינע ווערטער, אַ כוונה האָט ער זיכער."

„און וואָס פאַר אַ געהיימע כוונה האָט ער אייגנטלעך מיטן הייסן מיר קומען אַרבעטן אין די סוף־וואָכן, שבת און זונטיק?" — האָט טעדי שוין געפרעגט בייזלעך.

„אויך אין דעם מוז שטעקן ערגעצוווּ אַ באַהאַלטענע סיבה, ער מיינט ניט בלויז די אַרבעט — האָט זיך דער פאָטער געערגערט, וואָס ער האַלט אַזוי שטאַל־און־אייזן מיט סאַראַדן. — וועסט שוין זען, וועסט שוין זען. הלוואי זאָל איך זיין אַ פאַלשער נביא. האָסט זיך אפשר פאַרכלאַפּטשעט אין דער יפיפיה זיינער?"

טעדיס פּנים האָט געהאַט סימנים פון פאַרדרוס, וואָס דער פאָטער האָט אויסגעפונען אין זיינע רייד, אַז ער איז ניט גלייכגילטיק צו סאַראַדס טאָכטער, דאָס וואָס וועט אוודאי פאַרשטאַרקן זיין קעגנערשאַפט צו סאַראַדן. ער האָט איצט ניט רעאַגירט אויף דעם פאָטערס רייד, ר'איז אַריין צו זיך אין צימער און אין אומרו געגומען זיך צו זיינע אַרבעטן, אָבער קיין מנוחה ניט געפונען ביי דער אַרבעט. טרערן זענען אים געהאַנגען אויף זיינע וויעס, פאַרנעפּלט זיין בליק און מחשבות. ער איז אַרויס פון הויז צו צעשטרייען זיך אַ ביסל.



דאָס דרויסנדיקע קילע ווינטל האָט, ווי מיט אַ כישוף, אַוועקגענומען זיין אומעט. די אומרואיקייט איז פאַרשוווּנדן. דער אָפּטרעטנדיקער נעפּל פון זיינע אויגן האָט אַרויסגעברענגט ראַזעליס געשטאַלט. ווי אין חלום איז ער די געשטאַלט נאָכגעגאַנגען, אין פּאַרק אַריין זי געפירט, געזעצט זיך אויף אַ באַנק. ער האָט זי געפילט ביי זיין זייט.

זיצנדיק אַזוי אין פּאַרק, אין שאָטן פון איר גייסט, איז ער איר בענטער געוואָרן, איר צוגעזאָגט אין זיין האַרץ, מאָרגן צו טרעפן זיך מיט איר ביי דער אַרבעט און פון דאָרט גיין אַהער אין פּאַרק, אָדער פאַרברענגען ווי נאָר זי וועט וועלן.

אין פּאַרק האָט זיך אין טעדין די ליבע דערוועקט. צוויי טויבן האָבן פאַרביי שפּאַצירט, אַנגערירט זיך מיט די פליגל־שפּיצן, צוגעוואָרקעט זיך זייער ליבע־וואָרקעניש. צוויי יונגע פאַרליבטע, כמעט קינדער נאָך, ער און זי, געאָרעמט און געפלאָכטן אין זייער ליבע. האַנט־אין־האַנט, פּנים־אין־פּנים, האָבן זיי אַריינגעשוועבט אין די פּאַסן פון ליכט און שאָטן, גרינג איז זייער גאַנג געווען, קוים וואָס זיי האָבן די ערד באַרירט.

ער, אפשר אַ יאָר 16, זי נאָך ייִנגער, האָבן געשמייכלט, געלאַכט פון דעם, וואָס ער האָט איר אַרייַנגערוימט אונטער די האָר אין אויער. זי האָט זיך אָפּגעשטעלט, ער האָט איר אַ קוש געטאָן אונטערן אויער־לעפל, אויסגעדרייט איר פּנים און געקושט איר אין מויל. זי האָט געכאַפּט דעם קוש, מיט אים אַנטלאָפן און צעגאַנגען זיך אין געלעכטער און פרייד. ער האָט זי נאָכגעיאָגט, געכאַפּט, צוריקגענומען זיין קוש און באַקומען אירס אַ קוש אַ מתנה. אַזוי געפלאָכטן אָרעם־אין־אָרעם, קוש־אין־קוש, האָבן זיי אַוועקגעשוועבט צו אַ שאָטנדיק אָרט און געטרונקען זייער ליבע אין דער טונקעלער שטילקייט...



צומאָרגנס, באַלד נאָך די לעקציעס, איז ער אַוועק צו דער זאָקן־פאַבריק, געשטעלט זיך אַרבעטן און געהאָפּט, אַז זי וועט זיך באַווייזן. זי האָט דאָך געהערט איר טאַטן אים זאָגן, אַז ער זאָל קומען אַרבעטן ווען נאָר ער וועט וועלן. האָט ער געהאָפּט, אַז אויך זי וועט וועלן קומען אַהער. אָבער זי איז ניט געקומען, ניט דעם טאָג און אויך ניט אין די ווייטערע טעג.

## קאַפּיטל 23

נאָך אַ וואָך אָפּוואַרטן און ער האָט ניט דערגרייכט פון די יונגע, ראָזעלי און טעדי דאָס, וואָס ס׳איז געווען נאַטירלעך... ער האָט בכלל ניט געהערט פון זיי, האָט סעמיועל סאַראַד באַשלאָסן באַהילפיק צו זיין דעם מזווג זיווגים, אַז דער „ענין" זאָל ווערן אַ רעאַלקייט...

ס׳איז געווען אַ קאַלטער, אָבער שיינער האַרבסט־טאָג. אויפן הימל האָבן אַרומגעשוועבט פאַרבלאָנדזשעטע שטיקער וואָלקנס, ווי גרויסע שטיקער ווייסע וואַטע, געשפּילט זיך מיט דער זון אין באַהעלטערלעך, געררייצט זיך און געוויזן דער גרויסער קלוגער וועלט, אַז דאָס קלענסטע

וואָלקנדל, קען פֿאַרשטעלן פֿאַר זיי די גרויסע שײַנענדיקע זון, און אירע קלוגע חכמים, גרויסע וויסנשאַפֿטלער, אַפֿילו די גרויסע זון אַליין, קענען ניט קיין עצה האָלטן קעגן דער קלענסטער כמאַרעלע.

אין דעם טאָג, אַ פֿראָסטער אַרבעטס־טאָג, איז סעמיועל סאַראַד אַוועק, אָנשטאָט אין זײַן ביורא — צו מיסטער ראָזין אַדורכצורעדן זיך מיט אים וועגן אַ שידוך צווישן זײַן ראָזעלין און טעדין, ווי ער וואָלט געגאַנגען פֿאַרלייגן עפּעס אַ געשעפֿט, אָדער אָפּקויפֿן אַ פֿאַבריק.

ראָזעלי איז שוין געהאַט אַרײַן אין איר פּערטן מאָנאַט, און וואַרטן ביז טעדי וועט זיך אָננעמען מיט מוט און בעטן איר האַנט, איז געווען צו לאַנג און צו ריזיקאַליש צו וואַרטן. סעמיועל סאַראַד איז בטבע אין דעליקאַטע ענינים ניט געווען קיין ריזיקאַנט, קיין אײַנשטעלער. רק האָט ער באַשלאָסן, איז עס געווען בבחינת אומר־ועושה, געזאָגט און געטאָן.

ער איז אַוועק מיטן געפֿיל, אַז ראָזין איז אויף אים בייז, טראָגט אויף אים ניט קיין גוט האַרץ, ניט אַזוי צוליבן פֿאַרלירן זײַן פֿאַבריק, נאָר ווײַל ער האָט פֿון איר געמאַכט אַ גוט־גייענדיקע אונטערנעמונג. פֿאַר זײַן ניט־באַנקראָטירן, ווען ער און אַלע אַנדערע האָבן יאָ באַנקראָטירט — זיך אײַנגעבראָכן. ס׳איז געווען אַ שנאת־חינם, אָבער דאָך אַ שנאה, און ער איז געגאַנגען ביי אים פּועלן, אויב ער קען דאָך ניט געבן זײַן אַקטיווע הילף צום שידוך, זאָל ער כאָטש ניט זײַן אַקטיוו קעגן שידוך. ער וועט זיך באַמיען גיין מיטן אמת, פֿאַרשטייט זיך, וויפֿל ס׳וועט זיך לאָזן.

די שאָטנדיקע וואָלקנס אויף דער זון האָבן זיך רעפֿלעקטירט אויך אויף אים — אָט האָט ער געטראַכט, אַז ער טוט ניט גוט, וואָס ער גייט בעטן הילף ביי מיסטער ראָזין ס׳זאָל ווערן אַ שידוך צווישן ראָזעלין און זײַן טעדין. און ווען די זון האָט געגומען אויפֿשײַנען, האָט ער געטראַכט — צוריק־געשמועסט, וואָס פֿאַר אַ שלעכטס האָט ער אים געטאָן? ער האָט אים אַ לאַנגע צײַט געהאַלטן אין דער פֿאַבריק ממש ווי אַ באַלעבאָס, געהאַט צו אים צוטרוי, און ווען ניט די מעשה מיט די פּעדלער, וואָס ער האָט געוואָלט פֿאַרטרײַבן, וואָלט ער אפשר נאָך הײַנט דאָרט געאַרבעט. איצט ווײַל ער אים מאַכן פֿאַר זײַן מחותן. פֿאַרוואָס זאָל ער דאָס ניט וועלן?

מיסטער ראָזין האָט ניט געקענט באַהאַלטן זײַן צעטומלטקייט, ווען ער האָט פּלוצים געפֿונען סעמיועל סאַראַדן אויף זײַן שוועל, ביים עפֿענען די טיר. ער האָט מיט אײַנמאָל פֿאַרגעסן אָן אַלע זײַנע טענות, און אים באַלד אַרײַנגעבעטן אין גאַסט־צימער אַרײַן, אונטערטראָגנדיק אים דעם ווייכן פֿאָטער־שטול, געבעטן אים זיצן און דערביי אויסגערופֿן:

„אוי אַ גאַסט, וואָס אַ גאַסט, כ׳לעבן אַ גאַסט!“

סעמיועל סאַראַד האָט זיך ניט געלאָזט לאַנג בעטן, זיך אַוועקגעזעצט און באַלד צוגעטראָטן צום ענין.

„איר וווּנדערט זיך זיכער אויף מיין קומען צו אייך. וועל איך אייך ניט האַלטן נייגעריק. אייך איז דאָך באַקאַנט, אַז איך האָב ניט קיין צייט אויף קיין דברים בטלים. אויך איר האָט ניט קיין געדולד אויף לאַנגע שהיות. וועל איך טאַקע באַלד צוטרעטן צום ענין, וואָס האָט מיך היינט געבראַכט צו אייך". — ער האָט זיך צוריק אויפגעהויבן פון פּאַטעל.

„אייער טעדי געפעלט מיר פאַר אַן איידעם. אונדזערע קינדער געפעלן זיך. ער געפעלט מיין ראָזעלין און אייער טעדין געפעלט מיין טאָכטער. אָבער ער האָט קיין מוט ניט דאָס איר צו זאָגן, אָדער ער שעמט זיך. איר מיט אייער פרוי קענען דאָ אַ סך העלפן". — ער איז שטיל געבליבן, כדי צו געבן מיסטער ראָזין צייט צו קומען צו זיך פון איבערראַשונג. מיסטער ראָזין האָט פון געפּלעפּטקייט ניט געקענט דאָס מויל עפענען. פון געוווינהייט צו באַוועגן זיך אין מאָמענטן פון טראַכטן, האָט ער גענומען גיין איבערן צימער.

די שטילקייט אין שטוב האָט ממש געריסן די אויערן און פאַר־גרעסערט ביידנס געשפּאַנטקייט. אין רואיקייט וואָלטן זיי איצט געקענט הערן איינער דעם אַנדערנס האַרץ־קלאַפּן. מיסטער ראָזין האָט געזוכט וואָס צו זאָגן, וואָס צו ענטפערן, און סעמיועל סאַראַד איז געווען בלויז געהער, צו הערן וואָס מיסטער ראָזין וועט ענטפערן אויף זיין פאָרשלאָג צו פאַרבינדן זיך אין מחותנימשאַפט. ער האָט אָבער ניט געקענט זיך דערוואַרטן אויף מיסטער ראָזינס ענטפער און געפרעגט:

„וואָס איבערראַשט אייך אַזוי, אַז אַ טאַטע וויל אַ היימיש קינד פאַר דעם מאַן פון זיין טאָכטער? איר ווילט דען ניט דאָס זעלבע פאַר אייער טעדין?" — אָט די רייד האָבן אויפגעבונדן מיסטער ראָזינס צונג. ער האָט צוריקגעקראָגן זיין לשון און געפרעגט:

„פון וואַנען ווייסט איר, אַז מיין טעדי געפעלט אייער טאָכטער? אָדער פאַרקערט, פון וואַנען נעמט איר, אַז אייער טאָכטער געפעלט מיין טעדין?"

„כ'בין זיך משער, אַז איר קענט אייער טעדין בעסער פון מיר. אָבער אייער טעדי האָט זיך צופעליק באַקענט מיט מיין ראָזעלין ביי מיר אין ביוראָ, און איך האָב געזען זיינע פאַרשעמטע, פאַרליבטע בליקן. ער האָט פון איר די אויגן ניט געקענט אָפּרייסן. נו, איך ווי אַ פאָטער, האָב איך נאָך געדאַרפט פרעגן? אָבער ער האָט אייך, ווייזט אויס, גאָרניט געזאָגט וועגן דעם. זעט איר, מיין ראָזעלי האָט שוין יאָ גערעדט מיט מיר וועגן אים. אָבער זי איז דאָך אַ מיידל, וואַרט זי ער זאָל זי איבערראַשן

מיט זיין ליבעס־פאַרשלאַג, ווי ס׳פּירט זיך ביי די יונגע חברה, כמנהג העולם״.

מיסטער ראַזין האָט געדאַכט, אַז דאָס אַלץ חלומט זיך אים. ער האָט געקוקט אויף דעם אינדוסטריעלן כישופמאַכער, דעם מיליאָנער, און זיך אַלץ ניט געגלויבט, אַז ער הערט דאָס פון אים אַליין. אין זיין חלום וואָלט ער זיך ניט געגלויבט, אַז עס קען אַמאָל געשען דאָס, וואָס איז געשען איצט — אַז סעמיועל סאַראַד זאָל זיך אַליין שדכענען צו זיין זון, אַז דער אונטערנעמערישער גביר זאָל דאַרפן זיין הילף, און טאַקע בעטן ביי אים די הילף.

„וואָס איז אייגנטלעך דאָס געאייל, וואָס? וועט עס נעמען אַ ביסל לענגער. יונגע ליבע ווערט ניט פאַרזויערט. אייער טאָכטער מוז דאָך זיין נאָך אַ גאָר יונג קינד״ — האָט מיסטער ראַזין געזאָגט, איצט שוין אינגאַנצן אַ באַרואיקטער.

„אוודאי, זייער יונג, אָבער קיין עין־הרע אויפגעוואַקסן און אַנט־וויקלט ווי אַ צוואַנציק־יאָריקע. די בחורים לאָזן זי ניט צורו, פלאַטערן אַרום איר, ווי די בינען אַרום האָניק. ווער קען זיי? ווער זענען זיי? וועמענס זענען זיי? אייער טעדין קען איך, ער איז מיר נאָענט געוואָרן זינט איך האָב אים דערקענט. פאַרט אַ היימיש קינד. איך און איר, אָן מיין געלט,. זענען גלייכע. פאַרוואָס זאָל מיין געלט זיין אַ חסרון? כ׳האָב חלילה ביי קיינעם ניט געגנבעט, ניט געגזלט חלילה, שווער געאַרבעט אויף דעם און דערביי איז אַ ביסל מזל, געהאָט דעם רבונו של עולם אויף מיין זייט. און איר ווייסט דאָך, אַז ער הייסט ווערן אַ גביר, מעג מען זיין דער גרעסטער שלימזל, דער גרעסטער לא־יוצלח, ווערט מען אַ גביר. וואָס איז אייער מיינונג?״ — האָט סעמיועל סאַראַד אַריבער־געקוקט צום פענצטער, ווו מיסטער ראַזין איז געשטאַנען.

„ס׳וואונדערט זיך דען בלויז אין מיר?״ — האָט מיסטער ראַזין ווי זיך פאַרענטפערט.

„איר דאַרפט שוין וויסן, מיסטער ראַזין, אַז איך באַרעכן מיינע רייד. אין דעם פאַל ווענדט זיך אין אייך און איר אייער פרוי. אַ מאַמע קען אַ סך צוהעלפן צום גליק פון איר קינד, און פאַרקערט. איר זענט אַ בר־מזל, מיסטער ראַזין. אייער טעדי זעט מיר אויס צו זיין אַ קינד, וואָס האַלט פון כבוד אב ואם, ניט ווייל מ׳הייסט אים, נאָר ווייל ער וויל, און דאָס איז ווערט אַ סך. מיר ביידע האָבן ווילע קינדער, פאַרוואָס זאָלן זיי אַריינפאַלן צו ווילד־פרעמדע מענטשן, וואָס ניט איר און ניט איך וועלן זיי קענען? בויגט זיך צו, לייגט צו אַ וואָרט. אַ מיידל וויל הערן, אַז מ׳ליבט זי. און די פּיפּיקע בחורים מיט די געשליפענע ציגעלעך,

רעדן נאָר וועגן ליבע, וואָלט זי דאָס אויך געוואָלט הערן פון אייער טעדין".

„און מיין טעדי שווייגט!" — האָט זיך אַרויסגעגליטשט ביי מיסטער ראָזין.

„דאָס וואָס כ'מיין. זי איז דאָך אַ יונג קינד, אַ פאַרליבט מיידל, וויל זי דאָס אויך הערן פון דעם, וועמען זי האָט ליב. קיין עוולה, מיין איך, איז דאָס זיכער ניט, און אייער טעדי שווייגט". — סעמיועל סאַראַד האָט אויסגעשטרעקט די האַנט צו מיסטער ראָזין צום געזעגענען זיך, אַ צופרידענער, וואָס ער איז אויף זיין זייט.

„אַ שיינער מכניס־אורח בין איך. מכבד געווען אייך מיט רייד, אַפילו אַ קאַווע אייך ניט געגעבן" — האָט מיסטער ראָזין זיך אַנטשולדיקט, באַגלייטנדיק זיין גאַסט צו דער טיר. — „דאָס ווייב איז אַוועק איבערנעמען פון טעדין דאָס קרעמל. ער עפנט עס און זי פירט עס, איך קום נאָכמיטאָג און פאַרשליס עס" — האָט ער זיך פאַרענטפערט און געעפנט די טיר.

„כ'האָף, אַז איך האָב אייך ניט געשטערט אייער רו. כיבוד און כבוד וועלן מיר זיך צוטיילן, ווען די קינדער אונדזערע וועלן זיך דערנענטערן אין זייער ליבשאַפט. כ'בין זיכער, אַז זיי זענען אַ געפּאַסטע פּאָר" — האָט דער גאַסט גערדריקט וואַרעם מיסטער ראָזינס האַנט ביים אַריבער־טרעטן די שוועל.

„אַהאַ, ס'הויבט זיך ביי אים אוודאי אָן אַ פאַמיליע־קריזיס, אפשר אַ פאַמיליע־באַנקראָט, און ער וויל, אַז איך זאָל אַפּראַטעווען פון באַנקראָט זיין נאָמען. איצט איז די ראָזינס צייט!" — האָט זיך מיסטער ראָזין געטראַכט, נאָכקוקנדיק ווי סעמיועל סאַראַד דערווייטערט זיך פון זיין הויז. אים האָט זיך גערדוכט, אַז ער גייט אַ ביסל איינגעבויגן און ניט זיכער אויף זיינע פיס.

אין דרויסן האָט שוין ניט געשיינט קיין זון. דער הימל איז געווען פאַרכמורעט ווי ס'וואָלט זיך געגרייט רעגענען, אָדער שנייען. סעמיועל סאַראַד איז געווען אומרואיק. אַז מיסטער ראָזין איז אויף זיין זייט, אין דעם איז ער זיכער. דאָך איז ער עפּעס מיט זיך ניט צופרידן. די מענטשלעכע נשמה מוז זיין פון סטרונעס. „ער איז קראַנק, דאָס ווייב מיט טעדי פירן דאָס קרעמל" — ס'האָט אים באַהערשט אַן אומהיימלעכקייט. „ער האָט דאָך אים ניט געטאָן קיין עוולה, אויך ניט טעדין ביז איצט, ביז איצט" — האָט דער געדאַנק איבערגעחזרט דעם „ביז איצט", און אַ געפיל, אַז איצט גייט ער אים אַן עוולה אָן, האָט ווי אַ זלידנע פליג געזומען זשומען אַרום אים. „ער וועט אים קיין עוולה ניט טאָן, ער וועט אים ניט אָפּנאַרן, ער וועט אים אַלץ דערציילן, ווען די צייט וועט קומען" — האָט ער ביי זיך באַשלאָסן.

סעמיועל סאַראַד האָט מיט זיין באַזוך באַלד אינדערפרי ביי מיסטער ראַזין אויסגערעכנט, אַז ס׳זאָל ניט גיין פאַרלוירן אַפילו איין טאָג, און מיסטער ראַזין זאָל נאָך אין דעם זעלבן טאָג איבעררעדן מיט טעדין וועגן דעם ענין ליבע צו ראַזועלי סאַראַד, און ווי אַלע מאָל, גוט אויסגערעכנט. איבערנעמענדיק דאָס קרעמל נאָכמיטאָג פון ווייב, האָט מיסטער ראַזין געבעטן דאָס ווייב זי זאָל צו אים צושיקן טעדין, ווי נאָר ער וועט אַהיימ־קומען פון אוניווערסיטעט. איידער ער גייט אין דער זאָקן־פאַבריק, זאָל ער אָפּטרעטן ביי אים. מיסיס ראַזין האָט שוין געוווּסט ניט צו פרעגן קיין קשיות ביי איר מאַן. ער וועט איר ממילא ניט דערציילן, ווען ער וויל ניט זי זאָל וויסן, דאַרף זי יאָ וויסן, וועט ער איר ממילא אַליין דערציילן.

טעדי האָט יאָ געפרעגט אויף וואָס דער פאָטער דאַרף אים, אָבער די מוטער האָט געצויגן מיט די אַקסלען. „קענסט נאָך ניט דיין טאַטן? יעדע נאַרישקייט איז ביי אים אַ סוד גדול!“

מיסטער ראַזין איז אָקעגנגעגאַנגען טעדין און באַלד צוגעטראָטן צום ענין סאַראַד: „מיר האָבן אָנומלטן גערעדט וועגן די סאַראַדס, פון וועמען דו האָלטס אַזוי שטאַל־און־אייזן. זאָג־זשע מיר, כ׳בעט דיך, טראַכסט טאָקע ערנסט וועגן דער ראַזעלי סאַראַד? כ׳מיין, האָסטו זי ליב? ווען אַ יונגערמאַן דערזעט אַ שיין מיידל, קען די שיינקייט אים אַזוי פאַרבלענדן די אויגן, ניט וויסנדיק צי דאָס האַרץ איז אויך דערביי. די ערשטע אויגן־בליק־ליבע איז אַ נאַיווע ליבע, אַרויסגערופן מער פון רייץ ווי פון האַרץ, דעמאָלט קימערן אים בכלל ניט דעם מיידלס כאַראַקטער־שטריכן, ניט איר געלערנקייט, איר אינטעליגענץ, ער באַמיט זיך בכלל ניט צו וויסן אירע חסרונות. שפּעטער, ווען די ליבע הערט אויף צו פלאַמען, דערזעט מען זאַכן אין אַן אַנדער ליכט. דאָס שיינע־פּנים־ליבע גיט אַ ברען, אַ פלאַם אויף, און לעשט זיך אויס“ — האָט דער פאָטער געזוכט טעדיס פּנים אינעם טונקעלן קרעמל.

„כ׳האָב דיר געזאָגט, וואָס איך טראַכט וועגן די סאַראַדס, כ׳האָב מיין מיינונג ניט געטוישט“ — האָט טעדי געענטפערט אין טונקעלן חלל אַריין.

„כ׳פרעג דען דיך וועגן די סאַראַדס? כ׳פרעג וועגן דיין געפיל צו זייער טאָכטער, פרעג איך“ — איז דער פאָטער געוואָרן צודרינגלעכער.

„כ׳האָב זי ליב“ — האָט טעדי געענטפערט שטיל.

„פאַרוואָסזשע זאָגסטו איר דאָס ניט? ביסט אפשר ניט גאַנץ זיכער?“

„כ׳בין זיכער, אָבער וואָס ברענט?“ — האָט טעדי ניט פאַרשטאַנען.

„ס׳ברענט ניט, דו ביסט אָבער ניט איין זכר אין מאָסקווע. זי האָט זיכער אַ סך בעלנים אויף זיך. אַז זי וועט וויסן וועגן דיין גוטער באַציאונג צו איר, וועט זי אויף דיר וואַרטן ביז וועסט גראַדואירן. טראַכט איבער. ס׳טרעפט, אַז מ׳ווערט באַנומען פון פרויען־רייץ, פון געלט, אַ סך מאָל

איז עס אינטעליגענץ, אויך אַ געשליפן ציגגל פּאַרכאַפּט. אַפּט פאַרלירט מען די געזונטע חושים און ס׳דוכט זיך בלויז, אַז מ׳האָט זי ליב״ — האָט דער פאַטער געוואָרנט.

„וואָס איז דאָ געשען ? וואָס עפּעס ווילסטו פּלוצים אויף דער שנעל מיך חתונה מאַכן מיט די סאַראַדס ? האָסט דאָך זיי שטענדיק פיינט געהאַט. פון וואַנען נעמט זיך דאָס וואַרעמע געפיל צו זייער טאָכטער ?״ — האָט טעדי געפרעגט.

„וואָס רעדסטו, פיינט געהאַט ? חלילה ! איר טאַטע האָט געגוג חסרונות, מיט וועלכע ער וועט זיך שוין ניט שיידן זיין גאַנצן לעבן. דאָס האָט אָבער ניט קיין שום שייכות מיט דיר און מיט דיין ראָזעלין. האָסט זי ליב, זאָל זי דערפון וויסן״ — האָט דער פאַטער אים געמוטיקט.

טעדיס אויגן זענען געוועזן פייכט, ווי ער וואָלט געוויינט. „דערויף האָסטו מיך געדאַרפט אַהערשלעפּן איצט ? האָסט ניט געקענט וואַרטן אויף ביינאַכט, ווען דו קומסט אַהיים ?״ — האָט טעדי געפרעגט מיט פאַריבל.

„עפּעס פיל איך אַן אומזיכערקייט ביי דיר לגבי דער ליבע צו איר״ — האָט דער פאַטער געזאָגט.

„כ׳בין ניט זיכער, צי זי וועט מיך וועלן. ווער בין איך, וואָס בין איך דען, אַז זי זאָל מיך וועלן ? זי איז שיין ווי די זון, אַ מיליאָנערישע טאָכטער, און איך — אַ קרעמערס אַ זון, אַן אַנגעשטעלטער ביי איר פאַטער. פאַרוואָס זאָל זי מיך וועלן ? וועגן דעם האָסטו ניט געטראַכט, דאָס איז דיר גאָר ניט איינגעפאַלן, וואָס ?״ — האָט טעדי געזאָגט, ווישנדיק זיך די פאַרוואָסערטע אויגן.

„געלט איז ניט אַלץ, איך האָב אַמאָל געהאַט געלט, און אַ שיין פּנים גילט ניט אייביק. פאַרוואָס זאָל מיר גאָר איינפאַלן, אַז מיר זענען נידעריקער פון די סאַראַדס ? מיסטער סאַראַד וואָלט דיך געדאַרפט צוכאַפּן מיט ביידע הענט, און כ׳בין גאָר ניט אַזוי זיכער אין מיסטער סאַראַדס גלייכגילטיקייט צו דיר, אויב ער וועט וויסן, אַז דו האָסט ליב זיין טאָכטער. אָבער אַז דו שווייגסט, וועלן אַנדערע, גלאַט־צינגלדיקע בחורים־לעך איר פאַרדרייען דעם קאָפּ, און דו וועסט בלייבן הינטערשטעליק. פון וואַנען זאָלן זיי וויסן, וואָס ביי דיר אין האַרצן טוט זיך ? זיי זענען טאָקע גבירים, אָבער ניט קיין נביאים״. — האָט אים דער פאַטער אונטערגעמונטערט.

אויפן וועג אין דער זאָקן־פאַבריק האָט טעדי זיך דערמאָנט, אַז ס׳האָט ווער אין דער לעצטער וואָך אָפּגעטאָן צוויי אַרבעטס־טעג. ווער האָט דאָס געקאָנט מאַכן ? — האָט ער זיך געוווּנדערט. פון זינט ער אַרבעט אין דער זאָקן־פאַבריק, איז אַזוינס ניט געשען. לויט די פעלערן איז

ער דערגאַנגען, אַז נאָר אַזאַ איינער, וואָס האָט קיין אַנונג ניט אין געהילפס־בוכהאַלטעריע האָט דאָס אָפּגעטאָן. ווער האָט דאָס געקענט זיין? — האָט ער איבערן גאַנצן וועג געטראַכט. אין מוח האָט זיך אים עפּעס געפּלאָנטערט, אַז דאָס האָט נאָר געקאָנט זיין זי. גלאָט אַ פרעמדן, אַ ניט־דערפאַרענעם, וואָלט מען דאָרט ניט אָנגעשטעלט, ער איז דאָך דערביי טעטיק. ער האָט אויך געוווּסט, אַז ניט דער בוכהאַלטער און ניט סעמיועל סאַראַד וואָלטן צוגענומען סתם אַ מענטשן צו העלפן אין די ביכער. איז ווערזשע האָט דאָס געקאָנט זיין? ער האָט געפרעגט ביים בוכהאַלטער אויף די פעלערן, און יענער האָט זיך מודה געווען, אַז במשך צוויי טעג האָט דאָ געאַרבעט אַ „ליאַלקע", און האָט פּלוצים אויפגעהערט צו קומען.

טעדי איז געווען זיכער, אַז ס'איז געווען זי. אָבער פאַרוואָס דווקא זי, האָט ער ניט געקענט פאַרשטיין.

זונטיק, ווען ער איז געקומען צו דער אַרבעט, איז שוין סעמיועל סאַראַד דאָרט געווען זייער פאַרנומען מיטן בוכהאַלטער, און ער האָט אַפילו זיין אַריינקומען ניט באַמערקט. טעדי האָט זיך געשטעלט צו דער אַרבעט און געווען צופרידן, וואָס ער איז ניט אַליין מיט מיסטער סאַראַד. ער האָט איצט געוואָלט אָפּלייגן זיין שמועס מיט אים, צו וואָס ער האָט געגרייט זיך שוין אַ גאַנצע וואָך. אָבער ווען מיסטער סאַראַד האָט אַ זאָג געטאָן „גוד ביי", און געפרעגט וואָס עס מאַכן טאַטע־מאַמע, האָט ער צוריקגעקראָגן זיין דרייסטקייט און „אַרויסגעשאָסן" אין געאייל, אין דער שטיל: „כ'וויל אייך זען, מיסטער סאַראַד. כ'דאַרף מיט אייך עפּעס רעדן".

„נו, די אַרבעט וועט ניט אַנטלויפן. פיר מיך צו אַהיים, וועלן מיר שמועסן" — זאָגט מיסטער סאַראַד.

אַ היפּש שטיקל וועג זענען זיי געגאַנגען און געשוויגן. סעמיועל סאַראַד האָט געוואַרט, אַז טעדי זאָל אָנהויבן רעדן, און טעדי האָט ניט געוווּסט ווי אַזוי אָנצוהויבן. אַ צייט האָט ער געגרייט זיך צו רעדן וועגן זיין ליבע צו ראָזעלין, און ניט זיכער געווען מיט וועמען פריער צו רעדן, מיטן טאַטן צי מיט דער טאָכטער. און נאָך לאַנגע שלאָפלאָזע נעכט פון טראַכטן האָט ער באַשלאָסן פרעגן ביים טאַטן איידער ער רעדט מיט ראָזעלין. ס'האָט זיך אָבער אַזוי גרינג ניט גערעדט, ווי צו זיך אַליין אין די שלאָפלאָזע נעכט. ענדלעך האָט ער זיך אָנגענומען מיט מוט און געזאָגט:

„ווי איר ווייסט אַוודאי, דאַרף איך נאָך לערנען צוויי יאָר, ביז כ'וועל גראַדואירן. וואָלט אייער ראָזעלי געוואָלט וואַרטן אויף מיר?" — ער איז שטיל געבליבן און געהערט קלאַפּן זיין אייגן האַרץ.

„אויב האָסט זי ליב, נאָך וואָס וואַרטן צוויי יאָר? אויב וועסט נאָר

פועלן ביי ראַזעלין, קענט איר דאָך חתונה האָבן אַפילו דעם מאָנאַט. אַז מ'האָט זיך ליב, צו וואָס דאַרף מען וואַרטן?" — האָט מיסטער סאַראַד איבערגעפרעגט נאָכאַמאָל.

טעדי איז צעטומלט געוואָרן פון סעמיועלס ענטפער. דאָס האַרץ האָט ביי אים גענומען נאָך שטאַרקער קלאַפּן. ער האָט געוואַגט צו האָפן, אַז סעמיועל וועט מסכים זיין צו וואַרטן, און ער איז געווען גרייט צו קעמפן פאַר ראַזעליס ליבע, און דאָ הערט ער פלוצים אַזעלכע ווערטער!

„ווייסט ראַזעלי וועגן דיינע געפילן צו איר?" — האָט סעמיועל סאַראַד געפרעגט.

„ניין, נאָך ניט, ליידער" — האָט טעדי ניט געוווּסט, ווו אַהין צו טאָן די אויגן.

„פאַרוואָסזשע זאָגסטו דאָס איר ניט? נעם זי אַרויס ערגעץ אויף אַ שפּאַציר און זאָג דאָס איר" — האָט אים סעמיועל סאַראַד דערמוטיקט.

טעדי איז אויפגעהייטערט געוואָרן פון סעמיועלס רייד. „כ'וועל אַהיים גיין זיך איבערטאָן" — האָט ער געוויזן אויף זיך, אויף זיינע מלבושים, אַ ביסל פאַרשעמט.

„גוט, טו אַזוי" — האָט סעמיועל סאַראַד געזאָגט און זיך געזעגנט מיט אים.

אין אַ געוויינלעכן זונטיק וואָלט סעמיועל צוריקגעגאַנגען אין זיין ביוראָ צוגרייטן זיין מאָנטיקדיקן טאָג אַרבעט. היינט איז ער אַהיים־געגאַנגען זען, אַז ראַזעלי זאָל זיין אין הויז, ווען טעדי וועט נאָך איר קומען. כאָטש ער האָט גוט געוווּסט, אַז ראַזעלי גייט כמעט פון הויז ניט אַרויס, זעט זיך אַפילו ניט מיט אירע אַמאָליקע חברטעס. אַמאָל האָט מען זי זעלטן געטראָפן אין הויז, היינט טרעט זי פון הויז ניט אַרויס. דאָך האָט ער געוואָלט זיכער מאַכן, אַז דער שטן זאָל זיך חלילה ניט אַריינמישן און זי ערגעץ פאַרשלעפּן.



ער האָט זיך קיין אָרט ניט געקענט געפינען אין זיין גרויס הויז, אין דער שעה פון זיין אומגעדולדיקן וואַרטן אויף טעדין. ס'איז אַפילו ניט געווען קיין יידיש בוך דערין אַריינצוקוקן. ער האָט אויפן אָרט מנדר געווען, אַז ווען ער וועט איבערקומען מיט ראַזעלין בשלום, וועט ער אויספּאַקן די ביכער פון די פּאַמעראַנצן־קעסטלעך, באַשטימען אַ באַזונ־דער צימער אין הויז פאַר זיי און פאַר זיך, כדי צו קענען אַריינקוקן אומגעשטערט אין אַ ספר אין זיין אייגן הויז. קיינער זאָל אויף אים ניט קוקן, ווי אויף אַ בייז וווּנדער, ווען ער קומט אַמאָל אַהיים פאַר חצות,

אָדער אויף אַ שעה־צוויי אינמיטן טאָג. ער האָט לעצטנס אָנגעהויבן פילן אַ באַדערפעניש צו זיין אַליין מיט זיך, ביחידות, ווייט פון ביוראָ, פון טעלעפאָן, צו אַנטרינען פון מענטשן.

ווען ס׳איז אים באַפאַלן דער פאַרלאַנג צו זיין מיט זיך אַליין, פלעגט ער אויסלעשן דאָס ליכט אין זיין ביוראָ, פאַרשליסן די טיר און אַזוי אָפּזיצן גאַנצע שעהן מיט פאַרמאַכטע אויגן, אַז מ׳האָט געלאָזט. דער טעלעפאָן אָבער האָט אים ניט געלאָזט זיין אַליין, ניט געלאָזט אַנטלויפן פון אַלע. מענטשן האָבן אַזוי לאַנג געקלונגען, געריסן דעם טעלעפאָן, ביז ער האָט געמוזט ענטפערן.

ס׳האָט אים גענומען ציען צו אַ מקום־מקלט, אויסצובאַהאַלטן זיך פון זיי, ווי ס׳האָט זיין טאַטן און זיידן געצויגן אין בית־מדרש אַריין צו זיין מיט זיך אַליין, פולשטענדיק אַליין. ס׳איז אָבער פאַר אים ניט געווען קיין אַנטרינונג פון דעם הו־האַ, ניט דאָ אין הויז, ניט דאָרט אין זיין פינצטערן ביוראָ. דאָס מאָל איז ער געווען צופרידן, ווען דער קלונג אין טיר האָט געבראַכט טעדין אין זיין הויז אַריין. אין דעם מאָמענט האָט ער פאַרגעסן גאָר, אַז זיי האָבן זיך ערשט ניט לאַנג געזען און זיך זייער דערפרייט מיט אים.

ער האָט טעדין אַריינגעבעטן אין הויז און איז אַוועק אָנזאָגן ראָזעלין וועגן איר גאַסט. בעת ראָזעלי האָט זיך גרייט געמאַכט, האָט ער געכאַפּט מיט אים אַ שמועס. ווען זי איז אַרויס פון איר צימער, איז ער אַוועק צו זיך אין ביוראָ, האָפנדיק, אַז טעדי וועט האָבן מוט ניט צו לאָזן זיך אַהיימשיקן מיט גאָרניט. פון ווייטנס האָט ער געהערט, ווי עס פאַרמאַכט זיך די טיר פון זיין הויז, אָבער ניט געוואָגט אומצוקוקן זיך, צי גייען זיי ביידע, צי ער אַליין.

דעם זונטיק האָט ער אַ סך אַרבעט איבערגעלאָזט אויף מאָנטיק און איז אַוועק פריער אַהיים, צו זיין דאָרט איידער ראָזעלי קומט, כדי צו הערן דאָס גוטע נייעס פון טעדיס ליבעס־דערקלערונג. ווי דערשטוינט איז ער אָבער געווען צו זען, אַז זי איז שוין אין איר צימער, דער טיש־לאָמפּ ברענט שוין דאָרט. ווי לאַנג איז זי שוין אין הויז? — האָט ער געטראַכט, זוכנדיק ביי זיך דעם שליסל, ווען די טיר האָט זיך פאַר אים געעפנט און אַקעגן אים איז געשטאַנען בען, און געוווּנדערט זיך צו זען דעם טאַטן אַזוי פרי אין אַוונט אין דער היים.

„פילסט ניט גוט, דעד? איז דיר עפּעס?" — האָט בען געפרעגט.

„ווי פילסטו, בען? ווי גייט דיר אין דער האַנדלס־שול? ווען נעמסטו איבער די געשעפטן מיינע?" — האָט דער פאָטער געפרעגט אין אַ הומאָר־טאָן, כדי צו באַהאַלטן זיין אַנגסט.

„שוין ניט לאַנג, דעד, שוין ניט לאַנג. ראַזועלי איז עפּעס ניט מיט אַלעם היינט" — האָט בען געזאָגט.

„אַזוי? וואָס איז איר?" — האָט אים דער פאָטער געפרעגט, כדי צו זען צי בען אָריענטירט זיך אין עפּעס.

„זי איז משוגע, גערירט אָט־אַ־דאָ — האָט ער געוויזן מיט אַ פינגער אויף די שלייפן. — זי ליגט גאַנצע טעג אין הויז, גייט ניט מער אין שול. מעגסט אַריינגיין צו איר, האָבן מיט איר אַ שמועס, איידער ס'ווערט מיט איר גאָר שלעכט". — ער איז אַראָפּגעשפּרונגען פון דער וועראַנדע און אַן זאָרג זיך אַוועקגעטאַנצט אין גאַס אַריין.

ראַזועלי האָט זיך געריכט, אַז דער פאָטער וועט קומען זי זען, האָט זי געלאָזט די טיר אין איר צימער ניט פאַרשלאָסן. זי איז געווען גרייט נאָכצוגעבן זיין פאַרלאַנג חתונה צו האָבן מיט דעם נאַאיוון, תמעוואַטן טעדין. זי האָט אָבער באַשלאָסן אויסצודריקן איר פּראָטעסט. דער פאָטער זאָל ניט מיינען, אַז זי קען זיך ניט אויף זיין טעדין.

„צווינגסט מיך צו אַ לעבן אָן ליבע" — האָט זי געזאָגט, נאָך איידער דער פאָטער האָט אַרויסגערעדט אַ וואָרט. — ער איז אַ געלערנטער תם, ניטאָ וואָס ליב צו האָבן. ער וועט אפשר זיין אַ גוטער דאָקטאָר, אָבער איך גלויב קוים צי אויך אַ דערפאָלגרייכער דאָקטאָר. ער קען דאָך ניט רעדן מיט קיין מענטשן וועגן מענטשלעכע זאַכן" — האָט זי אָפּגעהאַקט ווי ס'וואָלט איר פאַרפעלט אָטעם.

„אַ נאַיווער, יאָ, אָבער ניט קיין תם. אויך נאַיווע און אפילו תמעוואַטע קענען ליב האָבן. זיין ליבע איז ניט קיין באָמבאַסטישע, קיין שרייענדיקע, אָבער אַ האַרציקע און נשמהדיקע ליבע. ער האָט דיך באמתדיק ליב. ער וועט ניט וועלן געניסן פון דער ליבע איידער ער וועט זי ווערט זיין" — דער פאָטער האָט דערנעענטערט זיך צו איר.

ראַזועלין זענען אַנגעלאָפן טרערן אין האַלדז. זי האָט געזען, אַז אירע רייד האָבן ניט קיין ווירקונג אויף איר פאָטער. ער האָט ממשיך געווען:

„ער האָט דיך ליב און וועט דיך שעצן הויך. צוויי האָבן צוגענומען דיין ליבע און צוריק געגעבן פאַרשעמונג און ווייטיק. ס'איז בעסער, מיין איך, צו לעבן אָן ליבע איידער אין חרפּה. דו ווייסט גאָר ניט וואָס פאַר אַ צרות די געזעלשאַפט אונדזערע, אויך דיינע אייגענע חברטעס, קענען דיר אָנטאָן, ווען זיי וועלן געוואָר ווערן וועגן דיין לאַגע... מיר מוזן זיי פאַרשטופּן די מיילער".

„די מיילער, אָבער ניט זייער שכל..." — האָט זי געשטיקט אין זיך הייס געוויין. באַרואיקנדיק זיך אַ ביסל, האָט זי געזאָגט: — אָן שאַנדע וועל איך קיינמאָל ניט זיין. די חרפּה וואָס מיר טוען אים אָן, מיט איר, און מיט אים, וועל איך שטענדיק לעבן" — זי האָט זיך ביטער צעוויינט.

„פאַרוואָס טאָר מיין מאַן ניט זיין אַ טאַטער, אַן אינדיאַנער, אַ קריסט, אַ מאַכמעדאַנער — אַבי אַ מענטש. ווער זאָגט דאָס, אַז ער מוז זיין אַ ייד ? !" — האָט זי אַרויסגעהעשעט פון איר געוויין.

„דאָס גאָר פרעגסט דו ?" — האָט דער פאָטער זיך צוגעזעצט צו איר. — „אָבער ניט דו ביסט שולדיק. שולדיק זענען איך און די מאַמע. מיר האָבן דיר ניט געזאָגט פאַרוואָס אַ יידיש מיידל מוז נעמען אַ יידישן בחור, און אויך פאַרקערט — אַ יידישער בחור מוז נעמען אַ יידיש מיידל. אָבער דיין דערפאַרונג האָט דיך שוין געדאַרפט האָבן עפּעס געלערנט וועגן דער מאָראַל און ערלעכקייט פונעם ליטעראַטור־לערער און דזשאָנעטן. צווישן זיי און אונדז זענען פאַראַן מאָראַליש־עטישע און תהומיקע קולטורעלע אונטערשידן. טויזנט־יאָריקע אַנדערשדיקע, איינגעבוירענע באַגריפן פון יושר און גערעכטיקייט. איינגעבוירענע אַנדערע כאַראַקטער־שטריכן, וואָס לאָזן זיך ניט אויסמישן, איבער וועלכע מיר קענען איצט ניט רעדן. טעדי איז היינט פאַר דיר און פאַר אונדז דער בעסטער ענטפער. ער שעצט דיך אויך און ליבט דיך זייער. דו וועסט זיך אַמאָל אין דעם איבערציייגן".

ראָזעלי האָט איצט געוויינט אָן שום צוריקהאַלט. ער האָט זי געוואָלט איינגעמען, אָבער זיך באַטראַכט, אַז בעסער לאָזן זי זיך אויסוויינען. צוגעוווינען זיך צו איר גורל. נאָך דער חתונה וועט זי אים ליב באַקומען, אויב ניט — לכל הפחות אים טאָלערירן, דאָס וואָס ס'וועט ממילא פון אַלע ליבעס. איינער טאָלערירט דעם צווייטן. ווו ס'הערט אויף די טאָלעראַנץ, צעגייט מען זיך אין פיינטשאַפט — האָט ער געטראַכט.

„ווייל איך טראָג אַ גרויסן חלק שולד אין דיין לאַגע, וויל איך טאָן וואָס כ'קען, כדי גוט צו מאַכן וואָס עס לאָזט זיך. טעדי ראָזין איז אַן ערלעכער מענטש. אַ נאַיווער אין לעבן, דערפאַר איז ער גוט פאַר דיר. ער וואָלט פאַר דיר אין אַלע צייטן גוט געווען, און אוודאי היינט. פאָלג־זשע דעם טאַטן, ס'איז פאַר דיין גוטס. באַשטים אַ חתונה־טאָג, ווען דו וועסט אים זען דאָס צווייטע מאָל. ווען זעסטו אים ?" — האָט דער פאָטער געפרעגט.

„ער האָט געוואָלט מיר זאָלן זיך זען מאָרגן. איך האָב אים צוגעזאָגט אים צו לאָזן וויסן" — האָט זי געענטפערט שטיל.

„נו, וואָס זאָגסטו, ווילסט זיך פאַרלאָזן אויף מיר און טאָן וואָס איך הייס ?" — האָט ער אַ גלעט געטאָן איר קאָפּ — „לאָז אים וויסן, אַז וועסט זיך מיט אים טרעפן. אַז ער וועט רעדן וועגן וואַרטן אויף אים ביז נאָך זיין גראַדואירן, זאָג אים, אַז ביסט גרייט שטעלן מיט אים אַ חופה באַלד, אויב ער ליבט דיך. פון איצט אָן מוזן מיר רעדן מיט איין מויל, איך און דו, פאַרשטייסט ? — ער האָט איר אַ קוש געטאָן.

„מיט דיין מויל, ניט מיט מיין האַרץ״ — האָט ראַזועלי געזאָגט, און געבליבן שטיל.

אַ געדעמפּטע שטילקייט איז אַריינגעטרעטן צווישן זיי. ראַזועלי האָט געשלונגען טרערן און דער פֿאָטער האָט געקייט רייד, ר׳האָט מורא געהאַט זיי אַרויסצורעדן. ער האָט איר געוואָלט פֿאָרשלאָגן אַ מפּיל־אָפּעראַציע, במקום אַ חופּה מיט טעדין, אָבער געציטערט עס פֿאַרן מויל צו ברענגען טאָמער נעמט זי דאָס אָן און שטעלט זיך איין דאָס לעבן, אַבי ניט חתונה צו האָבן מיט טעדין. ער האָט אַריינגענומען איר קאָפּ אין זיינע ציטערדיקע הענט און צוגעבויגן איר פּנים צו זיינס.

„אויב טעדי איז אַזוי דיר דערווידער, אויב פּילסט, אַז דו וועסט אים קיינמאָל ניט קענען ליב האָבן, אַז דאָס לעבן מיט אים וועט דיר זיין אַ חרפּה, זאָל מען אפשר זוכן אַן עצה: דיין לעבן איינשטעלן און ברענגען צו אַ מפּיל פֿון דעם לעבן אין דיר. פֿרעג דיין האַרץ, אויב ס׳הייסט איינשטעלן, און מירן איינשטעלן, איך און דו. איך וועל זיין מיט דיר, אין יעדן באַשלוס, וואָס דו וועסט מאַכן״ — האָט זיין קול געציטערט.

ראַזועלי איז אים אַריינגעלאָפֿן אין די אָרעמס און זיך צעהעשעט: „קיינמאָל ניט! קיינמאָל וועל איך דאָס ניט טאָן!״ — ער האָט געפּילט דעם ברי פֿון אירע טרערן, האָט מיט איר מיטגעוויינט, דערלויבט אַ טרער אַראָפּקייקלען און זי פֿאַרשלינגען. ער האָט ראַזועלין ווי־עס־איז איינגענומען. זי איז אַנטשוויגן געוואָרן אין זיין אָרעם, ווי איינגעשלאָפֿן.

אַזוי זענען זיי געבליבן, דער פֿאָטער מיט זיין אומגליקלעכער טאָכטער, ביז שפּעט אין דער נאַכט. זי האָט זיך אויפֿגעוועקט אַ דערלייכטערטע. זי האָט געהערט דעם פֿאָטערס גיכע האַרץ־קלאַפּן, ווי אין גאַלאָפּ איז עס געלאָפֿן. דאָס פֿאָטערלעכע האַרץ קלאַפּט פֿאַר איר אַזוי אומרואיק, פֿאַר איר רעגט עס זיך אַזוי אויף, צאַפּלט עס אַזוי. אַ רחמנות האָט זי אַרומגענומען צו אים. זי איז געוועזן איצט פֿול מיט ליבשאַפֿט און דאַנקבאַרקייט צו אים. „ער ליידט אַזוי פֿיל פֿאַר זיי, פֿון זיי, טראָגט אַזוי פֿיל ליבע פֿאַר איר; און זי פּייניקט אים מיט איר ליבעניש און געליבטע, וואָס באַליידיקן זי, פֿאַרשעמען זי און לאָזן זי אַליין אין איר פּיין. ווו איז דער, וועמענס לעבן זי טראָגט אונטער איר האַרץ? ווו איז דזשאָבעטן? זי ווייסט דאָך אַפֿילו ניט ווו ער וווינט, ווו אים צו זוכן. ער ווייכט פֿון איר, ווי פֿון עפּעס בייז״. — אַזוי האָט זי אין איר פֿאָטערס אָרעמס דורכגעטראַכט די קאָמפּליצירטע לאַגע זייערע.

„נו, פֿאַר היינט וועט שוין זיין גענוג. דערווייל דאַרף מען נאָך אויך שלאָפֿן״. — ער האָט צוריקגעלייגט איר קאָפּ אויפֿן קישן, איר אַ קוש געגעבן. אָבער זי האָט זיך אויפֿגעזעצט: „לאָמיר באַשטימען וועגן מאָרגן״ — האָט זי פֿאַרלאַנגט.

„כ׳פאַרלאָז זיך אויף דיר. טראַכט איבער די זאַך און טו ווי דו פאַרשטייסט" — האָט ער זיך אויפגעהויבן פון בעט צום גיין.

„איין מינוט נאָך — האָט זי אים צוריקגערופן. — האָסט עפּעס אַ סענטימענטאַלן טאָג, אָדער וואָך, אין וועלכער וואָלסט געוואָלט כ׳זאָל שטעלן אַ חופּה ?"

„כ׳האָב ניט קיין שום ספּעציעלן טאָג אָדער וואָך. יעדער טאָג אין דער נאָענטסטער וואָך איז גוט פאַר מיר. פרעג ביי טעדין, אפשר האָט ער עפּעס אַ סענטימענט פאַר אַ ספּעציעלן טאָג, אָדער זאָל ער פרעגן ביי זיינע עלטערן" — האָט ער אַ צופרידענער פאַרמאַכט פאַרזיכטיק די טיר.



טעדין האָבן די ליפּן געגומען ציטערן, ווען ער האָט דערהערט אין טעלעפאָן-טרייבל איר קול און די בשורה, אַז זי וועט אים באַגעגענען ביי דער זאָקן-פאַבריק. דעם בוכהאַלטער האָט ער דערקלערט, אַז ער פילט זיך ניט מיט אַלעמען, אַז ער מוז שוין אַהיימגיין. ער איז ניט געגאַנגען אַהיים. נאָר געלאָפן. באַדויערט זייער, וואָס ער האָט ניט מער ווי איין אַנצוג צום איבערטאָן זיך. דערפאַר האָט ער זיך געוואַשן לאַנג, אויפסניי ראַזירט זיך, עטלעכע מאָל איבערגעבונדן דעם שניפּס, ביזן אַרויסבאַקומען דעם ריכטיקן שלייף.

ראָזעלי האָט געשטוינט איבער די נביאות פון איר פאָטער, ווי ער האָט דאָס געטראָפן וואָס טעדי וועט זאָגן, וואָס ער וועט בעטן — כמעט די זעלבע ווערטער. און טעדי ווידער האָט זיך געוווּנדערט איבער דער טאָכטער, וואָס איז אַזוי געראָטן אין טאָטן מיט איר שכל און לאָגיק, גיט אים די זעלבע ענטפערס : „ אַז מ׳האָט זיך ליב, נאָך וואָס וואַרטן ? פאַרוואָס ניט שטעלן אַ חופּה אין די נאָענטסטע וואָכן ?" — ער איז געווען אויפן זיבעטן הימל, ווען זי האָט אים געפרעגט וועגן זיין סענטימענט צו אַ ספּעציעלן טאָג פאַר זייער חופּה־טאָג. אַ האַלבע נאַכט איז ער ניט געשלאָפן, געטראַכט ווי קלוג זי איז, ווי ליב זי מוז אים האָבן, אַז זי פרעגט ביי אים וועלכן טאָג ער וויל זאָל פאַרקומען זייער חופּה.

אַנצוזאָגן דער מוטער די גוטע בשורה האָט ער פאַרשפּעטיקט. אַז זי האָט אים ניט געקענט דערוועקן, איז זי אַליין אַוועק עפּענען דאָס קרעמל, און אים געלאָזט שלאָפן. מיט גרויס פריידן האָט ער דערציילט דעם פאָטער די גוטע נייעס. דער פאָטער איז געווען זייער צופרידן און ניט פאַרגעסן אים צו דערמאָנען : „דו, מיין זון, ביזט אויך ניט אָבי ווער, די סאַראַדס דאַרפן דאָס וויסן". — אָבער וואָס זיי יאָגן זיך אַזוי, דאָס איז אים ניט געפעלן געוואָרן.

„וואָס איז דאָס געיעג? וואָס עפּעס דאָס שרייבן די תנאים און דאָס שטעלן די חופּה אין איין נאַכט? פאַרוואָס וויל דער גביר־אדיר ניט קיין פּייערלעכע חתונה? צו די אַלע מעלות זיינע איז ער נאָך אַ קמצן אויך". — האָט ער, ווי זיין געוווינהייט, געגומען אַרומגיין איבער דער שטוב. — „מיט זיינע קינדער קען ער טאָן וואָס ער וויל. נאָר אויב ער וויל מיין טעדין, וועט ער זיך דאַרפן פירן לייטיש, ווי ס'פּירט זיך ביי מענטשן, ניט ווי ביי גבירים־־אדירים, די קמצנים" — האָט ער מיט זיך איינגעטענהט, ווען טעדי איז אַוועק פון הויז.

אויפן גאַנצן וועג צו סאַראַדן האָט ראַזין זיך איינגעחזרט ניט צו דערמאָנען גאָרניט פון דער פאַרגאַנגענהייט, נאָר בלויז רעדן וועגן דער חתונה. אַז ס'איז ניט שיין פאַר מענטשן און ניט יושרדיק לגבי די קינדער, ס'זאָל ניט זיין קיין לייטישע חתונה, מיט קלעזמער, סאַרווער, אין אַ גרויסן זאַל, ווי ס'פּאַסט פאַר אַ סאַראַד און אַ ראַזין. אָבער ווען סאַראַד האָט אים באַזעצט אַקעגן זיך, איז גאָרניט אַרויס פון דעם, וואָס ער האָט זיך איינגעחזרט.

„חלילה אייך צו טראַכטן ווי אַלע אַנדערע, אַז איך מיין געלט זיך איינצובורעגעגען מיט דער שטילער חתונה — האָט סעמיועל סאַראַד אים איבערגעשלאָגן די רייד. — ס'איז מלחמה, די וועלט גייט אָפּ מיט בלוט. קאַנאַדישע קינדער, וואָס וואָלטן געדאַרפט און געוואָלט, ווי אונדזערע קינדער, חתונה האָבן, פאַלן אויף די שלאַכט־פעלדער. אונדזערע עלטערן און קרובים ווערן געפּייניקט דורכן דייטש. וואָס פאַר אַ טעם וועט האָבן אַ רייך־אויסגעשטאַטע חתונה, כ'פרעג אייך?"

„אייך פאַלט איין, אַז איך וואָלט ניט געוואָלט אַ טאַנץ טאָן אויף מיין ערשט קינדס חתונה, אַ האָפּקע טאָן, אַז די וועגט זאָלן ציטערן! קלעזמער זאָלן אויפשפּילן, אַז מען זאָל הערן פון איין עק שטאָט ביזן צווייטן, פון איין עק לאַנד ביז צווייטן זאָל מען הערן, אַז סאַראַד מאַכט חתונה אַ טאָכטער. אָבער, ווי קענען מיר טאַנצן אויף חתונות, ווען אונדזערע משפּחות ווערן געפּייניקט דורך דייטשן און פּאַליאַקן?! ניין, ס'איז בעסער און שענער אַזוי. אייך וועט דאָס חלילה גאָרניט שאַדן. איך, דער אבי הכלה, וועל זיין דער גביר, דער חזיר, דער קמצן. איך נעם דאָס אויף זיך באהבה".

ער האָט אויך געגעבן מיסטער ראַזין צו פאַרשטיין, אַז קיין זאַל אין שטאָט איז ניט גענוג גרויס אַריינצונעמען אַלע די, וואָס ער וואָלט געוואָלט איינלאַדן, כדי אויסצומיידן בייז בלוט צווישן פריינט. איז גלייכער אַ שטילע חתונה און ניט איינשאַפן זיך שונאים, פאַרלירן פריינט.

דער ענטפער איז געפעלן געוואָרן דעם מיסטער ראַזין — אַ שכל־דיקער און מענטשלעכער ענטפער. באמת, ניט איצט איז די צייט צו פראַוועון

רייכע חתונות. ס'האָט אים איצט פאַרדראָסן, וואָס ער האָט חושד געווען זיין צוקונפטיקן מחותן אין קאַרגשאַפט. „וואָס ער איז, איז ער, אָבער שכל האָט ער. דאָס געלט האָט ניט קאַליע געמאַכט זיין שכל־הישר". — ער האָט צוגעשטימט, אַז די חתונה זאָל פאָרקומען אין אַ וואַך אַרום.

אויך דעם ווייב האָט מיסטער ראַזין אויסגערעדט אַלע אירע ספקות, אָפּגעוואָרפן אַלע אירע טענות און פאַרוואָסן, אַז דער גביר־אדיר וויל אַ שטילע חתונה דערפאַר, ווייל ער איז אַ גרויסער עניוו, האַלט זיך ניט גרויס, האָט פיינט פּאַמפּע און רום. ווען ניט די מלחמה, וואָלט זיך געגאָסן שאַמפּאַן אין די גאַסן ביי דער חתונה פון זייערע קינדער. האָט זיך דאָך דעם דייטש, ימח שמו, פאַרגלוסט אַ מלחמה, מוזן יידישע קינדער ליידן צוזאַמען מיט דער וועלט. „דאָס מאָל האַלט איך מיט אים, ער איז גערעכט".

אַלע זענען איצט געווען צופרידן, אַ חוץ ראָזעלי און מיסיס סאַראַד. ביי איר האָט עס אויסגעזען, אַז מ'הייסט איר זיך גרייטן צו אַ פּאַרציייטישע כאָליערע־חתונה, וואָס מ'האָט געשטעלט בחיפזון, אויפן בית־עולם, אָן קלעזמער, ווען ס'האָט געבושעוועט אין שטעטל די שוואַרצע מגיפה. אויך ביי איר איז געווען אַ שטילע, פינצטערע חתונה, שפּעט ביינאַכט אַ חופּה ביים טאַטן אין שטוב, אָן קלעזמער, מ'האָט זיך מיט איר חתונה באַהאַלטן.



נאָך מיסטער ראַזינס אַוועקגיין האָט סעמיועל סאַראַד געטראַכט, אַז איצט, ווען זיי גייען פירן זייער טאָכטער צו דער חופּה, איז די ריכטיקע צייט אָפּצושאַפן דעם נאַרישן ברוגז צווישן אים און זיין ווייב. ווי נאָר מיסטער ראַזין האָט פאַרמאַכט די טיר פון זיין ביוראָ, איז ער אַוועק אַהיים אָנזאָגן דעם ווייב און ראָזעלין די גוטע בשורה, אַז די חתונה איז באַשטימט געוואָרן אויף דער צווייטער וואָך. דעם טאָג זאָלן זיי אַליין אויסקלייבן און באַשטימען.

ראָזעלי האָט די נייעס אויפגענומען אין שטיל־שווייגעניש. אָבער דאָס ווייב האָט זיך צעשריגן מיט באַנומענע קולות: „אַזוי גאָר! דאָס אַלץ אָן מיין וויסן, הינטער מיינע פּלייצעס! זע נאָר די גדולה, וואָס האָט אים געטראָפן. כ'דאַרף מיך פרייען, מיין טאָכטער וועט האָבן אַ טויטע חתונה, אַ שטילע שוואַרצע חופּה, אָן קלעזמער, אָן מענטשן, שאַ, שטיל! וואָס איז, ס'גע לט איז דיר אַ שאָד? פאַר וועמען זאַמלסטו דאָס געלט?!" — זי איז אַריין אין אַ שרעקלעכער היסטעריע, ס'האָט איר אַזש פאַרפעלט אָטעם.

דאָס ערשטע מאָל האָט ער זי געזען אין אַזאַ ווילדער היסטעריע, געהערט פון איר אַזעלכע שרעקלעכע רייד. ס'האָט זיך אים געוואָלט

פאַרהאַקן די טיר און אַנטלויפן. ווען ניט ראַזעלי, וואָלט ער אַוועק פון הויז. נאָר צוליב איר, האָט ער ווידער אָנגעהויבן מיט גוטן, געוואָלט איר געבן צו פאַרשטיין דעם שכל פון דער שטילער חופּה.

„פאַרוואָס ווילסטו ניט זען, אין וועלכער וועלט מיר לעבן. ווייסטו ניט וואָס פאַר אַ שריפה מיר לעבן איצט איבער, אויב מיר וועלן זי בכלל איבערלעבן? ווילסט גאָר ניט זען די באַדינגונגען, אין וועלכע מיר לעבן? ווייסטו ניט וויפל בלוט עס גיסט זיך היינט אויף דער וועלט? אונדזער בלוט, דאָס בלוט פון אונדזערע משפחות! און דיר ליגט אַ טאַראַראַם־חתונה אין זין? ווילסט ניט קיין שנעלע חופּה? ווייסטו, אין וועלכן חודש זי איז?״ — האָט ער זיך צוגעבויגן צו איר, און שטיל דערמאָנט דעם משפחה־סוד...

ס׳ווייב איז פון אים אַפּגעשפּרונגען, ווי אַ שלאַנג וואָלט איר אַ ביס געטאָן, געלאָזט זיך לויפן צו איר צימער, געריסן זיך די האָר און געשריגן, מיט באַנומענע קולות אומפאַרשטענדלעכע ווערטער, פאַרהאַקט די טיר הינטער זיך מיט אַ טראַסק, אַז די שטוב און כלים האָבן זיך צעשאָקלט, ווי ביי אַן ערד־ציטערניש.

ראַזעלי, וואָס איז די גאַנצע צייט געזעסן אין איר צימער, איז אַרויס צום פאָטער און צוזאַמען מיט אים אַרויס פון הויז. מיטגעגאַנגען מיט אים גלאַט אַזוי, אַבי ניט זיין אין הויז מיט דער היסטערישער מוטער.

„וואָס וועט איצט זיין?״ — האָט זי געפרעגט מיט אַ פאַרזאָרגטער שטימע.

„ס׳וועט זיין אַ חופּה. אויב זי וועט מאָרגן ניט וועלן גיין צו די ראַזינס באַשטעלן דעם חופּה־טאָג, וועלן מיר גיין, וועל איך גיין צו זיי״ — האָט ער געזאָגט דעצידירט און זיכער.

„איך וועל מיט איר מאָרגן רעדן. אפשר וועט זי זיך איבערטראַכטן. זי מיינט אוודאי, אַז כ׳גיי אַ חופּה שטעלן מיט דזשאַנעטן. זי האָט אויף אים אַ בייז האַרץ״ — האָט ראַזעלי געזאָגט.

צו פּאָולין סאַראַד איז ניט געווען צוצוקומען. ס׳איז שווער געווען מיט איר זיך דורכצורעדן. רק זי האָט געוויינט, געוואָיעט, ווי אַ חיה. אַז ראַזעלי האָט געוואָלט מיט איר רעדן, האָט זי פאַרהאַקט די טיר און זיך צעיאָמערט מיט ניט קיין מענטשלעכע קולות. וויפל ראַזעלי האָט ביי איר געבעטן זי זאָל עפענען פאַר איר די טיר, זי אויסהערן — האָט עס ניט געהאָלפן. האָט זי טאַקע ניט געוווסט, אַז דער חתן, מיט וועמען ראַזעלי גייט שטעלן אַ חופּה, איז ניט דזשאַנעטן, ניט געוווסט ווער די מחותנים זענען. געוווסט האָט זי בלויז, אַז זי דאַרף זיך גרייטן צו אַ חופּה, און האָט באַוויינט ראַזעליס מזל, וואָס איז אַזוי ביטער ווי אירס, אַפילו

די חופּה אירע איז אַ פּינצטערע. זי האָט פּיינט געקראָגן דזשאָנעטנען מיט אַ פייערדיקער שׂנאה.

דעם זונטיק פון דער חופּה־וואָך איז סעמיועל סאַראַד געקומען שפּעט אין דער זאָקן־פאַבריק, נאָענט צו טעדיס אַהיימגיין. דער הויפּט־בוכהאַלטער איז שוין אין דער פאַבריק ניט געווען. זיי זענען געבליבן אַליין. טעדי איז געווען באַרעדעוודיק, דערציילט פון זיך און זיינע שול־יאָרן, און אויסגעהערט זיין צוקונפטיקן שווערס דערציילן פון ראָזעליס שול־יאָרן, פון אַן ענגלישן לערער, פון אַ דזשאָנעטן, וואָס זענען געווען פאַרליבט אין איר איבער די אויערן. טעדי האָט צוגעשטימט מיט זיין צוקונפטיקן שווער, אַז חתן־כּלה דאַרפן זיך קענען מוחל זיין זייערע קינדערישע שטי־פערייען פון פאַר דער חתונה.

מיט גרויס אינטערעס האָט ער געהערט פון סעמיועל סאַראַד וועגן דעם שיינעם יידישן מנהג, אַז התן־כּלה דאַרפן פאַסטן אין זייער חופּה־טאָג. דערמיט בעטן זיי מחילה פאַר זייערע יוגנט־זינד, האָבן חרטה אויף די פעלערן, וואָס זיי זענען באַגאַנגען. ער האָט מסכּים געווען, אַז מחילה איז אַ שיינע מידה, און חתן־כּלה דאַרפן זיך מוחל זיין, וואָס פאַר אַ זינד זיי זאָלן ניט האָבן באַגאַנגען.

און ראָזעלי, וואָס בעטנטער ס׳איז געקומען צום חופּה־טאָג, אַלץ טרויעריקער איז זי געוואָרן, האָט געזוכט אַ וועג ווי אַזוי צו דערציילן טעדין פון איר פאַרגאַנגענהייט, און ניט געפונען. טעדי האָט דערקענט אויף איר די ענדערונג און געפרוווט זי דערמוטיקן. אַז ראָזעלי האָט אים געוואָלט דערציילן פון איר רייזע מיט דזשאָנעטן, אויך פון דעם לערער, האָט ער ניט געלאָזט, איבערגעריסן איר די רייד און מיט שפּאַס געזאָגט:

„נאָך וואָס רעדן פון דער נאַרישער קינדער־צייט? ווען מיר זענען געווען קינדער, האָבן מיר אָפּגעטאָן אַ סך ניט שיינע זאַכן... מ׳האָט אונדז ניט איינמאָל אויפגעכאַפּט אין ניט קיין שיינע פּאַזעס... נו, זיי דו מיר מוחל און איך וועל דיר מוחל זיין״ — האָט ער איר אַ קוש געגעבן אויף די ליפּן און ניט געלאָזט רעדן.

## קאַפּיטל 24

אין אַ קאַלטן ווינטערדיקן טאָג, ווען דעם האַרבסט האָט זיך ניט געגלוסט אָפּצוטרעטן דעם ווינטער זיין הערשאַפט און זיך געוועהרט קעגן די שוואַרצע וואָלקן־צויטן, וואָס האָבן אים געטריבן פון זיין געלעגער. אין דעם קאַלטן נאָכמיטאָג האָט סעמיועל סאַראַד געלאָזט זיך צו די ראַזינס,

כדי צו נעמען דעם חתן צום באדעקנס, ווי ס'האָט זיך געפירט אין זיין שטעטל. נאָכן באדעקנס האָט ער דעם חתן, זיין טאַטע־מאַמע און זיינע בעסטע חברים צוגעפירט צום רב, באַזעצט זיי דאָרט ביי געדעקטע טישן און צוריקגעפאָרן ברענגען די כלה, זיין ווייב מיט די זין. דער רב האָט דערווייל צוגעגרייט דעם חתן, געלערנט אים ווי זיך צו פירן אונטער דער חופה, איינגעחזרט מיט אים דעם פסוק, וואָס ער וועט דאַרפן זאָגן — דעם „הרי־את".

טעדי האָט נאָכגעזאָגט די ווערטער און דערביי כסדר אַהינגעבליקט צו דער טיר. ווי נאָר ראָזעלי האָט זיך אין איר באַוויזן, איז ער איר אַקעגנ־געגאַנגען עטלעכע טריט, ווי דער רב האָט אים געלערנט. דאַן האָבן אים טאַטע־מאַמע איבערגענומען און אונטערגעפירט צו דער חופה, באַגלייט פון פאַולין סאַראַדס טרערן און אירע ברידער.

פאַולין סאַראַד איז געווען פאַרטרויערט און פאַרצאַרנט פון פאַרדראָס, וואָס איר טאָכטער האָט אַ „גנבישע" חתונה, אָן קלעזמער, אין ענגער שטוב, אָן כלה־מיידלעך, ווי ס'וואָלט געדאַרפט זיין, ווי זי האָט געחלומט אַמאָל. זי איז געגאַנגען צו איר טאָכטערס חופה ווי צו אַ לוויה, מיט אַ פאַרזויערט, שוואַרץ פּנים, און ניט באַמערקט, אַז דער חתן איז ניט דזשאָנעטן. שפּעטער, ביים אַרומקרייזן מיט איר טאָכטער אַרום דעם חתן אונטער דער חופה, האָט זיך איר געדוכט, אַז דעם חתנס פּנים איז איר עפּעס פרעמד. אָבער זי האָט שוין דזשאָנעטנען ניט געזען פון זינט ער האָט ראָזעלין אַוועקגענומען צו דער רייזע, און ניט געדענקט מער זיין אויסזען. דאָס דוכט זיך איר בלויז אויס, טראַכט זי, ווייל ער איז דורך דער צייט פעט געוואָרן, זעט ער אויס נידעריקער. זעט ער איר אויס אַנדערש. ערשט נאָכן צעברעכן דאָס גלעזל אונטער דער חופה, ביים צעקושן זיך, ביים אָפּגעבן מזל־טוב די מחותנים, האָט זי דערפילט און דערזען, אַז ס'איז גאָר ניט דער זעלבער דזשאָנעטן. זי האָט זיך געוווּנדערט אויף דער ענדערונג, וואָס ס'איז אין אים פאָרגעקומען — „גאָר ניט דער זעלבער".

באַלד נאָכן איבערבייסן זענען חתן־כלה אַוועקגעפאָרן אויף זייער האָניק־חודש, טאַקע אויף אַ גאַנצן חודש, ביז מ'וועט צוגרייטן דאָס הויז, וואָס דער פאָטער האָט געקויפט פאַר זיי אַ חתונה־מתנה. ראָזעלי וועט שוין שפּעטער די רעשט אַליין אויסשטאַטן, לויט איר געשמאַק, לויט דער מאָדע און איר אייגענעם ווילן.

פון ראָזעליס חופה איז פאַולין סאַראַד אַהיים געגאַנגען אָן אבלדיקע, אַ שווייגנדיקע. אויך איר מאַן האָט געשוויגן, מורא געהאַט אַ וואָרט אויס־צורעדן. בלויז די זין זיינע זענען געווען פריילעכע, געשטיפּט צווישן זיך און מיטן פאָטער. דער שני איז איצט געפאַלן געדיכט, אין שטיקער, ווי

געציפּטער פּוך, געבלאָזן פון ווינט, האָט ער זיך געדרייט אין דער לופטן און ניט געוואָלט אַראָפּפאַלן, זיי זאָלן ניט צעטראָטן ווערן דורך מענטשנס פיס. די יונגע חברה סאַראַד האָבן געהאַט וואָס צו טאָן אויף זייער וועג אַהיים.

פאָולין סאַראַד איז געגאַנגען פאַרויס, פאַר זיך, און געטראַכט, אַז היינט וואָלט ער זיך געדאַרפט איבערציען אין ראָזעליס שטוב, מאַכן דאָרט זיין שלאָפצימער. זאָל ער אַרויס פון איר בעט, ער איז איר שוין אַזוי פאַרמיאוסט געוואָרן, אַז זיין ביי־זיין אין איין צימער מיט איר האָט זי אויפגערעגט. ביז איצט האָט זי אים טאָלערירט. איצט, האָט זי געטראַכט, וואָלט ער אַליין געדאַרפט פאַרשווינדן פון איר צימער, איידער זי שיקט אים אַרויס פון דאָרט.

אויך ער האָט געטראַכט פון דעם צימער ביי ראָזעלי אַלס מקום מנוחה, זיין מקום מקלט און אויך ספרים־שטוב. אין וועלכער ער וועט אריינברענגען די יידישע ביכער, אויספּאַקן זיי פון די פאַמעראַנצן־קעסטלעך, אויסלייזן זיי פון זייער פּוילעניש־גלות. דאָרט איבערשלאָפן אַ נאַכט, אפשר אַלע נעכט, אויב דער שלום־בית מיטן ווייב וועט זיך ניט פאַרבעסערן. איצט, אַז ראָזעלי איז שוין פאַרהייראַט, וואָס דאַרף ער ליגן און ליידן נעבן אַ פאַרברוגזט ווייב ? אָבער פריער דאַרף ער די שטוב אויסריכטן, אַרויסנעמען די קינדערישע זאַכן, אַריינשטעלן ספרים־שרענק, אַריינשטעלן אַ קאַנאַפּע, אַ פּאָר געבעטע שטולן, אַ שרייב־טיש, עטלעכע לאָמפּן, אַ פּאָר יידישע בילדער, פּאָרטרעטן פון קרובים. אַ בענקשאַפט האָט אים אָנגענומען צו אַ בילד פון זיין זיידן, דעם דאָרפסגייער, אַ ייד אַ גבר, פאַר וועמען די פּויערים אין די דערפער האָבן געציטערט.

גייענדיק אַזוי אין געדיכטן שניי־פאַל, האָט ער זיך דערמאָנט מיט באַדויער, אַז ער האָט קיין איין בילד ניט פון זיין גאַנצער משפחה: „פון קיינעם פון זיי. ווען ער וואָלט געהאַט אַ בילד פון זיין טאַטן, אָדער פון דער מאַמען, וואָלט ער געמאַכט פון זיי געמעלן און זיי צעהאַנגען אין דער ספרים־שטוב״. — בלויז פון דער ביבליאָטעק־פאַרוואַלטונג האָט ער ערגעצוווּ אַ בילד, אָבער ווו, האָט ער איצט אויך ניט געוווּסט.

ער וועט עס מוזן אויסזוכן און פון דעם מאַכן אַ געמעל, אַ גרויסן פּאָרטרעט. ער וועט אויסזוכן אַ קינסטלער, פאַר וועמען ער וועט אויסמאָלן פון זיין זכרון דעם זיידן, און יענער וועט מאַכן דאָס געמעל״ — האָט ער זיך ווי אַ נדר געגעבן, און וועט עס אויפהענגען נאָר אין זיין פּריוואַטער ביבליאָטעק.

צומאַרגנס, שפּעט ביינאַכט, נאָך אַלע אַרבעטן, איז ער אַראָפּ צום נאַכט־הייצער פון די קעסלען אין דער „עס און עס״־געביידע, פרעגן אים צי ער וואָלט געקענט פאַר אים אויסריכטן ספרים־שרענק פאַר זיין הויז־

ביבליאָטעק, פאַר אַ באַזונדערן געהאַלט, פאַרשטייט זיך. די זעלבע פאַרבער, וואָס האָבן געפאַרבט ראַזעליס הויז, האָט ער בשטעלט אויסצופאַרבן די ספרים־שטוב אין ספּעציעלע קאָלירן. דעם סופיט אין הימל־בלוי, די ווענט ווייס, געשפּריצט מיט גאָלד־שפּריצן, און די ספרים־שרענק מיט אַלט־גאָלד געפאַרבט. מ'האָט זיך גענומען צו דער אַרבעט.

ער האָט געענטפערט ראַזעלין און טעדין אויף זייער קאַרטל, אַז זיי האָבן זיך ניט וואָס צו איילן אַהיימצוקומען פריער, ווייל דאָס הויז איז ניט פאַרטיק. אין שטאָט איז אַ קעלט, אַז די אויוונס פלאַצן פון היץ און קענען די הייזער ניט דערוואַרעמען. טעדין האָט ער געטרייסט, אַז דעם צווייטן יאָר וועט מען נאָך אויך אַ קרענק לערנען אין אוניווערסיטעט. אויב ניט, וועט ער ווערן פּראָפעסאָר פון דער מעקלינטאָק ניילאָן־פאַבריק און ניט דאַרפן זיך פּאַטשקען מיט קיינעמס חולאתן און מכות, אויסהערן יענעמס צרות.

אָבער טעדי מיט ראַזעלין זענען אַהיימגעקומען פריער ווי ער האָט פּלאַנירט, איידער דאָס הויז איז פאַרטיק געוואָרן. טעדי איז צוריק אין אוניווערסיטעט און ראַזעלי איז געוואָרן פאַרנומען מיטן פאַרענדיקן דאָס הויז, מיטן אויספּוצן עס, אויסשטעלן דאָס מעבל, מיטן אויספּלאַנירן דעם אויסזען פון יעדן צימער, אויך דאָס קינדער־צימער. זי אַליין האָט אויס־געקליבן די טאַפּעטן און צוגעפּאַסט די קאָלירן, די פאָרהאַנגען און גאַרדינען, אַלץ אַליין צעהאַנגען, געקראָכן אויף דעם לייטער אַרויף און אַראָפּ, צוגעפּאַסט און צוזאַמענגעלייגט יעדן פאַלד און קנייטש, אויסגעגלעט און אויסגעגלייכט יעדן בויג. און דאָרט טאָקע, אין דעם קינדער־צימער, איז דאָס אומגליק געשען — טעדין פאַר די אויגן איז זי געפאַלן און געמפּילט.

זי איז געשטאַנען אויפן לייטער, איינגענומען די פאַלדן, טעדי האָט איר צוגעהאָלפן, צוגעהאַלטן דעם לייטער און געזאָגט מבינות, ווו מ'דאַרף איינגעמען דעם גאַרדין און ווו אַרויסלאָזן. ראַזעלי האָט זיך אָנגעבויגן אַהין ווו ער האָט אָנגעוויזן, פאַרלוירן איר גלייכגעוויכט און מיטגעשלעפּט אים מיטן לייטער.ביידע זענען געפאַלן אויף איר און זי צוגעדעקט.

ראַזעלי האָט דערפּילט, ווי עפּעס האָט זיך אָפּגעריסן אין איר איינגע־ווייד, איבערגעקערט זיך אין איר בויך און געבליבן ליגן, שווער ווי אַ שטיין. זי האָט דערפּילט שלעכט, פאַרלוירן איר באַוווסטזיין. טעדי האָט דערזען, אַז זי האָט געמפּילט, און דער אַרויסגערופענער דאָקטאָר האָט דאָס מפּלען באַשטעטיקט, האָט ער זי אָוועקגעפירט אין שפּיטאָל אַריין.

פאָולין סאָראַד האָט איצט נאָך מער געוויינט און געקלאָגט, געאָכצט און געקרעכצט, געטענהט, אַז ראַזעלי האָט דער באָבעס אייגנשאַפט, אַ נייגונג צו מפּלען, און אַז עס דערוואַרט זי דער באָבעס גורל, וואָס נאָך צוויי מאָל מפּלען, איז זי פון דער וועלט געגאַנגען. און זי האָט אָנגעהויבן

באַווייגען ראָזעלין, קלאָגן איבער איר, זי זאָל מער ניט פאַרשוואַנגערן, ניט וועלן מער קיין קינדער האָבן.

ראָזעלי האָט געטרויערט נאָך איר קינד, באַוויינט די צעשטערטע פרוכט פון איר ערשטער ליבע, זיך פאַרגעוואָרפן נאָכלעסיקייט, אַז אין איר אונטערבאַוווסטזיין האָט זי ניט געוואָלט דאָס קינד, דערפאַר ניט געהיטן זיך געגעגג. טעדי האָט איר אויסגערעדט, געטרייסט, פאַרזיכערט איר ווי אַ דאָקטאָר, אַז מפּלען ביי אַן ערשטלינג איז אַ געוויינלעכע זאַך, אַז מ׳ווייסט אַ סך מאָל ניט, אַז מ׳האָט געמפּלט. אַ סך מאָל געשעט דאָס אין דער אַנהויב־עמבריאָנישער צייט און אויך אין דער שפּעטער צייט. ער האָט געזען, אַז דאָס נפל׳ע איז געווען אַ פיר־מאָנאַטנדיקס און געווען צופרידן, וואָס דאָס פרעמדע צווישן זיי איז קאַליע געוואָרן, וואָס איר פאַרגאַנגענהייט איז אָפּגעמעקט געוואָרן און וועט מער ניט זיין קיין לעבעדיקע דערמאָנונג פון אירע זינד, אויף וואָס ער האָט איר מוחל געווען אין טאָג פון דער חופּה.

„גאָט אַליין האָט אָפּגעמעקט דאָס זינדיקע צווישן זיי, דאָס שלעכטע געדעכעניש, וואָס וואָלט זיי קיין רו ניט געגעבן. ער אַליין האָט באַזייטיקט דעם שטער אין זייער צוזאַמענלעבן, דעם זכר פון איר זינדיקן אַמאָל״ — האָט ער געטראַכט און איר נאָך אַמאָל מוחל געווען.

ראָזעלי האָט נאָכן מפּיל זיין געוואָלט אים אַלץ דערציילן, אַראָפּרעדן זיך פון האַרצן, פּטור ווערן פונעם שולד־געפיל, וואָס האָט זי פאַרפאָלגט, געוואָלט זיך אין אַלץ מודה זיין פאַר דעם גוטן טעדין, זי זאָל זיך קענען דערנעענטערן צו אים, אפשר אים גינציק קריגן, ווען ס׳וועט באַזייטיקט ווערן די שולד־מחיצה, וואָס איז געשטאַנען צווישן זיי און זי געהאַלטן ווייט פון אים. אָבער ער האָט די מחיצה ניט געלאָזט איינוואַרפן, פּשוט ניט געוואָלט הערן פון איר פאַרגאַנגענהייט.

„מיר האָבן זיך דאָך מוחל געווען, געדענקסט? אַלע עבירות, גרויסע און קליינע. פאַרגעס פון דעם. אויסצוהערן דיינע עבירות הייסט — דער־ציילן מיינע. ווייל איך ניט הערן און אויך ניט דערציילן״ — האָט ער געזאָגט האַלב שפּאַסיק און האַלב ערנסט. — „צו לעבן איז ניט קיין זינד. ווער קען לעבן און ניט זינדיקן?״

„דו, זינדיק? כ׳גלויב ניט״ — האָט זי איראָניזירט.

„פאַרוואָס דען ניט? מיינסט, אַז איך בין אַ מלאך? מענטשן זינדיקן. איינער מיטן געדאַנק, אַ צווייטער מיט אַ וואָרט, אַ דריטער מיט טאַט. איינער ביודעים, אַ צווייטער בלאַ יודעים, ניט ווילנדיק״.

„און דו, פון וועלכן סאָרט זינדיקע ביסטו?״

„כ׳וויל ניט ענטפערן, כ׳וויל ניט הערן, כ׳וויל ניט זיין קיין שופט״ — האָט ער זיך געבייזערט.

„אַזוי שווער האָסטו געזינדיקט? קעגן וועמען? קעגן מיידלעך, קעגן איין מיידל?" — האָט זי ניט אָפּגעלאָזט.

„שווער, גרינג, כ'וויל וועגן דעם ניט רעדן. צו אונדזער חתונה האָבן מיר זיך מוחל געווען און זיך קעגנזייטיק פאַרגעבן אַלע זינד. דערמיט איז דאָס לעצטע ביסל פאַרגאַנגענהייט אָפּגעמעקט געוואָרן, פאַרגעס־זשע" — האָט טעדי אַרומגענומען איר קאָפּ מיט זיינע הענט און איר אַ הייסן קוש געטאָן.

„הלוואַי — האָט זי אַ קרעכץ געטאָן — דיר איז עס ניט געשען, אָבער ווי קען איך פאַרגעסן?"

טעדי האָט זיך געמאַכט ניט הערנדיק, בעת ער האָט זי געקושט, און איר פאַרגעשלאָגן גיין שלאָפן, זיך אויסרוען. ער וועט מאַכן זיין אַרבעט, אָפּאַרבעטן די פאַרלוירענע צייט פון זייער האָניק־חודש און פון איר קראַנק זיין. „כ'בין פאַרוואָרפן מיט אַרבעט. כ'האָב פּחד, אַז דאָס יאָר איז קאַפּוט". — ער האָט זי צוגעפירט צו דער טיר פון איר שלאָפצימער.

„כ'ווייס ניט נאָך וואָס דאָס מוטשען זיך, דערצו אַ צווייפלהאַפט יאָר. נאָך וואָס דאַרפסטו בכלל דאָס דאָקטאָריי? ווען וועסט שוין יאָ ענדיקן, וועט מען דיך צונעמען פון מיר און אַוועקשיקן מעבר־לים, אויף די שלאַכט־פעלדער פון אַפריקע אָדער אייראָפּע, און איך וועל ווייטער בלייבן אַליין, אויף מיין טאַטנס קעסט. אַ שיינער תכלית כ'לעבן. כ'מיין אַז וואָלסט געדאַרפט אָננעמען מיין טאַטנס עצה און איבערנעמען די ניילאָן־פאַבריק אין קלינטאָן" — האָט זי געזאָגט.

„מיר געפעלט בעסער דאָקטאָריי, ווי זאָקן־מאַכעריי" — האָט ער פאַר איר געעפנט די טיר פון שלאָפצימער.

„אָבער פאַר אונדז איז דאָך בעסער זאָלסט היינט ניט ענדיקן דיינע דאָקטאָר־סטודיען. אין דער ניילאָן־פאַבריק קען מען אויך קעמפן מיט די טייטשן. די אַרבעטער פון דער מעקלינטאָק־פאַבריק טוען דאָס".

„נו, מירן שוין זען. דערוויל לאָמיר כאָטש וויסן, אַז כ'האָב בלויז פאַרשפּעטיקט אַ סעמעסטער, ניט ווייל מיין מוח טויג ניט". — ער האָט פאַרמאַכט די טיר פאַר איר, גרעסער געמאַכט די וואַרעמקייט, ווייל אין דרויסן האָט זיך געלייגט אַ פרישער ווינטער.



דריי טעג האָט אָנגעהאַלטן דער שניי־שטורעם. די שניי־זאַוויערוכע האָט פאַרשאָטן די שטאָט, זי פאַרפולט מיט פרישע דריי פוס שניי, וואָס האָבן פאַרטויבט איר קלאַנג, פאַרשלונגען איר ריטם, אָפּגעשטעלט די באַוועגונג. אין ערשטן טאָג פון קעלט־שטורעם איז נאָך סעמיועל סאַראַד

געגאַנגען אין זיין ביוראָ און ביינאַכט קוים מיט צרות זיך דערשלעפּט אַהיים. אָבער אויפן צווייטן טאָג האָט ער זיך געמוזט אומקערן פון מיטן וועג. דער הויפּט־בוכהאַלטער האָט טעלעפאָנירט, אַז ער קען אין פאַבריק ניט קומען, און אים געוואָרנט ניט צו פּרווון פאַרלאָזן זיין היים — די שטאָט איז פּאַראַליזירט. די טראַמווייען גייען ניט, פאַבריקן אַרבעטן ניט, טאַקסיס לויפן ניט — די גאַנצע טראַנספּאָרטאַציע איז אָפּגעשטעלט.

דער גאַנצער דרויסן איז איצט געלעגן אין אַ מבול פון שניי. האַלבע הייזער זענען געווען פאַרשאָטן, פאַרשטעקט ביז די פענצטער אין שניי. אַפילו קיין חיה האָט מען ניט געזען אין גאַס. די גאַסן, ווי ווייסע בית־עלמינס, און די הייזער — זייערע מצבות. מילכלייט האָבן ניט געשטעלט קיין מילך, די בעקער — קיין ברויט, די קוילן־הענדלער ניט געפירט קיין קוילן. שליטנס זענען געזונקען אין טיפן שניי צוזאַמען מיט די פערד. פאַרלאָזענע אויטאָמאָבילן און לאַסט־אויטאָס, מילך־ און ברויט־וועגענער זענען געבליבן שטעקן באַוועגלאָזע אין טיפן שניי, וואָס האָט געמאַכט פון זיי שרעקנדיקע חורבות.



אין אַט דעם זאַווערוכע־טאָג איז געקומען די אויסלייזונג פון סאַראַדס ביכער אין די פּאַמעראַנצן־קעסטלעך. אין דעם טאָג האָט ער זיי אַרויפ־געבראַכט פון קעלער, אויסגעפּאַקט די ביכער, צעשטעלט זיי אויף די פּאָליצעס אין ראַזעליס אַמאָליקן שלאָפצימער, געעפנט עטוואָס דאָס פענצ־טער און אַריינגעלאָזט ווינטערדיקע לופט. מיט אַ געפיל פון שולד און חרטה, האָט ער אַרויסגענומען יעדעס ביכל, מיט ליבשאַפט געגלעט זיי אויף די רוקנס, געלאַשטשעט זיי, באַטראַכט זיי פון אַלע זייטן, איבערגע־מישט די בלעטער, אַדורכגעגאַנגען איבער זיי מיט זיינע פינגער, ווי ער פלעגט אַמאָל איבערגיין איבער די קעפּלעך פון זיינע קינדער, כדי זיי איינצוגעמען.

די ביכער האָבן אויפגעלעבט, די רוקנס ווי זיך אויסגעגלייכט. אויך די שטוב האָט אָפּגעאָטעמט מיט פרישן אָטעם. ענדלעך האָט ער געקראָגן אָן אייגן ווינקל פאַר זיך, ווו די ביכער האָבן אים איצט סודותדיק געלאָקט. אים גערופן צו זיך.

יעדן פרימאָרגן, איידער ער איז אַוועק פון הויז, איז ער אַריין צו זיי, געזעגנט זיך מיט זיין ביבליאָטעק, און יעדן ביינאַכט, ווי נאָר ער האָט באַטראַכט די שוועל אין הויז, איז ער ס׳ערשטע אַריין צו זיי גוטן־אָוונט ביטן. אַרויסגענומען אַ בוך, דורכגעמישט און מעיין געווען — דער שייגער עבר איז אים אַקעגן געגאַנגען.

אין דער קליינער ביבליאָטעק האָט ער אויך אַריינגענומען פאַרשידענע פערזענלעכע זאַכן, אויך דעם ראַדיאָ. און אין שלאָפלאָזע נעכט, ווי אין די פריע פרימאָרגן־שעהן, זיך צוגעהערט צו די נייעסן דירעקט פון לאָנדאָן. וואָס ער האָט געקאָנט אויסהערן מיט אַ פיל מער רואיקן קאָפּ און געדענקען זיי מער, ווי די נייעסן אין די צייטונגען. זיי האָבן אים אויך אויסגעזען צו זיין מער באַגלויבטע.

איין פרימאָרגן האָט ער זיך געגרייט הערן די נייעסן, וואָס האָבן אָנגעהויבן ווערן בעסער, האָפענונגספולער, מער דערמוטיקנדיק. היטלערס אַרמייען האָבן שוין מער ניט געזיגט. נאָר געשטאַנען פאַרזונקען אין די בלוטיקע טייכן.

האָט זיך אַריינגעריסן אַ נייעס, וואָס האָט אים דערשיטערט, צערודערט זיין געמיט, אים אויפגעטרייסלט ביז טיף אין זיין נשמה:

אַ קול האָט איבערגעגעבן פון פוילן אַ שוידערלעכע נייעס: די דייטשן ברענגען אום די יידישע באַפעלקערונג מאַסנווייז. מ׳שיסט יידן פאַר יעדער קלייניקייט, אין די גאַסן, אין די געטאָס, אַפילו פרויען און קליינע קינדער. די פוילישע וועלדער זענען פול מיט מאַסן־קברים פון די דערמאָרדעטע, פאַרגאַזטע יידן. מ׳שלעפּט אַרויס יידן פון די געטאָס און מען דערמאָרדעט זיי. „קיין ענגלאַנד, ווּהין די דייטשע הענט קענען ניט דערגרייכן, שיקט מען די באָמבעס, און אין פוילן מאָרדעט די דייטשע חיה מיט די אייגענע הענט" — האָט דער ראַדיאָ־ספּיקער פאַרענדיקט.

„די דייטשע חיה!" — האָט ער איבערגעחזרט, און דערמאָנט זיך, אַז אין דער ערשטער וועלט־מלחמה, האָבן די דייטשן אויפגעכאַפּט די קעץ און הינט פון שטעטל און געמאַכט פון זיי „קאַצן־ און הונטע־בראָטן", געכאַפּט אַפילו שטשורעס און ראַטן און זיי געגעסן. זיין זיידע האָט נביאות געזאָגט, אַז ס׳וועט פון זיי אַרויסוואַקסן חיות: „אַ פאָלק וואָס עסט נבלה, מיאוסע זאַכן, וועט ווערן אַ מנוולים־פאָלק, אַ מיאוס, חיה׳ש פאָלק".

„אויב ס׳איז אמת, וואָס די נייעס דערציילט, האָבן די דייטשן נאָך איבערגעשטיגן זיין זיידנס נביאות" — האָט ער ביי זיך געטראַכט און זיך ניט געקענט גלויבן, אַז דאָס פאָלק פון געטע און שילער, היינע און מענדעלסאָן, שוּבערט און שטראַוס, איז דורך די קאַניבאַלן, היטלער און געבעלס, אומפאַרשעמט פאַרווישט געוואָרן און פון די גרויסע דייטשע גייסטער איז קיין חותם ניט געבליבן אין די הערצער און מוחות פון דייטשן פאָלק. האָט די היטלער־ און שטרייכער־חיה זיי פאַרציקט ? !

פון דאַן האָט ער זיך קוים דערוואַרט די שעה פון די דירעקטע פרימאָרגן־נייעס פון לאָנדאָן. ווי ער וואָלט געזוכט דעם אמת, און ס׳איז אים קלאָר געוואָרן איין גרויסער שוידערלעכער אמת: מ׳ברענגט אום

דאָס אייראָפּעאישע יידנטום! אַט דער שוידערלעכער אמת איז געווען באַהאַלטן אין פאַרשידענע ליגנערישע באַהעלטענישן, אַפילו אונטערן צודעק פון „רויטן קרייץ". אויף זיין אָנפראַגע צום „רויטן קרייץ" וועגן דעם גורל פון זיין פאַמיליע, האָט ער געקראָגן אַן אָפיציעלן ענטפער, געשריבן אויף אַן אָפיציעלן בריוו, אַז זיין פאַמיליע לעבט און איז געזונט. ער האָט זיך אָנגעהויבן באַרואיקן. דאַן איז געקומען די ידיעה פון דער זיגלבוים־טראַגעדיע, פון זיין טראַגישן זעלבסטמאָרד אַלס פּראָטעסט קעגן דעם נידערטרעכטיקן פאַרשוויגן פון דער וועלט דאָס אומברענגען פון פּוילישן יידנטום.

זיגלבוימס טויט האָט אים צעטרייסלט. ער האָט נאָך געדענקט די דייטשן פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, דעם קייזער ווילהעלמס דייטשן, ווי זיי האָבן אויפגעהאַנגען פינף ברידער פאַר גנבענען אַ טויט פערד, וואָס די דייטשן האָבן פאַר זיך געגרייט אויפצועסן. די פינף ברידער האָבן דאָס צוגעגנבעטע פערד אַליין אויפגעגעסן. פאַר דעם זענען זיי דורך די דייטשן אויפגעהאַנגען געוואָרן אינמיטן מאַרק, לעיני כל. אַלעמען האָט מען געטריבן אין מאַרק אַריין בייצוזיין דעם מאַקיאַוועלישן ספּעקטאַקל, אַפילו קליינע קינדער.

דער אומרו האָט אים אָנגעהויבן נאָגן, ניט נאָכגעלאָזט. די פּיינלעכע ספיקות אַרום דעם ענטפער פון „רויטן קרייץ" האָבן אים געגעסן. די פּחדים־זכרונות פון די „גוטע" קייזער־דייטשן האָבן אים פּאַראומערט די טעג און נעכט. אים האָט זיך געוואָלט גלויבן דעם „רויטן קרייץ", געהאָפט אַז די שרעקלעכע באַריכטן זענען נאָר גרויל־פּראָפּאַגאַנדע, אָבער די ידיעות זענען געוואָרן שוידערלעכער פון טאָג צו טאָג.

דער מוח האָט זיי ניט געקענט תופס זיין, זיי אָננעמען פאַר אמתדיקע. די באַריכטן האָבן אָבער אָנגעהויבן באַקומען די מעטאַדישע דייטשע פּינקטלעכקייט. ער האָט זיך דערמאָנט די דייטשע קאָנפיסקאַציעס פון פאַרשידענע סחורות, ביז דער מעשענער טיר־קליאַמקע, וואָס איז מיט קאַלטער גענויקייט פאַרשריבן געוואָרן, אַרויסגעגעבן קוויטאַנציעס פאַר יעדער קלייניקייט. אַט די מעטאַדישע באַריכטן זענען געוואָרן אַ דייטשע וויסנשאַפט, מיט וועלכער זיי האָבן זיך באַנוצט ביים אויסראָטן מענטשן, ווי ביים אויפכאַפּן קעץ און הינט, מיט רוצחישער קאַלטבלוטיקייט. דער שוידערלעכער קאָשמאַר האָט פאַרפאָלגט סעמיועל סאַראַדן.

די אַלאַירטע אַרמייען האָבן זיך אַריינגעריסן אין דעם, דורך די דייטשן, פאַרכאַפּטן אייראָפּע, אויפגעריסן די טויערן פון אייראָפּעאישן גיהנום, פון די קרעמאַטאָריעס און קאָנצענטראַציע־לאַגערן, אויפגעגראָבן מאַסן־קברים, דערמונטערט האַלב־טויטע, פאַרמוטשעטע יידן. דער שוידערלעכער אמת האָט אַנטפּלעקט אַ מיליאָנען־שוידער, אַ גאַנץ פאָלק

פאַרניכטעט, אומגעבערענגגט דורך פאַרשידענע טויטן, באַרויבט, געשענדעט, געמאָרדעט.

סעמיועל סאַראַד איז שיעור ניט אַראָפּ פון זינען. טעג איז ער אין זיין ביורא ניט געגאַנגען, געזעסן פאַרשלאָסן אין זיין ביכער־שטוב. פאַרמיאוסט איז אים געוואָרן די וועלט און די מענטשן. אין זכרון האָט ער געציילט זיין אויסגעמאָרדעטע משפחה, הונדערט און זיבן נפשות, וואָס האָבן קיין דייטש ניט געקענט, מיט די דייטשן קיין קריג ניט געפירט, מיט קיינעם ניט געפירט קיין מלחמה. און פון זיי, די אומשולדיקע מענטשן, ליבנדיקע מענטשן, איז קיין קבר ניט געבליבן, קיין מצבה אַפילו — ער איז געבליבן איינער, איין יתום, איין אבל נאָך הונדערט און זיבן, נאָך אַ גאַנצער משפחה, נאָך אַ גאַנץ פאָלק, דאָס יידישע פאָלק פון פוילן און רוסלאַנד. אַ נייע אַפּטרייסלונג — איינער פון אַ גאַנצער משפחה. פאַר וועלכן זכות? פאַרוואָס דווקא ער? ער האָט געקוקט אויף די שטומע ביכער, וואָס זענען, ווי ער, געשטאַנען פאַריתומטע, אין דעמערונג פון אַ פיינלעכן טאָג, און געשוויגן.

„פאַר וועלכן זכות?" — האָט ער אַריינגעפרעגט אין דער פינצטערער שטוב. ס'האָט זיך אים געדוכט, אַז ער הערט קוים אַ שטיל קול, וואָס רוימט אים איין אַן ענטפער, אַ קול פון ווייט, פון אַן אַנדערער וועלט, האָט דממה־דקהדיק צו אים געמורמלט: „אין זכות פון אונדזער משפחה, אין זכות פון יידישן המשך און קיום, האָסטו זוכה געווען צו קומען אין פרייען לאַנד, דו און דיין פאַמיליע, דאָס פאָלק זאָל ממשיך זיין דעם אומאיבעררייסלעכן קיום, ניט אונטערצוגיין, להכעיס די שונאים.

ס'איז אים איצט ניחא געווען די פינצטערניש, דאָס זיין אַליין. ניחא געווען, וואָס ער איז היינט ניט געגאַנגען אין זיין ביורא, אַפילו ניט צום מיטינג פון דער פרייז־קאָמיסיע, וואָס איז אים פאַרמיאוסט געוואָרן צוליבן דינגען זיך פון די גייציקע, פראָפיטן־הונגעריקע פאַבריקאַנטן און סוחרים. אַ ניחא'דיק געפיל איז אים אויפגעגאַנגען צו ראַזעליס מפיל זיין. ס'האָט אים איצט ניט פאַרדראָסן מער, וואָס דאָס פרעמדע, דאָס ניט־יידישע אין איר איז קאַליע געוואָרן. פאַרקערט, ס'האָט אים גאָר הנאה געטאָן. ווען זי וויל נאָר האָבן מיט טעדין קינדער, מה טוב ומה נעים. טעדי חלשט, בעט זיך ביי איר זי זאָל מיט אים האָבן אַ קינד, אָבער זי האַלט זיך ביי אירס: פון דאָקטאָריי קען מען זיך אַפילו ניט אויסהאַלטן, וואָס טויג זיי נאָך קינדער? און זי פירט אויס ביי דעם לעמעשקעוואַטן טעדין.

„אַ שלעכטע מעשה מיט זיי. זי וויל קיין קינדער האָבן ביז ער וועט מאַכן אַ לעבן פון דאָקטאָריי, און ער וויל ניט אוועקוואַרפן דאָס דאָקטאָריי, צוליבן מאַכן אַ לעבן פון זאַקן־מאַכעריי. זיין אויף דער פאַבריקס

קעסט, ווי אַן אַנגעשטעלטער דאָרט און נעמען דער פאַבריקס לוין, דאָס וויל ער יאָ. עפּעס וועט דאַרפן געטאָן ווערן די אומקלאָרקייטן אויסצוגלייכן, ווי לאַנג וועט דען די פאַבריק קענען אַנהאַלטן אַ פיקטיוון אַנגעשטעלטן?" — האָט ער געטראַכט אין דער טונקלקייט.

ער האָט אָנגעצונדן אַ לאָמפּ, גענומען אַ בוך און אַריינגעקוקט, אָן ציל, אָן קאָנצענטרירונג אַפילו. די אותיות זענען אים געשפּרונגען פאַר די אויגן. ער האָט זיך דערפילט ניט גוט, ווי ס'וואָלט אים פאַרפעלט אָטעם. איז ער צו צום אָפענעם פענצטער, געשלונגען פרישע לופט, ווי אַ פיש וואַסער. ניט אויפגעבערעגגט קיין מחשבות מער, ווי אַלץ אין מוח וואָלט אים אויסגערונען, פּוסט און ליידיק געווען. ער האָט אפילו ניט געדענקט, ווו ער געפינט זיך. אַזוי איז ער אָפּגעשטאַנען ביים פענצטער אַ לאַנגע צייט, ביז אין הויז איז געוואָרן שטיל, אַלע זענען געגאַנגען שלאָפן, אויך בען איז אַהיים געקומען שלאָפן. בען איז געווען אין זיין לעצטן יאָר האַנדלס־שול, און געטראַכט שוין פון צוריקגיין אין טאַטנס פאַבריקן, איבערנעמען וועלכע ס'איז געביידע מיט די פאַבריקן דאָרט, אפשר די ניילאָן־פאַבריק אין קלינטאָן, געגרייט זיך איבעררעדן מיטן פאָטער וועגן דעם, ביי דער ערשטער געלעגנהייט.

ער האָט דערזען, אַז ביים פאָטער אין ביכער־שטוב איז ליכטיק, האָט ער געעפנט בלויז אַ שפּאַלט פון דער טיר און אַריינגעפרעגט שטיל: „ביסט ניט מיד, פאָטער? מ'קען אַריינגיין?" — און ניט וואַרטנדיק אויף קיין ענטפער, זיך אַריינגעשטעלט אינעווייניק.

דער פאָטער האָט זיך שוין בעסער געפילט און ער איז צופרידן געווען מיט בענס אַריינקומען. ער איז אים אַקעגן געגאַנגען. „דו ביסט נאָך דאָ ניט געווען, האַ? ווי געפעלט דיר מיין קליינע ביבליאָטעק, וואָס? אַן אוצר מיט וויסן און חכמה ליגט אויף אָט די פּאָליצעס". — ער האָט אַרויסגעצויגן פּונקט זשיטלאָווסקיס אַ בוך, באַטראַכט און דערלאַנגט עס בענען, מישנדיק די בלעטער. — „זעסט — 'אַ ייד צו אַ יידן, אָדער אין קאַמף פאַר פאָלק און שפּראַך' — רופט ער דאָס בוך. דו וועסט פון דעם אוצר ניט געניסן. אַ שאָד, אַ גרויסער שאָד".

בען איז געבליבן שטיין, ווי אָפּגעגאָסן מיט קאַלט וואַסער. מיט שרעק האָט ער געקוקט אויף די געדיכטע פּאָליצעס מיט ביכער און זיך געוווּנדערט — האָט טאַקע דער פאָטער איבערגעלייענט די אַלע ביכער? ער וואָלט קיינמאָל ניט געגלויבט, אַז דער פאָטער האָט געקויפט און געזאַמלט אַזוי פיל ביכער. געשראָקן האָט ער זיך, אַז דעם פאָטער זאָל זיך ניט פאַרגלוסטן אַרויסצושלעפּן אַ בוך נאָך אַ בוך און אַרויסלייענען פון זיי פאַר אים. ס'האָט אים שוין באַנג געטאָן, וואָס ער איז אַריין אומגעבעטן,

און געזוכט אַ וועג ווי אַזוי זיך אַרויסצודרייען פון דער „ענגשאַפט”, אין וועלכער ער איז אַליין פאַרקראָכן.

„כ'האָב טאַקע געוואָלט זען דיך און די שטוב” — האָט בען געזאָגט.

„ווען פֿריער, מיך צי די שטוב? זאָג דעם אמת” — האָט דער פֿאָטער פֿאַרלאַנגט פון אים דעם אמת.

„דעם אמת געזאָגט, דיך, — האָט בען זיך מודה געווען. — אָבער ביסט ניט איצט אין קיין שטימונג פֿאַר מיינע זאַכן.. מירן רעדן וועגן זיי ביי אַ צווייטער געלעגנהייט”.

„אוודאי וואָלט איך געווען אין אַ בעסערער שטימונג, ווען כ'ווייס, אַז דו וועסט אַמאָל אויך אָט די ירושה איבערנעמען” — האָט דער פֿאָטער אים געוויזן אויף די ביכער־פּאָליצעס. — „אָבער כ'וועל שוין אין קיין בעסערער שטימונג קיינמאָל ניט זיין. זאָגזשע מיר היינט, נאָך וואָס ביסטו געקומען?”

בען האָט זיך געשלאָגן מיט דער דעה. זאָל ער זאָגן נאָך וואָס ער איז געקומען? דערווייל ניט זאָגן. פֿון ניט־זאָגן וועט ער גאָרניט פֿאַרלירן. דאַקעגן פֿון יאָ־זאָגן קען ער אַ סך פֿאַרלירן. „כ'האָב געוואָלט זען וואָס דו טוסט דאָ אַזוי שפּעט. ביסט דאָך אָט־אָ אַהיים געקומען און נעמסט זיך איצט צו די ביכער, ווען וועסטו שלאָפן?” — ער האָט פֿאַרמאַכט די טיר הינטער זיך.

דער פֿאָטער האָט אים נאָכגעקוקט און געטראַכט, אַז ער איז שוין אויפגעוואַקסן צו זיין נאַרמאַלער הויך, ניט בלויז אין זיין פֿיזישער הויך, נאָר אויך אַ מענטש שוין געוואָרן. ווי געשיקט ער האָט זיך דאָס אַרויס־געדרייט פֿון זיין פֿאַרלעגנהייט.

„ביידע האָט איר זיך פֿאַרלוירן. אָבער דער אמתער פֿאַרלירער איז ער, ניט איר. אייך, יידישע חכמה און חכמים, וועלן אַנדערע יידישע קינדער לערנען קענען, ער, וועט אייך שוין קיינמאָל ניט דערקענען. ער ווערט פֿאַרטרונקען אינעם ים דעם פֿרעמדן”. — האָט ער טרויעריק אַריינגערעדט אין די ביכער־פּאָליצעס, ווי ער וואָלט זיי געוואָלט טרייסטן, צוריקלייגנדיק דעם זשיטלאָווסקי־באַנד.

דעם גאַנצן מאָרגנדיקן טאָג האָט ער זיך געפֿילט ניט־מיט־אַלעמען. ביי דער זיצונג פֿון דער פּרייזן־קאָמיסיע האָט ער כסדר געטרונקען קאַלט וואַסער, געמונטערט זיך, ביז איבער דער זיצונג. נאָך דער זיצונג האָט ער אַ שטאַרק מידער קוים זיך דערשלעפּט צו דער עס און עס־געביידע, אין זיין ביוראָ איז ער אַן אויסגעשעפּטער אַריינגעפֿאַלן אין זיין שטול, ס'איז אים ניט גוט געוואָרן, ס'האָט אים פֿאַרפּעלט אָטעם, און אַפֿילו צום פֿענצטער ניט געקענט דערגיין.

צום גליק איז פּונקט אַריין אין זיין ביוראָ ר' יחיאל, פֿון דער שמאַטע־

פאַבריק, און אים געפונען אַ האַלב־פאַרחלשטן. ער האָט אויפגעפראַלט דאָס פענצטער און געהאָלפן אים קומען צו זיך.

„כ׳האָב געמיינט, אַז איר דרימלט. דאָ ליגט איר גאָר ווי אַ טויטער, רחמנא לצלן. איר אַרבעט שווער, איר דאַרפט אַ געהילף. אפשר רופן אַ דאָקטאָר?"

„ניין, ר׳ יחיאל, מ׳דאַרף ניט. ס׳איז גאָרניט. מאלע צוליב וואָס אַלץ אַ מענטש פילט זיך אַמאָל ניט־מיט־אַלעמען. אַז ס׳גיט אַ צופ ביים לעפעלע, לויפט מען באַלד נאָכן דאָקטאָר?"

„לאָזטשע כאָטש רופן אייער טעדין" — האָט ר׳ יחיאל זיך געבעטן.

„וואָס רעדט איר, ר׳ יחיאל, טעדין זיכער ניט, נאָר דאָס פעלט מיר. ער איז אַ יידענע, ניט קיין דאָקטאָר, אַ גרויסער טומלער, וועט ער מיך באַלד אַריינלייגן אין בעט. ער איז אפשר ניט זיכער מיט זיך אַלס דאָקטאָר, לייגט ער דעם קראַנקן קודם כל אין בעט אַריין. ווייסט איר, אַז ער איז צו זיין אייגענער גראַדואירונג ניט געגאַנגען?! ניין, ר׳ יחיאל, ׳זלעגאַ דיאַבלי ניע וועזשמיאַן׳, מיט שלעכטע וויל דער טייוול זיך אויך ניט אָנהויבן. וואָסזשע, ר׳ יחיאל, מיין גוטער גואל, זאָגט, וואָס ברענגט אייך צו מיר?"

„נאָך וואָס איך בין געקומען, וועט ניט אַנטלויפן ביז מאָרגן, ביז איר וועט זיך פילן בעסער. אָבער איר זיינט אַ מאבד עצמו לדעת, אַ גזלן אויף זיך אַליין. איר אַרבעט אַזוי שווער, און לאָזט אַפילו ניט רופן קיין דאָקטאָר. קומטזשע און לאָמיר אייך אַהיימפירן" — האָט ר׳ יחיאל אים אָנגענומען ביי דער האַנט.

„כ׳געדענקט גאָרניט, אַז איר זאָלט זיך האָבן גענומען אַ טאָג אָפּרו. דורך דער גאַנצער צייט האָט איר זיך טאָקע געפילט בקו־הבריאות? קיין־מאָל ניט געפילט זיך לאָ־עליכמדיק?"

„נו, מאַכט ניט קיין ווערן, זאָל עס בלייבן צווישן אונדז און צווישן די פיר ווענט. נאָך וואָס זיינט איר געקומען?"

„אויב איר וועט צוזאָגן אַהיימגיין באַלד, מיט מיר טאָקע".

„וועט איר צוזאָגן צו האַלטן אַלץ בשתיקה?"

„בשתיקה, זיכער בשתיקה" — האָט ר׳ יחיאל געמורמלט.

„בהן שלך?" — האָט סאַראַד פאַרלאַנגט.

„בשתיקה יאָ, בהן שלי ניט. כ׳גיב ניט קיין הן שלי. קומט" — האָט ער אויסגעשטרעקט זיין האַנט צו סאַראַדן.

„אַ רגע, נאָך וואָס זיינט איר פאַרט געקומען?" — האָט ער זיך ניט גערירט פון אָרט.

„אַזוי, איר זיינט אַן עקשן, מ׳זאָל אַפּגעהיט ווערן. מיר ווילן זיך מאַכן אַ באַזונדער מנין. מיר, און די יידן פון דער פאַרבעריי".

„נו, ווער שטערט אייך דען? קאַנאַדע איז אַ פריי לאַנד. מען האָט

נאָך דאָ קיינעם ניט באַשטראָפט פאַר דאַוונען באַזונדער, אינאײנעם, אַליין, אַפּילו ניט פאַר ניט דאַוונען, אָדער דאַוונען אַנדערש. אָבער וואָס עפּעס אײנמישן דערינען? מיט וואָס קען איך אייך צוהעלפן? איר דאַרפט דען אַ צענטן צום מנין?"

„מיר דאַרפן אַ ספר־תורה" — האָט ר׳ יחיאל אַוועקגענויגט דעם קאָפּ, ווי ער וואָלט זיך געשעמט, וואָס זיי מאַכן אַ רעוואָלוציע אין אַ מקום קדוש.

„נו, גם זו לטובה. כ׳האָב מורא געהאַט, אַז איר ווילט, כ׳זאָל ווערן אײערס אַ מיטדאַוונער" — האָט סעמיועל סאַראַד זיך געוויצלט.

„ס׳וואָלט גאַנץ רעכט געווען, ווען יאָ. פאַרוואָס טאַקע ניט?" — האָט ר׳ יחיאל אויפגעלעבט.

„ווען כ׳בין אַ דאַוונער, וואָלט איך זיכער מיטגעדאַוונט מיט אייך. אָבער, ווי איר ווייסט, בין איך אַ קנאַפּער דאַוונער. כ׳דאַוון ניט מיט, ניט מיט מײַנע אַמאַליקע פּועלי־ציוניסטן, ניט מיט די אַלגעמיינע ציוניסטן, אָדער רעוויזיאָניסטן, ניט מיט די סאָציאַליסטן. זיי אַלע האָבן מיך געמאַכט פאַר זייערס אַ מיטגליד. אַפּילו די באַהאַלטענע קאָמוניסטן האָבן מיך צוגעשריבן צו זיך. מיר וואָלט ניט געפעלט וו צו דאַוונען, ווען כ׳בין אַ דאַוונער. אַזוי לאַנג ווי זיי קומען בלויז נאָך זייער ספר־געלט, איז מהיכא תיתי. פאַרוואָס אייגנטלעך געפעלט אייך ניט דער פאַריקער ציבור? און פון ווען אַן האָט איר אויפגעהערט מיטצוהאַלטן מיטן „אל תפרוש מן הציבור?" — האָט סאַראַד געוואָלט וויסן.

„מיר טיילן זיך ניט אָפּ, חס־וחלילה, פון ידישן ציבור. מיר ווילן ניט געהערן דאָ, וו מ׳וויל אונדז ניט, וו מיר פאַסן זיך ניט אַרײַן מער. די שול, דער נוסח, דער ציבור, — אַלץ האָט זיך דאָרט געענדערט. ס׳איז ניט מער די שול פון אַמאָל, ניט מער דער זעלבער עולם, ניט מער דאָס אַמאָליקע דאַוונען".

„כ׳פאַרשטיי אייך וווּל, ר׳ יחיאל. אויך איך קען מער ניט זײַן דאָרט, וו כ׳פאַס זיך ניט אַרײַן מער, וו ס׳איז ניט מער דער זעלבער עולם און ניט דאָס זעלבע דאַוונען. קויפט די ספר־תורה, איך וועל באַצאָלן".

„ניין, חלילה, מירן באַצאָלן. איר לייגט בלויז דערווייל אויס, ביז מיר וועלן אַנזאַמלען דאָס געלט און אייך צוריקצאָלן" — האָט ר׳ יחיאל געזאָגט דעצידירט. — „מיר זענען ניט אייערע סאָסייעטיס, אָדער פאַריינען, וואָס מאַכן אייך פאַר אַ מיטגליד פאַר אייער ספר־תורה־געלט".

„איר באַליידיקט מיך, ר׳ יחיאל, איר זענט דאָך דאָס זיכער ניט אויסן".

„און דו באַליידיקסט אַן עדה יידן". — ר׳ יחיאל האָט אים איצט געדוצט אין בייזקייט. — „דו, און אַזעלכע ווי דו, זענען אַנטלאָפן פון

ידישן ציבור, און איר זענט גרייט זיי צאָלן לאַ־יחרץ־געלט, מ׳זאָל אויף
אַ ייך ניט מוצא שם־רע זיין, ניט דערמאָנען אייערע נעמען צום שלעכטן.
איר צאָלט אייער ביסל מזומן פאַרן פירסום, פאַר דעם לויב און רום, וואָס
זיי גיבן אייך. ביי אונדז וועט איר קיין אומזיסטן פירסום ניט קריגן, ווען
איר גיט אונדז אַפילו דריי ספר־תורה׳ס״. — ר׳ יחיאל האָט אים געקוקט
גלייך אין פנים אַריין.

סעמיועל סאַראַדן האָט פאַרדראָסן, וואָס ער האָט געבראַכט דעם אַלטן
ר׳ יחיאלן צו כעס, און ער האָט זיך אַנטשולדיקט.

„כ׳בין אפשר ניט געווען טאַקטיש לגבי אייך, אָבער כ׳האָב געזאָגט
דעם אמת, און איר שמייסט מיך פאַרן אמת. זיי צאָל איך טאַקע
לאַ־יחרץ־געלט, אָבער פאַר אייך וויל איך באמת קויפן די ספר־תורה לשם
מצוה. נעמט די ספר־תורה און דערמאָנט ניט מיין נאָמען. אָבער כ׳בין
אייך חושד, אַז איר פאַרגינט מיר ניט דאָס פאַרגעניגן פון מתן־בסתר״.

ר׳ יחיאל האָט זיך פאַרטראַכט, אפשר איז ער טאַקע גערעכט, אַז
בשוגג, פאַרגינט ער אים אַפילו ניט דאָס פאַרגעניגן, וואָס ער וועט האָבן
פון קויפן די ספר־תורה פאַר זיי. וואָס האָט ער זיך אייגנטלעך אַזוי צע־
בייזערט אויף אים? ווען עס איז וויפל ער צאָלט און ווי גרויס
פירסום ער קריגט דערפאַר? זיי וועלן ביי אים ממילא ניט נעמען די
ספר־תורה אומזיסט.

„איר וועט האָבן די מצוה פון אויסלייגן דאָס געלט, און אונדז וועט
איר טאָן אַ געפעליקייט. און אַז איר ווילט, קענט איר דאָס אַראָפּנעמען
פון דעם הוספה־געלט, וואָס איר צאָלט אונדז״ — האָט ר׳ יחיאל אים
צוריק געאירצט.

„זיי, די פאַריינען און די סאָסייעטיס, וואַרף איך צו זייער געלט,
אַז זיי קומען. אָבער קדושה־געלט, געלט פאַר אַ הייליקייט, וועל איך אַפילו
ניט אויסבאָרגן, אויב ס׳קען חלילה גורם זיין צו אַ מחלוקה דאָרט ווו
איר דאַוונט, און מיר גורם זיין אַן עבירה, אַנשטאָט אַ מצוה, בבחינת —
יוצא שכרו בהפסדו״ — האָט סאַראַד זיך צוריקגעצויגן פון גאַנצן ענין.

„אַן עבירה? די יונגאַטשעס וועלן אייך ווינטשן דאָס אייביקע לעבן
פאַרן צונעמען ביי זיי דאָס אַלטוואַרג, די אַלטע עובר־בטל״ — האָט ר׳ יחיאל
זיך אויפגערעגט.

„אויב אַזוי, קענט איר זיך שוין נעמען מאַכן דעם ארון־קודש. קויפט
דאָס אַלץ אויף מיין חשבון, מיין נאָמען זאָלט איר ניט דערמאָנען. און וואָס
ס׳איז דאָס היינט פאַרגעקומען אויך ניט דערמאָנען פאַר קיינעם״.

„שוין, איר האָט זיך שוין קאַליע געמאַכט דעם גאַנצן שכר־המצוה.
צוויי מאָל שכר פון איין מצוה קען מען ניט האָבן. מיט דעם תנאי, וואָס
איר נעמט זיך מיט מיר אויס, קריגט איר שוין דעם שכר דאָ, און איר

פאַרלירט דעם שכר עולם־הבא, אויב איר בינדט מיך צו האַלטן בסוד דעם גאַנצן ענין" — האָט ר׳ יחיאל געזאָגט ערנסט.

„אויף דער מצוה ארון־קודש בין איך מוותר. דעם סוד אונדזערן וועט איר האַלטן לגבי דעם ארון־קודש, און אייער מצוות השליחות וועט זיין גרעסער. נו, איז דאָס אַן אָפּמאַך ?" — האָט ער אויסגעצויגן די האַנט צו ר׳ יחיאלן. ר׳ יחיאל האָט אָבער די אויסגעשטרעקטע האַנט ניט געוואָלט נעמען.

„כ׳זאָג אייך ניט צו אויף קיין „הן שלי", און כ׳גיב ניט קיין תקיעת־כף". — ר׳ יחיאל האָט זיך גערוקט אויף צוריק, ס׳זאָל ניט הייסן, אַז ער האָט געגעבן זיין האַנט־תקיעת־כף צו האַלטן דעם סוד. — „לאָמיר בעסער גיין" — האָט ער געמונטערט זיין באַלעבאָס און אַליין זיך געלאָזט צו דער טיר.

„איר דאַרפט זיך ניט מטריח זיין, ר׳ יחיאל. כ׳זאָג אייך צו, אַז כ׳וועל אַהיימגיין" — האָט ער ר׳ יחיאלן באַגלייט.

„אויף אייער „הן שלי ?" — האָט ר׳ יחיאל פאַרלאַנגט פון אים.

„איר ווילט אייער „הן שלי" ניט געבן און פון מיר פאַרלאַנגט איר אים יאָ. ווו איז יושר ?" — איז סעמיועל סאַראַד אַרויס מיט אַ טענה.

„ביי אייך איז עס פקוח־נפש, אויב איר גייט ניט שוין אַהיים זיך אָפּרוען" — האָט ר׳ יחיאל אים אָנגעשראָקן.

„אויף מיין „הן שלי", ר׳ יחיאל, כ׳גיי אַהיים ווי נאָר כ׳פּאַרטיק זיך דאָ אָפּ".

אַז ר׳ יחיאל האָט פון אים אַרויסגעקראָגן זיין „הן שלי", אַז ער וועט אַהיימגיין, האָט ער אים געווונטשן אַ רפואה שלימה און איז אַ צופרידענער אַליין אַהיימגעגאַנגען, טראַכטנדיק פון דער שמחה, וואָס די יידן פון דער שמאַטע־פאַבריק און פון דער פאַרבעריי וועלן האָבן פון דער ידיעה, אַז ער האָט געפּועלט ביי זייער באַלעבאָס צו קויפן פאַר זיי אַ ספר־תורה. איז ווי זיי ווילן: זיי קענען זי האָבן במתנה, אָדער זיי וועלן פאַר איר באַצאָלן. און ער האָט ביי זיך אָפּגעמאַכט: ווען במתנה, וועט ער יאָ אַריינשרייבן דעם נדבנס נאָמען.

## קאַפּיטל 25

פאָולין סאַראַד איז געווען שוין האַלב חסר־דעה. געווען צייטן, וואָס מ׳האָט געקענט מיינען, אַז זי איז פון זינען אַראָפּ. דעמאָלט האָט דער מאַן צוגענומען אַ געהילפס־פרוי אין שטוב אַריין, וואָס זאָל אַריינקומען אין די שווערע טעג איר אַרויסהעלפן אין דער שטוב־אַרבעט. פאָולין סאַראַד האָט

זיך נישט קעגנגעשטעלט, נאָר די קליינע קינדער האָט זי אַליין באַדינט און וויפל ס'איז געווען נויטיק — אויך די דערוואַקסענע קינדער.

אַלע האָבן זיך דעריבער געוווּנדערט, ס'האָט זיך זיי אויסגעדוכט, אַז זי סימולירט איר מרה־שחורה, איר אַפּאַטיע, אָבער סעמיועל סאַראַד האָט אַנגעזאָגט דער געהילפס־פרוי און די קינדער איר נאָכצוגעבן אַלץ, ניט אויפרעגן זי, ניט רייצן זי. זי האָט ניט אַרויסגעוויזן מער קיין שום אויפרעגונג, ווען ראַזעלי און טעדי זענען געקומען. זי איז געווען צופרידן צו זען, אַז ראַזעלי שוואַנגערט ניט. שבת, ווען סעמיועל סאַראַד איז געבליבן אין זיין ספרים־שטוב אָפּצורוען זיך, ווי ער האָט זיך צוגעזאָגט, און איז ניט געגאַנגען אין זיין ביוראָ, זענען ראַזעלי און טעדי געקומען צו גאַסט, איז זי באַלד געוואָרן פאַרנומען מיט זיי, מיט שטעלן פאַר זיי כיבוד, און פאַרלאַנגט, זיי זאָלן עסן און טרינקען. נאָכן אָפּפרייען זיך מיט די ברידערלעך און געניסן פון דער מוטערס כיבוד, זענען ראַזעלי מיט טעדין אַריין צום פאָטער געוואָר ווערן וואָס ער מאַכט. ראַזעלי האָט זיך אָנגעשטויסן, אַז אויב דער פאָטער איז שבת אין הויז, איז ער ניט מיט אַלעם. טעדין האָט זיך געדוכט, אַז די קישעלעך אונטער די אויגן זענען ביי אים אויפגעבלאָזן, דאָס פּנים בלוי־גרוי, ווי דאָס בלוט דאָרט, וואָלט ניט געהעריק צירקולירט. ער האָט דעם שווער געפרעגט:

„איר פילט זיך גוט, זאָגט איר? מיר געפעלט ניט אייער אויסזען".

„נאָ דיר אַ מעשה. מיין ווייב געפעלט איך שוין פון לאַנג ניט" — האָט ער שטיל געזאָגט צו טעדין.

„איך שפּאַס ניט, איר זעט ניט אויס גוט, עפּעס איז אייך" — האָט אים טעדי אַריינגעקוקט אין די אויגן.

„ס'איז מיר חלילה ניט אַזוי שלעכט, וואָס אַ גוטער איידעם זאָל ניט קענען העלפן. נעם איבער אַ געביידע דאָ, אָדער די ניילאָן־פאַבריק אין קלינטאָן און ס'וועט מיר בעסער ווערן, ס'וועט מיר אַראָפּ אַן עול פון קאָפּ, פון אונדזערע ביידנס קעפּ" — האָט סאַראַד געזאָגט צו אים און צו ראַזעלין.

ראַזעלי האָט אויסגענוצט די געלעגנהייט און איז ווידער צוגעשטאַנען צו אים, ער זאָל פּאָלגן דעם טאַטן און איבערנעמען די קלינטאָן־פאַבריק:

„זאָגסט דאָך אַליין, אַז ס'איז ניט גלאַטיק, ס'וואָלט גוט געווען פאַר אַלעמען. וואָזשע וואַרטסטו? ביז וועסט מוזן איבערנעמען? ביז ער וועט גוט קראַנק ווערן? מאַך אונדז גרינגער, איידער ס'ווערט שפּעט פאַר אַלע" — האָט זי גערעדט מיט אַ דראָענדיק קול.

טעדין האָט זיך זייער ניט געגלוסט זיי נאָכצוגעבן. ער האָט קיין חשק ניט געהאַט אָוועקוואַרפן זיין דאָקטאָריי און ווערן אַ פאַבריקאַנט פון ניילאָן און פרויען־זאַקן, אין וועלכער פּראָדוקציע ער האָט קיין שום

אַנונג ניט געהאַט. אָבער אויך זיין פֿאָטער האָט געהייסן צוליב טאָן
ווייב און שווער. ביז איצט האָט ער אָפּגעשלעפּט מיט זיין פּאָזיטיוון ענט־
פער. היינט האָט ער זיך געפֿילט אין קלעם. ער האָט אַליין אַריינגעשטעלט
זיין פוס אין דער קלאַטקע, מיטן פעסטשטעלן, אַז דער שווער זעט אויס
ניט געזונט. וויזשע קען ער אים אָפּזאָגן זיין הילף?

טעדי האָט זיך אַ ווײַלע פֿאַרטראַכט, אָפּגעקערט זיך פֿון ווייב און
שווער און אַוועק צו די ביכער־פּאָליצעס, געלייענט די רוקנס פֿון די
ביכער. אַרויסגענומען אַ דין ביכל און זיך פֿאַרטיפט, לייענענדיק דעם
טיטל: „אויטאָ־עמאַנציפּאַציע".

„קענסט יידיש?!" — האָט דער שווער זיך דערנעענטערט צו אים
אַ צופרידענער.

„פֿאַרוואָס ניט? כ'בין אַ ייד, קען איך יידיש. אָבער שוין ניט קיין
סך. אַמאָל האָב איך געקענט מער". — ער האָט אַרויפגעקוקט צום שווער
און איז זיכער געוועזן, אַז דער שווער איז קראַנק — „אויב איר וועט
צוזאָגן צו גיין צו אַ דאָקטאָר, וועל איך צוזאָגן איבערצונעמען די
מעקלינטאָק־פֿאַבריק, ווען ס'וועט נויטיק זיין", — האָט טעדי אַריינגערעדט
אין בוך אַריין.

„פֿאַרוואָס מוז איך קראַנק זיין, כדי דו זאָלסט מיר וועלן געבן דיין
הילף? אָבער דאַך, איך נעם עס אָן". — סעמיועל סאַראַד האָט אויף
אַ ווײַלע איבערגעריסן. — „איי, ווען איך האָב צוויי אַזעלכע איידעמס,
וואָס וואָלט מיר געפֿעלט?" — האָט ער געזאָגט אַ ביסל סאַרקאַסטיש.

ראָזעלי האָט אויפגעכאַפּט דעם טאַטנס שטאָך און געשוויגן. זי האָט
איצט געהאַט אַ שטיקל נקמה אין פֿאָטער. ווי ער האָט דאָס איינגעלייגט
וועלטן זי זאָל נעמען דעם תם פֿאַר איר מאַן. איצט דאַרף ער מיט אים
אַרבעטן שווער, ער זאָל איבערנעמען די ניילאָן־פֿאַבריק. ס'האָט זי
אַביסל אַמוזירט איר טאַטנס שפּיל מיט דעם תמעוואַטן טעדין. ווען ס'וואָלט
ניט געוועזן אַזוי טרויעריק, וואָלט זי זיך צעלאַכט.

„בעך וועט באַלד ענדיקן די האַנדלסשולע, וועט ער דאַך קענען
איבערנעמען איינע פֿון די געביידעס. און כ'זע באמת ניט איין, צו וואָס
ער דאַרף וואַרטן אויף זיין דיפּלאָם. ער וועט דען אַרבעטן ביי פּרעמדע?",
— האָט טעדי געעצהט און געמיינט, אַז ער האָט דאָ אַנטפּלעקט, מי יודע,
וואָס.

סעמיועל סאַראַד האָט אויף אים אַ שאַרפן קוק געטאָן: „בעך איז
נאָך צו יונג פֿאַר געשעפֿטס־אינטריגעס און מאַניפּולאַציעס. ער ענדיקט
בלויז די טעאָריע פֿון האַנדל און אינדוסטריע. די פּראַקטישע, די ברוטאַלע
זייט פֿון האַנדל, דאַרף ער ערשט לערנען. און זי איז די שווערסטע לערע,
וואָס ער דאַרף ערשט אַדורכגיין.

בען, וואָס איז פונקט אַריינגעקומען און געהערט דערמאָנען זיין נאָמען, איז צו צום פאָטער טיר, ווען ער האָט געענטפערט טעדין, פּאַרוואָס בען קאָן נאָך ניט איבערנעמען זיינע געשעפטן. ער איז אַריין אָפּענטפערן דעם פאָטער:

„ביי מיין טאָטן בין איך נאָך אַ קינד. אַזוי איז געווען מיט פינף יאָר צוריק, ווען כ'האָב זיך פאַרשריבן אין דער אַרמיי, און אַזוי היינט, ווען איך ענדיק שוין באַלד די האַנדלסשולע, בין איך נאָך אַלץ אַ קינד" — האָט ער גערעדט צו טעדין. — „כ'האָב שוין געאַרבעט ביי אים אין דריי פאַבריקן, און כ'בין נאָך ניט דערפאַרן פאַר זיינע וועסטל־קעשענע גע־שעפטן, ער האָט נאָך אַלץ ניט קיין צוטרוי צו מיר", — האָט בען געזאָגט מיט פאַרביטערונג.

כ'ענדיק שוין באַלד, זאָגסטו, אָבער צו אַ דיפּלאָם איז נאָך ווייט, מיין זון. ווערסט נאָך דאַרפן אַרבעטן שווער, איידער ווערסט אים קריגן", — האָט אים דער פאָטער דערמאָנט.

„דער טאַטע איז גערעכט. וואָלסט בעסער געדאַרפט איצט זיצן און אַרבעטן איבער זיך", — האָט ראָזעלי זיך אַריינגעמישט.

„זיינע געשעפטן קען איך זיכער פירן שוין היינט. צו דער וועסטל־קעשענע פירונג דאַרף מען ניט קיין דיפּלאָמען. ווו זענען זיינע דיפּלאָמען? וועלכע האַנדלסשולע האָט ער געענדיקט? אָ, איר מאַכט מיך קראַנק!" — האָט ער אַרויסגעשטורעמט און איז אַוועק אָן אַ „זיי געזונט" אפילו. ראָזעלי האָט אויפמערקזאַם געמאַכט דעם פאָטער, אַז בען איז שוין ניט קיין קינד, ער איז ס"ה יינגער פון איר מיט אַ קנאַפּ יאָר, אַז ער וואָלט אים געדאַרפט אַרויסווייזן מער צטרווי און דערמוטיקונג. זי איז אין דער מיינונג פון טעדי און בעני, אַז אַ דיפּלאָם ברענגט נאָך ניט דעם גאַנצן וויסן.

„דאָס וואָס כ'מיין. אַ דיפּלאָם איז נאָך ווייט ניט אַלץ, אָבער דאָס באַדייט ניט, אַז ער וויסט שוין וואָס האַנדלס־פּראַקטיק איז", — האָט דער פאָטעד זיך אָנגעכאַפּט אָן אירע רייד. — אַלזאָ ס'איז אָפּגעמאַכט?, אַז פון היינט אָן נעמסטו זיך גרייטן איבערנעמען די קלינטאָן־פאַבריק? — ער האָט איצט גערעדט צו טעדין, און אים אַריינגעגעבן צו זיינע ביכער־פּאָליצעס און געוויזן: „אָן אוצר מיט חכמה און וויסן ליגט דאָ. אויך דאָס ווערסטו אַמאָל מוזן ירשענען".

„כ'האָב נאָך אַ באַדינג צו אייך" — האָט זיך טעדי אַרויסגערעדט: — „וואָס כ'זאָל נאָר ניט איבערנעמען, וויל איך דאָרט אַהינקומען מיט רעכט און מיט מאַכט, ניט ווי אַ מענעדזשער, ניט בלויז ווי אייערס אַ פאַרטרעטער". — טעדי האָט געשטעלט דעם באַדינג און געטראַכט דערביי: ווי נאָר ער וועט פילן בעסער, וועט ער דעם באַדינג ניט אָננעמען.

הערנדיק זיין איידעמס צווייטן תנאי פאַר איבערנעמען די מעקלינטאַק־פאַבריק, אָדער וועלכע ס'איז פאַבריק־געביידע, האָט ער פאַרלוירן דעם גאַנצן חשק איבערצוגעבן פאַבריקן און באַשלאָסן לאָזן עס לויפן, לאָזן עס צו דער געהעריקער צייט, „מה שלא יעשה השכל יעשה הזמן", האָט ער צו זיך געזאָגט. דער איידעם האָט אַזוי פיל אַנונג אין געשעפטס־ענינים, געננוי ווי דער זון זיינער. ער מיינט, אַז די פולמאַכטן וועלן אים מאַכן פאַר אַ פאַבריקאַנט און גוטן געשעפטסמאַן. ער טראַכט ניט, אפשר איז בעסער צו פּרוּוון און זען צי ער נויטיקט זיך אין פולמאַכטן. באַלד וויל ער רעגירן. ער האָט באַשלאָסן דערווייל קיינעם גאָרניט איבער־צוגעבן.

„מיט דער צייט, אַלץ מיט דער צייט. איך וועל אַלץ אויפגעבן און איר וועט אַלץ איבערנעמען, די גאַנצע מלוכה, ווען די צייט וועט קומען. איר וועט קריגן אַלע רעכטן און פולמאַכטן, געניסן פון אַלע פּריווילעגיעס, און טראָגן אַלע פאַראַנטוואָרטלעכקייטן. „לכל זמן ועת, לכל חפץ תחת השמש", האָט סעמיועל סאַראַד פאַרענדיקט מיט אַ פּסוק פון קהלת, אַ קהלתדיקער ענטפער אויף זיין איידעמס נייעם תנאי צום איבערנעמען די מעקלינטאַק־פאַבריק.

ווען ראַזועלי מיט טעדין זענען אַוועק פון הויז, האָט ער זיך פאַרטראַכט, צי ער אַליין האָט ניט אַמאָל געמאַכט אַ גרעסערן טעות מיטן חתונה מאַכן זי פאַר דעם נאַיוון, תמעוווטן טעדין. וועט זי אים טאָלערירן, דולדן, און ניט פּרוּוון זיך באַפרייען פון אים? ווען ער וויסט פריער, אַז זי וועט באַלד נאָך דער חתונה מפלען, וואָלט ער זי ניט געוווען צוגערעדט צו דעם שידוך. „ס'קען אָבער אויך זיין, אַז ווען ניט די חתונה, וואָלט זי ניט געמפּילט", האָט ער געחקרנט.

נאָך הבדלה איז ר' יחיאל געקומען אים זען, געוואָר ווערן וואָס ער מאַכט, און אים דאַנקען אין נאָמען פון די יידן פון שמאַטע־פאַבריק און פאַרבעריי פאַר זיין גוטהאַרציקייט. מיט אים איז אויך געקומען דער גאַרבער איבערצוצייגן אים, אַז ניט בלויז ר' יחיאל נויטיקט זיך אין דער ספר־תורה. אין איינוועגס וויל ער בעטן דערלויבעניש אַנצושטעלן נאָך אַ ייד, אַ פּליט, צו דער אַרבעט אין דער פאַרבעריי, אָדער שמאַטע־פאַבריק. ווו ס'וועט זיך געפינען אַן אַרבעטס־פּלאַץ. דער גאַרבער און סעמיועל סאַראַד, די צוויי שיפס־ברידער און פריינט, האָבן זיך דערפרייט איינער מיטן אַנדערן, אויסגעפרעגט זיך וועגן ווויילזיין און געזונט. אָבער סעמיועל סאַראַד האָט עפּעס מאָדנע געשמייכלט, דעם גאַרבער האָט זיך געדוכט, אַז ער טרייבט ליצנות, שמייכלט אַ מין חוזק־שמייכל.

„ווען כ'וויס, אַז מיט מיין קומען פאַרשאַף איך אייך אַזוי פיל פאַר־געניגן, קום איך אָפטער", — האָט ער זיך געוויצלט.

„ס׳טוט מיר הנאה צו זען, אַז אויך דו ביסט צווישן די מקום־קדוש רעוואָלוציאָנערן. איך האָב שוין אַלץ געזען״, — האָט סעמיועל סאַראַד מגלה געווען דעם סוד פון זיין שמייכלען.

ר׳ יחיאל האָט אָפּגעקרעכצט, גרייט צו דערמאָנען די צוויי לצים, אַז זיי זענען מבטל צייט אויף נאַרישקייטן, און גענומען איבערגעבן וועגן דער אסיפה, וואָס איז פאָרגעקומען ביי אים אין הויז. ער און דער גאַרבער זענען די שליחים איבערצוגעבן אים זייער יישר־כוח, דעם דאַנק פאַרן צוזאָג צו קויפן די ספר־תורה און דאָס געהילץ פאַרן ארון־קודש. דער גאַרבער האָט דערציילט: „ביי דער אַסיפה איז בייגעווען דער ניי־געקומענער פּליט, ווען דער קאָנגרעס האָט געהאָלפן אַריבערקומען אין לאַנד אַריין. אין דער היים איז ער געווען אַ סופר, און ער וועט איבערקוקן די ספר־תורה ביים איינקויפן. די יידן זענען אים מקרב, ער איז נעבעך געבליבן איינער אַליין פון זיין גאַנצער משפּחה, און זיי וואָלטן אים גערן אַריינגענומען צו דער אַרבעט אין איינער פון די פאַבריקן. פאַרשטייט זיך, מיט אייער הסכמה״.

„כ׳פאַרלאָז זיך אויף אייך. אויב איר האָט פּלאַץ און גענוג אַרבעט פאַר אַלע, נעמט אַריין נאָך אַ ייד, מהיכא תיתי״, — האָט סעמיועל סאַראַד מסכים געווען.

דער גאַרבער האָט איבערגעלאָזט ר׳ יחיאלן מיטן באַלעבאָס צו זייערע תורה־שמועסן, געזאָגט אַ גוטע וואָך און אָוועק.

„איר זעט היינט אויס אַ סך בעסער. כ׳האָב געוווּסט, אַז איר דאַרפט אָפּרו. ווי פילט איר זיך? איר וואָלט זיך געדאַרפט צונעמען אַ סעקרע־טאַרשע, איר טראָגט צופיל אויף זיך״, — האָט ר׳ יחיאל געזאָגט.

„איי, ר׳ יחיאל, געזונט זאָלט איר זיין, צו וואָס דאַרף איך אַ סעקרע־טאַרשע? וואָס וועט זי מיר העלפן, וואָס וועל איך זיך איינבערענגען? אָט נעמט דעם ענין סופר: דורך דער סעקרעטאַרשע, וואָלט מען מיך געפרעגט, צי איך בין מסכים צוצונעמען דעם סופר, דורך איר וואָלט איך געדאַרפט זאָגן דעם יאָ, דורך איר אייך איבערגעבן דעם יאָ. וואָס וואָלטן מיר זיך דאָ איינגעבערענגט? ווי וואָלט איר זיך געפילט, ווען איר דאַרפט אָנקומען צו אַן אשה, זי זאָל אייך אַריינלאָזן צו מיר?״

„ניט אַזוי גוט״, — האָט ר׳ יחיאל זיך מודה געווען שמייכלענדיק. — „אָבער איר אַרבעט צו שווער, איר דאַרפט הילף, איר מוזט האָבן אַן עוזר צו העלפן אייך טראָגן דעם גרויסן עול״.

„טייערער, גוטער פריינט, ס׳פעלן מיר עוזרים? איר זענט געווען מיין ערשטער אמתער עוזר, און ביז היינט זענט איר עס געבליבן. שפּעטער איז אויך געקומען דער גאַרבער. היינט האָב איך אַדוואָקאַטן און בוכ־

האַלטערן, אָבער איך מוז אַרבעטן. די אַרבעט דערהאַלט מיך ביים לעבן, אַן אַרבעט איז דער מענטש אויס. נאָר אַ בר־מינן איז ניט טעטיק, אַ לעבעדיקער מענטש מוז עפּעס טאָן. דאָס איז דער סימן־חיים פון אַ לעבעדיקן מענטש".

ר' יחיאל האָט זיך געטראַכט, אַז ניט בלויז ער האָט ליב די אַרבעט, נאָר אַלץ ווערט ביי אים פאַרוואַנדלט אין אַרבעט. אַפילו דאָס עצם רעדן איצט איז ביי אים אַן עבודת־קודש. ער אַרבעט פאַר דריי, לייגט ניט קיין אַכט אויף זיך, אַן אמתער יגיע־כפּיימניק, ער וועט שטאַרבן ביי דער אַרבעט. „כאַפּט זיך אַמאָל אַריין צו אונדז און באַקענט זיך מיט ר' פישל האַרן, דעם סופר. אַ טשעקאָווער ייד, דער ר' פישל, אַ האַרעפּאַשניק. 'גדול יגיע־כפּים מירא־שמים' ווייסט איר דאָך", — ער האָט איינגעלאַדן דעם באַלעבאָס צו קומען אין זיין אייגענער פאַבריק אַריין, און איז אַוועק אָפּאַרבעטן זיין פריייטיק.

אַ פּאָר טעג נאָך דעם באַזוך פון גאַרבער מיט ר' יחיאלן ביי סאַראַדן האָט זיך אין אַן אינדערפרי, מיטן אָנהויבן זיך פון אַרבעטס־טאָג אין סעמיועל סאַראַדס ביוראָ, צעקלונגען דער טעלעפאָן. די שטימע פון דער צווייטער זייט האָט געזאָגט, אַז דאָס רעדט מען פון יידישן קאָנגרעס, כדי אים צו דאַנקען פאַר זיין גרויסמוטיקייט ביים געבן מיסטער האַרן אַרבעט אָן שתדלנות. דאָס קול האָט געבעטן אַ זעאונג פאַר אַ פּערזענלעכן און מינדלעכן דאַנק, טראָץ דעם, וואָס עס ווערט אַרויסגעשיקט אַ דאַנק־בריוו.

ער האָט מיט פאַרשידענע תירוצים אָפּגעזאָגט דאָס אויפנעמען דעם קאָנגרעס־דעלעגאַט, ניט אָנגעבנדיק די אמתע סיבה — אַז ער וויל ניט קיין רעקלאַמע. אָבער די שטימע האָט ניט אָפּגעלאָזט, גרייט געווען אָנצונעמען יעדע צייט און יעדעס אָרט, וואָס איז גוט און פּאַסיק פאַר אים. ער האָט נאָכגעגעבן.

צום באַשטימטן טערמין, פּינקטלעך צו דער געניויער שעה, האָט אַ האַנט אָנגעקלאַפּט אין דער טיר מיר באַגילדעטע אותיות אויף דער מאַטער שויב פון סאַראַדס ביוראָ, און ס'האָט זיך אַריינגעשטעלט אַ הויכע, דאַרע פיגור, מיט פייערדיקע אויגן, און זיך פאָרגעשטעלט: „מיסטער שיין, פון אַרבעטס־פאַרזאָרגונג ביוראָ פאַר ניי־געקומענע, ביים יידישן קאָנגרעס" און טיף, אונטערטעניק זיך פאַרנויגט.

סעמיועל סאַראַד האָט שוין, פון קאָנגרעס, דאַנק־בריוו געוווסט פון דעם מיסטער שיין. דער לעבעדיקער מיסטער שיין איז געווען אַנדערש ווי דער, וואָס סאַראַד האָט זיך אויסגעמאָלן. פון דעם טעלעפאָן־געשפּרעך האָט ער געהאַט דעם איינדרוק, אַז מיסטער שיין איז אַ שוואַר־לייביקער,

אַ דאָמינירנדיקער מענטש. דאָ איז פאַר אים געשטאַנען אַ פאַרקערטע פיזיאָנאָמיע: דאַר ווי אַ לולב, און געבויגט זיך פאַר אים ווי אַ לולב.

„איר האָט געטאָן אַ גרויסע, ווירדיקע זאַך. געהאַנדלט מיט טאַקט און מענטשלעכקייט ביים געבן אַרבעט דעם יידן, ממש מתן־בסתר. זייער וויכטיק פאַר אים און פאַר אונדז. הלוואי וואָלטן מיר געהאַט אַ סך אַזעלכע, ווי איר, מיסטער סאַראַד". — האָט ער זיך ווידער פאַרנויגט און אָפּגעכאַפּט דעם אָטעם. סעמיועל סאַראַד האָט אים געבעטן זעצן זיך, אָנווייזנדיק אויף אַ שטול ווייט פון אים. ער האָט ניט פאַרטראָגן זיין בוקן זיך און ניט זיינע פייערדיקע אויגן, וואָס האָבן געפינקלט בעתן רעדן.

„איר האָט דעם יידן אַריינגעזעצט אַ נייע נשמה, אים צוריקגעגעבן זיין מענטשן־ווירדע, זיין זעלבסט־רעספּעקט. ער האָט זיך באַצייטנס אָפּגעזאָגט פון אונדזער שטיצע, נאָך איידער ער האָט געקראָגן זיין ערשטן לוין פון אייך. אַפילו צוגעזאָגט צוריקצוצאָלן צום קאָנגרעס זיין חוב. ניט ווי די אַנדערע שנאָרערס, וועמען מ'איז כסדר שולדיק, וויפל מ'טוט פאַר זיי איז ניט גענוג".

„ניט מיר קומט דער דאַנק" — האָט זיך סעמיועל אַרויסגעזאָגט ניט ווילנדיק. אָבער מיסטער שיין, וואָס האָט דאָס אָנגענומען פאַר סאַראַדס עניוות, וועלכער האַלט זיך ניט גרויס אַפילו מיט גרויסע, שיינע טאָטן — האָט ווידער גענומען אים לויבן און פאַרזיכערט, אַז ער וועט חלילה קיין חרטה ניט האָבן, ר' פישל וועט אים ניט אַנטוישן.

„דער קאָנגרעס איז שטאָלץ מיט אייער מענטשלעכער האַנדלונג און קוקט אויס אויף אייער ווייטערדיקער הילף פאַר דער שארית הפליטה אונדזערער. מיר אַלע אין קאָנגרעס דאַנקען אייך" — האָט מיסטער שיין ווידער זיך הכנעהדיק פאַרנויגט, דערלאַנגט סאַראַדן אַ ביינערדיקע האַנט און זיך געלאָזט צו דער טיר.

סעמיועל סאַראַד האָט פרייער אָפּגעאָטעמט, צוריקגעפאַלן אין זיין שטול, געטאַפּט זיך דעם שטערן און די שלייפן ווי ס'האָבן זיך נאָך געדרייט די איבערדריסיקע לויב־רייד און דאָס שימפן די אַנדערע פליטים, אַז זיי זענען שנאָרערס. זיינע שבחים פאַר פישלען האָבן אים דערמאָנט ר' יחיאלס איינלאַדונג צו קומען באַקענען זיך מיט דעם טשעקאַוון ייד. ער וועט זיי באַזוכן ביי דער נאָענטסטער געלעגנהייט.

„ער איז אַ גרויסער חונף, דער מיסטער שיין. ער קען אוודאי אויך גוט זידלען און שעלטן דעם, פון וועמען ער קען קיין נוצן ניט האָבן, אָדער טוט ניט ווי ער וויל. ער וועט זיך באַמיען מיט אים צו האָבן וואָס ווייניקער מחזוקות". זיין אינטואיציע, אַז דער חברהמאַן וועט אים שוין ניט אָפּלאָזן, האָט אים ניט גענאַרט.



ס'איז קיין גאַנצע וואָך ניט אַדורך זינט מיסטערס שיינס וויזיט ביי אים, און ביי זיין ביוראָ־טיר האָט געוואַרט אַן ערשטער פּרימאָרגן־באַזוכער, אַ ייד מיט אַ קיילעכדיק לבנת־פּנים, אַ ברייטע שיין־פּאַרקעמטע באָרד, וואָס האָט געשמייכלט צו אים פון אַלע פּנים־קנייטשן. דער ייד, אַ הויכער, ברייט־פּלייציקער, מיט אַ פּאָר מגושמדיקע הענט, וואָס האָבן ניט געוווּסט ווו זיך אַהינצוטאָן — פּאָר סאָראַדן איז געשטאַנען אַ ייד אַ גיבור. און נאָך איידער ער האָט געעפנט זיין ביוראָ, האָט דער ייד אים דערלאַנגט אַ צעטעלע אין אַ פאַרמאַכטן קאָנווערטל.

דאָס צעטעלע איז געווען געשריבן אויף אָפיציעל קאָנגרעס־פּאַפּיר, און אַחוץ דער דאַטע, האָט עס זיך אָנגעהויבן מיט לויב־ווערטער און מיט האָפענונג, אַז ער וועט אויך דעם ייד, ר' הלל צימרינג, געפינען פּאָר מעגלעך צו געבן זיין גרויסמוטיקע הילף.

ער האָט חשק געהאַט אָפּצוזאָגן, צוריקשיקן דעם ייד צו מיסטער שיין. אָבער דעם יידס אויגן האָבן געבעטן ניט פאַרשעמען זיין גבורה, זיינע שטאַרקע הענט, ניט לאָזן מער אַרומגיין פּוסט און פּאַס. אַלץ אין דעם יידן האָט געבעטן מ'זאָל אים ניט לאָזן אַרומגיין ליידיק. סאַראַד האָט אָנגעשריבן אונטער מיסטער שיינס נאָמען אַ פּאָר ווערטער צו ר' יחיאלן און געשיקט אים אין דער שמאַטע־פאַבריק.

אין דער שמאַטע־פאַבריק איז ר' הלל אָנגעקומען פּונקט דאַן, ווען ר' יחיאל האָט זיך געוואַשן צום עסן אָנבייסן. נאָכן אָפּזאָגן די ברכה איבער אַ כזית ברויט, האָט ר' יחיאל גענומען פון אים זיין צעטעלע, פאַראינטערעסירט זיך מיט דעם, וואָס דער באַלעבאָס האָט צוגעשריבן אין יידיש צו מיסטער שיינס ענגליש.

נאָכן פאַרשלינגען דעם כזית, האָט ר' יחיאל פאַרבעטן ר' הללן אויך זיך וואַשן און מיט אים עסן. ר' הלל האָט זיך געקווענקלט, כאָטש עסן האָט זיך אים געוואָלט, הונגעריק איז ער געווען, דאָך האָט ער געצעגערט, ניט פאַרגינענדיק זיך אַזוי פיל גוטס אין איין טאָג: קריגן אַרבעט צווישן אחינו בני ישראל, פרומע יידן, און באַלד נעמען עסן זייער ברויט, דאָס פּאַסט פאַר אַ זולל וסובא, ניט פאַר אַן ערלעכן יידן. ער האָט אָפּגעזאָגט. אָבער ווען אויך די אַנדערע יידן זענען צו אים צוגעשטאַנען, ער זאָל מיט זיי מיטהאַלטן, האָט ער מסכים געווען, געוואַשן זיך און גענומען ביי ר' יחיאלן אַ כזית ברויט פאַר אַ ברכה, איינגעטונקען אין זאַלץ און געגעסן. דאָס האָט אים געמאַכט היימיש, ר'האָט שוין אויך געטרונקען זייער טיי און דערציילט אַ ביסל פון זיין לעבן, ביז מ'האָט זיך געשטעלט אַרבעטן, אויך ער.

ר׳ יחיאל האָט פאַר אים מפרש געווען דעם שכל פון שמאַטע־סאָרטירונג אויף שעטנז, באַנוול און וואָל, יעדעס באַזונדער. אים אויפגעקלערט דעם אופן פון קלויבן די קאָלירן און מאָסן פון די שמאַטע־שטיקער, וואָס מ׳טוט מיט זיי און וווהין זיי גייען נאָכן אויססאָרטירן און אויסוואַשן, וואָס פאַר אַ נוצן זיי ברענגען שפּעטער.

ר׳ הללן האָט הנאה געטאָן דער שכל פון קלויבן און סאָרטירן אַלטע שמאַטעס און אויפסניי זיי נוצלעך מאַכן, וואָס אויך ער קען העלפן צוגרייטן די אַלטע שמאַטעס צו זייער נייעם נוצן. ר׳ הלל האָט געפילט זיך גוט און אין האַרצן, במחשבה, געדאַנקט דעם אויבערשטן, וואָס ער האָט אים געפירט אַהער, וווּ ער קען אַרבעטן ווי אַ ייד צווישן יידן. ווען ניט די אומריינע שמאַטעס, וואָס ער האָט אין האַנט געהאַלטן, וואָלט ער איצט אָפּגעגעבן אַ שבח דעם רבש״ע און געזאָגט אויפן קול אַ קאַפּיטל תהילים.

איצט זענען, אַ חוץ פּישל האָרן, הלל צימרינג און מיסטער שיין פון קאָנגרעס, אויך אַנדערע געווען צופרידן מיטן צוריק איינגעשטעלטן נאַרמאַלן ריטעם אין דער סאַראַד אימפּעריע, מיטן קענען צוקומען צו אים אַליין.

ער אַליין וואָלט שוין איצט געקאָנט האָבן אַ ביסל מנוחה: ראָזעלי איז געווען פאַרהייראַט צו טעדין, וואָס האָט זי ליב געהאַט מיט זיין פּשוטער, ניט באַמבאַסטישער ליבע. דאָס ווייב, ניט האָבנדיק מער דורך ווענען אים צו טריצן און נאָגן, שלאָגן אים מיט ראָזעלין, האָט אָנגעהויבן ווייזן סימנים פון קומען צוריק צו זיך. בען האָט געהאַלטן ביים ענדיקן די האַנדלסשולע און קריגן זיין דיפּלאָם, וואָס וועט עפּנטלעך באַקאַנט ווערן, אַז ער איז אַ געלערנטער, אַן אויסשטודירטער.

וואָלט ער דאָך באמת געקענט מאַכן אַ שטיקל מענטשלעכן סך־הכל פון זיין ביז־איצטיקער מי און אָנשטרענגונג. האָט אים פונדאָסניי צעטרייסלט דאָס אָנקומען טאָג־טעגלעך די נייעסן פון דעם שרעקלעכן יידישן חורבן, וועגן דעם שוידערלעכן אומקום פון אייראָפּעאישן יידנטום, וואָס האָט אים פאַריתומט נאָך זיין פאַמיליע, זיין גרויסער משפּחה, פאַר אַן אבל געמאַכט נאָך אַ גאַנץ פאָלק! און די אבלות האָט זיך אין אים באַזעצט, אים באַטריבט. דער אומעט און טרויער איז געוואַקסן מיט יעדער נייער שוידערלעכקייט, צעשטערט זיין גלייכגעוויכט ביי טאָג און גערויבט דעם שלאָף אין די נעכט.

אַפּאַטיע, פּעסימיסטישע געדאַנקען האָבן גענומען עקבערן אים אין מוח. אַ פיינטשאַפט איז אין אים אויפגעגאַנגען צו דער אייראָפּעאישער פאַרדאָרבענער און דעגענערירטער ציוויליזאַציע און צו אַלע די, וואָס

האָבן צוגעזען די שחיטה פון אַ פאָלק און געשוויגן! און צום דייטשן מערדער־פאָלק און זייערע העלפער האָט אין אים אויפגעפלאַמט אַ האַס, ניט צום איינשטילן. פּאַרמיאוסט איז אים געוואָרן די וועלט, וואָס ווייסט שוין דעם שוידערלעכן אמת וועגן דייטשלאַנדס אומברענגען דאָס יידישע פאָלק, און זי שווייגט! קיינער איז ניט אין טרויער נאָך דעם פאַרשניטענעם פאָלק. מ׳טוט זיך ניט אָן קיין זעק מיט אַש אויף די קעפּ. קיינער פאַרגראָט ניט זיינע טעג מיטן אַש פון די פאַרברענטע. אַפילו ברידער און שוועסטער, זין און טעכטער, טאַטעס און מאַמעס — די קינדער פון דעם פאַרניכטעטן פאָלק טוען ניט אויס זייערע שיך, זעצן זיך ניט אין קיין שטורמישער שבעה, קיינער קלאָגט ניט אויף דעם נייעם חורבן. — די געדאַנקען, ווי אַ יתוש אין מוח, האָבן אים רוען ניט געלאָזט. ער איז פאַרזונקען אין טרויער.



דער צווייטער ניט־צופרידענער מיט זיך און מיט אַנדערע, ספּעציעל אומצופרידן מיט זיין פאָטער, איז געווען בען. ער האָט ניט געקאָנט פאַרשטיין דעם פאָטערס עקשנות, אַז ער מוז וואַרטן אויף דעם דיפּלאָם, וואָס וועט אים ממילא קיין פּראַקטישן נוצן ניט ברענגען. ער האָט זיך שוין געפילט גרייט און בכוח, אָן דעם דיפּלאָם, מיט זיין וויסן וואָס ער האָט דערוואָרבן אין דער האַנדלסשולע ביז איצט, און וואָס ער האָט פּראַקטיש געלערנט אין די פאַבריקן — איבערצונעמען יעדן טייל פון פאָטערס אונטערנעמונג און פירן ניט ערגער פון פאָטער. וואָזשע דאַרף ער זיך מאַטערן צו קריגן דעם דיפּלאָם? דעם תמצית פון דער האַנדלס־שולעס לערע באַזיצט ער, צו וואָס מוז ער זיך ברעכן דעם קאָפּ ביי די עקזאַמענס?

וואָס מער ער האָט געטראַכט וועגן דעם, אַלץ מער האָט ער פאַרלוירן דעם חשק צו גרייטן זיך צו די עקזאַמענס. מער פון אַלץ האָט אים פאַרדראָסן דעם פאָטערס פּובליקירן זיין אומפעאיקייט פאַרן שוואָגער זיינעם, פאַר טעדין, דעם ניי־געבאַקענעם מלחמה־דאָקטאָר, וועמען מ׳האָט בחפזון געמאַכט פאַר אַ דאָקטאָר, כדי אים צו שיקן אויף די שלאַכט־פעלדער. אָבער איידער ער איז געוואָרן דאָקטאָר איז דערוייל געוואָרן אויס מלחמה. ער האָט אַ דאָקטאָר־דיפּלאָם, אָבער קיין מעדיצינישע פּראַקטיק האָט ער ניט געמאַכט. וואָזשע גיט אים זיין דיפּלאָם? ער, כל זמן ס׳איז געווען גרינג דאָס שטודירן, האָט ער אָנגעהאַלטן דאָס גיין יעדן טאָג אין שולע. ווען די עקזאַמען־וואָכן זענען געוואָרן שווער, האָט ער בכלל אויפגעהערט גיין אין שולע. ווי נאָר די עקזאַמענס האָבן זיך געענדיקט, איז ער אַוועק צום פאָטער און פאַרלאַנגט ער זאָל האַלטן וואָרט. די עקזאַמענס זענען

שוין אַריבער, זאָל ער אים איבערגעבן די זאָקן־פאַבריק און די אַנדערע פאַבריקן אין דער סאַראַד־געביידע צו זיין אויפזיכט.

דער פאָטער האָט ניט חושד געווען, אַז דער זון נאַרט אים, נאַרט ביי אים אויס זיין צוטרוי. ער האָט ניט געוואָלט מער האָבן מיט אים קיין צוזאַמענשטויסן. זיין געמיט איז ניט געווען איצט פאַר קאַמפן און שטרייטן מיט קיינעם, ווייניקסטנס ניט מיט זיין אייגענעם זון.

איז ער מיט אים אַוועק צום הויפּט־בוכהאַלטער און איבערגעגעבן אים אין זיינע הענט, זאָגנדיק צו אים: „זע וואָס מ׳קען מאַכן מיט אים, מיט דעם דיפּלאָמירטן זון מיינעם. מאַך אים פאַר אַ לייט״. און צו בענען האָט ער געזאָגט: „טשאַרלס וועט דיך אַריינפירן אין די לאַבירינטן פון ביזנעס, ווייזן דיר אַלע אינטריגעס און נעצן, פאַר וועלכע אַ געשעפטסמאַן דאַרף זיך היטן. נעצן, וואָס זיינע קאָנקורענטן שפּרייטן פאַר אים אויס, ער זאָל אין זיי אַריינקריכן. לייג צו דעם קאָפּ און לערן״. ער האָט אים איבערגעלאָזט מיטן בוכהאַלטער אין דער האָפענונג, אַז בען וועט זיך אויסלייטישן און זיך צוהערן צום בוכהאַלטערס אָנווייזונגען.

בען האָט גאַנץ גוט געהערט וואָס מ׳רעדט צו אים, געהערט און געשוויגן. ער האָט זיך בכלל ניט איבערגענומען מיטן פאָטערס מיינונג וועגן אים און ניט מיט דעם בוכהאַלטערס אויגן־בליקן, וואָס האָבן אים באַטראַכט ווי עפּעס אַ בייז וווּנדער. איצט האָט ער געוואָלט נאָר זייער פּראַקטישן רוטין און זייער מיטהילף איינצופּעדעמען זיך אין דער אַרבעט, אַריינצוגיין אין טראַנס פון דער פאַבריקאַציע. שפּעטער וועלן זיי שוין זען וואָס ער קען...

פון איצט אָן איז ער געוואָרן בלויז געהער — געשוויגן און געהערט דעם הויפּט־בוכהאַלטער, אַלץ זיך אַריינגענומען גוט אין זיין זכרון, זיך אַפילו צוגעהערט צו די געהילפס־בוכהאַלטערן, אויב זיי האָבן אים געהאָט צו לערנען. ניט געווען קיין ווינקל פון האַנדל און פּראָדוקציע, ווו זיין אויג איז ניט געווען. באַלד האָט ער דערזען, אַז ס׳איז פאַראַן אַ סך וואָס אויסצובעסערן און ענדערן. זייער ווייניק פירט זיך דאָ לויט די כללים פון דער האַנדלסשולע.

נאָך ווייניקער זענען געווען צוגעפּאַסט די אַרבעט־סיסטעמען אין דער פאַרבעריי און אין דער שמאַטע־פאַבריק. דאָרט האָט זיך געפירט, ווי ר׳ יחיאל און דער גאַרבער האָבן איינגעפירט, אָן שטרענגער אַרבעטס־דיסציפּלין, אָן אויפזיכט אין פּינקטלעכן אָפּהיטן פון דער צייט. צייט איז געווען הפקר. אַרבעטן איז מען דאָ געקומען מיט השכמה, צום ערשטן דאַווען־מנין. אָדער ווען איינער איז פאַרטיק געוואָרן מיט זיין דאַוונען ביחידות ביי זיך אין הויז.

נאָכן אָפּאַרבעטן עטלעכע שעה, האָט מען זיך געוואַשן צו שאו ידיכם,

עפּעס איבערצובייסן, וואָס האָט געדויערט אַ האַלבע שעה. מיטאָג האָט מען געגעסן נאָכן דאַווענען מנחה. דער אַרבעטס־טאָג האָט זיך דאָ געענדיקט מיט דאַווענען מעריב, ווי דער לעצטער אַקט פון טאָג אַרבעט. בען האָט זיך געוווּנדערט, ווי אַזוי דער פאָטער און דער הויפּט־בוכהאַלטער האָבן דערלאָזט צו אַזאַ מין פּירעכץ.

בענען איז ניט געפעלן געוואָרן דאָס התנהגות פון קינדער־גאָרטן ביי די פאַבריקן, ווו מ'אַרבעט אַ ביסל און מ'רוט אַ ביסל, ווו עס באַלעבאַ־טעווען דער אַלטער ר' יחיאל, דער גאַרבער, און ניט דער פאָטער, אַפילו ניט דער הויפּט־בוכהאַלטער. דער געהילפס־בוכהאַלטער גייט מיט יעדער קלייניקייט פרעגן ביי ר' יחיאלן, אָדער ביים גאַרבער, אָבער ניט ביי אים. פון זיינע אָפטע וויזיטן האָט ער פעסטגעשטעלט, אַז זינט זיין אַרבעט דאָ זענען צוגעקומען אַרבעטער, אָבער די פּראָדוקציע איז געבליבן די זעלבע ווי אַמאָל.

ער האָט זיך די ניט־פּראַקטישע, געפערלעכע סיסטעמען אַריינגענומען גוט אין זכרון. „ער מוז דאָ מאַכן אַ ראַדיקאַלע ענדערונג", האָט ער געטראַכט. אָבער די ערשטע זאַך, וואָס ער האָט געטאָן דאָ, אויך אין דער זאָקן־פאַבריק, נאָכן איבערנעמען זי אונטער זיין אויפזיכט, איז געווען דאָס אַריינשטעלן אויך דאָ די אַרבעטס־זייגערס, וואָס האָבן אָנגעהויבן אויך ציילן די צייט אין די שמאַטע־ און פאַרבעריי־פאַבריקן. צייט זאָל דאָ מער ניט זיין הפקר. אַ חשבון פון דער צייט דאַרף זיין: ווען מ'קומט, ווען מ'גייט אַוועק, ווען מען מאַכט זיך מנחה־מעריב, און דער עיקר, ווען מ'גייט פרייטיק אין העריסעס מרחץ אַריין.

יעדער ייד פון דער פאַרבעריי און שמאַטע־פאַבריק האָט געקראָגן אַ קאַרטל, ווו ער האָט פאַרשריבן זיין נאָמען און אַדרעס אויף יידיש אָדער אויף ענגליש. דער אַרבעטס־זייגער האָט אויף דעם קאַרטל אָנגעַ־קלאַפּט די גענויע צייט, ווען ער איז געקומען אין דער פאַבריק אַריין און ווען ער איז פון איר אַרויס. נאָטירט די מיטאָג־שטונדן, די רו פון מיטאָג־צייט און די שעה פון צוריקשטעלן זיך אַרבעטן, פאַרצייכנט די צייט פון שטעלן זיך צו מנחה־מעריב און פון אויסגיין עלינו לשבח.

ר' פישל האַרן און ר' הלל צימרינג האָבן די קאַרטלעך אויסגעפילט אויף מאַמע־לשון, אויף יידיש. ר' יחיאל האָט עס אויסגעפילט אויף ענגליש, ער זאָל ניט מיינען, דער תכשיט גדול, דער בנאַק, אַז קיינער קען דאָ ניט קיין ענגליש נאָר ער, פון וועמען מ'הערט ניט אַ גאַנצן טאָג קיין יידיש וואָרט.

פאַרטיק געוואָרן מיטן איינפירן דעם זייגער, דעם צייט־קמצן, וואָס ציילט צו די יידן יעדע מינוט און יעדע רגע, האָט ער זיך גענומען צו די אָנבייסנס זייערע, אויפגעפּאַדערט די יידן זיי זאָלן קומען צו דער אַרבעט

געגעסענע, און ניט פריער, אויך ניט שפּעטער פון אַכט אַזייגער אינדערפרי. מיטאָג זאָלן זיי עסן, ווען די גאַנצע וועלט עסט מיטאָג, ניט ווען מ'דאַוונט שוין מנחה און מען גרייט זיך אַהיים צו גיין עסן וועטשערע. שלעכט איז אים געווען מיטן דאַוונען מנחה.

ר׳ יחיאל האָט אים שוין געלאָזט וויסן, און דווקא אויף ענגליש, אַז ס'זאָל אים אַפילו ניט איינפאַלן זיך צורירן צו זייער מנחה דאַוונען, זיי חלילה שטערן אין זייער אוראַלטן מנהג פון דאַוונען מנחה אין דער צייט. אַלע אַנדערע גזירות האָבן זיי, צוליבן מנחה דאַוונען, אָנגענומען באהבה, דאָס מנחה דאַוונען וועלן זיי אָבער בשום אופן ניט אויפגעבן, זיי זאָלן אַפילו פאַרלירן די אַרבעט. אויך פרייטיק וועלן זיי ניט אַרבעטן ביז ליכט־צינדן, נאָר ווי ביז אַהער — ביז צוויי דעם זייגער, זיי זאָלן חלילה ניט מחלל שבת זיין. „צוליב אָט די צוויי זאַכן וועלן די יידן דאָ הונגערן, שטרייקן, אויך קעמפן, אויב מ'וועט דאַרפן", — האָט ר׳ יחיאל אים געלאָזט וויסן, אויף ענגליש, ער זאָל עס גוט פאַרשטיין. — „מעגסט עס זאָגן דעם טאַטן, אָדער איך וועל אים אַליין דאָס זאָגן", — האָט ער אים צוגעלייגט אַ פלאַסטער. און בעת האָט די צוויי מנהגים ניט געטשעפּעט, דערווייל זיי צורו געלאָזט. אָבער פאַרגעסן האָט ער ניט, אַז זיי האָבן אים געשטערט זיין רו און זיינע פּלענער. דער ענין איז דערגאַנגען צום פאָטער, ער איז מיט זיי צוזאַמען אַוועק צו אים.

קודם כל האָט ער אים איבערגעגעבן, אַז טראַץ דער גרעסערער צאָל אַרבעטער, גיבן די פאַבריקן ניט אַרויס מער אַרבעט. דאָס מיינט, אַז די זעלבע אַרבעט קאָסט היינט טייערער, ווי זי האָט געקאָסט אַמאָל, און די פאַבריקן לייגן ממש צו געלט. באַקלאָגט האָט ער זיך, אַז די פאַבריקן זענען ניט קיין פאַבריקן, נאָר אַ בית־המדרש, וווּ מ'האַלט אין איין לערנען תורה, זאָגן תהילים אויף אויסנווייניק, מ'דערציילט זיך חסידישע מעשהס און רבישע תורהס, מ'ויכוחט גאַנצע טעג איבער צדיקישע ווערטלעך. וואָס פאַר אַ ווערט קען שוין האָבן אַזאַ מין אַרבעט ?

ער האָט פאַרמסרט ר׳ יחיאלן און דעם גאַרבער, אַז זיי טוען אין די פאַבריקן וואָס זיי געפעלט. לעצטנס האָבן זיי צוגענומען צוויי פרישע יידן, און די פּראָדוקציע איז די זעלבע וואָס פריער. מ'לייגט דאָך צו געלט. וועגן זיין פּלאַן אָפּצושאַפן דאָס דאַוונען מנחה און די קורצע פרייטיקן האָט ער ניט פאַרציילט דעם פאָטער. ער האָט פריער געוואָלט באַקומען פון אים די דערלויבעניש צו מאַכן דאָרט אָרדענונג — צו העמען די פאַרטייערונג פון דער פאַבריקאַציע, פאַרגרעסערן די פּראָדוקציע, אָפּשאַפן דעם באַלאַגאַן דאָרט.

דער פאָטער האָט אים אויסגעהערט, געפילט, אַז לויטן שטאַנדפּונקט פון זיין האַנדלסשולע איז ער גערעכט. אויך ער האָט שוין ניט איינמאָל

געטראַכט וועגן דעם, אַז עס פאַרגרעסערט זיך דאָרט די צאָל אַרבעטער און אַ פאַרגרעסערונג פון דער פּראָדוקציע. אָבער ער האָט עפּעס מורא אָנצוהויבן מיטן איינשטעלן אַ גוטן באַלאַנס, ער זאָל שפּעטער ניט קאַליע ווערן. און ער האָט עס געלאָזט לויפן, געלאָזט גיין ווי געווען.

„באַגנוגן זיך מיט דעם, וואָס האָסט שוין דאָרט איינגעפירט. האָסט אַריינגעשטעלט די זייגערס, האָסט אָפּגעשאַפט די אָנבייסנס, מיטאָג עסט מען שוין דאָרט ווי אין אַלע פאַבריקן. זאָל דערווייל זיין גענוג. זיי אַ שמח בחלקו, פריי זיך מיט דעם חלק, וואָס האָסט שוין דאָרט אָפּגעטאָן. ווילסט מער פּראָדוקציע, קויף מער שמאַטעס און שיק אַהין, וועלן זיי אַרויסגעבן מער אַרבעט״, — האָט דער פאָטער אים געעצהט.

„ווי קענען זיי אַרויסגעבן מער אַרבעט, אַז זיי האָבן נאָר אין זינען זייערע תורה־מעשהס, זייער מנחה דאַווגען און פּרייטיק צו אַרבעטן בלויז האַלבע טעג״ — האָט בען פאַרקלאָגט נאָך זייערס אַ זינד.

„זיי אַרבעטן דאָך אָפּ פאַר די פרייטיקס און די מנחהס. וואָזשע האָסטו היזק, אַז זיי אַרבעטן פרייטיק בלויז ביז מיטאָג, וואָס אַרט דאָס אונדז ?״

„ניט דאָס אָפּאַרבעטן אָדער דאָס דאַווגען דערצידירן, ס'איז דער האַנדל־ און אינדוסטריע־פּרינציפּ, וואָס עס דאַרף אָפּגעהיטן ווערן אין אַ פאַבריק, אויב מ'וויל, אַז די פאַבריק זאָל דערפאָלגרייך פונקציאָנירן, האָבן פּראָפיטן״. — בען האָט ממשיך געווען און אַנגעוויזן, אַז אַט די ביז־איצטיקע פאַבריקס־פּרינציפּן זענען אים לגמרי פרעמד. — „כ'בין גאָר ניט אַזוי זיכער, אַז זיי אַרבעטן אָפּ״, — האָט ער צוגעגעבן.

„נו, ניט אַלעמאָל לאָזן זיך פּרינציפּן אַדורכפירן מיט גענויקייט. די פאַבריקן זענען ביז היינט ניט אונטערגעגאַנגען, ניט באַנקראָטירט צוליב די מנחהס און די קורצע פרייטיקס, וועלן זיי אויך ווייטער ניט אונטערגיין. כ'בין זיכער, אַז זיי אַרבעטן אָפּ וואָס זיי פעלן״.

„כ'ווייס ניט, כ'האָב ניט געציילט. פאַר די פרייטיקס אַליין בלייבן זיי שולדיק שעהן און שעהן״ — האָט זיך בען געעקשנט.

„צייל זשע און זע. האָסט דאָך די צייל־מאַשין, די קאַרטלעך. אפשר גלויבסטו זיי אויך ניט ?״, — האָט דער פאָטער געפרעגט. בען האָט דערפילט דעם פאָטערס שטאָך.

אַוועקגייענדיק פון פאָטער, אָן צו האָבן געפועלט עפּעס ביי אים, האָט בען ביי זיך אָפּגעמאַכט, אַז מער וועט ער וועגן די פאַבריקן ניט גיין צו אים. פון איצט אָן וועט ער פאַרטאָפּלען זיי די אַרבעט. ער וועט אויפקויפן, ווי דער פאָטער האָט געהייסן, ווו נאָר אַ ביסל שמאַטעס, עס צושיקן צו זיי, און זאָלן זיי זיך באַקלאָגן אויף אים, אַז ער באַשווערט זיי מיט אַ סך אַרבעט.

אַן דעם פּאַטערס גוטהייסן, אָן דעם הויפּט־בוכהאַלטערס וויסן, אָן זייער צושטימונג — אויף אייגענער אחריות, האָט ער באַשטעלט ביי די שמאַטע־הענדלער אַלע קוואַנטומס שמאַטעס, וואָס זיי האָבן און וועלן האָבן, געשלאָסן מיט זיי קאָנטראַקטן צו זיין דער איינציקער אָפּנעמער פון זייערע שמאַטעס, און געהייסן צושיקן גלייך צו די שמאַטע־סאָרטירער. די שמאַטע־פאַבריק אויך די וואַשעריי, זענען פאַרפלייצט געוואָרן מיט שמאַטעס.

ר׳ יחיאל האָט פאַרשטאַנען פון וואַנען ס׳נעמט זיך פּלוצים די שמאַטע־פאַרפלייצונג און פאַרוואָס. ער האָט חושד געווען, אַז דאָס איז די אַרבעט פון דעם נייעם מושל, פון בענען. אָבער כדי צו זיין זיכער, האָט ער געפרעגט ביים הויפּט־בוכהאַלטער, יענער האָט זיין חשד באַרעכטיקט. האָט ער זיין חשד איבערגעגעבן דעם גאַרבער און די אַנדערע יידן, און אַלע האָבן מסכים געווען, אַז מ׳דאַרף אַרבעטן אַ ביסל שווערער, צוליב די מנחהס און די פּרייטיקס, ווי אויך צוליבן פּאַטער. דער שנעק דערגייט אוודאי דעם טאַטן די יאָרן צוליב זיי, שטעלט אים אוודאי אין אַ נסיון.

אָבער מיד געוואָרן סוף כל סוף זענען זיי, ניט בען. ער איז גאָר ניט מיד געוואָרן פון קויפן שמאַטעס און צו שיקן זיי צו דער שמאַטע־פאַבריק און וועשעריי. יעדעס ווינקל אין די פאַבריקן און אין די הויפן איז פול געווען מיט בערג שמאַטעס, וואָס האָבן געוואַרט מ׳זאָל זיי סאָרטירן, איבערקלויבן, וואַשן, פּאַקן און זיי צעשיקן ווהין מ׳וויל זיי און מ׳דאַרף זיי.

בען האָט געהאַלטן אין איין פאָדערן מער, כסדר געקומען אין די פאַבריקן מיט טענות, אַז מ׳גיט ניט אַרויס גענוג אַרבעט, מ׳קלויבט ניט איבער גענוג שנעל, מ׳וואַשט ניט צו דער צייט, כדי אויספּילן די באַשטעלונגען צום טערמין. דערפאַר וועט די פאַבריק פאַרלירן קונים, זיך מוזן פאַרמאַכן, חלילה.

אַז די פּרייטיקן האָבן אָנגעהויבן לענגער ווערן, האָבן די יידן זיך אליין צוגעלייגט אַ שעה אַרבעט, אויך מעריב האָט מען געדאַוונט אַ ביסל שפּעטער, אַבי צו פאַרשטופּן בענען ס׳מויל. אָבער בען האָט זיך ניט געלאָזן אָנזעטיקן, ער איז אַלץ מער הונגעריק געוואָרן נאָך אַרבעט. ווי אַ הונט האָט ער געהיטן די שמאַטע־ און פאַרבעריי־פאַבריקן, דאָרט געטאָגט און גענעכטיקט. ער פלעגט אַריינפאַלן אין מיטן טאָג דאָרט אויף אומגעריכטע וויזיטן, מכלומרשט עפּעס פרעגן ביי ר׳ יחיאלן, ביים געהילפס־בוכהאַלטער, אָדער סתם אַריינגעפאַלן אונטעריאָגן זיי, אונטערטרייבן דאָס אַרויסשיקן די אויסגעפּאַרטיקטע סחורה.

ר׳ יחיאל האָט געהאַט אַ סך סבלנות און געדולד. ניט אַזוי דער גאַרבער. ער האָט געריסן זיך גיין צו סעמיועל סאַראַד און דערציילן אים, וואָס פאַר אַ צרות דער בנאַק, דער תכשיט זיינער, טוט אָן די צוויי פאַבריקן. און ר׳ פישל האָרן האָט געהאַלטן מיט אים, געוואָלט מיטגיין און עדות זאָגן, אַז ס׳איז אמת.

ר׳ יחיאל האָט געאַרבעט שווער זיי צוריקצוהאַלטן פון גיין פאַרמסרן דעם זון פאַרן טאַטן. ער האָט זיי געגעבן צו פאַרשטיין: ערשטנס, זענען די שמאַטעס זיך עלול אויסצולאָזן און ווערן ווייניקער, ווייל זיי סאָרטירן שנעלער. צווייטנס, איז בען זיין זון, און גיין פאַרקלאָגן אַ זון פאַרן טאַטן איז ניט שיין. דער טאַטע קען אַמאָל געצווונגען ווערן צו האַלטן מיטן זון בעל כורחו. איז, לפי דעתו, גלייכער צוּוואַרטן אַ ביסל, ביז די שמאַטעס וועלן ווייניקער ווערן. און כך הוה, די שמאַטעס האָבן אָנגעהויבן ווערן ווייניקער, אָנגעהויבן זיך אויסלאָזן.

אָבער בען איז ביי זיך ניט אַראָפּגעפאַלן, זיינע אינטריגעס קעגן די יידן האָבן ניט אויפגעהערט. ווען ס׳האָבן אָנגעהויבן אויספעלן שמאַטעס, כדי צו פייניקן די יידן אין די פאַבריקן, אַרויסצויאָגן פון זיי די כוחות, האָט ער פאַרטראַכט אַ פּלאַן צו מאַכן פון זיי אויס וועכנטלעך־געצאָלטע און זיי צאָלן לויט די אַרבעס־שעהן, מאַכן פון זיי שטונדן־אַרבעטער. ער האָט צערעכנט די היינטיקע אַרבעטס־צייט אין פאַרגלייך מיט די אַמאָליקע פולע אַרבעטס־טעג, ווען ס׳איז געווען בערג מיט שמאַטעס צו באַאַרבעטן, און געגרייט זיך זיי צאָלן היינט, ווען ס׳איז דאָ ווייניקער אַרבעט, לויט דער פּראָפּאָרץ פון יענער צייט, און מיט דעם פּלאַן געגאַנגען צום טאַטן.

דער פאָטער האָט אים אויסגעהערט, הנאה געהאַט פון זיין טיכטיקייט, אָבער ס׳האָט אים פאַרדראָסן, וואָס ער האָט זיך פאַרלייגט אויף די צוויי פאַבריקן און ער דערגייט זיי די יאָרן, נאָר ער קלאָגט זיך אויף די יידן דאָרט.

„בייע איינפירעכצן נעמען זיך אָן שווער. מ׳דאַרף דאָס גוט איבער־טראַכטן,, מ׳דאַרף אין אַכט נעמען אַ סך זאַכן, ניט איילן זיך איידער מ׳באַשליסט זיי איינצופירן. כ׳וועל דאָס איבעררעדן מיט טשאַרלסן״, — האָט ער אַרויפגעלייגט זיין אָרעם אויפן זונס אַקסל.

בען האָט זיך דערפילט ניט גוט פון דעם פאָטערס רייד, ניט באַקוועם אונטערן פאָטערס אָרעם. ס׳האָט זיך אים געדוכט, אַז דער פאָטער נעמט אים ניט ערנסט. ס׳איז אים געוואָרן זייער פּריקרע. ער וויל דעם פאָטער איינברענגען געלט, איינשטעלן אין די פאַבריקן אַ געזונטע אינדוסטריעלע דיסציפּלין, אָוועקשטעלן זיי אויף גוטע אַרבעטנדיקע יסודות, און דער פאָטער נעמט אים ניט ערנסט, רעדט אים גאָר אָפּ דערפון, הייסט אים וואַרטן ביז ער וועט איבעררעדן מיטן הויפּט־בוכהאַלטער. ער באַציט זיך צו אים, ווי צו אַ לערן־ייִנגל, ניט ווי צו אַ פאַרוואַלטער פון פאַבריקן, ניט ווי צו זיינס אַ פאַרטרעטער. ער האָט צו אים ווייניקער צוטרוי, ווי צום בוכהאַלטער. ער לערנט אים גיין ווי אַ פּיצל קינד, ניט ווי אַ געענדיקטער אין אַ האַנדלסשולע. דער פאַרדראָס צום פאָטער איז געוואַקסן, גע־שטאַרקט זיך.

ער האָט דעם פאָטער ניט געקענט פאַר קיין סענטימענטאַלן מענטשן, אָבער צו די צוויי פאַבריקן און צו זייערע יידן באַציט ער זיך ווי אַ פילאַנטראָפ. ער האָט לגמרי ניט אינזינען די עקאָנאָמיש־אינדוסטריעלע קאַלקולאַציעס פון פּראָדוקציע. דאָ פאַרלאָזט ער זיך אויף מזל און אויף די יידנס יושר, אויף סענטימענטן. ער רעכנט זיך גאָר ניט מיט קיין קאָמערציעלע געזעצן און נויטן פון די פּראָדוציר־קאָסטן.

דעם פאָטערס קעכלען די צוויי פאַבריקן און זייערע יידן דאָרט האָט ביי בענען אָנגעהויבן אויסזען ניט נאָרמאַל, ניט ווי ביי אַ פאַבריקאַנט מיט אַ געזונטן חוש. ער האָט דאָס אָנגענומען פאַר אַ ניט־געזונטע דערשיינונג, פאַר אַ סימן, אַז דער פאָטער איז ניט מיט אַלעמען. ס'איז זיין חוב דאָס צו ענדערן, פאַרריכטן און זען, אַז דער פאָטער זאָל מער ניט קאַליע מאַכן גאָרניט. אָט דעם חוב לייגט אויף אים אַרויף די גאַנצע משפחה, האָט ער געטראַכט.

אָבער דערווייל האָט ער אויך דאָס מאָל אָראָפּגעשלונגען זיין דורכפאַל ביים פאָטער און באַשלאָסן וואַרטן ביז ער וועט זיין דער באַלעבאָס, מיט זיין פולער קאָנטראָל. דערווייל אָפּלאָזן די שמאָטע־ און פאַרבערייי־פאַבריקן, זאָלן זיי זיך פירן ווי דער פאָטער וויל, ווי דער אַלטער יחיאל מיטן גאַרבער פירן דאָרט.

## קאַפּיטל 26

„איך האָב דאָך מער צייט פון אים...“ — האָט ער געטראַכט, ווען ער איז אַרויס פון פאָטערס ביוראָ. — „געדעכט ביז איך, און איך וועל אַדורכפירן אין די פאַבריקן אַלץ, וואָס ס'איז נויטיק. מיין געלעגנהייט וועט קומען!“ — האָט ער צו זיך גערעדט, אַרויסגייענדיק פון דער געביידע, און ניט באַמערקט סימאָרן אַריינגיין, ניט געוווּסט, אַז סימאָר ברענגט אים די געלעגנהייט, אויף וועלכער ער וואַרט.

סימאָר האָט די געלעגנהייט איצט געבראַכט פון קלינטאָן, פון דער מעקלינטאָק־פאַבריק — אַן אַלט־איינגעפונדעוועטע, גוט־פונקציאָנירנדיקע פאַבריק, וואָס האָט געאַרבעט לויט אַלע כללים פון אַ מאָדערנער, גוט־פאַרוואַלטעטער, פּראָפיט־געבנדיקער אינדוסטריעלער אונטערנעמונג. במשך די מלחמה־יאָרן האָט דאָרט אַלץ געאַרבעט מיט דערפאָלג לטובת דער רעגירונג, פאַרן מלחמה־פאַרזאָרגונגס־קאָמיטעט און פאַר אומגעווייגלעכע מלחמה־נויטן.

די אַרבעטער פון דער מעקלינטאָק־פאַבריק, ווי גוטע פאַטריאָטן,

האָבן געאַרבעט לאַנגע שעהן איבער זייער געוויינלעכער אַרבעט־נאָרמע, ניט געטראַכט פון שטרייקן, וועגן לוין־העכערונגען, פאַר ליב געגומען די מלחמה־ און פאַבריק־רעגולאַציעס, וואָס האָבן אַ סך מאָל באַליידיקט זייערע געפילן, געוואָרפן אַ שאָטן אויף זייער פּאַטריאָטיזם. זיי האָבן דאָס אָנגענומען, ווי מלחמה־צרות און זיג־ווייען — זייער צושטייער צום זיג איבערן שונא.

זיי האָבן זיך באַגנוגנט מיט דעם ביין, וואָס די מלחמה־שפע האָט אויך זיי צוגעוואָרפן, און געאַרבעט די איבער־שטונדן מיט חשק און צופרידנקייט. קיין איין אַרבעטער האָט זיך ניט אָפּגעזאָגט צו גיין צו נאַכט־אַרבעט.

און ביז די מלחמה האָט זיך ניט פאַרענדיקט, האָבן ניט די אַרבעטער און ניט זייערע פירער געטראַכט אַפילו פון פאַרלאַנגען גרעסערע חלקים פון די מלחמה־פּראָפיטן.

ווי נאָר די מלחמה האָט זיך פאַרענדיקט אויף ביידע פראָנטן, דעם אייראָפּעאישן און דעם אַזיאַטיש־יאַפּאַנישן, האָט די רעגירונג אָפּגעלאָזט איר קאָנטראָל, איר צוים. דעמאָלט זענען אויך די אַרבעטער פון דער מעקלינטאָק־פאַבריק פריי געוואָרן פון דער רעגירונגס־קאָנטראָל.

קיין מלחמה איז שוין מער ניט געווען. די אויסערלעכע שונאים, דייטשלאַנד און יאַפּאַן, זענען געווען באַזיגט, האָבן זיי זיך גענומען צו זייער אַלטן שונא — די מעקלינטאָק־פאַבריק, און צו איר נייעם באַלעבאָס. זיי האָבן ניט געוואָלט וויסן פון פּראָבלעמען און שוועריקייטן ביים איבערגיין פון מלחמה־פּראָדוקציע צו בירגערלעכער־ און פרידנס־פּראָדוקציע, און אין דער מעקלינטאָק־פאַבריק האָבן זיך באַנייט די פאַר־מלחמהדיקע צרות און טענות.

די אַרבעטער האָבן פאַרגעסן די מעקלינטאָק־שוועסטערן, די צוויי פאַרזעסענע מוידן, זייערע שטייערן־שטרייטן מיט דער רעגירונג, וואָס האָט גורם געווען דאָס פאַרמאַכן די פאַבריק נאָך ווייט פאַר דער מלחמה, און דערפירט דאָס שטעטל צו באַנקראָט. געווען איז דאָס סעמיועל סאָראָד, וואָס האָט די פאַבריק צוריק געעפנט. אָבער ווי נאָר ס'איז געוואָרן שלום, האָבן זיי צוריק אַרויפגעבראַנגט זייער אַלטן שטרייט מיט דער פאַבריק — נייע טענות, נייע פאָדערונגען.

סימאָר איז געקומען מיט די פאָדערונגען צום הויפּט־בוכהאַלטער, דער אָנפירער פון די סאָראָד־אונטערנעמונגען, און יענער האָט אים אָפּגעשיקט צום באַלעבאָס פונקט דאַן, ווען בען איז דאָרט געווען מיט זיין פּלאַן פון אַדורכפירן ענדערונגען אין די שמאַטע־ און פאַרבעריי־פאַבריקן. דער הויפּט־בוכהאַלטער האָט צוגעזאָגט סימאָרן באַלד אַריבער צו קומען, ווי נאָר ער וועט זיך אָפּפאַרטיקן מיט אַנדערע וויכטיקע פראַגן. דערווייל

זאָל ער באַקענען דעם באַלעבאָס מיט די פּאָדערונגען, מיט דער סיטואַציע אין דער מעקלינטאָק־פאַבריק.



סעמיועל סאַראַד איז איצט ניט געווען אין קיין שטימונג צו פירן קאַמפן, אַפילו גערעכטע קאַמפן. דער גרויליקער אמת וועגן דער יידישער פאַרניכטונג אין אייראָפּע, די חיהשע אומוואַנדלונג פון דעם דייטשן פאָלק אין אַ פאָלק פון בלוט־דורשטיקע חיות, האָט דערדריקט זיין געמיט, און ער האָט געפילט ווי אַ נשמה־נויטוועגדיקייט צו אַנטלויפן פון די פאַבריקס־ענינים. ער איז ניט געווען גרייט זיך צו דינגען מיט וועמען ניט איז, איבער נישטיקע גראָשנס, און ער האָט פאַרגעלייגט דורכצוקומען מיט די אַרבעטער, און אַז בען זאָל אים פאַרטרעטן ביי די אונטערהאַנדלונגען.

סימאָר איז געווען אין באַלעבאָס מיינונג, אַז מען דאַרף דורכקומען. דער הויפּט־בוכהאַלטער האָט אָבער געוווּסט, אַז ווען סאַראַד וואָלט זיך געפונען אין זיין געוויינלעכער שטימונג, וואָלט ער איצט אַזוי שנעל ניט געהייסן נאָכגעבן אין דעם איבערגאַנגס־פּעריאָד, ווי דער איצטיקער, איידער מען מאַכט די יסודותדיקע ענדערונגען. דאָס איבערגיין פון מלחמה־פּראָדוקציע צו פרידנס־פּראָדוקציע, איז ניט די צייט פון העכערן שכירות, צו מאַכן ענדערונגען. בען האָט מיט אים מסכים געווען.

ער וואָלט זיכער, ווי זיי, אויסגערעכנט, אַז דאָס העכערן די פּראָ־דוקציע־קאָסטן וועט ברענגען צום שטייגן פון די פּרייזן; אַז פון איצט אָן וועט זיך אויסווירקן פונקט פאַרקערט — די גאַנצע פּראָדוקציע וועט גיין פאַרן אינערלעכן מאַרק, און דער אַנבאָט וועט זיין גרעסער פון דער נאָכפראַגע, וואָס וועט פאַרביליקערן זייערע אויסאַרבעטונגען.

„און ס'וועט זיך צוריק אָנהויבן די קאָנקורענץ" — האָט בען צוגעגעבן צום בוכהאַלטערס גערעכטער טענה.

סעמיועל סאַראַד האָט געוווּסט, אַז זיי זענען גערעכט. אָבער, ווי געזאָגט, האָט אויף זיין געמיט שווער געדריקט דער אומקום פון זיין אייגענער גרויסער משפחה, און די חרפה פון זיין אַ מיטמענטש אַ מיטצייטלער אין אַ הפקר־וועלט, וואָס האָט רואיק צוגעזען, ווי די ווילדע חיה פאַרציקט דאָס יידישע פאָלק און געשוויגן, ממש געגלעט איר איבערן קאָפּ פאַר אירע „מעשים טובים", ביז זי האָט זיך אויף פאַרמאָסטן די גלעטנדיקע האַנט צו פאַרציקן — חרוב מאַכן די וועלט.

ער האָט דעריבער קיין ווילן ניט געהאַט צו טרעפן זיך מיט די, וואָס וואָלטן זיך צוגעקוקט צו דעם טראַגישן „שפּיל" און געשוויגן, אפשר אויך צוגעלייגט אַ האַנט צום ברענען יידן און יידישע סינאַגאָגעס.

די מלחמה־קאָמיסיעס, צו וועלכע ער האָט געהערט, זענען נאָך ניט געווען פונאַנדערגעלאָזט, אָבער זיי האָבן מער ניט פונקציאָנירט. ער איז געווען צופרידן, וואָס ער דאַרף זיך איצט מער ניט טרעפן מיט די פּיטערס, די אָפענע און באַהאַלטענע אַנטיסעמיטן, וואָס האָבן, מכלומרשט צוליב שלום וועגן, ניט רעאַגירט, פאַרשוויגן די באַליידיקנדיקע אָנצוהערענישן פון די פּיטערס און זייערס גלייכן.

אַלץ איז אים איצט געווען דערווידער — דאָס טרעפן זיך מיט מענטשן, אַפילו יידן, נאָך מער מיט ניט־יידן. ער האָט זיך געשעמט זיי אין די אויגן צו קוקן, און מורא געהאַט ער זאָל ניט פּלוצים אויסשרייען זיין צער און ווייטיק. פּוילישע פּאָגראָמשטשיקעס האָט ער צוריקגעשלאָגן. דאָ וואָלט ער די פאַלשע רחמנות־בליקן מיט שפּאָט צוריקגעוויזן, צוריק־געוואָרפן זיי דעם ליגן אין זייער פּרצוף אַריין.

איז ער איצט זייער צופרידן געווען, וואָס בענען ציט עס צו פּירערשאַפט, צו אַקציע, וויל ווייזן וואָס ער קען. ער האָט שוין טאַקע געטראַכט, אַז ס'איז געקומען די צייט פון געבן בענען די געלעגנהייט צו צעשפּרייטן זיינע פליגל, לאָזן אים ווייזן ווי ווייט און ווי הויך ער קען אַ פלי טאָן — ווי אַזוי ער וועט זיך אָן עצה געבן מיט דער אָנפירערשאַפט.

ער האָט דעריבער פאָרגעשלאָגן דעם הויפּט־בוכהאַלטער, ער זאָל מיט־נעמען בענען קיין קלינטאָן, אים געבן די מעגלעכקייט צו העלפן דאָרט שליכטן דעם סכסוך, אויספּרווון זיינע קאָמערציעלע קענטעניש, און פאַרגעסן די יידן פון די שמאַטע־ און פאַרבעריי־פאַבריקן.

בען איז געווען אין זיבעטן הימל פון דעם צוגעטיילטן צוטרוי מצד זיין פאָטער, פון דער אויפגאַבע, וואָס ער האָט אויף אים אַרויפגעלייגט, און געגרייט זיך ווייזן, אַז ער פאַרשטייט די פּראָבלעמען פון פאַבריקאַציע — צי דאָס איז די מעקלינטאָק־פאַבריק, אָדער די פאַרבעריי־ און שמאַטע־פאַבריקן — ניט ערגער פון אים, אפשר טאַקע בעסער.

ער האָט זיך געגרייט געבן זיי אַלע אַ לעקציע, דעם טאַטן און די אַרבעטער פון דער מעקלינטאָק־פאַבריק, וואָס ווייסן אפשר ניט, אָדער זיי ווילן ניט וויסן, אַז די קאָנקורענץ־פעאיקייט פון אַ פאַבריק איז איןביידנס אינטערעסן, מער דעם אַרבעטערס ווי דעם באַלעבאָס.

אָבער די אַרבעטער אין דער מעקלינטאָק־פאַבריק האָבן זיין לעקציע, וועגן די פאַבריקס־שוועריקייטן אין איר איבערגאַנגס־צייט, ניט פאַר־שטאַנען. זייער רעאַקציע איז געווען — אויף צומאַרגנס נאָך זיין רעדע זענען זיי מער ניט געקומען צו דער אַרבעט, און די פאַבריק האָט זיך אָפּגעשטעלט.

די פייערן אונטער די קעסלען האָבן זיך אויסגעלאָשן, די פאַבריק איז דערגאַנגען צו יציאת־נשמה — און קלינטאָן איז ווידער שטיל געוואָרן,

געננוי ווי דאָן, ווען די אַלטע מוידן האָבן, ערגעץ פון אויסלאַנד, באַפוילן צו פאַרמאַכן די פאַבריק ביז די רעגירונג וועט זיי נאָכגעבן און לייכטער מאַכן זייערע שטייערן.

די קוימענס האָבן ניט גערויכערט מער, די סירענעס האָבן מער ניט גערופן צו דער אַרבעט, דאָס שטעטל איז אַריינגעפאַלן אין אַ לעטאַרגישן שלאָף, צוריק פויל געוואָרן, אַריין אין איר אַמאָליקן פלעגמאַטישן גאַנג. צייט־ און נאַטור־דערשיינונגען זענען נאָכלעסיק געפלאָסן צוזאַמען אין קלינטאָן.

דער פאַבריקס־קוימען איז געשטאַנען אַ טויעריקער און פאַרקלאָגט מיט זיין פאַרקאָפּטשעטן פינגער־נאָגל ביזן הימל אַריין, געוואָרנט דאָס שטעטל, אַז ניט דאָס איז דער ריכטיקער לעבנס־שטייגער. די נאַכט־וועכטער צוזאַמען מיט דער פּאָליציי האָבן געהיטן דאָס שטעטל פון שקאַצישע אַרויסטריטן, ווייל אַ געמורמל האָט זיך פאַרשפּרייט, אַז דער נייער באַלעבאָס, דער ייד, עקשנט זיך, וויל ניט נאָכגעבן, וויל אָפּטויטן דעם נאָרמאַלן לעבנס־שטייגער פון שטעטל.

סימאָר האָט פאַרלאָזט די פאַבריק אין קלינטאָן, צוריק זיך נוצלעך געמאַכט אין די אַנדערע סאַראַד־פאַבריקן, צו פאַרדינען דאָרט זיין לוין. ער האָט דערווייל פאַרטראַטן אין דער זאָקן־פבריק דעם געהילפס־בוכ־האַלטער, ביז ער וועט צוריקקומען פון זיין וואַקאַציע־אורלויב. דורך דער צייט וועט אפשר קומען אַן ענדערונג אינעם שטרייק.

די ערשטע וואָך פונעם שטרייק האָט סעמיועל סאַראַד זיך ניט געוואָלט מישן. ער האָט געוווּסט, אַז ס׳איז פאַראַן אויף וועמען זיך צו פאַרלאָזן. ווען דער שטרייק איז אָבער אַריין אין זיין צווייטער וואָך, איז סימאָר דאָן געקומען צו אים און געוואָלט וויסן וואָס ווייטער צו טאָן.

„מ׳דאַרף אַדורכקומען, אָנהויבן אונטערהאַנדלען" — האָט ער געעצהט, ווי עפּעס אַ זייטיקער מענטש.

סימאָר איז געווען גרייט צו פאָלגן און צוריקפאָרן אין קלינטאָן צו זען, וואָס ס׳איז פאַראַן צו טאָן צום פאַרענדיקן דעם שטרייק. אָבער בען און דער בוכהאַלטער זענען געווען קעגן. זיי האָבן געוואָלט אָפּוואַרטן און זען, וואָס די צייט וועט ברענגען.

„אונטערהאַנדלען וועט מען קיינמאָל ניט פאַרשפּעטיקן, און נאָכגעבן קען מען אַלע מאָל, אָבער זוכן אַ באַגעגעניש איצט, אויף דער צווייטער וואָך שוין, איז לכל הדעות ניט גוט, ניט אויף להבא און אויך ניט איצט. זיי וועלן איצט ניט נאָכגעבן, זיי וועלן פאָדערן אַלץ וואָס מ׳האָט זיי איינגערעדט, אַז זיי קענען קריגן" — האָט בען געטענהט, און דער בוכ־האַלטער האָט מיט אים מסכים געווען.

„ס׳איז אמת — האָט אויך סימאָר מיט זיי מסכים געווען. — ס׳איז

שוין אין די לעצטע טעג ניט מעגלעך געווען פון זיי אויסצוהאַלטן. די חוצפה איז געגאַנגען עד אין לשער״ — האָט ער זיך מודה געווען, אַז אויך ער האָט געהאַט צרות פון זיי.

סעמיועל סאַראַד האָט געלאָזט בענען באַשטיין אויף זיינס, ווען אויך סימאָר האָט מיט זיי איינגעשטימט. געשראָקן האָט אים די עווענטועלע חוצפה פון די אַרבעטער, ווען זיי וועלן דערגרייכן אַ פריען און גרינגן זיג. דערצו זענען זיי געווען אַראָגאַנט און פול מיט העזה — מ׳האָט זיי איינגערעדט, אַז די שטאָט וועט ניט דערלאָזן צו קיין שטרייק, אָדער דער באַלעבאָס וועט ניט וועלן קיין שטרייק.

„ביי אַ לייכטן זיג וועט אוממעגלעך זיין מיט זיי צוזאַמענצואַרבעטן״. — האָט סימאָר איצט אַרויסגעוויזן אַ ווידערווילן צוריק צו פאָרן קיין קלינטאָן, איידער דער שטרייק איז געשליכטעט.

נאָך דער דריטער וואָך פון שטרייק איז געקומען צו סעמיועל סאַראַד אַ דעלעגאַציע פון דער מעקלינטאָק־פאַבריק, אין די פערזאָנען פון סעקרעטאַר פון שטאָט־ראַט, אַ ראַטמאַן און דער גלח — אַלס בוררים צום אונטערהאַנדלען.

פאַר סעמיועל סאַראַד איז דאָס געקומען אומגעריכט. ס׳האָט זיך אים ניט געגלוסט צו פאַרנעמען זיך מיט זיי, צו דינגען זיך מיט זיי. ניט זיין געמיט און ניט זיין ווילן זענען איצט געווען גענויגט אַנצוהויבן אַליין אונטערהאַנדלונגען מיט זיי. זיינס אַן אַלט־אויסגעפּרוווטער אויסרייד אַז ער איז „זייער פאַרנומען״ איז אים צונוץ געקומען. ער האָט זיי איבערגעגעבן אין די הענט פון זיינע פאַרטרעטער: צום הויפּט־בוכהאַלטער און זיינע געהילפן, סימאָר און זיין זון.

אַז בען האָט אים געבראַכט די באַדינגונגען, אויף וועלכע די אַרבעטער האָבן מסכים געווען זיך אומצוקערן צו דער אַרבעט, האָט ער געהייסן זיי אָננעמען. אַליין האָט ער אָבער ניט געוואָלט דערמיט האָבן צו טאָן און באַפוילן בענען זיך אונטערשרייבן פאַר אים.

אויף דעם בוכהאַלטערס באַמערקונג, אַז בען האָט ניט די געזעצלעכע רעכט און פולמאַכט דערויף, האָט סעמיועל סאַראַד פאַראַרדנט אָנצושרייבן די געזעצלעכע באַפולמעכטיקונג, וועלכע ער האָט גלייך אונטערגעשריבן, דערלאַנגט עס בענען, זאָגנדיק דערביי: „נאַ, איצט ביזטו מיין געזעצלעכער פאַרטרעטער. פאַרשעם ניט און מיסברויך ניט מיט דער חתימה — מיט אונדזער נאָמען״.

אַלץ איז געשען אַזוי אומגעריכט, אַזוי שנעל, אַז בען האָט ניט געוווּסט וואָס צו זאָגן און ווי אַזוי צו רעאַגירן. ער האָט געוואָרעמט אין זיין האַנט דעם פאַפּירענעם דאָקומענט, וואָס האָט אים פלוצים געמאַכט פאַר דעם געזעצלעכן באַלעבאָס, דעם פאָטערס פאַרטרעטער פון איצט אָן.

אַט דאָס וויכטיקע שטיקל פּאַפּיר האָט אים אָנגעפּילט מיט מוט און זעלבסטווירדע. ער האָט געפילט ממשותדיק, ווי כוח און קראַפט פילן אים אויס אַלע זיינע גלידער. אַלע אברים האָבן זיך אין אים צעזונגען.

ביז איצט האָט ער זיך געפילט, ווי אַ רודערער ניט אין זיין שיפל, ווייל געקירעוועט מיטן שיפל האָט ניט ער, נאָר אַ צווייטער, ער איז בלויז מיטגעשווומען דאָרט, וווהין דער צווייטער האָט פאַרקירעוועט. פון איצט אָן, האָט ער געקראָגן אַן אָנפירנדיק אָרטביים רודער, ביים קאָמפּאַס פון דער שיף. ער וועט איצט ניט בלויז מיטשווימען, נאָר אויך געבן די ריכטונג וווהין די שיף זאָל שווימען.

פון דערפאַרונג, פון שיפלען זיך מיט זיינע חברים, האָט ער געוווּסט, אַז אינמיטן שיפלען, אינמיטן שווימען, טאָר מען ניט טוישן דעם רודערער, פריער מוז מען צושווימען צו אַ ברעג און דאָרט טוישן זיך מיט די ראָלן. האָט ער דערווייל ניט גערעדט מיטן הויפּט־בוכהאַלטער און סימאָרן, און גאָרניט געטאָן וואָס קען שטעלן אין סכנה זיין בכבודיק אָרט אין שיפל, צו וועלכן ער האָט זיך קוים דערשלאָגן. ער האָט איצט געזען פאַר זיך ברייטע האָריזאָנטן, און אַהין האָט ער געצילט...

ער האָט זיך איצט געזען אין אַן אייגענער ביוראָ, אין איינער פון די צוויי גרויסע געביידעס, מיט פולער מאַכט צו טאָן דאָרט וואָס ס'איז נויטיק, וואָס אים געפעלט. אין די שמאַטעס־ און פאַרבעריי־פאַבריקן מיט זייערע יידן דאָרט, האָט ער ביי זיך אָפּגעמאַכט מער זיך ניט צו מישן, נאָר איבערלאָזן זיי פאַרן פאָטער.

אַז די אַרבעטער פון דער מעקלינטאָק־פאַבריק האָבן אָנגענומען די נייע אַרבעטס־באַדינגונגען, האָט ער דער ערשטער אָוועקגעלייגט זיין חתימה אויף דעם אָפּמאַך. נאָך אים זענען געקומען די אונטערשריפטן פון דעם שטאָטישן סעקרעטאַר. אַזוי האָט ער געפאָדערט. נאָך זיי זענען געקומען די חתימות פון דעם פאַבריק־פאַרשטייער, דעם שטאָטישן ראַטמאַן, דעם גלח און פון דעם בוכהאַלטער. אַזוי וואָלט געווען, ווען דער פאָטער אַליין שרייבט אונטער דעם אָפּמאַך. דאָס האָט אים הנאה געטאָן און געשטאַרקט זיין גלויבן, אַז ער וועט דערגרייכן דאָרט, וווהין ער צילט.

דאָס ערשטע מאָל האָט ער איצט געפילט, אַז ער איז אַ טייל פון דער גרויסער סאַראַד־אימפּעריע. דאָס האָט אויף אים אַרויפגעלייגט גרויס אחריות, ער האָט געפילט זיך וויכטיק און פאַראַנטוואָרטלעך און זיך באַמיט צו ווייזן, אַז ער איז דערוואַקסן צו זיין אויפגאַבע. דעם באַדייט פון זיין פאָטערס וואָרענונג צו זיין פאַרזיכטיק און אָפּגעהיט אין זיינע האַנדלונגען, האָט ער איצט געהעריק באַנומען.

נאָך זיין אַקטיוון מיטהעלפן ביים פאַרענדיקן דעם שטרייק און זיין פירן זיך דאָרט מיט אחריות און ווירדע, האָט דער פאָטער גענומען זיך

באַציִען צו אים מיט מער צוטרוי. אויך דער הויפּט־בוכהאַלטער האָט אָנגעהויבן זיך באַראַטן מיט אים, באַהעלפן זיך מיט אים, געמאַכט אים פאַר זיין פאַרטרויאונגס־מענטש, אים מיטגענומען צו ווייטיקע אונטער־האַנדלונגען, אים אַריינגעפירט אין די לאַבירינטן פון די סאַראַד־אונטער־נעמונגען, ביז מען האָט אים אַנפאַרטרויט די אַנפירערשאַפט פון דער גאַנצער „סעמיועל סאַראַד" געביידע.

איצט האָט ער זיך שוין געפונען דאָרט, ווו ער האָט געוואָלט זיין, שוין געהאַט אַ געזעצלעכן און פאַקטישן אַנטייל אין אַלץ, וואָס ס'האָט זיך געטאָן אין דער סאַראַד־מלוכה. ער האָט מיט איר אָנגעפירט, ווי דער פאָטער האָט אים אַמאָל צוגעזאָגט, ווען ער איז נאָך געווען אַ קליין קינד. איצט איז די געביידע, וואָס איז בלויז געווען פאַרשריבן אויף זיין נאָמען, געוואָרן אויך פאַקטיש זיינע, ווו ער איז געוואָרן דער פאַקטישער באַלעבאָס און דעה־זאָגער.

זיין דינאַמישע ענערגיע איז געפלאָסן אָן איבעררייס און אַריינגע־שטראָמט אין אַלע ריכטונגען. ער האָט גענומען אַן אַקטיוון אַנטייל, פאַראינטערעסירט זיך מיט אַלץ. פון איצט אָן איז ער אַלץ אָפטער און אָפטער געפאָרן קיין קלינטאָן, אין דער מעקלינטאָק־פאַבריק, אָבסערווירן, אויסשפּירן ווי ס'פירט זיך דאָרט נאָכן שטרייק, ווי סימאָר גיט זיך אַן עצה מיט די אַרבעטער. אַ חוץ אינדוסטריעלע און קאָמערציעלע אינטערעסן, האָט בען דאָרט איצט געהאַט אויך ליבע־אינטערעסן, און דערווייל זיי געהאַלטן בסוד אַפילו פון סימאָרן...

בעת ער האָט זיך דאָרטן באַהאַלטן פון זיין פאָטער, נאָך דעם ווי די אַרמיי האָט אַנטדעקט זיין מינדעריעריקייט און אים אויסגעבראַקירט, האָט ער דאָרט געהאַט באַקענט אַ מיידל, וואָס איז אים געפעלן, אָבער אָן איר פאַרגעסן, ווי נאָר ער האָט דאָס שטעטל פאַרלאָזט און איז אַוועק אין דער האַנדלס־שול. אָבער אין דער צייט פון די אונטערהאַנדלונגען מיט די שטרייקנדיקע אַרבעטער, האָט ער זיך מיט איר ווידער געטראָפן. זי איז געווען סעקרעטאַרין פון די אונטערהאַנדלונגען, געזעסן ביי איין טיש, פונקט אַנטקעגן אים, זיך דורכגעוואָרפן מיט ווערטער, געשטעלט אים פראַגן; און דער אַמאָליקער ליבע־פונק האָט זיך צעוואַרעמט, גענומען צוריק אויפגיין, אויפפלאַקערן אין אַ פייער...

דאָס איז געווען דאָס מיידל וואָס האָט אים געצויגן אַהין, זי איז געווען די אמתע סיבה פון זיינע אָפטע באַזוכן אין קלינטאָן. דער אויסרייד איז געווען — די מעקלינטאָק־ניילאָן־פאַבריק, און סימאָר האָט אים דאָרט געהאַט פאַר אַן אָפטן גאַסט, און ניט חושד געווען, אַז אין קלינטאָן קען עפּעס אַנדערש האָבן מער צוציבער פאַר בענען, ווי די סאַראַד־פאַבריקאַציע.

בלויז אַ קורצע ווייל איז דער מעקלינטאָק־אויסרייד געווען נוצלעך

בענען. מיטאַמאָל האָט ער געגומען פאָרן אַהין אַן אַן אויסרייד, ביז דאָס מיידל עלי, פאַרקירצט פון עליזאַבעט, האָט אַנגעהויבן קומען צו אים, פאַרברענגען מיט אים די סוף־וואָכן און די ימים־טובים און סתם, ווען ס'איז איר נאָר לאַנגווייליק געוואָרן אין דעם קליינעם שטעטל. האָט זי זיך אַריינגעשטעלט צו אים אין ביורא, געוואָרט ביז ער איז פריי געוואָרן. בען האָט מיט איר געהאַט אַן אָפּרייד, אַז ווען ס'וועט איר ווערן לאַנגווייליק אין שטעטל, זאָל זי קומען צו אים.

„מיר איז שטענדיק לאַנגווייליק אָן דיר. אָבער איבערלאָזן אַלץ און קומען צו דיר קען איך ניט. קום־זשע דו צו מיר, ווען נאָר עס ווילט זיך דיר. איך וועל באַצאָלן" — האָט ער מיט איר אָפּגעמאַכט. אוןביידע האָבן ערלעך געהאַלטן וואָרט...

בען האָט געוווּסט פון ראָזעליס טראַגעדיע און פון פּאַטערס צווינגען איר חתונה צו האָבן מיט טעדי ראָזען, קעגן איר ווילן. און ער האָט געהיטן פונעם פּאַטער און פון אַלעמען, זיין ליבע־סוד מיט עליזאַבעטן, אַז דער סוד זאָל ניט אַרויס פאַר דער צייט, און אויך געהיטן, אַז די ליבע זאָל אים ניט שטערן אין זיין אַרבעט, אין זיינע אויפגאַבן און פאַראַנט־וואָרטלעכקייטן, אין זיין כסדרדיקן איבערנעמען וואָס מער פליכטן פון פּאַטער, וועלכער האָט איצט גערן זיך געטיילט מיט אים מיטן עול פון אָנפירן די סאַראַד־אימפּעריע.

ער האָט איצט גוט אַכט געלייגט ער זאָל קיינמאָל ניט פעלן, ווען ער וועט בויטיק זיין, צי ס'איז דער פּאַטער, אָדער אַ געהילפס־בוכהאַלטער, וואָס זענען צו אים געקומען נאָך הילף און באַראָטונג. ער האָט יעדן העפלעך אויפגענומען, צוגעטראָגן זיין ערנסטע אויפמערקזאַמקייט.



מיט זיין שאַרפן חוש פאַר געשעפט, וואָס ער האָט געירשנט פון פּאַטער, האָט בען באַלד דערזען, אַז די טעכנישע רעוואָלוציע, וואָס מאַרשירט מיט פעסטע טריט פאָרויס, וועט אויך ניט אויסמיידן זיין טאַטנס פאַבריקן, און ער האָט זיך גענומען גרייטן איינצוגלידערן די נייעסטע טעכנישע דערגרייכונגען אין אַלע סאַראַד־אונטערנעמונגען, אליין עפענען פאַר זיי אַלע פאַבריקס־טויערן.

עס איז איצט געוואָרן זיין אַמביציע צו מאָדערניזירן די פּרימיטיווע פאַבריקן פון זיין טאַטן, וואָס בלויז זייערע געביידעס זענען געבויט געוואָרן אַנהויב ניינצטן יאָרהונדערט, אָבער די מאַשינען זענען אַלע געווען פּרימיטיווע, וואָס ווערן באַאַרבעט און געטריבן פון מענטשן־כוח און פון קוילן־היץ־קראַפט. עלעקטריציטעט ווערט זייער ווייניק באַנוצט. ער האָט באַשלאָסן דאָס איבערצואַנדערשן.

# קאַפּיטל 27

פון אַנטוישונג און האַלבער צוריקגעצויגנקייט, האָט סעמיועל סאַראַד באַכגעקוקט זיין זונס אויפפירונג און איז געווען צופרידן, וואָס ער האָט זיך אויף ווענמען צו פאַרלאָזן. איצט אָבער, אין זיין בכיוונדיקן אויסמיידן משא־מתן מיט מענטשן, האָט די פרייע צייט רעאָסומירט פאַר אים זיינע אויפטוען, און דער סך־הכל פונעם חשבון־הנפש איז געווען אַ טרויעריקער: אַפילו זיין בען איז געווען נאָר אַ מאַטעריעלער אויפטו, בלויז אַ מאַטעריעלע דערגרייכונג — דאָס האָט פאַרביטערט זיין טרויעריק געמיט.

בען איז געווען זיין שפּיגל, און דאָס וואָס ער האָט געזען אינעם שפּיגל, האָט אים פאַרצווייפלט און אַנגעטריבן אויף אים טרויעריקע געדאַנקען. ווי ער אַליין אַמאָל, איז אויך בען צופרידן בלויז פון חומרדיקע זאַכן, פון מאַטעריעלע דערפאָלגן. אַפילו די האַנדלס־שול האָט פון אים ניט געמאַכט קיין אינטעליגענט. פאַרקערט, זי האָט אויסגעפורעמט אין אים אַ מאַטעמאַטישן ציילער פון מאַטעריעלע פאַרמוּלעס אין דערגרייכונגען — אַ קוכער — אַ קוכער, וואָס קאָכט, באַקט פון אַ קאָך־בוך, וואָס אַ פרעמדער האָט פאַר אים צוגעגרייט.

אַ ווייטע אויסזיכט אויף עפּעס אַ גוט געשעפט האָט אים אומגעהויער באַגייסטערט. פון גרויסן פאַרדינסט איז ער ממש אַריינגעפאַלן אין עקסטאַז, וואָס האָט אַנגעהאַלטן אַזוי לאַנג, ביז עס האָט זיך געשאַפן אַן אויסזיכט פאַר גרעסערע פאַרדינסטן. דער עקסטאַז פון פּראָפיטן־גייציקייט איז ביי אים קיינמאָל ניט אויסגעלאָשן געוואָרן.

ער האָט געזען בענס פאַרשיכורונג פון יעדער מעגלעכקייט צו באַרייכערן זיינע אַ·יפטוען און פּראָפיטן, יעדע מאַטעריעלע פאַרשטאַרקונג פון דעם, וואָס ער האָט אונטערגענומען. און אין דעם שפּיגל האָט ער זיך איצט אַליין דערקענט, מיט צוואַנציק יאָר צוריק, ווען ער האָט אַנגעהויבן בויען דאָס, וואָס בען פירט איצט אָן. אָבער צוליב וואָס רייסט זיך בען אַזוי? וואָס איז אים אַזוי ניט גענוג דאָס אַלץ? פאַר וועלכן דלות האָט ער מורא? — האָט סעמיועל געטראַכט מרה־שחורהדיק.

דעם זונס גערעכטיקייט אין אים, און זיין ווילן און אימפּעט אים איבערצושטייגן, האָט אים געשראָקן און ווי געטאָן. ס'האָט אים געדריקט אַ שווער שולד־געפיל צוליב אַ סך עבירות וואָס ער איז באַגאַנגען, בשוגג ובמזיד — קעגן ראָזעלין, קעגן זיין ווייב, איצט זעט ער אפשר אויך סימנים אויף בענען.

דאָס האַרץ האָט אים געשראָקן, בען זאָל חלילה ניט האָבן זיין מזל, און טראָגן שפּעטער זיין גורל, ווען ער וועט שוין זיין אַ גביר בן גביר, אַן אדיר; וועט דאָס זיין אויך זיין חלק גליק אויף דער וועלט? ס'איז דאָך

בלויז אילוזיע פון גליק. אין דער היינטצייטיקער עפּאָכע גאַלאָפּירט מען צוזאַמען מיט דער אילוזיע. שטעלט מען זיך אָפּ אויף אַ מינוט און מ׳כאַפּט אָפּ דעם אָטעם, דערזעט מען פאַר זיך דעם פאַרבייגייענדיקן רעגנבויגן, נאָך וועלכן מ׳האָט זיך געיאָגט, מ׳דערזעט קאָלירן פון אַ זייפן־בלאָז, אַן אילוזאָריש אויגן־פאַרבלענדעניש.

די שווערע אַנטוישונגען אין מענטש און וועלט האָבן אים, ווי אַ בלינדן, געפירט איבער די אַנטוישונגען אין זיין אייגן לעבן — זיין ווייב, זיינע קינדער. מרה־שחורה איז ביי אים געוואָרן אַן אָפטער גאַסט. אַלץ איז אים געוואָרן דערווידער. ער האָט אַלץ מער געוואָלט זיך איזאָלירן פון מענטשן — זיין אַליין, מיט זיך אַליין. דער עסנדיקער אומעט האָט אָנגעהויבן משפּיע זיין אויף זיין געזונט.

וואָס מער ער האָט זיך אָפּגעזונדערט פון מענטשן, אַלץ שווערער האָט אים פאַרפאָלגט דאָס שולד־געפיל, אים געמאַטערט. אַמשווערסטן האָט אים ווייי געטאָן ראָזעליס אומצופרידן לעבן מיט טעדין, איר ניט אויסלעבן זיך מיט אים ווי אַ פרוי, דאָס ניט האָבן קיין קינדער — איר פאַרוויאַנעט ווערן יונגערהייט. זיין געוויסן האָט געלייגט די שולד אינגאַנצן אויף אים, ער טראָגט די גרויסע, פאַטאַלע עבירה פאַרן צווינגען זי חתונה צו האָבן מיט טעדין.

איצט האָט אים זיין האַרץ געשראָקן פאַר בענען. ער האָט געוואָלט פאַרריכטן ביי בענען, וואָס ער האָט קאַליע געמאַכט ביי ראָזעלין. אים האָט ער איצט געוואָלט פאַרהיטן פון ראָזעליס פעלערן, וואָס האָבן אין רעזולטאַט געפירט צו אַנדערע פעלערן, זיינע און אירע. ער האָט זיך געגרייט רעדן מיט בענען, ווי אַ טאַטע מיט אַ זון, וועגן ניט צולאָזן, אַז געפילן און ליידנשאַפטן זאָלן פירן מיט זיין גורל.

פאַרלאָזן זיך אויפן ווייב, ווי ער האָט דאָס געטאָן ביי ראָזעלין ביז ס׳איז געוואָרן שפּעט... האָט ער מער ניט געוואָלט. מ׳האָט שוין אַפילו ניט געקאָנט. זי האָט זיך שוין געהאַט אָפּגעלאָזט, אַרויסגעפאַלן כמעט פונעם לעבן. אויסער וואָס זי האָט גענומען אויף זיך די ראָל פון אַ דינסט, האָט זי מיטן ברייטן לעבן מער קיין שייכות ניט געהאַט.

נאָך אַנטוישונג און פאַרלוסט איז זי איצט געוועזן פאַר אים, וואָס ער האָט שטאַרק באַדויערט. ער האָט זי שוין געהאַט אויפגעגעבן אַלס אַקטיווער, פּאָזיטיווער מיטשותּף אין זיין פאַמיליע, און געטראַכט בלויז פון בענען און די אַנדערע קינדערס צוקונפט, מיינענדיק, אַז ער קען נאָך עפּעס טאָן פאַר זיי.

געמיינט האָט ער, אַז זיין אָפּטרעטן פאַר בענען זיין וועג צום מסחר און האַנדל, דאָס אַריינפירן אים אין דעם אָנפירנדיקן טייל פון די סאַראַד־אונטערנעמונגען, וועט זיי דערנענטערן מער ווי געשעפטלעך

— ווי טאַטע און זון. בען האָט זיך באַצויגן צו אים קאָרעקט, מיט דרך־ארץ, אָבער פון דער ווייטנס, ווי זיין באַציאונג איז געווען צו זיינע לערער, צו קונים — מיט העפלעכקייט און אינטערעס, אָבער קאַלט. דאָך האָט ער הנאה געהאַט צו זען, ווי זיין יונגער אַדלער רייסט זיך צו פאַרלאָזן זיין היים־נעסט, צעשפּרייט זיינע פליגלען צו פליען הויך, אָבער אַז ער וועט אין זיין פלי, זיך אַראָפּלאָזן אויסדלובען זיין טאַטנס אויגן — אויף דעם האָט ער זיך ניט געריכט.

וואָס מער פאַראַנטוואָרטלעכקייט ער האָט בענען איבערגעגעבן, אַלץ מער איז בען אַריינגעצויגן געוואָרן אין די עסקים און זיך פון אים דערווייטערט. ער האָט אַלץ מער געהאַט שוועריקייטן זיך מיט אים צו טרעפן, צו רעדן מיט אים. ער האָט טעלעפאָנירט, געוואָלט געוווּיר ווערן ווי ס׳גייט אים די אַרבעט, ווי ער פילט זיך אין די נייע ראָלן פון פאַרוואַלטער און באַלעבאָס — און קיינמאָל אים ניט געקענט געפינען, ניט אין זיין ביוראָ און ניט אין די פאַבריקן. שטענדיק איז ער באַרוואָס געהאַט אַוועק און קיינער האָט ניט געוווּסט ווו מ׳קען אים געפינען.

ווי ער אַמאָל, איז אויך בען געוואָרן אומאויפהערלעך פאַרנומען. אָט זעט מען אים דאָ, אָט דאָרט. און אָט איז ער שוין ווידער ערגעץ אַוועק. ס׳האָט אים הנאה געטאָן, וואָס בען איז ניט קיין שטול־קוועטשער, קיין באַפּעל־געבער בלויז פון זיין ביוראָ אַרויס. און ער האָט באַשלאָסן, פּראָסט־פּשוט צוצוגיין צו אים אין אַ שפּעטן נאָכמיטאָג, און וואַרטן אין זיין ביוראָ ביז ער וועט קומען. געבוי ווי מען האָט עס געטאָן, ווען מ׳האָט אים אַליין ניט געקענט געפינען.

אָבער ווען ער איז אין אַ שפּעטן נאָכמיטאָג, נאָכן קלינגען פיל מאָל צו בענען און קיין ענטפער ניט געקראָגן, געקומען צו בענס ביוראָ, איז דאָרט געווען ליכטיק און פריילעך. בען האָט געלאַכט הויך און לוסטיק, אויך אַ פרויען־קול האָט זיך פון דאָרט געקייקלט, פאַרקלונגען דעם קאָרידאָר. ער איז שטיין געבליבן פאַר דער טיר און ניט געוווּסט, וואָס ער זאָל טאָן: אַריינגיין, ווי די איבערשריפט אויף דער שויב האָט געהייסן, „אָנקלאַפּן און אַריינגיין", אָדער אפשר אַוועקגיין און קומען אַ צווייט מאָל?

ער האָט געצעגערט אַ ווייל מיטן פינגער־קנאָך אויף דער שויב. ס׳האָט זיך אים ניט געגלוסט אַוועקצוגיין איצט, ווען ער האָט אים שוין געטראָפן. ווען וועט ער אים קענען געפינען אַ צווייט מאָל? ער וועט אַריינגיין; אין פאַל ער וועט שטערן, וועט ער אים בלויז זאָגן, אַז ער דאַרף אים האָבן און וועט באַלד אַוועקגיין. ער האָט אָנגעקלאַפּט אין טיר און גענומען זיך פאַמעלעך אַריינשאַרן.

אַז ער האָט זיך שוין געפונען איבער דער שוועל, האָט דאָס געלעכטער זיך געריסן אין ספּאַזמען — ביי דער יונגער פרוי מיט אַ שלוקעכץ און

ביי בענען אין וואַרגנדיקן קרעכצן, אין אַ כאָרכל, ווי ס׳וואָלט אים ווער געוואָרגן. די אויגן זיינע זענען ביי אים געווען צעעפנט, אַ בייזער גלאַנץ האָט זיך געלאָשן אין זיי און געצונדן. אַ כעס האָט אין זיי גענומען אויפגיין.

צערודערט און אומבאַקוועם האָט זיך געפילט דאָס יונגע מיידל. בענס אויסזען האָט אויף איר אָנגעוואָרפן אַ שרעק. פון זיין צעמישטקייט האָט זי פאַרשטאַנען, אַז דאָס מוז זיין אָדער זיין פאָטער, אָדער אפשר זיין זיידע. מער ווי איין בליק האָט זי אויף ניט געוואָרפן. אירע אויגן זענען איצט געווען אָנגעשטעלט אויף בענען. איר געפיל איז געווען, ווי זיין אויסזען...

ווי זיי, צערודערט און געפּלעפט, איז געווען סעמיועל סאַראַד אַליין. ס׳איז פאַר אים קלאָר געווען פון בענס פאַרשטיקטן געלעכטער, אַז ער האָט איבערגעריסן אַן אינטימע שפּיל... בען אַז געשטאַנען צעיאָכמערט און דערשראָקן. דעם מיידלס האָר זענען געווען צעשויבערט. זי האָט פון פחד שווער געאָטעמט, געשטאַנען אין נאָכלעסיקער פאַרלעגנהייט, ניט געוווּסט, וואָס מיט זיך צו טאָר, זי האָט געקוקט שטאַר צו בענען.

„נו, וואָס שטייסטו? זאָל איך זיך אַליין פאַרשטעלן פאַר דער דאַמע?" — איז דער פאָטער דער ערשטער געקומען צו זיך, און אויך זיי אַרויסגענומען פון זייער משונהדיק־אומגעלומפּערטן מצב.

„עלי, דאָס איז מיין פאָטער" — איז בען אויפגעשפּרונגען און צוגעגאַנגען צו דער דערשראָקענער עלין, אָנגענומען זי ביי דער האַנט און צוגעפירט צום פאָטער, וואָס אַ שמייכל האָט זיך שוין געזען אויף זיין פּנים. — „דאָס איז עלי" — האָט ער פאַרגעשטעלט עליזאַבעטן פאַרן פאָטער, און אונטערגעשפּאַרט איר פּלייצע מיט זיין צווייטער האַנט.

„עלי? אַ שיינער נאָמען — האָט סעמיועל סאַראַד געלאָזט זיין מויל רעדן, אַבי ס׳זאָל ניט הערשן די געדיכטע שטילקייט. — ווי איז דאָס אויף יידיש? — האָט ער אָנגעשטעלט אויף עלין זיינע אויגן, וואָס ס׳איז שווער געווען פון זיי אַרויסצולייענען צי זיי פאַרשן, מאַכן פאַרוווּרף, אָדער זיי שטראָפן. עליזאַבעט איז געבליבן ווי פריטשמעליעט פון דער פלוצימדיקער פראַגע.

איצט האָט שוין בענען מער ניט געשראָקן זיין פאָטערס אָנוועזנהייט. ער האָט אין אַ לייכטן און הומאָריסטישן טאָן געפרעגט עלין: „טאַקע, ווי איז דיין נאָמען אויף יידיש, עלי? אסתר? ס׳מוז זיין אסתר" — און די אויגן געווענדט צום פאָטער.

„זי קאָן אויך הייסן עלקע, אָדער אלטע. פאַרוואָס זאָלסטו ניט וויסן?" — האָט דער פאָטער אים אַרויסגעהאָלפן.

„ווייל אַ סעקרעטאַרין רופט מען ניט ביים ערשטן נאָמען, כל־זמן

מ׳איז פון איר נאָך ניט צופרידן. שפּעטער מאַכט ניט אויס ווי זי הייסט אויף יידיש״ — האָט בען געענטפערט.

„אַ! דאָס וואָס די לעידי איז״. — האָט דער פּאָטער געשאָקלט מיטן קאָפּ.

„מיין רעכטע האַנט״ — האָט בען צוגעגעבן.

„דאָס וואָס איך וואָלט געדאַרפט האָבן, אַ סעקרעטאַרין״ — האָט דער פּאָטער געפּרוּווט זיך אַ וויצל־טאָן, און געלאַכט אַליין פון זיין חכמה. זיי האָבן בלויז געשמייכלט, מורא געהאַט צו דערלויבן זיך צופיל לייכטקייט מיט אים, ער זאָל זיי ניט איבערראַשן מיט נייע פראַגן.

„און וואָס ברענגט דיך אַהער?״ — האָט בען געוואָלט וויסן וואָס ער וויל און איבערקומען, זאָל ער גיין.

„ס׳איז ניט פאַר איצט, ס׳קען וואַרטן. דו און דיין סעקרעטאַרין, מיס עלי, מוזט זיכער זיין מיד פון אַ טאָג שווערער אַרבעט. זי זעט אויס ווי זי האָט היינט זייער שווער געאַרבעט. וואָס צווישן מיר און דיר, קען וואַרטן ביז מאָרגן, אַפילו אויף שפּעטער״. — סעמיועל האָט זיך געלאָזט גיין צו דער טיר. בען האָט אָבער אים פאַרשטעלט דעם וועג.

„כ׳האָב דיר אָט ערשט געזאָגט, אַז זי איז מיין סעקרעטאַרין, האָב איך פאַר איר ניט קיין געשעפטלעכע סודות. מעגסט רעדן אין איר אַנוועזנהייט. זי קען האַלטן אַ סוד״.

„געשעפטלעכע? מיין באַזוך איז ניט קיין געשעפטלעכער״ — האָט דער פּאָטער געשטרעקט די האַנט צו דער קליאַמקע פון טיר.

„איך וועל גיין, איך בין טאַקע מיד״ — האָט עלי געזאָגט אויסגלעטנדיק זיך די האָר, איינגעלייגט די קרויזן און פאַלדן און זיך געלאָזט צו דער טיר.

„ניין, דו בלייב, איך דאַרף דיך נאָך. מיר האָבן נאָך וואָס צו דערליידיקן היינט, מיר זענען נאָך ניט פאַרטיק״. — דאַן געזאָגט צום פּאָטער: — „אויב ס׳איז ניט געשעפטלעך, קענען מיר וועגן דעם רעדן אין הויז״.

„קום אַהער, סעקרעטאַרין״ — האָט בען אַריינגעכאַפּט עלין אין זיינע אָרעמס, ווי נאָר די טיר האָט זיך פאַרמאַכט נאָך זיין פּאָטערס אַוועקגיין.

„מ׳האָט אים געדאַרפט זאָגן דעם אמת״ — האָט עלי זיך געטוליעט צו אים און געלאָזט טאָן מיט זיך וואָס אים האָט זיך נאָר געוואָלט, ווען זיי זענען געבליבן אַליין.

„דעם אמת? כ׳האָב געזאָגט דעם אמת! פון איצט אָן ביסטו מיין סעקרעטאַרין, מאָרגן וועל איך עס זאָגן טשאַרלין, דעם הויפּט־בוכהאַלטער. דער אַלטער האָט מיר געבראַנגט אין אַ לאַגע אים צו זאָגן אַ נעכטיקן ליגן, אָבער איצט איז עס שוין אַן אמת און מאָרגן וועט עס זיין אַן אמתער אמת״. — ער האָט ניט אויפגעהערט זי צו קושן.

„אָ, דו ווייסט דאָך וועגן וועלכן אמת איך רעד. כ׳מיין אַז מ׳האָט אים געדאַרפט זאָגן מיין אמתן נאָמען. ער מיינט דאָך, אַז איך בין אַ...״ — זי האָט ניט באַוויזן ממשיך צו זיין, ווייל בענס מויל איז ווידער צוגעפאַלן צו אירע ליפּן. — „ער מיינט דאָך, אַז איך בין אַ ייִדישע״ — האָט זי פאַרענדיקט וואָס זי האָט געוואָלט זאָגן, ווי נאָר בען האָט זי באַפרייט פון זיינע ליפּן.

„ער מיינט ניט, דער אַלטער פוקס! ער ווייסט, אַז דו ביסט ניט מיין סעקרעטאַרין, אַז דו ביסט ניט קיין ייִדישע. איך קען אים דעם אַלטן, קלוגן פוקס״.

„וואָס זשע איז דאָס געווען פאַר אַ שפּיל פון פרעגן זיך אויף מיין ייִדישן נאָמען?״

„ווייל ער איז אַ פוקס. ער האָט אָבער פאַרגעסן, אַז ער האָט געהאַט פוקסלעך...״

„איר שרעקט מיך, איר פוקסן־פאַמיליע!״ — האָט זיך עלי איינגענורעט אין אים, ווי אַ שרעקעוודיק קינד, אַריינגעפּרעסט איר פּנים אין זיין ברוסט און זיך צוגעהערט צו דער שפּרינגעניש פון זיין האַרץ, צו דער קאָכעניש פון זיין בלוט. דאָס האָט זי באַרואיקט...



„אויך מיט אים געשעט שוין עפּעס״ — האָט סעמיועל געטראַכט, פאַרלאָזנדיק בענס ביוראָ, וווּ ער האָט אים געלאָזט מיטן מיידל עלי. ער האָט געזאָגט אַ ליגן, אַז זי איז זיין סעקרעטאַרין. ער האָט אים פאַרשעמט — איר געהייסן בלייבן און אים ניט פאַרהאַלטן.. ער האָט פונדעסטוועגן איינגעהאַלטן זיין כעס און באַשלאָסן פאַרבייגיין זיין כבוד און רעדן מיט אים, אין הויז טאַקע, וועגן דער סיבה פון קומען אים זען אין זיין ביוראָ.

די לעצטע שעהן פון טאָג אין דרויסן זענען געווען טריב, ווי ביי אים אויפן האַרצן... איבערן הימל זענען געלאָפן שיטערע וואָלקנס, דורך וועלכע ס׳האָט זיך קוים דורכגעזיפּט אַ געלבלעך־בלויע ליכטיקייט.

סעמיועל סאַראַדס פּנים האָט געפלאַמט פון זיין זונס באַהאַנדלונג, פון זיין אַרויסטרייבן אים פון ביוראָ, און ער האָט אומאויפהערלעך איבערגעחזרט: „מיט אים איז שוין אויך שפּעט. די קליפּה האָט אויך אים שוין פאַרכאַפּט״.

וואָלט ער געהאַט אַ היים, אַ ווייב, ווי ביי לייטן, וואָלט ער איצט אַהיים געגאַנגען אויסרעדן זיך פאַר איר זיין אָנגעווייטיקט האַרץ, דערציילן איר זיינע צרות, געפינען ביי איר אַ טרייסט. האָט ער דאָך אָבער ביידע

ניט געהאַט. איז ער צוריק אַוועק אין זיין ביורא, פאַרשלאָסן זיך און געבליבן אַליין מיט זיך און זיין פּאַרדרוס, מיט זיין צעוויטיקט האַרץ.

אָבער דווקא אין דער פּוסטער, שטילער פינצטערניש האָט ער געפונען באַרואיקונג פאַר זיין דערדריקטן געמיט. אין זיין ביוראָ איז געווען שטיל און פינצטער ווי אין אַ קבר. געדוכט האָט זיך אים, אַז ער אַליין ליגט אַ לעבעדיקער אין אַ קבר. ס'איז אים אַפילו אויפגעגאַנגען דער ריח פון גרוב־טוכלעקייט.

פּלוצים האָט ער זיך דערפילט לעבעדיק און טראַכטנדיק, און זיך פאַרשעמט פאַר זיין אייגענעם איך.

ווען ער האָט זיך אָפּגעריסן פון זיין שטול און אָנגעצונדן ליכט, איז ער ווי באַנייט געוואָרן, צוריקגעקראָגן זיין וויטאַלקייט און האָט זיך אַליין אויסגעמוסרט פאַר זיין אָפּהענטיקייט, פאַר זיין פאַרצווייפלונג. „נאָך גאַרניט פאַרשפּעטיט" — האָט ער צוגעשעפּטשעט צו זיך אַליין.

אַרויס פון זיין קבר־טראַנס, האָט עס אים געטריבן פון ביוראָ. די ליכטיקייט, די קאַליריקע ווענט מיט זייער הייטערקייט, האָבן אים פאַר־שאַפט בושה. אַט די פאַרצווייפלטע געדאַנקען קענען אים חלילה פאַרשלעפּן אין שאול תחתית אַריין. ער האָט זיך אַליין געשטראָפט, באַטיטלט מיט „אָפּגעריסענער נאַר", „אַכזר" און נאָך ערגערע עפּיטעטן, זיך פאַרגעוואָרפן, אַז זיין חסר־דעה־לאַגע וועט אים אַריינטרייבן אין אַ מרה־שחורה, ווי זיין ווייב, וואָס לאָזט ער זיך פאַרפירן פון טרויעריקע געדאַנקען, פון שטימונגען, פון זיין זונס כאַמולישער האַנדלונג? וואָס ווערט פון אים?! — האָט ער געמורמלט.

און וואָס פאַרלאַנגט ער אייגנטלעך פון זיין זון? דאָס וואָס ער האָט פאַרזייט, דאָס איז אויפגעוואַקסן, דאָס שניידט ער. „אַרויס פון דאַנען!" —האָט דאָס געוויסן אין אים געשריגן, געטריבן אים פון זיין ביוראָ צו דער טיר.

און ער האָט געפאָלגט — אַרויס פון ביוראָ אין דרויסן אַרויס, אַריין אין מענטשן־שטראָם אויף דער גאַס, וואָס האָט אים מיטגעטראָגן און אַוועקגעפירט צו זיין באַליבט פּאַרקל, וווּ ער האָט ליב געהאַט זיך אַמאָל צוצוזעצן, אָפּרוען אויף זיין וועג אַהיים, אַפילו אין די שפּעטע שעהן פון דער נאַכט.

## קאַפּיטל 28

נאָך דער זומערדיקער היץ האָט דאָס ערשטע, לייכטע האַרבסטיקע ווינטל אָפּגעטרייסלט פון די ביימער די פון היץ פאַרברענטע בלעטער,

וואָס זענען געהאַנגען פאַרשמאַכטע, דורכגעווייקטע פון ערשטן הארבסט־רעגן און געפאַלן מידע צופוסנס פון דיביימער־שטאַמען.

אַ פוילנדיקער ריח האָט זיך געטראָגן פון די ביימער און גערייצט די דורכגייערס נאָזלעכער. אָבער דער רעגן האָט באַפרייט זיינע רעזערוון און אויסגעליידיקט דעם הימל. האָט די זון זיך ווידער צעשיינט, האָט דאָס רעשטל בלעטער אויף די ביימער גענומען מיטשיינען אין זייערע הארבסטיקע, פאַנטאַסטישע וויין־קאָלירן — אין בלוט־רויט, זשאָווער־רויט און אַלט־גאָלד.

פנימער האָבן אַנטקעגנגעשמייכלט דעם אויסגעצוואָגענעם הימל און מיט מילדע בליקן באַגלייט די הארבסטיקע זון, וואָס האָט געשפרייט אַ געלבלעכע ליכטיקייט איבער אַ צעריסענעם בלויען הימל.

„ווי שנעל מענטשן פאַרגעסן — האָט סעמיועל סאַראַד געטראַכט, גייענדיק צווישן דעם עולם אין גאַס. — קיינער געדענקט שוין ניט דעם מבלדיקן גוס־רעגן פון נעכטן; נאָר ער איינער טראָגט זיך אַרום מיטן נעכטן, מיט אַ סך נעכטנס" — האָט ער זיך פאַרגעוואָרפן.

שווערע איבערלעבונגען און אַנטוישונגען קענען מענטשן ווי־עס־איז איבערטראָגן; זיי לאָזן אָבער איבער ביטערע שפורן, וואָס עסן זיך איין אין מענטשנס לייב־און־לעבן און דערפירן צו זיין אונטערגאַנג. „אויך ער מוז פאַרגעסן זיינע נעכטנס" — האָט ער זיך געזאָגט, און געפרוּווט נאָכטאָן די מענטשן אַרום. ער האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ אַ ביסל העכער און דערזען דאָס דערנעבנטערן זיך פון ראָזעליס געשטאַלט, ראָזעלי אינגאַנצן.

איר גאַנץ וועזן האָט אים אָנגעפילט מיט שרעק. פון אירע אויגן האָט אַרויסגעקוקט אומעט און טרויער, וואָס אַפילו אַ גוט־געפלעגט מיט קאָסמעטיק פנים האָט ניט געקענט פאַרשטעלן. דער דיקער פודער־שיכט האָט נים פאַרמאַסקירט איר מידן אויסזען, וואָס האָט דערציילט פון ליידן און פיין. ער איז איר אַנטקעגן געגאַנגען.

„כ'גיי צו דיר טאַקע" — האָט זי אַריינגעשטעקט איר האַנט אונטער זיין אָרעם און מיטגעגאַנגען.

„נו, זיכער, פאַרוואָס ניט, אָבער וואָס עפּעס פּלוצים?" — האָט ער געפרעגט אַ צעטומלטער פון דער אומגעריכטער באַגעגעניש.

„כ'קען מער ניט אויסהאַלטן. כ'וויל אַ גט!" — האָט ראָזעלי אַרויס־געפּלאַצט. — „ס'לעבן איז פּוסט, ליידיק אָן ליבע".

כאָטש ער האָט דאָס פאַרגעפילט און געוווּסט, אַז ס'וועט אַמאָל מוזן קומען צו אַ גט צווישן איר און טעדין, איז דאָס דאָך געקומען אומגעריכט, און ער איז געבליבן אָן לשון. ער איז אַזוי געגאַנגען אין שטיל־שווייגעניש, ווי ער וואָלט געטראַכט וואָס איר צו ענטפערן. אויך זי האָט

געשוויגן. ער האָט זי אַריבערגעפירט איבער דער שוועל פון זיין ביוראָ, און געגעבן זיין ענטפער:

„דו דאַרפסט ניט קיין גט. דו דאַרפסט האָבן אַ קינד, און ביז דאַן זיין פאַרנומען אין דער ליידיקער צייט ביי עפּעס אַן אַרבעט. נאָר ניט זיצן ליידיק!" — האָט ער געזאָגט מיט זיכערקייט, אַז אויך זי האָט געטראַכט, דאָס ער האָט רעכט. אָבער באַלד האָט זי זיך דערמאָנט, אַז ער האָט זי שוין אַמאָל געשיקט אַרבעטן:

„שוין ווידער מיט אַרבעט? צו וואָס טויג איך? אפילו צו דער גרינגסטער אַרבעט ניט, כל־זמן איך וועל זיך פון אים ניט באַפרייען".

„נאַרישקייטן. קענסט ווערן מיין סעקרעטאַרין, כ'דאַרף אַ סעקרעטאַרין. נו, ביסט מסכים? וואָס זאָגסטו?"

„וואָס ווייס איך פון סעקרעטאַרישער אַרבעט?" — האָט זי דער־ווידערט.

„וואָס דאַרף מען דען וויסן? וואָס פאַר אַ קונצן איז אין דעם פאַראַן? ענטפערן אויף אַ טעלעפאָן קענסטו, פאַרשרייבן צייט און אָרט פון באַ־שטעלונגען איז קיין שום חכמה. וואָס טוט דען טשאַרלי מיט זיין סעק־רעטאַרין? פּרוביר, וואָס קענסטו פאַרלירן? דאָס זיצן אין הויז?"

ער האָט איר געהאָלפן אויסטאָן דעם מאַנטל, באַזעצט אין זיין שטול, און אַליין איז ער אַוועק צו דער טיר, אָנזאָגנדיק איר: „איך וועל זיין צוריק מיטאָג־צייט, אָבער דו הויב אָן פון איצט. פאַרצייכן, פאַרשרייב און נעם אויף אַלע באַשטעלונגען מיט מיר אויף נאָך מיטאָג". — ער האָט פאַרמאַכט די טיר הינטער זיך און געלאָזט זי אַליין אין ביוראָ.

„פאַרוואָס ניט?" — האָט זי אָפּגעזיפצט, און געבליבן אַליין אין פּאַטערס ביוראָ, גרייט אויפצונעמען באַשטעלונגען. אָבער אַז דער טעלעפאָן האָט זיך צעקלונגען, האָט זי אים געלאָזט זיך אויסקלינגען ביז ער איז שטיל געוואָרן.

סעמיועל סאַראַד האָט דעם פרימאָרגן געדאַרפט האָבן אַ באַגעגעניש מיט זיין הויפּט־בוכהאַלטער. ער איז אַוועק צו אים און געהייסן אים אָנקלינגען צו זיין נייער סעקרעטאַרין, אויספרעגן זי, מאַכן דורך איר אַ באַשטעלונג מיט אים. סעמיועל סאַראַד איז געשטאַנען הינטער אים, כדי צו הערן וואָס זי וועט זאָגן און טאָן.

סעמיועל סאַראַד האָט דעם פאַרזוימטן פרימאָרגן באַהאַנדלט און דערליידיקט אַ סך פאַרלעגענע ענינים ביים הויפּט־בוכהאַלטער. ער איז צוריקגעקומען נעמען ראָזעלין צו מיטאָג און זען ווי זי האָט זיך אַן עצה געגעבן מיט אירע אויפגאַבן אין איר ערשטן האַלבן אַרבעטס־טאָג.

ראָזעלי האָט אים דערלאַנגט עטלעכע טעלעפאָן־נומערן אויף באַשטע־

לונגען און זעאונגען אויף שפּעט נאָכמיטאָג, צווישן זיי אויך מיט זיין הויפּט־בוכהאַלטער.

„נו, זעסטו שוין, אַז ס׳איז ניט קיין בער? מען דאַרף נאָר וועלן. קיין זאַך איז ניט שטאַרקער פון מענטשלעכן ווילן. ווען דו זאָלסט וועלן, וואָלסטו צו קיין גט אויך ניט געדאַרפט קומען. קאַליע מאַכן איז זייער לייכט, אָבער דאָס פאַרריכטן!״ — ער האָט איר געהאָלפן אָנטאָן דעם מאַנטל צום אַרויסגיין.

„רעד ניט אַזוי. דו ווייסט גאַנץ גוט, אַז איך האָב געוואָלט, איך האָב פּרובירט. עס קלאַפּט אָבער ניט און ס׳וועט ניט קלאַפּן״.

„אוודאי, זיכער האָסטו פּרובירט, אָבער אַן שטאַרקן ווילן. האָסט געוואָלט ס׳זאָל געשען אַ נס, אָבער גאַרניט געטאָן דערצו. קיין פאַרטיקע גליקן פאַלן ניט אַראָפּ פון הימל. ווייסט טעדי, אַז דו ווילסט אַ גט?״

„ניין, ער ווייסט, אַז ער וויל אַ ווייב, האָט ער ניט, איז ביי אים אויך רעכט, אַבי ער האָט מיך״. — האָט זי געענטפערט צווידייטיק.

„נו, זעסטו שוין, וואָס האָב איך דיר אַמאָל געזאָגט? דאָס איז דאָך ליבע״.

„אַז אַך און וויי צו אַזאַ ליבע״ — האָט זי אַ קרעכץ געטאָן.



טשאַרלי, דער הויפּט־בוכהאַלטער, וועלכער האָט ניט פּאַראַדירט מיט זיין פאַך־טיטל, נאָר געהייסן זיך רופן סתם טשאַרלי, איז קיינמאָל ניט געווען אין סעמיועל סאַראַדס הויז, ניט געקענט קיינעם פון זיין הויז־געזינד, אַ חוץ בענען, וועמען ער האָט אין די לעצטע יאָרן באַקענט. ער האָט געוווּסט, אַז ער האָט אַ טאָכטער, אָבער זי קיינמאָל ניט געזען. סעמיועל סאַראַד האָט פון איר קיינמאָל ניט גערעדט, און אויך איצט אים ניט געזאָגט, אַז די שיינע סעקרעטאַרין איז זיין טאָכטער. די בייעס, אַז דער באַלעבאָס האָט אים געפאָלגט און זיך צוגענומען אַ סעקרעטאַרין האָט אים אינטריגירט, געלאָקט צו גיין זען, וואָס זיין באַלעבאָס האָט זיך אויסגעקליבן.

פון די געציילטע ווערטער, וואָס ער האָט מיט איר גערעדט דורכן טעלעפאָן, האָט זיך אים געדוכט, אַז זי איז אַ מין שפּינגע־דגינגע, אַן איידל געוועב, קוים וואָס זי האָט אַ וואָרט אַרויסגערעדט, אָבער איר קול איז געווען ווייך און אָנגענעם, וואָס האָט גערעגט זיין נייגיר, און ער האָט אָנגעהויבן פּלאַנירן, אַז זיין באַגעגעניש מיט דעם באַלעבאָס׳ סעקרעטאַרין זאָל ניט זיין קיין צופעליקע...

די איינגעדישעטע יוגנט האָט צוריק אויפגעוואַכט ביים אַלטן בחור,

ווען ער האָט דערזען ראָזעלין ביים פאַטערס שרייב־טיש מיטן פּאַפּיר־בלאָק און פעדער אויף איר שויס. עפּעס האָט זיך אין אים אָפּגעריסן, צעפּלאָסן זיך איבער זיינע אָדערן — און זיין גאַנצע אַלט־בחורישע פילאָזאָפיע ווען אויסהיטן זיך פון פרויען איז זיך צוזאַמענגעפאַלן.

אפשר ווען ער וואָלט געוווּסט, אַז די סעקרעטאַרין איז דעם באַלעבאָס׳ טאָכטער, וואָלט ער אַזוי לייכט ניט פאַרגעסן די סיבה פון זיין אַלט־בחורשאַפט: אַז ער איז ניט קיין גרויסער פאַרערער פון דער הייראַט־אינסטיטוציע און פון יונגע פרויען, וואָס אַפילו אין זייער אונטער־באַוווּסטזיין רייסן זיי זיך צו די חופּה־שטאַנגען, און מענער מוזן זייער גאַנץ לעבן אַרבעטן אויף זיי, ביז זיי שטאַרבן פאַר דער צייט. ער האָט געוואָלט געניסן פון ליבע, אָבער ניט ווערן איר קרבן. ביז איצט האָט די אַלט־בחורישע פילאָזאָפיע ניט שלעכט זיך אויסגעלייגט פאַר אים. פאַרגעסן האָט ער אָן איר, ווען ער האָט דערזען ראָזעלין. זי האָט אים באַצויבערט מיט איר פּראָפיל פון איר טונקל פּנים, שיין פאַרמירטן קאָפּ, מיט איר פיין־געשניצטן נעזל און איר פריזור.

עפּעס פון צויבער איז געווען אין איר זיצנדיקער פּאָזע. אירע האָר זענען געווען פאַרקעמט אַזוי, אַז זיי האָבן געגלעט איר געזיכט, און דאָס צניעותדיקע ווייסע בלוזקעלע, וואָס האָט אַרומגעפּאַבלט איר האלדז איז געווען אויסגעפילט מיט ווייבלעכקייט. אין זיינע אויגן האָט זי אויסגעזען ווי אַן איטאַליענערין. אַז זי קען זיין אַ יידישע, און אַפילו סאַראַדס טאָכטער, וואָלט זיך אים אין חלום ניט געגלויבט. ער האָט איצט בלויז געזען איר ווייבלעכקייט...

ער האָט געזען, אַז זי איז אַנדערש פון אַלע סעקרעטאַרינס, וואָס ער האָט געקענט. ער איז אָבער געווען זיכער, אַז אויב זי איז אַ סעקרעטאַרין, ווייסט זי געוויס, אַז אַ קאָמפּלימענט, אַ שיינע מתנה, אַן אויסזיכט צו פאַרברענגען אַן אָנגענעמע נאַכט אין אַ בחורישן צימער, זענען אַ רפואה צו דערוואַרעמען די קאַלטסטע און פרומסטע מיידלעך...

מיט סאַלאָן־מיידלעך האָט טשאַרלי אפשר ניט געוווּסט ווי זיך אומצוגיין. אָבער מיט סעקרעטאַרינס, אַהאַ, ווייסט ער שוין גאַנץ גוט. באַלד ביי דער ערשטער באַגעגעניש זיי צו לאָזן וויסן, אַז זיי געפעלן. דאָס וועט זיי שוין ניט לאָזן רוען, וועט זיי אויפרעגן יעדעס מאָל, ווען מ׳קומט צו זיי נאָך עפּעס. זיי פאַרטראַגן ניט די שפּאַנונג אַרום זיך, זענען צופרידן ווען מ׳שאַפט שנעל אָפּ די שפּאַנונג, זענען נאָך בייהילפיק דערין...

ער האָט אויך איצט גענומען נוצן די אַלטע סטראַטעגיע זיינע. ס׳איז ניט אַדורך קיין טאָג, ער זאָל עטלעכע מאָל ניט זיין לעבן איר מיט פאַרשיידענע פראַגן און עצות. וואָס ער פלעגט געוויינלעך דערליידיקן דורכן טעלעפאָן, איז ער איצט געקומען אַהער, און יעדעס מאָל ניט

פאַרגעסן איר צוצוואַרפן אַ קאָמפּלימענט און אַ לויב־וואָרט, ביז ער האָט געוואָגט איר צו זאָגן, אַז זי באַצויבערט אים און האָט פאַרן אַוועקגיין איר איבערגעלאָזט אַ צעטעלע, אַז ער וויל זיך מיט איר טרעפן, דערביי שעלמיש צוגעוווּנקען.

ראָזעלי האָט ניט ליב געהאַט קיין קאָקעטישע שטיק ביי מענער, און זי האָט ניט געענטפערט אויף זיינע פלירטן, אויך ניט אויף זיין אונטער־געוואָרפענעם צעטעלע. ער איז איר פון ערשטן בליק ניט געפעלן געוואָרן.

אין איר ניט ענטפערן באַלד אויף זיין בריוול, האָט ער דווקא געזען אַ גוטן סימן. פון זיין דערפאַרונג מיט סעקרעטאַרינס האָט ער געוווּסט, אַז די לייכטע צום דערגרייכן צויבערן ווייניק, ווערן שנעל פאַרמיאוסט, האָבן דעם טעם פון אַ נעכטיקן איבערגעוואַרעמט מאכל, וואָס ער האָט פיינט געהאַט נאָך פון זיין טאַטנס הויז, ווו זיין מוטער פלעגט אָנקאָכן אַ מאכל זונטיק, ס׳זאָל קלעקן ביז שבת. דאָס איינציקע פרישע מאַלצייט וואָס ער פלעגט עסן אין זיין טאַטנס הויז, איז געווען זונטיק.

איצט האָט שוין טשאַרלי געהאַט נאָך אַן אויסרייד צו קומען, כדי צו פרעגן ראָזעלין ווען זי וועט זאָגן איר יאָ אויף זיין צעטעלע און אַרויסגיין מיט אים פאַרברענגען. די זעלבע פראַגע האָט ער איר געשטעלט דורכן טעלעפאָן עטלעכע מאָל אין טאָג. ער האָט אויך שוין מער זיך ניט באַשטעלט מיטן באַלעבאָס דורכן טעלעפאָן, נאָר געקומען מאַכן דאָס מינדלעך.

אַז זיין בחורישע סטראַטעגיע איז געוואָרן צודרינגלעך, איז ראָזעלין פאַרמיאוסט געוואָרן זיינע אָפטע באַזוכן, די כסדרדיקע טעלעפאָן־אָפּרופן. זי האָט לסוף צוגעשטימט אים צו זען און זאָגן ער זאָל אויפהערן מיט זיינע פלירטן, זי איז אַ פאַרהייראַטע פרוי.

טשאַרלי האָט זיך איינגערעדט, אַז אויך אויף די „שטיק" איז ער אַ מבין און איר דערקלערונג, אַז זי איז פאַרהייראַט — ניט גענומען ערנסט. זי האָט אים אויסגעזען יונג און ראַפינירט צו האָבן זיך אַזוי יונג באַזאָרגט מיט אַ מאַן, אַ באַשטענדיקן מאַן. „לאָמיר זאָגן, אַז איר זענט יאָ אַ פאַר־הייראַטע פרוי, איז וואָס? אַ פאַרהייראַטע פרוי איז אַ שקלאַף און טאָר שוין ניט אויסרעדן אַ וואָרט מיט קיינעם, טאָר ניט אָנגעקוקט ווערן פון קיינעם?"

„זייט ניט קיין נאַר. איר זעט דאָך, אַז איך גיי אַרבעטן און איך קום צווישן מענטשן. איר האָט דאָך שוין אויף מיר גענוג געקוקט. כ׳וואָלט אייך שוין געדאַרפט זיין פאַרמיאוסט".

„וואָס וואָלט ער געזאָגט, ווען ער געפינט איין, אַז עס רירט ווער אַן זיין ווייב, דאָס פריוואַט־אייגנטום זיינס? ער וואָלט מיך זיכער איינגעשפּאַרט אין תפיסה, און אייך אונטער אַ שלאָס".

ראַזעלי האָט ניט געענטפערט. די רייד האָבן איר הנאה געטאָן. זי איז געווען צופרידן צו זען, אַז זי איז נאָך פּעאיק אָנצוצינדן גלוסטעניש ביי מענער. מ׳האָט צו איר חשק ניט ווייל זי געהערט וועמען, ווייל זי האָט צוגעזאָגט צו זיין עמעצנס ווייב, נאָר ווייל מ׳וויל זי, צוליב איר.

צוליב זייער דרייסטקייט און דערוואַקסנקייט האָט זי ליב געהאַט די עלטערע מענער. אויך ער האָט אָנגעהויבן וועקן ביי איר סימפּאַטיע, זיין דערמאָנען דאָס וואָרט תּפיסה האָט ביי איר אַרויסגעבראַכט דעם געדאַנק, אַז זי לעבט טאַקע מיט טעדין אַ תּפיסה־לעבן. איז זי דען פריי צו גיין וווּ זי וויל, צו טאָן וואָס זי וויל?

ניין, זי איז געבונדן מיט חופּה־שטאַנגען, לעבט אין אַ תּפיסה אונטער פאַפּירענע שלעסער, ווו ס׳איז פאַרשריבן זייער הייראַט, וואָס איז קיין הייראַט ניט, קיין לעבן ניט. זיי האָבן זיך כמעט ניט דערקענט ווי מאַן און פרוי. זי האָט זיך אָנגעשטרענגט צו דערמאָנען זייער צוזאַמענלעבן ווי מאַן און ווייב. דער זכרון האָט קוים אַרויסגעבערענגט לאַנג־פאַרגעסענע ליבעס־וואַרעמקייט. זי איז געשטאַנען טרויעריק לעבן טשאַרלין און געשוויגן. ער האָט פאַרשטאַנען, אַז דאָס אייז איז געבראָכן...

„מיר זענען פרייע מענטשן, מיר האַלטן אָן אָפּמאַך, מיר געטרויען זיך. מיין מאַן געטרויט מיר" — האָט זי איבערגעריסן דאָס שווייגעניש.

„און איר אים?"

„אויך!"

„ווו איז אייער מאַן איצט, ווייסט איר?"

„זיכער!"

„ווי קענט איר זיין אַזוי זיכער? איר האָט אים איינגעשלאָסן?"

„איך קען מיין מאַן, כ׳ווייס ווו ער איז און וואָס ער טוט" — האָט זי געזאָגט אַ ביסל בייזלעך. זיין פרייער הומאָר איז איר ניט געווען צום האַרצן.

„וואָס טוט אייער מאַן? כ׳מיין, מיט וואָס פאַרנעמט ער זיך?" — טשאַרלי האָט געוואָלט זיך איבערצייגן צי זי איז פאַרהייראַט.

„איר האָט גרויס צוטרוי צו פרויען און מענטשן?" — האָט זי צוריק געפרעגט סאַרקאַסטיש.

„איר האָט האַלב געטראָפן. איך האָב ניט קיין סך צוטרוי צו מענטשן, אָבער ליבע צו פרויען האָב איך אַ סך. זאָגט דעם אמת, האָבן אייך מענטשן נאָך ניט אַנטוישט? אויב ניט, מעגט איר זיך פילן גליקלעך. אפשר וועלן מיר גיין אין אַ רעסטאָראַן?"

„אויב איר זענט הונגעריק דאַרפט איר גיין עסן. איך וועל מיין מיטאָג־שעה פאַרברענגען אין גאַס. דער טאָג איז אַ שיינער".

טשאַרליס סטראַטעגיע האָט געלערנט ניט צו ברענגען קיין מתּנות

צו ערשטע באַגעגענישן, כדי ניט אַרויסצוּוואַרפן קיין געלט, אויב די באַגעגעניש איז אַ ניט־געלונגענע. איצט האָט אים יאַ באַנג געטאָן וואָס ער איז געקומען מיט ליידיקע הענט. ער האָט זיך געשראָקן, אַז די באַגעגעניש וואָס איז אים אָנגעקומען אַזוי שווער, גייט אַדורך אַזוי טרוקן און וועט ביי איר ניט איבערלאָזן קיין אָפּקלאַנג, קיין רושם.

„פאַרוואָס וועט איר גאָרניט עסן? דאָס הייסט דאָך, אַז איר וועט זיך אַרומדרייען אויף דער גאַס, בעת איך וועל עסן. וועל איך דען דאָס עסן לייכט פאַרדייען, מיינט איר? קומט מיט מיר אַריין. אויב איר זענט ניט הונגעריק, טרינקט מיט מיר אַ קאַווע".

אַז זיי זענען צוריקגעקומען פון מיטאָג, איז סעמיועל סאַראַד נאָך אין ביוראָ ניט געווען. טשאַרלי האָט געבעטן ראָזעלין זי זאָל מיט אים ביינאַכט אַרויסגיין פאַרברענגען, עסן מיט אים און גיין אין טעאַטער, אויב זי וועט וועלן. אויב ניט, וועט ער זי אָפּפירן צו איר מאַן אַ גאַנצע, ס'וועט פון איר אַ האָר ניט פעלן, חלילה — האָט ער געשפּאַסט איבער איר מכלומרשטן מאַן.

„ניט היינט. ווער ווייסט ווען מיסטער סאַראַד וועט צוריקקומען און וויפל אַרבעט ס'וועט היינט זיין" — האָט זי געזאָגט.

„אַבי כ'האָב כאָטש אַ האָפענונג. אויב ניט היינט, האָף איך, אַז מאָרגן וועט איר באַוויליקן צו פאַרברענגען מיט מיר אַן אָוונט" — האָט ער געזאָגט אַ פריילעכער, פאַרגעזעגנט זיך און איז אַוועק.



סעמיועל סאַראַד האָט פונדערווייטנס געזען אים אַרויסגיין פון דער געביידע און אים געוואָלט רופן, אָבער טשאַרלי איז אַוועק אין דער פאַרקערטער ריכטונג און פאַרשוואונדן צווישן עולם אין גאַס.

„טשאַרלי איז דאָ געווען? וואָס האָט ער געוואָלט? — האָט דער פאָטער געפרעגט ראָזעלין ביים אַריינקומען אין ביוראָ.

ראָזעלי האָט געשוויגן. זי האָט ניט געקענט באַשטימען ביי זיך, צי זי זאָל זאָגן דעם פאָטער דעם אמת נאָך וואָס טשאַרלי איז דאָ געווען, אָדער ניט.

„כ'ווייס ניט, ער האָט ניט געזאָגט. ער האָט אויך ניט געמאַכט קיין באַשטעלונג".

„וואָס הייסט?" — האָט דער פאָטער ניט פאַרשטאַנען. — „צו קומען גלאַט אַזוי איז ניט געווען טשאַרליס טבע".

„כ'גלויב, אַז ער איז געקומען צו מיר, ניט צו דיר. געקומען מיט מיר אַ פלירטעווע טאָן. ער גלויבט ניט, אַז איך בין פאַרהייראַט. ער ווייסט דאָך ניט ווער איך בין" — האָט זי דערציילט די סיבה פון טשאַרליס קומען.

„ער ווייסט טאַקע ניט ווער דו ביסט. אויב ער קומט מיט דיר פלירטעווען, דאַרף מען אים דאָס זאָגן, דעם אַלטן בעל־עבירהניק! זאָל ער וויסן ווער דו ביזט".

„האַ, וואָס?" — האָט ראַזעלי אויפגעהויבן צו אים פרעגנדיקע אויגן.

„כ'מיין, דער אַלטער בחור. ווי קומט ער צו דיר? ווי וואַגט ער!"

„ווען ער ווייסט ווער איך בין, וואָלט ער אפשר ניט געוואַגט" — האָט ראַזעלי געזאָגט, אָבער ביי זיך האָט זי געטראַכט, אַז ער וואָלט סיי ווי געוואַגט.

„זאָל ער אויפהערן זיך טשעפּען צו דיר, פאַרדרייען דיר דעם קאָפּ. דו ביסט אַ פאַרהייראַטע פרוי. ער דאַרף דאָס וויסן. ווי וואַגט ער?"

„אָבער כ'בין קיינעמס שקלאַף" — האָט זי אים איבערגעריסן.

„ווער זאָגט דאָס אַזוי, טעדי?"

„טעדי זאָגט גאַרניט. הלוואי וואָלט ער יאָ געזאָגט".

„ער האָט דיך ליב און איז שטאָלץ מיט דיר".

דערויף האָט ראַזעלי ניט געהאַט וואָס אויסצוזעצן. ס'איז געווען אמת. טעדי האָט זי באמת ליב געהאַט. ער האָט עס איר אפשר ניט אַרויסגעוויזן אַזוי באַמבאַסטיש־שרייענדיק, ווי יונגע ליבהאָבער, אָדער ווי אַלטע שיקסע־קריכער. ער האָט זי ליב געהאַט אויף אַן אַנדער אופן, ניט דראַמאַטיש, נאָר דורך ליידן און שווייגן.

ראַזעלי האָט ניט געקענט פילן קיין ליבע דורך ליידן. זי האָט זיין שטילע ליידנדיקע ליבע ניט פאַרשטאַנען און ניט געקענט פאַרטראָגן. זי האָט אים אָפּגעשטויסן און באַליידיקט זיין שטאָלץ, אים ניט געלאָזט זיך צורירן צו איר, תמיד פאַרוויקלט אין אירע שלאָף־מלבושים, ווי זי וואָלט געלעגן נעבן אַ פאַרגוואַלטיקער, ניט ביי איר מאַן.

טעדי האָט זי ניט געוואָלט באַליידיקן און דערברענגען צו דראַסטישע צוזאַמענשטויסן, האָט ער געליטן און געשוויגן, געוואַרט און געהאָפט, אפשר וועט זי כאַטש אים אויפהערן פיינט האָבן. זיינע אַלע באַמיאונגען איינצונעמען זי מיט גוטן האָבן ניט געענדערט גאַרניט. מיט בייזן, ווידער, האָט ער פשוט ניט געוווסט ווי אַזוי. האָט ער שווייגנדיק געליטן.

איינמאָל, ווען זי איז געקומען פון אַ באַגעגעניש מיט טשאַרלין, שפּעט ביינאַכט, און אים געטראָפןביים צוגרייטן זיך אַ טרונק אין קיך, האָט זי אים, אַן שום פאַרברייטונג, פאַרגעשלאָגן ער זאָל איר געבן אַ גט:

„וואָס דאַרפסטו דען מיך? איך טויג ניט פאַר דיר. איך בין שלעכט הן פאַר דיר און הן פאַר מיר — פאַרביידן".

ער האָט געשוויגן. געלאָזט אויסזידן דאָס וואַסער אין קריגל, געבליבן איז ניט מער ווי אַ האַלב טעפּעלע וואַסער, וואָס ער האָט פאַרפילט מיט

מילך און קאַווע, געטרונקען פּאַמעלעך, כּדי צו ווייזן, אַז ראַזועליס פאָדערן אַ גט האָט אים ניט אַרויסגעפירט פון גלייכגעוויכט.

„פאַר אַן אַנדערן", — האָט ער אַריינגעזאָגט אינעם טעפּעלע קאַווע.

ס'איז שווער געווען צו כאַפּן דעם מיין פון זיין זאָג: „פאַר אַן אַנדערן". זי איז ניט געווען זיכער, צי ער האָט עס געזאָגט ווי אַ פראַגע, אָדער ווי אַ צוזאָג, אַז פאַר אַן אַנדערן מאַן וועט ער איר געבן דעם גט.

„וואָס מיינסטו, אַז נאָר פאַר אַן אַנדערן מאַן וועסטו מיך גטן?"

„האָסט גוט פאַרשטאַנען".

„אַנדערש ניט?"

„אַנדערש, צו וואָס דאַרפסטו אַ גט?"

„כ'וויל זיין פריי".

„מיט וואָס ביסטו דען היינט ניט פריי?"

„און דו? ווילסטו ניט פריי ווערן?" — האָט זי געשטויגט פון זיינע ענטפערס.

„פריי? פאַר וועמען? צוליב וועמען?" — האָט טעדי געזאָגט רואיק.

ס'האָט זיך איר געדוכט, אַז זיינע רייד קומען ווי פון אַ הוילער פאַס אַרויס, פרעמד און ניט נאַטירלעך איז געווען זייער אָפּקלאַנג. זי איז געווען צעטומלט פון זיינע ענטפערס.

„אויב דו ווילסט קאַווע אויף מילך, וועל איך פאַר דיר אויפקאָכן" — האָט ער געזאָגט און זיך אויפגעשטעלט טאָן איר ווילן.

„ניין, אַ דאַנק", — האָט זי זיך אויפגעכאַפּט און איז אַנטלאָפן אין שלאָפצימער, אויסגעטאָן זיך אין דער פינצטער און אַריין אין בעט.

ער איז געבליבן אין קיך די גאַנצע נאַכט, דאָרט האָט ער געדרעמלט טיילווייזע מידע מינוטן, וואָס זענען אים באַפאַלן, און מיטן שפּראָץ פון טאָג איז ער אַוועק צו זיך אין אָפיס, ווו ער האָט אויפגענומען זיינע פּאַציענטן.

צומאָרגנס נאָך איר איבעררייד מיט טעדין, האָט דער פאָטער דערקענט אויף איר פּנים, אַז זי האָט געהאַט אַ שלאָפלאָזע נאַכט. די סיבה דערפון, האָט ער אָנגענומען, איז דער אַלטער בחור, דער הויפּט־בוכהאַלטער זיינער. ער האָט באַשלאָסן נאָך היינט מיט אים איבעררעדן וועגן דעם, ניט לאָזן עס מער פאַרשלעפּן אין דער לאַנגער באַנק אַריין.

ער איז געגאַנגען זיך זען מיט טשאַרלין און איז זיכער געווען, אַז טשאַרלי וועט בעסער מוחל זיין אויף ראַזעלין, איידער איינשטעלן זיין שטעלע ביי אים.

ווי דערשטוינט איז ער אָבער געוואָרן, ווען ער האָט געזען און געהערט, אַז טשאַרלי ווערט ניט נתפּעל, פאַרלירט אַפילו ניט פון זיין

געוויינלעכן הומאָר און ווערט ניט איבערראַשט פון דער נייעס, אַז די סעקרעטאַרשע, מיט וועלכער ער פלירטעוועט שוין עטלעכע וואָכן, איז די טאָכטער פון זיין באַלעבאָס. ווי ער וואָלט שוין געוווינט געוועזן צו אַזעלכע רעוועלאַציעס, און זיי מאַכן אויף אים קיין שום איינדרוק ניט.

ער איז זיך געזעסן און אַריינגעקוקט אין זיינע ביכער, אַפילו איין מאָל דעם קאָפּ פון זיי ניט אַרויסגענומען. אויסגעהערט, געשוויגן און געאַרבעט.

סאַראַד האָט געוווּסט, אַז טשאַרלי איז אַ קאַלטע לונג-און-לעבער, אָבער זיין איצטיקע האַלטונג האָט אים פּשוט גענומען אויפרעגן. ער האָט פיינט געהאַט זיך איבערצוחזרן, ניט פאַרטראָגן אַז מ׳רעאַגירט ניט אויף זיינע רייד. טשאַרלי האָט געמוזט דערפילן זיין שטימונג און ער האָט ענדלעך אויפגעהויבן דעם קאָפּ און געזאָגט:

„קיינער גלויבט ניט אַן אַלטן בחור, און איר וועט אויך ניט גלויבן, אַז איך וועל אייך זאָגן, אַז איך האָב אייער סעקרעטאַרשע ליב געקראָגן פון ערשטן בליק אָן. איצט אָבער איז זי דאָך פאַר מיר פּשוט אַ מציאה!"

„האָסט נאָך ניט די מציאה אין דיין קעשענע, פריי זיך נאָך ניט".

„וואָס זשע האָט איר אַזוי מורא?"

„ווער האָט מורא, ווער? כ׳בין דיר געקומען קלאָר מאַכן עטלעכע זאַכן און דיך וואָרענען. ערשטנס — איז זי ייִנגער פון דיר מיט שיינע עטלעכע יאָר. צווייטנס — איז זי שוין פאַרהייראַט, און דריטנס — וועט איר מאָן זי ניט גטן, ווייל ער האָט זי ליב. וואָזשע דאַרפסטו זיך מיט איר פאַרדרייען דעם קאָפּ?"

„איר האָט פאַרגעסן אַ פערטע זאַך, — האָט טשאַרלי געזאָגט, — איר קענט דאָך מיך אַרויסוואַרפן פון מיין דזשאָב, כ׳קען פאַרלירן מיין שטעלע, אויב איך וועל זיך ניט אָפּטשעפּען פון אייער טאָכטער".

„נו? — זאָגט סעמיועל סאַראַד אַ צופרידענער — פאַרשטייסטו דאָך די זאַך, טשאַרלי, זייער גוט".

„מיין ענטפער איז, אַז אויב זי וועט מיך וועלן, וועל איך זי צוכאַפּן מיטביידע הענט, אַפילו גיין פאַר איר איבער די הייזער. אָבער איר, ווו וועט איר, מיר־ניט דיר־ניט, שנעל באַקומען אַ געניטן בוכהאַלטער פאַר אייערע געשעפטן?"

סעמיועל סאַראַד איז צוריקגעגאַנגען פון זיין באַזוך ביי טשאַרלין אַן אָפּגעשמיסענער. דער אמת איז, אַז די גאַנצע שולד טראָגט זי, זיין טאָכטער, זי דערמוטיקט אים, ציט אים צו זיך.

באַלד אָבער האָט ער צוריק געטענהט: „וואָס איז זי אייגנטלעך שולדיק אין דעם, וואָס זי איז אַ שיינע, אַז מען האָט זי ניט געלערנט ווי אַזוי די שיינקייט זאָל זיין פאַר איר אַ ברכה, ניט קיין קללה".

„ביי אים איז עס זייער ערנסט. ס׳איז ביי אים ניטאָ קיין אונטערשייד ווערמענס טאָכטער דו ביסט" — האָט ער געזאָגט צו ראַזעלין, ווי נאָר ער איז אַריין אין אָפּיס.

„דאָס זעלבע אויך ביי טעדין. ער איז מיר גרייט צו געבן אַ גט צוליב אים".

„דו ביסט משוגע און ער איז משוגע. אַך, די היינטיקע וועלט, זי צעמישט מיך ממש! — האָט ער זיך אָנגעכאַפּט ביים קאָפּ, — „די וועלט גייט פון זינען אַראָפּ!, — איז ער געבליבן שטיין מיטן מאַנטל אין דער האַנט.

„אַז דו ביסט געגאַנגען צו אים, מעגסטו גיין אויך צו דיין איידעם און זיך איבערצייגן. ער איז פאַר אַן אַנדערן מאַן וויליק מיר צו געבן אַ גט. ער האָט עס מיר אַליין געזאָגט, ערשט נעכטן ביינאַכט".

„כ׳גלויב ניט, כ׳גלויב ניט! נו, און דו? ביסט גרייט אויסטוישן טעדין פאַר טשאַרלין?" — האָט ער זי דורכגעדרונגען מיט זיינע אויגן.

ראַזעלי האָט געשוויגן, קיין חשק ניט געהאַט אַריינצולאָזן זיך אין לאַנגע וויכוחים מיט אים איצט, בעת זיין אויפגערעגטן צושטאַנד. זי האָט געוווּסט, אַז ער נעמט זיך איר לאַגע צום האַרצן, נעמט אויף זיך די שולד פאַר איר צעבראָכן לעבן, וואַרפט זיך פאַר קמצנישע קאַרגשאַפט לגבי איר, ווי לגבי אַלע סאַראַדס, זיי גאַרניט געגעבן מיט גוטן, מ׳האָט געדאַרפט ביי אים נעמען מיט געוואַלד, דורך תחבולות אויסנאַרן.

„טראַכסטו ניט ווידער אָפּצונאַרן ביידן? אַ האַלב לעבן האָסטו שוין אָפּגעלעבט אין זעלבסטנאַרעריי. לאָז זיך מער ניט פאַרפירן פון דיינע געפילן", — האָט ער זיך ביי איר געבעטן.

וואָס דער פאָטער האָט פאַר איר אַרויסגעזאָגט איצט, פון דעם האָט זי געטראַכט אַ גאַנצע נאַכט. וואָס ביי איר איז געווען אויף דער לונג, האָט דער פאָטער אַרויסגעבראַכט אויף דער צונג, אין אַ זייער בייזן, אויפגערעגטן טאָן. און דאָס האָט זי דעם פרימאָרגן פאַרטריבן פון זיין אָפּיס, זי איז מער ניט צוריקגעקומען. טשאַרלין האָט זי טעלעפאָנירט, ער זאָל צו איר קומען. זי וויל זיך מיט אים טרעפן ביי איר אין הויז, און די באַשטעלונג האָט זי געמאַכט אויף שפּעט ביינאַכט, ווען טעדי וועט שוין זיין אין הויז.

טשאַרלי האָט דעם גאַנצן טאָג געמאַכט פאַרשיידענע פּלענער וועגן זיין פאַרשטייענדיקער טרעפעניש מיט ראַזעלין. ער האָט זיך שוין באַוואָרנט מיט אַ שיינער מתנה — ניט צו קומען מיט ליידיקע הענט. ער האָט אויסגעקליבן דאָס שענסטע און בעסטע, דאָס טייערסטע שאַכטל שאָקאָלאַד. „נישקשה, ער קען זיך דערלויבן, אויב נאָר פאַר דער ריכטיקער פרוי", — האָט ער געטראַכט.

אויך ראַזעלי האָט זיך געגרייט צו דער באַגעגעניש: זי האָט זיך אויסגעפּוצט אין אירע שענסטע און בעסטע קליידער, פאַרקעמט די האָר ווי דאַן, ווען ער האָט זי געזען דאָס ערשטע מאָל און איז באַצויבערט געוואָרן פון איר.

ס'איז געשען, ווי זי האָט אויסגערעכנט: טעדי איז שוין געווען אין הויז, ווען טשאַרלי איז געקומען. ווי נאָר זי האָט אים אַריינגעפירט אין אויפנאַם־צימער, האָט זי אָן שום צוגרייטונגען אים פאַרגעשטעלט פאַר טעדין און באַלד צוגעגעבן:

„טשאַרלי וויל מיט מיר חתונה האָבן, אויב דו וועסט מיר געבן אַ גט", — האָט זי ניט אַראָפּגענומען די אויגן פון טשאַרלין.

טשאַרלי איז געשטאַנען אַ צעטומלטער. ראַזעלי האָט אים געהאַלטן צוגעשמידט צו זיין אָרט. ער האָט תמעוואָטע צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ — יאָ, ער וועט מיט איר חתונה האָבן, אויב זי וועט קריגן אַ גט. טשאַרליס קאָמישע פאַרלעגנהייט, דאָס גלאָצן מיט זיינע גלעזערנע אויגן צו איר און צו טעדין האָט איר הנאה געטאָן.

טעדי האָט מיט רחמנות געקוקט אויף דעם צערודערטן טשאַרלין, מיטן קעסטל זיסקייטן אין דער האַנט. ער איז געווען אין זיין אייגן הויז, אויף זיין ווייבס איינלאַדונג, ער זאָל זען ווער ס'וויל מיט איר חתונה האָבן. ער האָט געשטילט זיין בייגיר, פאַרלאָזט דאָס הויז, שטיל, קוים וואָס מען האָט געהערט זיין „גוטע נאַכט".

די נאַכט איז געווען אַ רואיבירטע פאַר אַלעמען, אַפילו פאַר טשאַרלין, וועלכער איז געוווינט געווען צו אומאַנגענעמלעכקייטן און ניט־באַקוועמע סיטואַציעס. באַלד נאָך טעדיס אַוועקגיין, האָט ער זיך אויפגעשטעלט צום גיין, באַשטעלנדיק זיך מיט איר צו טרעפן מאָרגן.

„ניט מאָרגן, איך וועל שוין קלינגען", — האָט זי אים באַגלייט צו דער טיר. ער איז זיכער געווען, אַז זי וועט איצט האַלטן וואָרט. ביז זי וועט קריגן דעם גט וועט זי שוין זיין צוגעוווינט צו אים און וועט זיך שוין אָן אים ניט קענען באַגיין, האָט ער זיך אַליין באַרואיקט.

אָבער אַז דער צוגעזאָגטער מאָרגן האָט זיך פאַרצויגן אין די איבער־מאָרגנס און איבער־איבער־מאָרגנס אַריין, האָט ער זיך צוגעשטעלט צו איר טיר אומגעריכט, אָן שום וואָרענונג, מיט אַ מתנה, און האָט אָנגעקלונגען.

זי האָט געמאַכט דעם אָנשטעל, אַז זי איז צופרידן אים צו זען, און מיט אַ פריילעך פּנים אים אַריינגעבעטן אין הויז. באַזעצנדיק אים אין גאַסט־שטוב, האָט זי זיך לייכט געבייזערט אויף אים, פאַרוואָס ער ברענגט אויס געלט אויף מתנות פאַר איר, און איז אַוועק צוגרייטן עפּעס

צו טרינקען פאַרביידן.ביים שוועל האָט זי זיך דערמאָנט צו פרעגן:
„וואָס טרינקט איר?"

„ניט קיין שאַרפע געטראַנקען, טיי אָדער קאַווע".

„פאַרוואָס דען ניט?" — האָט זי זיך געוווּנדערט.

„איך בין ניט קיין אַלקאָהאָל־טרינקער", — האָט ער געזאָגט מיט אַ באַהאַלטענעם שטאָלץ, ווי געוואָלט זיך באַרימען פאַר איר מיט דער מעלה, וואָס ער טרינקט ניט.

„אין קאַרטן שפּילט איר?" — האָט זי ניט אָפּגעלאָזט.

„כמעט ווי ניט", — האָט ער זיך געשעמט פאַר איר צו זאָגן, אַז ער ווייסט ניט ווי מען האַלט אַ קאָרט אין דער האַנט.

„וועלכע מאָדערנע חסרונות באַזיצט איר יאָ?"

„מיינע שונאים האָבן אויף מיר אויסגעטראַכט, אַז איך לויף אַרום מיט פרעמדע ווייבער", — איז ער געווען מיט איר אויפריכטיק.

„אָבער ס'איז דאָך ניט אמת. איר זוכט אוודאי בלויז אמתע ליבע", — האָט זי אים אָפּגעצאָלט מיט לייכטן הומאָר.

„ס'איז אמת און ניט אמת. איך האָב ניט בלויז געזוכט ליבע, נאָר אויך שוין אין איינוועגס פאַרזוכט פון איר", — איז ער ווידער געווען אויפריכטיק.

„זאָגטזשע מיר, כ'מיין אַז איר וועט ניט אויפנעמען די פראַגע צו פערזענלעך, פאַרוואָסזשע האָט איר ביז איצט ניט געהייראַט דורך ליבע? אָדער אפשר האָט איר זי ביז איצט ניט געפונען?"

„פשוט, איך האָב מורא געהאַט, אַז די הייראַט וועט אַ סוף מאַכן צו מיין ליבע". — ער האָט געמאַכט אַזאַ פּנים־אויסדרוק, ווי ער וואָלט זיך זשענירט פון איר פראַגע. אָבער אין האַרצן איז ער צופרידן געווען פון דער געשטעלטער פראַגע און זיך געגרייט איר געבן אַ לעקציע וועגן דעם.

„אסור אויב איך פאַרשטיי אייך", — האָט זי ניט באַהאַלטן איר נייגעריקייט און אַנגעשטעלט אויף אים אירע כישוף־אויגן.

„לויט מיין מיינונג, איז ליבע אַ קראַנקהייט, איבערגעגעבן צו אונדז בירושה פון אונדזערע עלטערן. פון זיי האָבן מיר זיך אַנגעשטעקט מיט ליבע־באַצילן, נאָך פאַרן געבורט. ווי נאָר מיר וואַקסן אַרויס פון די קינדער־שיכלעך, הויבן מיר אָן קרענקען אויף דער ראָמאַנטישער קרענק. ווי לאַנג די ליבע איז פריי, לעבט זי און דויערט, אָבער אַזוי שנעל ווי מיר פאַרבינדן די ליבע מיט הייראַט, הויבט זי אָן ווערן צו רייף, וואַקסט אויס און ווערט פאַרבלאַסט, פאַרוועלקט. וואָס איז דער רעזולטאַט פון דער רייף־געוואָרענער, געבונדענער הייראַט־ליבע? קאַטאַסטראָפע! גט! די הייראַט האָט אָוועקגעהרגעט די ליבע. דווקא זי טויט עס".

ראַזעלי האָט ניט באַהאַלטן איר אינטערעס ווייטער צו הערן, און

דאָס האָט אים הנאה געטאָן. ער האָט זיך צוגעזעצט נעענטער צו איר און אָנגעהויבן אויפסניי.

„דאָס איז אַ פאַקט, ניט אָפּצולייקענען. איר זענט מיין לעבעדיקער עדות, אַז ניט־פאַרהייראַטע ליבע לעבט אייביק און די פרייע ליבע באַנייט זיך, נאָר די פאַרהייראַטע ליבע ענדיקט זיך מיט אַ גט, אָדער זי שטאַרבט אָפּ צוזאַמען מיט די פאַרליבטע".

ראַזועלי האָט אויך ניט באַהאַלטן איר סאַרקאַסטיש שמייכעלע איבער זיין אייגן־געמאַכטער ליבע־ און הייראַט־פילאָזאָפיע, און זי האָט גענומען אָפּפאָנירן:

„אייער פילאָזאָפיע האָט ניט קיין שום לאָגישן באַזיס. אמתע ליבע צעשטערט ניט קיין הייראַט. מיליאָנען זענען גליקלעך פאַרהייראַט און טויזנטער בלויז גטן זיך. מענטשן שטאַרבן ניט פון פאַרהייראַטע ליבע. ליבע איז אָפּטמאָל שטאַרקער פון טויט. איר ווייסט ניט פון דעם?"

„אין די ראָמאַנען־ביכלעך, אין דער פאַנטאַזיע פון פיפיקע שרייבער. אין אמתן לעבן פאַרקירצט די הייראַט די יאָרן פון אירע פאַרליבטע, פריער פון די מענער און דערנאָך פון די פרויען. צו דער פרוי איז די ליבע־קרענק מער גנעדיק, זי געניסט פון איר מער פון מאַן. ער איז זיך מקריב פאַר דער פרוי און דער ליבע, און זיי פאַרקירצן אים די יאָרן. דאָס איז אפשר ניט לאָגיש, אָבער ס'איז אַ פאַקט".

„פאַרוואָזשע היט איר זיך ניט? פאַרוואָס ווילט איר אַליין גיין מיט אייער געזונטן קאָפּ אין בעט אַריין מיט דער קראַנקער ליבע? פאַרוואָס האָט איר פאַרגעסן צו זיין פאָרזיכטיק?" — האָט זי אָנגעהאַלטן איר סאַרקאַזם.

„ס'איז דאָך אַ קרענק, אויף וואָס יעדער מאַן און פרוי מוז קרענקען, יעדער מענטש מוז עס איבערקומען, ווי אַ שטייגער פּאָקן און מאַזלען".

„ווילט איר זיך מיט מיר לאָזן פּאָקן שטעלן? איר דענקט מיט מיר איבערצוקומען אייער ליבע־קרענק? כ'דאַרף אייך דעריבער וואָרענען, אַז איר קענט אַמאָל דורך מיר קראַנק ווערן אויף דער אמתער הייראַט־קרענק. ווי שטאַרק איז אייער ווידערשטאַנד־פעאיקייט? איר פילט זיך שטאַרקער פון מיינע פרויען־באַצילן?"

„ניט שטאַרקער, נאָר אין גלייכער מאָס. איר האָט זיך שוין אָפּגעבריט ביים הייראַט־פייער, און אויך איך האָב שוין פאַרזוכט פון דעם מאכל. מיר ביידע האָבן שוין געקרענקט אויף ליבע. מיר זענען ביידע גלייך אימיוניזירט, ווידערשטאַנד־פעאיק ניט צו לאָזן זיך אַריינלייגן אין דעם סדום־בעטל פון הייראַט..."

„אפשר איר. ביי מיר זענען זיי נאָך שטאַרק און לעבעדיק די

ליבע און די הייראַט־באַצילן, טראָץ דער ניט־געלונגענער הייראַט מיינער",
— האָט זי געזאָגט האַלב אין שפּאַס.

„אויך דאָס איז אמת. איר האָט מיך אַנגעשטעקט מיט זיי און איך קרענק זיי צוזאַמען מיט אייך". — ער האָט זיך צוגערוקט נעענטער צו איר און זי געוואָלט אַרומנעמען.

„נו, נו, דערווייל מוזן מיר וואַרטן ביז דער דאָקטאָר וועט אַרויסגעבן דעם „טויטן־שיין" פאַר אונדזער הייראַט, ביז ער וועט אונדז געבן דעם גט זיינעם. ווייסט איר, אַז מיין מאַן איז אַ דאָקטאָר?"

ער האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ אויף יאָ. קוקנדיק אויף דער גראַציעז־שיינער פרוי מיט די פאַרכישופטע אויגן, האָט ער זיך געטראַכט: ער וואָלט ניט געגלויבט, אַז זי קען זיין אַזוי קאַלקולירט־אויסגערעכנט מיט איר ליבע, אַז זי צעשטערט אַזש אַן אייגענע הייראַט, אוודאי צוליב עפּעס אַ קאַפּריז.

ער האָט ניט געקענט פאַרגעסן דעם אָוונט פון זיין באַגעגעניש מיט איר מאַן, איר קאַלט און ברוטאַל פאַרשטעלן אים ווי דעם מאַן וואָס וויל מיט איר חתונה האָבן, כאָטש ער האָט דאָס איר קיינמאָל ניט געזאָגט. ער האָט זיך אויך ניט געקענט באַפרייען פונעם איינדרוק, אַז זי איז דאָס די, וואָס צעברעכט איר הייראַט־לעבן. געפילט האָט ער, אַז דער שטילער מענטש איז אַ קרבן, און ער באַצאָלט פאַר אַ צווייטנס זינד.

אַזוי האָט ער איצט געפילט נאָך דעם אָפענעם געשפּרעך מיט איר. אַלע פריערדיקע פּלענער זענען איצט צערונען געוואָרן. אויב די שיינע פרוי איז די צעשטערערין פון איר ליבע, איז וויפל קען זי שוין געבן? — האָט ער זיך געטראַכט.

ער האָט איצט געזען אין אירע אויגן אַ מין טראַציקייט, פאַרשוווּנדן איז דער צויבער פון זיי. אומהיימלעכקייט האָט זי געשפּרייט אַרום זיך. ער האָט זיך פּלוצים דערפילט אומבאַקוועם נעבן איר, און פאַרגעלייגט זיך צו טרעפן מיט איר, ווען זי וועט אים אָנקלינגען, און איז אַוועק.

אַוועק איז ער מיט גרויס חשק צו לאָזן וויסן איר מאַן, דעם דאָקטאָר, אַז ער וועט מיט איר ניט חתונה האָבן, אַז ער האָט עס איר קיינמאָל ניט געזאָגט. אָבער ער האָט זיך די שוואַכקייט ניט נאָכגעגעבן. ער איז ניט מחויב אים זוכן, כדי אים צו דערציילן...

און דעם אַלטן פוקס, דעם באַלעבאָס זיינעם, וואָס מאַכט דעם אָנשטעל, קומט סטראַשען און וואַרענען, מ'זאָל חלילה ניט אָנרירן דאָס אָפּגעוועלקטע עפּעלע זיינס... אויך אים וועט ער גאָרניט זאָגן. זאָל ער זיך אויך האַלטן מיט זיין אילוזיע, ביז דער סקעלעט וועט אַליין אַרויסקריכן פון שאַנק... אָבער די חוצפּה זיינע וועט ער גוט געדענקען, האָט ער ביי זיך באַשלאָסן.

ער איז געוועזן גוט אויפגעלייגט, טראָץ דער ניט־געלונגענער נאַכט,

און צופרידן, וואָס ער האָט איר אַריינגעזאָגט, איר דערקלערט זיין קוק אויף ליבע און הייראַט, און זי ווייסט שוין וואָס ער וויל. אויב זי וועט קלינגען, וועט זי, ווי אַ רייפער עפל פון בוים, זיין גרייט צו אַלץ...

זי וועט זיין ווי אַלע אַנדערע מיידלעך זיינע, בעסער נאָך. דערווייל פאַסט ער ניט קיין תעניתים, ס'פעלן אים ניט קיין מיידלעך, אַדער ווייבלעך. ער האָט זיך פאַרקירעוועט אַהיים און געטראַכט, אַז זי איז נאַריש. האָט זי ניט געקענט האָבן אַ ביסל פאַרגעניגן פון איר לעבן? זי איז אַ שיינע פרוי, אָבער אַ נאַר. אויב זי וועט ניט קלינגען, דאַרף מען ניט. ער וועט שוין מער צו איר ניט גיין. ער וועט זיך צוריק אַנהויבן פירן ווי אַמאָל. מער וועט ער שוין ניט אַריינגיין צו סאַראַדן אין אָפיס אַריין. זאָל זי ניט מיינען, אַז ער קען זיך אָן איר ניט באַגיין.

# קאַפּיטל 29

אין דער צייט וואָס סעמיועל סאַראַד איז געווען פאַרנומען מיטן צעטרייבן די כמאַרעס און שוואַרצע וואָלקנס, וואָס ראַזעלי, זיין איינציקע טאָכטער, האָט אַנגעזאָגט אויף זיין הימל, האָט זיין זון בען איבערגענומען אומגעשטערט דעם גאַנצן רודער אין די סאַראַד־אונטערנעמונגען. ער האָט זיי מאָדערניזירט, אַריינגעשטעלט נייע מאַשינען אין אַלע פאַבריקן און פאַבריקלעך, אַ חוץ אין דער פאַרבעריי־ און שמאַטע־פאַבריק. ער האָט באַזעצט אַלע אַמטן־פּאָזיציעס מיט נייע יונגע מענטשן, מיט פרישע כוחות, וואָס האָבן געקענט נאָך אים.

עלי, זיין מיידל, האָט ער טאַקע געמאַכט פאַר זיין סעקרעטאַרין און געגרייט זיך מיט איר חתונה צו האָבן ביי דער ערשטער געלעגנהייט, אָן קיינעמס וויסן. אַפילו עליס אירלענדישע עלטערן וועלן ניט וויסן. אַלעמען וועט ער שטעלן פאַר אַ געשעענעם פאַקט מיט זיין הייראַט. דערווייל האָט ער הנאה געהאַט פון זיין עלין און פון זיינע נייע איינפירעכצן אין זיין טאַטנס נייע פאַבריקן און געשעפטן.

ער האָט ליב געהאַט זיך צוצוקוקן צום אייזן און שטאָל, שרויפן און רעדלעך, ווי זיי באַוועגן זיך לעבעדיק; ליב געהאַט זייער מאַשין־ גערויש און האָט פיינט געהאַט דאָס רעדן און פּלאַפּלען פון די מענטשן דאָרט. בלויז באַוועגונגען פון מענטשן און מאַשינען אַרום זיך, האָבן אים פאַרכאַפּט. האָט ער זיך טאַקע געפילט ווי אַ פּאַפּעטירער, וואָס באַוועגט מיט די מאַריאָנעטן־ליאַלקעלעך, מאַכט זיי שטיין, גיין, טאַנצן.

ער האָט געהאַט דעם פּאַטערס מעלה צוצוציען מענטשן צו זיך. מ'איז

געקומען צו אים, ווי אַמאָל צום פאָטער, איידער ער האָט זיך אָפּגעזונדערט און גענומען זיי אויסמיידן. דער פאָטער אַליין האָט זיי געשיקט צום זון, אָבער מיט דער צייט, זענען זיי שוין אַליין געגאַנגען צו בענען.

בען האָט אויפגענומען יעדן מיט אַ שמייכל, פאַר יעדן געהאַט אַ גוט וואָרט. ער איז איצט בײַ זיי געווען דער פּאַקטישער באַלעבאָס, און סעמיועל סאַראַד דער שטילער שותף. אַלץ האָט זיך אַרויסגעגליטשט פון סעמיועל סאַראַדס הענט. ער איז געוואָרן די דריטע האַנט, נאָכן בוכהאַלטער, ווייל טשאַרלי איז אין מערסטע פאַלן געגאַנגען מיט בענען, דעם יונגן, פאַקטישן באַלעבאָס.



דער מידער און געעלטערטער פאַר דער צייט סעמיועל סאַראַד, איז געווען צופרידן איבערצוגעבן די פירערשאַפט פון זיין אימפּעריע צו זיינע זין. דאָס איז דאָך געווען זיין חלום, זיין האָפענונג, צו זען איבער זיינע אונטערנעמונגען שילדן: „סעמיועל סאַראַד און זין".

און ער האָט אָנגעקוואָלן צו זען, ווי זיין חלום הויבט זיך אָן פאַרווירקלעכן, וואָס בען האָט דערפאָלג און אַן ערנסטע באַציאונג צו אַלץ, וואָס האָט צו טאָן מיט האַנדל און פּראָדוקציע.

ס'איז אים זייער געפעלן, וואָס בען האָט צוגעצויגן זיין ייִנגערן ברודער אברהמלען צו דער פירונג, און טיילט מיט אים די פירערשאַפט, פירט אים אַריין אין די האַנדלס־קרייזן, פירט זיך מיט אים, ווי אַן עלטערער ברודער דאַרף זיך פירן.

דאָס האָט אים דערמוטיקט. ער האָט אָנגעהויבן ווידער זיך אַרומטראָגן מיטן אַלטן געדאַנק אַריינצוציען אויך טעדין, דעם דאָקטאָר, אין זיין אינדוסטריעלער מלוכה; זאָל די גאַנצע סאַראַד־דינאַסטיע באַהערשן די סאַראַד־אימפּעריע.

און אַזוי, מיט דער האָפענונג און באַנייטן פּלאַן, איז ער אַוועק צו טעדין אים אויפסניי פאַרצושלאָגן אַ חלק־ונחלה אין זיין אימפּעריע, פאַרן פרייז פון ניט געבן קיין גט דער טאָכטער.

„ווו איז דאָס געהערט געוואָרן — האָט ער איינגעטענהט — אַז אַן אייגענער מאַן זאָל גרייט זיין אַוועקצוגעבן זיין ווייב צו אַן אַנדערן?"

טעדי האָט עקשנותדיק געשוויגן און ניט געענטפערט אויף זיין שווערס טענות. וואָס האָט ער דען געהאַט צו ענטפערן, וואָס דער שווער האָט ניט געוווּסט? ער האָט אַפילו פאַרשוויגן זיינע טענות צום שווער אַליין.

„נו, וועסט מיר גאַרניט ענטפערן? וועסט שוין אַזוי אָפּשווייגן דיינע

יאָרן? דו פאַרשווייגסט איר צופיל. נעם רעדן...״ — האָט דער שווער געפּאַדערט פון זיין איידעם.

„וואָס איז דאָ וועגן וואָס צו רעדן? איר ווייסט דאָך, אַז איך פאַרדין קוים אויפן עסן. ווו וועל איך נעמען צו צאָלן איר אַלימענטן? איז גלייכער אַזוי. מיטן גט וועל איך זיך אַן עצה געבן. זי פאַרלאַנגט אַ גט, און דאָס, וואָס זי פאַרלאַנגט קריגט זי. איר דאַרפט דאָס שוין וויסן...״

„זי דאַרף ניט קיין אַלימענטן, איך וועל צאָלן — האָט ער זיך אַרויסגעכאַפּט, און זיך אַזש פאַריאַנקעט, ווי די ווערטער וואָלטן זיך אים פאַרקייקלט אין מויל. — אוי, איר מאַכט דאָך מיך משוגע, איך ווייס שוין ניט, וואָס איך רעד! זי דאַרף ניט קיין גט, זי דאַרף האָבן אַ קינד!״ — האָט ער זיך צעשריגן, אַזש טעדיס פּאַציענטן אין וואַרטזאַל האָבן אים געהערט.

„אָבער זי וויל דאָך אַ גט, ניט קיין קינדער. זי ש...״ — האָט טעדי אָפּגעהאַקט, ניט דערזאָגט, אַז... זי שלאָפט ניט מיט אים, ווי אַזוי קען זי קינדער האָבן?

סעמיועל סאַראַד האָט פאַרשטאַנען דעם באַדייט פון דער שטומער שין... טעדי האָט אים ניט געדאַרפט אויפקלערן. איצט האָט ער שוין באַגריפן, אַז ס׳איז פאַרפאַלן, טעדי וועט איר מוזן געבן אַ גט. ער האָט באַדויערט, געהאַט מיטלייד מיט אים, געפילט זיך שולדיק קעגן אים. דאָס האָט ער דאָך אים איינגערעדט די אומגליקלעכע חתונה, אַליין אים דעם שידוך גערעדט.

„אפשר וואָלסטו פּרובירט נאָך איין מאָל? נעם איבער די מעקלינטאָק-פאַבריק. כ׳וועל אָפּשרייבן אויף אייך ביידן די גאַנצע פאַבריק. זי וועט דיר געבן שיין פּרנסה, אפשר וועט דאָס העלפן. אפשר קוועלט זי דאָס, וואָס דו האָסט ניט אַזוי פיל וויפל זי דאַרף, און דאָס וואָס איך דאַרף העלפן צו דיין דאָקטאָריי. זי וועט זען, אַז דו טויגסט זיך אויס דאָרט, וועט זי אפשר בעסער ווערן״.

„און אויב זי וועט ניט בעסער ווערן, וואָס וועל איך האָבן, מיט וואָס וועל איך בלייבן?״ — האָט טעדי געשטעלט אַ שווערע פראַגע.

ער האָט איינגעזען, אַז טעדי איז גערעכט. זעט אויס, אַז ער האָט דערקענט זיין טאָכטער און ער ווייסט, אַז זי וועט ניט בעסער ווערן, גענוי ווי ער ווייסט דאָס אַליין. ער האָט אָפּגעלאָזט דעם פּלאַן איבערצוגעבן אים די מעקלינטאָק ניילאָן-פאַבריק. איין ביטע האָט ער אָבער יאָ געהאַט: ער זאָל איר ניט געבן דעם גט פאַר דעם אַלטן בחור, דעם הויפּט-בוכהאַלטער זיינעם.

ער האָט אים געגעבן אָנצוהערן, אַז ער וועט ניט געבן קיין פּעני צושטייער צו אַ גט פאַר איר, זי זאָל קענען פריי ווערן פאַר דעם אַלטן

בחור, דעם אַלטן בעל-עבירהניק, ער קען נאָך חלילה אים ירשענען, ווערן זיין איידעם.

„איך פאַרשטיי, איר ווילט אויסמיידן אַ סקאַנדאַל, איך אויך. אָבער איר קענט אייער טאָכטער בעסער פון מיר, און איר ווייסט, אַז כ׳וועל איר מוזן געבן אַ גט״ — האָט טעדי געזאָגט שטיל און הכנעהדיק, באַגלייטנדיק דעם שווער צו דער טיר.



דער טאָג איז געווען אַ כמורנער, אַ מיטל-האַרבסטיקער, פּאַרלאָזט פון דער זון, אַ טרויעריקער. אָבער נאָך טרויעריקער איז געווען סעמיועל סאַראַדן אויפן האַרצן. דער טרויער האָט זיך געשפּרייט איבער זיין פּנים, ווי אַ שווערע משא געבויגן זיין רוקן.

ווען ער איז אַ מידער צוריקגעקומען צו זיין אָפיס, האָבן ביי דער טיר געוואַרט ר׳ יחיאל און ר׳ פישל האַרען פון דער שמאַטע-פאַבריק, און נאָך אַ ייד, אַ פרעמדער. אַלע דריי האָבן אים אויסגעזען ווי באַטריבטע, אויפגערעגטע, ברוגזע. געדוכט האָט זיך אים, אַז ביי אַלע דריי פלאַמען די פּנימער. אָבער גאָר אויפגערעגט איז געווען דער פרעמדער, וואָס האָט זיך געהאַלטן אין איין טאַפּן ביים קאָפּ און פאַרריכטן זיך דאָס היטל.

„אַ נבלה, אַ גרויסע נבלה איז אָפּגעטאָן געוואָרן!״ — איז ר׳ פישל האַרען אים אַנטקעגן געלאָפן.

ר׳ יחיאל האָט ר׳ פישלען געכאַפּט ביי דער האַנט און צוריקגעהאַלטן, אָבער דאָס מויל האָט ער אים ניט געקענט אָפּשטעלן. פישל האָט ווייטער געשריגן:

„אַ נבלה, אַ נבלה!״.

ר׳ יחיאל האָט אַ נעם געטאָן זיין באָרד און זי פאַרבויגן אין מויל אַריין, אים איינגעשטילט, ביז סעמיועל פאַראַד האָט אויפגעשלאָסן די טיר און זיי זענען אַריין אין אָפיס.

„אַ נבלה, אַ פאַרברעכן אין לשער! אַזוינס איז נאָך ניט געהערט געוואָרן! מען זאָל צווינגען אַ יידן אויסטאָן דאָס היטל פאַר אַנדער יידן! מיט געוואַלד צווינגען אַ יידן צו שטיין פאַר אַן אַנדער יידן אין בלויזן קאָפּ. ס׳איז דאָך קריעה צו רייסן!״ — האָט ר׳ פישל, געוויינלעך אַ שטילער ייד, ניט געקענט איינהאַלטן זיין צאָרן.

ר׳ יחיאל האָט אים נאָך אַ מאָל געבעטן זיך צו באַהערשן, כובש זיין דעם כעס, דערמאָנט אים, אַז ס׳איז ניט מידת תלמיד-חכם. ער האָט סאַראַדן, ברמז, אָנגעוויזן אויף דעם פרעמדן יידן, דעם באַוולטן, וואָס

איז געשטאַנען ביי דער זייט און געהאַלטן זיך אין איין טאַפּן נערוועז ביים קאָפּ און היטל.

„וואָס איז געשען ?! וואָס פאַר אַ נבלה ?״ — האָט סעמיועל סאַראַד געפּרוּווט פאַרגעסן אין זיינע אייגענע צרות, און זיך אַריינגעריסן ר׳ יחיאלן אין די רייד, אַ זאַך, וואָס ער וואָלט פריער קיינמאָל ניט געטאָן.

ר׳ יחיאל האָט אויסגעדרייט דעם קאָפּ צו סעמיועל סאַראַד און מיט בעטנדיקע אויגן אויפגעקלערט, אַז מיסטער שיין האָט צו אים געשיקט דעם פּליט, ער זאָל אים געבן אַרבעט. ער איז ניט געווען, האָט עמיצער געשיקט דעם יידן צו בענען, וועלכער האָט אים געצוווּנגען אויסטאָן דאָס היטל ביי זיך אין אָפּיס.

„דער ייד האָט ניט אויסגעטאָן, אַ ייד טוט אַליין ניט אויס, ער האָט עס אים אַראָפּגעריסן, ממש אַראָפּגעריסן און אים אַרויסגעוואָרפן, בפועל ממש אַרויסגעוואָרפן !״ — האָט ר׳ פישל זיך אַריינגעריסן ר׳ יחיאלן אין די רייד.

„איי, ר׳ פישל, געזונט זאָלט איר זיין, זייט ניט מגזם, ער האָט ניט אַראָפּגעריסן; אָבער בלויז דאָס אַראָפּנעמען דאָס היטל פון יידנס קאָפּ, און אַז דער ייד האָט עס צוריק אָנגעטאָן, האָט בען אים אַרויסגע־טריבן, איז פאַר אייך ווייניק ?״ — ר׳ יחיאל האָט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ און איז אַנטשוויגן געוואָרן.

די שטילקייט אין אָפּיס האָט ביי אַלעמען געריסן די אויערן. סעמיועל סאַראַד איז געשטאַנען אַ געפּלעפטער, אַ פאַרשעמטער, קיין וואָרט ניט געקענט אַרויסברענגען. פון דערפאַרונג האָט ער געוווּסט, אַז ר׳ יחיאל וואָלט אַפילו מיט קיין אמתער אָנקלאָגע קעגן בענען אויך ניט געקומען, און אודאי ניט מיט אַ ליגן, אָדער אַ בלבול. ער האָט געפילט לויטן נוסח פון ר. יחיאל, אַז די זאַך איז אמת.

„ס׳מוז זיין אַ טעות, עפּעס אַ מיספאַרשטענדעניש. וויזשע איז פאַרט דער ייד דערנאָך אָנגעקומען צו אייך, ווען בען האָט אים אַזוי שלעכט באַהאַנדלט ?״ — האָט ער גערעדט מיט תערומות צו ר׳ פישלען, וואָס האָט אויסגעזען ווי אַ גלגול פון יוחנן המטביל — יאָהאַן דער טויפער.

ר׳ יחיאל האָט געשוויגן, געשלאָגן זיך מיט דער דעה, צי זאָל ער דערציילן און נאָך מער מצער זיין דעם טאַטן, אַז זיין זון איז אַ בן סורר־ומורה, האָט ניט קיין דרך־ארץ פאַר קיינעם. ער האָט באַקומען רחמנות אויף אים, ס׳האָט אים שוין באַנג געטאָן וואָס ער האָט זיך געלאָזט אָנרעדן פון ר׳ פישלען צו פאַרמסרן דעם זון פאַרן טאַטן.

די גאַנצע צייט, וואָס מען האָט זיי אָנגעטאָן צרות־צרורות, האָט ער אויסגעהאַלטן דעם נסיון און איז ניט געוואָרן קיין מלשין, אָבער היינט,

האָט אים דער שטן באַזיגט און ער האָט זיך געלאָזט אָנרעדן פון דעם בייזן ר׳ פישל.

ער האָט שוין איצט בעסער געוואָלט פאַרשווייגן די גאַנצע זאַך איידער צונעמען ביים צעווייטיקטן טאַטן די האָפענונג, די אילוזיע, אַז דער זון איז אוודאי די גבלה ניט באַגאַנגען. זאָל זייערס איבערגיין צוליב שלום צווישן פאָטער און זון, ס׳זאָל חלילה ניט אויסברעכן קיין שריפה פון האַס צווישן זיי. אָבער ר׳ פישל האָט ניט געלאָזט פאַרשווייגן:

„ער האָט אים געגעבן אונדזער אַדרעס, ווען ער האָט אָבער געזען, אַז ער האָט צוריק אָנגעטאָן דאָס היטל, האָט ער אים אַרויסגעטריבן, ממש אַרויסגעוואָרפן, שרייענדיק: גיי צו מיין טאַטנס חסידים, גיי צו די בטלנים״.

ר׳ יחיאל איז פון גרויס פאַרדרוס אויף פישלען אַנטלאָפן פון סעמיועל סאַראַדס אָפיס. דער פרעמדער צעטומלטער ייד איז אים נאָכ־געלאָפן. ר׳ יחיאל האָט אַ לאַנגע צייט ניט גערעדט צו ר׳ פישלען. אַז ער האָט אים געוואָלט מפייס זיין, האָט ער אים פאַרגעוואָרפן, אַז ער איז גורם צו מחלוקתן, און ביז ער וועט ניט איבערבעטן דעם באַלעבאָס פאַרן מצער זיין אים, וויל ער מיט אים ניט האָבן צו טאָן מער.

אַז די יידן זענען אַרויס פון זיין אָפיס, איז סעמיועל סאַראַד אַריינ־געפאַלן אין זיין שטול ווי אַן אָפּגעשניטענער דעמב. אין הארצן האָט ער געוואָלט האָפן, אַז וואָס די יידן האָבן דערציילט איז ניט אמת. אַ דראַנג האָט אים געטריבן צו בענען. ער האָט מורא געהאַט פאַרן אמת. ווער ווייסט וואָס צווישן זיי קען נאָך אַלץ געשען?

פאַרשווייגן האָט ער אָבער אויך ניט געוואָלט. מ׳דאַרף הערן בענס ווערסיע וועגן דעם אינצידענט. און ער האָט אים אָנגעקלונגען איבער־צופרעגן, כדי אים צו ווייזן, אַז ער ווייסט פון זיין פאַרברעכן.

ער איז געבליבן אָן לשון פון דעם, וואָס דאָס טעלעפאָן־טרייבל האָט אים געבראַכט פון בענס מויל, פון דעם ברוך־הבא, וואָס ער האָט פון אים געקראָגן: „אין מיין אָפיס בין איך דער באַלעבאָס. ביי מיר אין אָפיס מוז מען זיך פירן ווי מענטשן, ניט ווי אין אַ בית־המדרש. שיק ניט מער צו מיר דיינע חסידים, פאַרנעם זיך אַליין מיט זיי. איך קום ניט צו זיי, זאָלן זיי אויך צו מיר ניט קומען״. — ער האָט אָפּגעהאַקט דאָס געשפרעך און אַ טראַסק געטאָן מיטן טעלעפאָן־טרייבל.

דער טראַסק האָט סאַראַדן אויפגעוועקט פון זיין פריטשמעליטקייט, איצט האָט ער פאַרשטאַנען, אַז דער שאַרפער נוסח פון ר׳ פישלען, וועגן דעם פאַל, איז געווען נעענטער צום אמת. ער האָט זיך דערמאָנט אָן דעם, שוין אַ ביסל פאַרשפעטיקטן, געשפרעך, וואָס ער האָט געזאָלט האָבן מיט בענען צוליב ראָזעלין, און איז געקומען צום באַשלוס, אַז ס׳איז

געקומען די העכסטע צייט ער זאָל זיך אַ ביסל דורכשמועסן מיט בענען, איידער ער פאַרקריכט ווער ווייסט וווּ.

ער האָט איצט באַקומען מוט צו גיין זיך טרעפן מיטן זון, דעם בן סורר־ומורה, וואָס האָט געצווּנגען אַ יידן אויסטאָן זיין היטל, ווי ס'האָבן געטאָן די אַנטיסעמיטישע פּאָליאַקן. ער איז אַוועק צו בענען האַלטן מיט אים זיין געשפּרעך, פאַר יעדן פּרייז.

בען האָט זיך גערייכט, אַז דער פאָטער קען איצט קומען אים זען, אים אויסצופּרוּוון, צי ער וועט אויך ביי אים אַראָפּוואַרפן ס'היטל, און וועט אוודאי וועלן האָבן מיט אים דאָס געשפּרעך, צוליב וועלכן עס איז אַמאָל געקומען צו אַ צוזאַמענשטויס צווישן זיי, און פון דעמאָלט האָט ער אים אויסגעמיטן.

„קום — האָט ער אַרויפגעלייגט זיין האַנט אויף עלין, זיין כלה און סעקרעטאַרין — קום חתונה האָבן. היינט געשעט עס. היינט נעמען מיר אונדזער חתונה־סערטיפיקאַט. כ'האָב פאַר אים ניט קיין מורא מער. מירביידע זענען שוין פּוליערי"קע". — ער האָט איר געהאָלפן אָנטאָן דעם מאַנטל און שנעל זי אַרויסגעפירט פון אָפיס.

סעמיועל סאַראַד איז ניט געגאַנגען, נאָר געלאָפן. אויך ער האָט געוואָלט ניט פאַרשפּעטיקן, אָנקומען איידער זיין זון אַנטלויפט. ער האָט זיך גערייכט, אַז דער זון וועט אַנטלויפן פון דעם פּנים אל פּנים־געשפּרעך. ער האָט טאַקע פאַרשפּעטיקט.

אַז ער האָט געטראָפן בענס אָפיס פינצטער און פאַרשלאָסן, האָט ער באַשלאָסן ניט צו פאַרשווייגן מער און פאַרקירעוועט צו זיין אַדוואָקאַט. ער האָט ביי זיך אָפּגעמאַכט: אויב בען וויל זיך ניט לערנען מיט גוטן, וועט ער אים לערנען מיט בייזן. ער וועט אים באַצייטנס אונטערשניידן די פליגל איידער ער פאַרפליט אין די הרי־חושך — צונעמען ביי אים די פולמאַכטן, אים מאַכן פאַר אויס קנאַקער, אויס באַלעבאָס, אויס הערשער.

אָבער שנעל האָט ער באַגריפן, ווי שווער דאָס איז איצט, ווען בען האָט שוין אַלץ אין זיינע הענט, פירט אָן מיט אַלץ ווי געהעריק, צו אַלעמענס צופרידנהייט. דער אַדוואָקאַט האָט אים געגעבן צו פאַרשטיין, ווי געפערלעך ס'קען זיי פאַר דעם נאָמען סאַראַד, פאַר דעם קרעדיט, אויב מ'וועט געוווּיר ווערן, אַז ס'איז ניטאָ קיין שלום צווישן טאַטן און זון.

איצט ערשט האָט ער זיך דערוווּסט, ווי דערווייטערט ער איז געוואָרן פון אַלץ, ווי איינדרויסן ער איז, כאָטש ער זיצט אינעווייניק, ווי איינזאַם ער איז, ווי פאַרפרעמדט ער איז געוואָרן פון אַלץ און אַלע די, וועמען ער האָט געמאַכט פאַר מענטשן, געגעבן זיי, בידים, אַ באַהערשונג־סטאַטוס.

זיין פריינט און אַדוואָקאַט, האָט אים געראָטן ניט פּרוּוון טראַכטן אַפילו וועגן אויפהויבן די פראַגע פון אומצוטרוי צו זיין זון, וועמען ער אַליין האָט געמאַכט פאַר זיין געזעצלעכן און אָפיציעלן פאַרטרעטער, און שוין יאָרן איז ער אַנגענומען אין דער האַנדלס־וועלט, ווי דער יורש־עצר זיינער. פאַראַן דערויף באַשטעטיקונגען, וואָס זענען געשיקט געוואָרן צו יעדן פון זיי, אין לאַנד און אין אויסלאַנד. ער האָט אים געראָטן דערווייל דאָס האַלטן ביי זיך און מאַכן אַ שווייג.

„וואָס האָב איך דען צו האַלטן? וואָס איז נאָך מיינס? — האָט ער אַנגעשטעלט זיינע פרעגנדיקע אויגן אויפן אַדוואָקאַט — זאָגט מיר, אַזוי האַלט עס שוין טאַקע? אַזוי געשלאָגן בין איך, אַז כ'טאָר אַפילו ניט דאָס מויל עפענען?"

דער אַדוואָקאַט האָט אים מודה געווען, אַז געזעצלעך האָט ער גאַרניט, אַ חוץ זיין שווייגן. ווען בען זאָל וועלן, קען ער אים פאַרווערן קומען אין זיין אָפיס, אים פאַרווערן זיך מישן אין דער מינדעסטער זאַך פון האַנדל און פּראָדוקציע, אַפילו דאָס קומען אין, וועלכער־ניט־איז, פאַבריק אַריין.

פון אים איז ער אַוועק צו זיין הויפּט־בוכהאַלטער, וואָס האָט באַשטעטיקט דעם אַדוואָקאַטס מיינונג און מיט מער ברוטאַלקייט צוגעגעבן, אַז באַזייטיקן בענען פון וועלכער, ס'זאָל ניט זיין, פּאָזיציע, אַפילו פון די שמאַטע־ און פאַרבעריי־פאַבריקן, וועט זיין קאַטאַסטראָפאַל פאַר אַלעמען, קען אַלץ שטעלן אין סכנה, קען זייען פאַרדאַכטן וועגן דער סטאַבילקייט פון די סאַראַד־אונטערנעמונגען.

דאָ האָט ער געזען ווי גרויס ס'איז די בראָך זיינע, ווי הילפלאָז ער איז. געדוכט האָט זיך אים, אַז זיי האָבן אַ סאַדיסטישע הנאה פון זיין הילפלאָזיקייט.

טשאַרלי האָט, נאָך סעמיועל סאַראַדס וואָרענען און דראָען אים ניט אַנצורירן זיין טאָכטער, ניט טשעפּען זיך צו איר — איצט ניט געוואָלט אים שאָנעווען מער. אויב דער אַדוואָקאַט האָט אים געשאָנעוועט און אים געזאָגט האַלבע אמתן, האָט טשאַרלי אים אויפגעדעקט דעם גאַנצן ברוטאַלן אמת, אים אויפגעוויזן, ווי ווייט ער איז באַזייטיקט פון אַלץ, ווי ווייניק דעה ער האָט איצט אין זיינע אייגענע פאַבריקן און אונטערנעמונגען, וואָס ער אַליין האָט געבויט. אויסגעטראָגן אויף זיינע אייגענע פּלייצעס, אויסגעפּיבערט זיי אין די שלאָפלאָזע נעכט.

אויך טשאַרלי האָט באַשטעטיקט, אַז ווען בען וויל, קען ער אים פאַרווערן קומען אין זיין אָפיס אַריין. ער קען אים צווינגען זיצן נאָר אין זיין אייגענעם אָפיס. אָדער גאָר זיצן אין הויז, פאַרווערן אים קומען אין באַרירונג מיט וועמען ניט איז אין די פאַבריקן, זיך מישן אין זייער

אַרבעט און זייער אָנפירונג: „בען האָט די גאַנצע דעה, דאָ און דאָרט, איבער מיר און איבער אייך" — האָט ער געענדיקט.

סעמיועל סאַראַד האָט איצט פּאַראַכטעט זיין אייגענעם שכל, נמאס איז אים געוואָרן זיין רייכטום, זיין רום.

הערנדיק פון זיינע לאַנג־יאָריקע פריינט און עצה־געבערס, דעם בוכהאַלטער און אַדוואָקאַט, ווי מעכטיק בען איז, ווי שטאַרק ער האָט זיך אַליין באַנאַרישט, און לויט זייער עצה, געגעבן בענען פולמאַכטן, אויף זייער ראָט געלאָזט בענען אויסנאַרן פון אים די בכורה — האָט ער פיינלעך פאַרשטאַנען דעם טייטש פון דעם פסוק: „ועל בינתך אל תישען" אַז מ׳קען זיך אויף דעם אייגענעם פאַרשטאַנד ניט פאַרלאָזן, מכל־שכן אויף פרעמדן. אָט זעט ער דאָך דעם סך־הכל פון פאַרלאָזן זיך אויף פרעמדן שכל און פאַרשטאַנד.

זיין זיידע און טאַטע, אַלע יידן אין שטעטל, האָבן געוווּסט דעם ענטפער אויף דעם „ועל בינתך אל תישען". זיי האָבן ניט געבויט אויף זייער אייגענעם שכל, און אויך ניט אויף אַדוואָקאַטן, זיי האָבן זיך פאַרלאָזט אויף גאָט. ער אָבער, האָט זיינע אונטערנעמונגען באַזירט אויף זיך און זיין שכל, זינט ער איז צום שכל געקומען. איצט האָט ער זיך געשטיצט אויף דעם פאַרשטאַנד פון זיינע העלפער, אָט צו וואָס ער איז דערגאַנגען. זיין זיידע און טאַטע האָבן געהאַט קינדער, ניט קיין בני סורר־ומורה — ווידערשפעניקע קינדער, ווי זיינע. „אַנגעהויבן אין זיין יוגנט האָט ער ווי אַן אמת־זוכער, איצט איז ער פאַרפלאָנטערט אין מאָדערנעם שקר". די וועלט גליטשט זיך אין שאול תחתית אריין. קינדער וואַקסן סוררים ומורדים. פעלקער קערן זיך אָפּ פון מענטשלעכקייט, פאַראַטן זיך, מאָרדן זיך. דער רענעסאַנס — די עמאַנציפּאַציע, די נייע טעכנאָלאָגישע, שכלדיקע צייט, האָט אָוועקגעוואָרפן איר אַלטן שכל און צום נייעם ניט דערגאַנגען. ער איז געווען פאַרצווייפלט און ביטער אַנטוישט. אָבער „כשנכשל בעבירה אל ירבה בעצבות" — האָט ער צו זיך געזאָגט. פאַרצווייפלונג האָט נאָך קיינעם ניט אַרויסגעפירט פון גיהנום, אַריינגעפירט יאָ.

אויפן וועג צוריק פון בוכהאַלטער, האָט ער באַשלאָסן אַריינצוגיין צו בענען, הערן פון אים אַליין צי ער ווייסט פון זיין כוח און מאַכט, וואָס ער האָט איבער זיין פאָטער, און זען צי ער איז גרייט דאָס אויסצונוצן קעגן אים און באַזייטיקן אים פון אַלץ, אויב ער וועט אים שטיין אין וועג. ער האָט געוואָלט וויסן, ווי עס האַלט מיט בענען אַליין. ווי ער האַלט מיט זיינע אייגענע עצה־געבערס, מיט די מכלומרשטע פריינט זיינע, האָט ער שוין געוווּסט.

אויפן וועג צו בענען האָט ער זיך דערמאָנט אָן טעדין, באַדויערט אים און די ראָזינס, זיך פאַרגעשטעלט, וואָס ס׳וועט זיך אָפּטאָן דאָרט,

ווען זיי וועלן געוויר ווערן, אַז זייער זון האָלט ביי אָפּגטן זיין ווייב. ער איז איצט אויך געווען ביי דער מיינונג, אַז מ'דאַרף צוהעלפן אַדורכפירן דעם גט שטיל אָן רעש. און אַזוי גייענדיק האָט ער באַשלאָסן, אַז איידער בען נעמט ביי אים צו די מעגלעכקייט צו האַנדלען, וועט ער העלפן טעדין אַרויסגיין פונעם פּלאָנטער, אין וועלכן ער האָט אים אַריינגעפּלאָנטערט.



בען מיט עלין, איצט שוין מאַן און ווייב, זענען צוריקגעקומען פון זייער ציווילער חתונה, און געמאַכט אָרדענונג אין אָפיס, איידער זיי פאָרן אָפּ אויף זייער האָניק־חודש.ביידע האָבן זיך פיבערדיק געקושט און דערביי צוגעגרייט אַרבעט, כדי ניט דאַרפן מאָרגן קומען אין אָפיס. בען האָט פּלאַנירט אַריינצוקומען מאָרגן אַליין אויף אַ שעה־צוויי בלויז, טרעפן זיך מיט טשאַרלין, גיבן אים אינסטרוקציעס, אין דער צייט וואָס עלי וועט זיך צוגרייטן צום פאָרן.

בען איז אַריין אין שטורמישן כעס, ווען ער האָט דערזען דעם פאָטער אויף דער שוועל פון זיין ערשטן אויפנעם־צימער, און נאָך איידער ער האָט געהערט נאָך וואָס דער פאָטער איז געקומען, האָט ער זיך אויף אים צעשריגן מיט אַ באַנומענעם קול, אַזש עלי איז צעטומלט געוואָרן.

„וואָס ווילסטו דאָ? ביסט געקומען זיך איינשטעלן פאַר דיינע חסידים?! כ'האָב דיר געזאָגט — דאָ, ביי מיר בין איך באַלעבאָס. דאָרט, ביי זיי, זענען זיי דיינע באַלעבאָטים. דאָ דאַרפן זיי זיך פירן ווי מענטשן, ניט ווי אין זייער בית־מדרש. עפּעס גרעסערע יחסנים קומען דאָ ניט אַריין מיט די היטלען אויף די קעפּ, אַפילו באַנק־פּרעזידענטן אויך ניט. שיק זיי ניט צו מיר, און קום ניט צו מיר. כ'וועל זיי אַרויסוואַרפן פון דאַנען!"

„מיר אויך?" — האָט דער פאָטער געפרעגט מיט אַ ציטערדיק קול, אַז די ציין אין מויל האָבן ביי אים געקלאַפּט.

„דיך אויך, אויב דו וועסט קומען ווי זיי!" — בען איז אַריין אין זיין פּריוואַטן אָפיס און פאַרהאַקט די טיר, איבערלאָזנדיק זיין בלייכן פאָטער מיט עלין — זיין צעטומלט ווייב. זי האָט קיין וואָרט ניט געקאָנט אויסרעדן, ניט פאַרשטאַנען, וואָס דאָ קומט פאָר, ניט באַנומען וואָס טאַטע און זון האָבן גערעדט, אָבער געזען האָט זי, לויטן אַלטנס אויסזען, אַז דאָס זענען געווען ביטערע ווערטער.

די נאָך אומבאַקאַנטע פאַר איר שנור האָט דערזען, אַז ער נעמט זיך וואַקלען און אָט פאַלט ער, האָט זי אים צוגערוקט אַ שטול. אָבער זי האָט ניט באַוויזן צושטעלן צו אים די זיץ־זייט, איז ער געפאַלן אויף דער ערד אָן אָטעם, מיט אַ טויט־בלייך פּנים, ווי אַ מת.

זי האָט היסטעריש אָנגעהויבן שרייען צו בענען, ער זאָל קומען ראַטעווען דעם פאָטער און אַליין איז זי געלאָפן צום טעלעפאָן רופן אַ דאָקטאָר. דער דאָקטאָר האָט פעסטגעשטעלט, אַז סעמיועל סאָראַד האָט געליטן אַ לייכטע האַרץ־אַטאַקע און געוואָלט דעם קראַנקן אָפּפירן אין שפּיטאָל אַריין, אָבער בען האָט ניט געלאָזט.

בען האָט פאַרשטאַנען, אַז ס'וועט בעסער זיין צו האַלטן דעם טאַטנס קרענק בסוד, און ער האָט אָפּגעפירט דעם פאָטער אין הויז אַנשטאָט אין שפּיטאָל, באַשטעלט אַ קראַנקן־שוועסטער, לויט דעם דאָקטאָרס אָנווייזונג, און ער איז אַוועק מיט זיין עלין אויף זייער האַניק־חודש, גלייך ווי גאָרניט וואָלט געשען. ער האָט איבערגעלאָזט טשאַרלין און זיינע אַדוואָקאַטן געהעריקע אָנווייזונגען, ווי געוויינלעך, נאָרמאַל. קיינער האָט ניט געוווּסט, וואָס ס'איז געשען מיט סעמיועל סאָראַד.

ער האָט אויסגערעכנט, אַז סיי ווי שפּילט דער פאָטער לעצטנס קיין שום ראָל ניט, וועט ער קיינעם ניט פעלן. ער האָט צוגעזאָגט צו טעלע־פאָנירן יעדן טאָג־צווי, אויב ס'וועט נויטיק זיין זיין אָנוועזנהייט, וועט ער קומען.

כאָטש קיינער האָט אָפּיציעל ניט געוווּסט, אַז דאָס איז זיין האָניק־חודש־רייזע, האָבן זיי דאָס פאַרשטאַנען פון דעם מיטנעמען זיין סעקרעטאַרין אויפן אַפּרו־אורלויב. דערמאָנען דאָס, האָט קיינער ניט געוואָגט.

בענס עגאָ האָט ניט פאַרטראָגן און ניט דערלאָזט מ'זאָל רעדן פון אים, אָדער פון זיין משפּחה. ער האָט זיך געהאַלטן אַזוי, אַז מ'האָט ניט געוואָגט אים זאָגן אַ וואָרט לויב, ווער שמועסט נאָך אַ וואָרט רכילות אָדער ליצנות אויף אים אָדער אויף זיין משפּחה. אין זיין אָנוועזנהייט האָבן זיך אַלע געהאַלטן קאָרעקט און צו דער זאַך.

ער האָט זיך ניט געחברט מיט קיינעם, אַפילו ניט מיט זיינע נאָענטסטע מיטאַרבעטער, מיט יעדן זיך געהאַלטן אָפּיציעל און צום ענין. אַפילו מיט זיין יינגערן ברודער האָט ער זיך אַזוי געפירט, ניט געלאָזט קיינעם פאַרגעסן, צו יעדער צייט, אַז ער איז דער באַלעבאָס, קיינעם ניט דערמו־טיקט אים צו געבן עצות אומגעפרעגט. אויב יאָ געפרעגט, האָט ער אויס־געהערט מיט זיין גאַנצער אויפמערקזאַמקייט.

ווען ער איז צוריקגעקומען פון דער האָניק־חודש־רייזע און איבער־גענומען זיינע פליכטן, האָט עלי פאַרשאַפט אַן אַנדערע סעקרעטאַרין אויף איר אָרט. זי האָט אַפילו זי געלערנט ווי זיך צו פירן מיט איר מאַנס קאַפּריזן. ניט רעכענען זיך מיט זיי, אויב זי וויל האָבן אריכת־ימים אויף איר פּאָסטן.

נאָך עטלעכע טעג אַרבעט אין אָפיס און דערליידיקן די וויכטיקסטע פּראָבלעמען, זענען זון און שנור געגאַנגען באַזוכן דעם קראַנקן טאַטן

און שווער, זען ווי ער פילט זיך. בען האָט אים מיט קאַלטקייט געפרעגט וואָס ער מאַכט, ווי ס'פילן זיך די מוטער און די ברידער. ער איז ספּעציעל געקומען אין אַ צייט, ווען זיי זענען געווען אין שול, כדי ניט צו טרעפן זיך מיט זיי, יוצא צו זיין. ער האָט זיך אויך געפרעגט אויף ראָזעלין און איר מאַן, און זיי זענען אַוועק אַזוי קאַלט און פרעמד, ווי זיי זענען געקומען.

עלין האָט שטאַרק געאַרט זיין באַציאונג צום קראַנקן פאָטער און צו דער פּאַרצוקטער, פאַרצערטער מוטער, ספּעציעל צום פאָטער, ווע‏לכן ער האָט קראַנק געמאַכט מיט זיין באַליידיקנדיקן אָנפאַל אויף אים, אין טאָג פון זייער חתונה. זי האָט געשוויגן, זיך ניט געמישט, געמיינט ס'וועט איבערגיין, נאָך דעם האָניק-חודש וועט ער בעסער ווערן צום פאָטער. דערווייל זעט זי די זעלבע פיינטלעכע, קאַלטע באַציאונג.

„באַהאַנדלסט אים שלעכט. גרויזאַם — האָט זי באַשלאָסן זיך אַריינ־צומישן און פרווון שלום מאַכן צווישן זיי. — ער איז דאָך דיין פאָטער!"

„ניט מיין אויסוואַל..." — האָט ער געזאָגט אין ביטערניש.

„וואָס פאַר אַ גרויזאַמע, גרויליקע רייד" — האָט זי געטראַכט און געשוויגן.

בען איז געגאַנגען לעבן איר אַ שווייגנדיקער. ס'איז אים ניט געפעלן געוואָרן זיין ווייבס באַמערקונגען, אָבער ער האָט ניט געוואָלט זיך קריגן מיט איר צוליב דעם טאַטן.

עלין האָט פאַרדראָסן, וואָס ער איגנאָרירט זי און שווייגט, באַציט זיך צו איר מיט גרינגשעצונג, ווי ער וואָלט מיט איר ניט געוואָלט האָבן צו טאָן. צו אַזאַ באַציאונג איז זי ניט געוווינט געווען און האָט עס ניט געוואָלט ליידן.

„כ'ווייס ניט. וואָס ס'קומט פאַר צווישן אייך. כ'האָב ניט פאַרשטאַנען וואָס ער האָט גערעדט. בען, דו האָסט אים קראַנק געמאַכט און וואָלסט אים געדאַרפט איבערבעטן. ער וואָלט שנעלער געקומען צו זיך, ווען דו בעטסט אים איבער. איז אייער קריגן זיך אפשר געווען צוליב מיר? איז עס ניט אַמאָל, ווייל איך בין ניט קיין יידישע?"

„ס'האָט מיט דיר גאָרניט צו טאָן! זיי ווייסן אַפילו נאָך ניט, אַז דו ביסט מיין ווייב, אַז מיר האָבן חתונה געהאַט" — האָט בען זיך געבייזערט אויף איר.

„וואָזשע איז די סיבה פון די פאַרשאַרפטע באַציאונגען צווישן אייך, ממש ווי בלוט-שונאים?"

„וויפל מאָל דאַרף איך דיר זאָגן, אַז ס'האָט מיט דיר גאָרניט צו טאָן און ס'דאַרף דיך ניט אָנגיין". — האָט ער זי גענומען ביים אָרעם און געוואָלט פירן, אָבער זי האָט צוריקגעצויגן איר אָרעם.

„איר שרעקט מיך, איר מאַכט מיך קראַנק! פון אויבנאויף זע איך ניט קיין אורזאַך פאַר אייער קריגערייַ און שנאה. איר האָט זיך דאָך פיינט — דאָס וואָס מיך גייט אָן. דו ביסט מיין מאַן און זיי זענען מיינע שוויגער־עלטערן, איך וויל מיט זיי לעבן בשלום, און אויך דו זאָלסט מיט זיי לעבן בשלום, כ'זאָל זיי קענען זאָגן ווער איך בין".

בען איז געגאַנגען און געשוויגן. ס'איז אין אים אויפגעגאַנגען אַ פּאָר־דרוס, וואָס ער האָט זי מיטגענומען מבכר־חולה זיין דעם טאַטן, וואָס ער איז בכלל געגאַנגען אַהער. אַזוי לאַנג, ווי ער איז געווען פון זיי דערווייטערט, האָט ער געהאַט רו. איצט האָט ער געפילט, אַז ס'רוקן זיך אָן צרות אויף אים צוליב איר.

ער האָט מורא פאַר דאָס איירישע אין איר. ס'האָט גענומען יערן אין אים אַ ווידערווילן צו איר מישן זיך, אין ניט אירע ענינים.

„וואָס אַרט עס דיך, וואָס ס'איז צווישן אונדז געשען מיט אַ לאַנגער צייט צוריק, ווען דו ביסט נאָך אויף דער וועלט ניט געווען, און ביסט אין דעם גאַרניט שולדיק".

„איך האָב פיינט קריגערייען און לאַנגע ברוגזן. זיי שרעקן מיך".

ער האָט זיך צעלאַכט. די איירישע האָבן פיינט קריגערייען? — האָט ער געטראַכט שטיל אין זיך. דאָס צעקריגסטע, צעריסנסטע פאָלק אויף דער וועלט האָט פיינט קריגערייען?

„גלויב מיר, אַז ער האָט כשר פאַרדינט יעדעס וואָרט, וואָס איך האָב אים אַריינגעזאָגט. מעגסט עס מיר גלויבן" — ער האָט זיך צוגעבויגן און איר אַ קוש געטאָן.

„אפשר, אָבער וויפל איז דער שיעור? איצט, אַז ער איז קראַנק, דאַרפסטו זיך מיט אים איבערבעטן. און דיין מוטער, וואָס האָסטו צו איר?"

„און ער, מיינסטו, וועט זיך איבערבעטן?" — וועגן דער מוטער האָט ער ניט געענטפערט.

„מאַך אַ פּרוּוו, וועלן מיר זען" — האָט זי אים געעצהט.

„קום, וועסטו זען" — ער האָט זי אָנגענומען ביי דער האַנט און זיך צוריקגעקערט מיט איר צום פאָטערס הויז און גלייך מיט איר אַריין אין ספרים־שטוב, ווו דער פאָטער איז געלעגן.

„כ'האָב גאָר פאַרגעסן צו פרעגן, ווען דו קומסט אין אָפּיס אַריין. פילסטו זיך שוין בכוח צו קומען?" — האָט בען געפרעגט דעם פאָטער.

דער פאָטער איז געזעסן און אַריינגעקוקט אין אַ בוך. ער האָט געהערט דעם זונס פראַגע, אָבער גאָרניט געענטפערט, נאָר געטראַכט זיך: אַ פייג וועסטו וויסן, ווען איך קום צוריק. דאַרפסטו עס וויסן, כדי זיך צוצוגרייטן מיך אַהין ניט אַריינצולאָזן? אַ פייג וועסטו וויסן, אַ פייג וועסטו ביי מיר אַ וואָרט אַרויסקריגן. ביז דו אַליין וועסט ניט קומען

שלאָגן זיך על־חטא, חטאתי, וועל איך מיין קול ניט אַרויסברענגען צו אַ זון אַ בן סורר־ומורה.

דאָס אַלץ האָט ער געזאָגט צו זיך, אין זיך. ניט אַרויסגעבליקט פונעם בוך. געקוקט דערין און ניט געלייענט. שווייגנדיק, שטאַר געקוקט, ביז בען מיט עלין זענען אַוועק.

„נו, וואָס זאָגסטו איצט?" — האָט בען געפרעגט מיט טריאומף.

„ווי דו האָסט אַריינגעהויכט, אַזוי האָט ער אַרויסגעהויכט".

„ער האָט דאָך געקענט ענטפערן אַ וואָרט, איין וואָרט, אַ שאָקל טאָן מיטן קאָפּ, דיר כאָטש שענקען אַ בליק" — האָט בען איר אַריינגעקוקט אין פּנים.

„מיר קומט ער גאָרניט, איך בין אים אַ פרעמדע, און איך האָף עס ניט צו זיין לאַנג. אָבער דו וועסט דאַרפן מאַכן נאָך אַ פּרווו, זיך מיט אים איבערבעטן, אַן ערנסטן פּרווו, ניט פון יוצא ווען" — האָט זי אים גענומען פירן ביים אָרעם, געמיינט דערמיט אים ווייכער צו מאַכן.

# קאַפּיטל 30

ווי נאָר ס׳האָט זיך פאַרמאַכט די טיר, האָט סעמיועל סאַראַד פאַרמאַכט דאָס בוך, פאַרמאַכט די אויגן און פאַרטראַכט זיך אויף זיינע צוקונפטיקע שריט, וואָס ער דאַרף איצט מאַכן, אַז ער איז דערוויל אַרויס פון געפאַר. קיין צוואה קען ער ניט שרייבן, מעביר נחלה זיין קען ער אויך ניט, ווייל לויטן געזעץ פאַרמאָגט ער גאָרניט.

דאָס האַרץ האָט אים אַזש פאַרקלעמט, ווען ער האָט זיך דערמאָנט, וואָס ער האָט אָפּגעטאָן. ניט בלויז ער האָט גאָרניט, איז אָרעם ווי אַ בעטלער, אויך זיין גאַנצע פאַמיליע איז אָנגעוויזן אויף דעם חסד פון זיין זון, דעם אכזר!

ער טאָר איצט ניט רייצן דעם לייב. ווען יענער שלאָפט, מוז ער טרעטן לייכט, גיין אויף די שפּיץ־פינגער, ער זאָל חלילה ניט אויפוועקן די חיה אין אים, אין זיין זון. אָבער טעדין וועט ער באַפרייען פון זיין צרה, ווען אַפילו דאָס זאָל זיין דער לעצטער אַקטיווער אַקט זיינער, וועט ער עס טאָן. ער האָט טאַקע תיקף באַלד אָנגעקלונגען צום אַדוואָקאַט זיינעם און געבעטן קומען אים זען.

„אַ פאַרקילונג?" — האָט דער אַדוואָקאַט געפרעגט, ווען ער איז אַריין אין דער ספרים־שטוב. סעמיועל סאַראַד האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ. ס׳האָט אים הנאה געטאָן, וואָס דער זון, דער אכזר, האָט כאָטש שכל

געהאַט צו האַלטן זיין האַרץ־קראַנקהייט בסוד פון אַלעמען, אַפילו פון דעם אַדוואָקאַט זיינעם.

„ניט צוליב מיין פאַרקילונג האָב איך דיך מטריח געווען אַהער, נאָר צוליב אַן ענין, וואָס נאָר דו אַליין קענסט עס דורכפירן און וועסט מיר אויך אַ טובה טאָן". — ער איז אַן שום הקדמות צוגעטרעטן צום ענין פון טעדיס גט. — „איך האָב פריינט, זייער גוטע פריינט, אַ דאָקטאָר מיט זיין ווייב, וועלכע איז אים שוין מער ניט קיין ווייב. זי וויל פון אים אַ גט. נו, פאַרשטייסט דאָך אַליין, אַז אַ דאָקטאָר קען זיך ניט דערלויבן דעם „רום" פון אַ גט־סקאַנדאַל. איך ווייס, אַז נאָר דו קענסט עס אַדורכפירן. אַ סקאַנדאַל וועט אים רואינירן" — האָט ער גערעדט סודותדיק, ווי ער וואָלט מורא געהאַט, ס'זאָל ווער זיך ניט צוהערן צו זייער געשפּרעך.

„כ'פאַרשטיי. אָבער ס'וועט זיך וועגדן אין ווייב, אויב זי וועט זיך לאָזן כאַפּן ביי דער עבירה, צוליב וועלכער עס קומט אַ גט".

„אַז זי וועט זיך לאָזן, בין איך זיכער. זי וויל דאָך דעם גט" — האָט סעמיועל סאַראַד אים געגעבן דעם אַדרעס פון דער מיסעס ראָזין, ער זאָל אַהין גיין מיט איר איבעררעדן וועגן דעם, ניט זאָגנדיק אים ווער מיסעס ראָזין איז, אָבער געגעבן אים די דערלויבעניש איר צו זאָגן, אויב ער וויל, ווער ס'האָט אים געשיקט.

אַז דער אַדוואָקאַט איז אַוועק, האָט ער אָנגעקלונגען ראָזעלין און איר געזאָגט ווער ס'קומט צו איר פאַר אַ וויזיט, אויף וועמען זי דאַרף זיך ריכטן, און איר אָנגעזאָגט, אַז זי זאָל אויספאָלגן פּינקטלעך אַלץ, וואָס ער וועט הייסן טאָן. און ער האָט ניט פאַרגעסן אַריינצוּוואַרפן, אַז אויב טשאַרלי מיינט טאַקע ערנסט מיט זיין ליבע צו איר, דאַרף ער וויליק זיין צו טאָן פאַר איר וואָס ס'איז נויטיק, כדי צו קריגן פון טעדין דעם גט אָן סקאַנדאַלן.

אויך דער אַדוואָקאַט האָט געטראַכט, דערזעענדיק ראָזעלין, אַז ס'איז אַ גרויסע עבירה, אַז אַזאַ שיינהייט זאָל זיין דאָס אייגנטום פון איין מאַן, און ער איז צופרידן געווען זי צו באַפרייען פון אירע הייראַטס־קייטן. זאָל אַזאַ זומער־פייגעלע פריי זיין אַרומצופליען... קלויבן און טיילן זיסקייטן...

ס'איז אָפּגעשמועסט געוואָרן, אַז אין די שפּעטערע שעהן פון אַ גע־וויסער נאַכט, וועט מען זיך אַריינרייסן צו איר אין הויז און דערגרייכן די באַווייזן, פאַר וועלכע ס'קומט אַ גט. ער האָט איר פאַרזיכערט, אַז זיי וועלן אַפילו אין געריכט ניט דאַרפן דערשיינען, ניט זי, ניט ער. אַלץ וועט שוין פון אים דערליידיקט ווערן.

טשאַרלי, דער הויפּט־בוכהאַלטער, האָט זיך גאָר ניט געוווּנדערט, ווען ער האָט געהערט ווער ס'רעדט צו אים דורכן טעלעפאָן, אַז ראָזעלי

לאדט אים איין צו קומען צו איר אין הויז פאַרברענגען אַן אָוונט. ער האָט געוווּסט, אַז זי דאַרף קלינגען, אויב זי איז ניט קיין פאַרשלאָפענע. און אויב זיין לעקציע וועגן ליבע איז פון איר גוט פאַרשטאַנען געוואָרן, וועט זי זיכער קלינגען.

ער איז זייער צופרידן געווען מיט זיך און זיכער, אַז ער האָט זי באַזיגט מיט זיין מעטאָדע פון אויפקלערן. אַ רואיקער, אַ זיכערער, איז ער געגאַנגען צו דער באַגעגעניש צו דער באַשטימטער צייט און מיט־געפירט מיט זיך אַ שיינע מתנה, וואָס איז שטענדיק געווען אַ גוטע סגולה פאַר אַ גוט געמיט, פאַר אַ גוטער נאַכט...

אַ פריילעכע, אַן אויסגעפּוצטע אין אַ לייכטן, דורכזיכטיקן הויז־שלאַפראַק, האָט ראַזעלי פאַר אים געעפנט די טיר און אים גענומען פירן, הענגענדיק אויף זיין אָרעם, אין גאַסט־צימער אַריין, און פאַרגעסן דערביי צו פאַרשליסן די טיר. זי האָט אים באַזעצט נעבן זיך און געבעטן איר זאָגן: „צו אַלע ליבעס אייערע באַציט איר זיך מיט אַזאַ שטאָלץ, ווי צו מיר? ווען איך רוף אייך ניט, קומט איר ניט?" — זי האָט אים אַריינגעקוקט אין פּנים, באַרירט מיט איר קערפּער, אינעם דורכזיכטיקן טיולענעם שלאַפראַק.

„דער מאַן איז קיינמאָל ניט זיכער מיט דער פרוי, ער ווייסט קיינמאָל ניט ווו ער האַלט מיט איר. איך האָב אייך געזאָגט ווי איך קוק אויף ליבע און באַציאונגען צווישן מאַן און פרוי. איר האָט געצעגערט מיר צו זאָגן אייער מיינונג, בין איך ניט געווען גאַנץ זיכער און האָב געוואַרט צו הערן פון אייך" — האָט ער זיך פאַרענטפערט.

„און פרויען־שטאָלץ איז ביי אייך אַן איבעריקע זאַך, בכלל ניט קיין מעלה?"

„אַ דורשטיקער טרינקט ניט און אַ הונגעריקער עסט ניט קיין שטאָלץ".

„נו, אַז איר האָט געבראַכן מיין שטאָלץ, לאָמיר זען ווי איר וועט שטילן מיין הונגער..." — האָט זי גענומען אויסטאָן אים זיין רעקל און צעבינדן זיין בינדע אַרום האַלדז, צעעפנט אים זיין העמד, לאַזנדיק אים פילן איר פרישן אויסגעבאַדענעם, געפאַרפיומירטן קערפּער, וואָס האָט שטיקלעכווייז אַרויסגעבלינצלט פון איר נאַכט־שלאַפראַק.

אין טשאַרלין איז זיך צעגאַנגען אַ זיסע וואַרעמקייט, וואָס האָט אים געמאַכט דרימלען. ער האָט זי געצויגן צו זיך, געפאַלן מיט איר אויף דער ווייכער סאָפע, געקושט, געהאַלדזט, ר'איז צוגעפאַלן צו אירע ליפּן, ווי אַ דורשטיקער אין מדבר צום וואַסער.

פונקט דאַן האָט זיך אויפגעריסן די טיר. ס'זענען אַריין צוויי מענער, אַ בליץ־לאָמפּ האָט אַ בליץ געטאָן, זייערע אויגן זענען אַזש פאַרבלענדט געוואָרן. איינער האָט געזאָגט צום צווייטן: „זיי אַן עדות, געדענק וואָס

דו האָסט געזען״, און זיי זענען פאַרשוואונדן. אַלץ איז געשען בליץ־שנעל. ער האָט פון שרעק ניט באַמערקט, ווו אַהין ראָזעלי איז פאַרשוואונדן גע־וואָרן. ווען ער איז געקומען צו זיך, האָט ער זי געהערט העשען אין איר שלאָפצימער.

ער איז צו צו דער טיר און געבעטן זי זאָל עפענען, אָבער פון דאָרט איז געקומען בלויז העשען און געוויין. צום סוף איז געקומען אַ טרויעריקע שטילקייט פון איר צימער.

ווען אַלע זיינע בקשות צו עפענען די טיר האָבן ניט געווירקט, האָט ער מיט שטורעם פאַרלאָזט דאָס הויז, פאַרהאַקנדיק די טיר הינטער זיך.

צומאָרגנס, נאָכן טעלעפאָנירן צו איר דעם גאַנצן טאָג, האָט ער קיין ענטפער פון איר ניט געקראָגן, ווי ס׳וואָלט קיין לעבעדיקער נפש אין הויז ניט געווען. ביינאַכט איז ער צוגעגאַנגען זען, וואָס ס׳איז מיט איר געשען, צי איז זי ניט אַמאָל קראַנק געוואָרן פון דער נעכטיקער איבערלעבונג. געטראָפן האָט ער דאָס גאַנצע הויז איינגעהילט אין פינצטערניש.



ביז וואַנען ער האָט גאָרניט געהערט פון זיין אַדוואָקאַט וועגן ראָזעליס גט, האָט סעמיועל סאַראַד גאָרניט געטאָן, וואָס ס׳זאָל רייצן בענען. ער איז מער צו איר ניט געגאַנגען. בען איז אויך צו אים ניט געקומען, אַפילו פרעגן ווי ער פילט, צי ער איז געזונט. ער איז געווען גאָר צופרידן, וואָס דער פאָטער פאַרשטייט און ווייזט זיך מער ניט פאַר אים, קומט מער ניט מיט קיין טענות.

פון טשאַרלין האָט בען זיך דערוווּסט, וואָסביים פאָטער טוט זיך. טשאַרלי איז געקומען צוויי מאָל אין חודש אונטערצושרייבן דעם פאָטער און ראָזעלי אויף זייערע געהאַלט־טשעקס, האָט ער פאַרשטאַנען, אַז זיי זענען אַלרייט. ער האָט ניט געפרעגט, ווייל טשאַרלי וואָלט אים זיכער געזאָגט, ווען זיי זענען ניט אַלרייט.

טשאַרלי איז אָבער ניט געווען קיין גוטער באַראָמעטער פון סעמיועל סאַראַדס געזונט אָדער געמיט. סעמיועל סאַראַד איז שוין ניט געווען דער זעלבער פון אַמאָל, שוין ניט געהאַט די וויטאַליטעט, ניט די ענערגיע פון אַמאָל. ער איז געווען ווי אַ בוים, וואָס מ׳האָט אים אונטערגעהאַקט זיינע וואָרצלען. מ׳האָט אים שוין ניט געזען באַלד איבערפרי גיין אין ביוראָ, נאָר אַ היפש ביסל שפּעטער שוין. די צייט, מיט דער מיטהילף פון זיין זון, האָט פאַרלאַנגזאַמט זיין אימפעט. די אַנטוישונגען האָבן אָפּגעשטומפּט זיין ענטוזיאַזם, דעם אַמאָליקן חשק צו געשעפטן. ער איז איצט געווען אַפּאַטיש און טרויעריק.

זיין דאָקטאָר איז געווען ברוטאַל מיטן אמת, ניט געהאַט מיט אים קיין שום איינזען און געוואָרנט אים, אַז אויב ער וויל לעבן, זאָל ער אויפהערן לויפן, נאָר אַנהויבן גיין און דווקא פּאַמעלעך. און ווען ער האָט אַמאָל פאַרגעסן דעם דאָקטאָרס אָנזאָג און געוואָלט זיך צואיילן, האָט דאָס האַרץ ניט געוואָלט מיטלויפן. ער האָט געמוזט זיך אָפּשטעלן אָפּצוכאַפּן דעם אָטעם.

ער האָט איצט, מער ווי פריער, אָנגעהויבן פאַרברענגען אין ספרים־שטוב. געמוזט אויך רוען אין זיין ביורא, האָט ער אַהין אַריבערגעבראַכט ספרים און דאָס אָפּגעפּונענע בילד מיט די חברים־אָרגאַניזירער און פּאַרוואַלטער פון דער ביבליאָטעק אין זיין שטעטל, אַרונטערגעלייגט עס אונטער דעם געשליפענעם גלאָז פון זיין שרייבטיש, מיטן געדאַנק צו געפינען עפּעס אַ גוטן בילדער־מאָלער, וואָס זאָל מאַכן דערפון אַ גרויס בילד. דערווייל האָט עס גערוט אונטערן גלאָז און געווען שטענדיק פאַר זיינע אויגן.

אין זיין איצטיקער אויפגעצווונגענער פרייער צייט, האָט ער צוריק אָנגעהויבן אַ סך לייענען און לערנען, און געמאַכט אַ טרויעריקע אַנטדעקונג, אַז פון די ריזיקע אוצרות חכמה, וואָס דער מענטש פון אַלע צייטן האָט אַריינגעלייגט אין די ביכער, האָבן די נאָכקומענדיקע דורות זייער ווייניק געלערנט, אַז פון אַלע מאָראַליש־עטישע, אַלטרואיסטישע פילאָזאָפיעס איז די וועלט געבליבן אין צוריקגעשטאַנענקייט. בלויז די טעכניק האָט געלאָזט איר אָנגעזעענע השפעה אויף דעם פאָרשריט פון מענטש, בלויז איר, האָט ער אַוועקגעגעבן זיינע גייסטיקע כוחות. די טעכניק פאַרלענדט אַלע אונדזערע מענטשלעכע חושים. וואָזשע האָט געטויגט די גאַנצע מי און מאַטערניש פון די גאונישע מוחות, דאָס שאַפן און זאַמלען דעם אוני־ווערסאַלן אוצר החכמה, אַז דעם מענטש ציט צוריק אין דער ווילדעניש אַריין ?

„צו וואָס וועט דערפירן דער טעכנישער פאָרשריט אָן דעם נשמהדיקן מענטש ? אָן די עטישע און מאָראַלישע אָנשפּאָרן ? — קלאָר : צו נאָך גרעסערע קרעמאַטאָריומס, צו נאָך פיל גרויזאַמערע היראָשימאַס און טראַ־גישע נאַגאַסאַקיס".

אין דער טיר האָט ווער אָנגעקלאַפּט און ס'האָט זיך אַריינגעשטעלט מיסטער שיין, בכדי געוויר צו ווערן, פאַרוואָס דער לעצטנס צוגעשיקטער ייד, האָט ניט געקראָגן קיין אַרבעט, און צי מען זאָל ווייטער שיקן, אָדער ניט ?

„ניין, ליידער, שיקט ניט דערווייל מער" — האָט ער געזאָגט צו מיסטער שיינען, מיט גרויסן באַדויער.

סעמיועל סאַראַד האָט זיך געפילט ערגער פון מיסטער שיינען צוליב

דעם אָפּזאָג. ער האָט זיך דאָך ניט געקענט איינשטעלן פאַר דעם יידן, דעם פּליט, אים אוועקשטעלן אַרבעטן, ווי ער האָט געטאָן פאַר די אַנדערע יידן־פּליטים. שטילערהייט האָט ער געהאָפט, אַז גאָר בקרוב וועט ער ווידער קענען העלפן. דערווייל מוז ער צוקוקן און שווייגן, ווייל ער אַליין ליגט אַ געבונדענער פון זיין אייגענעם זון, געבונדן מיט זיינע אייגענע שטריק, וואָס ער אַליין האָט זיי געפלאָכטן. און די שטריק זענען זייער שטאַרקע; ווער ווייסט, צי ער וועט זיי אַמאָל קענען צערייסן.

ס'איז אים ניט באַשערט געווען קיין מינוט רו. די פּאַרדרוסן און עגמת־נפשן האָבן געשטראָמט צו אים דורך טיר און טויער. מיסטער שיין האָט קוים באַוויזן צו פאַרמאַכן די טיר הינטער זיך, האָט זיך אין איר באַוויזן דער אַלטער משפחהניק זיינער, אַ פּאַרסאָפּעטער, קוים וואָס ער האָט געקענט עטעמען. ער האָט זיך אַ ווײלע פאַרהאַלטן ביי דער טיר. אין גוטע צייטן, פלעגט ער אים רופן ווי אַלע אַנדערע: סעמיועל, אָבער ווען ער איז אויף אים בייז געווען, האָט ער אים אַ רוף געטאָן ביים היימישן נאָמען: שלמה־זלמן.

וואָלט סעמיועל סאַראַד געווען געוווּסט, אַז דער אַלטער משפחהניק וויל אים זען, וואָלט ער צו אים צוגעגאַנגען אין זיין הויז אַריין. ער איז אים איצט אַנטקעגן געגאַנגען, אים אַנגענומען ביים אָרעם צוצופירן צו אַ שטול, דער אַלטער האָט זיך אָבער ניט געלאָזט פירן ביי דער האַנט ווי אַ קינד, אוועקגעשטופּט אים און זיך צערעדט אַ ברוגזער:

„עפּעס הער איך פון דיין בענען שלעכטע גרוסן! הלמאי איז ער געוואָרן אַזאַ אכזר? ווי, ביי וועמען, האָט ער דאָס געזען אַזעלכע זאַכן, שלמה־זלמן?"

ער האָט אויפגעהויבן זיינע שוואַכע אויגן צו שלמה־זלמנען, וואָס איז געשטאַנען לעבן אים אַ פאַרשעמטער און געשוויגן.

„אַ סך זאַכן האָבן איך געהערט פון דיינע בנים, אָבער וואָס איך האָב אַנומלטן געהערט איז אין לשער! ממש ניט אַריבערצוטראָגן! אַ ייד זאָל צווינגען אַ צווייטן יידן אויסטאָן דאָס היטל פאַר אים! אַזעלכעס איז נאָך ניט געהערט געוואָרן! און דו, ווו ביסטו? דער בען דיינער איז ווי ירבעם בן נבט, רחמנא לצלן. גוט נאָך, וואָס דער ייד, אַן אָפּגעהיטענער, האָט געטראָגן אַ קאַפּל".

„וואָס נעמט איר זיך אַזוי צום האַרצן, פעטער? דער ייד איז דאָך חלילה בגלוי־ראש ניט געבליבן. מיין בען איז אַ שלעכטער, וואָס קען איך דערצו טאָן?" — האָט סעמיועל געזאָגט מיט אַ געבראָכן געמיט.

דער משפחהניק האָט אים אָנגעקוקט פאַרווּנדערט און געפינטלט מיט די שוואַכע אויגן.

„וואָס הייסט, וואָס דו קענסט טאָן? ביסט דאָך אַ טאַטע, צי..." —

ער איז פּלוצים אַנטשוויגן געוואָרן און מער ניט געפרעגט, ווי ער וואָלט אַלץ פאַרשטאַנען. נאָכן אויספרעגן זיך וועגן זיין און ראָזעליס געזונט און געהערט, אַז אַלע זענען געזונט, האָט ער זיך אויפגעשטעלט צום גיין.

„נו, און פאַרוואָס זעט מען דיך ניט? אַמאָל איין אַ יובל כאָטש זאָל מען דיך זען". — ער האָט ניט געלאָזט רופן קיין טאַקסי: — „בישקשה, כ'קען נאָך ב"ה גיין אויף מיינע אייגענע פיס".



די פאַרדרוסן און אַנטוישונגען האָבן אים געגעסן ווי זשאַווער, אים פאַרביטערט זיינע טעג, געראַבעוועט דעם שלאָף ביינאַכט. קראַנק איז געווען זיין האַרץ, אָבער קלאָר איז געווען זיין מוח און וואָך די אויגן צו זען, אַז די ישועה פאַר זיינע צרות איז ווייט און טיף באַגראָבן הינטער בענען. ער איז צו קראַנק און שוואַך, כדי צו שאַפן היינט די דונערן און בליצן, וואָס זאָלן אַראָפּנידערן בענען פון זיין אַנפירנדיקן פּיעדעסטאַל. ער קען טאַקע עפנטלעך צוריקציען זיין באַפּולמעכטיקונג, אָבער ווי קען ער צעשטערן דאָס, וואָס ער האָט אַליין אַמאָל געבויט? צו לאָזן וויסן דער סוחרישער וועלט, אַז ער האָט ניט קיין צוטרוי צו זיין אייגענעם זון האָט אויסגעזען, ווי ער וואָלט פאַר אַט דער וועלט זיך מודה געווען אין זיין דורכפאַל, נאָך ערגער — ווי ער וואָלט בידיים באַגאַנגען אַ מאָרד און זעלבסטמאָרד איבער זיך אַליין. דערקלערן זיך פאַר דער גאַנצער וועלט פאַר אַ מאבד-עצמו-לדעת האָט זיין האַרץ ניט געלאָזט.

ניין, דאָס וועט ער ניט טאָן. ער וועט לעבן און וואַרטן. בען איז זיין זון און איז געראָטן אין אים, ער וועט אויך טיילן זיין גורל. ער דאַרף בלויז וואַרטן, ער וועט דערלעבן זיין נקמה. אַזוי האָט ער געטראַכט אין איינער פון זיינע שלאָפלאָזע נעכט, ווען ער האָט צום הונדערטסטן מאָל איבערגעטראַכט זיין צעשטויבט לעבן, וואָס ווערט ווי זאַמד געטריבן פון אַ מדבר-ווינט, ענדלאָז, ציללאָז...

אין אַזעלכע נעכט פלעגט אויפשווימען אין זיין זכרון דאָס שפּין-און פליג-געפעכט, וואָס ער האָט אַמאָל געזען אין דער האַלץ-קאַמער ביים באָד, וווּ ער האָט זיך באַהאַלטן פון דער שטעטל-פּאָליציי נאָכן פאַרמאַכן דעם טשעשלער-פאַריין. אין אַ ווינקל פון דער סטעליע איז געווען פאַרצויגן אַ שפּינוועב-נעץ, ווו ס'האָט זיך פאַרפּלאָנטערט אַ פליג. באַלד איז פון ערגעצווו אַנגעלאָפן אַ פעטע שפּין און מיט אירע שפּיזיקע עלאַסטישע פיסלעך צוגעלאָפן צו דער פאַרפּלאָנטערטער, צאַפּלענדיקער פליג, דערלאַנגט איר אַ שטאָך, אַ זויג, און אַנטלאָפן אויף אַ זייט. געקומען צום טעם און ווידער געקומען — אַ זויג געטאָן און, אַרומשפּרינגענדיק

איבערן שפּינוועבס, איז זי אַלע ווײַלע צוגעלאָפן צו דער פליג, אַ נאָג געטאָן פון איר דאָס חיות און אַוועקגעלאָפן. אַז די פליג האָט זיך נאָך באַוועגט, האָט די שפּין ווידער פון איר גענאָגט. אַזוי האָט זי אָנגעהאַלטן אירע אַטאַקעס ביז זי האָט געזען, אַז די פליג צאַפּלט שוין ניט מער, ווײַזט מער ניט קיין סימן פון לעבן. אָבער זי האָט זי פון איר געוועב ניט אַרויסגעוואָרפן, נאָר זי דאָרט איבערגעלאָזט אויסגעטריקנט צו ווערן.



דער ווינטער איז שוין געשטאַנען אין זײַן פולער קראַפט. אַ דראָבנער שנײ איז געפאַלן, ווען סאַראַד האָט זיך אַרויסגעלאָזט פון זײַן הויז צו גיין אין אַפּיס אַרײַן. די ווייכע באַסע שפּריצן, וואָס זענען געפאַלן אויף זײַן פּנים, האָבן אים געקילט זײַן הויט.

מענטשן האָבן געאײַלט מיט גיכע טריט און אויך אים אָנגעשטעקט צו גיין שנעלער. ער איז געקומען אין זײַן אַפּיס פריער ווי ער האָט געדאַרפט, ווי ס'איז פאַר אים נוצלעך געווען.

ווי נאָר ער האָט אויפגעשלאָסן די טיר, האָט דער טעלעפאָן זיך צעקלונגען. דער אַדוואָקאַט זײַנער האָט אים אָנגעזאָגט די גוטע בשורה, אַז דער גט איז אַדורך בשלום, ער איז באַוויליקט געוואָרן. איצט זענען די ראַזינס צוריק פרײַע מענטשן.

בײַ אים האָט דאָס האַרץ אַ צאַפּל געטאָן, אַ שטאָך געטאָן, און זיך צעגאַנגען אין אַ ווייטיק. „וואָס וועט איצט זײַן מיט ראַזעלין?" ער האָט אָפּגעקרעכצט, געהאָט אַ געפיל פון אַ גרויסן פאַרלוסט. איצט אָבער האָט ער זיך דערפילט פרײַ צו טאָן עפּעס לגבי בענען און זיך מער ניט געדאַרפט היטן, ניט מורא האָבן פאַר אים.

ער האָט איצט באַשלאָסן צו גיין צו די שמאַטע- און פאַרבערײַ-פאַבריקן און זען וואָס דאָרט טוט זיך, זען מיט וואָס ער קען גיין אין מלחמה קעגן בענען, ווײַזן אים, וואָס ער איז נאָך פעאיק אויפצוטאָן.

ער האָט זיך דערמאָנט, אַז בען האָט אין זײַן כעס אויסגעשריגן, אַז ער לאָזט די פאַבריקן פאַר אים און די חסידים זײַנע. האָט ער זיך איצט געלאָזט אַהין זען, וואָס די „חסידים זײַנע" טוען. ער האָט אַמאָל געגעבן ר' יחיאלן רשות צו קויפן אַ ספר־תורה פאַר זײַן נײַעם מנין, און ביז איצט ניט געהערט פון אים און ניט פון דער ספר־תורה. מ'דאַרף געוווּיר ווערן, וואָס ס'איז געוואָרן פון דער בית־מדרש רעוואָלוציע.

דער שנײ איז געפאַלן געדיכט און באַשווערט מענטשן דאָס גיין. סעמיועל סאַראַד האָט שווער געסאָפּעט.

ר' יחיאל איז דערשטוינט געוואָרן צו זען זײַן באַלעבאָס אין אַזאַ

מיאוסן טאָג אין דער שמאַטע־פאַבריק. ער האָט אים אָפּגעגעבן זיין ברייטן שלום־עליכם און באַלד געוואָלט וויסן די סיבה פון זיין אַהערקומען אין אַזאַ זאַוויערוכע. דעם באַלעבאָס איז אָבער געווען שווער צו רעדן. האָט ער אים אונטערגערוקט אַ שטול צום זיצן, געפרעגט וואָס ער וועט טרינקען. סעמיועל סאַראַד האָט אַפילו ענטפערן ניט געקאָנט. ער האָט זיך אָנגעכאַפּט ביים האַרץ און אַוועקגעפאַלן אויף אַ קופּע אַלטע שמאַטעס. אין פאַבריק איז געוואָרן אַ בהלה. יידן האָבן געשריגן, אַרומגעלאָפן דערשראָקענע, ווי אין אַ ברענענדיק הויז. „וואַסער! אַ דאָקטאָר! עפנט די פענצטער, זאָל אַריין אַ ביסל פרישע לופט!" ר׳ יחיאל האָט געמונטערט זיין באַלעבאָס, געריבן אים דעם שטערן, געדריקט די שלייפן, געפּאַטשט אין פנים. דער גאַרבער האָט צעקנעפּלט די מלבושים ביי סעמיועל סאַראַד, אים לויז געמאַכט זיין ברוסט־קאַסטן.

אַז ר׳ יחיאל מיטן גאַרבער האָבן אים אָפּגעמינטערט, אַוועקגעזעצט אויף אַ שטול, האָט ר׳ פישל האָרן, דער געוועזענער סופר, גענומען אונטערטרייבן די יידן איז מרחץ אַריין: „ס׳ווערט שפּעט און מ׳קען נאָך חלילה מחלל־שבת זיין". אויך ר׳ יחיאלן און דעם גאַרבער האָט ער געטריבן: „שיקט אים אַהיים, אויב עץ ווילט ניט חלילה מחלל־שבת זיין".

דער גאַרבער האָט זיך אויף אים צעשריגן: „דאָ גייט אין פּיקוח־נפש און איר שרייט חילול־שבת! וואָס טוט זיך מיט אייך, ר׳ פישל?!"

„ניט פאַר אים איז דער דוחה־שבת. ער היט ניט אָפּ די הייליקייט פון שבת. אייער טרחה איז דאָך פאַר אַ מחלל־שבת, רחמנא־לצלן!" — האָט ר׳ פישל צוריק געשריגן.

ר׳ יחיאל האָט שוין ניט אויסגעהאַלטן און אים צוגעוואָרפן:

„גייט צו אַלדי גוטע יאָר, גייט אין מרחץ אַריין, וואָס שטייט איר דאָ?"

„אים פּאַסט צו זיין דער בונטאַוושטשיק פון דעם מקום־קדוש־רע־וואָלט" — האָט סעמיועל סאַראַד געטראַכט, הערנדיק דעם סופרס רייד, און דערביי אָבסערווירט זיין פאַרשפּיצט אַדלער־פּנים און זיינע פינקלענ־דיקע אויגן.

„ר׳ פישל איז גערעכט, אויף קיין מחלל־שבת איז ניט חל דער דוחה־שבת. איך בין ניט קיין שומר־שבת" — האָט סעמיועל סאַראַד געזאָגט שטיל, קוים וואָס מ׳האָט אים געהערט.

„ער איז... ער איז אַ..." — האָט ר׳ יחיאל זיך פאַרהאַלטן אינמיטן און פון מויל ניט געוואָלט אַרויסברענגען, אַז ר׳ פישל איז אַליין ניט קיין אָפּגעהיטענער ייד, ער איז אַן עם־הארץ, אויב ער רעדט אַזוי; — „ער איז ניט גערעכט, דער דוחה־שבת איז ניט אויפן שומר־שבת געזאָגט געוואָרן, נאָר אויפן נפש, יעדנס נפש".

דער גאַרבער האָט אָוועקגעשיקט ר׳ יחיאלן אין מרחץ אַריין און אים צוגעזאָגט אַליין אַכטונג צו געבן אויפן באַלעבאָס, זיין שיפס־ברודער, ביז ער וועט פילן אינגאַנצן בעסער און קענען גיין אַהיים.

אַז זיי זענען געבליבן אַליין, האָט דער גאַרבער אים געשטראָפט פאַר זיין קומען אין אַזאַ וועטער, און געוואָלט וויסן, וואָס האָט אים געצוווּנגען קומען אַהער. סעמיועל סאַראַד האָט פאַרלאַנגט פון אים אַ תקיעת־כף, אַז ער וועט האַלטן בסוד וואָס ער וועט אים דערציילן, אַפילו פאַר ר׳ יחיאלן ניט לאָזן פאַלן אַ וואָרט. ער האָט אים דערציילט אַלץ, פון אלף ביז תו: פון דער קריגעריי מיט בענען צוליבן צווינגען אַ ייד אויסצוטאָן פאַר אים דאָס היטל, בענס חוצפּהדיקער ענטפער, אַז ער לאָזט אים צו די יידעלעך פון די שמאַטע־ און פאַרבעריי־פאַבריקן, ער זאָל זיך נעמען די „חסידים" זיינע, ער וויל זיי ביי זיך אין אַפּיס ניט זען. פון דעם איז ער קראַנק אויפן האַרץ. אים דערציילט אויך פון פולמאַכט, וואָס ער האָט געגעבן בענען, און וואָס עס זאָגן דער אַדוואָקאַט און דער הויפט־בוכהאַלטער.

דער גאַרבער האָט מיט גרויס מיטלייד זיך צוגעהערט צו זיין שיפס־ברודער און פריינט, אָבער ניט געוווּסט, מיט וואָס ער קען אים העלפן. אויב בען האָט זיך פאַרלייגט צו באַזייטיקן זיין פאָטער פון אַלץ, און ער אַליין האָט אים געגעבן דעם געזעצלעכן וועג דערצו, ווערזשע קען דאָ העלפן?

„אויב ער זאָל טאַקע האַלטן וואָרט און זיך ניט מישן, קענען מיר דאָן אַ סך אויפטאָן. קען איך, מיט אייער הילף, אָנהויבן פונדאַסניי פון דאַנען; ער זאָל נאָר ניט שטערן" — האָט סעמיועל סאַראַד זיך אַליין דערמוטיקט.

„וועט ער ניט שטערן?" — האָט דער גאַרבער געפרעגט אַ פאַר־זאָרגטער.

„ער האָט דאָ קיין דעה ניט. איבער די הייזער איז מיין טאָכטער דער גאַנצער באַלעבאָס. די הייזער און אַלץ, וואָס אין זיי געהערט צו איר, אַלץ איז אויף איר נאָמען. דאָ האָט ער קיין שליטה ניט" — האָט ער מגלה געווען נאָך אַ סוד פאַרן גאַרבער.

ביז שפּעט אין דער נאַכט, האָבן די צוויי פריינט און שיפס־ברידער געשמועסט צווישן זיך. סעמיועל סאַראַד האָט זיך געפילט בעסער נאָכן אָראָפּרעדן זיך אַ ביסל פון האַרצן. די אויסזיכט צוריק צו קומען צו זיין אַמאָליקע מדרגה, צו להכעיס בענען, האָט אים געשטאַרקט.

איצט האָט ער אויך געזען פלענער פאַר ראָזעלין: זי וועט ווערן דער פאַקטישער באַלעבאָס פון דעם, וואָס איז ביז איצט געווען בלויז פאַרשריבן אויף איר נאָמען. פאַר איר חתונה מיט טעדין, איז זי געוואָרן אַ געהילף־בוכהאַלטערין און איז אַרויף אויף דעם אָנגעשטעלטן־רייסטער אין

סאַראַדס זאָקן־פֿאַבריק, האָט מען איר געצאָלט געהאַלט. זינט זי איז געוואָרן דעם פֿאָטערס סעקרעטאַרין, האָט מען איר געהעכערט דעם געהאַלט. מ׳פֿלעגט איר אַהיימשיקן דעם געהאַלט אַפֿילו דאַן, ווען זי איז מער ניט געקומען אין אָפֿיס אַריין.

איצט האָט ער באַשלאָסן זי צוציען אַקטיוו צו די טעטיקייטן פֿון אירע פֿאַבריקן. אויב ניט, וועט ער דינגען ביי איר די רעכט אָנצופֿירן מיט זיי, אין איר נאָמען. טאָמער געשעט עפּעס מיט אים, זאָל זי בלייבן די באַלעבאָסטע איבער זיי און ניט דאַרפֿן אָנקומען צו איר „גוט״ ברודערל נאָך איר חלק ירושה, וואָס ער וועט איר זיכער ניט געבן.

ראָזעלי האָט צוגעשטימט צו אַלץ, וואָס דער פֿאָטער האָט איר פֿאָרגעשלאָגן. זי האָט אונטערגעשריבן אַלע נויטיקע פּאַפּירן, באַגנוגנט זיך מיט דעם געהאַלט, וואָס זי האָט געקראָגן, געוווינט ווייטער אין דעם הויז, וואָס דער פֿאָטער האָט איר געקויפֿט אַלס חתונה־מתנה. פֿאָטער און טאָכטער זענען זיך קעגנזייטיק געוואָרן אַ טרייסט און אַ שטיצע.

סעמיועל סאַראַד האָט זיך אָנגעהויבן באַרואיקן. ער איז איצט צוריק אַריין אין שפּאַן, אין זיינע האַלאַבליעס. און זיך געפֿילט צוריק גוט. אַרבעט איז געווען זיין חיות. אונטער דעם עול ומשא האָט ער צוריק אויפֿגעלעבט און אָנגעהויבן פֿאַרגעסן אָן בענען.

ראָזעלי האָט אויך, נאָכן באַקומען דעם גט, אויפֿגעלעבט פֿונדאָסניי. זי האָט אָנגעהויבן אַרויסווייזן אינטערעס פֿאַר איר רייכטום. געקומען אָפֿטער אין די פֿאַבריקן, צום פֿאָטער אין אָפֿיס, אים אַרויסגעהאָלפֿן פֿון צייט צו צייט. ער האָט געהאָפֿט, אַז זי קערט זיך צוריק צו אים, שאָקלט אַראָפּ פֿון זיך איר מוטערס איינפֿלוס, קריכט אַרויס פֿון דער מוטערס ירושה־נאַטור.

בענען, פֿון תּמיד אָן, פֿאַרפֿאָלגט דער שאָטן פֿון זיין פֿיזיש־שטאַרקן און גרויסן אינדוסטריעלן טאַטן, וואָס האָט זיך אים געלייגט טיף אין די ביינער, און ער האָט זיך געוואָלט פֿון אים באַפֿרייען. ניט פֿון דעם פֿאָטערס הנהגה אָדער לערע, ווייל וואָס האָט ער דען דעם האַנדלס־שול־סטודענט געקענט לערנען, ווען ער אַליין האָט קיין שול־לערע ניט געהאַט, אַ חוץ דאָס בית־מדרש. פֿון אָט דעם שאָטן, וואָס האָט ווי אַ בייזער גייסט געשאָטנט איבער אים, האָט בען געוואָלט פּטור ווערן.

און בען האָט געהאַלטן וואָרט. ער האָט געלאָזט דעם פֿאָטער אומגע־שטערט איבערנעמען די שמאַטע־ און פֿאַרבערײַ־פֿאַבריקן. ס׳האָט אים אַפֿילו ניט געאַרט, וואָס דער פֿאָטער האָט אים אָוועקגעשיקט פֿון דאָרט די בוכהאַלטערן זיינע און צוריק געמאַכט סימאָרן פֿון קלינטאָן פֿאַר דעם בוכהאַלטער פֿון דיביידע פֿאַבריקן, אים איבערגעגעבן די גאַנצע מאַכט, ווי אַמאָל.

בען האָט ניט געוואָלט האָבן צו טאָן מיט די חסידים און בטלנים, ער האָט זיי צוגעוואָרפן דעם פאָטער. געוווּסט האָט ער, אַז ער קען זיי ניט שטערן, ווייל די הייזער געהערן צו זיין שוועסטער. איז ער געווען צופרידן, וואָס זיי וועלן ממשיך זיין מיטן וואַשן און פאַרבן די וואָל. און ס'האָט זיך אָנגעהויבן פירן אַ מלוכה אין אַ מלוכה.

סעמיועל סאַראַד האָט איצט אויפגעלעבט, געווען צוריק אויפן פערד. שוין אַ לאַנגע צייט האָט ער זיך ניט געפילט אַזוי פעסט אין זאָטל ווי איצט. ער האָט געהערט, אַז בען האָט חתונה געהאַט, גענומען זיך אַ ווייב, און ס'האָט זיך אים ניט געאיילט צו וויסן ווער זי איז, וואָס זי איז.

אויך ראָזעלי איז גאָר אַנדערש געוואָרן נאָכן באַפרייען זיך פון טעדין און באַקומען די גרויסע ירושה פון לעבעדיקן טאַטן. זי האָט פאַרגעסן אַלע אירע דורכפאַלן און צוריק אַריינגעשווומען אין לעבן, גלייך ווי גאָרניט וואָלט פאַסירט.

אָבער איצט איז זי געווען מער פאַרזיכטיק און געהיטן זיך מיטן מענערישן מין. פלירטעווען — יאָ, אָבער ווייטער אַ טריט — ניט. האָט וועלכער מאַן דערלויבט זיך עפּעס ניט טאַקטישס מיט איר, איז זי תיכף אַוועק פון אים. ער האָט געמעגט זיין דער שענסטער מאַן און פון דער פיינסטער געזעלשאַפט.

אין אַפּאַטישע מאָמענטן פון קאָנפליקט צווישן באַגער צו מענער און מורא ניט אַריינצופאַלן ווידער אין אַ צרה, איז זי אַנטלאָפן צום פאָטער אין אָפיס אַריין, אָדער אין דער פאַרבעריי. זי האָט ליב געקראָגן דעם פאַרבן־ריח און די ווייסע פאַרע פון די קאָכעדיקע קעסלען.

אויף איינעם אַזאַ באַזוך דאָרט, האָט זי זיך באַגעגענט מיט סימאָר שטיין. זי האָט אים באַלד דערקענט. אים האָט זיך געדוכט, אָבער זיך ניט געקאָנט דערמאָנען ווער זי איז, ביז ס'איז אַריינגעקומען איר פאָטער און זיי פאַרגעשטעלט איינער פאַרן אַנדערן.

„אָ, דאָס זענט איר ? — האָט סימאָר געזאָגט אַ ביסל אַ צעטומלטער — דאָס קליינע מיידעלע, די שוועסטער פון בענען ?"

ראָזעלי, אַ גראַציעזע, אין איר שיינער געשטאַלט — זי איז נאָכן גט מיט טעדין שענער געוואָרן. אַ פרייע, אַן אויפגעבונדטע, איז זי איצט געשטאַנען און געריטלט זיך, וואָס עס האָט איר צוגעגעבן וויטאַלקייט, שלאַנקע הויכקייט, מער ווי געווינלעך. איר געשמינקעט מויל איז געווען צונטער־רויט. אַזוי לעבהאַפטיק זענען אויך געווען די ברעמען־קאַנטורן איבער די אויגן, אַ צעשמייכלט געזיכט, אַ זון־צעברוינטע הויט. גאָלדענע אוירינג־רינגען אין אירע אויערן. געשמאַקפול זענען געלעגן אויף איר די קליידער. דאָס פּורפּור־רויטע קלייד איז געווען באַפּוצט מיט ווייס־

געשטיקטע סאַמעט־שפּיצן אַרום די אָרעמס. לאַנגע ווייסע הענטשקעס ביז די עלנבויגנס. האָבן נאָך מער אונטערגעשטראָכן איר עלעגאַנץ.

„אַזוי פיל האָב איך זיך געענדערט, אַז איר האָט מיך ניט דערקענט?" — האָט זי געשמייכלט.

„געענדערט צום גוטן, בין איך צופרידן אייך מודה צו זיין" — האָט סימאָר אַרויסגעוויזן זיין צופרידנהייט פון דער באַגעגעניש.

ראָזעלי האָט ניט פאַרפעלט צו זען דעם גלאַנץ אין זיינע אויגן, וואָס איז איר אַזוי טרויעריק־באַקאַנט געווען... ס'האָט איר הנאה געטאָן, וואָס זי קען נאָך אַריינפירן אין עקסטאַז יונגע מענער, ניט אַזעלכע גולמס ווי טעדי און טשאַרלי. אויך סעמיועל סאַראַד האָט באַמערקט סימאָרס אויפגעהייטערטקייט.

ער האָט מיט פאַטערלעכער ליבע געקוקט אויף ראָזעלין און ניט געזען אויף איר קיין פּגימה, קיין סימן פון דער שלעכטער צייט, וואָס זי האָט איבערגעלעבט. ס'האָט אים געשמייכלט, וואָס זי איז כאַטש מיט דעם געראָטן אין אים: ביידע האָבן גובר געווען זייערע קריזיסן.

אים איז איינגעפאַלן: לויט ווי ס'פירט זיך, איז אפשר סימאָר איר אמתער זיווג. ווען ער וואָלט דעמאָלט, אין רעסטאָראַן פון קלינטאָן, ניט געווען אַזוי געאיילט, קען גאַנץ מעגלעך זיין, אַז ס'וואָלט נאָך דאַן געוואָרן פון זיי אַ שידוך... אַ גוטן סימן זעט ער אין דער איצטיקער באַגעגעניש פון זיי ביידן, אויך פון זיך אַליין. ער האָט איצט געגלויבט, אַז ס'איז אַ שידוך מן השמים.

ער האָט ביי זיך באַשטימט: פון איצט אָן וועט ער זיך ניט מישן מער, לאָזן עס צום מזווג זיווגים, און צו די צוויי יונגע מענטשן. און ווי ס'זעט אויס, געפעלן זיי זיך טאַקע.

„כ'וווּנדער זיך, פון וואַנען איר קענט זיך פון פריער" — האָט ער זיך געווענדט צו זיי.

„ס'איז שוין אַזאַ לאַנגע צייט אַריבער, אַז ער האָט אַזש אַליין שוין פאַרגעסן" — האָט ראָזעלי געזאָגט מער צו סימאָרן ווי צום פאָטער.

„אמת, אַ לאַנגע צייט, אָבער פאַרגעסן האָב איך ניט. כ'האָב בלויז ניט געדענקט ווען און ווו" — האָט סימאָר דערווידערט.

„אַ טשעקאָווע וועלט אונדזערע, ווי זי דרייט זיך דאָס און טרעפט שטענדיק צוריק צום אַלטן, צום ערשטן..." — האָט סאַראַד געזאָגט מיט אַ פילאָזאָפישן קנייטש און זיי אָבסערווירט, צי זיי האָבן אויפגענומען זיין פיל־באַדייטנדיקן זאָג. ניט באַמערקנדיק קיין שום אָפּקלאַנג, האָט ער גענומען ראָזעלין ביי דער האַנט און מיט איר אַוועק צו דער טיר.

„מיר מוזן שוין גיין" — האָט ער געזאָגט צו סימאָרן.



„אַ טשעקאַווע וועלט כ'לעבן. פונוואַנען קענט איר זיך?" — האָט ער זי געפרעגט ווען זיי זענען אַרויס פון דער פאַבריק.

„ס'נעמט זיך נאָך פון דער צייט, ווען בען איז אַנטלאָפן פון הויז און סימאָר איז אים געקומען זוכן".

„ניט קיין ווונדער, וואָס ער האָט פאַרגעסן, ס'איז דאָך שוין אַ מעשה פון יאָרן".

ער האָט געהאַט בדעה איר צו פרעגן צי סימאָר געפעלט איר, אָבער זיין נדר, זיך ניט צו מישן מער, האָט אים געוואָרנט: „לאָז עס צו דער נאַטור פ.ן די צוויי יונגע מענטשן. זי וועט שוין אירס טאָן אומגעשטערט".

און די נאַטור האָט געטאָן אירס בשלימות — געכישופט, געצויבערט, דערנענטערט זיי, מיט אירע אומזעבאַרע איידעלע פעדעם. אָבער ראָזעלי איז שוין אַליין ניט געלאָפן, זי האָט איצט געוואַרט, אַז סימאָר זאָל צו איר קומען. סימאָר, דאַקעגן, האָט ניט געוואָגט צו קומען צום מיליאַנערס טאָכטער, ביז ער וועט ניט זיין זיכער, אַז ער מעג וואָגן.

ראָזעלי האָט דאָך יאָ געמעגט וואָגן קומען יעדן טאָג אין דער פאַרבעריי, ס'איז דאָך איר פאַרמעגן. איז זי אַלע טאָג געקומען, געכאַפּט אַ שמועס מיט סימאָרן, דווקא בלויז וועגן די געשעפטן, און איז צוריק אַוועק. ביז סימאָר האָט אָנגענומען מוט און איז אַוועק צו איר פאָטער, דעם מיליאָנער, פרעגן צי ער גיט זיין צושטימונג ער זאָל באַזוכן ראָזעלין, כדי צו בעטן איר האַנט.

„אויב דו וועסט קריגן איר צושטימונג, האָסטו אויך מיינע" — האָט סעמיועל סאַראַד געזאָגט מכלומרשט גלייכגילטיק, אָן אַרויסצוווייזן זיין פריידיקע צופרידנקייט. געהאָפט האָט ער, אַז ראָזעלי וועט איצט שוין וויסן ווי זיך צו פירן. זי איז דאָך שוין אַ גרויסע בעלת־נסיון.

ער האָט נאָכגעקוקט סימאָרן און געווען צופרידן צו זען אים אַ פריילעכן. אויף ראָזעלין האָט ער ניט געזען קיין געמיטלעכקייט — אָבער זי האָט איצט אויסגעזען שענער, ממש געבליט נאָך דעם גטן זיך מיט טעדין. דער לייכטער שאָטן וואָס באַצירט איר פנים, האָט דווקא יאָ דערציילט וועגן ערנסטן טראַכטן וועגן סימאָרן; אפשר גרייט זי זיך מגלה זיין אים דעם סוד... ער גלויבט אָבער ניט, אַז זי וועט אים אַנטפלעקן אַלע סודות...

נאָכדעם ווי סימאָר האָט דערוועקט אין איר די פרוי, צעוואַרעמט אירע גלוסטעניש, וואָס האָבן געצוווּנגענערהייט, געדרעמלט אין איר, האָט די יוגנט־סטיכיע מיט דער גאַנצער קראַפט פון באַגער און בענקשאַפט אויפגעטויכט צו דזשאַנעטן, און אַ געהיימער כוח האָט זי געטריבן צו

אים, צו זוכן אים. וואָס מער סימאָר איז צוגעשטאַנען צו איר מיט זיין ליבע, אַלץ מער האָט זי געצויגן צו דזשאַנעטן, געבענקט נאָך אים, געהאָפט אים צו געפינען.

זי האָט איצט נאָר געטראַכט פון אים און זיך דערמאָנט אין זייערע געמיינזאַמע שפּאַצירן אויף מאָטאָציקלען. ער איז געווען אַ גוטער מעכאַניקער און האָט ליב געהאַט וועלאָסיפּעדן, מאָטאָציקלען. זי האָט אים אין דער מחשבה, געזען און געזוכט אַ פאַרנדיקן. ביי יעדן גערויש פון אַ מאָטאָציקל האָט זי אויפגעצאַפּלט, אירע אויגן האָבן אים נאָכגעפאָלגט, ביז ער איז פאַרשוואונדן.

סימאָר האָט ניט געקענט פאַרשטיין די נייגעריקייט אירע צו מאָטאָ־ציקלען און זייערע פאָרער. פאַרוואָס ציט זי אַזוי צו זיי? ער האָט איר דעריבער פאַרגעשלאָגן אַריינצוגיין אין אַ מאָטאָציקל־געשעפט, אויב ס'וועט איר געפעלן, איז ער גרייט צו קויפן אַזאַ מאַשין, און ביידע וועלן זיך לערנען פאָרן אויף איר. ער האָט זי ממש אַריינגעפירט מיט כוח אין געשעפט אַריין, ניט אַנענדיק, אַז ער פירט זי צו זיין אייגענער עקדה.

און דאָ איז עס געשען. דאָ האָט ראָזעלי געפונען איר דזשאַנעטן, ווו סימאָר האָט פאַרלוירן ראָזעלין. דער פאַרקויפער פון די מאָטאָציקלען איז געווען דזשאַנעטן, נאָך וועמען זי האָט לעצטנס אַזוי שטאַרק געבענקט.

ראָזעלי איז געווען איבעראַשט, ווען זי האָט אים דערזען. דזשאַנעטן איז זיי אַנטקעגן געגאַנגען, מעשה סוחר. מ'האָט אויף אים לגמרי ניט דערקענט, אַז ער ווייסט וועמען ער זעט פאַר זיך; אָבער איר האַרץ האָט אויפגעפלאַטערט, און זי האָט פאַרגעסן מיט וועמען זי איז אַריינגעקומען. פון דעם מאָמענט האָט זי געזען און געהערט בלויז דזשאַנעטן. ס'איז אין איר אויפגעגאַנגען אַ פרייד בלויז פון זיין אַנבליק, פון זיין דאַזיין. דער אַלטער גלי פון באַגערן האָט אין איר אויפגעברויזט... אַ שוואַכקייט האָט זיך צעלייגט אין אַלע אירע גלידער, ווען דזשאַנעטן האָט אַנגענומען איר אָרעם און זי צוגעפירט צו אַ גלאַנציקן, פילקאָלירנדיקן, ענגלישן מאָדעל פון אַ מאָטאָציקל, און איר געהאָלפן זיך אויף אים באַזעצן. ביים דערקלערן איר די באַדייטונג פון די הענטלעך בעתן אָפערירן די מאַשין, האָט ער פאַרלייגט אירע גראַציעזע הענטלעך אויף דער מאַשין, און זיינע אויף זיי. לאַשטשענדיק לייכט די איידעלע הויט, האָט ער באַוווּנדערט די אַנאַטאָמישע סימעטריע פון אירע האַנט־טיילן, וואָס האָבן אים אַמאָל פאַרשאַפט פאַרגעניגן.

זי האָט געוואָלט זינגען פון פרייד, אָבער געמוזט שווייגן. פון דעם וויברירן מיט זיינע הענט האָט זי דערפילט, אַז ער ווייסט ווער זי איז, אָבער זיין גאַנצע באַנעמונג איז געווען אַ דרך־ארץ באַציאונג, ווי ער וואָלט געמיינט, אַז זי איז סימאָרס ווייב. זי האָט אים געוואָלט זאָגן, אַז

זי איז ניט זיין ווייב, אפילו ניט זיין כלה, אבער ווי אזוי — סימאָר שטייט דאָך נעבן איר? ער נעמט דאָך פון זיי די אויגן ניט אראָפּ. זי האָט אים געלאָזט האַלטן זיינע הענט אויף אירע, בעתן אויפקלערן ווי אַזוי צו אָפּערירן מיט דער מאַשין.

„איך רעכן צו קויפן אַזאַ מאַשין, און מיסטער שטיין וועט מיך לערנען פאָרן אויף איר" — זי האָט דאָס געזאָגט הויך, כדי מ'זאָל הערן, אַז זי זאָגט ניט: — מיין מאַן וועט מיך לערנען.

סימאָר האָט זיך אַ ביסל געוווּנדערט און געזאָגט צו איר: „מען מוז דען באַלד קויפן מיטן ערשטן קוק?" — ער האָט נאָכגעדענקט גייענדיק מיט איר צו דער טיר: ס'איז אַ קאַפּריז פון אַן איין־און־איינציקער טאָכטער. ער האָט באַטראַכט איר פיין־געשניצטן קערפּער, און געהעמט זיינע געדאַנקען...

ווען זיי זענען אַרויס אין דרויסן, האָט ער געפרעגט ווו זי וויל גיין עסן, זי מוז דאָך אוודאי זיין גוט אויסגעהונגערט.

„אַ פּרוי האַלט ניט אין איין עסן, אויב זי וויל היטן איר פיגור. כ'וועל ליבערשט גיין אַהיים. מיד בין איך טאַקע יאָ".

„אפשר אין אַ סינעמאַ?" — האָט זיך סימאָרן ניט געגלוסט זי אויפצוגעבן אַזוי פרי אין דער נאַכט.

„זייט אַ ווילער בחור און נעמט מיך אַהיים. כ'פאַל פון די פיס!"

זי האָט פאַרקירעוועט אַהיים, געוואָלט פון אים וואָס שנעלער פּטור ווערן און צוריק גיין צו דזשאָנעטן.



איצט, אַז זי האָט געפונען איר דזשאָנעטן, האָט זי פאַרגעסן אין אַלץ און אַלעמען — דעם טאַטן, די מרה־שחורהדיקע מאַמע, אירע ברייטדערלעך, וועמען זי האָט אַמאָל גאַנץ גערן געהאַט, סימאָרן, וועלכער האָט זי אַרויסגענומען פון איר אַפּאַטיע, אויפגעוועקט צוריק צום לעבן — ווי נאָר זי האָט דערזען דזשאָנעטן, האָט זי אין יעדן פאַרגעסן.

פון דאַן אַן איז אין ראַזעלין פאַרגעקומען אַן ענדערונג, אין דער פאַרבערייַ איז זי שוין אינגאַנצן ניט געקומען; סימאָר האָט זי זעלטן געטראָפן אין הויז; צו דער אַרבעט אין אָפיס ביים פאָטער, האָט זי אָנגעהויבן קומען שפּעט און אוועקגיין פרי. איצט, אַז זי האָט שוין געוווּסט ווו זי קען געפינען דזשאָנעטן, האָט זי באַלד נאָך מיטאָג זיך געגרייט צו טרעפן זיך מיט אים — ביז זי האָט אינגאַנצן אויפגעהערט קומען צו דער אַרבעט, אַן אַ פאַרוואָס און פאַרוועון.

דער פאָטער האָט געשוויגן, סימאָר האָט געוואַרט און געשוויגן. ביידע האָבן מורא געהאַט צו פאַרראַטן זייער געשפּאַנטקייט, זייערע חשדים.

סימאַר האָט געזוכט אין זיך אַליין די שולד פון איר גלייכגילטיקייט צו אים, פון איר אויסמיידן אים, אָבער קיין אמתע אורזאַך האָט ער ניט געקענט געפינען. האָט ער עס צוגעשריבן צו די ווילדע קאַפּריזן פון אַ מיליאָנערישער טאָכטער, אַ בת־יחידה, און געהאָפט, אַז דער קאַפּריז וועט איבערגיין.

דער פאָטער האָט גוט געוווּסט, אַז ראָזעלי געהערט ניט צו די טיפן, וואָס גיבן אָפּ אַ רעכענונג פון זייערע מעשים. צי איז ניט אַמאָל צוריק־געקומען איר אַמאָליקער שגעון? צי האָט זיך ניט באַוויזן ווער פון יענע צוויי, מיט וועמען זי האָט זיך באַהעפט מיט איר גאַנצן יוגנטלעכן ברען?... ער האָט די געדאַנקען געטריבן פון זיך. דאָך, קיין מנוחה האָט ער ניט געהאַט.

ער האָט מורא געהאַט צו טעלעפאָנירן צו איר; „טאָמער יאָ?" — האָבן די געדאַנקען אים געפּייניקט. ס׳איז אָבער פאָרט ניט מעגלעך, אַז זי זאָל האָבן צוריקגעגאַנגען צו די, וואָס האָבן זי אָפּגענאַרט און אומפאַרשעמט אָוועקגעוואָרפן. איז זי אַליין געגאַנגען אים זוכן? אַזאַ ווילדקייט האָט אַפילו דער צעשטורעמטער מוח ניט געוואַגט אַרויפצוברענגען.

„אויב יאָ, וואָס שטייט אים פאַר צו טאָן?" — פון סימאַרס פּנים האָט ער אָראָפּגעלייענט די ערנסטקייט פון דער לאַגע. סימאַר, דער פריילעכער שטיפער, האָט מער ניט געשטיפט. דער קאָפּ זיינער איז געווען איינגעגראָבן אין די ביכער. ער האָט געשוויגן, טרויעריק געשוויגן.

## קאַפּיטל 31

זינט ס׳איז סאַראַדן שלעכט געוואָרן אין דער שמאַטע־פאַבריק, זענען די יידן פון דאָרט געקומען אין אָפיס אים מבקר חולה זיין, פאַרברענגען מיט אים אין שיחות־חולין, איבערדערציילן חסידישע ווערטלעך, ליצנותן, היימישע מעשיות.

אַהער זענען אויך געקומען פאַרשיידענע משולחים און געלט־איינמאַנער פון פאַרשיידענע סאָסייטעס און שטעטלדיקע פאַריינען, וועלכע האָבן אים צוקאָאָפּטירט אַלס חבר, אָן זיין צושטימונג און אָן זיין וויסן. סעמיועל סאַראַד האָט ניט געפרעגט קיין שאלות, אַלעמען האָט ער געצאָלט מיטגליד־אָפּצאָל, ניט וויסנדיק אַפילו ווער זיי זענען, וואָס פאַר אַ טעטיקייט זיי פירן.

אויך ר׳ יחיאל מיטן גאַרבער, זיין שיפס־ברודער, זענען פאַרשטייט

זיך, געקומען אים באַזוכן. לרוב זענען זיי געקומען אין זונטיק. האָט זיך אַמאָל צו זיי צוגעטשעפּעט ר׳ פישל האָרן, דער סופר — ער וויל מיטגיין, זאָגט ער, דווקא מיט זיי.

„כ׳האָב מיר מיין כוונה, פאַרוואָס נאָר מיט אייך״.

„אויב איר וועט זיך אויפפירן כדרך בני־אדם״ — האָט ר׳ יחיאל פאַרלאַנגט פון אים אַ הבטחה. דער סופר האָט מבטיח געווען: „כ׳גיי מבקר זיין אַ קראַנקן, ניט פירן מיט וועמען מלחמות, אַפילו ניט קיין וויכוחים״.

ס׳איז שוין געווען פורים־צייט, אָבער דער ווינטער איז נאָך געשטאַנען אין זיין פולן פראָסט, געהאַלטן אַלץ פאַרטייעט און פאַרפרוירן.

ר׳ יחיאל מיטן גאַרבער האָבן באַשלאָסן דעם פורים מהנה צו זיין זייער באַלעבאָס און לייענען די מגילה ביי אים אין הויז, פראַווען מיט אים צוזאַמען די סעודת־פורים. זיי זענען געגאַנגען אים דאָס מודיע זיין. מיט זיי איז מיטגעגאַנגען ר׳ פישל האָרן.

סעמיועל סאַראַד האָט שוין פאַרגעסן די מעשה מיט ר׳ פישל סופר, אין דעם קורצן פרייטיק אין דער שמאַטע־פאַבריק. ער האָט געהאַט וויכטי־קערע און בילכערע זאַכן צו טראָגן אויפן קאָפּ, און בכלל זיך ניט געריכט, אַז דער ענין „פישל האָרן״ וועט אַמאָל אַרויפקומען אויף דער אויבערפלאַך.

ר׳ יחיאל, דער גאַרבער און ר׳ פישל האָבן זיך באַוויזן אין ביוראָ. ער האָט זיך געוווּנדערט צו זען דעם סופר אין די דלת־אמות פון אַ מחלל־שבת. ר׳ פישל האָט זיך געריכט אויף דעם חידוש פון זיין באַלעבאָס: „אדם שאין מבקר את החולה כאילו שופך דמים הוא. וואָס מאַכט עץ? ווי פילט עץ?״ — האָט ער געפרעגט טרוקן, כדי צו ווייזן, אַז ער איז ניט געקומען שלום מאַכן, חס וחלילה, מיט אַ מחלל־שבתניק, נאָר מקיים זיין די מצוה פון ביקור־חולים. סעמיועל סאַראַד איז געווען צופרידן מיט ר׳ פישלס באַזוך, מיטן צוטיילן אים דעם כבוד פון לייענען ביי אים אין הויז די מגילה, אָבער ער האָט אויסגענומען מיט זיי אַ תנאי, אַז ער וועט אויס־האַלטן די פורים־סעודה. ער האָט מכבד געווען דעם סופר מיטן לייענען די מגילה, אם ירצה השם, פורים.

מ׳האָט זיך געוווּנטשן אַ פריילעכן פורים, ס׳זאָל מקוים ווערן דער „משנכנס אדר מרבים בשמחה״. סעמיועל סאַראַד האָט מבטיח געווען אַ פורים־סעודה כיד המלך און אָנגעזאָגט, אַז קיינער טאָר ניט פעלן צו דער סעודה, אַלע, פוןביידע פאַבריקן.

„בלי נדר, בעזרת השם, יידן פאַרפעלן ניט צו טאָן אַ מצווה, צו פראַווען די סעודות־מצווה של פורים״ — האָט ר׳ פישל אונטערגעהאַלטן ר׳ יחיאלן. זיי זענען אַוועק אין אַ יום־טובדיקער שטימונג, מיט דער האָפענונג אויף אַ פריילעכן פורים.

אויך סעמיועל סאַראַד האָט שטילערהייט געבעטן און געהאָפט אויף דעם „משכנס אדר מרבים בשמחה"; אַז אויך ביי אים וועט זיך אָנהויבן עפּעס גוטס, אַז ער וועט הערן פון ראָזעלין און סימאָרן פריילעכע באַריכטן: אַז אויך דער שלום־בית וועט צוריקקומען אין זיין הויז.

ער איז צו צום פענצטער, אַרויסגעקוקט אין פינצטערן, געפרוירענעם דרויסן און געטראַכט, אַז עס קומט אים שוין, מיט יושר, אַ ביסל מנוחה, נאָך דעם, וואָס ער איז דאָ אַדורכגעגאַנגען.

„איז דאָס אַלץ טאַקע געשען מיט מיר?" — האָט ער איז רעיון געפרעגט דעם סעמיועל סאַראַדן פונעם פינצטערן פענצטער. געדוכט האָט זיך אים, אַז אַ קול ענטפערט אים: אַלדאָס גוטס איז געשען צו שלמה זלמנען, ער האָט געשאַפן, ער איז רייך געוואָרן. אָבער די אומגליקן האָבן זיך אָנגעהויבן מיט סעמיועל סאַראַדן. מיט שלמה זלמנען איז גאָרניט געשען מחוץ לדרך הטבע; מיטן וואַקסן פון סעמיועל סאַראַדס רייכטום, זענען אויך געוואַקסן זיינע צרות.

אַ קלאַפּ אין טיר האָט איבערגעריסן זיינע געדאַנקען. אין אָפיס איז אַריין פנחסל מיטן מענטשן, וועמען ער האָט שוין פריער געהאָט באַשטימט אַהער צו ברענגען. איצט האָט ער אַדורכגעפירט זיין שליחות.

„אָ, דאָס זענט איר? קומט אַריין, קומט אַריין. אָבער אין אַזאַ וועטער? אין אַזאַ פראָסט?" — ער האָט זיי געבעטן זיצן.

„ווער זענט איר פון שטעטל?" — האָט ער געפרעגט דעם יידן.

„ניין, ער איז פון דער סאָסייטע אונדזערער" — האָט פנחסל זיך אַריינגעמישט.

„כ'האָב געמיינט, אַז איר זענט זיך משתדל פאַר אים, מוז ער זיכער זיין פון אונדזער שטעטל".

„לאו דווקא" — האָט דער ייד זיך אַריינגעמישט.

„איר זענט גערעכט. אויב אַפילו ניט פון שטעטל, דאַרף מען זיך אויך משתדל זיין פאַר אַ יידן. אָבער דאָך, ווי קומט איר אין דער סאָסייטע?"

„כ'וויס?" — האָט דער ייד געהויבן מיט די אַקסלען. — „אַ שני־שבשלישי האָט געפירט, בין איך געגאַנגען. וואָס איז דען דער אונטערשייד? כל ישראל חברים".

„נו, אוודאי. וואָס קענט איר טאָן? כ'מיין, האָט איר עפּעס אַ פאַך, אַ מלאכה? — האָט סעמיועל סאַראַד געוואָלט וויסן צי דער ייד קען אַמאָל ניט פאַרדינען ביי זיין פאַך מער, ווי ביי אים אין דער שמאַטע־פאַבריק, אין דער פאַרבעריי.

„מ'קען זיך אויסלערנען. אַלץ קען אַ מענטש זיך אויסלערנען, צו אַלץ זיך צוגעוווינען" — ענטפערט דער פרעמדער.

„נו, גוט. אַז איר ווילט, קומט מאָרגן דאָ אַהער, וועל איך אייך צופירן צו דער אַרבעט. אָדער גייט אַליין אַהין און נעמט דאָס מיט״. — ער האָט אָנגעשריבן אויף פּאַפּיר דעם אַדרעס פון די שמאָטע־ און פאַרבעריי־פאַבריקן, און ר׳ יחיאלס נאָמען, און עס דערלאַנגט דעם יידן.

„און איר, פּנחסל, זייט ניט קיין גאַסט. פון היינט אָן קומט אַריין אָפטער. אויב פּורים איז ביי אייך ניט קיין הויז־יום־טוב, קומט צו מיר אין הויז אַריין, מ׳וועט לייענען די מגילה און זיך משמח זיין, ס׳וועט זיין ליהודים. איצט לאָמיר גיין, צייט צו גיין אַהיים״. — ער האָט אָנגעטאָן זיין שווערן פּאַלטאָ, גוט זיך איינגעהילט דעם האַלדז און געלאָזט זיך מיט די יידן אין וועג אַריין.

„אפשר גייט איר אין מיין וועג?״ — האָט ער זיי געפרעגט אין פראָסטיקן דרויסן און דערפילט, אַז דער פראָסט פאַרכאַפּט אים דעם אָטעם. אויב ניט, וועט ער צוריקגיין אין אָפיס אַריין איבערשלאָפן דאָרט די נאַכט.

פּנחסל מיט דעם יידן האָבן זיך אָנגעכאַפּט אָן דער מעגלעכקייט אָפּצודינען דעם גוטן מענטשן מיט עפּעס, און באַלד מסכים געווען אים צו פירן אַהיים.

„וואָס הערט מען אין דער סאָסייטע?״ — האָט סעמיועל סאַראַד אַריינגעפּאַרעט די פּאָר ווערטער אין פראָסט אַריין.

„ווי אַמאָל, ס׳וועגדט זיך וועגן. אין סוף חודש איז ביטער. מ׳דאַרף גיין איבער די הייזער ווי אַ בעטלער מאָנען דעם מיטגליד־אָפּצאָל״. — האָט פּנחסל זיך באַקלאָגט.

„ווי אין אַלע געשעפטן, סוף חודש דאַרף מען גיין מאָנען״ — האָט ער געטרייסט פּנחסלען, ווי זיך פאַרענטפערט, וואָס פּנחסל דאַרף קומען צו אים מאָנען.

„נו, גענוג, די רעשט וועג וועל איך שוין אַליין טרעפן. אַ דאַנק אייך, אַ גרויסן דאַנק אייך״. — האָט ער זיך געזעגנט מיט זיי. — „נו, פאַרגעסטזשע ניט, פּנחסל, צו קומען צו מיר פּורים. דער ייד וועט קומען מיט די אַנדערע יידן פון די פאַבריקן״. — ער האָט אַריינגעצויגן דעם קאָפּ טיף אין פּאַלטאָ אַריין.

די יידנס איינפאַל צו לייענען פּורים ביי אים אין הויז די מגילה איז אים געפעלן. ער האָט דאָס אָנגענומען פאַר אַ סימן, אַז ס׳איז געקומען די צייט פון צוריקברענגען יידישע טראַדיציע אין זיין טראַדיציעלאָזן הויז אַריין. ער האָט לעצטנס אָנגעהויבן אַריינטייטשן און געפונען באַ־דייטונג אין די פּאַסירונגען און געשעענישן אַרום אים. אויך אין די יידנס פאָרשלאָג צו לייענען ביי אים אין הויז די מגילה דאָס יאָר האָט ער געזען אַ רמז. זיין באַשלוס איז געווען — פון דעם פּורים אָן, צוריק

אַריינברענגען יידישע טראַדיציע אין זיין הויז, האָפנדיק, אפשר וועט ער מיט דעם וועג אויך צוריקקריגן דאָס ווייב און אָפּראַטעווען די אַנדערע קינדער, די ייִנגערע ייִנגלעך. אפשר וועט דער פּורים־יום־טוב זי אַרויס־נעמען פון דער מרה־שחורה. ס׳איז דאָך ביי אים אין הויז פאַראַן אַזוי ווייניק יום־טובים, אַזוי ווייניק פרייד.

זיין ספרים־שטוב האָט אַפילו ניט געוועקט קיין נייגעריקייט, ניט ביים ווייב און ניט ביי די קינדער. די ערשטע צייט זענען די קינדער בלויז נייגעריק געווען צו זען וואָס דאָרט טוט זיך, וואָס מ׳בויט דאָרט. אָבער ווי נאָר די ביכער זענען אַרויף אויף די פּאָליצעס, האָבן זיי אַפילו פאַרלוירן דעם חשק דאָרט אַריינצוקומען. איצט, ווען מ׳וועט דאָרט לייענען די מגילה האָט ער געהאָפט, וועט די ביכער־שטוב ביי זיי קריגן מער אָנזען.

באַלד אינדערפרי האָט ער, הויך אויפן קול, אַז ס׳ווייב זאָל הערן, דערציילט די קינדער, וואָס ס׳וועט דאָ פאָרקומען אין פּורים. זיי האָבן אים אָנגעקוקט פאַרוווּנדערט און ניט פאַרשטאַנען וואָס ער רעדט צו זיי. ס׳ערשטע מאָל אין זייער לעבן, הערן זיי דאָס וואָרט „מגילה״, פון יום־טוב פּורים; ס׳ערשטע מאָל, נאָך אַ לאַנגער צייט, אַז דער פאָטער פאַרנעמט זיך מיט זיי, דערציילט זיי, גרייט עפּעס פאָר זיי.

„וואַרט, וואַרט, איר וועט שוין זען. פרעגט דער מאַמען, זי וועט אייך שוין דערציילן, וואָס פּורים איז״ — האָט ער זיי נייגעריק געמאַכט און איז אַוועק.



פּנחסל האָט ניט געקענט פאַרגעסן די ענדערונג, וואָס ס׳איז פאָר־געקומען אין דעם מיסטער סאַראַד. אַנומלטן, ווען ער איז ביי אים געווען, איז ער געווען בייז און ניט געלאָזט צו זיך רעדן. איצט איז ער געווען צוגעלאָזן, באַרעדעוודיק, אין גוטן מוט, כמעט חבריש, גאָר אַן אַנדערער מענטש. ער וועט זיך טאַקע פּורים אַריינכאַפּן צו אים.

אין אסתר־תענית האָט זיך געשטעלט אַ שיינער טאָג. די יונגע, פרילינגדיקע זון־שטראַלן האָבן זיך אַרויסגעבראָכן פון מזרח־האָריזאָנט און אַנטפּלעקט די וועלט, איר גלאַנץ, די שיינע זומערדיקע צוקונפט וואָס איר שטייט פאָר, און דערווייל צוגעזאָגט די פאַסטנדיקע יידן אַ לאַנגן תענית.

די יידן פון די שמאַטע־ און פאַרבעריי־פאַבריקן האָבן ניט געטראַכט אַפילו פון דעם פאַרלענגערטן פאַסט־טאָג, וואָס די ליכטיקע זון־שטראַלן האָבן גורם געווען. פאַר זיי איז דאָס פאַסטן אַ תענית געווען אַ דבר־של־מה־בכך. ווייניק האָבן זיי געפאַסט אין זייער לעבן? וואָס פאַרא באַדייט

האָט נאָך אַ שעה פאַסטן? ביי דער אַרבעט וועט שנעל פאַרגיין דער תענית. דערפאַר וועט מען ביים באַלעבאָס, נאָך דער מגילה לייענען, זיכער גוט פאַרבייסן. ר׳ יחיאל און דער סופר האָבן זיי דאָס פאַרזיכערט.

סעמיועל סאַראַד, אַפילו נאָך אַלס שלמה זלמן, איז ניט געווען פון די גרויסע פאַסטערס, און ניט געהאַלטן פון קיין תעניתים און סיגופים. אָבער רואיק איז ער עפּעס אויך ניט געווען דעם גאַנצן טאָג, עפּעס האָט אים געפעלט.

ער איז אַהיים געגאַנגען אַ ביסל פריער, זיך אָפּרוען, און צוגרייטן די ספרים־שטוב. ביים אַריבערטרעטן זיין הויז האָט ער געלאָזט וויסן די קינדער, אַז היינט לייענט מען די מגילה. ער האָט זיי געבעטן אים העלפן אויסשטאַטן די שטוב, אַרויסנעמען די קליינע טישלעך, איבעריקע לאָמפּן, פאַטער־שטולן, כדי זי זאָל אַריינגעמען מער מענטשן. ער האָט איבערגעשטעלט די ביכער אויף די פּאָליצעס, געמאַכט אויך דאָרט אָרדענונג. און דאָ איז אַרויפגעקומען די סיבה פון זיין אומרואיקייט דעם גאַנצן טאָג — די ספרים! ער רופט דאָס צימער: ספרים־שטוב, אָבער קיין איין ספר איז דאָ ניטאָ, נאָר בלויז ביכער. קיין גמרא, קיין חומש, קיין איין סידור. וואָס פאַר אַ ספרים־שטוב איז דאָס? ס׳האָט אים וויי געטאָן.

ער האָט איבערגעלאָזט די זין אין דער ביכער־שטוב, אָנגעטאָן דעם פּאַלטאָ און זיך געלאָזט צום אַרויסגאַנג. די טיר האָט זיך פאַר אים אָן עפן געטאָן און פּנחסל איז אין איר אַריין.

„כ׳האָב געמיינט, אַז איר דאַרפט אפשר מיין הילף" — האָט פּנחסל זיך פאַרענטפערט פאַר זיין קומען פריער פון אַלעמען.

„אוי דאַרף איך הילף, כמעט אַ נס דאַרף איך. אפשר האָט איר אַ ש״ס, אַ חומש, סידורים ביי אייך אין הויז?" — האָט סעמיועל סאַראַד געפרעגט.

„אַ מחזור, אַ סידור, פאַרוואַלגערט זיך אפשר, אָבער אַ ש״ס?" — האָט פּנחסל זיך מודה געווען.

„זיי וועלן זיך מצער זיין, ספּעציעל דער סופר. ס׳זאָל זיך אין אַ יידיש הויז ניט געפינען קיין סידור אַפילו! זיי וועלן האָבן צער!"

פּנחסל האָט זיך פאַרטראַכט — ביי וועמען קען ער געפינען אַ ש״ס, אַ גמרא, אַ משניות צו באָרגן, אַ זאַץ חומשים צונויפשטעלן — אפשר ביי זיין חבר הערי שאַץ.

„כ׳קען גיין פּרוּוון זוכן אפשר ביי הערי שאַץ. אָבער איך צווייפל" — האָט געזאָגט פּנחסל.

„וואָס דאַרפט איר צווייפלען, אָדער פּרוּוון זוכן? גייט און קויפט. איך בעט אייך, גייט און קויפט". — האָט אים סעמיועל סאַראַד איבער־געריסן און דערלאַנגט עטלעכע גרעסערע געלט־באַנקנאָטן.

אויך פּנחסלס דערשיינען אומגעריכט, האָט ער אָנגענומען פאַר אַ גוטן סימן. זיין האָפענונג איז טאַקע מקוים געוואָרן. פּנחסל האָט געבראַכט אַן אוצר אַ גאַנצן. ביידע האָבן געגלעט די ספרים אויף די רוקנס, אַריינגעשטעלט אויף דעם באַזונדערן אָפּגעטיילטן אָרט, וואָס סעמיועל סאַראַד האָט צוגעגרייט פאַר דעם צוועק.

אויך די האָפענונג, אַז אַלע יידן פון ביידע פאַבריקן וועלן קומען, איז מקוים געוואָרן, ס׳זאָל דאָס פעלן איינער. יעדער פון זיי, אַ חוץ ר׳ יחיאל, איז דאָס ערשטע מאָל געווען איינגעלאַדן צום באַלעבאָס אין הויז. זענען זיי אַלע בייגעריק צו קומען, אי צוליב דער מצווה, אי צוליב דער סעודה, און סתם צו זען סעמיועל סאַראַדס הויז.

מ׳האָט גענומען זיך גרייטן לייענען די מגילה. די קליינע זין זיינע זענען געקומען צוליב בייגיר, און האָבן באַטראַכט די יידן מיט בערד און פּיאות און גאַרטלען אויף זייערע לענדן, געלאָפן מיט זייערע אויגעלעך, נאָכגעפאָלגט זייער יעדע באַוועגונג.

ווי ער האָט עס דערוואַרט, אַזוי איז געשען. ווי נאָר דער סופר איז אַריין אין ספרים־שטוב, איז ער מיט פאַמעלעכע טריט צוגעטראָטן צו די ביכער־פּאָליצעס און גלייך צו די גמרות, אַרויסגעצויגן איינע און גענומען בלעטערן. באַטראַכט די בלעטער אויפמערקזאַם, הנאה געהאַט פון די פינגער־פלעקן אויף זיי, אַ סימן, אַז מ׳האָט מעיין געווען אין זיי. פון גרויס הנאה האָט זיך אַ מילדקייט צעלייגט אויף זיין אַדלער־פּנים.

אַז אַלץ איז געווען גרייט, האָט סעמיועל סאַראַד צוגערופן זיין יינגסטן זון, נתנען, און אים געהייסן רופן די מוטער. ווען דאָס קינד איז צוריקגעקומען, האָט דער סופר זיך געשטעלט לייענען די מגילה. פרוי סאַראַד איז געבליבן ביי זיך אין שטוב.

נאָכן אָפּלייענען די מגילה, האָט מען געמאַכט אַ לחיים, געווונטשן זיך דערלעבן די מפּלה פון אַלע המנס. באַשטעלט זיך מיט סאַראַדן צו קומען, כעלות השחר, אים נעמען צום דאַווענען. פאַרטאָג איז ער צוזאַמען מיט ר׳ יחיאלן געגאַנגען צום מנין אין זייער אַלטן בית־המדרש, און אויפן וועג געוואויר געוואָרן, אַז מ׳האָט זיי נאָכגעגעבן אין זייער אַמאָליקן שטרייט מיט די יונגע אַנדערש־דאַווענער. זיי האָבן ווייטער זייער אייגן מנין און נויטיקן זיך ניט אין זיין ספר־תורה.

אין סעמיועל סאַראַדן האָט זיך דערוועקט דער אַמאָליקער שלמה זלמן. ער האָט זיך דערמאָנט, ווי דער פּורים האָט אויסגעזען ביי זיין טאַטן און זיידן, ווי זיי האָבן אויסגעסדרט זייערע פּורים־טישן. האָט ער אויסגעשטעלט זיין שיינעם פּורים־טיש מיט כלערליי מאַכלים, געטראַנקען און זיסוואַרג; אויך שלח־מנות־טעלער פאַרגעברייט לויט יעדנס יחוס, ווי ביים טאַטן און זיידן, כנהוג.

פנחסל האָט מיט זשעדנע אויגן באַטראַכט דעם רייכן, מיט כל טוב געדעקטן טיש. „פון דעם אַלעם, פון די געטראַנקען און וויינען, נעמט אַזש דאָס האַרץ וויינען”. די אויגן האָבן געשלונגען די געבעקסן, פליישן, זיסוואַרג און משקאות.

„נו, וואָס איז דאָס פאַר אַ טענהן? וואָס באַדייט דאָס וויינען? פאַרזוך, נעם צום גומען, ס'איז דאָך פורים! ס'איז דאָך היינט אַ מצווה צו טרינקען און עסן, דעם אונטערשייד צווישן ארור המן און ברוך מרדכי צו פאַרגעסן” — האָט סעמיועל סאַראַד אים אונטערגעמונטערט אין פערזן און גראַמען.

„ס'איז פאַרדראַסיק און אידיאָטיש, מ'איז אויס מענטש שוין. די ציין קענען ניט קייען און דער מאַגן וויל שוין ניט פאַרדייען”. — האָט פנחסל געפּרוווט צוריק גראַמען. — „איי אַמאָל, איי אַמאָל! ווייסט איר וואָס איך וואָלט אָפּגעטאָן ביי אַזאַ טיש?! כ'געדענק, אַז כ'האָב אַמאָל איינער אַליין אויפגעגעסן אַ גאַנצן לאָקשן־קוגל, וואָס איז געווען צוגעגרייט פאַר אַ חשובן גאַסט. צווישן נשמת־כל־חי און דער ערשטער שמונה־עשרה איז ער פאַרטיק געוואָרן, און די באָבע האָט נעבעך באַשטראָפט די אָרעמע אומשולדיקע קאַץ” — האָט פנחסל פורימדיק געלאַכט.

דער סופר האָט אַוועקגערופן ר' יחיאלן און געפרעגט אים שטיל: „ווי מיינט איר? ביי אַ ייד אַ מחלל־שבת, וואָס האָט אַ גאַנצן ש”ס, מעג מען עסן אָן חשד?”

ר' יחיאל האָט אויף אים אַ קוק געטאָן בייז. „איר הויבט שוין אָן?! אָן אָפּגעהיטענער ייד למהדרין, עסט ניט ביי קיינעם. וואָס פרעגט איר שאלות, וואָס? אַלע זאַכן קומען פון יידן און זענען כשר. אַז איר זענט חושד, עסט ביי זיך אין הויז”.

דער סופר איז אַוועק אָן אָפּגעשמיסענער און זיך געזעצט צום טיש. ר' הלל צימערינג האָט זיך געוואַשן צו שאו־ידיכם איבער דעם געפלאָכ־טענעם פורים־קוילעטש און געטיילט יעדן אַ מוציא. אויך דער סופר האָט זיך געוואַשן, אָפּגעבראָכן אַ כזית, איינגעטונקען אין זאַלץ און געמאַכט אַ המוציא, אויפגעגעסן דאָס שטיקל קוילעטש און מער פון גאָרניט טועם געווען, אָבער געטרונקען לחיים האָט ער מיט אַלעמען.

פנחסל האָט טועם געווען פון אַלץ צו ביסלעך, פון יעדן עסנוואַרג אַ כזית, אָבער געטרונקען אַ סך. באַלד איז ער שיכור געוואָרן און גענומען בענטשן הויך אויפן קול.

„ר' פינחסל, איר בענטשט דאָך אָן אַ מזומן!” — האָט אַ צווייטער בגילופנדיקער אים איבערגעריסן דאָס בענטשן ביחידות.

„איר האָט אַ טעות. מרנן, רבנן ורבותי. פנחסל בן ר' ישראל דיין וועט ניט בענטשן אָן אַ מזומן. ווי פאַלט אייך דאָס גאָר איין? אַט זעט:

איך בין איינס, דאָס פלעשל איז צוויי און דאָס גלאָז איז דריי. וואָס הייסט? פּנחס בן אליעזר בן אהרן הכהן וועט בענטשן אַן אַ מזומן? ס׳איז אַ בלבול, בפירוש אַ בלבול! אָט זענען מיינע עדות!״ — האָט ער שיכור־פריילעך געהויבן דאָס האַלב־אויסגעליידיקטע גלאָז מיטן פלעשל.

אַלע האָבן געלאַכט, זיך פריילעך געמאַכט, נאָר ר׳ פישל דער סופר איז געזעסן אַן אַנגעכמורעטער און געשוויגן. דער נייער פליט, פאַר וועלכן פּנחסל האָט זיך משתדל געווען, האָט אָנגעהויבן אַרומקרייזן פּנחסלען מיטן גלעזל אין האַנט און זיך באַוויגן אַרום אים אין אַ ראָד.

אַזוי האָט ער אים אַרומגעקרייזט עטלעכע מאָל, געגומען הויבן די הענט העכער און העכער, דרייענדיק זיך אַרום אים אין אַ התלהבותדיקן טאַנץ. די אַרבל פון זיין אויסגעוואַקסן רעקל האָבן זיך אַרויפגערוקט, זיך פאַרצויגן, און ס׳האָט זיך באַוויזן אַ נאַקעטע האַנט מיט אַ שורה בלויע נומערן. די אויסגעדאַרטע, טאַטואירטע האַנט, האָט זיך גענומען דרייען אין אַ גיכן לופט־געווירבל, וואָס האָט געשאַפן פאַרשיידענע שרעקנס־פאַרמען.

אָט האָט זי זיך אויספאַרמירט אין אַ ראַפּניק ביים שמייסן, און אָט איז אין דעם העפטיקן דריי־געווירבל די האַנט פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ קאַנטשיק, וואָס האָט ווי אַ שוואַרצער קולאַק געפּאַכעט אין דער לופט, די יידן האָט זיך אויסגעדוכט, אַז אָט פאַלט ער אויף זיי, אָט צעשטורעמט ער זיך קעגן זיי. אָבער געפּאַכעט האָט אַן אָפּגעריסענער העמד־אַרבל פון אַ לאַגערניק, אַן אויסגעבערענטער נומער אויף אַ געפייניקטער האַנט.

די יידן האָבן זיך צוגערוקט צו די ווענט און אין ליידיקן מיטן שטוב זענען געבליבן פּנחסל מיטן טאַנצנדיקן ייד, וואָס האָט זיך איצט געדרייט צום טאַקט פון פורים־זמר: „שושנת יעקב, צהלה ושמחה, בראותם יחד. יחד, יחד, יחד!״ — האָט ער זיך געשפּאַרט צו פּנחסלען און גערופן אים מיטזינגען, מיטטאַנצן.

פּנחסל איז געשטאַנען אַ דערשראָקענער, געקוקט שטאַר מיט זיינע האַלב־שיכורע, גלעזערנע אויגן, און ניט גערירט זיך פון אָרט. דער פליט האָט מיט דביקות זיך געדרייט אַרום אים און דערוואָרעמט מיט־צוטאַנצן.

„ס׳איז פורים, צי ניט? וואָס שטייט איר צוגעגליווערט צום אָרט, וואָס? דאָס בין איך, חיים לאַנגלעבן, אייער פריינט. היטלער האָט געוואָלט פאַרקירצן מיין לעבן, אָבער איך לעב! איר זעט, ליבע יידן, איך לעב! אָט האָט איר דעם אויסטאַטואירטן סימן, דעם זכר לחורבן! ער האָט אויף מיר געבערענגט חורבן! אַ גרויסן חורבן! אָבער איך לעב״ — זיין קנאַכיקע האַנט האָט זיך אומאויפהערלעך מיטגעדרייט מיט זיין גוף, און

ווידער געלאָזט זיך אין קאַראַהאָד, געאײַלט זיך, געוואָלט אַרײַנכאַפּן וואָס מער שמחה, אײדער ס'ווערט אויס יום־טוב. די טאַטואירטע האַנט האָט צוגעקנאַקט מיט די פינגער צום טאַקט.

„איך בין אַ יחזקאל הנביא־ייִד, אײנער פון די עצמות היבשות פון טויטן־טאָל, מיר אַלע זענען יחזקאל־ייִדן. אונדזערע אויסגעטריקנטע טויטע בײנער האָבן אויף זיך אויפגעצויגן הויט און אָדערן. ס'איז אין אונדז אַרײַן צוריק דער רוח־החיים און מיר לעבן ווידער! מיר לעבן! מיר לעבן! עם ישראל חי, עם ישראל חי! צו להכעיס די דײַטשן, די פּאַליאַקן, צו להכעיס אַלע צוררי ישראל, ימח שמם וזכרם!..."

„אַלע דײַטשן, ימח שמם וזכרם, האָבן גוט געוווּסט, וואָס היטלער, ימח שמו, גרײט זיך טאָן מיט אונדז. ער האָט זײַנע שוואַרצע פּלענער פאַרשריבן שוואַרץ אויף ווײַס, און דאָך האָבן זיי פאַר אים געשטימט. דאָס האָבן זיי אים אויסגעקליבן, אַלע דײַטשן, ימח שמם וזכרם!"

„אַלע דײַטשן! געדענקט דאָס, ייִדן, פאַרגעסט דאָס ניט. לאָזט זיך אויך ניט אײַנרעדן, אַז שולדיק זענען געווען בלויז היטלער און זײַנע נאַציס. מוסאָליני און לענין האָבן פאַרכאַפּט די מאַכט זײערע מיט גוואַלט. היטלערן האָט מען זי אַרײַנגעטראָגן אויפן דעמאָקראַטישן טעצעלע, דע־מאָקראַטיש אויסגעוויילט, נאָך אַלע זײַנע טעראָר־אַקטן און קרישטאָל־נעכט".

„אַלע זענען זיי שולדיק, אַלע האָבן זיי געמאָרדעט, געשאָכטן, גע־ברענט דאָס ייִדישע פאָלק — אנשים, נשים וטף. אַלע דײַטשן פון דער גאַנצער וועלט האָבן אָנגענומען דעם היטלעריזם באהבה, און געלערנט היטלערס לערע מיט התמדה. היטלער האָט געפּרײדיקט, פּראָפעסאָר מענ־געלע האָט דאָס איבערגעזעצט אין גרויל־מעשים; דאָקטאָר שמידט האָט געלערנט און מוסיף געווען כהנה וכהנה; אויגוסט ניומײער האָט עס אײַנגעפּאַסט אין וויסנשאַפטלעכע רציחה־טעאָריעס; קאַרל בורגער האָט מיט פאַרגעניגן אויסגעפירט אַלע מאָרד־באַפעלן".

„די היטלעריסטישע „שאַץ־קאַמער" האָט אָנגערויבט ייִדיש פאַרמעגן, פרוי מענגעלע האָט זיך געפּוצט אין ייִדיש צירונג, פרוי שמידט — אין ייִדישע פרויענס קלײדער, מאַמאַ בורגער האָט זיך צוגעדעקט מיט ייִדישע פוכענע איבערבעטן, מאַדאַם ניומײער האָט מאַטראַצן געמאַכט פון די האָר פון ייִדישע פרויען, און זײערע דײַטשע קינדער האָבן זיך געקלײדט אין ייִדישע קינדער־קלײדער, געשפּילט זיך מיט ייִדישע קינדערס שפּיל־צײַג. אַלע האָבן זיי געהרגעט און גערויבט! רצחו וירשו!"

„און די וועלט האָט געהערט, געזען און געשוויגן". — האָט סעמיועל סאַראַד געזאָגט שטיל, מער צו זיך אַלײן ווי צו אַנדערע.

די טאַטואירטע נומערירטע האַנט איז אַראָפּגעפאַלן, ווי זי וואָלט

אין קבר איינגעזונקען. דער פּליט־ייד איז ווי איינגעשרומפּן געוואָרן, קליין געוואָרן נאָכן אויסשרייען זיין צעווייטיקטן פּראָטעסט.

אין שטוב איז איינגעטראָטן אַ שטילקייט, ווי אַלע וואָלטן פאַרשטומט געוואָרן. די פריערדיקע פריילעכע חברה איז איצט געזעסן פאַרטראַכט אין זיך. פנחסל איז געשטאַנען ביי זיין פריינט, אַראָפּגעקוקט צו אים און אויך געשוויגן.

„נעמעזיס וועט ניט פאַרשווייגן, נעמעזיס וועט אויפמאָנען דעם בלוטיקן חוב פון אַלע שולדיקע!" — האָט סעמיועל סאַראַד איינגעזאָגט אין דער שטילקייט אַריין, זייענדיק זיכער, אַז די געשיכטלעכע נקמה וועט קומען.

די יידן אַרום האָבן מיט פרעגנדיקע פּנימער געפרעגט, וואָס רעדט ער? פון וועמען רעדט ער? ווער איז דאָס „נעמעזיס", וואָס וועט האָבן אַזוי פיל כוח אויפצומאָנען אַזאַ בלוטיקן חוב ביי די דייטשן. פאַרוווּנדערטע האָבן זיי זיך אָנגעקוקט, געוואָלט זען צי עס פאַרשטייט ווער דעם באַלעבאָס' רייד.

דער ייד־פּליט, איז ווי געקומען צו זיך פון סעמיועל סאַראַדס רייד. ער האָט זיך איבערגעבויגן צו אים און געזאָגט: „דער נעמעזיס אייערער איז אַ שלעכטער מאָנער, ער אַליין איז אונדז שולדיק אַ גרויסן חוב. שוין טויזנטער יאָרן, ווי ער וואַרט נאָך אַלץ. אויף וואָס וואַרט ער?"

אַלע האָבן אויפגעוואַכט, געוואָלט הערן און פאַרשטיין. דער סופר, וואָס איז געשטאַנען ביים פענצטער, האָט זיך אויך אויסגעדרייט צום שטוב־קרייז און אויסגעברומט:

„אייער גאָט פון נקמה רעדט מיטן מויל פון האַרמאָטן. יידן האָבן קיינמאָל ניט גערעדט מיט שטאָל און אייזן. אונדזער כלי־זין איז די תורה. דערפאַר קען אייער נעמעזיס ניט רעדן פאַר אונדז, זיך אָננעמען פאַר אונדז. דער רבונו של עולם שיצט אונדז, ער וועט ווייטער זיין פאַר אונדז אַ שוץ. דער נצח ישראל איז אונדזער נקמה אין די צוררי ישראל".

„פרומע משכילים" — האָט סעמיועל סאַראַד זיך געטראַכט און הנאהדיק געשוויגן.

פנחסל און זיין פריינט האָבן זיך געקליבן צום גיין. סעמיועל סאַראַד האָט זיי מיטגעגעבן זייער שלח־מנות. אויך די אַנדערע יידן האָט ער באַגלייט מיט שלח־מנותן און ביי געלייגט יעדן פון די געבליבענע גוטע מאכלים, צוגעבנדיק: „ס'איז דאָך אַן עבירה פאַר גאָט דאָס אַלץ אַרויס־צוּוואַרפן".

אין שטוב זענען געבליבן דער גאַרבער, ר' יחיאל, דער סופר און ר' הלל צימערינג. אַ געדיכטע שטילשווייגעניש האָט געשוועבט איבערן

שטוב. ר׳ פישל איז אַוועק צום ספרים־שאַנק, אַרויסגענומען פון דאָרט א גמרא און פאַרזיכטיק געזוכט דאָרט עפּעס.

ר׳ יחיאל האָט זיך צוגערוקט צום גאַרבער און מיט אַ געדעמפּט קול געפרעגט: „ווי אַזוי איז דאָס געשען, אַז אַ גאַנץ פאָלק, דאָס דייטשע דערצו, האָט געקענט אין אונדזערע צייטן ווערן אַ סדום־פאָלק?״

„געשיכטלעך איז עס צו פאַרשטיין: דאָס דייטשע פאָלק איז נאָך פון קדמונים אַ פאָלק פון דרעסירטע, געהאָרכזאַמע הינט. פרידריך קייזער איז געווען דער ערשטער, וואָס האָט צונויפגענומען זיינע ווילדע הינט און זיי אויסדרעסירט אין אַ סטאַדע, מיט דער הילף פון זיין אייזערנער בייטש געהאַלטן זיי צוזאַמען. שפּעטער, לויטן סדר, זענען געקומען ביסמאַרק, ווילהעלם, און איצט דער וואַנזיניקער היטלער. היטלער, אין זיין פּוסטער, פּאַטריאָטיש־נאַציאָנאַלער גאווה, האָט די גערמאַנישע „נאָר־דישע ראַסע״ אין אַ „העכערקייט״־מאַניע אויסדרעסירט, שפּעטער אַרויס־געפירט די צעווילדעוועטע וועלפישע הינט אויף דער וועלט, און זיי האָבן געזייעט חורבן און וויסטעניש — געוואָרגן די וועלט״.

„זייער און זייער אַ שלעכטע אויפקלערונג וועגן דייטשן מהות. די דייטשן אַליין האָבן זיך אָן איר אָנגעכאַפּט און טענהן, אַז ניט זיי זענען שולדיק, אַז דער שולדיקער איז היטלער. ער האָט זיי געשיקט, ער איז געווען אַ בייזער פירער. זיי זאָגן שוין אויף אים דאָס זעלבע, וואָס איר, אַז ער איז געווען משוגע. זעט וואָס די גמרא זאָגט. אונדזערע חכמים האָבן שוין מיט טויזנטער יאָרן צוריק באַרירט דאָס פּראָבלעם. די דייטשן טענהן, אַז זיי זענען ניט שולדיק — היטלער האָט געשיקט, זענען זיי געגאַנגען. אין שליח לדבר עבירה — דאָס איז דער גמראס ענטפער! אין שליח לדבר עבירה! — האָט ער געטייטלט אין דער אָפענער גמרא אַריין. — ביי דער גמרא איז ניטאָ קיין געשיקטע פאַרברעכער!״

„ווייזט אויס, אַז אין אונדזערע חכמים׳ס צייטן זענען אויך געווען היטלעריסטן וואָס האָבן געטענהט, אַז זיי זענען ניט שולדיק אין די פאַרברעכנס, וואָס זיי זענען באַגאַנגען, מיטן תירוץ, אַז זיי זענען געווען בלויז שליחים. די גמרא האָט זיי ניט מוחל געווען. היטלער האָט געמעגט שיקן. אָבער זיי האָבן געהאַט די ברירה ניט צו פאָלגן די רוצחים״.

„מ׳דאַרף מזהיר זיין די יידן ניט איבערצונעמען אויטאָמאַטיש די דייטשע טענות״ — האָט ר׳ הלל צימערינג געזאָגט ביים אַוועקגיין.

„ווען מיר זאָלן שפּייזן אונדזערע מאָגנס מיט די זעלבע קליינ־פּאַטראָוועס, וואָס מיר שפּייזן אונדזערע מוחות, וואָלטן מיר ניט אויס־געלעבט קיין מעת־לעת אַפילו״ — האָט דער סופר געזאָגט און זיך אויך געלאָזט צו דער טיר. סעמיועל סאַראַד האָט אויך זיי באַגלייט מיט שלח־מנות.

אַז די יידן זענען זיך צעגאַנגען, איז ער צו צום פענצטער און אַרויסגעקוקט צום אויסגעשטערנטן הימל, צו דער גוט־אויסגעשייערטער לבנה, וואָס איז דאָרט אויבן געהאַנגען ווי אַ מעשענער גרויסער טאַצן־טעלער, און געלאָזט די זון זיך אָפּשפּיגלען אין איר פּנים, צוריקשיקנדיק מיט איר אַ שמייכל צו דער שלאָפנדיקער וועלט.

סעמיועל סאַראַד איז געווען אַזוי פאַרטיפט אין זיינע מחשבות, אַז ער האָט ניט געהערט ווי די טיר האָט זיך געעפנט און ס׳איז אַריינגעקומען פּנחסל.

„האַ, וואָס טוט איר דאָ? האָט איר עפּעס פאַרגעסן?״ — האָט סעמיועל סאַראַד זיך אַ כאַפּ אויף געגעבן און אָוועקגעבויגן זיין פּנים פון פענצטער.

„כ׳האָב פאַרגעסן אייך דאַנקען און זיך אַנטשולדיקן צוליב דעם יידנס צעשטערן אַביסל דעם יום־טוב. וואָס זאָגט איר צו דעם ייד? אַ געלי־טענער נעבעך, אַן אוד מוצל מאש״.

„וואָס זאָגט איר ניט צו אָט די אַלע יידן? אַזוי דוכט זיך, אַז זיי קענען קיין צוויי ניט ציילן, אָבער איר האָט שוין געמעגט הערן אַ וויכוח, וואָס זיי האָבן דאָ געפירט״.

„וואָס איז דאָס וווּנדער? כולנו חכמים, כולנו נבונים, כולנו יודעים את התורה, וכולנו זקנים״ — האָט פּנחסל געענטפערט.

„יאָ, אין יעדן מענטש איז פאַראַן אַ ניצוץ פון: גאָט, מלאך, טייוול, גענעראַל, שופט, למדן, רב, רופא, אַגיטאַטאָר, וואַגאַבונד, דעמאַגאָג, עניו, גרויסהאַלטער, פילאַנטראָפּ, אכזר, קינסטלער, טיפש, צעשטערער און בויער. ווען די אַלע אייגנשאַפטן זענען וואַך און טעטיק אין איין מענטש, איז ער אַ זשעני, אַ פולער מענטש, וואָס קען שאַפן גיגאַנטישע יצירות, אויפטאָן גרויסע טאַטן. אָט אַזעלכע משוגעים האָבן וועלטן געבויט און וועלטן חרוב געמאַכט. ווען אָבער בלויז איינער אָדער צוויי פון די אייגנשאַפטן קומען צום אויסדרוק ביי איין מענטש, איז ער אַ פאַכמאַן פון בלויז איין באַרוף. די וועלט איז געבויט געוואָרן און האַלט זיך אויף די ביידע קאַטעגאָריעס מענטשן. איינער איז אַן אַנשפּאַר פאַרן צווייטן, איינער דערגאַנצט דעם צווייטן. זיי אַלע שאַפן איין וועלט. מיר יידן אָבער זענען געבענטשט מיט אַ גרויסן פּראָצענט פון ערשטן טיפּ מענטש — מיט אַלזייטיקע פּעאַי־קייטן״.

פּנחסל האָט צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ: „אָבער איך האָב מורא, אַז זיי הויבן שוין אָן ווערן ווייניקער אויך ביי אונדז״ — האָט ער געזאָגט מיט אַ קרעכץ.

„איז דען אַ וווּנדער, וואָס אונדזער פּרדס ווערט אַלץ שיטערער? שוין טויזנטער יאָרן ווי מען האַקט אומרחמנותדיק, מיט פייער און שווערד,

די אוראַלטע דעמבעס, די ריזן־ביימער און די יונגע שתילימלעך. מיט צלמ׳ן און האַקנקרייץ, מיט בייזע בלוטיקע שטורמען, וואָס זיי יאָגן אָן אויף אונדז אין יעדער צייט, אין יעדער עפּאָכע. זיי פירן די מלחמות און מיר צאָלן מיט בלוט פאַר זייערע מפּלות!״

פנחסל האָט געטראַכט, אַז מ׳וואָלט געמעגט מוסיף זיין צו דער ריי פון אונדזערע פאַרטיליקער אויך די אידעאָלאָגישע שאַרפע חלפים, ווי: עמאַנציפּאַציע, רענעסאַנס, השכלה, פרייהייט, גלייכקייט, ברידערלעכקייט, סאָציאַליזם א. אַ. וו. פאַר אונדז איז עס נאָר איין גרויסער זומפּיקער קנויל פון ראַפינירטער שנאה. היינט האָבן מיר, אַנשטאָט שוואַרץ־מאה־אַנטי־סעמיטן — סאָציאַליסטישע, קאָמוניסטישע, אידעאַליסטישע אַנטיסעמיטן, פון בעווין, סטאַלין, און אַלע אַנדערע היטלער־יורשים.

„ווזשע איז אייער נעמעזיס? וואָס שווייגט ער, דער געשיכטלעכער נקמה־נעמער אייערער?״ — האָט פּנחסל געפרעגט.

„ווער זאָגט דאָס, אַז ער שווייגט? אַלע האָבן זיי באַצאָלט פאַר זייער פאַרשווייגן דייטשלאַנד אירע קרישטאָל־נעכט״.

פנחסל האָט געכאַפּט אַ בליק אין פינצטערן, קאַלטן דרויסן אַרויס. ס׳איז אים אַ שאָד געווען צו פאַרלאָזן דאָס וואַרעמע היימלעכע הויז. ס׳איז אָבער שוין געווען שפּעט אין דער נאַכט, האָט ער געזאָגט „אַ גוטע נאַכט״ און איז אַרויס.

צוויבערלעך איז געווען דער אויסגעשטערנטער הימל אין דער שפּעטער שעה פון דער נאַכט. די לבנה איז געשטאַנען אין מיטן פענצטער, מיט אַ מין חוזק־געלעכטער אַריינגעלאַכט אים אין פּנים אַריין, ווי זי וואָלט אָפּגעלאַכט פון אים, דעם חכם, וואָס האָט זיך באַנאַרישט און אַרויסגעלאָזט די קאַץ פון זאַק — ער האָט זיך אַרויסגעכאַפּט פאַר פנחסלען, אַז זיין זון האַלט די יידן פאַר בטלנים; דאָס באַווייזט דאָך, אַז זיין בען איז ניט בלויז שלעכט, נאָר האָט אויך פיינט יידן.

ער האָט זיך דערמאָנט, אַז ער האָט פּלאַנירט, ביי דער געלעגנהייט, געוויר צו ווערן ווי ס׳האַלט צווישן סימאָרן און זיין טאָכטער, אָבער צו דעם געשפּרעך איז ניט געקומען. סימאָר איז געקומען צו דער פּורים־סעודה דער לעצטער, און אַוועק דער ערשטער. ווי נאָר דער ייד, דער פּליט, האָט גענומען טאַנצן און פון הארץ זיך אַראָפּגערעדט, האָט ער זיך אַרויס־געשאַרט, נעלם געוואָרן אַן אַ זיי־געזונט.

פאַרוואָס האָט ער זיך ניט פאַרנומען מיט אים, לפּחות, אַזוי פיל ווי מיט די אַנדערע? פאַר סימאָרן האָט ער אַפילו קיין גוט וואָרט ניט געהאַט. וואָס פאַר אַ שוטה ער איז! אים האָט זיך געדוכט, אַז די לבנה לאַכט אים אין פּנים אַריין, און זי רוקט זיך אַוועק פון אים, פון זיין פענצטער, ווי זי וואָלט ניט געוואָלט אייַנטענהן מיט דעם שוטה.

זי האָט איצט איינגעהילט איר פּנים מיט אַ שיטער וואָלקנדל, אויך די שטערן אַרום זיך. ווען ער איז אויפגעשטאַנען אינדערפרי, איז אין דרויסן געלעגן אַ שפּאָגל־בייער שניי, ווי ס'וואָלט זיך אַקאָרשט געשטעלט דער ווינטער און ניט דער פרילינג.

## קאַפּיטל 32

דער ווינטער האָט זיך ניט צוגעפּאַסט צום קאַלענדאַר. אים האָט ניט געאַרט, וואָס יידן גרייטן זיך, ווי געוויינלעך, צום יום־טוב פּסח אין פרילינג. ער האָט פּשוט ניט געוואָלט אָפּטרעטן, געפירט אַ קאַמף פאַרן אַנהאַלטן זיין ווינטערדיקע ממשלה. די זקנים פון שטאָט האָבן אַזאַ שניי־שטורעם, פּסח־צייט, ניט געדענקט.

אַ געראַנגל איז אָנגעגאַנגען צווישן פרילינג און ווינטער ביז העט שפּעט נאָך פּסח, ביז אין דער פופצנטער ספירה אַריין. לסוף האָט דער פרילינג געזיגט, נאַטור און מענטש האָבן פרייער אָפּגעאָטעמט, ביימער האָבן געאיילט אָנצוטאָגן די פּאַרלוירענע צייט, בלי־קנאָספּן זענען אויפגעגאַנגען, צעוואַקסן זיך, אַלץ האָט גענומען גרינען, לעבן.

די גאַנצע צייט פון דעם שווערן, פאַרצויגענעם ווינטער האָט סעמיועל סאַראַד געליטן אויפן האַרץ. פון גיין צו סימאָרן האָט קיין רייד ניט געקאָנט זיין. ער האָט יעדן פרימאָרגן קוים זיך דערשלעפּט אין זיין אָפּיס אַריין. ווידער רופן אים צו זיך, האָט ער אויך ניט געוואָלט. ער האָט געהאָפט צו רעדן מיט אים פאַרטרוילעך, אין אַ ניט־אָפיציעלע אָפּיס־אַטמאָספערע. ממה־נפשך, איז די לאַגע אַ גוטע, וועט ער גאָרניט פאַר־שפּעטיקן, אלא ניט, וואָס וועט ער דען קענען העלפן? ער איז געווען זיכער, אַז אויב שלעכט, וועט עס זיך לאָזן הערן. שלעכטע ריחות צעטראָגט דער ווינט, מען דערפילט זיי פון דערווייטנס.

ס'איז שווין צו אים דערגאַנגען בענס חתונה מיט דער סעקרעטאַרין. ער האָט דערפילט אינטואיטיוו, אַז זי איז ניט פון יידישן אָפּשטאַם, כאָטש קיינער האָט דאָס אים ניט געזאָגט. דאָס האַרץ האָט עס דערפילט.

ער האָט אויך פאַרגעפילט, אַז זיין זון לעבט ניט בשלום מיט זיין גויאיש ווייב. עפּעס אַ שוואַרצע קאַץ איז אַדורך צווישן זיי, און מען רייסט זיך אַרום, אַז עס קומט צו לייטיש געלעכטער. ער האָט געפילט בחוש, אַז ס'וועט קומען צו אַ גט צווישן זיי, וואָס וועט אים קאָסטן אַ מנה יפה. די שיקסע וועט רייסן אַ פּאָס.

ווי דאָס האַרץ האָט אים פאַראויסגעזאָגט, אַזוי איז געשען. אומגעריכט

האָבן אויף אים גענומען פאַלן צרה נאָך צרה, אומגליק נאָך אומגליק, ניט געלאָזט דעם אַטעם אָפּכאַפּן.

ער האָט זיך שוין געהאַט אַביסל באַרואיקט, געפילט זיך בעסער און געהאַט מוט אויסצוהערן פּנחסלס בינטל צרות פון זיינע קינדער. דווקא געלערנטע קינדער: אַ פּראָפעסאָר, אַ דאָקטאָר, אַן אַדוואָקאַט, שאַרפע מוחות, מיט אַלע מעלות. אָבער פאַר טאַטע־מאַמע — אָפּגעטעמפּטע הער־צער, האַרט ווי שטיינער.

אַלץ, וואָס די אַלטמאָדישע טאַטע־מאַמע טוען, געפעלט זיי ניט, די אויסשטודירטע קינדער. ביים פּראָפעסאָר געטרויט מען אָן דער דינסט דאָס דערציען זייערע קינדער, און פאַר באָבע־זיידע איז פאַרווערט צו זיין אין הויז צוזאַמען מיט דער דינסט. פאַר זיי איז פאַראַן אַ באַזונדערע צייט צו זיין מיט זייערע אייניקלעך, ביינאַכט, ווען טאַטע־מאַמע זענען אין הויז.

דער צווייטער זון פּנחסלס, דער אַדוואָקאַט, שעמט זיך ניט צו גרויסן זיך עפנטלעך, אַז ער איז פיל קלוגער פון זיין טאַטן, האָט אויסגעלערנט אַלע קלאַסן. אַ סימן האָט ער — צו וועמען הערן זיך צו ריכטער און פּראָקוראָרן? ניט צום טאַטן, נאָר צום אים, דעם טרעגער פון אַ גאָלדענעם מעדאַל.

און דער דאָקטאָר, וואָס עסט נאָך קעסט ביים טאַטן, לאַכט אָפּ, מאַכט חוזק פון טאַטנס טיש־עטיקעט, פון טאַטנס געוווינהייטן און פירעכצן. ביים טיש האָבן זיי נאָך, טאַטע־מאַמע, די איינציקע מעגלעכקייט זיך צו טרעפן מיט אים, אַרויסצורעדן אַ וואָרט איינער צום אַנדערן. דער זון פאַרקערעוועט שטענדיק דאָס געשפּרעך, כדי צו לערנען דעם טאַטן עסן לויט די כללים פון מאָדערנעם טיש־עטיקעט. ס'העלפט ניט קיין מוסר, קיין פאַרענטפערן זיך, אַז ער האָט שוין געגעסן ביי פאַרשיידענע טישן אויף דער וועלט, צוזאַמען מיט באַרימטע מענטשן, אין פאַרשיידענע טיש־כלים, הילצערנע, זילבערנע, אַפילו ביינערנע; געגעסן ביי זיין טאַטע־מאַמע, זיידע־באָבע, פעטערס און מומעס, דעם דאָקטאָרס גרויסע משפחה, אַלע, באמת, פיינע מענטשן.

געגעסן האָט ער ביי די טישן פון יידן, פּאָליאַקן, פראַנצויזן, ענגלענ־דער, רוסן, בראַזיליאַנער, מעקסיקאַנער, אַמעריקאַנער, אַפילו ביי אַראַבער, וווּ ס'איז אַ כבוד און אַן ערע, ממש אַ חוב, צו עסן מיט די פינגער, און קיינער האָט אים ניט פאַרגעוואָרפן, אַז ער עסט ניט ווי ס'דאַרף צו זיין, אַז ער האָט שלעכטע טיש־מאַניערן.

ער האָט אויסגערעכנט פאַר זיין דאָקטאָר ביי וואָס פאַר אַ געלעגנ־הייטן ער האָט שוין געגעסן — ביי באַנקעטן מיט כינעזער און מעקסיקאַנער. אויף חתונות, בריתן, בר־מצוות, פּדיון־הבנס, פּורים־סעודות, ביי קבלת־

פּנימס אַפילו מיט ענגלענדער און אַראַבער, און קיינער האָט אים ניט פאַרגעוואָרפן, אַז ער עסט ניט לויט די כללים פון אַ שיינעם טיש. פאַרקערט, מען האָלט אים אין איינלאַדן אָבער און ווידער. דער זון אַבער, דער דאָקטאָר, האַלט זיך ביי זיינס און ער לערנט דעם טאַטן עסן, און יעדעס מאָלצייט איז אַ סימפּאָזיום פון עלעגאַנטע טיש־מאַניערן און בלוט־צאַפּעניש פאַרן טאַטן.

סעמיועל סאַראַד האָט געהאַט אַ חצי־נחמה פון זיין אח־לצרה, פּנחסל. זיינע ניט־געלערנטע קינדער זענען דאָך געווען מלאכים אַנטקעגן פּנחסלס געלערנטע עם־הארצים. זיינע האָבן אים נאָך באַהאַנדלט מיט דרך־ארץ, שטילערהייט געצאַפּט זיין בלוט. זיי האָבן אויסגעמיטן, ניט געוואָלט מיט אים האָבן קיין שום מגע־ומשא און אים צורו־געלאָזט, געלאָזט אים לויפן. זיי ווערן צערייצט, ווען ער וויל זיי לערנען, אָבער אים לערנען האָט נאָך קיינער ניט געוואַגט.

ער האָט באַדויערט פּנחסלען, אויסגערעדט אים זיינע עגמת־נפשן, דערציילט אים ווי זיין בען האָט אים באַהאַנדלט, ווען ער האָט געהאַט אַ חשש, אַז ער וועט ביי אים צוריק צונעמען זיין פעטן רייכן ביין, אָדער ניט צולאָזן צו דער ביזנעס־שיסל. איצט זענען זיי אויף מעסער־שטעך, טויט־ברוגז איינער מיטן אַנדערן. דאָך איז אַ געוויסער שלום פאַראַן צווישן זיי, איינער האָט מיטן אַנדערן ניט צו טאָן, קומען ניט אין זייערע דלת־אמות און ס'איז שטיל.

דער זון האָט חתונה געהאַט מיט דער שיקסע זיינער, און דער טאַטע האָט פון דעם אַפילו ניט געוווּסט. איצט דערגייען צו אים ידיעות, אַז זיי האַלטן זיך ביי גטן. ער וויל פון דעם אויך ניט וויסן, ער מישט זיך מער ניט, זייערע וועגן האָבן זיך צעשיידט, צעגאַנגען זיך און זיי וועלן זיך מער ניט צוזאַמענקומען — האָט ער אַליין גביאות געזאָגט.

„ער ווייסט גאָר ניט וואָס פאַר אַ מפּלה ער וועט האָבן, ווען איך וועל שטאַרבן. איך מאַך ניט קיין שום צוואה, אַ חוץ איינער. ערשטנס, וועלן די רעגירונגען צונעמען ביי זיי דעם גרעסטן חלק פאַרמעגן. שפּעטער וועלן קומען ווי נאָר אַ קרוב, אַ גואל, און מאָנען זייערע חלקים. ער וועט אַרבעטן פאַר פרעמדע, ווי איך האָב געאַרבעט פאַר זיי. פון זיין אַרבעט וועלן אַנדערע געניסן, זיין איבער אים באַלעבאָס".

„אפשר וואָלט איר בעסער שרייבן אַ צוואה און אים מעביר־נחלה זיין, איבערלאָזן אים אַ נישטיקע סומע, לגנאי?"

„און וועמען וועל איך איבערלאָזן דאָס אַלעס? ווער איז דען בעסער פון אים? איך האָב אים אַרויפגעזעצט אויף דעם אָלימפּוס, אָבער אַראָפּוואַרפן אים פון דאָרט איז ניט מעגלעך, אָן צו צעשטערן דעם אָלימפּוס אַליין.

בעסער זאָל דער אָלימפּוס אים אַראָפּשליידערן פון דאָרט. דער פאַל וועט זיין אַ שווערער, אַ ווייטיקלעכער".

פנחסל האָט זיך געטראַכט: די וועלט איז קראַנק, ווערט חרוב־ומוחרב, ווערט אויסגעליידיקט פון מאָראַליש־עטישע ווערטן. ס׳איז ר"ל „אין בית אשר אין שם מת". מען האָט ניט קיין דרך־ארץ פאַר עלטער און עלטערן, פאַרוואָרפן איז געוואָרן בושה און קעגנזייטיקער כבוד. „אפשר פאַרלאַנגען מיר צופיל פּערפעקציע פון זיי? — האָט ער זיך אַליין געפרעגט אויפן קול.

„אוודאי, פּערפעקציע פאַרלאַנגט מען פון די, וואָס מ׳האָט ליב. אין אייגענע איז מען פאַראינטערעסירט, זיי זאָלן זיין מער פולקאָם".

„זיי זענען אייגענע, ביז זיי וואַקסן אויס פון זייער פיזישער אָפּהענ־גיקייט. דערנאָך דאַרפן זיי מער ניט אונדזער פיזישע הילף און הויבן אָן גיין קעגן אונדז, צו להכעיס אונדז, קעגן זיך אַליין". — סעמיועל סאַראַד איז ממשיך טרויעריק: „די ערשטע זאַך, וואָס זיי פאַרלירן, ווען זיי ווערן געלערנט — דעם שכל. זיי לערנען פיזיק, כעמיע, מאַטעמאַטיק, לערנען דעם מענטשן דערוועררבן מער לערע און ווייניקער שכל. זיי וואַקסן אויס אין וויסן, אָבער אָן חכמה. ווען אַנדערש, וואָלט די וועלט געזוכט צו שטאַרקן די כיבוד אב־ואם געזעצן, געגעבן מער אויטאָריטעט די עלטערן און ניט שולדיק געמאַכט די עלטערן און די געזעלשאַפט, אין די זינד פון די קינדער, ווי דאָס טוען היינט די פּסיכאָלאָגן און פּסיכאָאַנאַליטיקער. אַ פאָטער, אַ לערער, האָט דאָך מורא אַ האַנט צו הויבן אויף אַ קינד".

„דער קאַנטשיק האָט קיינמאָל ניט געהאָלפן".

„און רעדן העלפט יאָ? מיינע זין זענען אפילו גרייט צו פאַרגעבן און פאַרגעסן די דייטשן זייערע שוידערלעכע פאַרברעכנס קעגן דעם יידישן פאָלק. טענה איך מיט זיי, היתכן? ווי קענט איר? טענהן זיי ווידער, אַז דאָס דייטשע פאָלק איז ניט שולדיק אין די היטלעריסטיש־נאַצישע מעשים. ניט דאָס דייטשע פאָלק האָט גורם געווען דעם זאָאָלאָגישן אַנטיסעמיטיזם, נאָר היטלער, פונקט ווי דער דייטשער אַנטיסעמיטיזם וואָלט ערשט איצט זיך אָנגעהויבן, פון היטלערן אָן".

צו אונדזער גרויסן צער, זענען זיי ניט די ערשטע וואָס טראַכטן און טענהן אַזוי".

„און דאָס לערענען געשיכטע לערנט זיי גאָרניט? זיי פאַרטראַגן ניט, אַז מ׳רופט די לאַסאַלס און ליבקנעכטס — דייטשע מערדער; אָבער נאָכגע־גאַנגען זענען זיי דרייסטע — היטלערן און ניט — לאַסאַלן.

„אונדזערע אינטעלעקטואַלן מיינען עס אפשר גוט, זיי ווילן דער־נעענטערונג, ניט קיין שנאה צווישן מענטשן, אָבער זייער חסרון איז, וואָס די וועלט ווערט ניט געפירט פון אינטעלעקטואַלן. ווי מעכטיק זענען

געווען די אינטעלעקטואַלן פון היטלער, מוסאָליני און סטאַלין? מיר דיסקוטירן, און זיי שטרעקן אויס קעגן אונדז אַ פייג...״ — סעמיועל סאַראַד איז שטיל געוואָרן.

נאָך אַ ווײַלע פון שווייגן האָט ער אויסגעשטרעקט זיין האַנט צו פנחסלען, אַ האַנט, וואָס וויל געבן צו פאַרשטיין, בעטן הילף, וואָס קלערט אויף: „ווען זיי זענען קליין, לערנען מיר זיי גיין, זיין זעלבשטענדיק, מיר פרייען זיך מיט זייער יעדן נייעם טראַט, מיר ברענגען זיך ממש אַוועק, כדי זיי צו דערציען אויף מענטשן. איז עס אונדזער שולד, וואָס זיי פאַרקריכן שפעטער אין די הרי־חושך? איז טאַקע אַזוי דאָס פנים פון דער געזעלשאַפט?״

פנחסל האָט געקוקט אויף זיין פאַרדאגהט פנים און אים מער ניט געוואָלט מצער זיין. אין זין האָט ער אָבער געהאַט: דאָס זענען דאָך טאַקע זיינע טענות צו זיינע אייגענע קינדער־אינטעלעקטואַלן: זיי אַליין גייען און פירן אַנדערע אויף קרומע וועגן מיט זייער גרייטקייט מוחל צו זיין די דייטשן נאָך איידער זיי ווייזן אַרויס יעדן סימן פון חרטה, פון וועלן פון זיך אַרויסרייסן זייער שנאה צו יידן. די גאַנצע יידישע געשיכטע איז דורכגעווייקט מיט מחילה און סליחה, מיט פאַרגעבן און פאַרגעסן מערדערייען און אומרעכטן. האָט דען דעריבער אויפגעהערט די שנאה צו יידן? יידן טראָגן ניט קיין שנאה צו פעלקער, נאָר צו פעלקער־מערדער, צו שונאים פון מענטשן. אויב געדענקען און ניט פאַר־געסן הייסט טראָגן שנאה, האָבן יידן געשיכטלעכע, טראַגיש־בלוטיקע סיבות פיינט צו האָבן דאָס דייטשע פאָלק. מחילה דאַרף קומען נאָך חרטה. פאַרוואָס קענען דאָס ניט פאַרשטיין זיינע געלערנטע קינדער? — האָט פנחסל געוויטיקט.

„אונדזערע קינדער זענען אויסגעוואַקסן, ממש ווי מאַשינען פון לעבן, אָן נשמה, אָן געפיל, ווי די מאַשינען פון שטאָל און אייזן. אַז מ׳שפייזט די אייזערנע מאַשינען מיט דאַמף, מיט עלעקטרישער קראַפט און אויל, גיבן זיי אַרויס סחורה. אַזוי גיבן אונדזערע קינדער אַרויס לעבן, רוי, האַרט לעבן. אָן נשמה, אָן האַרץ״ — האָט סעמיועל סאַראַד געזאָגט אַ דערשלאָ־גענער. — „עס זענען אַ ברכה לבטלה אונדזערע רייד״.

פנחסל האָט שטאַרק געליטן און געוויטיקט צוליב זיין זון, דעם פּראָפעסאָר, וואָס האָט אים פאַרגעוואָרפן די יידישע געטאָ־פּאָליציי, די יידישע לאַגער־קאַפּאָס. זיין פּראָפעסאָרישער קאָפּ פאַרשטייט ניט, אַז די טרויעריקע דערשיינונגען פון יענער מאָוימדיקער צייט זענען אַ פּראָדוקט פון דער דייטשער דעמאָראַליזירנדיקער אַרבעט צווישן די פעלקער קעגן דעם יידישן פאָלק, דורך דעם גרויסן ליגן, טעראָר, הונגער, וואָס האָט געבראַכט די אַנטמענטשונג פון די שוואַכע, פון זייערע קרבנות.

דער שאַרפער מוח, דער גאָלד־מעדאַליסט זיינער, זעט נאָך אַפילו היינט ניט, ווי אַזוי דער דייטשער טייוול האָט דורך אַנוואָרפן שרעק פאַר הונגער, פאַר טויט — צוגענומען ביי זייערע קרבנות דעם שכל הישר, דעם מוט, געמאַכט זיי פאַר אויס מענטשן; און נאָכן צעברעכן זיי פיזיש און גייסטיק, איז געקומען די מאָראַלישע געפאַלנקייט. דאַן איז שוין גרינג געוואָרן צו קאָרופּטירן, רויבן א. אַ. וו. זיינע געלערנטע קינדער פאַרשטייען ניט דעם אונטערשיד צווישן די דערמאָרדעטע נשמות און קערפּערס פון די געפאַלענע געטאָ־פּאָליציי און די נידערטרעכטיקע דייטשן, וואָס האָבן מיט פאַרגעניגן געמאָרדעט, פאַרניכטעט אונדזער פאָלק. מיט מאַקאַברישער פרייד זענען זיי געגאַנגען באַהערשן, אויסשעכטן די וועלט, און אַנגעהויבן האָט מען מיט יידן. מ'האָט געשפּילט בעטהאָווען, באַך און וואַגנערס קלאַסישע מוזיק, ווען יידן האָבן זיך געשטיקט אין די גאַז־קאַמערן.

זינט דער היטלער־מפּלה און דאָס אויפדעקן דעם יידישן חורבן, זענען ביי אים אין הויז געוועזן שאַרפע אַמפּערייען וועגן דער שטראָף לגבי די דייטשן. דאָס דייטשע געשפּענסט איז אים נאָכגעגאַנגען אויף טריט און שריט. די וועלט דיסקוטירט דעם מאָרגנטאַו־פּאָרשלאָג, צו מאַכן פון די דייטשן אַ פּויערים־פאָלק, אַרויסצונעמען פון זיי די אינדוסטריעלע פּאָטענץ און מאַכט צו פירן ווייטערדיקע מלחמות; און זיינע קינדער ווילן זיי פאַר־געבן, מוחל זיין אָן באַוואָרענישן, אָן חרטה. דער היטלער־גייסט פאַרפאָלגט דאָס יידישע לעבן אַפילו נאָך זיין מיאוסן פאַרשווונדן ווערן.

אַזוי האָט פּנחסל זיך אַראָפּגערעדט אַביסל פון האַרץ פאַר זיין פריינט און אח־לצרה, סעמיועל סאָראַד. אָבער ניט אַלץ האָט ער דערציילט. און נאָך אַזאַ אַראָפּרעדן זיך האָט ער געפילט, ווי ער וואָלט געשפּיגן קעגן ווינט...

סעמיועל סאָראַד, טראַכט פּנחסל, האָט אים געטרייסט, אויסגערעדט אים, אָבער דאָס זענען נאָר געווען שאַבלאָנע טרייסטענישן, אין פאַרגלייך צו זיינע אומדערטרעגלעכע צרות. סאָראַד, מיט זיינע קליינלעכע טענות צו זיינע קינדער, האָט אויך אַ פּראָבלעם?, אַז בען וויל ניט מ'זאָל מיט אים אָנפירן, גייט די וועלט אונטער? אָבער אַליין פירט ער דאָך גוט. ווו איז דאָס אומגליק? אַברהמל פאָלגט בעסער דעם ברודער, ווי דעם טאַטן, איז אויך ניט קיין צרה. רייסן קריעה, איינלייגן וועלטן צוליב דעם דאַרף מען ניט. ווו איז דאָ די טראַגעדיע?

ער ווונדערט זיך טאַקע, וואָס סעמיועל סאָראַד וויל וועגן זיינע „קליינע פּראָבלעמען" ניט פאַרגעסן, נאָר לאָזט זיי זאָלן אים קראַנק מאַכן. ער האָט שוין באַלד ניט קיין כוח אַ וואָרט אויסצורעדן, קען קיין צען טריט ניט שטעלן, ער זאָל זיך ניט אָפּשטעלן דעם אָטעם אָפּצוכאַפּן. און ווען פּנחסל האָט געהערט, אַז סעמיועל סאָראַד פילט שוין ווידער

ניט גוט, איז ער צו אים אַוועק אים גוט אויסצושייגעצן און זאָגן, אַז ער איז אַן אכזר קעגן זיך אַליין.

ביים אַריינגאַנג האָט ער זיך אָנגעשטויסן אויף ר׳ יחיאלן און דעם גאַרבער. אויף ר׳ יחיאלן האָט ער ניט באַמערקט קיין שום אויסנעמלעכעס, אָבער אויף דעם גאַרבער, האָט אויסגעזען, ברענט ממש די הויט. אַ צעפלאַמטע רויטקייט איז אים געשטאַנען אויפן פּנים און אַ נערוועזער איז געווען זיין גאַנג. ס׳איז געווען צו דערקענען, אַז עפּעס שלעכטס פירט אים אַרויס פון גלייכגעוויכט.

פּנחסל איז געווען באַזאָרגט פון מורא, אַז סעמיועל סאַראַד האָט געמוזט קריגן אַ האַרץ־אַטאַקע, אָדער אפשר נאָך עפּעס ערגערס, חס־וחלילה, איז געשען. נאָר ר׳ יחיאלס צוריקגעהאַלטנקייט האָט אויסגעמיטן דאָס שטעלן אַ ריי דרינגענדיקע פראַגן.

„אפשר וואָלסטו זיך באַרואיקט אַביסל ?״ — האָט ר׳ יחיאל זיך געבעטן ביים גאַרבער.

ר׳ יחיאלס רייד צום גאַרבער האָבן אים אַביסל באַרואיקט. ער האָט זיך מיט זיי באַגריסט און איז מיטגעגאַנגען אַ שווייגנדיקער, געוואַרט צו הערן און זען, אין אָפּיס וואָס עס מאַכט סעמיועל סאַראַד.

ר׳ יחיאל האָט לייכט געעפנט די טיר, אַלע דריי זענען אַריין צוזאַמען. סעמיועל סאַראַד איז געזעסן מיטן טעלעפאָן־טרייבל ביים אויער, דאָס פּנים איז ביי אים געווען בלייך ווי די וואַנט. האָט אַריינגעלייגט אַ טאַבלעטקע אונטערן צונג; ער איז געווען קאָנצענטרירט אינעם הערן דעם טעלעפאָן און געשוויגן.

סעמיועל סאַראַד האָט געטראַכט, אַז ער ווייסט די סיבה פון ר׳ יחיאלס און דעם גאַרבערס קומען, ווייל דער בוכהאַלטער זיינער, טשאַרלי, האָט אים איצט איבערגעגעבן, אַז שוין פיר טעג, ווי זיי האָבן ניט דערהאַלטן קיין וואָל פון דער פאַרבעריי, און אים איבערגעגעבן בענס סטראַשונעק: אויב מען שיקט אים ניט נאָך היינט אַרויס די וואָל זיינע, וועט ער אַליין איבערנעמען די פאַרבעריי און פירן זי אונטער זיין השגחה.

אַלע דריי, דערשראָקענע פון זיין אויסזען, האָבן אים אָנגעקוקט און דערשטוינט געווען צו זען אים בלויז אַ הערנדיקן, ניט ענטפערנדיק קיין איין וואָרט; בלויז גרימאַסן אויף זיין פּנים, ווי ער וואָלט געהאַט בויך־ווייטיק.

גאַרניט ווי זיין טבע, האָט ער אַלע דריי געלאָזט שטיין, ניט געבעטן זיצן. ער איז אַלץ געזעסן מיטן טרייבל ביים אויער און אָנגעשטרענגט געשוויגן. אַפילו נאָך דעם געשפּרעך מיט טשאַרלין, ווען דאָס טרייבל פון יענער זייט איז אָנטשוויגן געוואָרן, איז ער נאָך אַלץ געזעסן מיטן טרייבל אין האַנט און געאָטעמט שווערלעך. אַז ער איז געקומען

צו זיך פון זיין ווייטיק און פאַרדראָס, האָט ער אָנגעשטעלט אויף אַלעמען זיינע פּרעגנדיקע אויגן. דער גאַרבער האָט אים דערציילט, אַז סימאַר איז שוין פיר טעג ניט געווען אין דער פאַרבעריי, און זיי ווייסן ניט צי ער איז קראַנק, צי עפּעס איז געשען מיט אים. אַריינגענומען די סחורות האָט ער, אָבער אַרויסגעשיקט האָט מען גאַרניט דורך דער גאַנצער צייט.

סעמיועל סאַראַד האָט ניט אַרויסגעוויזן קיין שום אויפרעגונג פון דעם, אַז סימאַר איז שוין פיר טעג ביי דער אַרבעט ניט געווען, אַז מ'האָט פיר טעג גאַרניט אַרויסגעשיקט פון דאָרט. ער האָט גאָר, ווי ס'האָט זיך זיי געדוכט, געקראָגן הייטערקייט. געוואָרן באַוועגלעכער אין זיין שטול און צוריק באַקומען זיין נאַטירלעכע קאָליר אין פּנים.

„איינעמס פאַרלוסט קען אַמאָל זיין אַ צווייטנס געווינס" — האָט ער געזאָגט, אויפשטעלנדיק זיך צום גיין, און זיי געבעטן צוריקגיין אין די פאַבריקן, דערביי צוגעזאָגט, אַז אַלץ וועט זיך צוריק איינשטעלן ווי ס'דאַרף צו זיין. ביי דער טיר האָט ער זיי אונטערגעאײַלט זיי זאָלן צוריק־גיין וואָס שנעלער.

„און איר, פּנחסל, פריינט מיינער, בלייבט דאָ. איר דאַרפט מיך צופירן ערגעץ. איר זענט ווי אַ מלאך הגואל, ווען מ'דאַרף אייך, זענט איר דאָ. וואָס פאַר אַ גוטער מלאך האָט אייך געפירט אַהער?" — האָט ער אים געפרעגט, און באַשטעלט אַ טאַקסי דורכן טעלעפאָן.

דער גאַרבער און ר' יחיאל זענען אַוועק אינגאַנצן מבולבל. די ערנסטע לאַגע אין דער פאַרבעריי, בענס סטראַשונקעס, געשיקט צו זיי דורך טשאַרלין, האָבן געדאַרפט גורם זיין אַן אַנדער רעאַקציע מצד סאַראַדן.

אויפן גאַרבערס פראַגע: „וואָס האָט ער געמיינט מיט זיינע מאָדנע רייד?, האָט ר' יחיאל ניט געענטפערט. אויך פאַר אים איז דאָס מאָל סעמיועל סאַראַד געווען אַ רעטעניש. נאָענט צו דער פאַבריק, ווען ער איז זיכער געווען, אַז דער גאַרבער וועט אים ניט מאַטערן מיט קיין שאלות, האָט ער געזאָגט:

„חכמת נשים בנתה ביתה, ואיולת בידיה תהרסנו, והמבין יבין."

דער גאַרבער האָט יאָ און ניט פאַרשטאַנען. געוווּסט האָט ער, אַז ביי זיין שיפס־ברודער און זיין ווייב איז קיין שלום־בית ניטאָ. אַמאָל, ווען ער פלעגט אַריינקומען צו אים אין הויז, האָט ער געמיינט, אַז ס'וועט זיך אויסשטורמען און איבערגיין מיט דער צייט, אָבער ס'זאָל זיך פאַרציען אַזוי לאַנג און דערברענגען צו אַ „תהרסנו בידיה", זי זאָל מיט אירע אייגענע הענט צעברעכן אים און איר הויז, דאָס וואָלט ער אין זיין לעבן ניט געגלויבט. ער האָט אויך איצט ניט געוואָלט גלויבן, אַז אין זיין שוואַך־געוואָרן האַרץ איז אימיצער מער שולדיק ווי יענע צייט,

בעת ער האָט שווער געאַרבעט ביים מילך־פירן טאָג און נאַכט, און ביים שפּעטערדיקן געיעג נאָך רייכטום.

אָבער ר׳ יחיאל האָט געוווּסט מער פונעם גאַרבער. ער האָט געוווּסט פון די נשמה־ליידן, וואָס סעמיועל סאַראַד האָט געליטן דורך די אַלע יאָרן זינט ער האָט אים געבאַרגט דאָס פערד און וועגעלע צו פירן מילך, ביז ער איז דערגאַנגען צו זיין היינטיקער מדרגה, און וואָס פאַר אַן אבן־נגף זיין פריינט פנחסלען. זיכער האָט ער אים ניט געקאָנט דערציילן, אַז נשמה־ראַנגלענישן זיינע, וועלנדיק אַנהאַלטן אַביסל יידישקייט אין זיין הויז.

ניט אַלץ וואָס ביי אים טוט זיך, האָט סעמיועל סאַראַד דערציילט זיין פריינט פנחסלען. זיכער האָט ער אים ניט געקאָנט דערציילן, אַז זיין הויז שטייט אין פלאַמען, ווערט פאַרברענט פון זיין ווייבס וואַנזיניקן האַס צו אים. אויך וועגן ראָזעלין האָט פּנחסל ניט געוווּסט.

סעמיועל סאַראַד איז געזעסן לעבן אים און געשוויגן, געווען פאַרטראָגן אין טיפע רעיונות. געטראַכט האָט ער, אַז ס׳איז ניטאָ קיין אַנטרינונג פון באַשערטן גורל, פון באַשערטער אביונישקייט. פון מאַטעריעלער אביונות האָט ער זיך אַרויסגעדרייט, האָט זיך ווידער אויף אים אַראָפּ־געלאָזט די קללה פון אַ ביי מין אביונישקייט... געלייגט זיך אויף אים און אויף זיין הויזגעזינד, און קעגן דער קללה איז ער מאַכטלאָז, באַנקראָט. ער איז באַנקראָט אין זיין לעבן.

אויפגעוועקט פון זיין פאַרטראַכטקייט האָט אים די טאַקסי, וואָס האָט זיך אָפּגעשטעלט פאַר אַ הויז מיט אַ גאָרטן אַרום, אַ שיין באַפּאַרבטן פּלויט, וואָס איז איצט געווען שמוציק פון פאַרלעגענעם שטויב, ווייל קיינער האָט זיך ניט געקימערט אים פון דאָרט אָפּצוּוואַשן. די „קאסא ראסאדא״, ווי טעדי האָט גערופן דאָס הויז, וואָס דער שווער זיינער האָט פאַר אים און ראָזעלין געקויפט אַלס חתונה־מתנה, איז איצט געשטאַנען פאַריתומט און פאַרוואָרלאָזט.

סעמיועל סאַראַד, אין דער באַגלייטונג פון פנחסלען, איז אַרומגעע־גאַנגען דאָס הויז, באַטראַכט די לעבעדיקע מצבה און צוריק געגאַנגען צו דער וואַרטנדיקער טאַקסי. אַריינגעפאַלן איז ער אַ מידער אין געזעס אַריין, געגעבן דעם טאַקסי־טרייבער אַ צווייטן אַדרעס און אַליין אַרויס־געקוקט דורך דער שויב צו זען, צי מען פאָרט מיטן ריכטיקן וועג.

פונדערוויטנס נאָך האָט ער דערקענט דאָס הויז און פאַרלאַנגט זיך שטעלן אַביסל פון דער זייט. ער האָט געבעטן פנחסלען זען, צי ס׳וווינט דאָרט אַ מאַן מיטן נאָמען סימאָר, צי ער איז אין הויז. אויב יאָ, זאָל פנחסל אַזוי גוט זיין אים זאָגן, אַז ער וויל מיט אים רעדן, בעטן אים ער זאָל קומען צו דער טאַקסי.

פנחסל האָט גערן אויסגעפירט זיין פריינטס שליחות און באַוויגן סימאַרן צוצוגיין מיט אים צו דער טאַקסי, ווייל סעמיועל סאַראַד פילט ניט גוט איצט. סימאַר איז צוגעקומען צו דער טאַקסי, געבליבן שטיין ביי דער אָפענער טיר. פנחסל האָט זיי געלאָזט אַליין בעתן געשפרעך, וואָס האָט געדויערט בלויז עטלעכע מינוט. סעמיועל סאַראַד האָט געפרעגט ביי סימאַרן, וואָס ס'איז געשען צווישן אים און ראַזעלין, און געבעטן ניט צו באַהאַלטן גאָרניט, ער זאָל אים זאָגן דעם גאַנצן אמת.

„דער אמת איז — האָט סימאַר אַרויסגעמורמלט — אַז זי האָט מיך איבערגעלאָזט און איז אַוועק מיט עפּעס אַ דזשאַנעטן, אַ סוחר פון מאָטאָציקלען".

„דערפאַר ביסטו צו דער אַרבעט ניט געקומען? צוליב דעם האָסטו איבערגעלאָזט צוויי פאַבריקן אויף הפקר! גיי צוריק צו דער אַרבעט און פאַרגעס אין איר!" — האָט ער באַפוילן סימאַרן און זיך אָפּגערוקט פון אים, אַ סימן, אַז דאָס געשפרעך איז געענדיקט. סימאַר האָט זיך אומגעקערט צו זיין הויז.

פנחסל איז געשטאַנען פונדערווייטנס און זיך געוווּנדערט, וואָס דאָס איילן פון הויז צו הויז איז געווען בלויז, כדי צו האָבן אַ מינוטיקן געשפרעך, על רגל אחת, מיט דעם סימאַרן, און איצט סימאַרס אַנטלויפן ווי אַן אָפּגעבריטער.

ווען פנחסל איז צוריק אַריין אין טאַקסי, האָט סעמיועל סאַראַד געהאַט אַ געל פּנים ווי וואַקס, ווי אַ טויטן־מאַסקע, ניט פון קיין לעבעדיקן מענטש. די טויטע מאַסקע האָט זיך אַוועקגעזעצט אינעם ווינקל פון געזעס און אַ וואָרטשע געטאָן:

„קינדער, היינטיקע קינדער! די וועלט וועלן זיי חרוב מאַכן! זיי האָבן גאָר ניט קיין בושה, ניט פאַר זיך און ניט פאַר דער וועלט!" — ער האָט זיך אַריינגערוקט טיפער אין זיין געזעס־ווינקל.

„וואָס האָבן זיי זיך צו שעמען פאַר דער וועלט? די וועלט גיט דאָך זיי גאָר גערעכט". — פנחסל איז צופרידן געווען מיט דעם איבעררייס פון דער אומעטיקער שטילקייט אין טאַקסי און, ניט וואַרטנדיק אויף קיין ענטפער, האָט ער ווייטער גערעדט:

„אַמאָל האָט אַ קינד, וואָס איז באַגאַנגען אַ פעלער, אויסגעהערט מיט דרך־ארץ דעם שאַרפן מוסר פון טאַטע־מאַמע, אפילו פון ווייטע קרובים. היינט — מישט זיך אַריין דער פּסיכיאַטאָר און ער געפינט אויס, אַז אין קינדס פעלער איז גאָר שולדיק דער טאַטע, די מאַמע, אָדער ביידע צוזאַמען, מעגלעך אַ ווייטער קרוב, אַ שוין־לאַנג פאַרגעסענע געשעעניש. און אפשר דאָס הויז, וווּ ער האָט זיך געלערנט גיין אַמאָל. אַלע זענען שולדיק, נאָר

ניט ער אַליין. כאַטש נעם און גיב אים אַ קעניג פאַר אַ טאַטן, זעץ אים אַריין אין קייזערלעכע פּאַלאַצן. די וועלט ברענגט זיך אַליין אום!״

סעמיועל סאַראַד האָט ניט אַרויסגעוויזן קיין סימן פון צוהערן זיך צו פּנחסלס רייד. ער איז געזעסן און געשוויגן, ניט געזאָגט וווהין מ׳פאָרט. פּנחס האָט געהייסן קודם כל פאָרן.

אַז די טאַקסי האָט זיך גערירט פון אָרט, האָט פּנחס ווידער אָנגעהויבן רעדן און געהאַפּט אים אויסרעדן זיין קינדער־צער, דעם צער, וואָס האָט גורם געווען זיין קורצער שמועס מיט סימאָרן.

„אונדזער דור, אייערער און מיינער, און אַ פּאָר דורות פאַר אונדז, האָבן געלעבט אין הקדש־באַדינגונגען, ממש אַ טיר מיט אַ טיר מיטן הקדש. אַ סך פון אונדז האָבן געלעבט פון בעטל־ברויט, „געגעסן טעג און געשלונגען טרערן, געשלאָפן אויף די ירושהדיקע שלאָף־בענק, אויף דעם פויסט דעם האַרטן״, ווי דער ישיבה־בחור האָט געזונגען. און יענע דורות האָבן אַרויסגעגעבן גאונים, ניט קיין נעוראַסטיקער! ווו איז די באַרעכטיקונג פאַר די נייע ווינטן — צו זוכן די שולד ניט אינעם שולדיקן, נאָר אין זיין סביבה, אַז ניט ער דאַרף זיך אויסבעסערן, נאָר די סביבה אַרום אים.

אָבער בטחון, מיסטער סאַראַד, טאָר מען ניט פאַרלירן. האָפענונג איז די עסענץ פון לעבן אַליין. אַפילו דער רבונו של עולם אַליין האָט געהאַפּט, אויך ער איז ניט אינגאַנצן זיכער געווען מיט זיין באַשאַף און געוואַרט און געהאַפּט, אַז זיין מעשה־בראשית זאָל אים געלונגען, ווי אין פּסוק שטייט: „ויהי ערב ויהי בוקר״, אויך ער האָט געדאַרפט וואַרטן ביז ביינאַכט, צו זען אַז ס׳איז אים געלונגען. מאָרגן וועט זיין אַ צווייטער טאָג, אַ בעסערער, האָפן איז בעסער ווי באַזיצן״ — האָט פּנחס אים געטרייסט און געמוטיקט.

פּנחסל האָט געזען, אַז סאַראַד איז געוואָרן אַנטמוטיקט, ער זאָגט אַפילו ניט וווהין מ׳זאָל אים פירן, האָט ער באַשלאָסן, אַז אין דעם צושטאַנד זיינעם איז גלייכער מ׳זאָל אים פירן אַהיים. און ער האָט געגעבן דעם טאַקסי־טרייבער דעם אַדרעס פון הויז.

אַריבערטרעטנדיק די שוועל פון זיין הויז, פון זיין ספרים־שטוב, איז סעמיועל סאַראַד צוריק געקומען צו זיך, ווי ס׳וואָלט גאָרניט געשען. ער האָט האַרציק געדאַנקט פּנחסלען פאַר אַלץ און אים געבעטן קומען אָפטער, ניט זיין קיין גאַסט.

פּנחסל האָט זיך ניט געאײַלט אַוועקצוגיין. ער האָט געוואָלט זיין זיכער, אַז ער איז טאַקע צוריקגעקומען צו זיך, אַז ס׳איז ניט בלויז קיין צופעליקער אויפבליץ. ער איז צו צו דער ביכער־שאַנק און פון דאָרט אַרויסגעבראַכט אַ בוך.

„אַ ספר איז די בעסטע רפואה פאַר אַ באַדריקט געמיט, אין אונדזער צייט — אַ באַרואיקונג״, — האָט פנחסל געזאָגט, דערלאַנגענדיק אים דאָס בוך.

סעמיועל סאַראַד האָט געבלעטערט דאָס בוך אָן אינטערעס, און עס צוריק געשטעלט אויף אַ זייטיקער פּאָליצע, ניט ווו דאָס בוך געהערט.

„אין דיינע הענט זענען אייניקע פּעדעם געגעבן,
אָבער דו וועבסט פון זיי נישטיקע געוועבן.
פאַרקירעוועסט דיינע טריט צו שליאַכן זייטיקע,
אויף וועגן און אומוועגן קויטיקע.
פאַר דיר גייען ברייטע האָריזאָנטן אויף,
פאַרקריכסט אויף פרעמדע דרכים אַרויף״.

סעמיועל סאַראַד האָט אַריינגערעדט אין דער ביכער־פּאָליצע, ווי אַמאָל זיין מאַמע אין ארון־קודש אַריין, ווען זי האָט געבעטן ער זאָל פון זיין טיפוס־קרענק אַרויס בשלום.

ער האָט זיך אויסגעדרייט צו פנחסלען מיט אַ שמייכלדיק פּנים און געוויסער פאַרשעמטקייט, פאַר זיין אימפּראָוויזירטער פּאָעזיע.

„איצט, פנחסל, מעגט איר זיין רואיק און מיך פאַרלאָזן. איר האָט שוין געהערט אַלץ, אַפילו פּאָעזיע אויך. אָבער פאַרגעסט ניט, זייט ניט קיין גאַסט״. — ער האָט אים באַגלייט צו דער טיר.

## קאַפּיטל 33

סימאָר איז נאָך דעם שמועס מיט זיין באַלעבאָס ניט צוריק אַוועק צו דער אַרבעט, ווייל בען האָט מקיים געווען זיין וואָרענונג: אויב מ׳וועט אים דעם זעלבן טאָג ניט שיקן קיין וואָל, וואָס ער האָט אין דער פאַרבעריי, וועט ער איבערנעמען די פאַרבעריי אין זיין רשות. און אַזוי איז געשען.

ער איז טאַקע דעם זעלבן טאָג, ביים סוף פון אַרבעטס־טאָג, געקומען מיט טשאַרלין, דעם הויפּט־בוכהאַלטער, און מיטגעבראַכט אַ נייעם בוכהאַלטער פאַר דער פאַרבעריי, און אַ שיפער פאַר דער באַזונדערער אויפגאַבע פון אַריינעמען און אַרויסגעבן סחורות, און פונאַנדערגעטיילט דיביידע אויפגאַבעס. פריער האָט עס דורכגעפירט סימאָר אַליין.

ער האָט אויך געלאָזט וויסן דעם גאַרבער, אַז פון דער נייער וואָך

וועט מען מער ניט דאַרפן זיינע לייסטונגען אין דער פאַרבעריי, אַז ער איז פריי צו זוכן זיך אַנדערע אַרבעט, אָדער גיין אַרבעטן אין דער שמאַטע־פאַבריק.

„אפילו פון איצט אָן" — האָט דער גאַרבער געענטפערט.

„ווי איר אַליין ווילט" — האָט בען צוריק געענטפערט אויף ענגליש, אַז אַלע זאָלן הערן, אַז דער גאַרבער זאָגט זיך אַליין אָפּ פון דער אַרבעט.

אַז סימאָר איז אינדערפרי געקומען אין דער פאַרבעריי, האָט ער דאָרט געטראָפן אַ גאַנצע איבערקערעניש. די קעסלען ניט געהייצטע, ס'האָט פון זיי ניט געפּאַרעט, ניט געזאָטן, ווי אַלע אַנדערע טעג. קיינער פון די אַרבעטער איז אין דער פאַבריק ניט געווען, בלויז דער נייער בוכהאַלטער און דער שיפער האָבן געציילט און געחשבונט די באַלן וואָל, געפאַרבטע און געוואַשענע, די ניט־געפאַרבטע און ניט־געוואַשענע.

זיי האָבן אים דערציילט וואָס ס'איז דאָ נעכטן פאָרגעקומען, אַז די פאַבריק איז אָפּגעשטעלט ביז דער צווייטער וואָך, ביז ס'וועט קומען דער נייער פאַרבער און וואַשער. „איצט וועלן אויך זיי מאַרטירער ווערן, פון דער טעכניק, פון בענס פיינטשאַפט".

אַזוי האָט בען, מיט איין קלאַפּ, צעטריבן דאָס „חסידים שטיבל", איבערגענומען די פאַרבעריי און פטור געוואָרן פון אַלע, מיטן גאַרבער בראש, ווי ער האָט אַמאָל פּלאַנירט.

איצט איז בלויז די שמאַטע־פאַבריק געבליבן ביים פאָטער אין די הענט. בען האָט זי איבערגעלאָזט, ווי זי איז געווען, ביי ר' יחיאלן, ער זאָל מיט איר ווייטער אָנפירן. דאָרט אַהין האָט ער געשיקט דעם גאַרבער און געהאָפט, אַז אַנדערע וועלן שוין אַליין פאַרשטיין מיטצוגיין מיטן גאַר־בער. זיי האָבן טאַקע פאַרשטאַנען, אַז בען האָט געשטראָפט דעם גאַרבער, אָבער געמיינט אויך זיי.

אויף דער נייער וואָך האָט די פאַרבעריי אָנגעהויבן מיט אַ נייעם פאַרבער און מיט נייע אַרבעטער, אַ חוץ צוויי פון די אַלטע, וואָס האָבן זיך ניט וויסן געמאַכט און געקומען זען — יאָ־יאָ, ניט־ניט. בען האָט געזאָגט יאָ. בלויז צוויי פון די ביז־איצטיקע אַרבעטער האָט ער געהייסן שטעלן זיך אַרבעטן. מער זענען ניט געקומען.

ר' פישל סופר, וואָס האָט זיך שוין פון לאַנג אויסגעזוכט אַ כלי־קודש אַרבעט, האָט איצט אָפּגעטראָטן זיין אָרט אין דער פאַרבעריי דעם גאַרבער. ר' יחיאל האָט עטלעכע אַריינגענומען צו זיך אין דער שמאַטע־פאַבריק. אַזוי איז בען געוואָרן דער באַלעבאָס פון דער פאַרבעריי, אָן צו הערן אַ הויך וואָרט פון קיינעם. אפילו ניט פון דעם אינדוסטריעלן טיטאַן, דעם פאַרוואונדערטן לייב, וואָס האָט איצט ניט געטאָרט הויך רעדן, ווער שמועסט נאָך שרייען אויפן קול.

דער אַלטער, דער בויער פון דער סאַראַד־אימפּעריע, וואָס פּאַכעט איצט מיט דער נשמה אין דער שטיל, אין איינזאַמקייט, האָט ניט געוווסט פון בענס נייער אַנעקסיע, ווייל ר׳ יחיאל האָט אָנגעזאָגט אַלע די, וואָס גייען אים באַזוכן, זיי זאָלן, למען השם, מיט קיין וואָרט ניט דערמאָנען, וואָס ס׳איז געשען אין דער פאַרבעריי און וואָס עס געשעט אין דער שמאַטע־פאַבריק.

ער האָט אויך געפּועלט ביי סימאָרן, ער זאָל צוריקקומען צו זיין אַלטן דזשאָב און ווערן צוריק בוכהאַלטער אין דער שמאַטע־פאַבריק.

סעמיועל סאַראַד איז נאָכן שמועס מיט סימאָרן ניט געקומען מער צו זיין אַרבעט אין אָפיס. פון דעם קורצן שמועס איז ער דערגאַנגען, אַז ראַזועלי איז אַוועק צוריק צו דזשאָנעטן. דער קלאַפּ האָט אים אינגאַנצן צעבראָכן, אים צוגעבונדן צום בעט, צו דער ספרים־שטוב — ווי אין אַ תפיסה.

בחוש האָט ער געפילט, אַז ראַזועלי איז איצט אַוועק ניט בלויז פון זיין הויז צו אַ געליבטן, נאָר זי איז אַוועק פון אים, דעם פאָטער, און פון איר שטאַם, דעם יידישן פאָלק. אַלץ איז אים איצט געוואָרן איבעריק, פאַרמיאוסט. די גייסטיקע ליידן זענען געווען אומדערטרעגלעך.

דאָס שולד־געפיל, אַז ער האָט אַ חלק אין ראַזועליס זיין וואָס זי איז, האָט אים געהאַלטן אין איין פרעסן אויפן הארצן, האָט פאַרוואָלקנט זיין געמיט, קיין רו אים ניט געגעבן, ניט ביי־טאָג, ניט ביי־נאַכט.

אין מינוטן פון די ליידנדיקע חרטה־פּייניקונגען, פון שווערע פאַר־צווייפלונג־געדאַנקען, האָט אים גענומען פּיבערן אַ רעזיגנאַציע־געפיל. די האַרץ־קלעמעניש־טאַבלעטן האָבן אים געווונקען: נו, נעם אונדז איין אינגאַנצן, שלינג אַראָפּ אַלע מיט איין מאָל, און מאַך אַ סוף מיט די ליידן.

עס האָבן אים פלוצים באַוועלטיקט פּנחסלס בטחון־רייד: אַז זיין אינטואיציע נאַרט אים אָפּ דאָס מאָל, אַז אַ שוואַך, קראַנק האַרץ פילט ניט מער ווי דעם אייגענעם ווייטיק, פון אַ צעוויייטיקט האַרץ איז ניט צו דערוואַרטן מער, ווי שוואַרצע נביאות — בייזע, פּעסימיסטישע געדאַנקען. פּנחסלס שטראַף־רייד האָבן געמאַנט האָפענונג, און ער האָט געהאָפט.

אין אָט די מינוטן האָט ער זיך דערמאָנט אין זיין אַמאָליקן ווילנס־כוח און קאָנקלודירט, אַז אַ שטאַרקער ווילן קען היפּנאָטיש באַווירקן געשעענישן. ער האָט איצט געהאָפט, אַז ער וועט איבערגעוועלטיקן דעם אינטואיטיוון ביטערן פאַרגעפיל וועגן זיין ראַזועלין. אין די מינוטן פון זיין תחית־המתים, פון זיין באַנייטן בטחון און האָפענונג, האָט ער זיך פאַרגעוואָרפן אָפּהענטי־קייט, פּעסימיזם; האָט ער אויסגעמוסרט זיין אייגענעם איך, אים פאַרגע־וואָרפן, אַז ניט ער איז דאָס דער שאַפער פון דער סאַראַד־אימפּעריע, דער היילער פון קראַנקע אינדוסטריעס, דער באַזיגער פון די שווערסטע שווע־

ריקייטן אין האַנדל און פאַבריקאַציע. ער האָט זיך באמיט צו פאַרטרייבן דעם פרעמדן, וואָס האָט זיך פאַרגנבעט צו אים אין דער נשמה אַריין.

אָבער די אַנטשפּאַנטע מינוטן זענען ניט געווען קיין לאַנג־דויערנדיקע. די שאול־תחתית־אַפּאַטיע איז געוואָרן אַלץ טיפער און שוואַרצער; געשטאַלטן און קולות האָבן אים אַריינגענומען אין אַ געווירבל.

אַ מעפיסטאָ־געשטאַלט מיט זיין גראָטעסק־פנים, האָט אים אַריינגע־לאַכט אין פנים אַריין: — „דו קבצן, עני ואביון וואָס דו ביסט! שברי־כלי! אָט דאָס איז דיין אמתער איך! כאַ, כאַ, כאַ!" — האָט זיך געקייקלט אַרום אים אַ מעפיסטאָפּיליש געלעכטער. — „וואָס ביסטו דען היינט, אויב ניט קיין קבצן? וואָס האָסטו פון דיין גאַנץ עשירות? בען איז דיין באַלעבאָס און געביטער. אַפילו אברהמעלעס, דיין מיטלסטן זונס אַ טובה קענסטו ניט דערגרייכן. און וואָס פאַר אַ ווערט האָסטו ביי דיין ווייב, ביי דיין טאָכטער, ביי די אַנדערע צוויי זין? ווו איז דער טיטאַן־כוח און דאָס ריזיקע פאַרמעגן דיינס, מעכטיקער אינדוסטריעלער?! אַלע האַלטן דיך פאַר אַן אונטערנעמערישן ריז, אָבער אין דער אמתן ביסטו קלענער פון אַ קאַרליק. כאַ, כאַ, כאַ!"

אַ געשפּענסט האָט זיך אין אים באַזעצט, האָט אים כסדר פאַרפאָלגט און פאַרלאַנגט, ער זאָל זיך אָפּזאָגן צו ליגן נאָכן טויט מיט חשובע מענטשן אויף אַ לייטישן בית עולם, נאָר ליגן צווישן אָרעמע, אויף דעם „חסד של אמת"־בית עולם, דאָרט ווו ער געהערט, ווייל ער איז עס דער אָרעמער, דער פאַרשטויסענער, דער איינזאַמער.

ער האָט געוווסט, אַז די סאָסייטיס, וואָס האָבן אים, אַן זיין ווילן און ויסן, פאַרשריבן אַלס חבר, וועלן זיך רייסן איבער אים. יעדע איינע וועט וועלן אים האָבן אויף זייערע בית־עלמינס. ניט צוליב זיין רום, נאָר צוליב די הזכרה־געלטער, וואָס זיי מיינען אַרויסצוקריגן פון זיינע קינדער, וועמענס גוטן נאָמען ער האָט אָפּגעהיט. אין דער שטיל האָט ער געליטן אַליין, אָבער אויף זיי קיין שאָטן ניט געלאָזט פאַלן. אָט די סאָסייטיס מיינען זיכער, אַז דעם טאַטנס נאָמען איז ביי זיי הייליק און טייער. אָבער בען וועט זיי מסלק זיין מיט שהי־פּהי, מיט קליין־געלט. ער וועט זיך לאָזן באַגראָבן אויפן „חסד של אמת"־בית עולם, וועט מען אים באַדויערן, און בענען וועלן זיי שעלטן. ביים לעבן קען ער אים גאָרניט טאָן, וועט ער אים באַשטראָפן נאָכן טויט.

אַז פּנחסל איז אים געקומען מבקר־חולה זיין, האָט סעמיועל סאַראַד אים דערלאַנגט זיין צוואה־צעטל פון עטלעכע שורות, וואָס האָט זיך געלייענט אַזוי: „מיט מיין פולן באַוווסטזיין, ביי קלאָרע געדאַנקען און חושים, פאַרלאַנג איך, אַז מיין קבר זאָל זיין אויפן בית עולם פון „חסד של אמת", ניט אויף די בית עולמס פון די סאָסייטיס, אָדער פון אַנדערע

ברודערשאַרפטן, צו וועלכע איך האָב ווען עס איז באַלאַנגט". די צוואה איז געווען אונטערגעשריבן מיט זיינעביידע נעמען: שלמה זלמן און סעמיועל סאַראַד.

ער האָט פנחסלען געוויזן אַ ווייס קאָנווערטל, ווו ס'האָט זיך געפונען דאָס זעלבע צוואה-צעטל צו זיין אַדוואָקאַט, מיטן אָנזאָג צו עפענען דאָס אין טאָג פון זיין טויט. אויך אין זיין בוזעם-קעשענע האָט זיך געפונען אַזאַ צוואה-צעטל און אַ מחילה-בריוול צום ווייב. ביידע געשריפטסן האָבן אים געוואָרעמט, און געבראַכט אַ מין בייסיק-סאַרקאַסטישע הנאה.

„צו אייך, פנחסל מיין פריינט, האָב איך אַ ביטע: לאָזט ניט זיי זאָלן מיך מאַכן פאַר אַ משוגענעם. איר ווייסט דאָך, אַז איך בין ניט קיין חסר-דעה. גלויבט מיר, אַז ס'איז רעכט וואָס איך טו. כאָטש איר זענט זיכער ניט תופס דעם פולן באַדייט פון דעם. קיינער ווייסט ניט וועמענס מאָרגן עס איז, ווער שמועסט נאָך — מיין מאָרגן".

פנחסל האָט באַטראַכט דאָס צוואה-צעטל, געקוקט אויף די אותיות און ווערטער, געלייענט זיי איינמאָל און נאָך אַמאָל, און ניט געזען אין זיי קיין משוגעתן. אָבער תופס זיין דעם זין פון דעם אַלעם, האָט ער בשום אופן ניט געקענט.

זיין ניט וועלן ליגן נאָכן טויט אויפן בית עולם צוזאַמען מיט זיינע שטעטלדיקע, האָט אים אויסגעזען ווי עפעס אַ ניט-נאָרמאַלקייט. וואָס עפעס גייט אים אַזוי אין לעבן צו וועלן ליגן דווקא אויפן „חסד של אמת"-בית עולם, צוזאַמען מיט די אָרעמסטע און איינזאַמסטע, אָן אַ קרוב, אָן אַ גואל, אָן נעמען אפילו? דאָך האָט ער ניט געפרעגט קיין קשיות. ער האָט גוט געוווּסט, אַז קיין שום אַרגומענט זיינער וועט ניט העלפן, ווען ער איז אַריין ראשו ורובו אין זיין אַקטיוון עגאָצענטריזם. האָט ער געפרווּווט מיט ליצנות אָפּשוואַכן די משונהדיקע צוואה, דעם אומקלאָרן קאַפּריז ביים ראַנד פון אונטערגאַנג.

„שוין-זשע זאָלט איר האָבן פאַרגעסן, ווי מ'פלעגט זאָגן אין אונדזער שטעטל, אַז דער צעבראָכענער שאַרבן קען איבערלעבן דעם אייזערנעם טאָפּ. אָבער אַז איר זענט אַזוי פאַרפרעמדט געוואָרן פון אייערע שטעטלדיקע יידן, אַז אחר מאה ועשרים ווילט איר מיט זיי ניט ליגן אויף איין בית עולם? אויב אַזוי, איז עס אַ גוטע צוואה — אויב ניט מיט אונדז, איז שוין טאַקע גלייכער אויפן בית עולם פון חסד של אמת".

„ווען איך ווייס ניט, אַז איז זענט מיר אַ פריינט, וואָלט איך אָנגענומען, אַז איר שעלט מיך. איר ווינטשט מיר ביז מאה ועשרים? איר ווייסט גאָר ניט, וואָס פאַר אַ קללה דאָס קען זיין פאַר אַ מענטשן. פאַראַן לעבנס-סיטואַציעס, וואָס דער טויט איז די בעסטע ישועה". — סעמיועל סאַראַד האָט אים אָנגעקוקט מיט שטאַרע, וואַסערדיקע אויגן.

„יידן האַלטן ניט פון אַזאַ ישועה״ — האָט פּנחסל אים ניט געקענט קוקן אין די אויגן אַריין, און געטראַכט: ווי קען ער אויף זיך נעמען אויסצופירן אַזאַ צוואה? די קינדער וועלן דאָך זיין גערעכט מיטן אָפּזאָגן זיך אויסצופירן די מאָדנע קאַפּריזנע צוואה, און ער האָט אים געזאָגט: „ניט אייערע קינדער און ניט אייער ווייב וועלן אַזאַ צוואה אויספירן״״.

„כופין אותם! צווינגט מען זיי! דאָס איז מיין ווילן. איר זענט מיין עדות, אַז אַזוי וויל איך. צווינגט מען זיי, איך באַשווער אייך! דאָס פאַרלאַנגט פון אייך א שכיב מרע״.

פּנחסלען איז געוואָרן אומהיימלעך פון זיין אויסזען, פון זיין כעס. די קאַלטע, כמעט אויסגעלאָשענע אויגן זיינע, האָבן אים געשראָקן. ער האָט אָנגעהויבן זיך באַוועגן אויף זיין זיץ־פּלאַץ, ווי ער וואָלט וועלן זיך דערווייטערן פון דעם, וואָס בעט אויף זיך דעם טויט און טראָגט זיך אַרום מיט אַזעלכע שגעונדיקע פּלענער.

„אָבער איך מיין, אַז איר וועט ניט האָבן קיין גרויסע שוועריקייטן מיט מיינע עם־הארצים, אויך דעם ווייב וועט דאָס ניט אַרן. און איר, פּנחסל, באַדוירעט ניט מיין טויט. כ׳בין געווען וואַך אין לעבן, וועל איך שלאָפן רואיק״.

פּנחסל האָט אים אויסגערעדט זיין יאוש, און דאָך אים פאַרשפּראָכן:

„אַז איר פילט אַזאַ שטאַרקן דראַנג צו דעם, וועל איך טאָן לפי כל הכוחות״.

פון פּנחסלס צוזאָג צו טאָן אַלץ, כדי די צוואה זאָל אויסגעפירט ווערן, האָט דער ניצוץ־החיים צוריק באַלעבט סעמיועל סאַראַדן. ער איז צוגע־שטאַנען צו פּנחסלען און רייד האָבן אָנגעהויבן שטראָמען פון אים:

„ווי אַזוי איך וויל, וועל איך אייך איבערגעבן דורך עטלעכע חרוזים, וואָס איך געדענק נאָך פון מיינע ביבליאָטעק־יאָרן, ווען אַלע האָבן זיי דעקלאַמירט, געזונגען: אָבער אַז איך וועל זיי אַמאָל אַליין איבערלעבן און פילן אין מיינע עצמות, האָט מיר אַפילו איינפאַלן ניט געקענט. דער שרייבער פון די חרוזים, איך געדענק שוין ניט זיין נאָמען, מוז שוין זיכער זיין אַ שוכן־עפר, אָבער די סטראָפן זיינע לעבן אין מיר״.

אָן שום שוועריקייטן, האָט ער גענומען זיי דעקלאַמירן פון זיכרון אַרויס:

„פרעגסט מיך, מיין פריינט, ווי אַלט איך בין היינט?
איך וואָלט עס דיר גערן דערציילן,
נאָר גלויב מיר, מיין פריינט, כ׳ווייס ניט אליין,
ס׳האָט ניט געלוינט זיי צו ציילן.

אַ קאַרגער ציילט געלט איך זיין גליקלעכער צייט,
ער ציילט וואָס אים ליב איז און טייער.
דאָס לעבן, מיין פריינט, איז אַ לאַנגער וויסטער וועג,
אַזוי פאַראַיאָרן, אַזוי אויך הייַ־יאָר.

אויב לעבן הייסט ליידן, דאַן לעב איך שוין לאַנג,
גענוג מיר שוין מיינע יאָרן.
אויב לעבן הייסט הערן פון גליק כאָטש אַ קלאַנג,
דאַן בין איך נאָך אינגאַנצן ניט געבוירן".

„איר הערט געדאַנקען! איר הערט ווערטער! האָט איר זיי אפשר געהערט אַמאָל? אפשר געדענקט איר דעם נאָמען פון שרייבער?"

פנחסל האָט געהויבן מיט די אַקסלען. עפּעס האָט ער אַמאָל יאָ געהערט די סטראָפן און די טרויעריקע מעלאָדיע, אָבער ניט דעם נאָמען פונעם שרייבער. דאָס מרעיש־עולם זיין פון די ווערטער איז ער ניט תופס, אָבער געפילט האָט ער איין זאַך — אַז זיי זענען סם פאַר דעם קראַנקן סעמיועל סאַראַד.

„שיינע, טרויעריקע געדאַנקען. אָבער איך גלויב קוים, צי זייער שרייבער איז געקומען צו די זעלבע מסקנות וואָס איר, זיכער ניט" — פנחסל האָט גערעדט מיט זיכערקייט.

„פונוואַנען זענט איר אַזוי זיכער?"

„דער בעסטער עדות איז דאָס געשריבענע, די חרוזים זיינע. ווען ער וויל אַנטלויפן פון וועלט און מענטש, וואָלט ער זיי ניט געשריבן, ניט געדרוקט, אַז מענטשן זאָלן זיי נאָכזאָגן. וועלט און מענטש וואָלטן ניט ראוי געווען זיין מי, און ער וואָלט ממילא ביי זיי ניט געזוכט קיין פרסום. ער דריקט אויס בלויז זיין שטימונג, אָבער מאַכט ניט קיין כלל־אויספירן, און אייערע אוודאי ניט".

„דאָס ליד דריקט טאַקע אויס מיין פערזענלכע טראַגישע לאַגע. מיין צוואה, וואָס זעט ביי אַ־יך אויס ווי אַ משוגעת, האָט מיטן ליד גאָרניט צו טאָן. איך, אין מיין איצטיקער פּסיכישער סיטואַציע, בין דער זין פון די ווערטער. משוגע בין איך ניט, דאָס וואָס כ'וויל אייך פאַרזיכערן. און מיין האַרץ־קראַנקהייט איז מיר ניט געקומען פון די ליד־חרוזים". — ער האָט שווער געאָטעמט.

„איר וועט מיר טאָן אַ חסד של אמת און זאָרגן, אַז מיין ווילן זאָל אויסגעפירט ווערן, ווען די צייט וועט קומען, צי לאחר מאה ועשרים, צי מאָרגן", — האָט ער אַרויסגעפירט דעם אומרואיקן פנחסלען אויף דער

וועראַנדע; אַליין אַ צופרידענער, ווי ער וואָלט מיט אים אָפּגעשלאָסן עפּעס אַ גוט מסחר.

פּנחסל האָט געוווּסט, אַז דער לאַנדסמאַן זײַנער איז אַ חולה מסוכן, און דערפֿאַר האָט ער ניט מאריך־געווען דאָס איינטעניהן מיט אים, און ער האָט זיך געלאָזט באַגלייטן צום אַרויסגאַנג. סעמיועל סאַראַד איז אַראָפּ אין גאָרטן אַריין, ווו ס'האָט זיך גענומען איינזאַמלען אַ נעפּל.



דער נעפּל איז בײַנאַכט דערגאַנגען צו אַ שווערער געדיכטקייט, אַז מען האָט פֿון אַ קליינעם שטח ניט געזען איינער דעם צווייטן. אַפֿילו די פֿייגל זענען געגאַנגען צופֿוס אויס מורא, זיי זאָלן זיך ניט אָנשטויסן, פֿליענדיק, איינער אין אַנדערן.

פּלוצים האָט זיך פֿונעם נעפּל אַרויס גענומען אויסשיילן סימאָר. ס'איז געווען דער טאָג, ווען ער האָט געדאַרפֿט אים ברענגען זײַן קאָרעספּאָנדענץ פֿון אָפֿיס; נאָך אים האָט זיך געשלײַכט אַ געשטאַלט. נאָך עטלעכע טריט, האָט ער באַמערקט, אַז ס'איז עלי, בענס אַמאָליקע סעקרעטאַרין און הײַנטיקע ווײַב.

סעמיועל סאַראַד איז אַ ביסל צעטומלט געוואָרן פֿון איר פּלוצימדיקן דערשײַנען. ס'האָט אים פֿאַרדראָסן אויף סימאָרן, וואָס ער האָט זי מיט־גענומען אהער, אַז צו פֿרעגן צי ער וויל זי זען. אָבער מיט זייער דער־נעענטערן זיך, איז זײַן פֿאַרווירטקייט פֿאַרשוווּנדן.

ער האָט צוגענומען בײַ סימאָרן דאָס פּעקל קאָרעספּאָנדענץ, ניט פֿרעגנדיק זיך אויף קיינעם, ווי ער פֿלעגט דאָס טאָן ביז איצט. אים האָט ער געלאָזט שטיין און געבעטן עלין זיך דערנעענטערן צו אים אויף דער וועראַנדע, און גענומען זוכן אַ שטול פֿאַר איר. ער איז געשטאַנען אַן אומבאַהאָלפֿענער, געקוקט אויף עלין און געשוויגן. ער וואָלט זי אַרײַנ־געבעטן אין הויז, אָבער ווי קען ער דאָס טאָן? אין הויז איז געווען אַן אומאָרדענונג, ניט קיין צושטאַנד פֿון אויפֿנעמען געסט.

אַ ווײַלע האָבן זיי זיך באַטראַכט אין שטילשווײַגעניש, ביז עלי האָט זיך אָנגענומען מיט מוט און איבערגעריסן די שטילקייט, געפֿרעגט זיך אויף זײַן געזונט און פֿון די בני־בית. אָבער באַלד האָט זי פֿאַרלוירן איר געדולד און אַרויסגעפּלאַצט מיט איר טענה, צוליב וועלכער זי איז געקומען אהער:

„שוין צײַט צו מאַכן שלום, שוין צײַט זיך איבערצובעטן!" — האָט זי געזאָגט מיט טעמפּעראַמענט.

סעמיועל סאַראַד האָט זי איצט באַטראַכט מיט אויפֿגעריסענע אויגן;

ס׳האָט זיך אים געדוכט, אַז ער זעט אַ מידקייט אויף איר פּנים, אַרום די אויגן־וויעס, כאָטש איר קול האָט געקלונגען עקשנותדיק און טעמפּעראַמענט־פול, ווען זי האָט געפאָדערט ער זאָל מאַכן שלום מיטן זון, מיט איר מאַן.

„אַ דאַנק פאַר דיין גוטן ווילן און אינטערעס. אָבער דו ווייסט דאָך, אַז ניט איך האָב די קריגערייַ און דעם ברוגז אָנגעהויבן און ניט אין מיר איז געווענדט אים צו ענדיקן. ניט ער האָט דיך אַהערגעשיקט, און ניט ער וויל דעם שלום. וואָס־זשע וועט אַרויסקומען פון אַ שלום, וואָס בלויז מיר ווילן אים ?" — האָט ער אַריינגעקוקט אין איר פּנים.

„איר זענט עלטער, פּראַקטישער, קלוגער. איר זענט דער פאָטער".

פון געשפּאַנטקייט האָט אים גענומען שטעכן אין ברוסט־קאַסטן. ער האָט זיך געשטאַרקט און געזאָגט :

„מיט איין זאַך ביסטו גערעכט, איך בין עלטער. אָבער צי מיינסטו, אַז איך דאַרף אָנטאָן מיין מאַנטל און גיין אים איבערבעטן ? און וואָס וועט זיין, אַז ער וועט מיך לאָזן שטיין און אַריינלויפן אין זיין פּריוואַטן אָפיס ? איך האָב דאָ ניט קיין פּריוואַטע אָפיסעס" — האָט ער געוויזן אויף דער וועראַנדע.

זי האָט איצט פאַרשטאַנען, אַז ס׳איז געווען אַ טעות איר קומען אַהער. פון זיין דרענגען זיך, פון די אַרויסגעקומענע פלעקן אויף זיין פּנים, האָט זי פאַרשטאַנען, אַז די באַגעגעניש איז פאַר אים אַ גרויסע און געפערלעכע אָנשטרענגונג. זי האָט אָבער ביי איר מאַן ניט געקאָנט פּועלן, ער זאָל גיין זען דעם קראַנקן טאַטן — ניט מיט גוטן און ניט מיט בייזן.

שוין וואָכן, אַז זיי שלאָפן ניט צוזאַמען, רעדן ניט צווישן זיך. זי האָט אים געשטעלט אַן אולטימאַטום : אָדער ער זאָל זיך איבערבעטן מיטן טאַטן, אָדער ער זאָל זי אויפהערן קושן. ער האָט אויפגעהערט זי קושן, רעדן צו איר, און קומט אָפילו מער ניט אין בעט אַריין שלאָפן. איז זי געקומען אַהער, געמיינט, אַז דער אַלטער וועט ווועלן אַרויסהעלפן זיך און איר. איצט פאַרשטייט זי דעם טעות אירן. דער אַלטער קען טאַקע ניט גיין איבערבעטן דעם זון, ער קען דאָך אים ווידער לאָזן שטיין אין ערשטן אָפיס, ווי דאַן.

זי איז איצט געווען זיכער, אַז ווען בען קומט צום פאָטער, וואָלט געוואָרן שלום. ווי־זשע ברענגט מען דאָס פערד צום וואַסער ? — האָט זי געטראַכט, דערווייטערנדיק זיך פון איר קראַנקן שווערס הויז. געפילט האָט זי, אַז ס׳וועט צווישן זיי קיין שלום ניט זיין, ער וועט פריער שטאַרבן, איידער גיין איבערבעטן זיין ברוטאַלן זון. און זי האָט פיינט געקראָגן איר מאַן, דעם גרויזאַמען עקשן.

ס׳האָט איר אָנגענומען אַ חשק אַריינצוגיין אין קירך מתפּלל זיין, אַז ס׳זאָל געבראָכן ווערן די עקשנות פון איר מאַן, און דערביי זיך אויך

מתוודה זיין אויף אירע שלעכטע געדאַנקען וועגן מאַן און דער גאַנצער משפּחה סאַראַד, וואָס איז איר נאָך אַלץ פרעמד, צוליב וועלכע זי האָט אַ ביטער לעבן.

זי האָט זיך געוואַשן פרום די הענט, געקניט און געבעטן, איידער זי איז אַריין אין אַ ווידוי־שטיבל, איבערגעצלמט זיך און מיט פאַרמאַכטע אויגן געוואַרט אויף אַ גלח, וואָס וועט קומען אויסהערן איר מתוודה זיין זיך.

„הייליקער פאָטער אין הימל, כ׳הויב זיי אָן פיינט האָבן, די יידן — מיין מאַן, דעם פאָטער, אַלע האָב איך זיי פיינט. זיי האָבן מיך געבערענגט צו די זינדיקע טראַכטעניש, צו די בייזע מחשבות, צו דער פיינטשאַפט״.

דער אַלטער גלח האָט אונטערגעקרעכצט, דערמאָנט איר, אַז די קריסטלעכע תורה לערנט ליב צו האָבן, פיינטשאַפט איז ניט קיין קריסט־לעכע מידה, גוטע קריסטן דאַרפן אַרויסטרייבן פיינשאַפט פונעם האַרץ. ער האָט רחמנותדיק געשעפּטשעט:

„האָב רחמנות אויף זיי, פאַרגיב זיי, געשטראָפטע מענטשן נעבעך, פאַרבלאָנדזשעטע פון גלייכן וועג. דיין ווידוי וועט העלפן, מיין טאָכטער; דערציי דיינע קינדער ווי גוטע קריסטן, קאַטאָליקן, דאָס וועט זיין דיין טרייסט, דיין לוין פאַר דיינע ליידן, און וועסט זוכה זיין צו זיין אין גע‍זינדל פון דערלייזער, מיט אים צו זיצן אין גן־עדן, אמן!״ — ער איז אַרויס, געאיילט צו אַ צווייט ווידוי־שטיבל.

איר איז גרינגער געוואָרן אויפן האַרצן, אָבער וואָס צו טאָן מיט די טויט־ברוגזע טאַטע און זון האָט זי ניט געוווסט. אַרויסגייענדיק פון דער קירכע, איז צוריק איינגעטרעטן איר כעס אויף זיי.



נאָכן אַוועקגיין פון זיין שנור איז סעמיועל סאַראַד געבליבן אויף דער ווערענדע און פאַרטראַכט נאָכגעקוקט דעם שיטער־געוואָרענעם נעפּל, וואָס איז, ווי צעצויגענע שטיקער וואַטע, געהאַנגען אויף די ביימער־שפּיצן, אויף די שפּיצן דעכער פון שכנישע הייזער. ער האָט פאַרגעסן אָן דעם פעקל קאָרעספּאָנדענץ, וואָס איז געלעגן ביי זיין האַנט.. פּלוצים האָט סימאָר אַדורכגעאיילט דורך דער אָפענער פורטקע מיט אַ ווייסן קאָנווערט אין דער האַנט און אים דערלאַנגט דעם באַלעבאָס.

„דעם בריוו האָט די נאָכמיטאָג־פּאָסט געבראַכט. דאָס איז אַ ספּע־ציעלער בריוו. איך האָב געמוזט אויף אים חתמענען. איך מיין, אַז ס׳איז אַ וויכטיקער בריוו, האָב איך אים געבראַכט״.

פון דער האַנטשריפט אויפן קאָנווערט האָט סעמיועל סאַראַד באַלד

דערקענט, אַז דער בריוו איז פון ראַזעלין, און די האַנט האָט אים אַזש געגומען ציטערן. ער האָט געוואָלט באַהאַלטן זיין אויפרעגונג און ניט מצליח געווען. סימאַר האָט דאָס צוגעשריבן צו זיין קרענק, צו דער שנורס אומגעריכטן וויזיט ביי אים. ער האָט אים פאַרגעשלאָגן צו העלפן זיך אומקערן אין הויז אַריין, וואָס סעמיועל סאַראַד האָט אָפּגעזאָגט מיט אַ פאַריבלדיקן דאַנק:

„כ'בין קראַנק, אָבער ניט קיין אינוואַליד" — האָט ער בייזלעך צוריקגעוויזן סימאַרן זיין אָנצוהערעניש, אַז ער איז אומבאַהאָלפן. פון דער פריסטער יוגנט אָן האָט ער ניט פאַרטראָגן אומבאַרעכטיקטן רחמנות און ניט-געבעטענע הילף. ס'איז אים דעריבער געווען דערווידער סימאַרס הילף-אָנבאָט.

אין געאייל האָט ער זיך אָפּגעזעגנט מיט סימאַרן, ר'איז אַריין אין הויז, רייסנדיק דעם קאָנווערט פון ראַזעליס בריוו, געכאַפּט אומרואיקע בליקן אין אים. אַריינקומענדיק אין ספרים-שטוב, האָט ער דעם בריוו אָנגעהויבן לייענען אויפסניי.

דער בריוו האָט זיך געלייענט טרוקן, ניט געווען אין אים איר געוויינלעכער ענטוזיאַזם, וואָס זי האָט אַמאָל אַרויסגעוויזן צו יעדן נייעם אָרט און פּלאַץ, צו נייע באַקאַנטשאַפטן. אָנגעהויבן האָט זיך דער בריוו מיט אַנטשולדיקונג און בעטן מחילה פאַר איר פאַרלאָזן די שטאָט אָן אַ זיי-געזונט, פאַר איר צוריקגיין צו דזשאָנען, און געבעטן האָט זי אים טאָן וואָס דאָס פּאַלקסווערטל הייסט: ווייל זי איז פון אים ווייט פון די אויגן זאָל ער זי אַרויסנעמען פון זיין האַרץ און זי פאַרגעסן. אַזאַ איז איר ווערט, אַזוי האָט זי זיך פאַרדינט.

דער קאַלטער טאָן פון דעם בריוו האָט אים געשראָקן. ער האָט אַרויס-געפילט גלייכגילטיקייט און אַנטוישונג, רעזיגנאַציע האָט געווייעט פון יעדער שורה, אַ מין אונטערגעבן זיך דעם שלעכטן גורל און אַ מידקייט קעגנצושטעלן זיך דאָס באַשערטע. דער בריוו האָט אים צערודערט, צע-טרייסלט.

אָן אויפרעגונג האָט ער געפילט פון איר אונטערשריפט פון דעם טרויעריקן בריוו, פון דעם „מיט ליבע"...

„וואָס פאַר אַ גאָטס-לעסטערונג אין דעם גאָט פון ליבע. מ'וואַרפט זיך מיט אים ווולגאַר, אַראָגאַנטיש. מ'פאַרדעקט מיט אים מאַרד, באַטרוג, פאַראַט, אָן בושה". דער „מיט ליבע" אין זיין טאָכטערס בריוו האָט געקלונגען ווי אַ פאַלשע שבועה, אונטער וועלכן מ'באַהאַלט אַ מיאוסן אמת. מ'נוצט די ליבע, ווי אַן אַלטע, אָפּגעריבענע מטבע, וואָס איז שוין אָפּגענוצט, אָבער אַוועקוואַרפן זי וועט מען ניט. כל זמן זי איז נאָך עובר-לסוחר און

מען קען נאָך פאַר דעם עפּעס קריגן. מ׳נוצט די ליבע צו יעדער געלעגנהייט, פאַר יעדן ביליקן, עגאָאיסטישן, זעלבסטגייציקן צוועק.

ער האָט אין דעם בריוו ניט געפונען קיין שום רמז פון אַן ענטפער אויף זיינע מוטשענדיקע פאַרדאַכטן און פאַרג׳נפילן, אַז זיין טאָכטער איז אַוועק פון יידישן פאָלק, אַז זי האָט זיך געשמדט. זי האָט אים בלויז מודיע געווען, אַז זי און דזשאָנעטן זענען אין בעזטן מוט און געבעטן אים ער זאָל זי פאַרגעסן.

ער האָט געוואָלט זי פאַרגעסן, אָבער ניט געקאָנט. טיף אין זיך האָט ער געוויייטיקט, געגעסן זיך פון פאַרדראָס און געשעמט זיך פאַר זייערביידנס דורכפאַל אין זייערע לעבנס. ער האָט געהאַלטן פאַר אַ דער־נידעריקונג איר צוריקגיין צו דעם מאַן, וואָס האָט זי אַמאָל אַוועקגעוואָרפן, און ניט געזען קיין פונק פון ליבע אין זייער ביידנס האַנדלונג, נאָר עגאָאיזם פון זיין זייט און פאַרצווייפלונג פון איר זייט. אַן בושה זענען זיי ביידע.

אַ מינוט שפּעטער האָט זיך אים געדוכט, אַז די בושה איז גאָר זיינע. זי האָט, ווייזט אויס, קיין בושה ניט געפילט, אַפילו ניט קיין פרויען־שטאָלץ. איז וואָס פאַר אַ ליבע קען דאָס זיין, אַז זי דערנידעריקט. ער האָט מיט כעס אַוועקגעוואָרפן דעם בריוו, ווי עפּעס אַ מיאוסע זאַך. ליבע דאַרף דערהויבן, ניט דערנידעריקן. פון דעם בריוו האָט ניט געוויייעט קיין ליבע, נאָר טרויער און רעזיגנאַציע.

דער קאַלטער, אָן ליבע, אַוועקגעוואָרפענער בריוו איז געלעגן אַן איינגעקאָרטשעטער, ווי אין קראַמפּן־וויייטיק, און אים ניט געלאָזט רוען. האָט ער געטאָן מיט אים דאָס, וואָס די טאָכטער האָט אים געראָטן טאָן מיט איר, אים אַריינגעלייגט אין שופלאָד, און זאָל זיין: „וואָס אויס די אויגן, דאָס אויסן האַרץ״.

אָבער אין די שלאָפלאָזע, קאַשמאַרנע נעכט האָבן די אויגן געזען ראָזעלין אין אַ ביטערער לאַגע. קאַשמאַרן, עולם הדמיון, געמישט מיט וואָכעדיקער קלאָרקייט, האָבן צוריקגעבראַכט אין זיין זכרון דעם וויטן עבר מיט זיין ביטערער קעגנוואַרט.

אין די שלאָפלאָזע נעכט האָבן אין זיין זכרון אויפגעטויכט פאַרגעסענע אינצידענטן, עפּיזאָדן, געשעענישן, פראַגן אָן אַ שיעור האָבן ניט געוואָלט אָפּטרעטן און געעקבערט אים דעם מוח.

ער האָט געטראַכט וועגן דעם אומגעווינלעכן שטות, וואָס ער האָט אָפּגעטאָן, מיטן געבן בענען אומבאַגרענעצטע רעכטן און פולמאַכטן. ממש אַ גאָט־געשטראָפטע טפּשות! צי האָט ער ניט אַמאָל געזינדיקט אויף דעם „אל יתהלל חכם בחכמתו וגיבור בגבורתו?״

אַמאָל האָט ער געמיינט, אַז די ביכער און ספרים וועלן אים העלפן. האָט ער איצט געקוקט מיט רחמנות אויף די ביכער אין די פּאָליצעס.

אויך זיי האָבן אויסגעזען צו זיין איינגעהילט אין עצבות. וואָס וועט מיט זיי זיין? און דאָס ש״ס, וואָס וועט מיט אים ווערן? ער האָט געגלעט זייערע רוקנס און געטראַכט — וועמען געבן? ער וועט עס געבן ר׳ יחיאלן. ניין, דאָס ש״ס קומט פנחסלען.

אָבער, אַז סאַראַד האָט דאָס ש״ס פאַרגעשלאָגן פנחסלען, האָט ער מודה געווען, אַז דאָס ש״ס וועט ביי אים שטיין פּוסט־און פּאַס. דער קאָפּ איז אים מער ניט צום לערנען. זאָל ער בעסער געבן דאָס ש״ס אין די הענט פון אַ לערנער.

אַזוי האָט ער געצאַפּלט אין דער נעץ פון זיין צעשטערט לעבן, וואָס ער אַליין האָט אַרום זיך געשפּינט. די נעץ, מיינט ער „צוקונפט״. וואָס האָט ער אַלץ ניט אָפּגעטאָן פאַר דער צוקונפט?! און וואָס איז פון איר געוואָרן? ווו איז זי בכלל די צוקונפט? אויפן בית עולם — דער סוף פון אַלע חלומות אין דער צוקונפט.

ער האָט אויסגעקוקט אויף די וויזיטן פון פנחסלען, ר׳ יחיאלן און דעם גאַרבער. אַפילו די מכלומרשט ניט־וויכטיקע, זענען פאַר אים געוואָרן וויכטיקע לשמה־וויזיטן, מתוך שלא לשמה — בא לשמה. ער האָט אויף זיי אויסגעקוקט, שטענדיק זיי געבעטן: „זייט ניט מקפּיד אויף קיין עטיקעטן, נאָר קומט״.

אַז ר׳ יחיאל איז אים געקומען מבקר־חולה זיין, האָט ער דאָס ערשטע געפרעגט: „צי געדענקט איר אפשר ווען איך האָב זיך אַמאָל גערימט מיט מיין חכמה, מיט מיין וואָקסנדיקער אינדוסטריעלער אימפּעריע? אפשר דערפאַר בין איך געשלאָגן געוואָרן מיט כסילות, און מיין געזונט איז צעשטערט געוואָרן צוליב דער זינד״.

ר׳ יחיאל האָט אים פאַרזיכערט, אַז קיינמאָל האָט ער פון אים ניט געהערט און ניט געזען קיין גאווה, קיין גרויסהאַלטן זיך. להיפך, ער האָט אַ סך מאָל באַוווּנדערט, זיין סבלנות, זיין געדולדיקע מאָס פון מידת „נוח לבריות״ אין פאַלן, ווען ער האָט, לפי דעתו, געדאַרפט זיין פיל שטרענגער. ר׳ יחיאל האָט אים פאַרזיכערט, אַז ער האָט ביי אים ניט געזען קיין שמינית שבשמינית של גאווה.

„אפשר בשוגג, ר׳ יחיאל, אפשר במחשבה? הרי מחשבה כמעשה״ — האָט סעמיועל סאַראַד געפירט ווייטער דעם געדאַנק.

„דער רבונו של עולם איז אַ יודע מחשבות. איך בין ניט קיין מבין אויף מענטשנס מחשבות. פון אייערע טראַכטענישן ווייסט נאָר איר אַליין״. — ר׳ יחיאל האָט חרטה געהאַט אויף דעם געזאָגטן, „אוי־וויי, דער שטן איז אויף מיר מקטרג״, האָט ער געטראַכט.

„יאָ, איר זענט גערעכט — במחשבה, ווער קען וויסן? נאָר איין גאָט, דער יודע הכל, דער יודע נסתרות. און צוריקכאַפּן איז שוין שפּעט.

עס ענדיקן זיך אויס די אַלע היומס. ס'איז געקומען דער עונש". — סאַראַד האָט געקרעכצט.

## קאַפּיטל 34

ס'איז געווען אין אַ טאָג פון ערב יום־כּיפּור. אין ספרים־שטוב ביי סעמיועל סאַראַדן זענען געווען ר' יחיאל, דער גאַרבער און פּנחסל. זינט סעמיועל סאַראַד איז געצוווּנגען געוואָרן צו ווערן אַ יושב־אוהל, אַ שטוב־זיצער, האָבן די פריינט צעטיילט צווישן זיך דאָס מבקר־חולה זיין אים — יעדער פלעגט קומען באַזונדער. אָבער היינט, פאַר ערב יום־כּיפּור, זענען זיי געקומען פאַרברענגען מיט אים צוזאַמען, בעטן ביי אים פאַרגעבונג פאַר אַ מעגלעכן פּוגע־בכבוד זיין, פאַר זינד, וואָס זיי זענען באַגאַנגען קעגן אים בשוגג, ניט ווילנדיק, און ווינטשן אים אַ גמר חתימה טובה, אַ רפואה שלימה.

סעמיועל סאַראַד האָט געהאַלטן אינמיטן פון איבערגעבן ר' יחיאלן דאָס ש"ס, ווען די טיר האָט זיך פּלוצים געעפנט און אויף דער שוועל איז שטיין געבליבן ראַזעלי. אירע אויגן האָבן געקוקט שטאַר צום פאָטער. זי האָט ניט אויסגערעדט קיין וואָרט.

אַ דערשלאָגענע, אַן אָפּגעצערט בלאָס פּנים, איינגעפאַלענע באַקן און אויסגעלאָשענע אויגן — דער אויסזען פון אַ סוכאָטניצע.

סעמיועל סאַראַד איז געוואָרן בלייך־און־בלאָ דערזעענדיק זיין טאָכטער. אויפן פּנים זענען אים אַרויסגעקומען טונקעלע פלעקן. ער האָט באַוועגט מיט די ליפּן, געזוכט לופט פאַר זיינע לונגען. פּלוצים איז ער אומגעפאַלן, די הענט פון זיינע מבקרי־חולים האָבן אים אונטערגעכאַפּט.

ראַזעלי האָט אַרויסגעלאָזט אַ קוויטש, איז אָפּגעשפּרונגען פון שוועל, אַריין אין ספרים־שטוב און צוגעלאָפן צום בינטל יידן, וואָס האָבן געוועקט און געמינטערט איר פאָטער.

ר' יחיאל האָט געהאַלטן דעם פאַרחלשטן, געריבן אים דעם שטערן און די שלייפן, געשיקט פּנחסלען נאָך וואַסער, און דער גאַרבער איז געלאָפן רופן דעם דאָקטאָר.

דער דאָקטאָר האָט פעסטגעשטעלט, אַז ס'איז אַ פּאַראַליזש. מ'האָט שנעל באַשטעלט אַ קראַנקן־שוועסטער און גערופן אַ דאָקטוירים־קאָנסיליום אויף מאָרגן.

ווי אַ סטאַדע שעפּסן בעת אַ גרויסן שטורעם, זענען די יינגערע קינדער, ראַזעלי, די גוישע שנור און די דריי יידן געשטאַנען דערשראָקענע, אין אַ געדעמפּטער שטילקייט. ביי דער טיר פון דער ספרים־שטוב, ווו ס'איז

פאַרגעקומען דאָס קאָנסיליום איבער דעם קראַנקן, זענען בען מיט דער מוטער געשטאַנען באַזונדער, ווי זיי וואָלטן דאָ געווען פרעמדע, בלויז שכנים, וואָס וואָגן ניט צוקומען נעענטער אין אַן עת־צרה.

דאָס קאָנסיליום האָט זיך געענדיקט, די דאָקטוירים האָבן פאַרלאָזט די ספרים־שטוב איינציקווייז, אין דער באַגלייטונג פון דעם הויז־דאָקטאָר. ווי אַ ווינט זענען זיי אַדורך דער טיר און צעטריבן די מרה־שחורהדיקע סטאַדע, וועלכע האָבן געפּרוווט אַריינבליקן אויפן קראַנקן, דעם חולה־מסוכן.

צום סוף איז אויך דער הויז־דאָקטאָר אַרויס און אַ ווונק געטאָן צום גאַרבער, ער זאָל אים באַגלייטן אין דרויסן אַרויס. ער האָט זיך אָפּגעשטעלט אינמיטן דער וועראַנדע, געקוקט אויף אים און געפרעגט:

„איר זענט אַן אייגענער? אַ ברודער, צי אַ שוואָגער? איך מעג אייך זאָגן. ער וועט אפשר אויסהאַלטן אַ וואָך־צוויי, העכסטנס דריי. גיט דאָס איבער דער פרוי סאַראַד אין מיין נאָמען. זי קען מיר אויך טעלעפאָנירן״. — ער איז מיט שנעלע טריט אַראָפּ פון דער ווערענדע.

דער גאַרבער האָט דאָס איבערגעגעבן ר׳ יחיאלן און פּנחסלען. ר׳ יחיאל — בענען, אים געהייסן זאָגן דער מוטער, זאָל זי עס וויסן. אָבער איר האָט קיינער ניט געדאַרפט זאָגן. זי האָט געוווּסט פריער פון אַלעמען, זי האָט עס פאַרגעפילט, נאָך פריער פון דאָקטאָר. אין איר דערשלאָגנקייט האָט זי דערפילט דעם מלאך־המות קלאַפּן אין דער טיר פון איר הויז.

ווי אַ פאַרפאַלגטע חיה האָט זי דערפילט די געפאַר, וואָס עס לויערט אויף איר, אויף איר הויזגעזינד, דערפילט דעם טויטס צאַיען זיך פון זיין באַהעלטעניש. זי האָט בלויז ניט געוווּסט, ווער ס׳וועט זיין דער ערשטער קרבן. זי האָט זיך די גאַנצע צייט גערעכנט, אַז דאָס וועט זי זיין די ערשטע, צום סוף איז דאָס איר מאַן.

ווען אַלע זענען זיך צעגאַנגען, און ר׳ יחיאל האָט אַרויסגערופן בענען אים צו זאָגן וועגן דער לאַגע פון זיין פאָטער, איז די מוטער אַריין צו איר מאַן אין ספרים־שטוב און דערזען, אַז דער טויט שוועבט איבער אים. אינסטינקטיוו האָט זי דערפילט, דערקענט עס אויף איר מאַנס פּנים. זי האָט זיך גוט איינגעקוקט אין אים, ווי זי וואָלט פאַרגעפילט, אַז זי זעט אים דאָס לעצטע מאָל. מיט איר דורכדרינגנדיקן בליק האָט זי געוואָלט, אַז ער זאָל זי באַמערקן, אָבער ער איז געלעגן מיט פאַרמאַכטע אויגן אויף אַ צעקרומט, צעווייטיקט פּנים — דער שאָטן פון טויט האָט געשוועבט איבער אים. זי איז שנעל אַרויס, האָט אויסגעמיטן בענען, ניט אויסרעדנדיק צו קיינעם קיין וואָרט איז זי שנעל אַריין צו זיך אין שטוב.

אויפן וועג אַהיים האָט פּנחסל אַרויסגענומען דאָס צוואה־צעטל און עס דערלאַנגט ר׳ יחיאלן צו לייענען. ר׳ יחיאל איז נערוועז געלאָפן מיט

די אויגן איבערן צעטעלע, אייןמאָל, אַ צווייט מאָל, און עס צוריקגעגעבן פּנחסלען.

ער האָט פאַרשטאַנען פּנחסלס מיין, אַז נאָר ער זאָל לייענען דאָס צעטעלע, זאָלן דערווייל וויסן וואָס ווייניקער מענטשן וועגן דער מאָדנער צוואה פון דעם חולה־מסוכן. דערווייל דאַרף דאָס זיין בלויז דער סוד פון יחידים, ס׳זאָל זיך ניט נעמען קאָכן צווישן אחינו־בני־ישראל און חלילה גורם זיין צו עפּעס אַ מכשול, וואָס וועט זיין אַ שטער ביים אויספירן די צוואה. „איר וועט אפשר אַריינגיין דאַוונען מנחה מיט אונדז?" — האָט ער פאַרבעטן פּנחסלען, כדי זיי זאָלן צווישן מנחה ומעריב אַ שמועס טאָן וועגן דער צוואה.

פּנחסל האָט מסכים געווען מיטצוגיין. צווישן מנחה און מעריב, ווען מ׳וואָרט, אַז די נאַכט זאָל צופאַלן, האָט ער אים דערציילט אַלץ, פון אלף ביז תיו, ווי אַזוי ער איז געקומען צו דער משונהדיקער צוואה און סאַראַד האָט אים מזכה געווען מיט דער דורכפירונג. פּנחסל האָט זיך מודה געווען, אַז ער וואָלט זיך גערן אָפּגעזאָגט פון דעם כבוד.

„איך בין ניט ביכולת, כ׳פיל זיך ניט בכוח צו פירן מלחמה מיט זיי וועגן דעם" — האָט ער איינגערוימט ר׳ יחיאלן אויפן אויער.

„חס וחלילה, איר טאָרט ניט אַראָפּוואַרפן פון זיך די התחיבות. ס׳איז אייער חוב און אייער מצוה. ס׳וועט אייך פאַררעכנט ווערן פאַר אַ חסד של אמת מצוה, וואָס דער מת אַליין האָט אייך אָנגעטרויט. ווי קענט איר זיך פון דעם אָפּזאָגן?" — האָט ר׳ יחיאל אים געשטאַרקט און צוגעזאָגט זיין הילף, אויב ער וועט זי דאַרפן.

ס׳איז ניט נויטיק געווען ר׳ יחיאלס הילף, כדי אויסצופירן סעמיועל סאַראַדס צוואה — קובר צו זיין אים אויפן „חסד של אמת"־בית עולם.

שבת־בראשית, צו שלוש־סעודות, צווישן דעמערונג און נאַכט, האָט די קראַנקן־שוועסטער געהערט דעם קרעכץ פון יציאת־הנשמה.

ווען דער אינדוסטריעלער גאון, האָט שוין געהאַט אָפּגעשיקט זיין נשמה דעם באַשעפער, איז בענען קיין אונטערשייד ניט געווען ווו מ׳וועט לייגן זיין טאָטן צו זיין אייביקער רו. ער האָט אָפילו ניט געוווּסט, אַז ס׳איז פאַראַן אַזאַ אונטערשייד אין די פאַרשידענע בית־עלמנים. קיינער האָט דאָס אים אויך ניט געזאָגט. פון פאָטערס צוואה האָט ער אויך ניט געוווּסט.

ביי די, וואָס האָבן געקענט בענען און געוווּסט פון זיין ווילדער באַציאונג צום פאָטער, איז ניט געווען קיין ספק, אַז ווען ער ווייסט אָפילו יאָ פונעם אונטערשייד צווישן די בית עלמינס, וואָלט אים ניט געגאַנגען אין לעבן אָפּצוהיטן דעם טאַטנס כבוד נאָכן טויט, און פאַרלאַנגען מ׳זאָל אים מקבר זיין אויף אַ מכלומרשט מער בכבודיקן בית עולם. זיי האָבן געוווּסט, אַז ער וועט זיך ניט קריגן מיט קיינעם, און זיכער ניט

צוליב דעם פערטן געבאָט פון די עשרת הדברות, פון וועלכן ער האָט קיין שום אָנונג ניט. ר׳ יחיאל האָט אים געזאָגט, אַז ער מאַכט צוגרייטונגען מקבר צו זיין דעם פאָטער אויפן „חסד של אמת״־בית עולם, האָט ער שווייגנדיק צוגעשטימט, און פנחסל האָט ניט געהאַט קיין שוועריקייטן מקיים צו זיין די צוואה, ווי ער האָט צוגעזאָגט.

בעת איז געווען צופרידן, וואָס דאָס „הייליקע דריילינג״ פון דער חסידישער שמאַטע־פאַבריק, ווי ער האָט זיך איינגעוווינט צו רופן ר׳ יחיאלן, דעם גאַרבער און פנחסלען — געמיינט, אַז ס׳איז ר׳ פישל, — איז זיך מתעסק מיט דער לוויה פון זייער שטיצער און ראַבינער, ווי ער האָט גערופן זיין טאַטן, צוליבן איינשטעלן זיך פאַר זיי און ניט לאָזן אים איבערנעמען די שמאַטע־פאַבריק און ניט אָפּשאַפן דאָס מנחה־דאַוונען.

איצט האָט ער געהאַט אַ פּערזענלעכן פּראַקטישן נוצן פון דעם „הייליקן דריילינג״, געגעבן זיי אַ פרייע האַנט, געלאָזט זיי פירן אים צו וועלכן בית עולם זיי ווילן, קובר זיין אים ווו זיי ווילן — ער האָט זיך איצט נישט געמישט מער אין זייער פאַבריק און אויך ניט אין איינאָרדענען זיין פאָטערס לוויה.

ער האָט מסכים געווען מיט ר׳ יחיאלן, ניט אָפּצולייגן די לוויה אויף שפּעטער, ווי ס׳האָט פאָרגעשלאָגן דער אַדוואָקאַט, כדי צו מעלדן אין די צייטונגען, אַז געשעפטס־פאַרבינדעטע זאָלן זיך קענען באַטייליקן אין איר.

אויפן בית עולם „חסד של אמת״ איז דער זומער געשטאַנען אַן אָפּגעלעבטער. די האַרבסטיקע רעגנס און ווינטן האָבן צו ביסלעך אָראָפּ־געטרייסלט די פון רעגן געשוואָלענע, פאַרוועלקטע בלעטער פון די ביימער, ווי די לעצטע סימנים פון זייער אַמאָליקן לעבן.

צוויי אַלטע קברים־גרעבער זענען געשטאַנען ביי אַן אָפן קבר, האָבן געגראָבן און אָפּגערוט אויף די לאָפּאַטעס, געררויכערט בנעימותדיק, ניט מדקדק געווען אויף דער צייט, ניט אויף די כללים פון גראָבן אַ קבר. זיי האָבן געוווּסט, אַז אַהער ברענגט מען מתים אָרעמע, איינזאַמע, אָן אַ קרוב, אָן אַ גואל. קיינער באַזוכט דאָ ניט, קיינער קוקט זיך ניט אום אויף זייערע קברים. אַ לוויה מאַכט מען דאָ אין געאײַל, בחיפזונדיק, אָן צערע־מאָניעס, ווייל די וועלט האָט זיך מיט זיי קיינמאָל ניט צערעמאָנירט, זיי זענען ניט געווען אין וועלטס חשבון, האָבן זיך ניט געציילט אויף דער וועלט, און וועלן זיך ניט ציילן אויף יענער וועלט.

פון גרעבער־פּראַקטיק במשך פון יאָרן, האָבן זיי געוווּסט, אַז אַהער ברענגט מען די, וואָס האָבן זיך אָראָפּגעגליטש ביז צום דנאָ. די אָראָפּ־געזונקענע לאָזט מען דאָ אין פאַרגעסנהייט. אַמאָל האָבן זיי זיך געוווּנדערט, געוואָלט טרעפן ווער זענען עס די, וועמען מ׳האָט דאָ אין איילנדיקער איינזאַמקייט באַגראָבן. היינט ווייסן זיי שוין, אַז פאַר די־אָ איז געגוג

אַ גרוב. זענען זיי געשטאַנען איצט ביים האַלב־אויסגעגראָבענעם קבר, גע־רויכערט אַ סיגאַרעט, גערוט און געקוקט אין האַרבסטיקן הימל אַריין.

די האַרבסט־זון האָט אַריינגעשיינט אין האַלב־אויסגעגראָבענעם גרוב, געוואָלט אויסוואַרעמען אַ ביסל סעמיועל סאַראַדס קבר. אָבער די צוויי קברנים האָבן ווידער איבערגעקערט די ערד און צוריק קאַלט געמאַכט דעם געפּאָלענעם אינדוסטריעלערס לעצטן רו־אָרט. ווער ס'האָט גוזר געווען, אַז אים זאָל קאַלט זיין ביי זיין פאַמיליע, ביי זיין רייכטום, אין זיין איינזאַמען לעבן — דער האָט אים אויך, אַ פאַרלאָזענעם ביי זיין פטירה, אין אַ קאַלטן... קבר געבערענגט, וואָס ער האָט אגב, אַליין אויסגעבעטן פאַר זיך; און די גרעבער האָבן געגראָבן לויטן גזר, לויט זיין ווונטש.

אין זיינע אַנגסטיקע צייטן האָט ער געבעטן, אַז דער סוף זאָל קומען פּלוצים, און ווייט פון מענטשן. זאָלן פריינט ניט האָבן קיין צופיל צער, זאָלן פיינט ניט האָבן איבעריקע שאָדן־פרייד. מענטשנס טעטיקייטן, פלעגט ער זאָגן, געהערן דער וועלט, אַלעמען, אָבער זיין טויט — איז זיין אינטימסטע, פערזענלעכסטע געשעעניש. ער אַליין הערט אויף צו זיין, ער שטאַרבט, גאָרניט שטאַרבט מיט אים מיט, בלויז זיין איך ווערט אויס. דאַרף דאָס געשען בחדרי־חדרים, גאַנץ ווייט פון אַנדערע.

צווישן די סאָסייטיס, צו וועלכע סעמיועל סאַראַד האָט געהערט, האָט זיך בליץ־שנעל פאַרשפּרייט די נייעס וועגן זיין טויט און דערגרייכט פיל פון זיינע באַקאַנטע. אָבער צוליב דער קורצער צייט פון יציאת־נשמה ביז דער לוויה, איז די צאָל באַגלייטער ניט געווען אַזאַ גרויסע, ווי ס'וואָלט געפּאַסט פאַר דעם אינדוסטריעלן פּאַטענטאַט, פאַר סעמיועל סאַראַד, אָבער זי איז צו גרויס געווען פאַר דעם „חסד של אמת״־בית עולם.

דאָס „חסד של אמת״־בית עולם האָט נאָך אַזאַ אימפּאָזאַנטע לוויה ניט געזען. די צוויי אַלטע קברנים־גרעבער האָבן זיך געוווּנדערט און געשראָקן, מ'זאָל אַמאָל, צוליב דער וויכטיקייט פון מת, ניט אַריינקוקן אין קבר אַריין און זען, אַז ער איז געגראָבן ווי פאַר אַ שנאָרער — פון אויבן, דער אויסזען פון אַ קבר, אָבער אונטן, קרומלעך, כאַאָטיש, ניט לויט די כללים פון אַ „מענטשלעך״ קבר. דער עלטערער פון די קברנים איז אַריינגעשפּרונגען אין קבר, גענומען אויסגלייכן, פאַרריכטן, איידער ווער פון די „בעסערע״ לוויה־באַגלייטער דערזעט די נאַכלעסיקייט אין אים.

עס זענען אָבער סיי־ווי שוין געווען אומצופרידענע מיטן קבר־גרוב. שוין אויפן וועג צום „חסד של אמת״־בית עולם האָט זיך אָנגעהויבן אַ בייז, פאַרדראָסיק געמורמל קעגן די קינדער און ווייב פונעם מת, וואָס לייגן זייער פאָטער און מאַן אויפן בית עולם פון שנאָרער, פון איינזאַמע קבצנים.

געמורמלט האָבן די יידן פון די פאַרבערײ־ און שמאַטע־פאַבריקן, די

פעדלער, וואָס האָבן געגאָסן פון סעמיועל סאַראַדס פּריווילעגיעס און געצויגן, אַ דאַנק אים, פּרנסה פון זייערע פעדלעריי־געשעפטן. זיי האָט ווייגעטאָן, וואָס מען לייגט זייער פריינט און אומגעווייןלעכן מענטשן אין „חסד של אמת״־קבר. זייער צאָרן האָט געוירן און געוואַקסן אויף בענען, דעם דעה־זאָגער איבער אַלץ, וואָס איצט שווייגט ער. אויף דעם ווייב און קינדער, וואָס דערלאָזן צו דער פאַרשעמונג פון זייער טאַטן און מאַן.

„אוי, דאָס געלט, דאָס פאַרשאָלטענע געלט!״ — האָט געקרעכצט אַן אַלטער ייד.

„דאָס געלט וועט זיי פאַרפירן אין גיהינום אַריין!״ — האָט געזיפצט אַ צווייטער ייד. — „דער עגל הזהב האָט זיי פאַרשלונגען אינגאַנצן!״

„מען טאָר ניט דערלאָזן צו דער נבלה! ווו איז דאָס געהערט געוואָרן, אַז אייגענע קינדער זאָלן לייגן אַזאַ טאַטן אויפן „חסד של אמת״־בית עולם! צווישן די סאַמע אָרעמסטע!״ — האָט אַ ייד געווייטיקט.

דער אַלטיטשקער משפחהניק, וואָס איז געגאַנגען געבויגן ווי אונטער אַ שווערער לאַסט, האָט אָנגענומען מוט און פּראָטעסטירט אויפן קול קעגן דער הימל־שרייענדיקער עוולה, וואָס מ׳טוט קעגן זיין משפחה־מיטגליד. דער אָנגעקליבענער צער פון יאָרן האָט איצט געזידט און געקאָכט אין אים, און נאָך פאַרן טהרה־שטיבל פון בית עולם האָבן כעסדיקע ווערטער זיך געריסן צום אויסשרייען קעגן בענען און אַלע אַנדערע. און ווען מ׳איז אַרויס פון טהרה־שטיבל, מיטן וועג צום קבר, האָט ער מער ניט געקאָנט אויסהאַלטן.

ער איז געשטאַנען אַנטקעגן בענען, וואָס האָט געהאַלטן געאָרעמט די מוטער און די שוועסטער און געוועז אַרומגערינגלט פון זיין גואיש ווייב און די אַנדערע קינדער. דער אַלטער האָט זיך צוגעקוקט צו דעם געזינדל — די מאַמע און די בנים, וואָס האָבן סעמיועלן פאַרקירצט די יאָרן ביי זיין לעבן און איצט זענען זיי איינגעהילט אין מכלומרשטן טרויער. דאָס ביטערניש האָט אַדורכגעריסן די גרענעץ, ער האָט אויפגעהויבן זיינע אַלטע, שוואַכע הענט און זיך צעשריען:

„אַזוי צאָלט איר אָפּ אַ געטרייען מאַן און פאָטער, וואָס האָט זיך מוסר־נפש געווען פאַר אייך! אין קבר צווישן די אָרעמע און געפאַלענע לייגט איר אים! ס׳איז דאָך אַ חילול־המת, אַ חילול־השם, אַ חרפה און אַ שאַנד פאַר אַלע וואָס קענען אים. כ׳וועל ניט לאָזן דורכפירן די קבורה דאָ!״ — ער האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אין אַ געיאָמער, צופוסנס דער מיטה מיטן מת.

אַלץ אַרום איז ווי פאַרגליווערט געוואָרן. דעם אַלטנס לעצטע ווערטער זענען געהאָנגען אין דער לופטן איבער דעם עולם, האָבן ניט געלאָזט אָנגיין מיט דער קבורה. אַפילו די חברה־קדישא האָבן ניט געוווסט ווי אַזוי צו

האַנדלען, וואָס צו טאָן מיטן אַלטן, וואָס ליגט צופוסנס דער מיטה און מורמלט איז זיך זיינע טרויעריקע תערומותן.

בען — אַ צעטומלטער, האָט גאַרניט פאַרשטאַנען וואָס דער אַלטער משפּחהניק וויל פון אים, וואָס עס באַדייט דאָס מורמלען פון די אַנדערע יידן. ער האָט ניט תופס געווען מיט וואָס דאָס בית עולם איז ערגער פון די אַנדערע בית עלמינס, און פאַר וואָס וויינט דער אַלטער און זאָגט, אַז דער פאָטער זיינער וועט דאָ זיין דער אָרעמסטער צווישן די אָרעמסטע.

אים האָט זיך געוואָלט לאַכן פון דעם אַלטן נאַר. ווער איז דען רייך אויף אַ בית עולם? אויף וועלכן בית עולם זענען די מתים אין קברים רייכער אָדער אָרעמער? פאַר וואָס לאָזט מען דעם אַלטן משוגענעם שטערן די לוויה? ער האָט זיך געוואונדערט וואָס ר׳ יחיאל שווייגט. ער האָט דאָך אים ניט געשטערט אויסצוקלייבן יעדעס בית עולם וואָס ער האָט געוואָלט. ווו איז ער ערגעץ?

דער עולם אַרום דעם מת און קבר, די יידן פון דער שמאַטע-פאַבריק און פאַרבעריי, האָבן מיטגעמורמלט מיטן משפּחהניק. ס׳האָט געדראָט מיט אַ סקאַנדאַל, מיט בזיון-המת.

בען איז אַרויס פון זיין צעטומלטקייט און געזוכט מיט זיינע אויגן ר׳ יחיאלן. ער האָט געזען ווי ר׳ יחיאל און פּנחסל הויבן אויף דעם אַלטן משפּחהניק פון דער ערד צופוסנס דער מיטה, רעדן צו אים, רוימען אים עפּעס איין אין אויער, און גייען מיט אים אַוועק פון קבר. ער גייט מיט זיי, שרייט ניט מער. איינער פון די חברה-קדישא שפּרינגט פלינק אַריין אין קבר, פאַרמאַכט די אויגן פון מת, און זאָגט דאָס געהעריקע קאַפּיטל תהילים. דער אַלטער האָט געוויינט שטיל, אין זיך.

בען האָט געזען די וויינענדיקע יידן פון דער שמאַטע-פאַבריק, ווי זיי באַוויינען זיין פאָטער, זייער פאָטער מער ווי זיינער. זייער מליץ-יושר. זיי וויינען אויך אויף זייער גורל — זיי שרעקן זיך, האָבן מורא אַז ער וועט זיי אַרויסטרייבן פון דער שמאַטע-פאַבריק.

און באַשלאָסן האָט ער, בען, אַז ער וועט די שמאַטע-פאַבריק ניט איבערנעמען. זאָלן זיי ווייטער זי פירן ווי זיי ווילן. ער וועט זיי ווייזן, אַז אויך ער קען זיין מענטשלעך און גרוסמוטיק. ווי לאַנג ר׳ יחיאל וועט זיין מיט זיי, וועט ער זיי לאָזן צו רו.

קדיש-זאָגערס האָט סעמיועל סאַראַד געהאַט זעקס — דריי זין זיינע, אויך דער משפּחהניק האָט געזאָגט נאָך אים קדיש ביים אָפענעם קבר, און פּנחסל. ר׳ יחיאל האָט זיך צוגערוקט נעענטער צו די זין און געהייסן זיי נאָכזאָגן דעם קדיש. זיי האָבן באַוועגט מיט די ליפּן, נאָכגעזאָגט האַלבע ווערטער.

קיין הספדים זענען ניט געהאַלטן געוואָרן נאָך דעם פאַרשטאָרבענעם אינדוסטריע־מכשף. ניטאָ קיין שבחים־זאָגער פאַר אַ גביר, וואָס מ׳איז קובר אויף דעם „חסד של אמת״־בית עולם. אַלע אָרגאַניזאַציעס, וואָס האָבן ביי זיין לעבן זיך געריסן ער זאָל געהערן צו זיי, האָבן זיך איצט געשעמט מודה צו זיין אין זיין צוגעהעריקייט צו זיי — האָבן אים איצט פאַרשוויגן.

דער עולם איז נאָכן קדיש זאָגן זיך פונאַנדערגעגאַנגען. ר׳ יחיאל און פנחסל האָבן גענומען דעם אַלטן משפחהניק אונטער זיינע אָרעמס און געלאָזט זיך מיט אים צום בית עולם־טויער. ער איז געגאַנגען אַן איינגע־בויגענער, אַ שווייגנדיקער. ביים איבערטרעטן די שוועל האָט ער זיך אויסגעדרייט און צוריק־געקוקט צום קבר. פרישע טרערן האָבן אים גערונען פון די אויגן.

„איינגעפאַלן אַ יידיש הויז! חרוב־ומוחרב געוואָרן צוליב איר! צוליב זיי! ס׳זאָל זיי נאָר ניט געשענקט ווערן! אלוהים יבקש את הנרדף!״ — האָט ער איבערגעגרעדט צו דער אוועקגייענדיקער סאַראַד־משפחה.

„ס׳איז אַ רחמנות אויף קליינע קינדער פון אַ גרויסן טאַטן, און אַ טאָפּל רחמנות אויפן טאַטן אַליין״. — ר׳ יחיאל האָט אים דערלאַנגט סעמיועל סאַראַדס צוואה־צעטעלע, ווו ער האָט אַנגעזאָגט מ׳זאָל אים לייגן אויפן „חסד של אמת״־בית עולם.

„ער האָט געלעבט ווי אַ פערד און געשטאָרבן ווי אַ בהמה״ — האָט געזאָגט די מיסעס ראַזין צו איר מאַן און זון. זיי האָבן זי אַ כאַפּ געטאָן אונטערן אָרעם און מיט איר אַוועק אין דער פאַרקערטער ריכטונג, מורא האָבנדיק פאַר נאָך פון אירע „שבחים״, וואָס זי האָט געהאַט פאַר דעם פאַרשטאָרבענעם.

פנחסל, וואָס איז איצט אַרויס פון דעם צוואה־עול, האָט זיך פאַר־טראַכט איבערן קיום פון דעם אָרום — די ביימער, דאָס בית עולם, דער האַרבסט, די אָפּשטאַרבנדיקע צייט פון דער נאַטור, און געפילאָזאָפירט איבער דעם מהות פון שטאַרבן, פון דעם מענטש און די צמחים — די קינדער פון דער זעלבער נאַטור. ביידע זענען זיי דער נאַטורס שאַפונג, אָבער ווי אַנדערש זיי פאַרגייען. דער מענטש שטאַרבט, הערט אויף צו לעבן, אָבער די צמחים לעבן אַפילו אין זייער האַרבסט. ווי מיאוס ס׳איז דער סוף פון דעם מענטשן און ווי אַנדערש פאַרגייט דאָס לעבן פון דעם צמח — דעם בוים, דעם גראָז, דער בלום. פאַראַן אַפילו צמחים, ביימער, וואָס שטאַרבן קיינמאָל ניט, הערן ניט אויף צו לעבן, אַפילו אין זייער אָפּגעלעבטקייט.

ער האָט באַטראַכט די גרינע סאָסנעס, די ברוינע דעמבעס, די אַלשענע. ווייסע גרייזן, וועמענס הויטן עס שיילן זיך פון אַלטקייט, די נאָדל־ביימער נאָך זייער זומער־לעבן, וואָס האָבן, אַפילו אין זייער האַרבסט־צייט, גע־

בלענדט מיט זייער קאַלירפולן מעלאַנזש פון אָראַנזש, שאַרלאַך־רויט, פון זון געברענטן־קופּער, וואָס האָבן געלאַשטשעט זיין אויג מיטן איבערפלייץ פון רעגנבויגן־פלאַם און האַרבסטיקן בלענד, אין גאַנצן אַרום.

„ווי שיין עס לעבט די נאַטור אין איר גסיסה־צייט אַפילו, און ווי מיאוס עס פאַרענדיקט דער מענטשן זיין לעבן״ — האָט אַ מחשבה געטריבן אַ מחשבה איבער דעם קיום פון מענטש און נאַטור. ער איז אַרויס פון בית עולם.

פונדערווייטנס האָט ער געזען, ווי ר׳ יחיאל פירט דעם משפחהניק אַהיים. בעת פירט אַוועק די מוטער און די קראַנקע שוועסטער, און דאָס ווייב זיינס גייט אים נאָך ווי אַ פרעמדע, נאָך איר — די אַנדערע סאַראַד־קינדער. אַלע גייען מיט שנעלע טריט, ווי זיי וואָלטן וואָס שנעלער געוואָלט זיך אַרויסרייסן פון דעם אָרט, אַנטלויפן פון די מענטשן, פון דעם וועמען זיי האָבן דאָ אַקאָרשט באַגראָבן. די סאַראַד־משפחה האָט זיך אַריינגעזעצט אין אַ פינקלדיקן אויטאָמאָביל און אַוועקגעטריבן מיט אימפּעט.

„פאַר דעם מענטש טוט דאָ קיינעם ניט וויי, אַפילו ניט זיינע אייגענע קינדער, זיין אייגן בלוט און פלייש אַנטלויפט פון אים. גאַרניט איז געבליבן פון דעם אינדוסטריע־קעניג, אַ חוץ דער נייער קעניג — המלך מת, יחי המלך!״ — האָט ער נאָכגעשריגן, אין זיך, צום אַוועקיאָגנ־דיקן אויטאָ. געדוכט האָט זיך אים, אַז דיביימער שרייען בראַוואָ, הוראַ! רוישן מיט זייער אמן, מיט זייערע אָפּגעלעבטע דאַרע צווייגן...

צוקוקנדיק זיך צו די רוישנדיקע, האַלב־אויסגעבלעטערטע ביימער, טראַכט ער: „ס׳איז דער מענטש, וואָס שטאַרבט טאָטאַל, די נאַטור טוישט בלויז די פאָרעם פון איר לעבן. אין יעדער צייט פון יאָר לעבט זי אַנדערש. מיד געוואָרן פון איר זומער־לעבן, דרעמלט זי איין אין האַרבסט, שלאָפט און רוט אין ווינטער, דאַן נעמט זי זיך אָן מיט נייע כוחות, כדי אין פרילינג אויפצושטיין צו אַ ניי לעבן, צו אַ נייעם זומער. די נאַטור לעבט שטענדיק, נאָר דער מענטש שטאַרבט טאָטאַל, אויף אייביק״. ביימער־שפּיצן האָבן געראַשט — אמן.

ער האָט אָפּגעריסן אַ גרין צווייגל פון אַ נאָדל־בוים און געטראַכט: ווייל איז דעם גרעזל איבער דער ערד. די גרינע נאָדלען אויף די ביימער האָבן אָפּגעלעבט זייער זומער, נעמט זיי איבער דער מאַיעסטעטישער האַרבסט, מיט זיין שימערירנדיקן גלאַנץ און קאָלירן־סימפאָניע, וויגט זיי איין אין זייער מידקייט, צו זייער ווינטערדיקן שלאָף. נאָר דער מענטש, דער בחיר היצירה, דעגענערירט באַלד פון זיין פרילינג אָן, שטאַרבט אַ דערשיטערנדיקן טויט. וואָס איז דער גורם פון פאַרדאַרבן דאָס נאַטירלעכע

אינעם מענטשן ? וואָס איז דער כוח, וואָס מאַכט אָפּשטאַרבן דאָס אייביקע אין אים ? — דאָס שטאַרבן איז אַ פּגם אין דער יצירה.

אַ רעזערוואַר פון ענערגיע האָט געלעבט און געשטאָרבן, אַדורכגע־גאַנגען די וועלט ווי אַ מוראַשקע, ניט איבערגעלאָזט קיין פוסטריט, קיין קיין שליאַד נאָך זיך. געבליבן זענען „עס און עס״־געביידעס, „עס און עס״־קינדער, „עס און עס״־אַרבעטער. דאָס גאָלד איז צעשמאָלצן געוואָרן אינעם גאָלדענעם קאַלב, דער עגל הזהב האָט אויפגעגעסן דעם מענטש ! אַ גראָשן אַפילו פאַר ווילטעטיקע צוועקן איז פון אים ניט געבליבן.

זיין בן־עיר, שלמה זלמן סאַראַד, איז געריטן אין גאַלאָפּ אויף די הערנער פון עגל הזהב, און צעבראָכן האָט דאָס גאָלדענע קאַלב דעם פאַרכישופטן רייטער.

„אַ גאַנץ לעבן פאַרוואָרפט דער מענטש זיינע נעצן אינעם ים פון לעבן. ס׳געשעט, אַז ער קען זיי צומאָל פון דאָרט ניט אַרויסציען, אָדער, ער ציט אַרויס אַ נישטיקן פאַנג, ליידיקע נעצן, ער ווערט גאַר פרי אַליין געפאַנגען אין זיי״. — און די קלוגע, אַלטע ביימער, האָבן אים סודותדיק צוגעמורמלט זייער אמן.